# שול-פנקס

פינף יאָר אַרבעט
פון צענטראַלן בילדונגס-
קאָמיטעט

1919—1924

ווילנע
ארויסגעגעבן פון צ. ב. ק.
1924

„SZUŁ-PINKOS"

(KRONIKA SZKOLNA)

5 lat pracy Żyd. Centr. Kom. Oświaty

WILNO

Wydane przez Żyd. Centr. Kom. Ośw.

1924

Druk. Wil. Koop. Wytw. Gdańska 3.

* *
*

5 יאָר צ. ב. ק.

5 יאָר קאָנסאָלידירונג פון אונזער שול אין ווילנע. די צוואָרפענע שטויבלעך פרובן ווערן צעמענטירט, פאַרפעסטיקט. איינציקע ציגעל ווערן צוזאַמענגענומען צום בויען דעם גרויסן בנין—שול־וועזן.

אַ ריי שולן אין ווילנע, געשאַפענע ביי פאַרשיידענע באַדינגונגען, דורכגעמאַכט אַ גאַנץ איינגאַרטיקן וועג, און פאָרט שפּעטער זיך פאַראייניקט אין איין ברודער־משפּחה. ווייל אַלע האָבן זיי געצויגן די יניקה פון איין אידעע, פון איין אידעאַל.

יונג איז די יידישע שול. אַ צענדליק יאָר אינגאַנצן. אָבער דער געדאַנק פון אַן אייגענער שול איז אַזוי אַלט, ווי אַלט ס'איז דער אויפגעוואַכטער נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר זעלבסטבאַוואוסטזיין. דעריבער פירן אַלע וועגן פון די באַזונדערע אַנשטאַלטן צו איין ליכט, ציען זיך צו איין פונקט — צום געזונטן ווילן צו אַ נאָרמאַלער עקסיסטענץ. לכתחלה, נישט דרייסטע טרוימען, שפּעטער האָפנונגען פאַרבאַהאַלטענע, נישט זיכערע פרובן, און צום סוף אַ מעכטיקער שטראָם, אַ סטיכיע,— שלענגלט זיך דער געדאַנק פון דער יידישער שול פון דער צייט, ווען ס'האָבן זיך דערהערט די ערשטע פרילינגס־ווינטלעך אויף דער יידישער גאַס.

אַ לאַנגע צייט אַזאַ לאַנגע: פון איין זייט דאָס קליינע הייפל לערער, שול- און סאָציאַליסטישע טוער, ליטעראַטור־קרייזן, פון דער אַנדערער זייט די זאַטע אַסימילירטע יידישע בעל־הביתישע גאַס, די צאַרישע מאַכט, דער דייטשער אָקופּאַנט. אַלע זיינען זיי דורכגעדרונגען מיט שנאה, מיטן ווילן צו פאַרניכטן די יונגע שפּראָצונג.

אַ נס? אַ וואונדער? — ניין, אַ געזעץ, אַן אייזערנער כּלל — לעבן, ווילן, פעסטן גלויבן קען מען נישט צוטרעטן. די געשאַפענע וואַנט קעגן דער יידישער שול, אַן אַייז־וואַנד, שמעלצט זי זיך פון אונזער ענטוזיאַזם. מיר שלאָגן דעם וועג, רייניקן דעם שליאַך.

קומען אין אונזער בוך יונגע נשמות, דערציילן זייער ביאָגראַפיע, ווי אַזוי געוואַקסן, ווער האָט געוואַרימט, ווער געשטערט — די געשיכטע פון יעדער אַנשטאַלט.

און פון פאַרשידענע דרכים זיינען זיי, די שול־בּרידער, געקומען. אַ רוסישע שול, אַ קינדער קיך, אַ היימלאָזע אַנשטאַלט; משכּילישע קולטור־טרעגעריי, פילאַנטראָפּיע — און פאָרט האָט דער באַהאַלטענער קוואַל אַרויסגעשלאָגן, דער געזונטער אינסטינקט געזיגט — די יידישע שול געשאַפן.

פֿאַרביי, ווי דער רויך, די נאַאיווע גלויבנס אַ רוסיש-יידישן דור צו ערציען — געבליבן איין קערן, דער יאָדרדיקער — אַ נאָרמאַלן דור צו ערציען.

פֿול קרבנות דער וועג — אָנהאַרן דעם רוסישן אינספּעקטאָר, שאַפֿן די געהיימע אָונטשול אויף יידיש, נאַרן די יידישע בעלי טובות. אויסגעבראָכן די מלחמה, האָבן די בעלי-טובות די ענערגיע געוואָלט ווענדן אויף דער אויסגעשפּראָכענער פֿילאַנטראָפּישער הילף — שאַפֿן פּריוטן, בויען באַראַקן, ווער קען דען אין אַן עת צרה זאָרגן וועגן אַזעלכע „לוקסוס”-זאַכן ווי שולן. לייענט איר אין די שול-מגילות, ווי די לערער האָבן זיך מוסר נפש געווען און די פּאָזיציע אַיינגעהאַלטן.

בייטן זיך אין ווילנע די מאַכטן. אַ האָטעל פֿאַר רעגירונגען. יעדע פּרובט אַ שטויס טאָן דאָס קליינע באַשעפֿעניש, און פֿאָרט מיט אַ באַהאַלטענעם כּח האַלט זיך אַלץ איין.

צו דאַרפֿן מיר נאָך באַווייזן פֿון אונזער לעבנספֿעהיקייט? ביי אַלע גזירות און רדיפֿות — זיינען פֿאָרט אונזערע שולן פֿול. אין די שווערסטע מינוטן, אונטערן האָגל פֿון גראַנאַטן שיקן די יידישע עלטערן זייערע קינדער אין דער שול. געוועזענע אָרים-שולן — יעצט פֿעסטע פֿאָלקס-אַנשטאַלטן.

און אין יאָר 1918 שאַפֿט זיך די רעאַל-גימנאַזיע, — לייענט זיך אין „פּנקס”. אַרויס פֿון די שמאָלע ראַמען אויפֿן ברייטן קולטור-וועג. אַ דור אינטעליגענץ, ערצויגן אין אייגענעם לשון. וועבט זיך די נייע יידישע וועלטלעכע קולטור, וואַקסן אונזערע אַספּיראַציעס. שפּרייט זיך אונזער האָריזאָנט, דער קולטור-רענעסאַנס, אונזער אויפֿלעבונג. 8 קלאַסן גימנאַזיע, אַמאָליקער סימבאָל פֿון רוסיפֿיצירטן אינטעליגענט, היינטיקער סימן פֿון פּוילישן-אינטעליגענט, — ביי אונז זיינען די אַביטוריענטן די נייע טרעגער פֿון אַ העכערער קולטור אויף יידיש. לעבן זיי זיך אויס אין דער יידישער שפּראַך, שמידן זייער קולטור אין אונזער לשון.

אַרומגערינגלט מיט וואַרימקייט פֿון דער יידישער מאַסע, אויסגעהאָדעוועט מיט מסירת נפש פֿון די לערער, צעמענטירט און פּאַרפֿעקטירט דורך דער מוטערהאַנט פֿון צ. ב. ק. — דאָס איז אונזער שול.

געווען אַמאָל אַ געדאַנק, אַ אידעע, ווערט זי אַ טרוים, הויבן אָן דעם טרוים די מענשן צו פֿאַרווירקלעכן, בויט זיך דער טורם...

די לעגענדע וועבט זיך. די לעגענדע פֿון דער יידישער שול.

אָט איז דאָס זאַמלבוך — דאָס ערשטע לעגענדן-בוך, אונזער עפּאָס.



# די מאָדערנע יידישע שול-באַוועגונג.

דער 5-יאָריקער יובּיליי פון יידישן צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט אין ווילנע איז ניט קיין לאָקאַלער יום-טוב, נאָר אַ פייערונג, וואָס דאַרף און וועט געפינען אַ לעבעדיקן אָפּקלאַנג אין דער גאַנצער וועלט, וואו דאָס יידישע פאָלק לעבט און שאַפט, זוכנדיק אין געשפּאַנטען און שפּאַנענדיקן קאַמף נייע וועגן פאַר זיין נאַציאָנאַלן און מענטשלעכן קיום.

אין קיין שום אָרט אויפן כּדור-הארץ האָט די נייע יידישע שול זיך אַזוי טיף ניט פאַרוואָרצלט און אַזוי ברייט זיך ניט אַנטוויקלט, ווי אין דער אַלטער ירושלים-דליטא. און אויב מ׳קען איצט ריידן וועגן ווילנע ווי וועגן אַ צענטער פון דער מאָדערנער באַנייטער יידישקייט — און ווילנע איז איצט אַזאַ צענטער — איז עס נאָר אַדאַנק דעם גראַנדיאָזן שול-בנין, וואָס איז דאָ אין די לעצטע יאָרן אויפגעשטעלט געוואָרן.

עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס דווקא אין ווילנע האָט די ייִדיש-וועלטלעכע שול אָפּגעהאַלטן אַזעלכע גרויסע נצחונות. דאָס איז אַ נאַטירלעכער פּועל-יוצא פון דעם פאַקט, וואָס ווילנע האָט נאָך אויפגעהיט און דערהאַלטן אין זיך אומגעריררטע גרויסע לעבעדיקע יידיש-טעטיקע כּוחות, און די דאָזיקע כּוחות האָבן זיך אַנטפּלעקט אין דעם אויפבּוי פון דער שול. אין ווילנע — דער שטאָט מיט אַזאַ יידישן שורש, מיט אַזאַ יידישן יחוס, מיט אַזאַ יידישן זכות, האָט געדאַרפט געבּאָרן און געשטאַרקט ווערן דער נייער יידישער יחוס, דער נייער יידישער זכות — די נייע יידישע שול.

די, וואָס וואַגן צו וואַרפן אויף אונזער שול אַ בּילבּול, אַז זי איז ווייניק יידיש — ענטפערן מיר: פאַרוואָס עפּעס האָט דווקא די יידישסטע שטאָט אויף דער וועלט אויסגעבויט די נייע יידישע שול? — ווייל זי, די נייע יידישע שול, איז באַרופן צו שטאַרקן און ווייטער אַנטוויקלען די יידישקייט אויף אַ נייעם אופן, אין אַ נייער פאָרם.

די יידישע שול איז אונזער איינציקע האָפענונג געזונט צו מאַכן דאָס פאָלק, צו דערהאַלטן עס און ווייטער אַנטוויקלען, אַרויסרופנדיק צום לעבן די כּוחות, וואָס לעבן נאָך אין אים. אין אַ שווערער ווסטער צייט איז זי אונז געבּוירן געוואָרן — אין אַ צייט, ווען דאָס פאָלק איז געשטאַנען ביים ראַנד פון אַ תהום, וועלכער האָט געדראָט עס צו פאַרשלינגען. שוין דאָס אַליין איז אַ סימן, אַז די נייע יידישע שול איז געשאַפן פון טיפסטן פאָלקס-אינסטינקט פון זעלבסטדערהאַלטונג.

און אומעטום, וואו די מאָדערנע יידישע שול־באַוועגונג האָט אין דער לעצטער גרויסער תקופה פון אונזער געשיכטע אַזוי מעכטיק אויפגעבליט און זיך פאַרשפּרייט, איבער דער גאַנצער וועלט, אין אַלע לענדער, וואו עס ווירקן די לעבעדיקע כּוחות פון די גרויסע יידישע קיבוצים, איז די נייע יידישע שול דער לעצטער העכסטער אויסדרוק פון דעם יידישן פאָלק צו שאַפן אַ נײַ לעבן — אַ בעסערס און שענערס.

* *
*

דער אַלטער יידישער לעבנסשטייגער האָט אין משך פון הונדערטער יאָרן אויסגעפורעמט זיין אייגענע בילדונגס־סיסטעם, וואָס איז געווען ענג פאַרבונדן מיט די ספּעציפישע פאָרמען, אין וועלכע דאָס יידנטום האָט זיך אויסגעלעבט. אַזוי ווי דער רעליגיעזער מאָמענט האָט באַהערשט דאָס גאַנצע גייסטיקע לעבן פון פאָלק, האָט ער אויך געמוזט קומען צום אויסדרוק אין דער שול. דער אינהאַלט פון דער אַלטער יידישער שול — דער עלעמענטאַרער — דעם חדר, און דער העכערער — דער ישיבה, איז געווען אַ רעליגיעזער, אָבער די פראַגע פון דער אונטעררייכט־שפּראַך האָט ניט עקסיסטירט. אויף יידיש האָט מען געלערנט אי די עלעמענטאַרע לימודים פון חדר, אי די האַרבסטע ענינים פון דער ישיבה. לויט דעם היסטאָריקער גרעץ, איז די יידישע שפּראַך אַזוי פאַרבונדן געווען מיט דעם לימוד התורה, אַז ס׳האָט זיך געקענט דאַכטן — משה רבינו אַליין האָט גערעדט יידיש.

ערשט זינט דעם אָנהייב פון דער בערלינער השכלה־באַוועגונג, סוף XVIII יר״ה, ווען דער אידעאַל פון דער יידישער אינטעליגענץ ווערט די אַסימילאַציע, דאָס צופּאַסן זיך צו דער אַרומיקער סביבה און שפּראַך, קולטור און לעבנסשטייגער — הייבט זיך אָן דער קאַמף קעגן דער יידישער שפּראַך און ממילא אויך קעגן דער נאַציאָנאַלער יידישער שול. אין דעם XIX יאָרהונדערט, ווען בילדונג ווערט אידענטיפיצירט מיט דער קענטשאַפט פון דער פרעמדער שפּראַך פון דער הערשנדיקער נאַציאָנאַליטעט, ווערט די יידישע שפּראַך אין די מערב־אייראָפּעאישע לענדער אַלץ מער אַרויסגעשטופּט פון דעם יידישן אונטעררייכט. אויך אין די סלאַווישע לענדער פון מזרח־אייראָפּע נעמען די העכערע קרייזן פון דער בורזשואַזיע איבער די דאָזיקע אידעאָלאָגיע פון קעגנערשאַפט און פאַראַכטונג צו דער יידישער שפּראַך אַלס בולטסטן אויסדרוק פון דער יידישער פאָלקסטימלעכקייט, און אין די דאָזיקע קרייזן גייט אָן אַ פּראָצעס פון פּאָלאָניזאַציע אין פּוילן, רוסיפיקאַציע אין רוסלאַנד, מאַדיאַריזאַציע אין אונגאַרן, ראָמאַניזאַציע אין רומעניע, גערמאַניזאַציע אין צענטראַל־אייראָפּע. דער רעזולטאַט פון דעם דאָזיקן פּראָצעס איז זייער טרויעריק פאַרן פאָלק. אין די לענדער פון קליינעם יידישן ישוב האָט דער אונטערגאַנג פון יידיש געפירט צו פולקומער נאַציאָנאַלער דעגענעראַציע. און אין די קאָמפּאַקטע יידישע קיבוצים איז אויסגעגראָבן געוואָרן אַ תהום צווישן פאָלק און אינטעליגענץ. די ברייטע מאַסן זיינען איבערגעלאָזט געוואָרן אויף הפקר, אויסגייענדיק אין מאַטעריעלער און גייסטיקער נויט און די אינטעליגענץ איז געוואָרן אַ מחנה פון דעזערטירן.

עס האָט געדאַרפט אַריבער אַ יאָרהונדערט, כדי צו קומען צו דער אי־בערצייגונג, אַז די אַסימילאַציע איז אַ פאָלקס־אומגליק, און אויב פאַר אַ דינער שיכט באַטייט זי אַ אַנטרינונג צו מאַטעריעלן וואוילשטאַנד און גייסטיקער פאַרקריפּלונג, איז זי פאַרן רוב מנין ורוב בנין פון פאָלק איבערהויפּט קיין שום וועג ניט.

דער באַנקראָט פון דער אַסימילאַציע אַלס אידעאָלאָגיע האָט געבראַכט די נייע באַוועגונגען אין יידנטום — די נאַציאָנאַל־פאָלקסטימלעכע און דעמאָקראַטיש־סאָציאַליסטישע. די אַלטע ווערטן ווערן איבערגעשאַצט און אויך די יידישע שפּראַך באַקומט אַ נייעם תיקון. עס שפּראָצט אויף די נייע יידישע ליטעראַטור, פייערנדיק אַלץ גרעסערע און גרעסערע נצחונות. עס וואַקסט מעכטיק אויך אויס אַ יידישע פּרעסע, און יידיש געווינט אַ נייעם וויכטיקן פּלאַץ אין דעם באַוואוסטזיין פון פאָלק. די דאָזיקע באַוועגונג פאַלט צונויף מיט דער באַווע־גונג פון די אויפוואַכנדיקע אונטערדריקטע פעלקער אין אייראָפּע, מיט דער נייער בעוועגונג פון די אַרבעטער־מאַסן צו סאָציאַלער באַפרייאונג, און עס הייבט זיך אָן די גרויסע עפּאָכע פון איבערבראָך אין דעם יידישן לעבן.

די יידישע שפּראַך ווערט דער יסוד פאַר אַ נייער טעטיקייט, ווערט געלייגט אין פונדאַמענט פון פּאָליטישע פּאַרטייען און ריכטונגען, לכתחילה מער סטיכיש, דורך דעם כוח פון פאַקטן, און וואָס ווייטער — אַלץ מער באַוואוסט־זיניקער און אידעאָלאָגישער.

דער גרויסער טריאומף פון דער נייער יידישער קולטור אין דער יידי־שער שפּראַך, דער אויסערגעוויינלעכער אויפבלי פון דער נייער יידישער ליטעראַטור, אין וועלכער עס זיינען אַזוי אומגעריכט רייך געקומען צום אויס־דרוק די טיפסטע כוחות פון פאָלק, וואָס זיינען אַזוי לאַנג שטום געווען, האָט סוף־כל־סוף אויך געמוזט ברענגען צום שטעלן אויפן סדר־היום פון דער יידי־שער געזעלשאַפטלעכקייט די פראַגע פון דער יידישער שול. דער חדר ביי די נייע טיפע ענדערונגען, סאָציאַלע, עקאָנאָמישע און קולטורעלע, האָט פאַרלוירן זיין באַדייטונג, איז געוואָרן אַ רודימענט, אַ פאַקטאָר פון אָפּגעשטאַנענקייט און רעגרעס. די „קאַזיאָנע" שול האָט פאַר דער צייט, וואָס זי פונקציאָנירט אויף דער יידישער גאַס, אַרויסגעוויזן איר פולשטענדיקן באַנקראָט, האָט בלויז פאַרטעמפּט עטלעכע דורות יידישע קינדער, ניט צוגעפירט זיי צו די קוואַלן פון דער אַלמענטשלעכער קולטור, אָפּגעריסן זיי פון מקור פון דער אייגענער קולטור, ניט צוגעגרייט זיי צום לעבן און צום קאַמף פאַרן קיום, אָפּגעטויט אין די חניכים אירע די פרייד פון דער קינדהייט, דעם נחת פון אַליינשאַפן און פרייער אַנטוויקלונג.

און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, לכתחילה שוואַך, פאַראיינצלט און אומזיכער, און וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער און זעלבסטבאַוואוסטער שטעלט זיך די פראַגע וועגן דער יידישער שול אַלס די נייע פּראָבלעם פון דער יידישער מאָדערנער קולטור. בשעת ווען אין די ערשטע יאָרן פון דעם היינטיקן יאָר־הונדערט איז די יידישע שפּראַכפראַגע דערהויפּט געווען אַ פראַגע פון דער ליטעראַטור, און עס קעמפן פאַרביטערט די „זשאַרגאָניסטן" (דער טערמין

יידישיזם קומט שפּעטער — נאָך דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ) מיט די העברעאיסטן פאַר דער העגעמאָניע אויף דעם געביט פון דעם געדרוקטן וואָרט, — ענדערט זיך די לאַגע ראַדיקאַל נאָך דער גרויסער התעוררות אין רוסלאַנד בשעת דער פרייהייטס-באַוועגונג. אין אָט די יאָרן פון דעם רוסלענדישן פּאָליטישן פרילינג, ווען אין דעם כאָר פון די אויפגעוואַכטע פּראָגרעסיווע קרייזן אין דער גרויסער צאַרישער אימפּעריע קלינגען אַלץ מעכטיקער אַריין די שטימען פון די צום נאַציאָנאַלן שכל געקומענע נאַציאָנאַליטעטן, דערהערט זיך אויך דער שוואַכער נאָך דערווייל קול וועגן אַ נייער יידישער שול, יידישער בפועל ממש, לויט דער שפּראַך, און ניט נאָר לויט דער נאַציאָנאַליטעט פון די תלמידים. אין יאָר 1904 האָט די ערשטע יידישע טעגלעכע צייטונג אין רוסלאַנד — „דער פריינד“ — אמת, אויף אַ באַהאַלטענעם אופן, אין דער פאָרם פון אַ בריוו אין רעדאַקציע אונטער דער אונטערשריפט פון ד. בער—שאַרף פאָרמולירט די פאָדערונג פון דער נייער צייט — אַ סוף צו מאַכן מיט די פאַרעלטערטע און אָפּגעלעבטע פאָרמען פון דער יידישער בילדונג—דעם חדר און דער תלמוד-תורה, מיט די פאַרקריפּלטע און ניט לעבנספעאיקע חדרים מתוקנים פון די ציוניסטן, מיט דער פאַרטעמפּנדיקער באַנקראָטירטער קאַזיאָנער שול און פאַרבייטן זיי מיט אַ שול אויף יידיש. די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן די פאָדערונג פון אַ יידישער שול אויף דער יידישער שפּראַך געמאַכט פאַר דעם וויכטיקסטן פּונקט אַלס יסוד פון דער נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָנאָמיע. נאָך זיי האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט די אידעאָלאָגיע פון אַ יידישער שול אויך ביי די בירגערלעך-ראַדיקאַלע יידישע פּאַרטייען, ווי די פאָלקספּאַרטיי, און אַפילו אַ טייל פון די אויפריכטיקע ציוניסטן, מיט ד״ר יוסף לוריא בראש, מוזן אָנערקענען די יידישע שפּראַך אַלס דעם וויכטיקסטן יסוד פון דער יידישער קולטור-בויאונג אין גבול פון דעם אַלץ מער פּאָפּולער געוואָרענעם יידישן אויטאָנאָמיזם.

ניט לאַנג אָבער האָט געדויערט דער פּאָליטישער פרילינג אין רוסלאַנד; די רעוואָלוציע ווערט דערשטיקט אין בלוטיקע פּאָגראָמען, שטראָף-עקספּעדיציעס, די אויפגעוואַכטע ענערגיע פון די אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן קען זיך ניט אויסגיסן אין קאָנקרעטע מעשים פאַר דער נאַציאָנאַלער שול. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס גערודפטסטע פאָלק צווישן די גערודפטע, דאָס רעכטלאָזסטע צווישן די רעכטלאָזע—דאָס רוסישע יידנטום—קען אויך גאָרנישט אויפטאָן ממשותדיקס פאַר דער וויכטיקסטער פּראָבלעם פון דער נאַציאָנאַל-פּראָגרעסיווער יידישקייט — דער יידישער שול. אָבער דער געדאַנק וועגן איר ווערט אַלץ רייפער, און די טעאָרעטיש-אידעאָלאָגישע באַגרינדונג — אַלץ טיפער און אַלזייטיקער. עס ווערן אויך געמאַכט פּרוון צו גרינדן אָוונטקורסן פאַר יידישע אַרבעטער מיט דער יידישער אונטערריכט-שפּראַך, אָבער די צאַרישע מאַכט דערשטיקט די דאָזיקע ערשטע שפּראָצונג פון יידישן שול-וועזן, אַרעסטירט די אויפטוער און זעצט זיי אַריין אין תפיסה. די אידעע קומט ניט אום, אדרבא—זי דרינגט דורך אַלץ טיפער און ברייטער און באַקומט אַ נייעם אימפּולס פון דער ערשטער יידישער שפּראַך-קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ אין יאָר 1908, אויף וועלכער

די יידישע שפּראַך ווערט פּראָקלאַמירט אַלס נאַציאָנאַלע שפּראַך פון דעם יידישן פאָלק. עס הייבט זיך אָן אין אַ באַזונדערס פאַרשאַרפטער פאָרם דער גרויסער יידישער קולטור=קאַמף, דער קאַמף צווישן די פּראָגרעסיווע לעבעדיקע כוחות פון יידנטום, וועלכע אָרגאַניזירן זיך אונטער דער פאָן פון יידישיזם — דער באַוועגונג פאַר דער קולטורעלער רענעסאַנס פון פאָלק, און צווישן די רעאַקציאָנערע און אַסימילאַטאָרישע גרופּירונגען, וואָס פּרוּוון זיך שיצן אונטער דעם לאָזונג „עברית או רוסית“. די יידישע שול=פראַגע רוקט זיך אַלץ מער און מער אַרויס אין פאָדערגרונד פון אַלע אונזערע געזעלשאַפטלעכע שטרייטן. די גאַנצע יידישע פּרעסע איז פול דערמיט, און די „חברה מפיצי השכלה“, וואָס האָט צענדליקער יאָרן געזען איר אויפגאַבע אין פאַרשפּרייטן צווישן יידן די „קאַזיאָנע“ תורה פון די רוסיפיקאַטאָרישע שקאָלעס, הייבט אויך אָן אַלץ אָפענער און אָפענער צו ווערן פאַר די נייע ווינטן אויפן פעלד פון דער יידישער פאָלקסבילדונג. די צוזאַמענפאָרן פון דער חברה ווערן אַלץ מער דער קאַמפּספּלאַץ פאַר יידיש אין דער שול, און אַלץ מער וואַקלען זיך די ווענט פון דער דאָזיקער אסימילאַטאָריש=העברעאיסטישער פעסטונג אונטער דעם אימפּעט פון די יונגע שטורמער — דער יידישער ניי=אויפגעוואַקסענער דעמאָקראַטישער און סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ, וועלכע האָט הינטער זיך די ברייטסטע פאָלקסמאַסן. אויף די דאָזיקע צוזאַמענפאָרן שפּילט זיך אָפּ דער גרויסער יידישער אינעווייניקסטער קולטור=קאַמף, און אין צענטער שטייט דער פּונקט פון דער יידישער שפּראַך אין דער יידישער שול.

אמת, צוליב די אומשטענדן פון דעם צאַרישן רעזשים אין רוסלאַנד טראָגט דער דאָזיקער קאַמף אין אַ גרויסער מאָס נאָר אַ טעאָרעטישן כאַראַקטער, אָבער דער באָדן ווערט צוגעגרייט, און אַלץ שטאַרקער דרינגט דורך די איבערצייגונג, אַז די שול=פראַגע איז דער צענטער, דער ברענפּונקט פון אַלע פראַגן, וואָסערע זייטן פון לעבן זיי זאָלן ניט באַרירן. לייזן מיר ווי געהעריק אָט די פראַגע, זיינען אַלע פראַגן געלייזט; פאַרנאַכלעסיקן מיר די דאָזיקע פראַגע, איז אומזיסט, וואָס מיר וועלן שאַפן פּלענער, פירן דיספּוטן און דעבאַטן וועגן ציוניזם, טעריטאָריאַליזם, סאָציאַליזם און אַנדערע „איזמען“. אַלץ אין אונזער לעבן וועט שטיין אויף איין אָרט, אָדער ריכטיקער — וועט גיין מיט האַסטיקע טריט פאָרווערטס צום חורבן פון דער יידישער אומה, ווען אָט די פראַגע זאָל ניט ווערן געלייזט ווי געהעריק.

„פון איר, פון דער יידישער פאָלקסשול, מוזן מיר אָנהייבן בויען דעם בנין פון אונזער פאָלקס=אויפלעבונג. ווילן מיר איבערבויען די עקאָנאָמישע יסודות פון אונזער לעבן; ווילן מיר שאַפן ביי אונז אַ נייע אַ געזונטע קולטור; ווילן מיר געבן אונזער יוגנט אידעאַלן, איינפלאַנצן אין איר ליבע און טרייהייט צום פאָלק; ווילן מיר סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע רעפאָרמען פאַר דער צוקונפט פון פאָלק;—פון דער יידישער פאָלקסשול מוזן מיר אָנהייבן און מיט איר מוזן מיר ענדיקן“. (אַ. ליטווין, „לעבן און וויסנשאַפט“ 1912, נומ. 8—9).

אויף די צוזאַמענפאָרן פון דער „חברה מפיצי השכלה“ קומט די יידישיסטישע אָפּאָזיציע אַלץ שטאַרקער צום וואָרט, ביז עס ווערט אין יאָר 1913

אָנערקענט פון דער דאָזיקער וויכטיקער חברה דער פּרינציפּ, אַז די יידישע שול מוז געבויט ווערן אויף דער יידישער שפּראַך. דער דאָזיקער באַשלוס האָט שוין ניט נאָר אַ אַקאַדעמישן ווערט, נאָר אויך אַ ריין פּראַקטישן, וואָרעם די חברה „מפיצי השכלה” האָט שוין אַ מעגלעכקייט אויף דעם אָדער יענעם אופן אַריינצופירן יידיש אין אירע שולן. דאָס ווערט דערהויפּט געטאָן אין דרום־רוסלאַנד, און אין קיעוו ווערט אין יאָר 1911 געגרינדעט די ערשטע יידישע שול מיט דער יידישער אונטערריכט־שפּראַך, די באַרימטע דעמיעווקער שול, וואָס ברענגט אַריין אין באַגייסטערונג ניט נאָר די פאָלקסמאַסן, וועלכע זי באַדינט, נאָר אויך אַלע פריינד פון דער נייער יידישער קולטור, וועלכע זעען אין איר די ערשטע פאַרווירקלעכונג פון זייער שענסטן חלום. אומלעגאַל, ווי די דעמיעווקער שול, פונקציאָנירט אויך אין וואַרשע זינט יאָר 1912 אַ יידישע שול, באַהאַלטנדיק זיך פאַר דער מאַכט אונטערן שילד פון אַ רוסיפיקאַטאָרישער לערנאַנשטאַלט „חינוך ילדים”.

עס באַווייזן זיך דאַן די ערשטע יידישע לערנביכער, און אויך באַוואוסטזיניקע יידישע לערער זעען אַפילו ביי די באַדינגונגען פון צאַריזם אַריינצוברענגען אין די קאַזיאָנע שולן דעם פרייען ליכטיקן גייסט פון דער יידישער שפּראַך, דורך פאָרלעזונגען פון דער יידישער ליטעראַטור, שמועסן אין דער מוטערשפּראַך א. אַ. וו.

אַ נייע פאַזע אין דעם קאַמף פאַר דער יידישער שול האָט זיך אָנגעהויבן אין דעם ערשטן יאָר פון דער וועלט־מלחמה ביי דער גרינדונג פון די היימען און אינטערנאַטן פאַר די קינדער פון די היימלאָזע, אַנטרונענע און פאַרטריבענע פון די פראָנט־ערטער. אין רוסלאַנד האָט די יידישע אינטעליגענץ און די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט, וועלכע האָט זיך גרופּירט אַרום דער „חברה מפיצי השכלה” און דער ניי־געגרינדעטער געזעלשאַפט „צו פאַרהיטן דאָס געזונט פון דער יידישער באַפעלקערונג”, אָנגעהויבן צו בויען אַ גאַנצע נעץ קינדערהיימען און פאָלקסשולן אַפילו אין אַזעלכע פאַרוואָרפענע ערטער, ווי אַ טאַמבאָוו (דאָרט איז אגב אויך פאָרגעקומען אין יאָר 1916 דער היסטאָרישער צוזאַמענפאָר פון די יידישע לערער, דער ערשטער אפשר צוזאַמענפאָר פון די פּראַקטיקער פון דער נייער יידישער שול). די צאַרישע רעגירונג האָט ניט געשטערט דער פאַריידישונג פון דער שול. דערצו האָט מיטגעווירקט דער שול־געזעץ, וואָס איז אַלערהעכסט באַשטעטיקט געוואָרן דעם 1־טן יולי 1914 און וואָס איז נוגע געוועזן פּריוואַטע לערנאַנשטאַלטן, קלאַסן און קורסן פון דעם מיניסטעריום פאַר פאָלקס־בילדונג, וואָס געניסן ניט די רעכט פון רעגירונגס־אַנשטאַלטן. לויט דעם געזעץ האָט מען געמעגט עפענען יידישע שולן מיט דער יידישער אונטעררייכטשפּראַך, אַלץ אייגנס צי אָנהייבשולן, צי אַ פּריוואַטע אוניווערסיטעט. דער דאָזיקער געזעץ האָט אויך געגעבן געוויסע רעכט דער יידישער שפּראַך אַפילו אין די שולן, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן פון דער זעמסטווע אָדער זעלבסטפאַרוואַלטונג.

נאָך דער עוואַקואַציע פון קאָנגרעס־פּוילן און ליטע דורך דער צאַרישער אַרמיי האָט די יידישע שול־באַוועגונג פאַרכאַפּט דעם גאַנצן געביט פון דער

דייטשער אָקופּאַציע. דער דאָזיקער פּעריאָד פון דער יידישער שול־בויאונג איז באמת אַ העראָאישער, אָבער מיר ווילן זיך ניט אָפּשטעלן אויף אים, ווייל ער שפּיגלט זיך אָפּ אין די איבעריקע אַרטיקלען פון דעם פאָרגעלייגטן זאַמלבוך.

אויך אין די אַנדערע ראַנדלענדער, וואָס זיינען אָקופּירט(געוואָרן פון די צענט־ראַלע מלוכות, האָט די יידישע שול, ניט קוקנדיק אויף די גזרות פון די אָקו־פּאַנטן, זיך געבויט און געפעסטיקט, און נאָכדעם ווי די דאָזיקע לענדער זיינען געוואָרן זעלבשטענדיק, האָט זיך דער קאַמף פאַר דער יידישער שול אָנגעהויבן אין די נייע באַדינגונגען פון די געשאַפענע מדינות.

אין קאָוונער ל י ט ע האָט די יידישע שול אָנגעטראָפן אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד פון די ציוניסטיש־אָרטאָדאָקסישע גרופּירונגען, וועלכע האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט אין די קהילות, אין יידישן מיניסטעריום, אין נאַציאָנאַל־ראַט און דורך די דאָזיקע אָרגאַנען פון דער יידישער אַווטאָנאָמיע געשטיקט די פרייע אַנטוויקלונג פון דעם יידישן שול־וועזן. דאָס האָט געטריבן די יידיש־וועלטלעכע שולן זיך אַלץ מער צו איזאָלירן אַרום די עקסטרעמע ריכטונגען פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט; דערצו זיינען צוגעקומען די רדיפות פון דער רעאַקציאָנערער ליטווישער מאַכט, און הגם דאָס יידישע שולוועזן אין ליטע ווערט אויסגעהאַלטן פון דער רעגירונג צוגלייך מיט אַלע איבעריקע מלוכה־שולן, האָט עס זיך פאַרהאַקט אין אַ ענגן ווינקל פון יידישן לעבן און ניט פאַרנומען די פּאָזיציע, וואָס עס קען און וועט געוויס סוף־כל־סוף פאַר־נעמען, ווען די העברעאיסטיש־אחדותיסטישע העגעמאָניע וועט אָפּטרעטן איר פּלאַץ דער דעמאָקראַטישער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

אַ ליכטיקער פּונקט אויפן פעלד פון דער יידישער שול־בויאונג אין ליטע איז די יידישע רעאַל־גימנאַזיע אין ווילקאָמיר. ס'איז אויך כדאי צו פאַר־צייכענען דעם באַשלוס פון דעם לעצטן צוזאַמענפאָר פון די ליטווישע קהילות, לויט וועלכן אין אַלע תרבותיסטישע שולן מוזן איינגעפירט ווערן די לימודים פון דער יידישער שפּראַך אין ליטעראַטור, פּונקט ווי אין די יידישיסטישע — דער לימוד פון העברעאיש.

אַ סך גינסטיקער האָט זיך דאָס יידיש־וועלטלעכע שולוועזן אַנטוויקלט אין ל ע ט ל אַ נ ד, הגם אויך דאָרט האָבן דער ציוניסטיש־אַסימילאַטאָרישער יידישער בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט און די גערמאַניזאַטאָריש־רוסיפיקאַטאָרישע קרייזן פון דער גרויס־בורזשואַזיע געפּרוּווט אָפּהאַלטן די גלענצנדע נצחונות פון דער נייער יידישער שול. ביי היינטיקן טאָג איז די יידישע שול אין לעטלאַנד פולשטענדיק גלייכבאַרעכטיקט מיט די מלוכה־שולן; ניט נאָר זיי ווערן אויסגעהאַלטן פון דער מלוכה אָדער מוניציפּאַליטעט, נאָר אויך די יידישע גימנאַזיעס דאָרט מיט דער יידישער אונטערריכטשפּראַך גיבן די אַביטוריענטן אַלע רעכט ביים אָנקומען אין אוניווערסיטעט. די אומגעהייערע ראָלע, וואָס די יידישיסטישע שול — דער דאָמינירנדיקער טיפּ פון יידישן שולוועזן אין לעט־לאַנד — שפּילט אין דער מלוכה, האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן אויף דעם חנוכת־הבית פון דער ריגער שטאָטישער יידישער גימנאַזיע (23־סטן פעברואַר 1924), וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן קולטור־יום־טוב, וואו די

יידישע געזעלשאַפטלעכקייט האָט זעם ערשטן מאָל געהאַט די געלעגנהייט צו טרעפֿן זיך פּנים=אל=פּנים מיט דער ברייטער לעטישער געזעלשאַפטלעכקייט אין דער פּערזאָן פֿון פֿאָרשטייער פֿון מוניציפּאַליטעט, מלוכה=אַנשטאַלטן און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

דער יידישער ישוב אין עסטלאַנד איז צו קליין אַליין עפּעס אויפצוטאָן אויף דעם געביט פֿון דער יידישער שול. אָבער אויך דאָרט שטייט די פֿראַגע וועגן אַיינפֿירן די יידישע אונטעררִיכט=שפּראַך אין דער רעוועלער גימנאַזיע, וואָס האָט ניט לאַנג אויפגעבויט אַ גראַנדיאָזן אייגענעם בנין; אויף דעם חנוכת=הבית איז בייגעווען און האָט באַגריסט דער פּרעזידענט פֿון לאַנד, און די מלוכה גיט די עסטאָנישע יידן אַלע מעגלעכקייטן אויפצובויען אייגענע יידישע שולן מיט דער יידישער אונטעררִיכטשפּראַך.

אין בעסאַראַביע האָט צום מאָמענט פֿון אָקופּירן זי דורך רומעניע שוין פֿונקציאָנירט אַ היבש=געדיכטע נעץ פֿון יידיש=וועלטלעכע שולן, אָרגאַניזירט אַרום דער קולטור=ליגע. אויך אין די איבעריקע טיילן פֿון ניי=רומעניע, ווי אין בוקאָווינע און טראַנסילוואַניע, האָט די יידישע קולטור=פֿעדעראַציע פֿון טשערנאָוויץ אָנגעהויבן אַ ברייטע קולטור=טעטיקייט. לכתחילה האָט די רומענישע רעגירונג אויסגעהאַלטן די יידישע שולן, ווי אויך דעם יידישן לערער=סעמינאַר אין קעשעניעוו—אַרייננעמענדיק זיי אין דער נעץ פֿון די מלוכישע שולן, אָבער די לעצטע צייט, ווען דער פֿלירט פֿון בראַטיאַנוס רעגירונג מיט דער יידישער מינדערהייט פֿון די ניי=פֿאַראייניקטע פּראָווינצן האָט אויפגעהערט, האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויסראָטונגס=קאַמף קעגן דער יידישער שול אין נאָמען פֿון אַ אומבּרחמנותדיקער גוואַלד=ראָמאַניזאַציע. ליידער זיינען מיר צופֿיל אָפּגעריסן פֿון רומעניע, און גענוי, ווי עס האַלט דאָרט איצט מיטן יידישן שולוועזן, וואָס איז פֿון שטענדיק איזאָלירט פֿון דער ברייטער יידישער וועלט און איבערגעלאָזט אויפֿן אייגענעם באַראָט, אויפֿן הפקר פֿון דער ברוטאַלער רומענישער מאַכט, קענען מיר ניט וויסן.

אין די לענדער פֿון ס. ס. ר. ר. איז די יידישע שול צוזאַמען מיט דער יידישער שפּראַך פֿולשטענדיק גלייכבאַרעכטיקט. באַזונדערס איז דאָס יידישע שולוועזן פֿאַרשפּרייט אין ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע. פֿאַראַן אויך יידישע שולן אין מאָסקווע, פֿון וועלכע די מאַלאַכאָווקער קינדערהיים האָט אַ שם אויך אין דער אַלגעמיין=רוסלענדישער פּעדאַגאָגישער וועלט מיט אירע גרויסע דערגרייכונגען אויפֿן געביט פֿון דער מאָדערנער קינדער=דערציאונג.

באַזונדערע פֿאָרמען האָט די יידישע שול=באַוועגונג אָנגענומען אין אַמעריקע מיט איר פֿירמיליאָניקן יידנטום. די מעכטיקע אַנטוויקלונג פֿון דער יידישער ליטעראַטור, פּרעסע, טעאַטער אין דעם דאָזיקן לאַנד פֿון גרויסן יידישן ישוב האָט אויך געבראַכט צו אַ אינטענסיווער טעטיקייט אויפֿן געביט פֿון יידישער דערציאונג.

די יידישע שול=באַוועגונג דאָרט דאַטירט פֿון יאָר 1910. אויף דער גרינדונגס=קאָנפֿערענץ פֿון דעם יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער=פֿאַרבאַנד, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן זומער 1910 אין ראָטשעסטער, איז צום ערשטן מאָל

באשלאָסן געוואָרן, אַז די פּראָגרעסיווע נאַציאָנאַליסטן דאַרפן זיך אַקטיוו באַטייליקן אין דער יידישער דערציאונג. דער דאָזיקער פּרינציפּ האָט באַקומען אַ קאָנקרעטע פאָרם אויף דעם פינפטן צוזאַמענפאָר פון די אַמעריקאַנער פּועלי־ציון סוכות תרע״א אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע, אין דעם באַשלוס צו גרינדן אין ניו־יאָרק אַן עקספּערימענט־שול פאַר יידישער דערציאונג, וועלכע זאָל אין זיך אַריינעמען אַלס יסודות די יידישע שפּראַך און ליטעראַטור, די העברעאישע שפּראַך און ליטעראַטור, יידישע געשיכטע, יידיש געזאַנג און דאָס איינפּלאַנצן פון נאַציאָנאַלן געפיל און באַוואוסטזיין אין די הערצער און מוחות פון אַמעריקאַנער יידישע קינדער.

די דאָזיקע שול איז געגרינדעט געוואָרן אָנהייב ווינטער 1911, און פון דאַן אָן איז די יידישע שול־באַוועגונג אין אַמעריקע כסדר געוואַקסן, ביז אויף דער גרעסטער יידישער אַרבעטער־אָרדען אין דער וועלט „אַרבעטער־רינג״, אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס גרופּירט אַרום זיך איבער 80,000 יידישע אַרבעטער, האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרנעמען מיט דער יידישער דערציאונגס־פּראָבלעם, און אויפגעבויט ביז היינטיקן טאָג איבער 60 יידישע שולן, צווישן זיי אַ פּאָר מיטלשולן, אין די שטעט און שטעטלעך פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

די יידישע שולן אין אמעריקע זיינען פון דעם ספּעציפישן טיפּ נאָכמי־טאָג־שולן און קומען אַלס דערגאַנצונג צו די אַלגעמיינע לימודים אין דער אָבליגאַטאָרישער „פּאַבליק־סקול״.

די פראַגע וועגן אַ גאַנצער איינהייטלעכער יידישער שול אין אַמעריקע איז זייער קאָמפּליצירט און וועט קענען געשטעלט ווערן אויפן סדר־היום ערשט דאַן, ווען די באַזונדערע פעלקער פון דער גרויסער רעפּובליק וועלן זיך אָרגאַניזירן פאַר דער דערהאַלטונג און אַנטוויקלונג פון זייערע נאַציאָנאַלע קולטורן. פון דער אַנדערער זייט אָבער איז אויך ביים היינטיקן מאָמענט פאַרהאַן נאָך אַ ברייט אַרבעטס־פעלד פאַר דער יידישער דערציאונג אין אַמעריקע, וואו דערווייל איז נאָר אַ קליינער טייל יידישע קינדער אריינגעצויגן אין די יידישע שולן. אָבער אַ גוטער סימן איז שוין, וואָס די דאָזיקע צאָל שטייגט פון יאָר צו יאָר, און נאָך באַדייטונגספולער איז דער פאַקט, וואָס די יידישע שול געווינט אַלץ מער אָנהענגער אויך אין די אָנפירנדיקע קרייזן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין די קרייזן, וואָס זיינען ביז גאָר דער לעצטער צייט געווען דורכגעדרונגען מיט אַסימילאַטאָרישע טענדענצן. אויך דער „פאָרווערטס״, די גרעסטע יידישע צייטונג מיט איר מיליאָן לעזער, וואָס האָט לכתחילה פאַרנומען אַ נעגאַטיווע שטעלונג צו דער יידישיסטישער באַוועגונג, שטעלט זיך אונטערן דרוק פון די נייע שטימונגען ביי די ברייטע פאָלקסמאַסן פון אַמעריקאַנער און אַלטוועלטלעכן יידנטום אַלץ מער און מער אין רשות פון דער יידישער שול־באַוועגונג.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער שאַרפערער שטעלונג פון די יידישע פּראָבלעמען אין אַמעריקע צוליב דער אָפּשטעלונג פון דער אימיגראַציע באַקומט די יידישע שול־פּראַגע דאָרט נאָך אַ גרעסערע באַדייטונג אַלס דאָס וויכטיקסטע מיטל צו דערהאַלטן די יידישע קולטור צווישן די ברייטע יידישע פאָלקסמאַסן.

דער אינטערעס צו דער יידישער קולטור מצד דעם אַמעריקאַנער יידנ־טום האָט זיך אויך אויסגעדריקט אין דער וויכטיקער הילף זיינער פאַר די יידישע קולטור־אנשטאַלטן און שולן פון מזרח־אייראָפּע. די דאָזיקע חברישע הילף האָט אויך משפּיע געווען צו וועקן דעם אינטערעס פאַר דער יידישער שול אין אַמעריקע גופא.

די יידישע שולן אין אַמעריקע צעפאַלן אויף צוויי טיפּן: די אַזויגערופענע שלום עליכם־שולן (ראַדיקאַל־נאַציאָנאַלע), וואָס שטייען אונטער דער השפּעה פון פּועלי־ציוניסטישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, און די סאָציאַליסטישע שולן פון אַרבעטער־רינג. די שלום־עליכם־שולן ווערן געקרוינט מיט דעם יידישן לערער־סעמינאַר — איינער פון די וויכטיקסטע קולטור־אינסטיטוציעס פון אַמעריקאַנער יידנטום, וואָס בילדעט זיך ביסלעכווייז אויס אין א הויכשול פון יידישע וויסנשאַפטן. די שלום־עליכם־שולן ווערן מאָראַליש דערהויפּט געשטיצט פון דער גרויסער און איינפלוסרייכער צייטונג „דער טאָג”.

דער בילדונגס־קאָמיטעט פון ארבעטער־רינג האָט אויך אָרגאַניזירט לערער־קורסן, גיט אַרויס אַ קינדער־זשורנאַל, פּעדאַגאָגישע שריפטן, ווידמעט אַ סך אָרט דער שול־פראַגע אין זיין אָרגאַן „דער פריינד”. אָפּט האַלטן אָפּ בײדע שול־ריכטונגען לערער־צוזאַמענפאָרן און פירן בכלל אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער יידישער שול.

די יידישע קולטור אין קאַנאַדע שטייט אונטער דער השפּעה פון דעם גרויסן יידישן קיבוץ אין די שכנישע פאַראייניקטע שטאַטן. אויך דאָ, ניט קוקנדיק אויף דער לפי־ערך קליינער צאָל יידן (אַרום 140 טויזנט), האָט זיך אַנטוויקלט אַ יידישע פּרעסע, פונקציאָנירט אַ יידישער טעאַטער, זיינען פאַרהאַן אָנהייבן פון אַ יידישער ליטעראַטור; די יידישע שולן געהערן צו דעם טיפּ פון די אַמעריקאַנער, הגם די פאַרהעלטענישן זיינען דאָ אַ סך גינסטיקער צוליב דעם קאַמף צווישן דער ענגליש־פּראָטעסטאַנישער און פראַנצויזיש־קאַטוילישער קולטור אין דעם לאַנד.

די יידן, ווי אומעטום, באַגייען דאָ דעם גרויסן פעלער, צו שטיצן די הערשנדיקע קולטור, די ענגלישע. זאָל נאָר אָבער דער געדאַנק וועגן אַן איי־גענער יידישער שול מיט דער יידישער אונטעררירכט־שפּראַך רייף ווערן צווישן די ברייטערע קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין קאַנאַדע, זיינען דאָרט שוין איצט פאַרהאַן די אָביעקטיווע באַדינגונגען, אַז אַזאַ שול זאָל אָנערקענט ווערן פון דער מלוכה אַלס גלייכגעוויכט אין ענגליש־פראַנצויזישן קולטור־קאַמף.

אַ סך ברייטער און טיפער האָט זיך די יידישע שול אַנטוויקלט אין אַ ר ג ע נ ט י נ ע מיט איר געזונטן יוגנטלעך־קרעפטיקן 150 ־ טויזנטיקן יידישן ישוב. אויך דאָרט ווי אין אַמעריקע איז די שפּאַנישע מלוכה־שול אַן אָבליגאַטאָרישע, אָבער די מעגלעכקייטן פאַר אַ איינהייטלעכער יידישער שפּראַך זיינען אַ סך גרעסער, בפרט אין די קאָלאָניעס, וואו די קינדער לעבן אין אַ יידישער סביבה מיט דער יידישער שפּראַך. אמת, אין די שולן פון די קאָלאָניעס פירט אָן די יק״א־אַדמיניסטראַציע אַן אַסימילאַטאָרישע טעטיקייט, אָבער אַ סך ווענדט זיך אָן די לערער, און די יידישע שפּראַך און קולטור

דרינגט אַלץ מער אַריין אַפילו אין די יק״א=שולן. אויך אין די גרויסע צענ־טערס און אין דער רעזידענץ בוענאָס=איירעס פונקציאָנירן יידישיסטישע שולן, און דער אינטערעס פאַר דער יידישער קולטור וואַקסט אַלץ מער אין דעם דאָזיקן לאַנד. די יידישע פּרעסע איז מעכטיק אַנטוויקלט, און צווישן די פאָר־שטייער פון דער יונגער אַרגענטיניש=יידישער ליטעראַטור זיינען שוין פאַראַן אַזעלכע, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין דער נייער היים.

אפילו אין די קליינע יידישע ישובים, וואָס זיינען אריינגעטראָפּט אין די מעכטיקע וועלט=צענטערס, וועבט זיך די אידעע פון דער יידישער שול. אַזוי, למשל, פונקציאָנירט אַ יידישע שול אין לאָנדאָן, אָרגאַניזירט פון דעם דאָרטיקן „אַרבעטער=רינג״. אויך אין ווין האָט זיך לעצטנס אָנגעהויבן אַ פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער גרינדונג פון שולן, וואו די קינדער פון דעם מזרח=יידישן קיבוץ, וואָס ווערן אָפּגעריסן פון זייער פאָלק דורך דער דייטשער שול און סביבה, זאָלן אריינגעפירט ווערן אין דער יידישער קולטור=ספערע.

מיר מעגן אַלזאָ ריידן וועגן דער יידישער שול=באַוועגונג ווי וועגן אַ באַוועגונג פון אַלוועלטלעכן לעבעדיקן יידישן פאָלק, ארויסגעוואַקסן פון דעם טיפסטן אימפּולס צו דערהאַלטן און ווידעראַנטוויקלען אונזער נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט. די דאָזיקע באַוועגונג שטייט איצט אין צענטער פון אַלע אונזערע פּראָבלעמען. זי אָריענטירט זיך אויף די ברייטסטע פאָלקסמאַסן, זוכט צו פאַרענטפערן די ברענעדיקסטע פאָלקס נויטן, די מאַטעריעלע און גייסטיקע, די נאַציאָנאַלע און אַלגעמיין=מענטשלעכע. געבויט אויף די פּרינציפּן, צו וועלכע דער מאָדערנער פּעדאַגאָגישער געדאַנק איז געקומען, בינדט די נייע יידישע שול די דאָזיקע פּרינציפּן צונויף מיט דעם דראַנג פון די יידישע פאָלקסמאַסן צו אַ נייעם לעבן, צו אַ טיפערער אַנטפּלעקונג פון זייערע אינעווייניקסטע כּוחות. באַקעמפנדיק דורך דעם לעבעדיקן אינהאַלט אירן די הוילע נאַציאָנאַ־ליסטישע פראַזע פון אונזערע ראָמאַנטיקער אין דער טעאָריע און אַסימילאַטאָרן אין דער פּראַקטיק, ארויסטרעטנדיק דורך דעם עצם פון איר ערציאונגס= און בילדונגס=סיסטעם קעגן דעם אָפּגעלעבטן באַלאַסט פון דעם יידישן קלעריקאַליזם, איז זי אָבער נאַציאָנאַל דורך און דורך אין בעסטן זין פון דעם וואָרט, ווייל זי בויט זיך אויף דעם יסוד פון דער נאַטירלעכער געזונטער יידישער פאָלקס־טימלעכקייט. זי איז נאָך יונג, אונזער יידישע שול, און האַלט נאָך אין לעבעדיקער אַנטוויקלונג. דאָס דאָזיקע שטרעבן צו אַנטוויקלען זיך טראָגט אריין דעם פרישן גייסט פון אינטענסיווער שאַפונג, וואָס איז אַזוי וויכטיק פאַר דער שול, וואָס באַפרייט זי פון דער סכּנה פון פאַרגליווערט און רוטינירט ווערן. און דערפאַר האָט די נייע יידישע וועלטלעכע שול אַזוי באַגייסטערט די פאָר־שטייער פון אייראָפּעאישן פּעדאַגאָגישן געדאַנק, וועלכע האָבן געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט איר (זע די אָפּרופן וועגן איר אויף די שול=קאָנפערענצן אין דייטשלאַנד). אויף אונזערע אויגן איז זי אויסגעוואַקסן, און אירע דערגרייכונגען זיינען געמאַכט אין אַזעלכע קורצע פּעריאָדן ווי 5 — 10 יאָר. באמת — אַ אויסערגעוויינלעכע ערשיינונג, וואָס קען זיך

בלויז פאַרגלייכן מיט דעם ראַשן אויפבלי פון אַן אַנדער געביט פון יידישן קולטור=רענעסאַנס—דער יידישער ליטעראַטור.

איז דען אַ וואונדער, וואָס די יידישע שול=באַוועגונג האָט אַזוי באַהערשט אונזער גאַנץ מאָדערן קולטור=לעבן און אין איר צייכן גייט פאָר דער קאַמף פון דעם יידישן פאָלק אין אַלע ערטער פון זיין אַלטן ישוב? אלס אמתע רעוואָלוציע אין אונזער לעבן, האָט די יידישע שול קעגן זיך מעכטיקע קעגנער. קודם=כל דער פאַלשער מאַטעריאַליסטישער תכלית=קוק, וואָס פאַרבלענדט צו זען דעם אמתן ווערט פון דער יידישער שול אַפילו בנוגע דער פראַקטישער צוגרייטונג פון אירע חניכים אין לעבן. דווקא אין דער יידישער שול איז צום בעסטן באַוואָרנט די פולקומסטע אויסבילדונג פון קינד אלס קומענדיקער פראָדוקטיווער בירגער פון דער געזעלשאַפט. שוין אָפגערעדט פון דער נאַטורוויסנשאַפטלעכער אויסבילדונג, אויף וועלכן געביט די יידישע שול גיט די העכסטע רעזולטאַטן; אויך בנוגע דער פעולה אין די פרעמדע שפראַכן, דער לאַנדשפראַך אין דער ערשטער ריי, איז דווקא די יידישע מוטער=שפראַך אלס יסוד פון דער שול דער זיכערסטער און לייכטסטער וועג.

אין דעם זין איז כאַראקטעריסטיש, וואָס אפילו די פוילישע שול=מאַכט אין ווילנע האָט אָנערקענט, אז בנוגע דער קענטשאַפט פון פויליש זיינען די יידישע שולן הינטערשטעליק לגבי די פוילישע בלויז אויף איין יאָר. אָבער מ׳דאַרף דאָך נעמען אין אַכט, אַז אפילו דאָס יאָר הינטערשטעליקייט קען דערקלערט ווערן דערמיט, וואָס פויליש אין די יידישע שולן איז ערשט ניט לאַנג איינגעפירט געוואָרן, און צווייטנס דאָס, וואָס די פוילישע סביבה אין ווילנע איז פאַר די יידישע קינדער ניט פון דעם גראַד, וואָס די פרעמדע סביבה ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען.

די איבערראַשנדיקע ערפאָלגן פון דער יידישער שול האָבן געמאַכט אַ סוף צו די טענות, אַז יידיש איז צו ווייניק אַנטוויקלט צו זיין די שפראַך פון דער שול. אַפילו דער ענין פון אַ יידישן אוניווערסיטעט מיט דער יידישער אונטעררייכטס=שפראַך ווערט שוין אויך אפגעפרעגט מיט דעם דאָזיקן טעם. ס׳האָבן אויך אויפגעהערט אַלע אַנדערע לעכערלעכע טענות קעגן דער יידישער שפראַך. די לעבעדיקע שול=אַרבעט האָט זיי אָפגעמעקט. די פראַגע פון דער יידישער שול איז אין דער איצטיקער סטאַדיע א פאָליטישע כלפי חוץ און אַ קולטור=סאָציאַלע כלפי פנים. פונקט ווי ביי אלע פעלקער, שפילט זיך אויך ביי אונז דער שול=קאַמף אָפ אויף דער ליניע פון קאַמף צווישן רעאַקציע און פראָגרעס. ד נפקא=מינה איז נאָר, וואָס אונזערע היימישע רעאַקציאָנערן באַהאַלטן זייערע פאָלקס=פיינדלעכע נטיות הינטער דעם פייגנבלאַט פון דעם צו גאָר ניט פאַרפליכטנדיקן העבראַיזם.

אָבער מיט דעם נצחון פון דער יידישער דעמאָקראַטיע אויף דער יידישער גאַס וועט אויך בייגעקומען ווערן די דאָזיקע וויכטיקסקע שטערונג פאַר דעם אויפבוי פון א איינהייטלעכער יידישער שול פאַר דעם גאַנצן פאָלק.

אבער שוין ביי היינטיקן מאָמענט קען אונזער שול פאַרצייכענען אין איר אַקטיוו דעם פאַקט, וואָס קעגן איר וואַגן אַרויסצוטרעטן אָדער די

פינסטערסטע קלעריקאַלן אונזערע אָפענע אַסימילאַטאָרן. דער שול־פראָנט אונזערער ציט זיך איצט פון די סאָציאַליסטישע פאַראיינען דורך דער פאָלקס־פאַרטיי ביז צו די ראַדיקאַלע ריכטונגען פון דעם ציוניזם.

אויף דער פרעסע־קאָנפערענץ וועגן דער יידישער שול אין וואַרשע איז פון אַלע, אָן אויסנאַם, אָנטיילנעמער, אויך פון די ציוניסטן און צעירי־ציוניסטן, פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די איינציקע אונטעררי‍כט־שפּראַך אין דער יידישער שול מוז און דאַרף זיין יידיש. אין אַלעמענס רייד האָט געקלונגען די אָנערקענונג פאַר דער אַלגעמיינער גרויסער קולטורעלער און נאַציאָנאַלער באַדייטונג פון דער יידישער שול, און אַלע, ביי געוויסע טענות צו מאַנכע פונקטן פון דער שול־אַרבעט, האָבן זיך געאייניקט אויף דעם חוב פון דער יידישער פרעסע צו פירן אַ העפטיקע סיסטעמאַטישע אַגיטאַציע פאַר דער יידישער שול.

אַפילו דער הייסער קעמפער פאַר דער טראַדיציאָנעלער אָרטאָדאָקסישער יידישקייט, הלל צייטלין, אָנערקענט אויך, אַז „אַלץ מוז געלערנט ווערן אין דער יידישער שפּראַך... דורכדעם, וואָס דאָס יידישע קינד באַקומט זיין עלעמענטאַרע בילדונג ניט אין דער שפּראַך, אויף וועלכער עס ריידן און דענקען די מערהייט פון יידן, ווערט זיין נשמה צעשפּאָלטן, צעריסן אָדער זאָגאַר אינגאַנצן פאַרפרעמדט דעם פאָלק. ווי דער פּאָליאַק פאָדערט, אַז זיין קינד זאָל באַקומען אַלע נייטיקע ידיעות אין זיין שפּראַך, אין פּויליש, אַזוי דאַרף דער ייד אויך פאָדערן, אַז זיין קינד זאָל באַקומען אַלע נייטיקע ידיעות אין זיין שפּראַך, אין יידיש“.

דער קאַמף פאַר דער יידישער שול הייבט זיך אייגנטלעך ערשט איצטער אָן. אָן דער יידישער שול פאַרלירט די גאַנצע יידישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג איר וויכטיקסטן אָנהאַלט און אינהאַלט. מיט דער שול הייבן זיך אָן און מיט איר לאָזן זיך אויס אַלע אונזערע האָפענונגען אויף אַ באַנייאונג און דערהייבונג פון אונזער פאָלק.

אין דעם 5־טן יאָרטאָג פון צענטראַלן יידישן בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע דאַרף איבער דער גאַנצער וועלט הילכיק אָפּקלינגען דער רוף:

— בויט און שטאַרקט אונזער וויכטיקסטע פּאָזיציע — די נייע יידישע שול!

זלמן רייזען.

---

# צו דער געשיכטע פון דעם יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן אין ווילנע.

דער יידיש־וועלטלעכער שול־וועזן הייבט אָן מיט זיך, בלי ספק, אַ נייע תקופה אין דער געשיכטע פון דער יידישער פאָלקס־בילדונג.

דער אָנהויב פון דער יידישער שול־פּראָבלעם פאַלט צונויף מיטן אָנהייב פון דער השכלה־באַוועגונג; די פראַגע וועגן אַ נאָרמאַלער שול איז שטענדיק געשטאַנען אויפן סדר היום און האָט געהערט צו די אַקטועלסטע אָנגעווייטאָגטסטע פראַגן פון דער אינטעליגענטער יידישער געזעלשאַפט.

נאָך איידער מען האָט אָנגעהויבן דורכצופירן אין לעבן דעם באַוואוסטן שול־סטאַטוט פון 1844 יאָר פון דעם דאַמאָלדסדיקן בילדונגס־מיניסטער גראַף אוּוואַראָוו, האָבן שוין די ווילנער משכילים געגרינדעט געזעלשאַפטלעכע שולן (שואל פערל אין 1830 און י. ראָזענטאַל אין 1841).

די דאָזיקע געזעלשאַפטלעכע שולן, ווי אויך די מלוכהשע, וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט געעפנט ביי דער אַקטיווער הילף פון די יידישע משכילים, האָבן געהאַט איין צוועק—רוסיפיקאַציע. וועגן יידישער קולטור און יידישער שול האָט דאַן קיין רייד ניט געקאָנט זיין. ערשט צום סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט ווערן אריינגעצויגן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן ברייטערע יידישע פאָלקס־מאַסן, עס אַנטשטייט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג און צוזאַמען דערמיט איז אויפגעריכט געוואָרן די יידישע קולטור און אויפגעקומען די פראַגע וועגן אַ יידיש־וועלטלעכער שול.

ווי אַ מעכטיקער שטראָם האָט זיך פונאַנדערגעגאָסן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע האָט צעטרייסלט די יסודות פון דעם אַלטן יידישן געטאָ און מיט דער גרעסטער אַנטשלאָסנקייט געפירט דעם קאַמף פאַר נייע פאָרמען פון קולטורעלן לעבן. דער „בונד" האָט אַרויסגעשטעלט דעם לאָזונג פון אַ וועלטלעכער פאָלקס־שול, געפאָדערט, די למודים־שפּראַך אין דער שול זאָל זיין די מוטער־שפּראַך, און האָט אויף דעם 2־טן צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין 1902 יאָר דורכגעפירט די דאָזיקע פאָדערונג. נאָר באַזונדערס וויכטיק איז געווען אָנצווייזן דעם וועג, ווי אַזוי די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן זאָלן האָבן אַ מעגלעכקייט פריי צו אַנטוויקלען זייער קולטור, און דאָ האָט דער „בונד" אָנגעוויזן דעם אידעאַל פון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, וועלכע איז לכתחילה באַגעגנט געוואָרן מיט אַ קאַלטן סקעפּטיציזם, איז אָבער שפּעטער געוואָרן איינגעשלאָסן ווי אַ וויכטיקער פּונקט אין די פּראָגראַמען פון דעם רוב יידישע געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען. דעם קאַמף פאַר די נייע קולטור־אידעאַלן האָבן די יידישע אַרבעטער־גרופּירונגען געפירט מיט דעם

גרעסטן ברען, אויסנוצנדיק אַלע לעגאַלע מעגלעכקייטן — פאַרשיידענע געזעל־שאַפטלעכע צוזאַמענפאָרן, קולטור־חברות און באַזונדערס די גרעסטע און די וויכטיקסטע בילדונגס־געזעלשאַפט, די חברה „מפיצי השכלה". פון 1909 יאָר אָן האָט אויף די יערלעכע צוזאַמענפאָרן פון דער דאָזיקער חברה געקלונגען דער רוף פון די אַרבעטער־פאָרשטייער צו מאַכן אַ סוף צו דעם מיטלעלטערלעכן שימל און אָנהייבן אַ נייע קולטור־בויאונג אויף וועלטלעכע יסודות. די אויפבליִאונג פון דער נייער יידישער ליטעראַטור האָט געשאַפן דעם פונדאַמענט, אויף וועלכן מען האָט געקאָנט שוין בויען דעם יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן. דער באַ־וואוסטזיין פון דער באַזונדערער ראָלע, וועלכע די יידישע שפּראַך דאַרף שפּילן אין אונזער קולטור־רענעסאַנס, איז געקומען צום אויסדרוק אויף דער באַוואוסטער קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ אין יאָר 1908, וואו עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער קאַמף פאַר דער אָנערקענונג פון דער יידישער שפּראַך.

אין דעם דאָזיקן קולטור־רענעסאַנס האָט ווילנע פאַרנומען דעם בכבודיקסטן אָרט.

א.

פאַר די אָרעמע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג האָבן זינט די 60־טע יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט עקסיסטירט אין ווילנע 10 אַזוי־גערופענע „נאַראָדני אוטשילישצאַ" אָדער „שקאָלע גראַמאָטי". די צאָל לעקציעס איז געווען באַשטימט אַן ערך 15 שעה פאַר ייִנגלעך און 10 שעה פאַר מיידלעך; ייִנגלעך און מיידלעך האָבן זיך ניט געטאָרט לערנען אינאיינעם; דאָס איז געווען דאַן שטרענג פאַרבאָטן ביי יידן לויטן געזעץ פון 1844, פון די צייטן פון ניקאָלאַי דעם I. דעריבער פלעגן די למודים פאָרקומען אין צוויי אָפּטיילונגען (סמענעס). די דאָזיקע „פאָלקס־שולן" האָבן געטראָגן אַ בולט רוסיפיקאַטאָרישן כאַראַקטער. ניט אומזיסט האָט זיי די אָרטיקע רוסישע אַדמיניסטראַציע געהאַלטן פאַר אירע ליבלינגס־קינדער. דער טויף־פאָטער זייערע איז געווען דער באַרימטער דיקטאַ־טאָר און רוסיפיקאַטאָר פון ווילנער קאַנט מוראַוויאָוו... קיין שום עלעמענטאַרע בילדונג פון די שולן פלעגן די קינדער לחלוטין נישט אַרויסטראָגן, און ווען זיי פלעגן אין עטלעכע יאָר אַרום אַריינטרעטן אין די אָוונט־שולן, פלעגט מען מוזן אָנהייבן צו לערנען מיט זיי דעם רוסישן אַלף־בית פון אָנהויב אָן. מיט איין וואָרט, דאָס זיינען געווען „פאַבריקן פון אַנאַלפאַבעטן" אין פולן זין פון וואָרט. און דאָך האָבן זיך יידישע אָרעמע קינדער, ניט האָבנדיק וואו זיך צו לערנען, געשפּאַרט אין די דאָזיקע שולן. אין די „נאַראָדנע", ווי מען פלעגט זיי רופן פאַרקירצט, האָבן זיך געלערנט ביי 1400 קינדער, הויפּטזעכלעך מיידלעך; פאַר ייִנגלעך האָט אויסער זיי עקסיסטירט אַ העכערער טיפּ שול, די אַזוי־גערו־פענע אָנפאַנגס־שול („נאַטשאַלנאַיע אוטשילישצע"). דער קורס איז געווען אַ 7־יאָ־ריקער (מיטן צוגרייטונגס־קלאַס), די צאָל לערן־שעהן איז געווען אַ נאָרמאַלע, ביי 30 וועכנטלעכע שעהן. די הויפּט־ראָליע צווישן די למודים האָט געשפּילט ווידער אַמאָל די רוסישע שפּראַך. און אַזוי ווי אַלע למודים האָט מען געלערנט נאָר אין רוסיש און מען פלעגט זיך שטרענג אָפּהיטן ניט אַרויסצוברענגען

חס וחלילה אַ יידיש וואָרט, זייַנען אייגנטלעך אַלע שעהן, אַפילו די שעהן פון חומש און העברעאיש, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שעהן פון פּראַקטישע איבונגען אין דער רוסישער שפּראַך. ס'איז קיין חדוש ניט דעריבער, וואָס די שולן האָבּן קיין אַלגעמיינע בּילדונג ניט געגעבּן, און אויף וויפּיל זיי פלעגן פאַרפולקומען די קינדער נאָר אין רוסיש, האָבּן זיי געקאָנט האָבּן נאָר איין תּכלית — צוגרייטן זיי צו דעם יידישן קאַזיאָנעם לערער-אינסטיטוט. אַזוינע „אָנפאַנגס-שולן" האָבּן מיר געהאַט אין ווילנע 4 מיט אַ צאָל ייִנגלעך פון 600 בּיז 700, דאָס רוב פון די מיטעלע שיכטן פון דער יידישער בּאַפעלקערונג. פאַר מיידלעך פון די מער פאַרמעגלעכע שיכטן האָבּן עקסיסטירט 5 יידישע פּראָגימנאַזיעס מיט אַ 6-קלאַסיקן קורס. אייניקע פון זיי זייַנען פּעדאַגאָגיש געשטאַנען ניט שלעכט, ווי, למשל, די פּראָגימנאַזיע פון פּ. ר. מאַרקוסאָן, אָבּער אַזוי ווי זייער ציל איז געווען — צוצוגרייטן די שילערינס אין די גימנאַזיעס, זייַנען זיי אויפן געבּיט פון דער יידישער ערציאונג אויך ניט געווען קיין אויסנאַם. אין דעם פּרט זייַנען קיין אויסנאַם ניט געווען אַפילו די צוויי יידישע גימנאַזיעס: די מענער-גימנאַזיע פון פּ. א. כּהן און די פּריוועט-גימנאַזיע פון ס. מ. גורעוויטש און אַנטאָקאָלסקאַ. דאָס בּיסל העבּרעאיש און יידישע געשיכטע, וואָס מען האָט אייַנגעפירט, האָט ווייניק געבּיטן די אַלגעמיינע פיזיאָנאָמיע פון די דאָזיקע לערנאַנשטאַלטן.

אין די יאָרן פאַר דער מלחמה האָבּן זיך אין ווילנע פאַרמערט די אַזוי-גערופענע געזעלשאַפטלעכע חדרים און תּלמוד-תּורות. אַחוץ דער אַלטער שטאָטישער תּלמוד-תּורה, זייַנען צוגעקומען נייע תּלמוד-תּורות — „תּורת-אמת", „תּורת ישראל", „תּורה תּמימה", „תּורת חסד", „בּית יהודה" (אויף שניפּישאָק), „תּורת אָבות", לוקישקער תּלמוד-תּורה. אין די אַלע תּלמוד-תּורות האָט מען געלערנט אויסשליסלעך רעליגיעזע למודים און העבּרעאיש. קיין אַלגעמיינע למודים, אַפילו חשבּון, האָבּן ניט געפונען קיין אָרט אין דער פּראָגראַם פון די מאָדערניזירטע חדרים. איין אייַנציקער אויסנאַם איז געווען די שטאָטישע תּלמוד-תּורה, בּיי וועלכער ס'האָט עקסיסטירט אַ שול פאַר אַלגעמיינע למודים אויף רוסיש. אין דער געזעלשאַפט „תּורת אמת" האָט זיך ניט איין מאָל געשטעלט די פראַגע וועגן משתּדל זיין זיך בּיי דער שול-מאַכט, מען זאָל ערלויבּן אייַנצופירן אַלגעמיינע למודים, נאָר די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פלעגן דאָס דורכוואַרפן. די למודים האָט מען אָנגעטרויט מאָדערנע מלמדים, וועלכע האָבּן זיך געפונען און געפינען זיך נאָך עד-היום אונטער אַ שטרענגן קאָנטראָל פון די רבּנים, וואָס בּאַזוכן שטענדיק די לעקציעס. אויף וויפיל ס'איז אין די תּלמוד-תּורות שטאַרק די השפּעה פון די רבּנים, איז צו זען פון דעם סכסוך, וואָס איז דאַן אויסגעבּראָכן צווישן זיי און דער געזעלשאַפט „קינדער-פאַרזאָרגונג". די דאָזיקע געזעלשאַפט האָט געפּרובּט אייַנאָרדענען אַלע שבּת פאַר די קינדער פון די חדרים פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכע לעקציעס מיט צויבּער-בּילדער. דער ווילנער ראַבּינאַט האָט אין דעם אייַנגעזען אַ מוראדיקע „אַפּיקורסות". אונטערן אויסרייד, אַז מיטן אָנצינדן דעם צויבּער-לאַמטערן איז מען מחלל-שבּת — האָבּן זיי פאַרווערט די קינדער צו בּאַזוכן די לעצונגען. אָט איז די פּראָגראַם פון „תּורת אמת" פון פאַר דער

מלחמה: לייענען און שרייבן העברעאיש, תורה, רש"י, נביאים, גמרא, דקדוק, תרגום התפילות, יידישע געשיכטע. די איבעריקע תלמוד-תורות זיינען געווען אַ סך אָרעמער אין דער אויסערלעכער אויסשטאַטונג און זיינען מיט קיין זאַך ניט געשטאַנען העכער פון די חדרים פון אַלטן שניט. בסך-הכל האָבן זיך געלערנט אין זיי ביי 800 יינגלעך. דאָ דאַרף אָבער דערמאָנט ווערן, אַז די „קאַזיאָנע נאַראָדנע אוטשילישטשעס" האָבן געליטן שטאַרק פון אַ מאַנגל אין יינגלעך, מיט וועלכע ס'זיינען געווען געפּאַקט די תלמוד-תורות. דאָס דערקלערט זיך מיט צוויי סיבות: די „קאַזיאָנע" שול האָט לחלוטין ניט באַפרידיקט די עלטערן, בפרט, אַז קיין יידישע למודים, וועלכע זיי האַלטן באַזונדערס נייטיק פאַר יינגלעך, זיינען אין זיי ניט געווען. אויסער דעם פלעגן די תלמוד-תורות צוציען אַ סך אָרעמע קינדער מיט דער מאַטעריעלער הילף, וואָס זי פלעגט זיי אַרויסגעבן.

ב.

דער אַלגעמיינער מצב פון אונזער דאָמאָלסטיקן שול-וועזן האָט נישט געקאָנט באַפרידיקן די אויפריכטיק-דעמאָקראַטישע עלעמענטן פון דער יידישער געזעלשאַפט, וועלכע האָבן זיך קאָנצענטרירט אין די צוויי ווילנער בילדונגס-חברות: אין דער געזעלשאַפט „קינדער-פאַרזאָרגונג" און חברה „מפיצי השכלה". די געזעלש. „קינדער-פאַרזאָרגונג" האָט געטראָגן אַ מער פּראַקטישן כאַראַקטער: די פאַרוואַלטונג האָט אונטער דער אָנפירונג פון דר. ה. קאָוואַרסקי געאַרבעט זייער ענערגיש. איר הויפּט-ציל האָט זי געזען אין פּראָפּאַגאַנדע פון מאָדערנע פּעדאַגאָגישע אידעען. למשל, מען פירט אַן אויפקלערונגס-אַרבעט וועגן דער נייטיקייט פון אַ נאָרמאַלער פיזישער דערציאונג—און באַלד טאַקע ווערן געגרינדעט קורסן פאַר גימנאַסטיק. מען גרייט צו לערער פאַר גימנאַסטיק, וואָס ווערט אַריינגעפירט אין די שולן. דאָס איז דאַן געווען אַ נייס ביי אונז אין ווילנע. אָדער מען ווייזט אָן אויף דער נויטווענדיקייט אײַנצופירן אין דער שול האַנטאַרבעט, און תיכף ווערן אָרגאַניזירט קורסן פאַר האַנטערבעט: פאַר קלעפּן, אויסשניידן, פלעכטן א. אַ. וו. אויסער דעם אָרדנט זי איין לעזונגען פאַר קינדער סיי אין רוסיש, סיי אין יידיש, קינעמאָטעגראַפישע סעאַנסן; אָרגאַניזירט צוויי מוסטערהאַפטע קינדער-ביבליאָטעקן; אָרגאַניזירט שפּיל-פּלעצער, עקסקורסיעס; פּרובט אַריינדרינגען אין די פינסטערע תלמוד-תורות און חדרים; ערפילט אייניקע מעדיצינישע פונקציעס, ווי היילן קעפּלעך וכדומה — אַן אַרבעט, וואָס איז איצט אַריבער צו „אָזע"! ענדלעך עפנט זי אַ 4-קלאַסיקע מיידל-שול, געבויט אויף מאָדערנע פּעדאַגאָגישע יסודות, לעקציעס אין יידיש פאַר דערוואַקסענע, לעקציעס פאַר קינדער, פּרובן אַרויסצוגעבן קינדער-ליטעראַטור אין יידיש, — דאָס זיינען אַלץ סימנים פון אַ געוויסער סימפּאַטיע מצד דער געזעלשאַפט צו דער יידישער שפּראַך.

די ראָלע פון „מפיצי השכלה" איז שוין געווען אַ סך קאָמפּליצירטער און שווערער. דאָ גייט דער געזעלשאַפטלעכער קאַמף אַרום דער שול-פּראָגראַם; דאָ קאָנצענטרירן זייערע כוחות די ציוניסטן, וועלכע שטרעבן צו פאַרכאַפּן די ווילנער אָפּטיילונג. מען מוז אָבער געדענקען, אַז דער מאָדערנער העברעאיזם

דער אַזוי גערופענער וועלטלעכער „תרבותיזם“ איז נאָך דאַן אויף דער וועלט
ניט געווען. דער אידעאַל פון די ציוניסטן אין דאַן געווען—רעפאָרמירן דעם
חדר, מער נישט. דערביי האָבן אייניקע אונטער דער רעפאָרם פארשטאַנען
אַ ריין סאַניטאַר=היגיענישע רעפאָרם: אַן אויסגעלופטערטער צימער, שול=
פּארטעס אַנשטאָט לאַנגע בענק — און דאָס איז אַלץ. דער טראַדיציאָנעלער
מלמד מיט חומש מיט רש״י, אַפילו מיט דאַוונען, גמרא — דאָס אַלץ בלייבט
ווי געווען. די חברה האָט צונויפגעזאַמלט די אַלע עלעמענטן, וועלכע האָבן
שפּעטער געשאַפן דעם געזעלשאַפטלעכן באַזיס פאַר דער מאָדערנער ייִדיש=
וועלטלעכער שול. ביי דער „חברה מפיצי השכלה“ האָט אויך געאַרבעט אַ פּע=
דאַגאָגישע קאָמיסיע, וועלכע פלעגט פינאַנדעראַרבעטן פאַרשיידענע פּראָ=
גראַם=פּראַגן און אַ סך מיטגעהאָלפן דער אויפקלערונג פון די אָנגעווייי=
טאָגטעגלעכע פּראַגן, ווי, למשל, די שפּראַך=פּראַגע, די חדר=פּראַגע א. א. וו.
אויף אַלע השתדלותן פון קאָמיטעט צו עפענען אַ פאָלקסשול פאַר
ייִנגלעך, קורסן פאַר לערער, אַ אָוונטשול פאַר דערוואַקסענע פון אַ העכערן
טיפּ האָט די שול=מאַכט געגעבן איין ענטפער: „אייער חברה איז ניט קיין
בילדונגס=חברה, דאָס איז אַ פּאָליטישער קלוב, וואו ס׳קעמפן ציוניסטן מיט
בונדיסטן, — און זייט צופרידן, וואָס מיר שליסן ניט אײַנגאַנצן אייער געזעל=
שאַפט“. מען מוז מודה זיין, אַז אין דער דאָזיקער אָפּשאַצונג איז געלעגן
אַ סך אמת. וואָס מער די אַדמיניסטראַציע האָט באַגרעניצט די קולטורעל=
פּראַקטישע טעטיקייט פון דער חברה, האָט זי זיך אַלץ מער קאָנצענטרירט
אויף די ריין פּאָליטישע אויפגאַבן. זינט די חברה האָט אָנגעהויבן אייַנצואָרדע=
נען אין פּעטערבורג אירע יערלעכע באַראַטונגען, פלעגט זיך דאָרטן שטענדיק
הערן די שטימען פון די ווילנער ראַדיקאַלע דעלעגאַטן. אין „מפיצי השכלה“
האָבן דאַן גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל די אָנגעזעענסטע טוער פון בונד, ווי
ר. אַבראַמאָוויטש, ליבער, מ. ראַפּעס, און פון אַנדערע סאָציאַליסטישע פּראַקציעס,
ווי ש. ניגער, יעקב לעשצינסקי. אַלס דעלעגאַטן פון ווילנע האָבן זיי אָפט גע=
שפּילט די אָנפירנדיקע ראָלע. באַזונדערס דאַרף פאַרצייכנט ווערן, וואָס ווילנע
איז געווען די אייניציקע שטאָט, וועלכע האָט געשיקט אויף די צוזאַמענפאָרן פון
„מפיצי השכלה“ אַרבעטער, ווייל אין קיין שטאָט זיינען ניט אַריינגעצויגן
געוואָרן אין אונזער קולטור=קאַמף אַזוינע ברייטע שיכטן פון דער ייִדישער אַר=
בעטערשאַפט ווי אין ווילנע, און נאָר אָט דעם טיכטיקן אָנטייל פון ווילנער
אַרבעטערשאַפט האָבן מיר צו פאַרדאַנקען די רעזאָלוציע וועגן דער ייִדישער
אונטעררייכטס=שפּראַך, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין דעצעמבער 1913 יאָר.
צו פירן פּראַקטישע אַרבעט האָט מען באַדאַרפט וואַרטן אויף בעסערע צייטן.
די „גוטע“ צייטן האָט געבראַכט מיט זיך די שרעקלעכע וועלט=מלחמה פון 1914
און די דייטשע אָקופּאַציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין ווילנע אין אַ יאָר אַרום.

ג.

אין אויגוסט 1915 האָבן זיך די רוסישע מאַכט=אָרגאַנען עוואַקוּאירט פון
ווילנע, ס׳האָבן זיך עוואַקוּאירט אַלע ייִדישע קאַזיאָנע שולן, ד. ה. מען האָט

אַרויסגעפירט זייער פאַרמעגן, די קאַזיאָנע לערער זיינען אַוועקגעפאָרן, אפילו די לערער פון דער שטאָטישער תּלמוד=תּורה זיינען אָפּגעפאָרן, און אַזאַ גרויסע יתומים=אַנשטאַלט איז געבליבן אויף הפקר, די געזעלשאַפטלעכע שולן זיינען אַלע געבליבן אין שטאָט.

דער פּעטערבורגער קאָמיטעט פון „מפיצי=השׂכּלה" האָט די לעצטע חדשים פאַרשטאַרקט זיינע סובסידיעס און ערב דער עוואַקואַציע באַוויזן אַריבערצושיקן קיין ווילנע פאַר די בילדונגס=אַנשטאַלטן 10,000 רובל—די לעצטע סובסידיע. אָנפאַנג סעפּטעמבער 1915 האָבן די שטאָט פאַרנומען די דייטשן. דעם ערשטן האַלבן יאָר האָבן זיי זיך געהאַלטן גאַנץ לאָיאַל לגבי די שולן—און די „חברה מפיצי השׂכּלה" האָט דאָס אויסגענוצט אויפן בעסטן אופן. בכלל דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז צוזאַמען מיט דער רוסישער אַרמיי האָט פאַרלאָזן ווילנע אַ גרויסער טייל פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן פון דער יידישער געזעלשאַפט און פון דער אינטעליגענץ,—און פון די ביידע בילדונגס=חברות זיינען געבליבן נאָר היפּלעך טוער. אַזוי, למשל, ווען מען האָט געפּרובט רעסטאַווירן די געזעלשאַפט „קינדער=פאַרזאָרגונג", זיינען פון אירע אַמאָליקע עטלעכע הונדערט מיטגלידער געקומען אַ מאַן 18, און בלית ברירה האָט מען פון די 18 אויסגעקליבן אַ קאָמיטעט, שפּעטער זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן נייע מענטשן, און די געזעלשאַפט איז ווידער אויסגעוואַקסן. אין דער חברה „מפיצי השׂכּלה" איז געווען דאָס זעלבע; וועגן ווײלן אַ נייעם קאָמיטעט האָט קיין רייד ניט געקאָנט זיין. דעריבער האָבן די פאַרבליבענע מיטגלידער פון קאָמיטעט, דער פאָרזיצער ד"ר צ. שאַבאַד און דער מחבר פון די דאָזיקע שורות באַשלאָסן, צו קאָאָפּטירן נאָך עטלעכע טוער, כדי ניט צו פאַרלירן קיין צייט, און, אויסבויענדיק די נייטיקע אַנשטאַלטן, שטעלן די דייטשע מאַכט פאַר געשעענע פאַקטן. דאַן זיינען קאָאָפּטירט געוואָרן די ח"ח ה. אַבראַמאָוויטש, מ. שאַליט. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, ערשטנס, צו עפענען אַ פאָלקס=אוניווערסיטעט, צווייטנס—איבערנעמען די מיידל=שול, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך ד. קופּערשטיין, דריטנס גרינדן די ערשטע יידישע שול פאַר יינגלעך און פערטנס עפענען אַ קאָעדוקאַציע=(אַ געמישטע)=פאָלקס=שול אויף אַנטאָקאָליע.

פאַר מיידלעך זיינען געווען צוויי געזעלשאַפטלעכע שולן, פאַר יינגלעך איז קיין שול ניט געבליבן, דערפאַר איז די גרינדונג פון אַ יינגל=שול געווען ממש אַ ברענענדיקע גויטוועדיקייט. די לאַגע אויף דעם פאָרשטעטל אַנטאָקאָליע איז געווען ניט ווייניקער ערנסט; אויסער די פּוילישע און ליטווישע שולן, האָבן דאָרטן צו יענער צייט אויך די ווייסרוסן געעפנט אַ ווייסרוסישע פאָלקסשול, און אַזוי ווי די יידישע באַפעלקערונג האָט אירע שולן ניט געהאַט, האָבן אָנגעהויבן אַנטאָקאָלער יידישע קינדער באַזוכן די ווייסרוסישע שול. אַגב האָבן זיך די ווייסרוסן געווענדעט צו דער יידישער געזעלשאַפט מיט אַ פאָדערונג, מען זאָל זיי אַרויסגעבן אַ סובסידיע פון 150 רובל מאָנאַטלעך, פּראָפּאָרציאָנעל דער צאָל יידישע קינדער, וואָס לערנען זיך אין זייער שול. מען האָט געמוזט וואָס גיכער עפענען אויף אַנטאָקאָל אַ שול. כדי צו פאַראיינהייטלעכן די אַרבעט אין די דריי דערמאָנטע שולן, האָט דער קאָמיטעט באַפולמעכטיקט

די פעדאגאגישע קאמיסיע אויסצואַרבעטן די גרונד-יסודות פאַר אַ מאָדערנער יידיש-וועלטלעכער שול. דער פּראָיעקט איז אויסגעאַרבעט געוואָרן פון מחבר פון די דאָזיקע שורות.

אויפן סמך פון דעם דאָזיקן פּראָיעקט האָט דער קאָמיטעט אויסגעאַרבעט פאָלגנדיקן לערן-פּלאַן:

| געגנשטאַנדן | קלאַסן | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | I | II | III | IV | V | VI | VII | VIII |
| | עלטער | | | | | | | |
| | 6 | 7 | 8 | 9 | 10 | 11 | 12 | 13 |
| יידישע שפּראַך | [1]8 | 8 | 6 | 4 | 3 | 3 | 3 | 2 |
| העברעאיש | — | — | 6 | 4 | 3 | 3 | 3 | 3 |
| תנך | — | — | — | 2 | 4 | 4 | 4 | 4 |
| מלוכה-שפּראַך | — | — | — | 6 | 5 | 4 | 4 | 4 |
| אַריטמעטיק | 4 | 4 | 4 | 4 | 3 | 3 | [2]3 | [2]1 |
| געאָמעטריע און צייכענען | — | — | — | — | — | 3 | 3 | 3 |
| אַלגעמיינע געשיכטע | — | — | — | — | 2 | 2 | 2 | 3 |
| יידישע געשיכטע | — | — | — | — | 2 | 2 | 3 | 3 |
| געאָגראַפיע | — | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 |
| נאַטורוויסנשאַפט | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 | [3]2 | 4 |
| האַנטאַרבעט | 6 | 6 | 3 | 3 | 2 | 2 | 2 | 1 |
| מאָלן און קלעפּן | | | 2 | 1 | 1 | 1 | 1 | — |
| גימנאַסטיק, שפּילן מיט געזאַנג | 6 | 6 | 4 | 3 | 3 | 3 | 2 | 1 |
| געזאַנג | — | [4]1 | 1 | 1 | 1 | 1 | — | — |
| אָרטיקע שפּראַך | — | — | — | — | — | — | 2 | 4 |
| יידישע דעמאָגראַפיע | — | — | — | — | — | — | — | 1 |
| צוזאַמען | 24 | 24 | 28 | 32 | 33 | 35 | 36 | 36 |

שפּעטער איז די אַרבעט אין דער געזעלשאַפט מפיצי השכלה שטאַרק פאַרשוועכט געוואָרן, בפרט נאָכדעם, ווי די אַרבעטערשאַפט איז אַרויס פון דער געזעלשאַפט. ביסלעכווייז פאַרלירט די געזעלשאַפט איר פריערדיקע באַדייטונג.

1) לעזן, שרייבן און שמועסן, 2) מיט פּראַקטישער חשבון-פירונג און געוויסע ידיעות פון אַלגעברע, 3) אַנאַטאָמיע און פיזיאָלאָגיע פון מענטשן אין צוזאַמענהאַנג מיט היגיענע, 4) אויסער כאָר-געזאַנג.

אין דעם אויפבוי פון דער יידיש-וועלטלעכער שול האָט אַ גרויסע ראָל געשפּילט דער יידישער לערער-פאַראיין, וועלכער האָט פון אָנפאַנג אָן זיך געשטעלט, אויסער פּראָפעסיאָנעלע, אויך קולטורעלע אויפגאַבן.

דער לערער-פאַראיין גרינדעט קאָמיסיעס פאַר טערמינאָלאָגיע, פאַר לערנביכער און פּראָגראַמען. דערבײַ אַרבעטן אַלע לערער אומזיסט. אויף אַלע ווענדונגען אין די פאַרשיידענע קאָמיטעטן נאָך אַ סובסידיע באַקומט זיך אַן אָפּזאָג.—דאָס האָט אָבער ניט אָפּגעהאַלטן די לערער פון זייער ווייטערדיקער פּרוכטבאַרער אַרבעט: לאַנגזאַם, טריט בײַ טריט שאַפן זיך די לערנביכער. אויך דעם קאָמיטעט פון מפיצי השכלה גיט זיך איין אַרויסצוגעבן עטלעכע ביכעלעך, די אַזוי גערופענע רויכל קינדער-ביבליאָטעק.

דער יידישער לערער-פאַראיין גרינדעט האַלב-יאָריקע פּעדאַגאָגישע קורסן, וועלכע גייען דורך מיט אַ גרויסן ערפאָלג.

די ערשטע פּעדאַגאָגישע קורס פון ווילנער יידישן לערער-פאַראיין. (מאַי—דעצעמבער 1916).

| | די לימודים | די פּרעלעגענטן |
|---|---|---|
| 1 | יידישע שפּראַך . . . . . . | ז. רייזען |
| 2 | ייד. ליטעראַטור . . . . . | מ. שאַליט |
| 3 | די געשיכטע פון יידן אָנהויבנדיק פון דער השכלה-עפּאָכע ביז דער לעצטער צייט . | ג. פּלודערמאַכער |
| 4 | פּעדאַגאָגיק . . . . . . | י. מיצקון |
| 5 | שול-היגיענע . . . . . . | מ. שור |
| 6 | דידאַקטיק . . . . . . . | „ „ |
| 7 | מעטאָדיק פון נאַטורוויסנשאַפט און געאָגראַפיע | ה. כאַצקעלס |
| 8 | מעטאָדיק פון אַריטמעטיק . . . . | י. גורעוויטש |
| 9 | מעטאָדיק פון געשיכטע . . . . | א. היילפּערין |
| 10 | יידישע לערנביכער (דערבײַ איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אויסשטעלונג פון ביכער יידישע און העברעאישע) . . . . . | ש. באַסטאָמסקי |
| 11 | מעטאָדיק פון גראַמאַטיק און האַנטאַרבעט . | ר. ריינעס |
| 12 | צייכענען . . . . . . . | מ. לייבאָווסקי |
| 13 | גימנאַסטיק . . . . . . | מאַזאָ |
| 14 | מעטאָדיק פון געזאַנג . . . . | קודאַנאָווסקי |
| 15 | העברעאישע לערן-ביכער. . . . | ל. טורבאָוויטש |

די קורסן האָבן געענדיקט 50 צוהערער.

די דאָזיקע קורסן האָבן צוגעגרייט אַ גוטן קאָנטינגענט לערער פאַר דער נעץ פון די יידישע שולן, וואָס האָט זיך שטאַרק פאַרברייטערט.

די קינדער היימען, וועלכע זיינען לכתחילה געגרינדעט געווען פאַר די קינדער פון די אַנטרונענע, האָבן אָנגעהויבן אַרייננעמען קינדער פון פאַראָרימטע ווילנער יידן. אויסער דערנערונג, האָט מען מיט די קינדער געמוזט פאַרברענגען, מען האָט זיי באַדאַרפט לערנען. אַזוי אַרום זיינען ביסלעכווייז ביי די קינדערהיימען געגרינדעט געוואָרן שולן. די דאָזיקע שולן-קינדערהיימען האָבן זיך געפונען אונטער דער אָנפירונג פון דער געז. „קינדער-פאַרזאָרגונג", וועלכע איז פאַקטיש באַשטאַנען מער ניט פון איין גרויסן קאָמיטעט. לויט דער טראַדיציע איז געבליבן אונטער דער „קינדער-פאַרזאָרגונג" אויך די אויבנדערמאָנטע שול אויף באַקשט 4, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו פאַריידישן. אַזוי אַרום האָבן מיר פאַרמאָגט אין 1916 יאָר אַ שול-נעץ פון 6 יידיש-וועלטלעכע פאָלקסשולן און איין אָוונט-שול. די שולן זיינען געווען געפּאַקט. זייער פּאָפּולאַריטעט ביי דער באַפעלקערונג איז געוואַקסן. אין די תלמוד-תורות איז געוואָרן לייִדיקלעך. דאָס האָט געווירקט אויף אונזערע קלעריקאַל-געשטימטע פילאַנטראָפּן, און זיי האָבן באַשלאָסן אַריינצופירן אין דער פּראָגראַם אויך די „למודי-חול"—מיט דעם נאָמען האָבן זיי באַצייכנט די למודים פון חשבון, נאַטור, געאָגראַפיע, וועלכע זיי האָבן צוגעגעבן אין זייער אַ מינימאַלער כאָז צו די הויפּט-למודים, וואָס זיי האָבן גערופן „למודי קודש". דאָ האָט אויך געווירקט די צופּאַסונג צו די פאָדערונגען פון דער דייטשער מאַכט, וועלכע האָט זיך געקליבן צוצומאַכן די אַלטע חדרים, אויב זיי וועלן ניט איינפירן די דייטשע שפּראַך און די אַלגעמיינע עלעמענטאַרע געגנשטאַנדן, ווי חשבון און אַז. וו. דאַן זיינען די חדרים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין די אַזוי גערופענע „חדר-שולן", און קעגן זייער אייגענעם ווילן האָבן די תלמוד-תורות געמוזט דורכמאַכן אַזאַ ראַדיקאַלע רעפאָרם, וועגן וועלכער זיי האָבן אין די פריערדיקע יאָרן גאָר ניט געוואָלט הערן.

ד.

די האָניק-חדשים פון דער דייטשער אָקופּאַציע זיינען אין גיכן פאַרבייגעגאַנגען. אין מערץ חודש 1916 ווערט געגרינדעט ביי דער שול-מאַכט אַ שול-ביראַט פון פאָרשטייער פון אַלע היגע נאַציאָנאַליטעטן, לויט שטאַנדן-פּרינציפּ: איינער פון די גייסטלעכע, איינער פון דער „געזעלשאַפט", איינער פון די לערער, פון דער יידישער באַפעלקערונג זיינען אַריין הרב רובינשטיין און ד"ר שאַבאַד. וועגן לערער איז פאָרגעקומען אַ שטיקל פּלוגתא. די לערערשאַפט האָט אַרויסגערוקט די קאַנדידאַטור פון פאָרזיצער פון פאַראיין ג. פּלודערמאַכער. די רבנים האָבן אָנגעהויבן קעגן דער קאַנדידאַטור אַ שאַרפע קאַמפּאַניע. מען האָט מודיע געווען אין קאָוונע, וואו ס'האָט זיך געפונען דער „אָבער-אָסט", די הויפּט-מאַכט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, אַז ווילנע קען ניט דערלאָזן, אַז אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט זאָל זיצן אין שול-ביראַט. הרב רובינשטיין האָט אַרויסגערוקט די קאַנדידאַטור פון אַ העברעאישן לערער יעוועליאָוויטש, די לערערשאַפט איז געווען קעגן דער דאָזיקער קאַנדידאַטור. סוף כל סוף האָט דער שול-ראַט איינגעלאַדן דעם ח' ישראל גורעוויטש (פאַרוואַלטער פון דער יינגל-שול „מפיצי

השכלה"). ווען יענער האָט זיך געפּרובט אָפּזאָגן, האָט מען אים געדראָט מיט תּפיסה, און ער האָט געמוזט גיין אין ביראַט.

אַ געוויסע צייט האָט מען געהאָפט, אַז אין שול-ביראַט וועט זיך איינגעבן וואָס ניט איז אויפצוטאָן פאַר די שולן: אָפּהיטן פון גזירות און רדיפות, אויספועלן אַ סובסידיע; דאָס זיינען אָבער אַלץ געווען פוסטע האָפענונגען. דער ווילנער שול-וועזן איז באמת געווען פאַר די דייטשן אַ האַרטער ביסן. פון אָנפאַנג האָט זיך די דייטשע שול-מאַכט באַצויגן צו די שולן גאַנץ טאָלעראַנט. זיי האָבן זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז זיי וועלן געפינען אין ווילנע גוט איינגעאָרדנטע, פּעדאַגאָגיש-ראַציאָנעל אויפגעשטעלטע שולן. די דייטשן האָבן זיך פאָרגעשטעלט די באַפעלקערונג פון דעם אָקופּירטן געביט, און די „אָסט-יודן" בתוכם, ווי עפּעס האַלב-ווילדע שבטים,—דערפאַר געפינען מיר אין זייערע תקנות אַזעלכע קליינלעכע אָנווייזונגען, אַז אין שול דאַרף זיך געפינען אַ רעכן-מאַשין, אַ גלאָבוס, אַ קאַרטע פון אייראָפּע א. אז. וו. זיי האָבן אויך ניט ערוואַרט, אַז זיי וועלן זיך באַגעגענען אין ווילנע מיט לערער, וועלכע זיינען טעאָרעטיש גוט צוגעגרייט צו זייער פּעדאַגאָגישער אַרבעט און האָבן נאָך דערצו אַ באַדייטנדיקע ערפאַרונג. דערפאַר האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט פון זייער פּלאַן איינצואָרדנען פּעדאַגאָגישע קאָנפערענצן און שמועסן מיט די יידישע לערער, ווי אויך מיט די לערער פון די איבעריקע נאַציאָנען. אַזוי אַרום זיינען די שולן געבליבן פולקום אַוטאָנאָם. ווען ס'זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן די באַרימטע הינדענבורגס ריכטליניען וועגן דעם שול-וועזן אין „Ob-Ost" (מיליטערישע ראשי תבות פאַרן אָקופּירטן ליטווישן געביט), האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויף די יידישע שולן איין גזירה נאָך דער צווייטער. אמת, די ריכטליניען פון גענעראַליסימוס הינדענבורג אָנערקענען ביי יידן פאַר די מוטער-שפּראַך די יידישע שפּראַך, אָבער די דייטשע שפּראַך האָט מען געמוזט איינפירן תּיכּף און דווקא פון ערשטן לערניאָר אָן. דאָס האָט אויפגערודערט די אָרטיקע געזעלשאַפט; דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ האַרטנעקיגער קאַמף קעגן די גערמאַניזאַטאָרישע שטרעבונגען פון די אָקופּאַנטן. צוליב דעם צוועק האָבן די יידישע לערער גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צונויפצורײדן זיך מיט די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן; ט'איז געשאַפן געוואָרן אַ אינטערנאַציאָנאַלע אינפאָרמאַציע-ביוראָ, וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו רעגולירן די אַרויסטרעטונגען פון די אָרטיקע נאַציאָנאַלע שול-אָרגאַניזאַציעס, זיי זאָלן פאָרקומען אין איין צייט און ווי מעגלעך מיט איינהייטלעכע מאָטיווירונגען. די דייטשן האָבן זייער באַשווערט דעם יידישן שול-וועזן מיט זייערע פאָדערונגען אָנצוהויבן דייטש פון די ערשטע לערן-יאָרן.

אין אונזערע פאָלקסשולן האָט מען געלערנט 4 שפּראַכן: יידיש, העברעאיש, דייטש, רוסיש; זעלבסטפאַרשטענדלעך, איז דאָס געגאַנגען אויפן חשבון פון אַנדערע לימודים, דער לערנפּלאַן איז פאַרקריפּלט געוואָרן. אגב האָט מען רוסיש אַ געוויסע צייט געלערנט אומלעגאַל; מען פלעגט זיך דאַרפן היטן פון רעוויזיעס, ווייל די שול-מאַכט פלעגט אָפט שיקן אירע אַגענטן זוכן ביי די קינדער רוסישע לערנביכער, און זיי פלעגן זיך ניט שעמען אָפּצושטעלן די קינדער אויף דער גאַס און מאַכן ביי זיי אַ אונטערזוכונג.

די צווייטע גזרה איז געווען וועגן זונטאָג; די שול-מאַכט האָט געפאָדערט, אַז זונטאָג זאָלן אין די יידישע שולן קיין אַלגעמיינע לימודים ניט געלערנט ווערן, כּדי זונטאָג זאָל ווערן אַ מין צוואַנגס-רו-טאָג. זיי ערלויבן אָבער, מען זאָל דעם גאַנצן טאָג אָפּגעבן פאַר רעליגיעזע לימודים און געזאַנג. דאָ האָבן די יידישע שולן אויך ניט נאָכגעגעבן, אָנווייזנדיק, אַז דאָס באַטייט פּאַקטיש, אַז מען בינדט אונז אָן נאָר 5 אַרבעטסטעג אין וואָך, אין וועלכע מען קען ניט דורכפירן קיין נאָרמאַלן שעהן-פּלאַן.

בנוגע צו העברעאיש אַלס אונטערריכטס-שפּראַך איז די באַציאונג פון דער דייטשער מאַכט געווען אַ נעגאַטיווע. די העברעאיסטישע שולן פלעגן מוזן אָנגעבן אָפּיציעל פאַר זייער אונטערריכטס-שפּראַך די יידישע שפּראַך און פלעגן, פאַרשטענדלעך, מוזן גיין האַנט ביי האַנט מיט די יידישע שולן אין קאַמף קעגן דער גערמאַניזירונג. יידיש אַלס אַ שילד האָט אויסגענוצט נאָך אַ מין טיפּ שולן, די אַזוי גערופענע פּריוואַטע גרופּעס-גימנאַזיעס, וועלכע פלעגן פּאַקטיש לערנען אין דער רוסישער שפּראַך לויט דער אַלטער מלוכה-פּראָגראַם פון די רוסישע קאַזיאָנע גימנאַזיעס. די דייטשן האָבן געוואוסט גאַנץ גוט, וואָס פאַר אַ צעפּוילטע אַנשטאַלטן דאָס זיינען, זיי האָבן געוואוסט, אַז זיי וועלן סוף כּל סוף אַריבערגיין פון רוסיש צו דייטש, און קיין קאַמף וועלן זיי ניט פירן; האָט מען זיי טאָלערירט ביז אַ געוויסער צייט. די פאָלקסשולן זיינען אָבער געווען שטענדיק אין חשד, און אָט האָבן באַשלאָסן די דייטשע שול-מנהיגים צו מאַכן אַן ענדגילטיקן אַטענטאַט אויף די יידישע פאָלקסשולן, ווי אויך אויף די פאָלקסשולן פון די אַנדערע אָרטיקע נאַציאָנאַליטעטן. אַלס אַ „כּשרן" מיטל האָבן זיי געוואָלט אויסנוצן די פלעק-טיפוס-עפּידעמיע, וועלכע האָט געהערשט אין שטאָט אין יענער שרעקלעכער הונגער-צייט. די שול-מאַכט האָט, פאַרשטענדלעך, געהאַט דאָס פולע רעכט צו פאָדערן פון די שולן, מען זאָל פירן די קינדער אין באָד, מען זאָל יעדן טאָג צושטעלן אין שול-ראַט וועגן די פאַלן פון קראַנק-ווערן; פון דער אַנדערער זייט פלעגט דער שול-ראַט יעדן טאָג פונאַנדערשיקן אין אַלע שולן אינפאָרמאַציעס וועגן דער צאָל טיפוס-קראַנקע לויט די גאַסן, כּדי מען זאָל די קינדער פון די געפערלעכע גאַסן ניט אַריינלאָזן אין שול, אויס מורא פאַר אַן אָנשטעקונג. שפּעטער אָבער האָט מען באַשלאָסן צוצומאַכן אייניקע שולן, ווי למשל די יינגל-שול פון „מפיצי השכלה" אויף אָסטראָבראָם 26, ווייל די גאַס מיט ליפּובקע צוזאַמען האָט געגעבן אַ גרויסע צאָל קראַנקע. דאַן אָרדנט מען איין די קינדער, זיי זאָלן לערנען אין דער גרויסער קיך, וועלכע איז געווען ביי דער מיידל-שול אויף קאָננע 4. דער אינספּעקטאָר פלעגט אַפילו באַזוכן די שול-קיך אויך. ווען ער פלעגט קומען, פלעגן די קינדער תּיכּף אָנהייבן צו עסן. אַ ספּעציעלער פּאַטרול פון לערער איז געשטאַנען אויף דער וואַך אויף דער גאַס, כּדי צו סיגנאַליזירן וואָס צו טאָן. און לסוף איז אַרויס אַ באַפעל פאַר אַלע פאָלקסשולן און אָוונטשולן איבער-צורייסן די לימודים אויף אַ האַלב יאָר צייט (די גימנאַזיעס-גרופּעס האָבן זיך גאַנץ רואיק געלערנט — די דייטשן האָבן דערקלערט, אַז דאָרטן לערנען זיך קינדער פון פאַרמעגלעכע עלטערן, איז די סכנה פון דער עפּידעמיע ניט אַזוי

גרויס). די פאָלקסשולן און די אָוונטשול האָבן באַשלאָסן ניט אויפצוהערן צו לערנען, דאַן האָט די שול=מאַכט פאַראָרדנט מיט גוואַלט פונאַנדערצוטרייבן די קינדער און אַרעסטירן אַלע פאַרוואַלטערס. שפּעטער האָט זיך די מאַכט געכאַפּט, אַז זי איז פאַרקראָכן צו ווייט און האָט געוואָלט אָפּשוואַכן דעם רושם, וואָס דאָס וואָלט געקאָנט מאַכן אין אויסלאַנד, האָט זי פאַרגעלייגט, מען זאָל אָנשטאָט תּפיסה באַצאָלן שטראָף. נאָך אַ געמיינזאַמער באַראַטונג פון יידישע און פּוילישע כּלל=טוער און לערער א'ז באַשלאָסן געוואָרן ניט צו גיין אויף קיינע הנחות און גיין אין תּפיסה. 10 טעג זיינען די לערער געזעסן אין תּפיסה, און די שול=מאַכט האָט געמוזט ערלויבן צו לערנען אין די פאָלקסשולן. פאַרשטענדלעך, אַז אינגאַנצן האָט זי זיך ניט געקאָנט באַרויקן. מען האָט אָנגעהויבן חוקר ודורש צו זיין, ווי אַזוי האָבן זיך דאָס אַלע נאַציאָנאַליטעטן צונויפגערעדט, ווער האָט דאָס אָרגאַניזירט, וואו זיינען פאָרגעקומען די געמיינזאַמע זיצונגען. שפּעטער האָט זיך די מאַכט דערוואוסט, אַז די אָוונטשולן האָבן אויך ניט געפאָלגט, האָבן זיי לאחר המעשה געוואָלט אַרעסטירן דעם פאַרוואַלטער, נאָר זיי האָבן זיך באַגרעניצט מיט אַן אָפיציעלן שטרענגען אויסרייד.

מען דאַרף אָבער מודה זיין, אַז אין אַלגעמיין איז דער נצחון געווען ניט קיין פולשטענדיקער, ווייל די דייטשן האָבן מאַטעריעל די שולן לחלוטין ניט געשטיצט. די מאַטעריעלע לאַגע איז געווען זייער און זייער אַ ביטערע.

ה.

צו יענער צייט האָבן די שולן פאַרלאָרן כּמעט אַלע מקורים פון זייערע הכנסות: די „קאָראָבקע" (פלי"ש=אָפּצאָל) האָט זיך ליקווידירט, דער ליכט=אָפּצאָל איז שוין פריער בטל געוואָרן; פון דער שטאָט=פאַרוואַלטונג האָט מען ניט געפאָדערט, ווייל זי איז אַריבער צו די דייטשן, די „חברה מפיצי השכּלה" (דער פּעטערבורגער און מאָסקעווער קאָמיטעטן) איז געווען אָפּגעטיילט מיטן מלחמה=פראָנט. די שולן, וועלכע האָבן געהאַט אַ שטענדיקן שכר=לימוד, ווי, למשל, די שול אויף באַקשטאַ 4, האָט זיך נעמוזט אָפּזאָגן פון אים, — אַזוי איז פאַראָרימט געוואָרן די יידישע באַפעלקערונג, אַז אפילו דער מיטל=שטאַנד האָט פאַרלאָרן דעם באָדן אונטער זיך, און לא די. וואָס מען האָט פון די קינדער ניט געקאָנט מאָנען שכר=לימוד, מען האָט באַדאַרפט איינאָרדענען פאַר זיי קיכן, באַזאָרגן מיט קליידונג און שיך. פאַר די לערער האָט קיין אַרבעט ניט אויסגעפעלט. מען האָט אויסער אַלץ געמוזט שאַפן געלט=מיטלען; מען האָט זיך גענומען איינצואָרדענען קאָנצערטן און פאָרשטעלונגען. אויסערדעם אָרדנט מען איין לאָטערייעס. איין אַלגעמיינע לאָטערייע פאַר אַלע קינדער=אַנשטאַלטן אָרדנט איין דער פאָרזיצער פון פאַרזאָרגונגס=קאָמיטעט ביי דער מיידל=שול ב. היילפערן.

און די געזעלשאַפט? וואָס האָט די קהילה געטאָן פאַר די טויזנטער פאַרעלנטע קינדער? קיין אמתע קהילה האָבן מיר נאָך דאַן ניט געהאַט; דער הילפס=קאָמיטעט, וועלכער איז געקליבן געוואָרן אויף דעמאָקראַטישע יסודות, און אויך וועלכן מען האָט געלייגט האָפענונגען, אַז ער וועט זיך פאַרוואַנדלען

אין אַ קהילה, איז צעפאַלן געוואָרן, אַ דאַנק די באַמיאונגען פון דער דייטשער מאַכט. מיט דער הילף פון דעם פעלד=אָבער=ראַבינער ה׳ לעווי איז געגרינדעט געוואָרן אַ צענטראַל=קאָמיטעט פון פאָרשטייער פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס; שוין ניט ריידענדיק וועגן דעם עצם פּרינציפּ, אויף וועלכן ער איז געבויט געוואָרן, דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז על פּי רוב איז ער באַשטאַנען פון רבנים און אָרטאָדאָקסן, פון דער יידישער דעמאָקראַטישער גרופּע איז געווען ד״ר צ. שאַבאַד און פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען — יוסף איזביצקי (מיכאַלעוויטש). וועגן שאַפן אייגענע געלט=מיטלען האָט דער צ. ק. גופא ניט געקלערט, ער פלעגט נאָר צעטיילן די מיטלען, וועלכע ער פלעגט באַקומען דורכן דייטשן הילפס=פאַראיין. די מיטלען פאַר די שולן האָט מען באַדאַרפט אַרויסרייסן פון צענטראַל=קאָמיטעט מיט גוואַלד, מיט סקאַנדאַלן. ווען אין צ. ק. האָט זיך באַהאַנדלט די פראַגע וועגן סובסידיעס פאַר די שולן פון „מפיצי השכלה”, האָבן צוויי מיטגלידער זיינע, וואָס זיינען געווען צו דער זעלבער צייט מיטגלידער פון „מפיצי השכלה” (ש. ראָזענבוים און ה. ראַכמילעוויטש) געשטימט קעגן דער סובסידירונג. ה. ראָזענביים האָט זיך שפּעטער פאַרענטפערט, אַז מיר לעבן איבער אַ צייט פון „קאַרטאָפעל=פּסיכאָלאָגיע”, וועלכע ווייס ניט פון קיין בילדונגס=פראַגן און פון קולטור=פראַגן. דער יידישער לערער=פאַראיין און אַ טייל דעמאָקראַטישע אינטעליגענץ, וועלכע האָט זיך גרופּירט אַרום דעם „יידישן קולטור=פאַראיין”, האָבן אָנגעהויבן אַטאַקירן דעם אָליגאַרכיש=קלעריקאַלן צ. ק. און האָבן אָנגעהויבן פירן אַ קאַמפּאַניע פאַר אַ דעמאָקראַטיש=געוויילטער קהילה. דאָס האָט געצוואונגען דעם צ. ק. צו גיין אויף הנחות און אַריינגעמען אַ גרופּע פאָרשטייער פון די דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס (דאָן איז אַריין אַ פאָרשטייער פון האַנטווערקער=פאַראיין און פון לערער=פאַראיין). צו די פאָדערונגען פון דער לערערשאַפט האָט מען זיך אָנגעהויבן מער צוצוהערן; דער יידישער לערער=פאַראיין האָט ניט אויפגעהערט צו פירן דעם אַנטשלאָסענעם קאַמף פאַר דער יידישער וועלטלעכער שול, וועלכער ס׳האָט געדראָט אַ נייע סכנה מצד די פראַנקפורטער אָרטאָדאָקסן פון קאַרלבאַכס שיטה. די דאָזיקע דייטשע קולטור=טוער האָבן געוואָלט מזכה זיין ווילנע מיט אַ נייעם טיפּ שול — אַ גימנאַזיע מיט דער דייטשער אונטערריכטס=שפּראַך און מיט אַ העלפט פון דער אַלגעמיינער צאָל שעהן אויף רעליגיעזע לימודים — אַ מין געמיש פון אַ גימנאַזיע מיט אַ ישיבה. אַזאַ שול האָט מען שוין געגרינדעט אין קאָוונע; איצט איז געקומען די ריי פאַר ווילנע. אויך דער דאָזיקער אַטענטאַט איז אָפּגעשלאָגן געוואָרן. די יידישע דעמאָקראַטיע האָט זיך אָבער איבערצייגט, אַז זי קען לחלוטין ניט זיין זיכער מיט דער וועלטלעכער שול=בויאונג, כל זמן מיר וועלן ראשית ניט באַקעמפן די רעאַקציאָנערע עלעמענטן אין דער געזעלשאַפט „מפיצי השכלה” און, צווייטנס, כל זמן ס׳וועט ניט באַשאַפן ווערן דער אָרגאַן פון דער נאַציאָנאַל=קולטורעלע אַוטאָנאָמיע, די דעמאָקראַטישע וועלטלעכע קהילה. די יידישע שול=טוער האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דעם דאָזיקן קאַמף, און אויף ביידע פראָנטן האָבן זיי זיך דערשלאָגן צו גרויסע נצחונות.

ו.

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָבן אין דער חברה „מפיצי השכלה" באַקומען די אויבערהאַנט ציוניסטן מיט אָרטאָדאָקסן. זיי האָבן זיך פאַרקליבן אין דער געזעלשאַפט, ניט כדי דורכצופירן זייערע אייגענע שול־פּלענער, נאָר מיט דעם אייציקן ציל צו צעשטערן דאָס, וואָס דעם ראַדיקאַל־יידישיסטישן פליגל האָט זיך איינגעגעבן אויפצובויען. נאָך די מפּלות, וואָס די ציוניסטן האָבן געליטן אויף די אָרטיקע באַראַטונגען, וועלכע האָבן אויך גורם געווען צו זייער גרויסער מפּלה אויף דעם פּעטערבורגער צוזאַמענפאָר אין 1913, האָבן זיי זיך לאַנג ניט געקאָנט באַרואיקן. רעוואַנש — דאָס איז געווען זייער אייציקער פאַרלאַנג. אין די שרעקלעכע טעג פון קאָוונער גירוש, ווען די גאַנצע יידישע ווילנע איז געווען פאַרנומען מיט געבן הילף די אומ־גליקלעכע היימלאָזע, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן, האָבן די ציונים אָרגאַניזירט וואַל־פאַרזאַמלונגען, כדי צו קלייבן אַ נייעם קאָמיטעט. דער ראַדיקאַלער פליגל האָט די פאַרזאַמלונגען בכיוון באָיקאָטירט. אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָבן זיי ווידער אָנגעהויבן צו פאָדערן וואַלן, דורכזיפנדיק די מיטגלידער, באַזונדערס פון די אַרבעטער־שיכטן. זיי גיט זיך אײַן ווידער צו באַקומען אַ מערהייט. פון דער צווייטער זייט איז די ווילנער אַרבעטערשאַפט אָפּגעשוואַכט געוואָרן צוליב דער סיסטעם פון צוואַנגס־אַרבעט, פון וועלכער זיי האָבן מער פון אַלע געליטן, ווי אויך מחמת דער גרויסער אַרבעטסלאָזיקייט, וועלכע האָט פאַרטריבן הונדערטער ווילנער יידישע אַרבעטער אין די קוילן־גרובן פון דייטשלאַנד. אין דער געזעלשאַפט „מפיצי השכלה" וואָלטן קיין ראַדיקאַלע עלעמענטן גאָר ניט געבליבן, ווען מען וואָלט זיך ניט געהאַלטן פאַרן אַלטן סטאַטוט, לויט וועלכן די מיטגלידער פון קאָמיטעט בייטן זיך ניט אַלע מיט אַ מאָל, נאָר צו צוויי. אַ דאַנק דעם זיינען געבליבן נאָר צוויי מיטגלידער פון לינקן פליגל: דער פאָרזיצער ד"ר צ. שאַבאַד און ג. פּלו־דערמאַכער. די אָרגאַניזירטע ייד. אַרבעטערשאַפט האָט באַשלאָסן צו באָיקאָטירן די געזעלשאַפט, אָבער, צום באַדויערן, האָט זי קיין אָרגאַניזאַציע אויף איר אָרט ניט געקאָנט נאָך דאַן באַשאַפן.

אין דער געזעלשאַפט אַליין האָט זיך אָבער געשאַפן אַן אָפּאָזיציע פון לערך אַ 100 מענשן. זיי האָבן געפירט ענערגיש דעם קאַמף קעגן דער רעאַקציאָ־נערער פאַרוואַלטונג. נישט איין שטורמישע פאַרזאַמלונג איז געווען געווידמעט דער מחלוקת.

סוף כל סוף איז אָבער די אָפּאָזיציע אַרויסגעטראָטן.

קיין נייע געזעלשאַפט האָט די אָפּאָזיציע ניט געוואָלט גרינדן. אין אַ קורצע צייט אַרום האָבן זיך די ציוניסטן געווענדעט צו דער אָפּאָזיציע און פאָר־געלייגט „פּראָפּאָרציאָנעלע" וואַלן. דערביי האָבן זיי פאַר זיך פאַרלאַנגט 7 ער־טער, אָפּגעבנדיק דער אָפּאָזיציע 5 ערטער. די אָפּאָזיציע איז דערויף מסכים געווען. דאַן זיינען אַריין אין קאָמיטעט: ד"ר צ. שאַבאַד, וועלכער איז געבליבן פאָרזיצער פאַר זיינע פאַרדינסטן, וועלכע זיינע קעגנער האָבן ניט געקאָנט פאַר־לייקענען, ד"ר א. אַלשוואַנגער, ז. רייזען, א. היילפּערן און ג. פלודערמאַכער.

די אַרבעט האָט אָנגענומען אַ מער זאַכלעכן כאַראַקטער. דער קאָמיטעט האָט זיך אָנגעהויבן מער אָפּגעבן מיט פּעדאַגאָגישע פּראַגן. דאַן איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דער פּראָיעקט פאַר איינדיאָריקע פּעדאַגאָגישע קורסן. די קורסן האָבן זיך געעפנט אין אויגוסט 1918 און האָבן זיך געפונען אונטער דער לייטונג פון ג. פּלודערמאַכער. צוליב די מהומות פון יענער צייט האָבן די פּעד. קורסן ניט געקאָנט נאָרמאַל פונקציאָנירן. די קורסן האָבן צוגעצויגן אַ גרויסן עולם סיי פון שטאָט, סיי פון דער פּראָווינץ, די צאָל צוהערער איז געווען ביי 150. די לעקטאָרן זיינען געווען: ד"ר אָלשוואַנגער פאַר געאָמעטריע, ז. רייזען—פאַר יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, ד"ר שאַבאַד—פיזיאָלאָגיע און היגיענע, ד"ר רעגענסבורג—אַנאַטאָמיע, ד"ר כאַזאַנאָווסקי—כעמיע, ש. ל. ציטראָן איז געווען איינגעלאַדן פאַר העברעאישער ליטעראַטור, ג. פּלודערמאַכער—יידישע געשיכטע, ה' מ. לייבאָווסקי—צייכענען. שפּעטער זיינען די דאָזיקע קורסן אַריבער אין רשות פון בילדונגס-קאָמיסאַריאַט.

די צווייטע אויפגאַבע, וועלכע ס'האָט זיך געשטעלט דער באַנייטער קאָמיטעט פון „מפיצי השכלה", איז געווען די גרינדונג פון אַ יידישער גימנאַזיע. אויסער דער גימנאַזיע האָבן זיך אין רשות פון „מפיצי השכלה" געפונען אויך טעכנישע קורסן, וועלכע זיינען שפּעטער אַריבער צו דער געז. „אָרט" און זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם ערשטן יידישן טעכניקום. מען מוז מודה זיין, אַז די „מפיצי השכלה" האָט זייער אַ באַדייטנדיקן אַקטיוו אין דער געשיכטע פון דער פאַרשפּרייטונג פון דער יידישער קולטור.

ז.

דער קאַמף פאַר אַ וועלטלעכע קהילה האָט זיך שוין אין ווילנע געפירט אין משך פון עטלעכע יאָר. די הויפּט-ראָלע אין דעם דאָזיקן קאַמף האָבן געשפּילט צוויי אָרגאַניזאַציעס: דער יידישער לערער-פאַראַבאַנד, וועלכער פלעגט אַרויסלאָזן ספּעציעלע אויפרופן וועגן דעם צו דער באַפעלקערונג און צו די לערער בפרט, און דער ווילנער קולטור-פאַראיין, וועלכער האָט זיך געגרינדעט נאָך דעם אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע (אָנהייב 1917) און האָט אַנטוויקלט אַ ברייטע פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, גרופּירנדיק אַרום זיך געוויסע דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע עלעמענטן פון דער יידישער געזעלשאַפט. די דייטשע מאַכטהאָבער האָבן אין הארבסט 1918 געפּרובט אַנטקעגן קומען דער יידישער באַפעלקערונג און האָבן פאַרגעלייגט... אַ קולטוס-געמיינדע, ד. ה. אַ רעליגיעזע קהילה. די יידישע דעמאָקראַטיע האָט אָפּגעוואָרפן דעם פּלאַן פון דער מאַכט, וואָס איז געווען אינספּירירט פון די פראַנקפורטער יהודים. אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט זיך געשאַפן אַ אָרגאַניזיר-קאָמיטעט, אין וועלכן ס'זיינען צווישן אַנדערע אַריין פאָרשטייער פון ייד. לערער-פאַראיין און פון די בילדונגס-חברות. אַ באַזונדערע התלהבות האָט די קאָמפּאַניע אַרויסגערופן ביי די לערער. די רעזולטאַטן פון די קהילה-וואַלן זיינען באמת געווען גאַנץ גינסטיקע: דער „בונד" אליין האָט דורכגעפירט 24 ראַטמענער פון 80; צוזאַמען מיט די פּועלי ציוניסטן, פאַראייניקטע און דע-

מאָקראַטן האָט זיך געבילדעט אַ לינקער פליגל פון 35 אויסגעשפּראָכענע אָנהענגער פון דער וועלטלעכער יידישער קולטור. ס'איז נאָך ניט געווען קלאָר, וואָס פאַר אַ ראָלע ס'וועלן שפּילן די האַנטווערקער, דאַן אַ גאַנץ אומבאַשטימטע צווישן=גרופּע... נאָך קוים האָט זיך די קהילה אָנגעהויבן צו קאָנסטרויִרן, האָבן די פּאָליטישע געשעענישן אָנגענומען אַ גאַנץ נייע, ניט פאָראויסגעזעענע ווענדונג. די דייטשן האָבן פאַרלאָזן די שטאָט, און נאָך עטלעכע טעג פון דער צייטווייליקער פּוילישער מאַכט האָבן די שטאָט פאַרנומען די באָלשעוויקעס. די לינקע פּאַרטייען, אויסער די דעמאָקראַטן, האָבן אָפּגערופן זייערע ראַטמענער פון דער קהילה.

די ראַטן=מאַכט האָט מיטגעבראַכט אין ווילנע אַ פּאַרטיקן פּלאַן פון איר בילדונגס=אַרבעט, אַ פּלאַן אינגאַנצן ניט קיין צוגעפּאַסטן צו די קאָמפּליצירטע אָרטיקע באַדינגונגען. דער אידעאַל פון דער ראַטן=מאַכט איז דאַן געווען אַן אַרבעטס=שול מיט אַ „אינטערנאַציאָנאַלער" אונטעררייכטס=שפּראַך, ד. ה. רוסיש. אירע ערשטער פּרובן צו שאַפן די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטס=שול האָבן געבראַכט גאַנץ גיך צו אַ פולשטענדיקן פיאַסקאָ: מען האָט צונויפגענומען אין איין שול יידישע, פּוילישע, ווייסרוסישע און ליטווישע קינדער, און מען האָט אָנגעהויבן מיט זיי צו לערנען אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער, ד. ה. פּשוט רוסישער שפּראַך. פאַרשטענדלעך, אַז די אַרבעט האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. נאָך 6 וואָכן מאַטערנישן האָט מען צונויפגערופן אַ באַראַטונג פון אינטערנאַציאָנאַלן לערער=ביוראָ כדי מישב צו זיין זיך, ווי צו ליקווידירן די „אינטערנאַציאָנאַלע" פאָלקס=שול. די עצה איז געווען זייער אַ פּשוטע: מען האָט באַדאַרפט אָפּשיקן די קינדער אין זייערע „נאַציאָנאַלע" שולן. נאָך דעם דאָזיקן דורכפאַל האָט מען זיך אָנגעהויבן מער צו רעכענען מיט דער מיינונג פון דער היגער לערערשאַפט, וועלכע איז לכתחילה אַרויסגעטראָטן קעגן די רוסיפיקאַטאָרישע פּרובן פון דער נייער מאַכט און האָט אויפגעוועקט קעגן זיך די חשדים אין „שאָוויניזם".

סוף כל סוף האָט זיך די מאַכט איבערצייגט, אַז אָן דער מיטאַרבעט פון דער אָרטיקער לערערשאַפט וועט זי גאָרניט קענען אויפטאָן, און זי האָט איינגעשטימט, אַז ביים בילדונגס=קאָמיסאַריאַט זאָל זיך בילדן אַ קאָלעגיע פון פאָרשטייער פון אַלע היגע נאַציאָנאַליטעטן. דאָס האָט פאַקטיש באַטייט די אָנערקענונג פון נאַציאָנאַלע סעקציעס; נאָר אָפיציעל האָט די ראַטן=מאַכט באַקעמפט דעם דאָזיקן פּרינציפּ.

דורך פאַרשיידענע פּשטלעך האָבן די טוער פון בילדונגס=קאָמיסאַריאַט געוואָלט דערווייזן, אַז גראָד אין ווילנע דאַרפן קיין נאַצ. סעקציעס ניט זיין, ווייל... דאָ זיינען כלומרשט ניטאָ קיין מינדערהייטן: אין שטאָט זיינען די פּאָליאַקן און די יידן אין אַ גלייכער צאָל. זיי האָבן פאָרגעלייגט, אַז אין די ראַיאָנען, וואו דאָס רוב פון דער באַפעלקערונג זיינען פּאָליאַקן, זאָל מען עפענען פּוילישע שולן פאַר אַלע קינדער, און דאָרטן, וואו דאָס רוב זיינען יידן, זאָל מען עפענען פאַר אַלעמען יידישע שולן. דער דאָזיקער פּלאָנטער האָט זיך געפילט אַ לאַנגע צייט אין שטאָטישן בילד.=קאָמיסאַריאַט, וועלכער האָט ניט גע=

וואוסט קלאָר, וואָס ער וויל. אין צענטראַלן בילד.-קאָמיסאַריאַט איז די זאַך געשטאַנען ערנסטער. דאָרטן האָט מען זיך לאַנג ניט געקאָנט קיין עצה געבן מיט דעם ערשטן דעקרעט, וואָס די רעגירונג האָט באַדאַרפט פאַרעפנטלעכן בנוגע די שולן; ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן אויסשליסן רעליגיע פון דער שול. וויסנדיק, אַז דער גרעסטער טייל פון די פוילישע שולן געפינט זיך אונטער דער שטאַרקסטער השפּעה פון קלער, האָט מען געקאָנט פאָראויסזען, אַז דער דעקרעט וועט אַרויסרופן אין דער פוילישער קלעריקאַל-געשטימטער געזעלשאַפט אַ גרויסע אויפרעגונג, און דערפאַר האָט מען אָפּגעוואַרט מיט דער גאַנצער שול-רעפאָרם, און די ווילנער שולן האָבן געפירט זייער אַרבעט ווייטער. דערווייל זייַנען אַוועק די חדשים יאַנוואַר—פעוורואַל, די לערער האָבן קיין געהאַלט ניט באַקומען, די יידישע לערער האָבן נאָך געהאַט אַ ח״ב פון צוויי חדשים ביזן 1-טן יאַנואַר. דער אינטערנאַץ. לערער-פאַראיין האָט אָנגעהויבן אַ ענערגישע אַקציע — און מען האָט אויסגעצאָלט שכירות די לערער אפילו פאַר די צוויי חדשים פון פאַרגאַנגענעם 1918 יאָר, ווען די באָלשעוויקעס זייַנען נאָך אין ווילנע ניט געווען. ענדלעך איז דער דעקרעט פון בילדונגס-קאָמיסאַריאַט וועגן אויסשליסן רעליגיע פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

פון די יידישע שולן האָט ער געהאַט אַ באַדייטונג נאָר פאַר די תלמוד-תורות. צו קאָנפליקטן איז אָבער ניט דערגאַנגען. אַזוי, למשל, אין דער שטאָטישער תלמוד-תורה, וועלכע האָט אַן אייגענע קלויז, האָט מען אויפגעהאַנגען אַ שלאָס אויפן אָרון קודש, מען האָט פאַרמאַכט די קלויז, די שול אָבער האָט ניט אויפגעהערט צו פונקציאָנירן. די יידיש-וועלטלעכע שול, אין וועלכער קיין רעליגיעזער עלעמענט איז קיינמאָל ניט געווען, האָט דער דעקרעט לחלוטין ניט אָנגערירט; דאָך האָט זיך געשטעלט די פראַגע וועגן העברעאיש און תנ״ך. לכתחילה האָט מען אָנערקענט, אַז העברעאיש איז ניט קיין רעליגיעזער לימוד, און מען האָט ערלויבט צו לערנען העברעאיש פון 4-טן לערניאָר אָן. שווערער איז געווען די פראַגע וועגן לימוד פון תנ״ך. אויף די אָנווייזונגען פון די לערער, אַז תנ״ך ווערט געלערנט אַלס אַ טייל פון אונזער קלאַסישער ליטעראַטור, האָט דער פאָרשטייער פון בילד.-קאָמיס. אָנגעוויזן, אַז מען דאַרף ניט אויסטיילן תנ״ך אַלס אַ באַזונדערן לימוד פון העברעאיש. כּדי אויפצוקלערן די פראַגע וועגן העברעאיש אַלס לימוד און אַלס אונטעררריכטס-שפּראַך, האָט דער קאָמיסאַריאַט צונויפגערופן צוויי באַראַטונגען, לויט דער פאָדערונג פון די העברעאיסטן, וועלכע האָבן געוואָלט באַקומען אַן ערלויבניש צו אונטערריכטן אין דער העברעאישער שפּראַך; דער קאָמיסאַריאַט, וועלכער האָט געהאַט אַ גאַנץ קלאָרע שטעלונג אין דער דאָזיקער פראַגע, האָט געוואָלט אַ ביסל קאָקעטירן מיט די ציוניסטן, האָט ניט געמאָלדן זיין שטעלונג און ער האָט געוואָלט, אַז די יידישיסטן זאָלן „צעקלאַפּן“ די תרבותיסטן. די יידישע לערער האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָנטייל צו נעמען אין דער דאָזיקער קאָמעדיע, פּונקט ווי זיי פלעגן זיך אָפּזאָגן צו באַקעמפן די תלמוד-תורות. דערפאַר האָבן די יידישע לערער ענערגיש פאַרטיידיקט העברעאיש און תנ״ך אַלס געגנשטאַנדן פון דער יידישער שול. ביים צענטראַלן בילדונגס-קאָמיסאַריאַט אין אָנוועזנהייט פון דעם

קאָמיסאַר לעשצינסקי (אַ פּאָליאַק) און זיין געהילף וואַצלאַוו בירזישקאַ (אַ ליטווין) און דעם ספּעציאַליסט אין די יידישע ענינים דער אַרבעטס־קאָמיסאַר דימענטשטיין איז פאָרגעקומען אַ הייסע דיסקוסיע וועגן דעם ווערט פון דער העברעאישער ליטעראַטור; די פאָרשטייער פון דער יידישער לערערשאַפט האָבן מיט ערפאָלג אָפּגעשלאָגן די אַטאַקעס פון ה׳ דימענטשטיינען, וועלכער האָט זיך באַמיט צו דערווייזן, אַז די גאַנצע העברעאישע ליטעראַטור איז דורך און דורך רעליגיעז (ווי, למשל, משניות, עין־יעקב, שולחן ערוך), און דעריבער דאַרף זי אויסגעשלאָסן ווערן פון דער שול. די יידישע לערער האָבן אָנגעוויזן, אַז די העברעאישע ליטעראַטור איז אין דער גרעסטער מאָס אַ וועלטלעכע און איז צוליב דעם געראָדפט געוואָרן מצד דער אָרטאָדאָקסיע... און אַז מען דאַרף געבן דעם ייד. אַרבעטער אַ שליסל צו די אוצרות פון דער קלאַסישער ליטעראַטור. די טענות פון די יידישע לערער האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף דער באַראַטונג... אין אַלגעמיין האָבן זיך פאַר דער צייט פון ראַטן־מאַכט די שולן אַ ביסל אָפּגערוט, אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם; מען האָט זיך פאַרנומען מיט פּעדאַגאָגישע פּראָבלעמען; מען האָט געגרינדעט קינדער־קלובן, וועלכע פלעגן באַקומען אַ פולשטענדיקע אונטערשטיצונג פון דעם בילדונגס־קאָמיסאַריאַט; ס׳האָט זיך אָרגאַניזירט דער יידישער מלוכה־טעאַטער, וועלכער האָט געגעבן אַ ריי גלענצנדיקע פאָרשטעלונגען פאַר קינדער. דער קינדער־זשורנאַל „גרינינקע ביימעלעך“ איז באַנייט געוואָרן, מען האָט זיך געקליבן צו גרינדן אַ גרויסן פאַרלאַג פאַר יידישע לערן־ביכער און אַלגעמיינע ליטעראַטור...

נאָר דאָ זיינען אָנגעקומען די טרויעריקע אַפּריל־טעג; די ראַטן־מאַכט האָט פאַרלאָזן ווילנע. די נייע פּוילישע מאַכט האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין פּאָזיטיווע שטעלונג צו די יידישע שולן. ניט איינמאָל האָט דער אינטערנאַץ. לערער־פאַראיין זיך געווענדעט צו דעם „נאַטשעלניק מיאַסטאַ ווילנאַ“ ה׳ יאַן פּילסודסקי מיט אַ בקשה, מען זאָל אַרויסצאָלן די לערער דאָס געהאַלט פאַר אַפּריל חודש, דאָס געלט איז שוין געווען באַשטימט און אָפּגעלייגט צו דער אויסצאָלונג, לויט זיכערע ידיעות זייגען די סומעס ניט אַרויסגעפירט געוואָרן, — נאָר דאָס האָט ניט געהאָלפן.

ווען די קהילה האָט אין יוני 1919 איבערגענומען דעם גאַנצן יידישן שול־וועזן, וואָס איז באַשטאַנען אַן ערך פון 40 אַנשטאַלטן מיט אַ צאָל שילער פון 5000 (אין די פאָלקסשולן אַליין האָבן זיך דאַן געפונען, לויט די סטאַטיסטישע ידיעות פון דער קהילה, 3783 קינדער), האָט זי באַקומען אין איר רשות אַ רייכע ירושה, וועלכע די קולטורעלע יידישע געזעלשאַפט האָט אָנגעזאַמלט אין משך פון יאָרן שווערן פאַרביטערטן קאַמף און אָנגעשטרענגטער אַרבעט. לויט דער אָפיציעלער טאַבעלע פון קהילה־באַריכט, האָבן זיך דאַן די קינדער אין די פאָלקסשולן געטיילט אויפן פאָלגנדיקן אופן;

| | | |
|---|---|---|
| I. יידיש־וועלטלעכע שולן . . . . . . . | 1838 | 48,5% |
| II. העברעאישע שולן . . . . . . . . | 418 | 11,0% |
| III. תלמוד־תורה׳ס . . . . . . . . . | 1425 | 37,5% |
| IV. שול אחיעזר (אַ מין תלמוד תורה) . . . | 102 | 3,0% |
| צוזאַמען . . . | 3783 | 100% |

אַפילו פון דער אָפיציעלער טאַבעלע איז צו זען, אַז אין די ייד. וועלטלעכע שולן לערנט זיך אַ העלפט פון דער אַלגעמיינער צאָל שילער. די קהילה=פראַקציעס פון דער וואַקלענדיקער מערהייט האָבן זיך ווייניק געקימערט וועגן גורל פון די ווילנער שולן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ מסחר מיט פּאָסטנס אין דער קהילה, און אַלס אַ קרבן פון די אַלע קאָמבינאַציעס איז די בילדונג-אָפּטיילונג אַריינגעפאַלן צו אַן אויסגעשפּראָכענעם תרבותיסט, דעם באַוואוסטן ציוניסטישן לידער ד״ר יוסף בערגער. אַ דעציזירנדיקע ראָלע האָט דאָ געשפּילט די „אוכפאַרטייאישע" האַנטווערקער=גרופּע. די ציוניסטן האָבן געפּייערט זייער נצחון; פאַרן גאַנצן שול=וועזן אין ווילנע איז אָבער דער „נצחון" געווען פאַרבונדן מיט שוועריקייטן און קאָמפּליקאַציעס. קיין נאָרמאַלער צושטאַנד האָט ניט געקאָנט זיין, און סוף=כל=סוף האָט דאָס אַרונטערגעריסן דעם אַוטאָריטעט פון דער קהילה אַלס אַזעלכער. די לאַגע פון ד״ר בערגער איז אויך ניט געווען קיין באַקוועמע: אַ מענטש מיט צענטראַליסטיש=אוטאָפּיסטישע פּלענער, האָט ער געפּרובט אַלע געזעלשאַפטלעכע און פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן אַריינגעמען אין דער קהילה, ניט איבערלאָזנדיק קיין מינדסטן פּלאַץ פאַר דער איניציאַטיוו פון דער געזעלשאַפט; דער גאָלדענער רעגן פון די אַמעריקאַנער געלטער, וועלכער איז דאַן געפלאָסן פון אַמעריקע, האָט געשאַפן די אילוזיע, אַז דאָס איז אַלץ מעגלעך צו פאַרווירקלעכן. קיינע פּערספּעקטיוון, קיין ניכטער דורכגעטראַכטענע פּלענער וועגן אָרגאַנישער אַרבעט האָבן די ציונים ניט פאַרמאָגט. בנוגע צו די בילדונגס=ענינים האָט ד״ר בערגער זיך פאָרגעשטעלט די זאַך גאַנץ פּשוט: די קהילה איז דער איינציקער בעל=הבית פון שול=וועזן, און מען דאַרף נאָר זען, דער פּלענום זאָל אָננעמען אַ פּאַסיקע רעזאָלוציע, וועט ער זיך נעמען „איבערבויען" די שולן לויט זיינע „נאַציאָנאַלע" אידעאַלן. דער פּלענום פון קהילה איז אָבער געווען פאָרזיכטיק און האָט אַזאַ כח הרשאה ד״ר בערגערן ניט געגעבן; קיין בילדונגס קאָמיסיע, וועלכע זאָל אויסאַרבעטן די ריכט=ליניען פון נאָרמאַלן שול=וועזן, האָט דער פּלענום אויך ניט געקליבן. באמת איז די לאַגע פון אַ פאַרברענטן תרבותיסט אַלס פאַרוואַלטער איבער די ווילנער יידישע פאָלקס=בילדונג ענינים געווען גענוג טראַגי=קאָמיש, ווייל די צאָל תרבות=אַנשטאַלטן איז אין שטאָט לעכערלעך קליין — צוויי פאָלקס=שולן, איין גימנאַזיע, איין קינדער=גאָרטן און קורסן פאַר העברעאיש (שעורי ערב און יהודיה) — דאָס איז אַלץ. ד״ר בערגער איז אָבער געווען צו אַקטיוו און ניט האָבנדיק קיינע שום דירעקטיוון פון פּלענום, האָט ער אָנגעהויבן ביסלעכווייז און אומבאַמערקבאַר דורכצופירן זיינע העברעאיסטישע פּלענער אויף אַזאַ אופן: ער האָט געלייגט די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף דער „נאָרמאַליזירונג" פון די תלמוד=תורות; אמת, ער האָט באַזייטיקט אַ גאַנצע ריי אַלט=פרענקישע מלמדים, וועלכע מען האָט אַפילו אין אַ איינפאַכן חדר ניט געטאָרט אַריינלאָזן, און אויף זייער אָרט אַוועקגעשטעלט ייִנגערע, ענערגישע לערער, אָבער אַלץ אויסגעשפּראָכענע העברעאיסטן; ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס תרבות האַלט זיך פאַר אַ וועלטלעכע ריכטונג, האָט ד״ר בערגער אויסגעאַרבעט פאַר די תלמוד=תורות אַ גאַנץ ברייטע פּראָגראַם פון רעליגיעזע למודים און האָט זייער פיל געלייגט אַכט אויף דער רעליגיעזער דערציאונג. ער איז געוואָרן

אויף אַזאַ אופן דער אידעאָלאָג פון אונזער נעאָ-קלעריקאַליזם. זיין שטרעבונג איז געווען ביסלעכווייז פאַרוואַנדלען די ת״ת אין העברעאישע שולן, דעריבער פירט ער אריין די ערשטע „גראַמאַטע״ העברעאיש. אין דעם ערשטן, צווייטן לערניאָר פאָדערט ער, מען זאָל לערנען אויך די איבעריקע למודים אין העברעאיש. אין די מיטעלע און עלטערע קלאַסן איז ער געצוואונגען צו לאָזן די אונטערריכטס-שפּראַך יידיש.

געוויס זיינען די רעפאָרמירטע תּלמוד-תּורות אַ שריט פאָראויס אין פאַרגלייך מיט די אַלטע פאַרשימלטע חדרים. אָבער צי קען אַזאַ רעפאָרם באַפרידיקן די יידישע מאַסן ביי היינטיקן טאָג. דאָס בלייבט אונטער אַ גרויסן ספק. דער ערפאָלג פון דער יידיש-וועלטלעכער שול, וואָס האָט די איבערוואויגנדיקע צאָל קינדער, באַווייזט קלאָר, וואו ס'ליגן די סימפּאַטיעס פון די ברייטסטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. די דאָזיקע וועלטלעכע שולן האָבן אָבער קיין פרייע אַנטוויקלונג ביי דער אויבנדערמאָנטער הנהגה נישט געקאָנט האָבן, און ס'האָבן זיך געמוזט אָנהייבן רייבונגען, וועלכע האָבן טאָרמאַזירט די אַרבעט. מען האָט געמוזט זיין שטענדיק אויף דער וואַך, כּדי אָפּצושלאָגן אַלע אָנפאַלן פון דעם קריגערישן העבּרעאיזם... די ראַדיקאַל'ע לערערשאַפט און די איבערגעגעבענע כּלל-טוער האָבן גוט פאַרשטאַנען די סכּנות, וועלכע דראָען דער יידיש-וועלטלעכער שול, און האָבן צו דער זעלבער צייט, ווי די קהילה האָט אַריבערגענומען די שולן, אויסגעבויט דעם צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט.

ח.

די אַנטשטייאונג פון צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט אין מאַי 1919 יאָר איז פאַר אַ סך ווילנער געווען פון אָנפאַנג אַן אומפאַרשטענדלעכע זאַך. מען האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז די קהילה וועט אַלץ קענען אויפטאָן, און אַז פאַר קיין בילדונגס-געזעלשאַפטן איז שוין מער קיין פּלאַץ ניטאָ. דאָס לעבן האָט אָבער באַוויזן, אַז ביי דעם פאַרביטערטן קולטור-קאַמף, וואָס שפּילט זיך אָפּ אויף דער יידישער גאַס, דאַרף זיך יעדע קולטור-ריכטונג קאָנסאָלידירן אַלס אַ גאַנצע. אָנהויב 1919 י. איז געגרינדעט געוואָרן די קולטור-ליגע. די לערערשאַפט האָט זיך מיטן גרעסטן ברען אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט, האָבנדיק אַגב אין זינען, אַז ווען אין קהילה וועלן באַקומען די אויבערהאַנט די שוואַרצע עלעמענטן, וועט די קולטור-ליגע דינען אַלס שטיץ-פּונקט אין קאַמף מיט זיי. מען האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ביי דער קולטור-ליגע וועט זיך דאַן גרינדן אַ מין שול-אָפּטיילונג, וועלכע וועט איבערנעמען די אָנפירונג מיט די יידיש-וועלטלעכע שולן. די ראַטן-מאַכט האָט אָבער ליקווידירט די קולטור-ליגע, צוליבן סיכסוך מיטן פאָלקס-אוניווערסיטעט, וואוהין זי האָט געוואָלט שיקן אירע פאָרשטייער מיט וועטאָ-רעכט.

אין מאַי 1919 יאָר, ווען ס'האָט זיך אָרגאַניזירט דער צ. ב. ק., איז די קולטור-ליגע געווען אַ צעפאַלענע אָרגאַניזאַציע. וואַרטן האָט מען ניט געטאָרט, ווייל ס'איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז אָנפירן מיט אונזער שול-וועזן וועט אַ פאַרביסענער קעגנער פון דער יידיש-וועלטלעכער שול. די קהילה-מערהייט האָט געטענהט, אַז דער צ. ב. ק. איז אַ מין צווייטע קהילה, וועלכע וויל אונטעררייסן

איר צוזטאַריטעט. די דאָזיקע באמת ריין צופעליקע מערהייט איז געווען נאַאיוו צו מיינען, אַז דער קולטור־קאַמף, וואָס ציט זיך שוין יאָרן לאַנג אין דער יידישער געזעלשאַפט, וועט ווערן געלייזט מיט אַמאָל כהרף־עין דורך אַ אָפּשטימונג פון קהילה־פּלענום. דער צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט איז געשטאַנען אויף דער וואַך פון דער יידישער שול, ער האָט אָפּגעשטויסן אַלע אָנגריפן פון דער קהילה־מערהייט אויף דער יידישער שול.

אין יענער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן שאַרפע קאַמפן צווישן די לערער און דער קהילה אויפן עקאָנאָמישן געביט, דאָס האָט זייער געשטערט דער פּעדאַגאָגישער אַרבעט; דער בילדונגס־פּאַרוואַלטער, וועלכער האָט געשטרעבט צו ווערן דער בעל־הבית איבער דעם גאַנצן שול־וועזן, האָט ווייניק געקלערט, אַז ער מוז באַזאָרגן די לערער פון די שולן ניט ערגער לכל הפחות, ווי די אַיבעריקע אָנגעשטעלטע פון דער קהילה. צום ערשטן יוני האָט די לערער געקומט אַ חוב פאַר צוויי חדשים. די לערער האָבן מיט רעכט געפאָדערט, די קהילה זאָל באַצאָלן דעם חוב, וועלכער שטאַמט פון די טרויעריקע צפּריל־געשעענישן. אגב האָט זיך שוין אין ווילנע געשאַפן אַזאַ פּרעצעדענט, אַז ווען ס'קומט אַ נייע פּאַרוואַלטונג, זעט זי פריער פאַר אַלץ צו פאַרהיילן די וואונדן, וואָס זייען געבליבן פון דער פריערדיקער מאַכט; די קהילה האָט נאָכגעגעבן נאָך אַ דראָאונג פון אַ שטרייק. ביז דער קהילה זייגען אין די שולן קיין שטרייקן ניט פאָרגעקומען; די לערער האָבן געגלויבט, אַז ווען די שולן וועלן אַריבער צו דער קהילה, וועט געוויס פון דעם קיין רייד ניט זיין; די באַציאונג אָבער פון דער קהילה־פּאַרוואַלטונג צו די לערערשע פאָדערונגען, די שטענדיקע דינגעגישן איבער דער שכירות־נאָרמע האָבן געבראַכט צו סכסוכים, און די לערער זיינען געווען געצוואונגען ניט איינמאָל צו פּראָקלאַמירן אַ שטרייק אין די שולן. סוף כל סוף האָבן די סכסוכים געבראַכט דערצו, אַז די קהילה האָט געוואָלט אינגאַנצן אַראָפּוואַרפן פון זיך די מינדסטע אַחריות פאַר די שולן. דערווייל אָבער זיינען ווידער פאָרגעקומען גרויסע איבערקערענישן. די פּאָליאַקן עוואַקואירן אַ צווייטן מאָל ווילנע, אין יולי 1920 פאַרנעמען די שטאָט ווידער די באָלשעוויקעס. די האַטן־מאַכט האָט דאַן אָבער געהאַט בדעה ניט היינט, מאָרגן איבערצוגעבן די מאַכט די ליטווינער, — האָט זי זיך געהאַלטן ביי אַ גאַנץ אַנדערער פּאָליטיק. ווי דאָס ערשטע מאָל: זי האָט זיך געווענדעט צו דער ייד.־וועלטלעכער שול־אָרגאַניזאַציע, זי זאָל רעקאָמענדירן אַן אָנפירער פאַר די בילדונגס־ענינים; ס'האָט זיך ווידער אָרגאַניזירט אַ שול־סעקציע, אַ פאָר־ און אויסער־שול־סעקציע, אָבער דאָס איז מער געווען שאַבלאָן, ווי שאַפנדיקע אַרבעט. קיינע וויכטיקע זאַכן זיינען דורך דער בילדונגס־אָפּטיילונג ניט אויפגעטאָן געוואָרן. דער צ. ב. ק. האָט געזען אָפּצוהיטן די שול־לאָקאַלן פון רעקוויזיציעס, מען האָט געפּרובט באַקומען שכירות פאַר די לערער, נאָר דאָס האָט זיך ניט איינגעגעבן.

נאָך לאַנגע אַנפערנישן האָבן די ליטווינער איבערגענומען די מאַכט, נאָר די צענטראַלע ליטווישע רעגירונג איז געבליבן צייטווייליק אין קאָוונע, און אין ווילנע זיינען געווען באַשטימט באַזונדערע באַפולמעכטיקטע. פאַרן בי פולמעכטיקטן איבער די בילדונגס־ענינים איז באַשטימט געווען דעם 10

אַווגוסט דער לערער פון מאַטעמאַטיק ה׳ זשעמאַיטיס. ער האָט געהאַט דעם אויפטראָג צו אָרגאַניזירן צוויי נאַציאָנאַלע שול־סעקציעס, אַ פּוילישע און אַ יידישע (די ווייסרוסן האָט מען דאַן לחלוטין איגנאָרירט). פאַרן פאַרוואַלטער פון דער יידישער אָפּטיילונג איז אַיינגעלאַדן געוואָרן, לויט דער רעקאָמענדירונג פון די ליטווישע ראַדיקאַלע קרייזן, ג. פּלודערמאַכער. לאַנג האָט ער זיך געקווענקעלט, נאָר דאַן, ווען ער האָט באַקומען די אַיינשטימונג פון לערער־פאַראַיין, פון צענט. בילדונגס־קאָמיטעט און אַנד., האָט ער געגעבן זיין הסכמה. ווי מען האָט אָבער לייכט געקאָנט פאָראויסזען, האָט די דאָזיקע באַשטימונג אַרויסגערופן אַ שטורם אין דער ציוניסטיש־אָרטאָדאָקסישער מחנה. אין קאָוונער ליטע זיינען די דאָזיקע עלעמענטן געווען אין דער מערהייט. אין סיים (אין נאַציאָנאַל־ראַט שוין אָפּגערעדט) זיינען זיי געווען די טאָנגעבער, און אַ דאַנק זייער השפעה האָט זיך אין קאָוונער ליטע פונאַנדערגעוואַקסן אַ נעץ פון תרבות־שולן און תלמוד תורות. ניט קיין חידוש, וואָס זיי זיינען געווען אַזוי צעטראָגן, וואָס אין ווילנע וועט בראש פון דעם יידישן שול־וועזן שטיין אַ אָנהענגער פון דער יידיש־וועלטלעכער ריכטונג. צו דער זעלבער צייט האָבן די ווילנער ציוניסטן באַשלאָסן צו באָיקאָטירן דעם אַמט אין אַלגעמיין, ניט צושטעלן קיין שום אינפאָרמאַציעס וועגן זייערע אַנשטאַלטן. זיי זיינען געשטאַנען אויפן פאָרמעלן שטאַנדפונקט, אַז דעם דאָזיקן קאַנדידאַט דאַרף באַשטימען די קהילה, הגם די קאָמפּעטענץ פון דער קהילה האָט זיך אין בעסטן פאַל געקאָנט פאַרשפּרייטן נאָר איבער דער שטאָט ווילנע. דער פאַרוואַלטער איבער די יידישע בילדונגס־ענינים האָט געהאַט אין זיין רשות די שולן פון דער פּראָווינץ אויך. ועל כולם, די לייכטזיניקע איגנאָרירונג פון דעם רעכטלעכן מצב פון די יידישע שולן מצד דער ווילנער קהילה, דאָס אַלץ האָט מאָראַליש באַרעכטיקט דעם באַשלוס פון די יידיש־וועלטלעכע קולטור־אָרגאַניזציעס, מען זאָל דעם פּאָסטן אָננעמען און תיכף אָנהויבן די פּראַקטישע אַרבעט פאַר די שולן. די העברעאישע לערער, וועלכע האָבן זיך דערשראָקן, וואָס די מלוכה וועט פון זיי פאָדערן אַן עקזאַמען אויף אַלגעמיינע למודים, האָבן סאַבאָטירט די פאַראָרדענונג פון פאַרוואַלטער, וועלכער האָט זיי גערופן אויף אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, כדי אויפצוקלערן זיי, וויפיל שאָדן זיי ברענגען די שולן מיט זייער האַלטונג. זיי האָבן דאָס איינגיכן אַליין איינגעזען, נאָר דער סאַבאָטאַזש איז געווען אָרגאַניזירט דורך דער קהילה, און זיי האָבן געמוזט פאָלגן. אַ סך צייט איז דערווייל געגאַנגען פאַרלאָרן. מען האָט באַדאַרפט דורכזעצן, אַז די מלוכה זאָל אַריינעמען די שולן אין דער אַלגעמיינער שול־נעץ. סוף כל סוף איז געקומען קיין ווילנע דער ליטווישער שול־אינסטרוקטאָר, וועלכער, האָט לויטן פאָרשלאָג פון ג. פּלודערמאַכער, תיכף צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון דעם יידישן און העברעאישן פּראָפעסיאָנעלע לערער־פאַראיינען. דאָ האָט ער דערקלערט די נאָרמען פון די שכירות־צאָלונגען לויטן ליטווישן געזעץ, די גראַדאַציע פון סטאַזש, קוואַליפיקאַציע א. ז. וו. — דאַן האָט מען דעם באָיקאָט אָפּגערופן. און אַלע צענטראַלעס האָבן אָנגעהויבן צו שיקן זייערע ענטפערס אויף די אַנקעטעס, די ציונים האָבן געענטפערט אין דער העברעאישער שפּראַך,

הגם אין קהילה איז די שפראַך פון געשעפטספירונג געווען יידיש. די לאַגע פון פאַרוואַלטער ביים ליטווישן באַפולמעכטיקטן איז געווען זייער אַ שווערע. די רעגירונג איז געווען אין קאָוונע. צוליב יעטווידער קלייניקייט פלעגט מען זיך דאַרפן פאַרשטענדיקן מיט דער צענטראַלער מאַכט, און דער צענטראַלער מאַכט איז דאַן אין קאָפּ ניט געלעגן די אָרגאַניזירונג פון פאָלקס-בילדונג — די מלוכה-זיכערקייט און די אויסערלעכע פּאָליטיק האָבן איינגעשלונגען די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון דער יונגער ליטווישער רעפּובליק. איין מאָל אין וואָך און גאַנץ אָפט אויך צוויי מאָל אין וואָך פלעגט ה׳ זשעמאַיטיס פאָרן גאָך אינסטרוקציעס קיין קאָוונע און פלעגט זיך אומקערן מיט ליידיקע הענט. נאָך שווערער איז געווען די לאַגע פון פאַרוואַלטער פון דער יידישער אָפּטיילונג: ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער לערניאָר, די לערער זיצן שוין 4 חדשים אָן געהאַלט, ווי טרעט מען צו צו דער אַרבעט? פונדעסטוועגן האָט מען געפּועלט, אַז די יידישע שולן זאָלן אַריינגענומען ווערן תיכּף אין דער אַלגעמיינער שול-נעץ. מען האָט באַדאַרפט קודם כּל צושטעלן אין מיניסטעריום אַ פּראָגראַם פון אַלע למודים פון אַן 8-קלאַסיקער יידישער פאָלקסשול. באַזונדערס שווער איז געווען איינצושטעלן די געהעריקע צאָל שעה׳ן אויף די שפּראַכן,— די אייביקע אָנגעווייטיקטע פראַגע פון דער יידישער שול. ליטוויש האָט מען געמוזט איינפירן, אָנהויבנדיק פון 4-טן לערניאָר, אָבער אויסשליסן פּויליש האָט מען לחלוטין אין די ווילנער יידישע שולן גיט געקאָנט. פאַרטיק געוואָרן מיט דער רעגיסטראַציע פון די שולן, מיט דער פּראָגראַם און לערן-פּלאַן, האָט מען געמוזט אַ קלער געבן, ווי צו באַזאָרגן די שולן מיט באַהייצונג און מיט נייטיקע מיטלען אויף ווירטשאַפטלעכע הוצאות. לויטן שול-סטאַטוט, איז אויך אין ליטע געווען איינגעשטעלט דער מאָדוס, אַז דעם לערער-פּערסאָנאַל האַלט אויס די מלוכה, און די ווירטשאַפטלעכע הוצאות נעמט אויף זיך די שטאָטישע זעלבסטפאַרוואַלטונג. דער פאַרוואַלטער נעמט אויף זיך די איניציאַטיוו צו-נויפצורופן אַן עקסטרע זיצונג פון מאַגיסטראַט. דאָס איז דאַן געווען גאָר ניט פון די לייכטע זאַכן: אַ גרויסער טייל פּוילישע ראַטמענער האָבן פאַרלאָזן ווילנע. די מאַכט האָט באַשטימט פאַר אַ שטאָט-פּרעזידענט דעם ליטווישן טוער קימאַנט. די איבערגעבליבענע פּאָליאַקן באָיקאָטירן דעם נייעם מאַגיסטראַט; סוף כּל סוף קומען זיי צו דער זיצונג; מען ווייס ניט, אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך צו ריידן; די ליטווינער און ווייסרוסן ווילן ריידן רוסיש, די פּאָליאַקן זיינען אויסער זיך. ביי אַזוינע קעגנזייטיקע באַציאונגען האָט זיך ווייניק וואָס געלאָזן אויפטאָן. דאָך איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, אַז מען זאָל די שולן באַזאָרגן מיט באַהייצונג און די שול-קיכן מיט פּראָדוקטן. אויפן 11-טן אָקטאָבער איז געווען באַשטימט די אויסצאָלונג פאַר אַלע לערער. נאָר דעם 9-טן אָקטאָבער קומט ווידער פאָר אַן איבערקערעניש: גענעראַל זשעליגאָווסקי, וואָס האָט זיך „אָפּגעריסן" פון דער פּוילישער אַרמיי, פאַרנעמט ווילנע.

אין ווילנע הייבט זיך אָן די סדרה פון מיטל-ליטע. עס גרינדעט זיך אַ צייטווייליקע רעגירונגס-קאָמיסיע מיטן באַוואוסטן היגן פּוילישן דעמאָקראַט

וויטאָלד אַבראַמאָוויטש בּראש. אין דער רעגירונג איז אַריין אַ פאָרשטייער פון די היגע פּ. פּ. ס., דער אינזש. זאַשטאָווט. מיט די בּילדונגס=ענינים פאַרוואַלטעט צייטווייליק שאַפּאַ. די צייטווייליקע רעגירונגס=קאָמיסיע פון מיטל=ליטע וויל צוציען אויף אָנצופירן מיט די יידישע בּילדונגס=ענינים אַ יידישן רעפערענט. אין די יידישע דעמאָקראַטישע קרייזן איז אַן אומצוטרוי צו דער רעגירונגס=קאָם. די פראַגע ווערט לאַנג בּאַהאַנדלט. דערווייל בּייט זיך די רעגירונגס=קאָם. עס הייבּן אָן צו בּלאָזן אַנדערע ווינטן, און פון גאַנצן פּראָיעקט בּאַקומט זיך גאָרניט.

ט.

די קהילה איז שוין געווען אַ שברי כּלי. די לינקע פראַקציעס זיינען איצט אַרויסגעטראָטן פון איר צום צווייטן מאָל, אויך די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט אָפּגערופן אירע פאָרשטייער; עס זיינען געבּליבּן נאָר די מעור'הייטס=גרופּירונגען.

ס'איז געוואָרן קלאָר, אַז איצט וועט קיינער ניט פאַרטיידיקן די יידיש=וועלטלעכע שולן; די לאַגע איז געוואָרן אַ האָפנונגסלאָזע. דער צ. בּ. ק. האָט איבּערגענומען די שולן; בּלית בּרירה האָט ער גענומען אויף זיך די מאָראַלישע התחיבות צו זאָרגן פאַר דער מאַטעריעלער לאַגע פון די שולן, אָבּער ער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו זיין דער בּעל=הבּית פון די שולן. לכתחילה האָט די קהילה געוואָלט אַריבּערגיין צו דער סובּסידירונג=סיסטעם, זי האָט פאָרגעלייגט צו געבּן אַ סובּסידיע די שולן אין דער גרויס פון 10% ניט פון זייער בּיודזשעט, נאָר פון איר בּיודזשעט. די אַלע פאָרשלאָגן האָבּן קיין ממשות ניט געהאַט. דער חוב פון די לערער איז שטאַרק געוואַקסן, איז סוף כּל סוף אויסגעבּראָכן אין די שולן אַ סטיכעאישער שטרייק, וועלכער האָט געדויערט 6 וואָכן. די לערער האָבּן זיך דערשלאָגן, מען זאָל זיי בּאַצאָלן דעם חוב, די קהילה האָט אויך צוגעזאָגט צו דעקן 10% פונם שול=בּיודזשעט, אָבּער זי האָט איר הבטחה ניט אויסגעפירט. די גאַנצע לאַסט איז געפאַלן אויף די בּילדונגס=צענטראַלעס.

אַ סך איז פאַר די יידישע שולן שוין אויפגעטאָן געוואָרן, ניט ווייניקער איז נאָך געבּליבּן אַרבּעט אויף ווייטער. מיר זיינען טיף איבּערצייגט, אַז די יידיש=וועלטלעכע שול גייט אויפן ריכטיקן וועג פון איר אַנטוויקלונג, אַז די אַלע אומגינסטיקע בּאַדינגונגען, בּיי וועלכע איר איז אויסגעקומען צו עקסיסטירן, האָבּן געמאַכט זי פעסטער און ווידערשטאַנדס=פעאיקער אין דעם קאַמף פאַר דער רעכטלעכער אָנערקענונג, וועלכן זי מוז פירן ווייטער מיט דער זעלבּיקער איבּערגעבּנקייט, מיט דעם זעלבּן מסירת נפש, וואָס זי האָט אַרויסגעוויזן בּיז איצט. וואַרפנדיק אַ בּליק אויף דעם וועג, וואָס אונזער שול=וועזן האָט דורכגעמאַכט פאַר די לעצטע 10 יאָר, דאַרפן מיר זיין שטאָלץ מיט דער אַרבּעט, וועלכע איז בּאַגלייט געווען מיט אַזוי פיל ליידן און ענויים.

די נייע יידישע שול וועט בּלי ספק אַריינשרייבּן אין אונזער קולטור=געשיכטע נאָך שענערע, נאָך הערלעכערע בּלעטער.

ג. פּלודערמאַכער.



# די יידישע שולן אין ווילנער קאַנט.

(א קוק אויף צוריק).

ווען מיר ווילן וואַרפן א בליק צוריק אויף די איצטיקע יידישע פאָלקס־שולן און כאָטש אויף איין אויגנבליק דורכגיין זייער געשיכטע, מוזן מיר זיך קודם־כל אָפּשטעלן אויף דעם חדר. אָט דער אַלטער טראַדיציאָנעלער חדר, וואָס האָט עקסיסטירט ביי יידן נאָך מיט הונדערטער יאָר צוריק, איז געווען דאַן די איינציקע יידישע פאָלקסשול. די אונטעררייכטס־שפּראַך איז געווען יידיש, דער רבי איז געווען א פאָלקס־מענטש; ס׳איז געווען א נאָענט־קייט צווישן שול און היים; די זעלבע בילדונג פלעגן באַקומען דאָס רוב קינדער, סיי רייכע, סיי אָרעמע, און די שול (דער חדר) גופא, ניט קוקנדיק אויף איר רעליגיעזן גייסט, האָט אייגנטלעך געטראָגן א אוטיליטאַרן, פּראַקטישן כאַראַקטער: אין חדר האָט מען געלערנט אַלץ, וואָס ס׳איז נייטיק געווען פאַר דער רעליגיעזער פּראַקטיק אין אַלטעגלעכן לעבן פון אמאָליקן יידן: עברי, דאַווענען, קריאת־תורה אד״ג. און קודם־כל איז דער חדר געווען דורך און דורך נאַציאָנאַל.

מיט דער השכלה־צייט און וואָס ווייטער אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז דער חדר אַלץ מער און מער געוואָרן אָפּגעשטאַנען פון לעבן און איז שוין ניט געווען ביכולת דאָס לעבן צו דעריאָגן. אמת, דער חדר איז ניט אונטער־געגאַנגען ניט פון די מלוכהשע רעפּרעסיעס און ניט אויך אונטער דער ווירקונג פון די השכלה־לייט. ניט די אַלע געזעצן קעגן די חדרים און קעגן די מלמדים אין רוסלאַנד, ניט די „קאַזיאָנע" „נאַראָדנע" און „נאַטשאַלנע" שולן האָבן די צאָל חדרים פאַרקלענערט. מיט אַ יאָר 25 צוריק האָט זיך נאָך אין „תחום" גע־רעכנט איין חדר אויף יעדע 199 יידן אָדער אויף יעדע 28 קינדער פון שול־עלטער.

אָבער ווי נאָר מען איז צוגעטראָטן צו „רעפאָרמירן" דעם חדר, האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרלירן זיין נאַציאָנאַל־פאָלקישן כאַראַקטער, און די צאָל חדרים האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַלץ קלענער און קלענער. מיר געדענקען נאָך די ערנסטע דעבאַטן אויף דער ערשטער באַראַטונג פון די מיטגלידער פון דער „חברה מפיצי השכלה" אין פּעטערבורג אין 1902 י. אַלע זיינען געווען באַגייסטערט מיט דעם געדאַנק צו פאַרבעסערן דעם חדר, צופּאַסן אים צו די פאָ־דערונגען פון דער פּעדאַגאָגיק און אים פאַראייניקן מיט דער שול. די פראַגע איז נאָר געשטאַנען דעמאָלט אַזוי: צי זאָל מען די שול אַריינטראָגן אין חדר, אָדער פאַרקערט, דערהייבן דעם חדר צו דער שול. מען איז גע־

קומען צו דער אַנדערער פּשרה, און מען האָט אָנגעהויבן אויסצואַרבעטן אַן אייגנהייטלעכן טיפּ פון אַ חדר־שול.

דאָס לעבן איז אָבער אַריבערגעשפּרונגען אויך איבער דער דאָזיקער השכּלהשער השערה, און נאָר איינס איז געווען וויכטיק פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שול — דאָס, וואָס ערשט אין 11 יאָר אַרום האָט די זעלביקע „מפיצי השכּלה" אויף איר צוזאַמענפאָר אין 1913 אָנגענומען, אַז אין דער יידישער פאָלקסשול דאַרף דער אונטערריכט זיין אויף יידיש. דער דאָזיקער באַשלוס איז פאַר דעם רוב אָנטיילנעמער פון דער באַראַטונג געווען ניט קיין טעאָרעטישער קל וחומר, נאָר איז טאַקע אַרויסגערופן געוואָרן פון לעבן גופא.

די פאָדערונגען צו האָבן אַ שול אויף יידיש איז צו יענער צייט שוין געווען לאַנג אַרויסגעשטעלט. אָבער די צאַרישע מאַכט פלעגט שטרענג פאַרפאָלגן דאָס לערנען „זשאַרגאָן" אין וואָסערער ס'איז שול. אויב אין די 50 יאָרן האָט נאָך די רעגירונג ערלויבט צו לערנען אין די „קאַזיאָנע" יידישע שולן די „יידישע לימודים" אויף דייטש, לויט מאָנדעלשטאַמס דייטשע לערנביכער, איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן צוגעלאָזן געוואָרן נאָר איין אונטעררריכטס־שפּראַך — רוסיש. בלויז אין אויסנאַם־פאַלן איז געווען ערלויבט אין ערשטן יאָר פון פאָלקסשול („נאַראָדנאַיע אוטשילישטשע") צו ערקלערן רוסישע ווערטער אויף „זשאַרגאָן", אויב די קינדער פלעגן אַנדערש ניט פאַרשטיין.

די ערשטע שול, וואָס האָט אין ווילנע סיסטעמאַטיש אָנגעהויבן צו לערנען אַלע לימודים (חוץ רוסיש) אויף יידיש (ניט רעכנדיק די „זשאַרגאָנישע אַרבעטער־קרייזלעך), איז געווען די אָוונטשול פאַר דערוואַקסענע.

פרייער אין רעכטלעכן זין האָבן זיך די יידישע שולן אין ווילנע און אין ווילנער געגנט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען סוף 1915, בעת די רוסן האָבן עוואַקואירט דעם גאַנצן דאָזיקן געביט. משמעות צוליב פּאָליטישע טעמים האָט מאַרשאַל הינדענבורג תּיכּף אַרויסגעלאָזן זיינע „ריכטליניען", לויט וועלכע דער רוסישער אונטערריכט איז פאַרווערט, און ס'איז ערלויבט אין די פּוילישע שולן צו לערנען בלויז אויף פּויליש, אין די יידישע — אויף יידיש, אין די ליטווישע — אויף ליטוויש און אין די ווייסרוסישע — אויף ווייסרוסיש. מיט דעם זיינען איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָפּגעשאַפט געוואָרן די שטערונגען, וואָס זיינען צענדליקער יאָר געשטאַנען אויפן וועג פון די נאַציאָנאַלע שולן. און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַן ענערגישע אַרבעט.

דאָס הייפל מענטשן, וואָס זיינען געבליבן אין קאָמיטעט פון „מפיצי השכּלה" — דאָס רוב לערער — האָבן קודם־כּל אַריינגעטראָגן לעבן אין דער מיידל־שול, וואָס ס'איז געגרינדעט געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פון דבורה קופּערשטיין, און דערנאָך זיינען געעפנט געוואָרן צוויי נייע ייִנגל־שולן, איינע אין שטאָט און איינע אין פאָרשטאָט. דאָס וויכטיקסטע איז געווען, וואָס ס'איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ גענויער לערנפּלאַן פון אַן 8־קלאַסיקער פאָלקס־שול אויף יידיש, לויט דעם מערב־אייראָפּעאישן שטייגער. בערך די זעלבע

פּראָגראַם איז איינגעפירט געוואָרן אין די שולן פון דער געזעלשאַפט „קינדער־פאַרזאָרגונג",—אין דער פריערדיקער 6־קלאַסיקער מיידל־שול, אין די אויסגעוואַקסענע בעת דער מלחמה „קינדערהיימען" פאַר יינגלעך און פאַר מיידלעך; אויף די זעלביקע יסודות האָט מען אָנגעהויבן צו בויען שולן אויך אויף דער פּראָווינץ; פאַרשטייט זיך, ניט אַלע קלאַסן האָבן געקענט מיט אַ מאָל געעפנט ווערן. די גאַנצע פּראָגראַם האָט געקענט דורכגעפירט ווערן בלויז בהדרגה. אין דער יינגל־שול מפיצי השׂכלה איז לכתחילה גראָד געווען אַ נויט אין פּאַראַלעלע אָפּטיילונגען פון דריטן און פערטן קלאַס, און מיט יעטווידער יאָר פלעגט זיך עפענען אַ העכערער קלאַס. אין פאָרשטאָט (אַנטאָקאָל) איז געווען געגנוג אַ 2—3 קלאַסיקע געמישטע שול, די „קינדערהיימען" ווידער האָבן זיך גאַנץ אַנדערש אַנטוויקלט: פאַר די יינגערע קינדער איז די אַנשטאַלט געווען אַ קינדער־גאָרטן, פאַר די עלטערע — אַ שול. אָבער מיטן כּוף פון דער מלחמה זיינען אויך די קינדערהיימען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שולן, און די קינדער־גערטנער זיינען אינגאַנצן אויסגעטיילט געוואָרן אין באַזונדערע אינסטיטוציעס.

אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע נעץ יידישע שולן ניט נאָר אין ווילנע, נאָר אויך אין דער פּראָווינץ. ס'וואָלט געווען זייער לאַנג, הגם זייער ניצלעך, געננוי צו באַשרייבן די גאַנצע עוואָלוציע, וואָס די יידישע שולן האָבן דורכגעמאַכט: די שווערע הונגער־צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, בעת מען האָט געמוזט זאָרגן, אַז די קינדער זאָלן באַקומען אין שול כאָטש אַ ביסל וואַרעמעס און זיי זאָלן ניט פרירן אין די קאַלטע קלאַסן; בעת די עפּידעמיע פון פלעק־טיפוס האָט פאַרכאַפּט סיי די תּלמידים, סיי די לערער, און בעת די דייטשע מאַכט האָט כּלומרשט צוליב דער דאָזיקער עפּידעמיע מיט אַ מאָל גאָר פאַרמאַכט אַלע שולן אויף אַ האַלב יאָר. ס'וואָלט געווען אויך וויכטיק זיך אָפּשטעלן אויף דעם עקשנותדיקן קאַמף, וואָס דער לערערשאַפט איז אויסגעקומען צו פירן פאַר דער עקסיסטענץ פון דער שול און פאַר איר פּראָגראַם סיי מיט דער דייטשער מאַכט, סיי מיט דער באָלשעוויסטישער ממשלה, וואָס האָט פון „גוטסקייט" געוואָלט לחלוטין „נאַציאָנאַליזירן" און צוזאַמענמישן אַלע שולן צוזאַמען,—און וועגן דעם מאַרטיראָלאָג פון דער יידישער שול אין איצטיקן פּוילן, נאָכדעם ווי דאָס לאַנד איז אויפגעשטאַנען תּחית־המתים, מוז געוויס גערעדט ווערן באַזונדער, ווייל די רעכטלעכע לאַגע פון דעם יידישן שולוועזן איז דער עיקר, פון דעם הענגט אָפּ די מאַטעריעלע לאַגע און די ווייטערדיקע עקסיסטענץ פון דער יידישער שול.

די מלוכה גופא איז פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז די קינדער פון אַלע אירע בירגער זאָלן באַקומען אַ פולע אויסבילדונג אין אַ נאָרמאַלער פאָלקסשול. און וואָס פאַר אַ פאָלקסשול קען זיין נאָרמאַלער ווי אַ נאַציאָנאַלע שול אין דער מוטער־שפּראַך? די ערפאַרונג פון דער צאַרישער רעגירונג אין געוועזענעם רוסלאַנד און פון דער פּרייסישער רעגירונג אין דייטשלאַנד, וואָס פלעגן פאַרפאָלגן די שולן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, האָט בולט באַוויזן, אַז רעפּרעסיעס פירן בשום־אופן ניט צום דערשטיקן די נאַציאָ־

נאַלע שטרעבונגען און דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, נאָר, פאַרקערט, שטאַרקען זיי נאָך מער!

אַז די יידישע שולן אין פוילן זיינען ניט קיין צייטווייליקע קינסטלעכע ערשיינונג, נייערט אַ נאַטירלעכער סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער פּראָצעס, באַווייזט די געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שול פאַר די לעצטע יאָרן. און נאָך וואָס: יעטווידער אומפּאַרטייאישער באָאָבאַכטער, וואָס וויל זיך צוקוקן צו די יידישע שולן, צו אָט דעם גאַנצן שולוועזן, צו דעם, וואָס און ווי ס'ווערט געלערנט אין אונזערע פאָלקסשולן, גימנאַזיעס און ס'מינאַריעס, מוז אָנערקענען דעם הומאַניטאַרן גייסט אין בעסטן זין פון וואָרט, מיט וועלכן דער גאַנצער לימוד איז דאָ דורכגעדרונגען. דער יידישער שול איז לגמרי פרעמד דער שאָוויניסטישער גייסט, וואָס הערשט אין דעם גרעסטן רוב אַנדערע נאַציאָנאַלע שולן.

די היינטיקע יידישע שול האָט אויך געוויסע חסרונות. ס'פעלן נאָך גענוג קוואַליפיצירטע פּעדאַגאָגן; ס'פעלן נאָך לערנביכער; גיט דער גאַנצער יידישער עולם פאַרשטייט נאָך די וויכטיקייט פון דער יידישער שול, ווייס נאָך ניט, וואָס פון איר צו פאָדערן, און וואָס זי דאַרף געבן. ס'פאָדערט זיך נאָך פיל אויפקלערונג צווישן די ברייטע יידישע מאַסן סיי פון רעכטס, סיי פון לינקס. אָבער קודם־כל מוזן די יידישע פאָלקסשולן אָנערקענט און אויסגעהאַלטן ווערן פון דער רעגירונג; נאָר אויף אַזאַ אופן קען פאַרפעסטיקט ווערן זייער קיום און גאַראַנטירט ווערן זייער ווייטערדיקע אַנטוויקלונג. די פוילישע געזעלשאַפט, די פּאָליטישע פּאַרטייען, די געזעצגעבערישע אינסטאַנצן און די בילדונגס־מאַכט גופא מוזן ווערן בעסער אינפאָרמירט אין אַלע פראַגן פון אונזער שולוועזן. זאָל דאָס דאָזיקע זאַמלבוך דינען אַלס איינער פון די מיטלען צום געווינשטן ציל!

ד"ר צ. שאַבאַד.



# 5 יאָר יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט (צ. ב. ק.)

(מאַי 1919 — מאַי 1924).

### I.

### גרינדונג פון צ. ב. ק.

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָבן אין ווילנע פונקציאָנירט געזעלשאַפטן, ווי „חברה מפיצי־השכלה", „קינדער־פאַרזאָרגונג". וועלכע האָבן זיך גערעכנט פאַר די באַלעבאַטים פון די שולן. הגם די געזעלשאַפטן האָבן זייער ווייניק געזאָרגט פאַר דער עקסיסטענץ און נאָרמאַלער אַנטוויקלונג פון די לערנאַנשטאַלטן. די השפעה זייערע אויפן אינעווייניקסטן לעבן פון דער שול איז געווען אַ נישטיקע. די פּעדאַגאָגישע ראַטן זיינען געווען אינגאַנצן זעלבסטשטענדיק. די מיטגלידער פון די קאָמיטעטן האָבן זעלטן ווען באַזוכט די אַנשטאַלטן. די באַציאונגען צווישן די לערער און די קאָמיטעטן זיינען געווען גאַנץ אָנגעצויגענע. פּאַקטיש פלעגט אויסקומען די לערער אין די יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע כמעט אַלץ אַליין צו טאָן, כדי אויסצוהאַלטן די שולן: אַראַנזשירן קאָנצערטן, אונטערנעמונגען א. א. וו. דאָך זיינען די געזעלשאַפטן געווען דער אָרט, וואוהין די לערער פלעגן קומען זיך באַראַטן וועגן פאַרשיידענע ענינים פונם שול־לעבן.

פאַר דער קורצער צייט פון די באָלשעוויקעס, זיינען זיך די געזעלשאַפטן, ריכטיקער, די קאָמיטעטן (ווייל קיין געזעלשאַפטן זיינען פּאַקטיש ניט געווען, אפילו „מפיצי־השכלה" פלעגט אַרויסווייזן סימנים פון לעבן בלויז דאַן, ווען עס פלעגן זיך דערנענטערן וואַלן) פונאַנדערגעפאַלן.

עס זיינען אָנגעקומען די שרעקלעכע אַפּריל־טעג פון 1919 י. די שטאָט האָט זיך געפונען אין אַ שווערן צושטאַנד. דאָך האָבן די לערער אין די ערשטע טעג פונם חודש מאַי געעפנט די שולן. די לאַגע פון די שולן איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ סך אַן ערגערע, ווי אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. קיין בילדונגס־געזעלשאַפטן זיינען שוין ניט געווען, אָנהייבן ווייטער צו אָרגאַניזירן קאָנצערטן א. א. וו., כדי אויסצוהאַלטן די שולן, האָבן די לערער ניט געוועלט און ניט געקאָנט; אויף דער קהילה, וואָס האָט אין יענער צייט אָנגעהויבן אַרויסצוווייזן סמנים פון לעבן, האָבן די יידיש־וועלטלעכע שולן געלייגט (און ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן — מיט רעכט) קליינע האָפענונגען.

די לערער האָבן פאַרשטאַנען, אַז ווייטער קאָן אַזוי ניט זיין, ווי פריער. יעדע שול קאָן ניט און טאָר ניט זיין אינגאַנצן אומאָפּהענגיק; מען מוז שאַפן אַזאַ צענטראַלע, וועלכע זאָל פאַראייניקן אַלע וועלטלעכע שולן. די פראַגע, אַז אַזאַ צענטער מוז געשאַפן ווערן, האָט ניט אַרויסגערופן קיין דיסקוסיעס. אויף וואָס פאַר אַן אופן זאָל ער אָבער געשאַפן ווערן? עס איז געווען אַ פּלאַן, מען זאָל אויפלעבן די פריערדיקע געזעלשאַפטן. דערביי זאָל „חברה מפיצי־השכלה" איבערנעמען אַלע שולן; „קינדערפאַרזאָרגונג" — די דערנערונג און די אינטערנאַטן. עס איז צונויפגערופן געוואָרן (לויט דער איניציאַטיווע פון ד"ר שאַבאַד), שבת, דעם 10 מאַי, אין לאָקאַל פון „אָזע" אַ פאַרזאַמלונג, אין וועלכער עס האָבן אָנטיילגענומען די אַלטע קאָמיטעטן פון „מפיצי־השכלה" און „קינדערפאַרזאָרגונג" און פאָרשטייער פון די שולן. מען האָט דעם פּראָיעקט געננוי אַרומגערעדט. פאַר אַ סך איז קלאָר געווען, אַז אויפלעבן די פריערדיקע געזעלשאַפטן איז ניט נייטיק און אפילו שעדלעך. איבערגעבן די אָנפירונג פון די שולן דער חברה „מפיצי־השכלה" האָט אַ גרויסער טייל לערער ניט געפוי־גען פאַר מיגלעך. יעדער־ער האָט געדענקט די שטענדיקע רייסערייען צווישן יידישיסטן און העבּרעאיסטן אין דער חברה, די אָפטע העבּרעאיסטישע מאַיאָ־ריזירונג, די דורכן קאָמיטעט אָנגעצוואונגענע העבּרעאיסטישע טענדענצן אין די שולן א. א. וו. עס איז געווען קלאָר, אַז אין אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער עס קאָנען אַריינגיין און אפילו זיין אין דער מערהייט העבּרעאיסטן, קאָן מען ניט און מען טאָר בשום אופן ניט איבערגעבן די פאַרוואַלטונג פון די יידיש־וועלטלעכע שולן. הגם אויף דער פאַרזאַמלונג איז ניט אָנגענומען געוואָרן קיין באַשלוס קעגן דעם פאָרגעלייגטן פּראָיעקט, און עס איז אפילו איבערגעגעבן געוואָרן אייניקע פּערזאָנען דעם פּראָיעקט דעטאַלער צו באַאַרבעטן, — נאָר יעדערער האָט באַשיינפּערלעך געזען נאָך דער פאַרזאַמלונג, אַז דאָס איז ניט דער אויסוועג פון דער געשאַפענער לאַגע, אַז עס מוז געגרינדעט ווערן אַזאַ צענטער, אין וועלכן עס זאָלן ניט זיין קיין פּרינציפּיעלע חלוקי־דעות בנוגע די גרונד־יסודות פון דער יידישער שול. און נאָך אַ זאַך איז קלאָר געוואָרן: די לערער אַליין מוזן נעמען דעם גרעסטן אָנטייל אין דעם קומענדיקן צענטער.

אין אַ וואָך אַרום, שבת, דעם 17 מאַי 1919, איז שוין, לויט דער איני־ציאַטיווע פון דער לערער־געזעלשאַפט און קולטור־ליגע, צונויפגערופן געוואָרן אַ צווייטע פאַרזאַמלונג, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען פאָרשטייער פון פעד. ראַטן, בילדונגס־געזעלשאַפטן, „אָזע", קולטור־ליגע, לערער־געזעל־שאַפט, פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן א. אנד. די פראַגע וועגן צענטער און זיין קינפטיקער אַרבעט איז אַרומגערעדט געוואָרן גאַנץ ברייט. דער פאָרזיצער פון דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג, ש. ניגער, האָט, עפענענדיק די באַראַטונג, גע־זאָגט: ס'עקסיסטירן ביי אונז אין ווילנע קינדערהיימען, שולן און אַנדערע מינים בילדונגס־אַנשטאַלטן, וועלכע געפינען זיך נאָמינעל אונטער דער השגחה פון באַשטימטע חברות. אָבער צווישן די שולן און די חברות איז כמעט ניטאָ קיין שום פאַרבינדונג. אויב אַזאַ פאַרבינדונג איז נאָך ביז היינט ניט געשאַפן גע־וואָרן, איז דאָס אַ סימן, אַז די זאַך איז ניט אַזוי לייכט איינצואָרדענען, און

מיר מוזן איצט דעריבער זוכן אַ נייעס וועג. היינט דאַרפן מיר דער עיקר ריידן וועגן אַ פאַראייניקונג פון די טוער פאַר יידישער בילדונג און וועגן אַ סיסטעמאַטישער פירונג פון דער בילדונגס־אַרבעט. דאָס וועט קאָנען דערגרייכן נאָר אַזאַ צענטער, וואָס וועט פאַראייניקן די פּאַקטישע בילדונגס־אַרבעטער און אַרומנעמען די גאַנצע אַרטיקע בילדונגס־טעטיקייט. ווי ווייט זי טראָגט אַ וועלטלעכן כאַראַקטער.

די פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן אָנצורופן די נייע אָרגאַניזאַציע „צענטראַלער יידישער בילדונגס־קאָמיטעט".

ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן אַן אויספיר־קאָמיטעט פון 15 פּערזאָן, וועלכער איז תיכף צוגעטראָטן צו דער אַרבעט.

די אַרבעט איז אין פאַרשיידענע מאָמענטן געווען פאַרשיידן. דער קרייז פון דער אַרבעט האָט זיך אָבער וואָס ווייטער אַלץ מער אויסגעברייטערט. אָנגעהויבן האָט דער צ. ב. ק. זיין טעטיקייט פון פּעדאַגאָגישער און געזעלשאַפטלעך־פּעדאַגאָגישער אַרבעט. דאַן איז צוגעקומען דער קאַמף פאַר דער רעכטלעכער לאַגע פון אונזער שול־וועזן. דאַן די פינאַנציעלע אויסהאַלטונג פון די שולן, אַדמיניסטראַטיוו־ווירטשאַפטלעכע אַרבעט א. א. וו., א. א. וו. מען קאָן זאָגן, אַז פון יאַנואַר 1921 (ווען די קהילה האָט זיך אָפּגעזאָגט אויסצוהאַלטן די שולן) נעמט אַרום דער צ. ב. ק. אַלע זייטן פון אונזער קאָמפּליצירטן שול־לעבן.

II.

## די אנשטאַלטן פון צ. ב. ק.

### א) אַלגעמיינע באַמערקונגען.

שוין זומער 1919 האָט די געזעלשאַפט „קינדערפאַרזאָרגונג" זיך ליקווידירט אָפיציעל און האָט איבערגעגעבן אירע לערנאַנשטאַלטן און די קינדער־ביבליאָטעק דעם צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט. די איבריקע לערנדערציערישע אַנשטאַלטן האָבן זיך געפונען בלויז אונטער דער פּעדאַגאָגישער השגחה פון צ. ב. ק. די אַלגעמיינע צאָל אַנשטאַלטן, וואָס האָבן זיך צו יענער צייט גרופּירט אַרום דעם צ. ב. ק., איז געווען 17, דאָס רוב קליינע, מיט אַ קליינער צאָל קלאַסן.

אין 1919 און 1920 זיינען צוגעקומען אייניקע אַנשטאַלטן (אַ פּאָר קינדערגערטנער, אָוונט־שולן א. אַנד., געבויט דורך פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען, ווי דער ראַטנער־געזעלשאַפט, דער באַ־אַכאָ־געזעלשאַפט). אַזוי־אַרום האָבן זיך איין צייט גרופּירט אַרום דעם צ. ב. ק. ביי 28 אַנשטאַלטן.

פון יאַנואַר 1921 זיינען די אַלע יידיש־וועלטלעכע לערנדערציערישע אַנשטאַלטן פולקום אַריבער צום צ. ב. ק. דער שווערער פינאַנציעלער קריזיס, וואָס אונזער שול לעבט איבער די לעצטע יאָרן, האָט געצוואונגען דעם צ. ב. ק. צו באַרמאַליזירן אונזער שול־וועזן, און ער איז צוגעטראָטן צו רעדוצירן די צאָל אַנשטאַלטן. געוויס, ביי בעסערע פינאַנציעלע מעגלעכקייטן, וואָלט אַ געוויסער טייל פון די רעדוצירטע אַנשטאַלטן געדאַרפט פאַרבלייבן עקסיסטירן

אויף ווייטער. מען וואָלט זיי נאָר געדאַרפט אַריבערטראָגן אין אַנדערע ראַיאָנען פון שטאָט, אָבער דער שטענדיקער געלט=מאַנגל האָט געצוואונגען צו פאַרמאַכן אפילו די=יעניקע, וועלכע האָלטן ביי נאָרמאַלערע באַדינגונגען געהאַט אַ זכות=הקיום, כדי דורך דער רעדוקציע צו פאַרלייכטערן די עקסיסטענץ פון די איבעריקע שולן.

עס זיינען געשלאָסן געוואָרן 2 נאָכמיטאָג = שולן (אויפן נאָמען פון „העלענע כאַצקעלס" און „מ. ראַטנער"). דער טיפּ נאָכמיטאָג=שולן האָט אָפּגעלעבט שוין זיין צייט. אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז די נאָכמיטאָג=שול געווען זייער אַ נויטיקע אַנשטאַלט. די מאַמעס פלעגן מוזן שטיין אין די פאַרשיידענע רייען צו באַקומען קאַרטן = ברויט, אַנדערע פּראָדוקטן א. א. וו. דאָס פלעגט אָפּנעמען דאָס רוב דעם ערשטן האַלבן טאָג. די 9-10=יאָריקע קינדער פלעגן מוזן פאַרבלייבן אין שטוב, אַכטונג צו געבן אויף די קלענערע קינדער און אויף דער ווירטשאַפט. ערשט אַ זייגער 2 ביי טאָג פלעגט די מאַמע קומען פון גאַס, און דאָס קינד פלעגט קאָנען אַוועקגיין אין שול דעריבער האָט די נאָכמיטאָג=שול אין די יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע און אויך אין 1919 און 1920 געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג. שפּעטער, ווען די צאָל קינדער, וואָס נייטיקן זיך אין אַזאַ שול, איז געוואָרן קלענער, האָט דער צ. ב. ק. געשלאָסן די נאָכמיטאָג=שולן, אַריבערפירנדיק אַ טייל קינדער אין די מאָרגן=שולן, אַ טייל אין די אָוונט=שולן. אַ געוויסער טייל, מוז געזאָגט ווערן אָפן, איז געבליבן טאַקע אָן אַ שול. אָבער דער צ. ב. ק. האָט ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַזאַ שול אויסצוהאַלטן.

דער צ. ב. ק. האָט אויך געשלאָסן די פאָלקס = שול אויפן נאָמען פון ב. באָראָכאָוו, וועלכע האָט געהאַט אינגאַנצן 2 קלאַסן און האָט זיך געפונען אין אַ ראַיאָן, ניט ווייט פון אַ צווייטער שול פון צ. ב. ק., אין וועלכער די קינדער זיינען אַריבערגעפירט געוואָרן. דער צ. ב. ק. האָט פאַראייניקט די נאָענט=ליגנדיקע פאָלקס-שולן ביי דער אַרבעטער = קינדערהיים און די פּ.=ש. „י. ל. פּרץ".

עס איז געשלאָסן געוואָרן די אָוונט=שול „באָראָכאָוו" צוליב די זעלבע טעמים און אויך צוליב דער קליינער צאָל באַזוכער.

דער צ. ב. ק. האָט זיך אָפּגעזאָגט אויסצוהאַלטן די אָוונט=שול ביי דער פּראָפ. שול „הילף דורך אַרבעט", געפינענדיק, אַז די געזעלשאַפט „הילף דורך אַרבעט" אַליין דאַרף זי אויסהאַלטן. די געזעלשאַפט אָבער האָט באַשלאָסן ניט צו האָבן קיין שול ביי זיך, און זי האָט געשיקט די שילער אין אונזערע איבעריקע אָוונט=שולן.

די אָוונט=שול „מ. ווינטשעווסקי" האָט מען געמוזט שליסן, ווייל זי האָט ניט באַקומען קיין קאָנצעסיע פון דער מאַכט.

עס זיינען אויך געשלאָסן געוואָרן 5 קינדערגערטנער. די פאָרשולבילדונג איז ביי אונז אין ווילנע געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה. אין דער צייט, ווען ביי די פּאָליאַקן אין ווילנע פעלט כמעט אינגאַנצן דער טיפּ קינדערגאָרטן — האָבן צום צ. ב. ק. געהערט 7 אַנשטאַלטן פון פאָרשולבילדונג.

די נייע שול, וואָס שטרעבט צו דערציען אַ נייעם מענטשן, האָט זיך געמוזט פאַראינטערעסירן מיט דער דערציאונג פון 4 ביז 7 יאָר. אָבער אַ גוט־אַוועק־געשטעלטער קינדער־גאָרטן מוז האָבן אַ באַגרענעצטע צאָל קינדער (40 — 45 אויף 2 דערציערינס), מוז מאַכן גרויסע הוצאות. דעריבער קאָסט אַ קינד אין קינדער־גאָרטן אַ סך מער ווי אין אַ שול. דערצו איז דער קינדער־גאָרטן נאָך ווייניק פּאָפּולער ביי די ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. אויב מ'זאָל נאָך צוגעבן, אַז אין 1920 איז געווען אַ קליינע צאָל קינדער פון דעם פאַר־שול־עלטער, וועט ווערן פאַרשטענדלעך, אַז דער צ. ב. ק. האָט געמוזט פאַר־קלענערן די צאָל אַנשטאַלטן, איבערלאָזנדיק נאָר 2, וועלכע דאַרפן דינען אַלס מוסטער־שול פון דעם טיפּ *).

פאַר דער צייט זיינען געעפנט געוואָרן אויך נייע אַנשטאַלטן, ווי דער לערער־סעמינאַר, די הומאַניסטישע גימנאַזיע.

ביי היינטיקן טאָג געהערן צום צ.ב.ק. די לערנדערציערישע אַנשטאַלטן:

| | | |
|---|---|---|
| 1) קינדער־גאָרטן „ב. באָראָכאָוו“ | — | נאָוואָגאָראָדער 64 |
| 2) „ „ „גר. בוימעלעך“ | — | זאַוואַלנע 28 |
| 3) פאָלקס־שול ש. פרוג | — | באַקשט גאַס 4 |
| 4) „ „מפיצי־השכלה“ | — | אָסטראָבראָם 26 (בעלינע 4) |
| 5) „ דבורה קופערשטיין | — | קאָנע (באַזיליאַנסקע) 4 |
| 6) „ ל. גורוויטש | — | אָרזשעשקאָווע גאַס 7 |
| 7) „ שלום־עליכם | — | סוזדאַלער 10 |
| 8) „ י. דינעזאָן | — | כיווינער (כאַצימער) 7 |
| 9) „ ש. אַנסקי | — | סובאָטש גאַס 29 |
| 10) „ | — | אַנטאָקאָלער 47 |
| 11) אָוונט־שול י. ל. פּרץ | — | קאָנע (באַזיליאַנסקע) 4 |
| 12) „ מ. ראַטנער | — | אָרזשעשקאָווע 7 |
| 13) מאַטעמאַטיש־נאַטורוויסנשאַפט־לעכע (רעאַל) גימנאַזיע | — | קאָנסקע 1 |
| 14) הומאַניסטישע גימנאַזיע | — | גר.־פּאָהוליאַנקע 18 |
| 15) לערער־סעמינאַר | — | אָרזשעשקאָ 7 |
| 16) אינטערנאַט פאַר אַרב.־קינדער | — | וויטאָלד־גאַס 33 |
| 17) קינדער־ביבליאָטעק | — | גר.־פּאָהוליאַנקע 18 |

ב) אַלגעמיינע צאָל קלאַסן:

טאַבעלע № 1a — קינדער־גערטנער

אַלגעמיינע צאָל גרופּן:

| | באָראָכאָוו | גרינינקע בוימעלעך | ס"ה |
|---|---|---|---|
| גרופּן . . | 2 | 2 | 4 |

*) דער צ. ב. ק. האָט נאָך אַ מאָנטעסאָרי־קלאַס (איבערגאַנג פון קינדער־גאָרטן צו דער שול) ביי דער הומאַניסטישער גימנאַזיע.

טאַבעלע № 1b

פאָלקס = שולן

אלגעמיינע צאָל קלאַסן:

| | לייזער הורוויטש | ייִנגל=שול מפיצי=השכלה | אַנ—סקי=שול | ש. פרוג | שלום=עליכם | דבורה קופערשטיין | אנטאָקאָלער | דינעזאָן=שול | ס"ה |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| גרונד=קלאַסן | 6 | 8 | 4 | 8 | 4 | 6 | 5 | 4 | 45 |
| פאַר אַל. קל. | — | — | — | — | — | 2 | — | — | 2 |
| | 6 | 8 | 4 | 8 | 4 | 8 | 5 | 4 | 47 |

טאַבעלע № 1c

אָוונט=שולן

אלגעמיינע צאָל גרופּן:

| אָוונט=שול | י. ל. פּרץ | מ. ראַטנער | ס"ה גרופּן: |
|---|---|---|---|
| גרופּן . . | 5 | 4 | 9 |

טאַבעלע № 1d

מיטל=שולן

| | מאַטעמאַטיש=נאַטורוויסנ= שאַפטלעכע גימנאַזיע | הומאַניסטישע גימנאַזיע | בס"ה |
|---|---|---|---|
| גרונד=קלאַסן | 10 | 5 | 15 |
| פּאַראַלעלע . | 3 | — | 3 |
| בס"ה. . . | 13 | 5 | 18 |

לערער=סעמינאַר — 3 גרונד=קלאַסן

צוזאַמען — קינדער=גערטנער . . . . . . 2
פאָלקס=שולן . . . . . . . . 47
אָוונט=שולן . . . . . . . . 9
גימנאַזיעס . . . . . . . . 18
לערער=סעמינאַר . . . . . . 3
בס"ה . 79

אין די קינדער־גערטנער איז קיין גענויע פּאַרטיילונג אויף גרופּעס ניטאָ. דאָך בילדן די 4 — 5־יאָריקע — די ייִנגערע גרופּע, $5^1/_2$ — 6 — 7־יאָריקע — די עלטערע גרופּע. פון די פאָלקס־שולן זיינען 2 אכטקלאַסיקע. דאָס איז אַ באַשטימטער טיפּ פון אַ פאָלקס־שול. די איבעריקע האָבן נאָך ניט קיין פאַרענדיקטן טיפּ. עס איז געווען אַ צייט, ווען דער צווייטער טיפּ צווישן אונזערע פאָלקס־שולן איז געווען אַ 6־קלאַסיקע שול. לעצטנס, ווען די מלוכה האָט פעסטגעשטעלט אַ 7־קלאַסיקע שול אַלס אַ נאָרמאַלן טיפּ פון אַ פ"ש אין פוילן, וועט דער צ. ב. ק. אויך פאַרוואַנדלען זייגע 6־קלאַס. פ"ש אין 7־קלאַסיקע. שוין הייער וועט ביי איינער פון די 6־קלאַסיקע שולן געעפנט ווערן אַ 7־טער קלאַס.

אין די ראַיאָניקע פאָלקס־שולן, וואו עס איז אַ קלענערע צאָל שילער אין יעדן קלאַס, זיינען די קלאַסן פאַראייניקט אין איין צימער. אין דינעזאָן־שול זיינען פאַראייניקט דער 1־טער מיטן 2־טן, דער 3־טער מיטן 4־טן; דאָס זעלבע אין אַנ—סקי. אין אַנטאָקאָלער זיינען פאַראייניקט דער I, II און III, דאָן דער IV מיטן V.

אין די אָוונט־שולן איז ניט קיין קלאַסן־סיסטעם, נאָר אַ געגנשטאַנד־סיסטעם, ד. ה. איין שילער קאָן זיין אויף איין לימוד אין איין גרופּע, אויף אַ צווייטן לימוד אין אַן אַנדערער. דעריבער איז אין דער אָוונט־שול ניט אויף אַלע לימודים אַ גלייכע צאָל גרופּעס.

די מאַטעמאַטיש־נאַטורוויסנשאַפטלעכע גימנאַזיע האָט שוין אַ פאַרענדיקטע צאָל קלאַסן: 2 צוגרייטונגס־קלאַסן און 8 קלאַסן. די הומאַניסטישע האָט זיך ערשט אין האַרבסט 1923 אָרגאַניזירט, איר עלטסטער קלאַס איז דערווייל דער 5.

ביים אינטערנאַט עקזיסטירט ניט ביי הייגטיקן טאָג קיין באַזונדער שול. די קינדער באַזוכן די שול פון ל. גורוויטש. דעריבער ווערט דער אינטערנאַט ניט דערמאָנט אויך אין די איבעריקע טאַבעלעס.

ג) די שילערשאַפט.

שילער צום 1־טן מערץ 1924 יאָר.

טאַבעלע № 2a

קינדער־גערטנער

| אַנשטאַלט | ייִנגל | מיידל | בס"ה |
|---|---|---|---|
| באַראָכאָוו . . | 15 | 26 | 41 |
| גר. ביימעלעך . | 21 | 31 | 52 |
| בס"ה | 36 | 57 | 93 |
| אין % . | 38,6 | 61,4 | 100 |

## טאַבעלע № 2b
### פאָלקס-שולן

| | ייִנגלעך | מיידלעך | בס"ה |
|---|---|---|---|
| פרוג . . . . | — | 391 | 391 |
| מפיצי-השכלה . | 375 | — | 375 |
| ד. קופערשטיין . | — | 347 | 347 |
| ל. גורוויטש . . | 115 | 111 | 226 |
| שלום-עלכם . . | 24 | 184 | 208 |
| דינעזאָן . . . | 5 | 80 | 85 |
| אַנ—סקי . . . | — | 62 | 62 |
| אַנטאָקאָלער . . | 35 | 40 | 75 |
| בס"ה | 554 | 1215 | 1769 |
| אין % | 31,3 | 68,7 | 100 |

## טאַבעלע № 2c
### אָוונט-שולן

| אַנשטאַלט | ייִנגלעך | מיידלעך | בס"ה |
|---|---|---|---|
| י. ל. פּרץ . | 129 | 156 | 285 |
| מ. האַטנער . | 71 | 89 | 160 |
| בס"ה | 200 | 245 | 445 |
| אין % | 44,9 | 55,1 | 100 |

## טאַבעלע № 2d
### מיטל-שולן

| אַנשטאַלט | ייִנגלעך | מיידלעך | בס"ה |
|---|---|---|---|
| מאַט.-גאַט. גימנ. | 221 | 249 | 470 |
| הומאַניסט. גימנ. | 79 | 93 | 172 |
| בס"ה | 300 | 342 | 642 |
| אין % | 46,7 | 53,3 | 100 |

| | | |
|---|---|---|
| לערער־סעמינאַר — ייִנגלעך . . . . | 35 | 39% |
| מיידלעך . . . | 55 | 61% |
| בס״ה . | 90 | |

**אין אַלע אַנשטאַלטן:**

| אַנשטאַלטן | ייִנגלעך | מיידלעך | בס״ה |
|---|---|---|---|
| קינדער־גערטנער . . | 36 | 57 | 93 |
| פאָלקס־שולן . . . | 554 | 1215 | 1769 |
| אָוונט־שולן . . . . | 207 | 238 | 445 |
| מיטל־שולן . . . . | 300 | 342 | 642 |
| לערער־סעמינאַר . . | 35 | 55 | 90 |
| בס״ה | 1132 | 1907 | 3039 |
| אין % . | 37,2 | 62 8 | 100 |

אין אַלגעמיין איז אין די אַנשטאַלטן פון צ. ב. ק. אָנגענומען דער פּרינציפּ פון די געמישטע שולן. אַן אויסנאַם בילדעט נאָר די ייִנגל־שול „מפיצי־השכלה", אין וועלכער עס ווערן אָנגענומען בלויז ייִנגלעך.

ווי ווערן פאַרטיילט די קינדער לויט די קלאַסן אָדער גרופּן?

טאַבעלע № 3a — קינדער־גערטנער

| | I | | | II | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | ייִנגל. | מיידל. | בס״ה | ייִנגל. | מיידל. | בס״ה |
| באָראָכאָוו . . . | 8 | 14 | 22 | 7 | 12 | 19 |
| גר. ביים. . . | 9 | 18 | 27 | 12 | 13 | 25 |

טאַבעלע № 3b

פאָלקס = שולן

| אנשטאַלטן | I ייִנגל | I מיידל | I בס״ה | II ייִנגל | II מיידל | II בס״ה | III ייִנגל | III מיידל | III בס״ה | IV ייִנגל | IV מיידל | IV בס״ה | V ייִנגל | V מיידל | V בס״ה | VI ייִנגל | VI מיידל | VI בס״ה | VII ייִנגל | VII מיידל | VII בס״ה | VIII ייִנגל | VIII מיידל | VIII בס״ה |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ש. פרוג . . . | — | 37 | 37 | — | 55 | 55 | — | 66 | 66 | — | 62 | 62 | — | 66 | 66 | — | 49 | 49 | — | 32 | 32 | — | 24 | 24 |
| מ. השכלה. . . | 22 | — | 22 | 59 | — | 59 | 67 | — | 67 | 68 | — | 68 | 59 | — | 59 | 39 | — | 39 | 28 | — | 28 | 33 | — | 33 |
| ד. קופערשטיין . | — | 40 | 40 | — | 60 | 60 | — | IIIa 42 IIIb 46 | 42 46 | — — | IVa 33 IVb 38 | 33 38 | — | 58 | 58 | — | 30 | 30 | — | — | — | — | — | — |
| ל. גורוויטש . . | 9 | 10 | 19 | 20 | 17 | 37 | 23 | 29 | 52 | 29 | 23 | 52 | 20 | 19 | 39 | 14 | 13 | 27 | — | — | — | — | — | — |
| שלום-עליכם . . | 8 | 40 | 48 | 3 | 53 | 56 | 10 | 46 | 56 | 3 | 45 | 48 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — |
| דינעזאָן . . . | 3 | 12 | 15 | — | 28 | 28 | 1 | 17 | 18 | 1 | 23 | 24 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — |
| אנ—סקי . . . | — | 8 | 8 | — | 12 | 12 | — | 15 | 15 | — | 27 | 27 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — |
| אנטאָקאָל . . . | 8 | 2 | 10 | 6 | 3 | 9 | 8 | 16 | 24 | 6 | 8 | 14 | 7 | 11 | 18 | — | — | — | — | — | — | — | — | — |
| | 50 | 149 | 199 | 88 | 228 | 316 | 109 | 277 | 386 | 107 | 259 | 366 | 86 | 154 | 240 | 53 | 92 | 145 | 28 | 32 | 60 | 33 | 24 | 57 |

מיר האָבן געבראַכט די ביידע טאַבעלעס, כדי צו באַווייזן דעם אונטערשייד פון דער צאָל קינדער אין אַ גרופּע פון קינדער-גאָרטן און קלאַס אין שול.

בנוגע די שולן איז ביי אונז אָנגענומען, אַז דער דורכשניט דאַרף זיין ניט ווייניקער פון 35 קינדער אין אַ קלאַס. עס זיינען אָבער פאַראַן קלאַסן מיט אַ סך אַ גרעסערער צאָל קינדער (ביז 60 און אַפילו מער). אויב דער דורכשניט איז ווייניקער ווי 35, ווערן די קלאַסן פאַראייניקט אונטער אָנפיר פון 1 לערער.

דער שול-עלטער פון די קינדער.

טאַבעלע № 4a — קינדער-גאָרטנער

| אַנשטאַלט | 4—יאָר. | 5—יאָר. | 6—יאָר. | 7—יאָר. |
|---|---|---|---|---|
| באָראָכאָוו . . . | 10 | 17 | 9 | 5 |
| גרינ. ביימעלעך . | 14 | 20 | 14 | 4 |

טאַבעלע № 4b — פאָלקס-שולן.

| עלטער / קלאַסן | 6 | 7 | 8 | 9 | 10 | 11 | 12 | 13 | 14 | 15 | 16 | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| I | 19 | 101 | 50 | 20 | 5 | 4 | — | — | — | — | — | 199 |
| II | — | 22 | 112 | 97 | 50 | 31 | 4 | — | — | — | — | 316 |
| III | — | — | 36 | 95 | 142 | 76 | 31 | 5 | 1 | — | — | 386 |
| IV | — | — | — | 22 | 75 | 110 | 92 | 63 | 4 | — | — | 366 |
| V | — | — | — | — | 20 | 60 | 68 | 73 | 19 | — | — | 240 |
| VI | — | — | — | — | — | 10 | 32 | 66 | 31 | 6 | — | 145 |
| VII | — | — | — | — | — | — | 3 | 16 | 18 | 23 | — | 60 |
| VIII | — | — | — | — | — | — | — | 7 | 23 | 17 | 10 | 57 |
| | | | | | | | | | | | | 1769 |

פון דער טאַבעלע איז צו זען, אַז, אין אַלגעמיין גענומען, איז דער עלטער אין אונזערע קלאַסן אַ נאָרמאַלער. למשל, אינם ערשטן לערניאָר איז פון 199 קינדער—101 זיבניאָריקע, ד. ה. 52%. אויב רעכענען אויך די קינדע ר

פון 6 ביז 7 יאָר און 7 ביז 8 יאָ״, באַקומט זיך אַ צאָל 176, וואָס בילדעט 85.5%. אויך אין צווייטן לערניאָר, אויב רעכענען די 8= און 9=יאָריקע, וועט זיך באַקומען 209 קינדער פון 316, ד. ה. 2/3 פון דער גאַנצער צאָל קינדער אין צווייטן לערניאָר.

טאַבעלע № 4c — אָוונט=שולן.

| שול \ עלטער | 13 | 14 | 15 | 16 | 17 | 18 | 19 | 20 | 21 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| י. ל. פרץ . | 15 | 40 | 72 | 80 | 54 | 18 | 3 | 1 | 2 |
| מ. ראַטנער . | 3 | 21 | 30 | 39 | 32 | 23 | 10 | 2 | — |

טאַבעלע № 4d — מיטל=שולן.

| קלאַסן \ עלטער | 6 | 7 | 8 | 9 | 10 | 11 | 12 | 13 | 14 | 15 | 16 | 17 | 18 | 19 | בס״ה |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| I צוגרייט. | 18 | 9 | 3 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 30 |
| II צוגרייט. | — | — | 11 | 7 | 3 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 21 |
| I קלאַס | — | — | 16 | 24 | 10 | 6 | — | — | — | — | — | — | — | — | 56 |
| II קלאַס | — | — | — | 8 | 22 | 32 | 15 | — | — | — | — | — | — | — | 77 |
| III קלאַס | — | — | — | — | 2 | 14 | 32 | 34 | 6 | — | — | — | — | — | 88 |
| IV קלאַס | — | — | — | — | — | 3 | 14 | 22 | 32 | 9 | — | — | — | — | 80 |
| V קלאַס | — | — | — | — | — | — | 3 | 14 | 22 | 32 | 22 | 1 | — | — | 94 |
| VI קלאַס | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 6 | 24 | 29 | 7 | 2 | — | 70 |
| VII קלאַס | — | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 12 | 24 | 24 | 6 | 2 | 70 |
| VIII קלאַס | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 8 | 22 | 21 | 3 | 56 |
| | | | | | | | | | | | | | | | 642 |

ד) וועלכע שיכטן שיקן זייערע קינדער אין די אנשטאלטן פון צ. ב. ק.?

טאבעלע 5

| | ק.-ג. | פ.-ש. | אָונט-שולן | מיטל-שולן |
|---|---|---|---|---|
| | אין % | אין % | אין % | אין % |
| לוין-אַרבעטער . . | 17,4 | 21,4 | 26 | 7,3 |
| האַנדלס-אָנגעשט. . | 9,3 | 8,4 | 5 | 13,3 |
| בעלי-מלאכות (פאַר זיך) | 29,1 | 31,8 | 29 | 20,6 |
| קליינהענדלער . . | 24,5 | 23,8 | 21 | 32,0 |
| סוחרים . . . . | 5,8 | 1,0 | 1 | 10,2 |
| פרייע פּראָפ. . . | 3,4 | 3,5 | 4 | 6,1 |
| כלי-קדש . . . | 1,2 | 1,0 | 1 | 1,3 |
| פאַרשיידענע . . | 9,3 | 9,1 | 13 | 9,2 |
| בס"ה . | 100 | 100 | 100 | 100 |

ווי עס איז צו זען פון דער טאַבעלע, שיקן אין אונזערע אַנשטאַלטן זייערע קינדער — דאָס רוב בעלי-מלאכות, דורכשניטליך 27,6% (דערביי דערגרייכט דער % אין די פ-ש ביז 31,8%), לוין-אַרבעטער און האַנדלס-אָנגעשטעלטע 27%, דערביי (דערגרייכט זייער % אין די פ-ש 29,8%, אין די אָונט-שולן 31%), קליינהענדלער 25,6%, סוחרים איז אַ באַדייטנדיקער % בלויז אין די גימנ. — 10,2% און אין די ק-ג — 5,8%, אין די פ-ש נאָר 1%. אויך אַ טייל פון די כלי-קודש שיקן זייערע קינדער אין אונזערע שולן.

ה) לערער=פערסאָנאַל.

**אין די אַנשטאַלטן פון צ. ב. ק. אונטעררייכטן:**

**טאַבעלע 6**

| | לערער | | לערערינס | | בס"ה | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | צאָל | אין % | צאָל | אין % | צאָל | אין % |
| קינדער=גערטנער . | — | — | 4 | 100 | 4 | 100 |
| פּאָלקס=שולן . . . | 56 | 58,3 | 40 | 41.7 | 96 | 100 |
| אָונט=שולן . . . | 19 | 67,8 | 9 | 32.2 | 28 | 100 |
| מיטל=שולן . . . | 27 | 77,2 | 8 | 22,8 | 35 | 100 |
| סעמינאַר . . . . | 16 | 89,0 | 2 | 11,0 | 18 | 100 |
| אַרב.=אינטערנאַט. . | — | — | 1 | 100 | 1 | 100 |

היות ווי אייניקע לערער אַרבעטן הן אין די פ=ש והן אין די אָוונט=שולן, אָדער אויך אין די מיטל=שולן, דעריבער איז די צאָל פּערזאָנען, וואָס אַרבעטן אין אונזערע אַנשטאַלטן, — 89 לערער, 54 לערערינס — בס"ה 143 פּערזאָן.

**די דאָזיקע פּערזאָנען האָבן אַ בילדונגס=צענז:**

**טאַבעלע 7**

| | הויז= בילדונג. | פּאָלקס= שול. | מיטל= שול. | העכערע בילדונג. | ספּעציעלע לערער= בילדונג. |
|---|---|---|---|---|---|
| ק—ג . . . . . . | — | — | — | — | 6 |
| פּ—ש . . . . . . | 8 | 5 | 50 | 4 | 29 |
| א—ש . . . . . . | 2 | — | 11 | 5 | 10 |
| מיטל=שולן . . . . | — | — | 5 | 19 | 11 |
| בס"ה . . | 10 | 5 | 66 | 28 | 56 |

## אַרבעטן אַלס לערער אין שולן:

טאַבעלע 8

| | ביז 3 יאָר | ביז 5 יאָר | ביז 10 יאָר | ביז 15 יאָר | ביז 20 יאָר | 20 יאָר און מער | ס״ה |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אין % | אין % | אין % | אין % | אין % | אין % | אין % |
| קינד.=גערטנער | — | 50,0 | 50,0 | — | — | — | 100 |
| פֿאָלקס=שולן . | 10,0 | 25 0 | 36,9 | 17,7 | 7,3 | 3,1 | 100 |
| אָוונט=שולן . | 33,0 | 20,0 | 33,0 | 7,0 | 7,0 | — | 100 |
| מיטל=שולן . | 56,0 | 25,9 | 28,7 | 25,6 | 11 4 | 2,8 | 100 |
| סעמינאַר . . | 35,4 | 21,9 | 14,3 | 7,1 | 14,2 | 7,1 | 100 |

## אַרבעטן אין יידיש=וועלטלעכע שולן:

טאַבעלע 9

| | 1 יאָר | 2 יאָר | 3 יאָר | 4 יאָר | 5 יאָר | 6 יאָר | 7 יאָר | 8 יאָר | בס״ה |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אין % | אין % | אין % | אין % | אין % | אין % | אין % | אין % | אין % |
| קינ.=גערט. | — | — | — | 50,0 | — | 25,0 | — | 25,0 | 100 |
| פֿאָלקס=שולן | 10,4 | 15,6 | 9,4 | 9,4 | 12,5 | 12,5 | 24,0 | 6,2 | 100 |
| אָוונט=שולן | 14,5 | 18,0 | — | 25,0 | — | 34,0 | 3,5 | 5,0 | 100 |
| מיטל=שולן. | 2,8 | 11,4 | 34,2 | 11,4 | 11,4 | — | 22,8 | 6,0 | 100 |

די ווילנער שולן פֿון צ. ב. ק. האָבן לפּי=ערך אַ גאַנץ גוט צוגעגרייטן לערער=פּערסאָנאַל. אַ גאַנץ גרויסער טייל האָט געענדיקט דעם יידישן לערער=אינסטיטוט. פֿון די לערערינס האָט אַ גרויסער טייל געענדיקט גימנאַזיעס, און פֿון זיי אַ באַדייטנדיקער טייל אויך דעם 8=טן פּעד. קלאַס אין די טרויען=גימנאַזיעס. אָן אַ סיסטעמאַטישער בילדונג זיינען פֿאַראַן ביי אונז אינגאַנצן 10, מיט אַ בילדונג פֿון אַ פֿאָלקסשול בלויז 5. אין דער טאַבעלע 7 האָבן מיר

אונטערן קעפּל ספּעצ. לערער־בילדונג אַריינגערעכנט די, וואָס האָבן געענדיקט דעם לערער־אינסטיטוט, די פּרעבל־קורסן און די 2 יאָריקע פּעדאַגאָגישע קורסן ביי דער קהילה.

כאַראַקטעריסטיש פאַר די יידישע שולן איז דער פאַקט, וואָס פון 143 פּערזאָן, וואָס אַרבעטן אַלס לערער אין אונזערע אַנשטאַלטן, זיינען 89, ד. ה. 62,2% לערער און 37,8% לערערינס. אין די פּוילישע שולן, למשל, איז דער ווייט גרעסטער % לערערינס.

די לערער, וואָס אַרבעטן אין אונזערע שולן, זיינען כמעט אַלע פּראָפע־סיאָנאַלן, וועלכע אַרבעטן אויף דעם געביט אין משך פון לאַנגע יאָרן. אין דעם קאָן אונז איבערצייגן די טאַבעלע 8.

וויכטיק איז די טאַבעלע 9. פון איר איז בולט צו זען, אַז דער ווייט גרעסטער טייל לערער אַרבעט מער ווי 3 יאָר אין די יידיש־וועלטלעכע שולן, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס לויט זייער בילדונג וואָלטן זיי זיך געקאָנט איינ־אָרדענען אין אַזעלכע בילדונגס־אַנשטאַלטן, וואו דער מאַטעריעלער מצב איז אַ סך אַ בעסערער, וואו מען זיצט ניט חדשים לאַנג אָן געהאַלט. דאָס באַווייזט, אַז די לערער אין די אַנשטאַלטן פון צ. ב. ק. זיינען דאָס רוב איבערצייגטע אָנהענגער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול, וועלכער זיי גיבן אַוועק זייער גאַנצע צייט און ענערגיע.

## III.

## פּעדאַגאָגישע אַרבעט.

### א) אַלגעמיינע באַמערקונגען.

ווען דער צ. ב. ק. האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט, האָט יעדע שול גע־לעבט מיט איר באַזונדערן לעבן — געהאַט אַן אייגענעם לערנפּלאַן, וועלכער האָט זיך שטאַרק אונטערשיידט פון די לערנפּלענער פון אַנדערע שולן. גע־פירט די פּעדאַגאָגישע אַרבעט אויף דער אייגענער אחריות. ניט געטיילט זיך מיט אירע דערפאַרונגען און ניט געלערנט זיך פון דער פּראַקטיק פון אַנדערע שולן. די צאָל וועכנטלעכע שעהן אין קלאַס פלעגט דערגיין אין אייניקע פאָלקס־שולן ביז 40 און אפילו העכער. דער געדויער פון די לעקציעס איז געווען אַ פאַרשיידענער אין פאַרשיידענע שולן (פון 45 מינוט ביז 55 מינוט). דער עלטער ביים אָנקומען אין דעם ערשטן לערניאָר איז געווען ווייט ניט דער אייגענער: אייניקע שולן פלעגן זיך דערלויבן אָננעמען קינדער פון $5\frac{1}{2}$ יאָר. דער לערער־פּערסאָנאַל פלעגט זיך כמעט ניט באַנייען; אַזוי־אַרום פלעגט די שול ליידן פון די ניטצוגעפּאַסטע לערער.

אַריינטראָגן אַ סדר אין דער פּעדאַגאָגישער זייט פון שול — דאָס איז געווען די וויכטיקסטע אויפגאַבע, וואָס דער צ. ב. ק. האָט זיך געשטעלט זינט דעם ערשטן טאָג פון זיין עקסיסטענץ. און מען דאַרף זאָגן, אַז די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע און קאָמפּליצירטע. דער סעפּאַראַטיזם פון די באַזונ־דערע שולן, וועלכער האָט זיך אויסגעאַרבעט אין די ערשטע יאָרן פון דער עקסיסטענץ פון די שולן, האָט זיך זייער שטאַרק געלאָזט פילן.

היות ווי דער צ. ב. ק. נעמט אַרום אַלע זייטן פונם שול-לעבן, איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז ניט אויף אַלע געביטן קומט אים אויס אַלע מאָל אינטענסיוו צו אַרבעטן. אין איין פּעריאָד פאַרשטאַרקט זיך די פּעד. אַרבעט; אָבער עס קומט אָן אַ נויטווענדיקייט צו קאָנצענטרירן אַלע כּוחות אַרום דעם קאַמף פאַר רעכט פון אונזערע שולן, אָדער מען מוז די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט לייגן אויף די פינאַנצן; דאַן ווערט די אַרבעט געפירט אויף אַנדערע געביטן שוואַכער. מען דאַרף געדענקען, אַז דער צ. ב. ק. כּמעט אַ „בילדונגס-מיניסטעריום", באַזיצט זייער קליינע מיגלעכקייטן סיי אין געלט, סיי אין מענטשן.

ב) טיפ פון שול.

אַ סך צייט האָט אָפּגענומען די פראַגע וועגן טיפּ פון אונזער פאָלקס-שול, ד. ה. וויפל לערניאָרן דאַרף די שול האָבן. עס איז געווען אַ מיינונג, אמת, אַ ווייניק פאַרשפרייטע, אַז אונזער שול, וועלכע איז געבויט דערהויפט פאַר די קינדער פון די ברייטסטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, דאַרף זיין אַ פיריאָריקע: די אָרעמע שיכטן פון דער באַפעלקערונג האָבן קיין מיגלעכקייט ניט צו האַלטן די קינדער לענגער אין שול, זיי גייען סיי-ווי-סיי אין אַ גרויסער צאָל אַוועק פון IV, V און אַפילו פון 3-טן לערניאָר צו דער אַרבעט; דעריבער מוז מען בויען די פּראָגראַם אַזוי, אַז אין 4 לערניאָרן זאָל מען קאָנען געבן די קינדער אַ באַשטימטן סכום ידיעות. די קעגנער פון דער דאָזיקער מיינונג האָבן אויפגעוויזן, אַז אין 4 יאָר (בּפרט אַז אין ערשטן לערניאָר קומען אָן קינדער, וועלכע קאָנען ניט לייענען און שרייבן), קאָן מען ניט געבן אַ פאַרענדיקטן קאָנצענטור וויסן, מיט וועלכן דאָס קינד זאָל שוין אַרויסגיין אין לעבן. דעריבער מוז מען בויען אַ 6-יאָריקע און אויך אַן 8-יאָריקע פאָלקס-שול. די עלטערן מוז מען צוגעוואוינען האַלטן דאָס קינד אין שול מינימום 6 יאָר, און עס איז טאַקע פעסטגעשטעלט געוואָרן אַ טיפּ פון אַ 6-קלאַסיקער און 8-קלאַסיקער פאָלקסשול.

לעצטנס אָבער, ווען מען הייבט אָן איינפירן אויך אין אונזער קאַנט דעם שול-צוואַנג, און ווען די מלוכה-שול איז אַ 7-יאָריקע, ווערט פאַר אונז אַקטועל די פראַגע צו פאַרוואַנדלען דעם טיפּ פון אַ 6-קלאַסיקער שול אין אַ טיפּ פון אַ 7-קלאַסיקער. דעם נאָענטסטן לערניאָר רעכענען מיר ביי איינער פון אונזערע 6-קלאַסיקע שולן צו עפענען אַ 7-טן קלאַס. הגם עס איז פאַר אונז קלאָר, אַז צוליב דער פילשפּראַכיקייט וועט אונזער נאָרמאַלע שול מוזן האָבן אַן אַכטן לערניאָר.

זייער אַ קאָמפּליצירטע פראַגע (ניט נאָר ביי אונז, נאָר אויך ביי די אומות העולם) איז וועגן אַריבערגיין פון פאָלקס-שול אין מיטלשול. די פראַגע איז דערווייל ביי אונז געלייזט אויף דעם אופן, אַז פון די שילער, וואָס ענדיקן אונזערע 6-קל. אָדער 8-קל. פאָלקסשולן, און ווילן אָנקומען אין אַן אַנטשפּרעכנדיקן לערניאָר פון דער גימנאַזיע, פאָדערט מען אַ צוגרייטונג דערהויפּט אין נאָך אַ פרעמדער שפּראַך, טיילווייז אויך אין מאַטעמאַטיק.

ביים הייניטיקן טאָג איז ניטאָ קיין שול (אויסער די עלטערע קלאַסן פון די גימנאַזיעס), וועלכע זאָל האָבן מער ווי 36 שעה אין אַ קלאַס. דער געדויער פון דער לעקציע איז איינגעשטעלט — 45 מינוט.

ביים פעסטשטעלן דעם לערנפּלאַן איז אויסגעקומען זיך צו רעכענען מיט דעם, פון וועלכן לערניאָר עס הייבט זיך אָן דער לימוד פון העברעאיש. אין דעם גרעסטן טייל שולן הייבט זיך דער דאָזיקער לימוד אָן פונם 3-טן לערנ-יאָר. אין 3 פאָלקסשולן (ייִנגל-שול „מפיצי-השכלה“, „ל. גורוויטש“ און אַנ-טאָקאָליער שול) הייבט מען אָן לערנען העברעאיש פונם צווייטן לערניאָר, הגם דער צ. ב. ק. האַלט, אַז אין די ערשטע צוויי לערניאָרן טאָר מען קיין אַנדער שפּראַך, אויסער יידיש, ניט לערנען. אויב מען האָט ביז איצט אין די דאָזיקע 3 שולן ניט אויסגעשלאָסן העברעאיש פונם צווייטן לערניאָר, דערקלערט זיך דאָס דערהויפּט דערמיט, וואָס אין דער פראַגע איז באַזונדערס שווער געווען צו באַקעמפן די טראַדיציע פון די דאָזיקע אַנשטאַלטן. אין די דאָזיקע 3 אַנ-שטאַלטן איז די צאָל שעהן פאַר העברעאיש אויך אין די איבעריקע קלאַסן אַ גרעסערע.

דעריבער איז אויסגעקומען צונויפצושטעלן אַ לערנפּלאַן פאַר די פאָלקס-שולן, וואו העברעאיש הייבט זיך אָן פונם 3-טן לערניאָר, און אַ באַזונדערן פאַר די, וואו העברעאיש הייבט זיך אָן אין צווייטן לערניאָר.

אויך צוליב פויליש האָט זיך ביי אונז דער לערנפּלאַן עטלעכע מאָל גע-ביטן. עס איז געווען אַ צייט, ווען פויליש האָט זיך אָנגעהויבן פונם פערטן לערניאָר, דאַן שפּעטער — פון דער צווייטער העלפט דריטן לערניאָר, לעצטנס — פונם אָנהויב 3-טן לערניאָר.

אין אַלגעמיין, שטרעבן מיר אין אונזערע אַנשטאַלטן הן בנוגע דעם לערנ-פּלאַן והן בנוגע דער פּראָגראַם זיך האַלטן אָן דעם לערנפּלאַן און פּראָגראַם פון די מלוכהשע פאָלקס-שולן. דערביי ווערן גענומען אין אַכט די אייגנאַר-טיקייטן פון אונזער יידישער פאָלקס-שול מיט אירע 3 שפּראַכן (יידיש, העב-רעאיש, פויליש), מיט יידישער געשיכטע. דעריבער, למשל, האָבן מיר ניט גע-פונען פאַר מעגלעך עד-היום איינצופירן אין אונזער פאָלקס-שול נאָך אַ פרעמדע שפּראַך, ווי דאָס איז פאָרויסגעזען אין דעם מלוכהשן לערנפּלאַן פונם V לערנ-יאָר אָן. דאָרטן איז דאָס די צווייטע שפּראַך, — ביי אונז וואָלט דאָס געווען די פירטע. אין נאָך אייניקע קליינע פּרטים אונטערשיידט זיך אונזער לערנ-פּלאַן פונם מלוכהשן.

לעצטנס זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן פאָלגנדיקע לערנפּלענער, וועלכע זיינען מיט די אָדער יענע קליינע אָפּווייכונגען אָנגענומען אין אַלע אונזערע פאָלקסשולן [1].

---

1) דער לערנפּלאַן פון די גימנאַזיעס און פון די אוונט-שולן ווערט געגעבן אין די באַריכטן פון די דאָזיקע אַנשטאַלטן.

## I לערנפּלאַן פאַר די פאָלקסשולן.

| געגנשטאַנד | ל ע ר נ י אָ ר | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | I | II | III | IV | V | VI | VII | VIII |
| יידיש . . . . | 9 [1] | 7 [1] | 6 | 5 | 5 | 5 | 5 | 5 [6] |
| העברעאיש . . (מיט תנך) | — | — | 4 | 4 | 4 | 4 | 3 | 3 |
| פּויליש . . . | — | — | 4 | 4 | 4 | 4 | 4 | 4 |
| חשבון . . . . | 5 | 5 | 5 [4] | 6 [4] | 3 | 3 (חשבון און אַלגעברע) | — | — |
| אַלגעברע . . . | — | — | — | — | — | | 3 | 3 |
| געאָמעטריע . . | — | — | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 |
| נאַטורוויסנשאַפט . | — | 2 [3] | 2 | 3 | 2 | 2 | 2 | 2 [7] |
| פיזיק, כעמיע. . | — | — | — | — | 2 | 2 | 3 | 3 |
| געאָגראַפיע . . | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 [8] |
| יידישע געשיכטע. | — | — | 2 [5] | 3 (יידישע געשיכטע און אַלג. און פּוילישע) | 2 | 2 | 2 | 2 |
| אַלג. און פּוילישע. | — | — | — | | 2 | 2 | 2 | 2 |
| אַרבעט . . . | 4 (אַרבעט און צייכענען) | 4 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 |
| צייכענען . . . | | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 |
| געזאַנג . . . | 3 [2] (געזאַנג און גימנאַסטיק) | 4 [2] (געזאַנג און גימנאַסטיק) | 1 | 1 | — | — | — | — |
| גימנאַסטיק . . | | | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 |
| ס"ה . | 21 | 24 | 32 | 34 | 34 | 34 | 34 | 34 |

אויסערדעם כאָר־געזאַנג — 2 מאָל אין וואָך פאַר אַלע קלאַסן, אָנהייבנדיק פון III־טן.

1) מיט ביבלישע מעשהעלעך, 2) געזאַנג מיט באַוועגלעכע שפּילן, 3) נאַטורוויסנשאַפטלעכע שמועסן, 4) מיט פּראָפּעדעווטישער געאָמעטריע, 5) שמועסן פון קולטור־געשיכטע, 6) מיט אייראָפּעאישער ליטעראַטור, 7) ביאָלאָגיע, 8) מאַטעמאַטישע געאָגראַפיע מיט ידיעות פון קאָסמאָגראַפיע.

## II לערנפּלאַן פאַר די פאָלקסשולן.

| געגנשטאַנד | I | II | III | IV | V | VI | VII | VIII |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | לערניאָר | | | | | | | |
| יידיש . . . . | 9[1] | 6[1] | 5 | 5 | 5 | 5 | 5 | 5[6] |
| העברעאיש . . (מיט תנך) | — | 5 | 6 | 6 | 6 | 6 | 5 | 5 |
| פויליש . . . . | — | — | 4 | 4 | 4 | 4 | 4 | 4 |
| חשבון . . . . | 5 | 5 | 5[4] | 6[4] | 3 | 3 | — | — |
| אַלגעברע . . . | — | — | — | — | — | | 3 | 3 |
| געאָמעטריע . . | — | — | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 |
| נאַטורוויסנשאַפט . | — | 2[3] | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2[7] |
| פיזיק, כעמיע. . | — | — | — | — | 2 | 2 | 3 | 3 |
| געאָגראַפיע . . | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2[8] |
| יידישע געשיכטע. | — | — | 2[5] | 3 | 2 | 2 | 2 | 2 |
| אַלג. און פוילישע. | — | — | — | | 2 | 2 | 2 | 2 |
| ארבעט . . . . | 4 | 3 | 2 | — | — | — | — | — |
| צייכענען . . . | | | 2 | 3 | 2 | 2 | 2 | 2 |
| געזאַנג . . . . | 3[2] | 4[2] | 1 | 1 | — | — | — | — |
| גימנאַסטיק . . . | | | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 |
| ס"ה . | 21 | 25 | 33 | 34 | 34 | 34 | 34 | 34 |

**אויסערדעם כאָר־געזאַנג — 2 מאָל אין וואָך פאַר אַלע קלאַסן, אָנהייבנדיק פון III־טן.**

1) מיט ביבלישע מעשהלעך, 2) געזאַנג מיט באַוועגלעכע שפּילן, 3) נאַטורוויסנ־שאַפטלעכע שמועסן, 4) מיט פּראָפּעדעווטישער געאָמעטריע, 5) שמועסן פון קולטור־געשיכטע, 6) מיט אייראָפּעאישער ליטעראַטור, 7) ביאָלאָגיע, 8) מאַטעמאַטישע געאָגראַפיע מיט ידיעות פון קאָסמאָגראַפיע.

## ד) סעקציעס.

צו באַהאַנדלען פאַרשיידענע פעדאַגאָגישע פראַגן פון אונזערע אַנשטאַלטן האָבן ביים צ. ב. ק. פונקציאָנירט פארשול־, שול־ און אויסערשול־סעקציע. תחילת האָבן אַלע סעקציעס געבילדעט איין פעדאַגאָגישן בייראַט ביים צ. ב. ק., וועלכער פלעגט האָבן געמיינזאַמע זיצונגען. שפּעטער־צו, ווען צום צ. ב. ק. האָבן געהערט 7 קינדערגערטנער און 5 אָוונטשולן, האָט יעדע סעקציע גע־אַרבעט באַזונדער. לעצטנס, ווען די צאָל קינדערגערטנער און אָוונטשולן האָט זיך פאַרקלענערט, איז ווידער באַשלאָסן געוואָרן צו בילדן איין פעדאַגאָגישע סעקציע ביים צ. ב. ק., און נאָר פון צייט צו צייט זאָלן פאָרקומען באַזונדערע באַראַטונגען פון די אַרבעטערינס אין די קינדערגערטנער און פון די לערער אין די אָוונטשולן.

ש ו ל ־ ס ע ק צ י ע. כּדי צו געבן אַ באַגריף וועגן דער אַרבעט פון דער סעקציע, איז נייטיק צו ברענגען די וויכטיקסטע פראַגן, וועלכע זיינען באַהאַנדלט געוואָרן אויף די זיצונגען פון דער שול־סעקציע פאַר די לעצטע 3 יאָר: 1) וואַקאַציעס אין אונזערע שולן (עס איז געוועזן אויסגעאַרבעט אַ פּראָ־יעקט, לויט וועלכן די זומער־וואַקאַציעס האָבן געזאָלט געדויערן נאָר איין חדש, דערפאַר אין האַרבסט און ווינטער לענגערע פעריען; צוליב פאַרשיידענע טעמים האָט זיך עס ניט געלאָזט דורכפירן אין לעבן); 2) אָנהויב פונם לערנ־יאָר; 3) שול־וואַרשטאַטן; 4) נאָכמיטאָג־שולן; 5) עלטערע קלאַסן אין פאָלקסשול און גימנאַזיע; 6) שפּראַכן אין אונזער פאָלקסשול; 7) די שטופן פון אונזער שול; 8) צענטראַליזירן די מכשירים; 9) באַריכטן פון די באַזונדערע שולן; 10) קלאַסן־זשורנאַלן; 11) לערנפּלאַן; 12) געשיכטע אין אונזער שול; 13) ידיעות פאַר די קינדער; 14) פּויליש אין אונזער שול; 15) קינדער־זשורנאַלן; 16) שול־גערטנער; 17) קלאַסן מיט 2 גרופּעס; 18) זומער־אַרבעט אין די שולן (איין צייט האָט זיך אין אַלע אונזערע שולן געפירט זומער־אַרבעט בשעת פעריען דורך ספּעציעל איינגעלאַדענע לערער; די שול־סעקציע האָט דאָס אָפּגעשאַפט, איינגעפינענדיק, אַז די זומער־אַרבעט ברענגט קיין נוצן ניט); 19) שריפטלעכע אַרבעט; 20) דיסציפּלין אין אונזער שול; 21) שול־ביבליאָטעק; 22) אויסשטעלונג; 23) תנ"ך אין שול; 24) יידיש אין די עלטערע קלאַסן א. אַנד.

ביי דער שול־סעקציע האָבן פון צייט צו צייט געאַרבעט באַזונדערע געגנשטאַנדס־ און פּראָגראַם־קאָמיסיעס: למשל, קאָמיסיע פון די לערער אין די ערשטע קלאַסן; קאָמיסיע פון די פּויליש־לערער, העברעיש־לערער, גימ־נאַסטיק־לערער, געשיכטע־לערער א. א. וו.

אייניקע מאַטעריאַלן פון די דאָזיקע קאָמיסיעס (ווי, למשל, פּראָגראַם אויף העברעיש, פּויליש) וועלן זיין געדרוקט ווייטער, אין דער אָפּטיילונג „מאַטעריאַלן".

פ אָ ר ש ו ל - ס ע ק צ י ע. — אויך דאָ גיבן מיר אַ רשימה פון די וויכטיק־סטע פראַגן, וואָס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן אויף די זיצונגען פון דער פאָר־שול־סעקציע: 1) באַריכטן פון די קינדער־גערטנער; 2) פּראַקטיקאַנטינס אין ק"ג; 3) מעדיצינישע הילף אין די ק"ג; 4) מעבל פאַר די ק"ג; 5) מכשירים;

6) דערנערונג אין ק״ג; 7) אינסטרומענטן אין ק״ג; 8) ימים טובים אין די ק״ג; 9) דער אָנטייל פון די קינדער אין דער ווירטשאַפט; 10) דאָס אַריבערגיין פון קינדערגאָרטן אין שול; 11) וואַקאַציעס אין ק״ג (דער קינדערגאָרטן איז אָפן אַ גאַנצן יאָר. די אַרבעטערינס האָבן ווינטער — 2 וואָכן פעריען און זומער 1½ חדשים. דערבײַ בײַטן זיך די אַרבעטערינס: ווען איינע איז אין אורלויב, דאַן אַרבעט די צווייטע מיט אַ פּאַרבײַטערין. עס איז געווען אַ פּרוב, אַז די אַרבעטערינס זאָלן זײַן פרײַ ווינטער 1 חודש און זומער 1 חודש); 12) טעכנישער פּערסאָנאַל (פּאַרקירצט ביזן מינימום; אַ באַדינערין קומט נאָר אויף 3—2 שעה אַ טאָג); 13) פּאַרטיילן די קרעפטן אין די ק״ג; 14) אינסטרוקטאָרישע אַרבעט; 15) קינדער, ייִנגערע פון 4 יאָר אין ק״ג; 16) לייען־שרייבן אין ק״ג; 17) די ראָלע פון דער לערערין אין ק״ג; 18) גרופּעס אין ק״ג; 19) די סיסטעם פון מאָנטעסאָרי א. אַנד.

די אַרבעט פון דער פּאָרשול־סעקציע איז געווען תמיד אַ אינטענסיווע. די פּאָרשול־סעקציע האָט מיט זיך פּאָרגעשטעלט אַ גרויסן פּעדאַגאָגישן ראַט, וואו אַלע פראַגן, פון די קלענסטע ביז די גרעסטע, פלעגן באַהאַנדלט און באַשלאָסן ווערן. היות ווי יעדער קינדערגאָרטן האָט מער ניט ווי 2 אַרבעטע־רינס, האָט די פּאָרשול־סעקציע געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אינם לעבן פון יעדן קינדערגאָרטן באַזונדער. די פּאָרשול־סעקציע איז געווען אַ טייל פון דער פּאָרשולסעקציע ביי דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן.

אויסערשולסעקציע. די אָוונט־שולן האָבן ניט קיין באַזונדערן קאָנ־טינגענט לערער. דאָס זיינען דאָס רוב לערער פון די פּרימאָרגן־שולן, וועלכע עס קומט אויס אַזוי אַרום צו האָבן פּעדאַגאָגישע ראַטן אין עטלעכע שולן א. א. וו. דערמיט דערקלערט זיך, וואָס די אויסערשול־סעקציע האָט געאַרבעט שוואַכער, ווי די איבעריקע סעקציעס.

פראַגן, וואָס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן אויף די זיצונגען פון דער אוי־סערשול־סעקציע: 1) באַריכטן פון די אָוונט־שולן; 2) לערער פאַר די אָ״ש; 3) לערנפּלאַן; 4) קלובן ביי די אָ״ש (אינם לערניאָר 1923—24 זיינען די קלובן, צוליב אַ גאַנצע ריי סיבות, פאַרמאַכט געוואָרן); 5) הומאַניטאַרע לימודים אין דער אָ״ש; 6) עקסקורסיעס; 7) צוציען יוגנטלעכע אַרבעטער אין די שולן; 8) אַרבעט אויפן גאַרטן; 9) שילער־אָוונטן אין די אָ״ש; 10) מינדעריאָריקע און דערוואַק־סענע אין דער אָ״ש א. א. וו.

קאָמיסיע פאַר די מיטל־שולן. לעצטנס האָט זיך אויסגעטיילט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פאַר די מיטל־שולן. די קאָמיסיע האָט זיך אָנגעמערקט אַ גאַנצע ריי פראַגן, וועלכע זיינען זייער אַקטועל פאַר די מיטל־שולן. די קאָ־מיסיע אַרבעט אינגאַנצן אַ חודש.

קאָמיסיע פאַר פּראָפעסיאָנעלער בילדונג. אַ קורצע צייט האָט געאַרבעט ביים צ. ב. ק. אַ קאָמיסיע פאַר פּראָפעסיאָנעלער בילדונג. היות אָבער ווי פּאַקטיש פירט דער צ. ב. ק. מיט פּראָפ. שולן גיט אָן, האָט די קאָמיסיע ניט געהאַט קיין ממשותדיקע אַרבעט, און זי איז אָפּגעשאַפט געוואָרן.

## ה) אינסטרוקטאריאט.

כדי אויפצוהאַלטן אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט די אַנשטאַלטן, מוזן אומ־באַדינגט זיין אינסטרוקטאָרן, וועלכע באַזוכן די שולן, באַקענען זיך אויף אָרט מיט די נויטן פון דער אָדער יענער שול, גיבן די געהעריקע אָנווייזונ־גען, מאַכן מיגלעך דאָס אויסנוצן דורך די שולן די דערפאַרונג פון די באַזונ־דערע אַנשטאַלטן.

אין 1920—1921 און 22—1921 האָט אַלס אינסטרוקטאָר פאַר די שולן און אוונט־שולן געאַרבעט ח׳ ישראל רובין; אין דערזעלבער צייט איז אויך געווען טעטיק אַלס אינסטרוקטאָרין פון די קינדערגערטנער ח—טע מ. אָקון.

צוליב דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע האָט מען רעדוצירט די דאָ־זיקע אַמטן. אין משך פון $1^1/_2$ יאָר האָט מען געפּרובט פאַרבייטן די אָפּגעשאַ־פענע אַמטן דורך אַ פּעדאַגאָגישער קאָלעגיע (פון 3 פּערזאָן), וועלכע איז געווילט געוואָרן דורך דער שול־סעקציע. די דאָזיקע פּער. קאָלעגיע האָט געזאָלט, ווי ווייט מיגלעך, וויזיטירן די שולן און אָנפירן מיט די סעקציעס. די דערפאַרונג אָבער האָט דערוויזן, אַז די מיטגלידער פון דער פּער. קאָלעגיע, פאַרנעמענדיק פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטענס אין די באַזונדערע שולן, האָבן ניט קיין מיגלעכקייט אָפּצוגעבן צייט אויף צו וויזיטירן די שולן. דעריבער האָט די פּעדאַגאָגישע קאָלעגיע ניט געקאָנט אויפשטעלן דעם לעבעדיקן קאָנ־טאַקט מיט די אַנשטאַלטן. דער צ. ב. ק. האָט אין אייניקע פּעד. ראַטן זיינע פאָרשטייער. עס ווערן אויך איינגעאָרדנט אָפטע באַראַטונגען מיט די פּעד ראַטן פון די באַזונדערע אַנשטאַלטן. נאָר כּדי זיך נאָך מער צו פאַרבינדן מיט די אַנשטאַלטן, האָט דער צ.ב.ק. באַשלאָסן דעם אַמט פון אינסטרוקטאָר צוריק איינפירן (איצט, פאַרשטייט זיך, בלויז 1 אינסטרוקטאָר). עס ווערן אָנגענומען אַלע שריט, אַז צום נייעם לערניאָר זאָל שוין זיין אַ אינסטרוקטאָר פאַר די ווילנער שולן.

## ו) אויסבילדונג פון לערער.

שוין אין יאָר 1919 האָט דער צ. ב. ק. בעזעען, אַז אונזער נייע שול (באַזונדערס אויף דער פּראָווינץ) בויטיקט זיך אין גוט־קוואַליפיצירטע לערער. הגם דער צ. ב. ק. האָט דאַן קיין אייגענע פּעדאַגאָגישע קורסן ניט געעפנט, אָבער זיינע פאָרשטייער האָבן מיטגעהאָלפן, אַז די פּעד. קורסן פון דער קהילה זאָלן ווערן בעסער אַוועקגעשטעלט. ווען דער פאַרוואַלטער פון דער בילדונגס-אָפּטיילונג ביי דער קהילה האָט דאַן פאַרפעלטלעכט אַ אומבאַ־פרידיקנדיקן פּראָיעקט פון די פּעד. קורסן (וואו יידיש, למשל, איז געווען אַן איינצלנער, ניט אָבליגאַטאָרישער לימוד), האָבן די פאָרשטייער פון צ. ב. ק. אַלץ געטאָן און זיך דערשלאָגן, אַז די פּראָגראַם איז אַ סך אויסגעבעס־סערט געוואָרן. אויך פינאַנציעל האָט דער צ. ב. ק. שוין אין יאָר 1921 גע־שטיצט די „רעאַלע אָפּטיילונג״ אויף די דאָזיקע 2־יאָריקע קורסן.

דער צ. ב. ק. האָט אויך פאַרשטאַנען די נויטיקייט פון צוגרייטן אַרבע־טערינס פאַר די קינדער־גערטנער. דעריבער האָט ער (צוזאַמען מיט „אָזע״)

איבערגענומען אָנהויב 1920 יאָר די פּריוואַטע פּרעבּל-קורסן און האָט זיי אָוועקגעשטעלט אין אַלגעמיין גוט. אונטער דער אָנפירונג פריער פון ח-טע ראָזע סימכאָוויטש, דערנאָך פון ח-טע מ. אָקון, האָבן די קורסן אין משך פון 2 יאָר צוגעגרייט אַ גאַנץ גרויסע גרופּע פרעבעליסטינס.

פאַר דעם צ. ב. ק. אָבער איז געווען קלאָר, אַז די פראַגע וועגן גוט-קוואַליפיצירטע לערער קאָן לייזן בלויז אַ לערער-סעמינאַר. דעריבער האָט ער מיט גרויס אָנשטרענגונג געעפנט אין אָקטאָבער 1921 דעם ערשטן יידישן לערער-סעמינאַר. דער סעמינאַר איז אויסגערעכנט אויף 5 יאָר. ביי היינטיקן טאָג עקזיסטירן 3 קורסן (גענויער וועגן סעמינאַר—זע אין דער אָפּטיילונג „באַזונדערע אַנשטאַלטן”).

אין יאָר 1920 האָט דער צ. ב. ק. (צוזאַמען מיט „אָזע”) געעפנט 2-חדשימדיקע קורסן אויף צוגרייטן אַרבעטערינס פאַר די שפּילפּלעצער, אונטער דער אָנפירונג פון ח' קריוויצקי. די קורסן האָבן באַזוכט און געענדיקט 40 לערער.

אין 1921 יאָר האָט דער צ. ב. ק. סובסידירט די אינסטרוקטאָרן-קורסן פאַר גימנאַסטיק ביי „מכבי”.

ז) לערער-פאַרפולקומונג.

פאַר די לערער, וואָס אַרבעטן שוין אין אונזערע שולן, האָט דער צ. ב. ק. ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן סיסטעמאַטישע דערגאַנצונגס-קורסן. דערפאַר האָט ער געזעען צו פאַרבייטן דאָס אָט מיט וואָס:

אין משך פון די לעצטע 3 ווינטערן באַזוכן די לערער פון נאַטורוויסנ-שאַפט אין אונזערע שולן די פּראַקטישע אַרבעט אויף נאַטור-וויסנשאַפט פאַר לערער, אונטער דעם אָנפירונג פון דירעקטאָר פונם מלוכהשן שול-מוזיי (Pracownia doświadczalna) ה' דמאָכאָווסקי. די דאָזיקע אַרבעטן זיינען זייער וויכטיק פאַר די לערער.

אָנהויב 1924 יאָר זיינען דורכגעפירט געוואָרן 6-וואָכיקע קורסן פאַר ריטמישע שפּילן, אין וועלכע עס האָבן אָנטייל גענומען 25 לערער. מיט די קורסן האָט אָנגעפירט ח' ראַשאַל.

סוף 1922 יאָר איז שוין אַלץ געווען צוגעגרייט אויף צו אָרגאַניזירן לערער-קורסן פאַר אַרבעט. נאָר דער אייגנלאַדענער אָנפירער ח' מאיראָוויטש (פון בערלין) האָט ניט באַקומען קיין דערלויבניש אריינצופאָרן קיין פּוילן. איצט האָט דער צ. ב. ק. אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט וועגן קורסן פאַר אַרבעט אונטער דער אָנפירונג פון ח' ראַשאַל. עס איז דאָ אַ האָפענונג, אַז די קורסן זאָלן אָנהייבן צו פונקציאָנירן.

דער צ. ב. ק. האָט אויך בדעה צו עפענען דעם נאָענטסטן זומער קורסן פאַר פאָלאָניסטיק (וועגן דעם זע גענויער אין דער אָפּטיילונג „רעכטלעכע לאַגע”).

דער צ. ב. ק. האָט אויך אין די 5 יאָר פון זיין עקזיסטענץ אָרגאַניזירט פאַר די לערער אַ גאַנצע ריי פאָרלעזונגען אויף פּעדאַגאָגישע טעמעס אין דער לערער-אוידיטאָריע.

## מיר גיבן דאָ אַ רשימה פון די דאָזיקע פאָרלעזונגען:

| רעפערענט | ט ע מ ע. |
| --- | --- |
| ס. מ. גורעוויטש | נאַטורוויסנשאַפט אין די ייִנגערע קלאַסן. |
| ד״ר ה. קאָוואַרסקי | אָפּשטייענדיקע קינדער. |
| „ „ | דעפעקטיווע קינדער. |
| ד״ר ב. אײזנשטאַט | די געשלעכטס-פראַגע |
| וו. סטודניצקי | צו דער געשיכטע פון ווילנע. |
| ג. פּאַץ | געשיכטע און איר אינטערריכט אין שול. |
| ב. ליובאַצקי | די באַדײַטונג פון דער אויסשטעלונג (1919). |
| ס. מ. גורעוויטש | ווינטערדיקע פּראָגראַם פון נאַטורוויסנשאַפט אין די ייִנגערע קלאַסן. |
| ס. שאַבאַד | די אינטערנאַטן אין פּעטערבורג. |
| „ „ | דעפעקטיווע קינדער אין רוסלאַנד. |
| ח. שוכטער | די וועלטלעכע שול אין אַמעריקע. |
| א. בערגער | די מאַלאַכאָווקער קאָלאָניע. |
| א. בערגער, מ. יאָפּע | דער אַלרוסלענדער לערער-צוזאַמענפאָר און דער צוזאַמענפאָר פון די נאַציאָנ. מינדערהייטן אין רוסלאַנד. |
| י. רובין | קאָלעקטיוויזם און אינדיווידואַליזם אין דער מאָדערנער שול |
| ג. פּאַץ | דער לימוד פון געשיכטע אין דער פאָלקס-שול |
| א. בערגער | וויסנשאַפט אין דער אַרבעט-שול. |
| דמאָכאָווסקי | דער לימוד פון פיזיק אין אונזער שול (מיט דעמאָנסטראַציעס) |
| ר. סימכאָוויטש | צו דער פראַגע וועגן דער אַרבעט-שול. |
| מ. מענדעלסאָן | נײַע באַגריפן וועגן עלעמענט. |
| ד״ר ל. חיט | דער שול-פּאַטאָלאָגישער טיפּ אין די ייִדישע פאָלקסשולן אין ווילנע 1920—1919 |
| א. גאָלאָמב | די טעטיקייט פון דער קולטור-ליגע אין אוקראַינע. |
| ל. לאַזאָווסקי | כאַראַקטער פון אַרבעט אין אונזער שול. |
| ס מ. גורעוויטש | נײַע פּעדאַגאָגישע שטרעבונגען און נײַע פּעד. ליטעראַטור אין דײַטשלאַנד (מיט אַן אויסשטעלונג פון דײַטשע ביכער). |
| פּ. האַלפּערן | צו דער מעטאָדיק פון לייענען-שרײַבן. |
| ר. סימכאָוויטש | 1 יאָר אַרבעט אין אַ קינדער-גאָרטן אין דײַטשלאַנד. |
| מ. שור | וועלכע שולן דאַרפן מיר בויען אויף דער פּראָווינץ? |
| מ. טשוזשאָי | דער שול-גאָרטן און זײַן פאַרבינדונג מיט דער שול. |
| ב. סימכאָוויטש | סיסטעם פון מאָנטעסאָרי. |
| י. גיליגיטש | דער אָרט פון דראַמאַטיזאַציע אינם ייִדיש-למוד אין ערשטן לערניאָר. |
| אַ. בערגער | די אַרבעט-שול אין דער פּראַקטיק |
| עטקין | דאָס ייִדישע שול-וועזן אין לאַטוויע. |
| מ. אָקון | לייענען-שרײַבן אין קינדער-גאָרטן. |
| רודאָלף גלאַנץ | דאָס פעסטשטעלן אין דײַטשלאַנד די באַרופֿאײַגנשאַפטן בײַם קינד. |
| ל. לאַזאָווסקי | די פּעד. וואָך אין האַמבורג. |

| טעמע. | פרעלעגענט |
|---|---|
| די יידישע שפראך און אירע עלעמענטן (4 לעקציעס). | מ. ווײַנרײַך |
| קינדער־טעאטער (2 לעקציעס). | טומאַנסקי |
| פרילינג־אַרבעט אין די שולן. | א. גאָלאָמב |
| די ייד. שפראך און אירע דיאַלעקטן (3 לעקציעס). | מ. ווײַנרײַך |
| דראַמאַטישער מעטאָד אין שפּראַך־אונטערריכט. | טומאַנסקי |
| די באַשטויבונג פון בלומען. | ד"ר ביבער |

לערער־עקסקורסיעס:

„דאָס לעבן אין דער סאַזשלקע"—אונטער דער אָנפירונג פון סאָפיע גורעוויטש.

„די אַרכיטעקטור אין ווילנע"—אונטער דער אָנפירונג פון וואַצלאַוו סטודניצקי.

„עקסקורסיע אין שול־מוזיי"—אונטער דער אָנפירונג פון דמאַכאָווסקי.

„נאַטורוויסנשאַפטל. עקסקורסיע אין זאַקרעטער וואַלד"—אונטער דער אָנפירונג פון י. גיליגיטש.

„די ביימער ווינטער־צייט"—אונטער דער אָנפירונג פון י. גיליגיטש.

„דער וואַלד אַלס סאָציאַלע געמיינשאַפט"—2 עקסקורסיעס אונטער דער אָנפירונג פון י. גיליגיטש.

„געאָלאָגישע עקסקורסיע"—אונטער דער אָנפירונג פון א. גאָלאָמב.

3 „עקסקורסיעס איבער דער היסטאָרישער ווילנע"—אונטער דער אָנפירונג פון וו. סטודניצקי.

4 „היסטאָרישע עקסקורסיעס איבער דער ייד. ווילנע" (יידישע געטאָ, שול־הויף, אַלטער בית־עולם, שטראַשונס ביבליאָטעק, היסטאָריש־עטנאָגראַפישער מוזיי).

אויסערדעם האָט דער צ. ב. ק. איינגעאָרדנט אַ גאַנצע ריי קאָנפערענצן איבער פאַרשיידענע לימודים:

פעווראל 1922 יידיש־קאָנפערענץ:

אויסגעהערטע און דעבאַטירטע פאָרטראָגן:

א) אונזערע קינדער־זשורנאַלן — פ. הײלפּערין, ש. ידידאָוויטש

ב) אויפגאַבן פונם יידיש־לימוד — י. רובין

ג) יידיש אינם ערשטן לערניאָר — פ. הײלפּערין

ד) כרעסטאָמאַטיעס פאַר די ייִנגערע און מיטעלע קלאַסן — מ. שור

ה) יידיש אין די עלטערע קלאַסן, כרעסטאָמאַטיע פאַר די עלט. קלאַסן — י. רובין

ו) גראַמאַטיק און שריפטלעכע אַרבעט — מ. חיימסאָן

מאַי 1922 נאַטורוויסנשאַפט=קאָנפערענץ:

אויסגעהערטע און דעבאַטירטע פּאָרטראָגן:

א) אויפגאַבן פון נאַטור=לימוד — א. גאָלאָמב.

ב) מעטאָדן פון נאַטור=לימוד — סאָפיע גורעוויטש.

ג) אַרבעט אינם נאַטור=לימוד — י. גיליגיטש.

ד) סעקסועלע דערציאונג און דער נאַטור=לימוד — י. גיליגיטש.

ה) פּראָגראַם פון נאַטור = לימוד אין די ייִנגערע קלאַסן — מ. חיימסאָן.

ו) פּראָגראַם פון נאַטור = לימוד אין די מיטעלע און עלטערע קלאַסן — סאָפיע גורעוויטש.

ז) פּראָגראַם פון פיזיק אין פאָלקס=שול — א. האַמבורג.

אָקטאָבער 1922 העברעאיש=קאָנפערענץ:

אויסגעהערטע און דעבאַטירטע פּאָרטראָגן:

א) צילן פון העברעאיש=לימוד — פּ. האַלפּערין

ב) פּאַרנעם פון קורס פון העברעאיש — ל. טורבאָוויטש.

ג) מעטאָדן פון העברעאיש=לימוד — א. גאָלאָמב.

ד) לערנביכער — פּ. האַלפּערין.

מערץ 1923 געשיכטע=קאָנפערענץ:

אויסגעהערטע און דעבאַטירטע פּאָרטראָגן:

א) צילן פון דעם געשיכטע=לימוד אין דער פאָלקס=שול — ראָזע סימכאָוויטש.

ב) אייניקע באַריכטן וועגן לערנען געשיכטע — א. גאָלאָמב, ג. פלודערמאַכער, וו. פרישמאַן.

ג) פּראָגראַם=פּראַגן — וו. פרישמאַן, ג. פלודערמאַכער, י. צראָנאָוויטש.

ד) היסטאָרישע בעלעטריסטיק — מ. אידעלסאָן.

כּדי זיך צו באַקאָנען מיט די נייע שטרעבונגען אין די דייטשע שולן, האָט דער צ. ב. ק. דעלעגירט אויף פּסח 1922 דעם ח׳ ל. לאָזאָווסקי צו דער האַמבורגער פּעדאַגאָגישער וואָך.

ה) אויסשטעלונגען:

דער צ. ב. ק. האָט דורכגעפירט 2 גראַנדיעזע אויסשטעלונגען: די ערשטע אין דעצעמבער 1919, די צווייטע אין יוני 1923 (וועגן די אויסשטעלונגען זע אַ באַזונדערן אַרטיקל).

### ט) שול-מעדיצין

די פראַגע וועגן סאַניטאַר-מעדיצינישער אויפזיכט איבער די אַנשטאַלטן האָט דער צ. ב. ק. געהאַלטן תמיד פאַר זייער וויכטיק. נאָך אין דער צייט פון דער קהלה האָט זיך אים איינגעגעבן דורכצוזעצן, אַז אַלע אַנשטאַלטן, אָנהייבנדיק פונם קינדערגאָרטן און אויסגעלאָזט מיט דער אָוונט-שול, זאָלן באַזאָרגט ווערן מיט שול-דאָקטוירים. די באַזונדערע אַנשטאַלטן פלעגן זען מיט אַלע מיטלען מיטצוהעלפן דער אַרבעט פונם דאָקטאָר. אויך פינאַנציעל האָט איין צייט דער צ. ב. ק. אויסגעהאַלטן די שול-דאָקטוירים. אויף די זיצונגען פון דער פאָרשול-סעקציע, שול-סעקציע זיינען באַהאַנדלט געוואָרן די פּראַגן, ווי אַוועקצושטעלן די אַרבעט פונם דאָקטאָר אין שול אַזוי, אַז ער זאָל ברענגען דעם מאַקסימום נוצן. די דאָקטוירים פלעגן איינגעלאַדן ווערן צו די זיצונגען פון די סעקציעס.

לעצטנס ווערן די גרעסערע אַנשטאַלטן באַזוכט 2 מאָל אַ וואָך דורכן דאָקטאָר, די קלענערע—1 מאָל אַ וואָך.

### י) שול-גערטנער:

אין יאָר 1920, איז מען צוגעטראָטן איינצואָרדענען שול-גערטנער ביי די שולן. דאָס ערשטע יאָר זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן שול-גערטנער בלויז ביי אייניקע שולן. די רעזולטאַטן זיינען געווען זייער גוטע. די קינדער האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס צו דער ערדאַרבעט. דער גאָרטן איז אויסגענוצט געוואָרן ביים לערנען באָטאַניק.

דאַן האָבן שוין דעם צווייטן יאָר אַ סך מער שולן איינגעאָרדנט שול-גערטנער. אפילו די קינדער-גערטנער אָרדענען איין אויף זייערע שפּיל-פּלעצער 1—2 בייטן. עס איז געווען אפילו אַ פּרוב איין יאָר צוציען די שילער פון די אָוונט-שולן צו דער אַרבעט אויף די גערטנער.

זומער 1923 האָבן פאָלגנדיקע אַנשטאַלטן באַאַרבעט גערטנער:

| אָרט פון גאָרטן | קוו. קלאַפטער | אַנשטאַלטן |
|---|---|---|
| 1) טאַמבאָווער גאַס . | 600 | פ״ש י. ל. פּרץ, פ״ש אַרבעט קינדערהיים. |
| 2) מאַקאַרעווער געסל | 1000 | מאַט.-נאַטורוויסנש. גימנאַזיע, פ״ש פּרוג, פ״ש קופּערשטיין. |
| 3) אָסטראָבראָם-גאַס . | 180 | פ״ש „מפיצי השכלה“. |
| 4) כיווינער גאַס . . | 75 | פ״ש „י. דינעזאָן“. |
| 5) סובאָטש גאַס . . | 80 | פ״ש „אנסקי“. |
| 6) אָרזשעשקאָ גאַס . | 80 | פ״ש „ל. גורוויטש“. |
| 7) פּושקאַרניע. . . | 4800 | לערער-סעמינאַר. |

אויף די דאָזיקע גערטנער פלעגן אַרבעטן די שילער פונם III און IV לערניאָר. אפילו אין צייט פון וואַקאַציעס פלעגן ביז 400 קינדער אַרבעטן אויף די גערטנער. אויסגענוצט זיינען זיי געוואָרן דורך די גאַנצע שולן.

אייניקע גערטנער האָבן געהאַט ספּעציעלע פאַך-אינסטרוקטאָרן, מיט וועלכע עס האָבן מיטגעאַרבעט די לערער פון שול. די אַנדערע גערטנער זיינען אויסגעקומען בלויז מיט די אייגענע לערער.

די שול-גערטנער שטעלן שוין פאָר ביים היינטיקן טאָג אַן אָרגאַנישן טייל פון אונזער שול-אַרבעט.

יא) נייע פּעדאַגאָגישע אַנשטאַלטן:

אויסער דעם לערער סעמינאַר, האָט דער צ. ב. ק. אָרגאַניזירט די הומאַניסטישע גימנאַזיע. עס האָט זיך שוין לאַנג געפילט אַ נויטווענדי-קייט אין אַזאַ גימנאַזיע. די מאַטעמאַטיש-נאַטורוויסנשאַפטלעכע גימנאַזיע, וועלכע האָט געהאַט ביי 700 שילער, האָט בולט באַוויזן, אַז אַ טייל תּלמידים זיינען לויט זייערע פעאיקייטן מער צוגעפּאַסט צו אַ הומאַניסטישער גימנאַזיע. איין צייט האָט זיך געפונען אונטער דער פּעדאַגאָגישער השגחה פון צ. ב. ק. די פּריוואַטע גימנאַזיע (געוו. יפה-לעוויט), נאָר, צוליב פאַרשיידענע טעמים, האָט זי זיך געמוזט שליסן. דער צ. ב. ק. האָט אין משך פון 2 יאָר געשטרעבט צו פאַרטיילן די מאַטעמ.-נאַטורוויסנשאַפטלעכע גימנאַזיע. דורכגעפירט איז דאָס געוואָרן זייער פּאָרזיכטיק ערשט אין סעפּטעמבער 1923. די באַדייטונג פון אַ הומאַניסטישער גימנאַזיע ביי אונז איז זעער אַ גרויסע. אונזער הומאַ-ניסטישע גימנאַזיע איז נאָך אַ יונגע אַנשטאַלט. זי אַרבעט נאָך אויס די גע-נויע פּראָגראַם פון די יידישע הומאַניסטישע למודים, וועלכע דאַרפן פאַרנעמען אַן אָרט אין די מיטעלע און עלטערע קלאַסן פון דער גימנאַזיע (גענויער וועגן אַנשטאַלט זע אין דער אָפּטיילונג „באַזונדערע אַנשטאַלטן”).

דער צ. ב. ק. האָט מיטגעהאָלפן דער אָרגאַניזירונג און ווייטערפירונג פונם אינטערנאַט פאַר קינדער פון אַרבעטער. די אַנשטאַלט איז געגרינדעט געוואָרן מיטן ציל דורכצופירן דעם אַרבעטס-פּרינציפּ אין ברייטן זין (אויך וועגן דער אַנשטאַלט זע אין דער אָפּט. „באַזונדערע אַנשטאַלטן”).

יב) זעלבסטפאַרוואַלטונגס-אַנשטאַלטן:

די פראַגע וועגן זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די שילער איז זייער שטאַרק דעבאַטירט געוואָרן אין די פּעד. קאָמיסיעס ביים צ. ב. ק. און אין די פּעד. ראַטן. איין צייט האָבן ביי אַ גאַנצער ריי שולן פונקציאָנירט קלובן פאַר די שילער. ביים היינטיקן טאָג איז טעטיק דער ערשטער יידישער קינדער-קלוב (געגרינדעט פריער ביי דער יינגל-שול „מפיצי השכלה”), איצט באַזאָרגט ער די 2 אַכטקלאַסיקע פאָלקסשולן—מפיצי השכלה און ש. פרוג. דער קלוב אַנט-וויקלט אַ ברייטע טעטיקייט (זע אַ באַזונדער אַרטיקל). אויך ביי דער מאַטע-מאַטיש-נאַטורוויסנשאַפטלעכער גימנאַזיע איז דאָ אַ קלוב, וועלכער האָט זיך לעצטנס אָנגעהויבן גוט צו אַנטוויקלען. פרובן צו אָרגאַניזירן קלובן נאָך ביי

עטלעכע אַנשטאַלטן האָבן זיך אין משך פון לעצטן יאָר ניט איינגעגעבן. דאָס דערקלערט זיך דערהויפּט דערמיט, וואָס יעדער קלוב פאָדערט אַן אַנפירער. ביי דער איבערגעלאַדנקייט מיט אַרבעט קענען אונזערע לערער מערסטנטייל ניט אָפּגעבן קיין צייט אויף די קלובן. איינגלאַדן ספּעציעלע אַנפירער איז אוממעגלעך אויך צוליב פינאַנציעלע טעמים.

אויך קינדער-קאָאָפּעראַטיוון זיינען געווען ביי אַ גאַנצער ריי אַנשטאַלטן. די קאָאָפּעראַטיוון זיינען אונטערגעגאַנגען אין דער צייט, ווען דער פּוילישער מאַרק פלעגט יעדן טאָג פאַלן. פאַר דעם אָפּגעלייזטן געלט פלעגן די קאָאָפּעראַטיוון קיין זאַך ניט קאָנען אָפּקויפן. איצט, ווען די וואַלוטע האָט זיך סטאַביליזירט, עפנט מען שוין ביי אייניקע שולן ווייטער שילער-קאָאָפּעראַטיוון.

אויך קינדער-זשורנאַלן ווערן אַרויסגעגעבן ביי אייניקע אַנשטאַלטן (מאַטעמ.-נאַטורוו. גימנ., ערשטער קינדער-קלוב א. א.).

יג) לערנביכער:

דער צ. ב. ק. האָט אויך געזאָרגט וועגן לערנביכער פאַר אונזערע שולן. ער האָט עטלעכע מאָל אויסגעטיילט קאָמיסיעס אויף דורכצוקוקן לערנביכער. למשל, אַ קאָמיסיע פאַר דער געאָגראַפיע פון מ. חיימסאָן, אַ קאָמיסיע פאַר אַ לערנביכל אויף געשיכטע, פאַר דער היסטאָריש-ליטעראַרישער כרעסטאָמאַטיע פון ז. רייזען, פאַר אַ כרעסטאָמאַטיע פון פּרצעס ווערק פאַר דער יוגנט, פאַר אַ העברעאישן לערנביכל פון פ. האַלפּערין, פאַר דעם געאָגראַפישן אַטלאַס פון קאַדושין א. אנד.

דער צ. ב. ק. האָט רעקאָמענדירט דעם פאַרלאַג ב. א. קלעצקין אַרויסצוגעבן אפּרטיס לערנביכל אויף געשיכטע.

מיטן פאַרלאַג פון דער שול-אָרגאַניזאַציע אין ווילנע איז דער צ. ב. ק. געשטאַנען אין אַ נאָענטן קאָנטאַקט, רעקאָמענדירט אים אייניקע מאָל ביכלעך אַרויסצוגעבן. ווען דער פאַרלאַג פון צ. ש. א. אין ווילנע האָט זיך ליקווידירט, האָט זיך געבילדעט ביים צ. ב. ק. אַ פאַרלעגערישע קאָמיסיע, וועלכע האָט בדעה אַרויסצוגעבן אַ פּאָר נייטיקע שולביכער (למשל: וויינרייך: „שלמה ר' חיימס" פון מענדעלען מוכר ספרים מיט דערקלערונגען און מעטאָדישע אָנווייזונגען).

יד) קינדער-אודיטאָריע (זע אַ באַזונדערן אַרטיקל).

טו) ניט פאַרווירקלעכטע פּראָיעקטן.

שול-וואַרשטאַטן. כדי אַרבעט זאָל פאַרנעמען אַ באַשטימטן אָרט אין אונזערע שולן, מוזן די שולן האָבן וואַרשטאַטן. ח' האַמבורג האָט אויסגעאַרבעט אין יאָר 1921 אַ גענויען פּראָיעקט, ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן צענטראַלע שול-וואַרשטאַטן *) פאַר אונזערע שולן. אין דער ערשטער ריי האָט מען געהאַט בדעה צו עפענען אַן איינבינדעריי, סטאָלעריי און שלאָסעריי. דער פּראָיעקט איז בגנוי דעבאַטירט געוואָרן. מען האָט זיך געווענדעט צו „אָרט"

*) דעם פּראָיעקט זע אין אָפּט. „מאַטעריאַלן".

וועגן דעם ענין. „אָרט" האָט צוגעזאָגט מיטצוהעלפן אין דער זאַך. אָבער דאָס אויסהאַלטן האָט געדאַרפט איבערנעמען דער צ. ב. ק. צוליב דעם שווער מאַטעריעלן מצב האָט מען געמוזט זיך פון דעם אָפּזאָגן.

דראַמאַטישער קרייז פאַר די שול-קינדער. עס איז גע-ווען אויסגעאַרבעט אין יאָר 1922 דורך ח' גיליגיטש א פּראָיעקט וועגן אָרגאַ-ניזירן ביי אונזערע שולן א דראַמאַטישען קרייז. ביים קרייז האָבן געזאָלט זיין אַן ענג-דראַמאַטישע סעקציע, א מוזיקאַלישע, א דעקאָראַטיווע.

אויך דעם פּראָיעקט האָט מען ניט געקאָנט פאַרווירקלעכן צוליב פינאַנ-ציעלע טעמים.

קלאַס פאַר אָפּגעשטאַנענע קינדער. צווישן די קינדער, וואָס עס לערנען זיך אין אונזערע שולן, איז דאָ א געוויסע צאָל דעפעקטיווע. אזעלכע קינדער זיינע אין שטאָט פאַראַן אַ סך. עס וואָלט געדאַרפט אייגנטלעך אָרגאַניזירט ווערן א ספּעציעלע שול פאַר דעפעקטיווע קינדער. נאָר כדי לכל-הפּחות אַרויסצונעמען די דעפעקטיווע קינדער פון די נאָרמאַלע קלאַסן, דאַרף אָרגאַניזירט ווערן א באַזונדערער קלאַס פאַר אזעלכע קינדער.

א פּראָיעקט איז געווען אויסגעאַרבעט דורך פּרוי צעמעל.

ביז איצט איז נאָך דער פּראָיעקט ניט פאַרווירקלעכט.

## IV.

## געזעלשאַפטלעכע ארבעט.

### א) אלגעמיינע באַמערקונגען.

די יידיש-וועלטלעכע שול אין ווילנע האָבן געבויט יחידים — לערער און איבערגעגעבענע טוער אויפן געביט פון פאָלקס-בילדונג. ווען די לערער האָבן גלייך אין אָנהויב פון דער דייטשער אָקופּאַציע אָנגעהויבן צו גרינדן די נייע יידישע שול, האָבן זיי באַגעגנט א פיינדלעכע און אין בעסטן פאַל אַן אינדיפערענטע באַציאונג צו זייער אַרבעט. פיינדלעך האָבן זיך תיכף אַרויסגעוויזן די ציוניסטן, וועלכע האָבן אין דערזעלבער צייט אָנגעהויבן צו חלומען וועגן א שול אין העברעאיש. זיי האָבן געזען צו שטערן די אַרבעט פון אונזער נייער שול. וועגן אונזערע כלי-קודש, גבאים איז שוין ניטאָ וואָס צו ריידן; זיי האָבן גלייך דערפילט, אַז די נייע יידישע שול איז א גרויסע געפאַר פאַר זיי, און האָבן אָנגענומען אַן אויסגע-שפּראָכן-פיינדלעכע שטעלונג צו איר. עד-היום נוצן די קלעריקאַלן אויס די בתי-מדרשים און קלויזן, כדי צו אַגיטירן קעגן אונזער שול. וואו זיי האָבן נאָר געקאָנט, האָבן זיי שאָדן געבראַכט דער נייער יידישער שול.

אָבער אויב די באַציאונג פון די ציונים און כלי-קודש איז געווען א פאַרשטענדלעכע און נאַטירלעכע, איז פיינלעך געווען די אינדיפערענטע, גלייכ-גילטיקע באַציאונג אין דער ערשטער צייט פונם ברייטן עולם צו אונ-זער נייער שול-בויאונג. ווי צו יעדער נייער אַרבעט, אַזוי אויך צו דער נייער יידישער שול האָבן זיך די ברייטע פאָלקס-שיכטן לכתחילה באַ-

צויגן מיט אַ געוויסן אומצוטרוי, געקוקט אויף דעם, ווי אויף אַ פּרוּב, וועלכער וועט זיך געוויס ענדיקן מיט גאָרניט, און האָבן ווייניק=וואָס געהאָלפן ביי דער שול=בויאונג. אַזאַ סקעפּטישע באַציאונג איז געווען ביים דעמאָקראַטישן עולם, אַפילו ביי די אַרבעטער, און אויך די עלטערן, וואָס האָבן געשיקט די קינדער אין אונזערע שולן, זיינען די ערשטע צייט ניט געווען פריי פון אָט דעם סקעפּטיציזם.

די יידישע שול אין ווילנע איז פאַר דער גאַנצער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע געווען אַן אָאזיס אין גאַנצן ווילנער קאַנט. אויסער זייער ווינציקע אויסנאַמען, איז אין גאַנצן ווילנער קאַנט ניט געווען קיין יידיש=וועלטלעכע שול. די פּראָווינץ, וועלכע איז געוואָרן זעער דעמאָראַליזירט אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, וועלכע האָט אינגאַנצן ניט געהאַט קיין יידישע אינטעליגענץ, וואָס זאָל זאָרגן וועגן אַ נייער שול פאַר די יידישע קינדער, האָט זיך באַנוגנט מיט דער דייטשער שול.

די ווילנער שולן זיינען געווען אָפּגעריסן פון די יידישע שולן אין פּוילן. גאַנץ זעלבשטענדיק האָט זיך אין פּוילן געבויט די נייע יידישע שול. ניט אין פּוילן האָט מען געוואוסט, ווי עס גייט ביי אונז צו די אַרבעט, ניט מיר זיינען געווען אינפאָרמירט וועגן דעם גאַנג פון דער אַרבעט דאָרטן.

עס איז שוין גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז אין די ווייטערע לענדער, און ווער רעדט שוין וועגן אַמעריקע, האָט מען כמעט גאָרניט געוואוסט וועגן אונזער שול.

ווען דער צ. ב. ק. האָט אָנגעהויבן זיין אַרבעט, איז אים אויסגעקומען תיכף צוצוטרעטן צו דער געזעלשאַפטלעכער פאַרפעסטיקונג פון אונזער שולוועזן. די קהילה מיט איר ציוניסטיש=אָרטאָדאָקסישער מערהייט האָט זיך אויך ניט אַזוי סימפּאַטיש באַצויגן צו אונזער שול. מען האָט געמוזט זיין תמיד אויף דער וואַך.

אויב די נייע יידישע שול האָט געלאָזן טיפע וואָרצלען אין דער יידישער געזעלשאַפט, אויב זי ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער אַרומגערינגלט מיט אַ וואַרעמער אַטמאָספערע פון סימפּאַטיעס און מיטאַרבעט פון די ברייטסטע פאָלקסשיכטן, איז דאָס צו דערקלערן דערהויפּט, וואָס די יידיש=וועלטלעכע שול האָט מיט איר וויכטיקער פּעדאַגאָגישער טעטיקייט, מיט די פּעולות פון די קינדער, מיט די דערגרייכונגען פון איר אַרבעט צוגעצויגן די אַלע, וועלכע האָבן נאָר געהאַט אַ חוש און אַן אינטערעס פאַר דער דערציאונג און בילדונג פון אונזערע קינדער. נאָר ניט אַזוי לייכט איז געווען צו דערוועקן ביי דער ברייטער געזעלשאַפט אויפמערקזאַמקייט און אינטערעס צו די נייע דערשיינונגען אין אונזער שול=לעבן. מען האָט געמוזט דורכפירן אַ ברייטע אויפקלערונגס=אַרבעט. די אַרבעט האָט אָבער שוין געבראַכט און וועט נאָך ברענגען ממשותדיקע רעזולטאַטן.

דער צ. ב. ק. האָט מיט זיין עקסיסטענץ, מיט זיין אַרבעט געהאַט נאָך די באַדייטונג, וואָס ער האָט געווירקט אויך אומדירעקט אויף די פּריוואַטע

שולן *). אויב עס זיינען פֿאַריידישט געוואָרן אייניקע פּריוואַטע מיטל-שולן, אויב די „מאָשקעס“ אין ווילנע האָבן ניט אַזאַ צוטריט, איז דאָס נאָר צו פֿאַר-דאַנקען דעם פֿאַקט, וואָס די יידישע שולן אין ווילנע, דער צ. ב. ק. האָבן זיך אַזוי פֿאַרפֿעסטיקט.

אין ווילנע האָט זיך די שול געבויט ניט דורך קוראַטאָריומס, ווי דאָס איז געווען אין פּוילן. דער צ. ב. ק., אַלס דער איינציקער צענטער פֿונם גאַנצן שול-וועזן, האָט נאָך מער פֿאַרפֿעסטיקט דעם דאָזיקן פֿאַקט. דעריבער האָבן זיך די איינצעלנע שפּעטערדיקע פּרובן צו שאַפֿן דאָ די „פֿאָלקס-בילדונגס ליגע“ אָדער פּראָלעטאַרישע קוראַטאָריומס, לחלוטין ניט איינגעגעבן. די שול-אַרבעט אין ווילנע איז געגאַנגען און וועט גיין אונטערן לאָזונג: „די איינהייטלעכע יידיש-וועלטלעכע שול“.

ב) אַרבעט צווישן די עלטערן.

זייער וויכטיק איז געווען צו אָרגאַניזירן די עלטערן אַרום דער שול. די טאַטע-מאַמעס, זייענדיק פֿאַראינטערעסירט אין דעם גורל פֿון זייערע קינדער, מוזן אויך ווערן אַקטיווע טוער פֿאַר דער שול, וועלכע גרייט צו זייערע קינדער צום לעבן. אָבער די עלטערן, וועלכע געהערן צו פֿאַרשיידענע שיכטן פֿון דער יידישער געזעלשאַפֿט, זיינען אין זייער רוב מנין ורוב בנין אַ אינערטער, ווייניק-געזעלשאַפֿטלעכער עלעמענט. די מאַסע עלטערן צו פֿאַראינטערעסירן אין דער אַרבעט פֿאַר דער שול איז געווען ניט פֿון די לייכטע אויפֿגאַבעס.

די, וועלכע זיינען געשטאַנען די גאַנצע צייט ביי דער בויאונג פֿון אונ-זער שול און האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך צוקוקן צו די עלטערן, באַ-וואונדערן ממש די קאָלאָסאַלע ענדערונגען, וואָס עס קומט פֿאָר מיטן טאַטע-מאַמען, ווען מעס קינדער עס לערנען זיך אין אונזערע שולן אין משך פֿון עטלעכע יאָר. די עלטערן-פֿאַרזאַמלונגען מיט אַ יאָר 7—6 צוריק און די איצטיקע עלטערן-פֿאַרזאַמלונגען! גאָר ניט צו פֿאַרגלייכן! די עלטערן פֿלעגן דאַן בפֿועל-ממש שווייגן, צוהערן זיך און מער גאָר ניט. זעלטן-זעלטן ווען אַ טאַטע פֿלעגט נעמען אַ וואָרט אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג. אַלץ פֿלעגט אויסקומען דורכצופֿירן אויף די פֿאַרזאַמלונגען די לערער. איצט איז שוין גאַנץ אַנדערש. די עלטערן ריידן, קלייבן זיך פֿאַנאַנדער אין די גאַנץ קאָמפּליצירטע שול-פֿראַגן, זאָגן אַרויס זייערע פֿאָדערונגען קלאָר און בולט. ניט אומזיסט דריקן זיך אָפֿט אויס די עלטערן צו די לערער: „איר דאַרפֿט לערנען ניט נאָר מיט אונזערע קינדער, גאָר אויך מיט אונז, עלטערן“! אמת לעצטנס העלפֿן אין דעם פּרט די עלטערן גופֿא: די „עלטערע“ טאַטע-מאַמעס (די, וועלכע שיקן שוין אַ לענגערע צייט זייערע קינדער אין אונזערע שולן) לערנען די „יינגערע“ עלטערן. עס האָט אויך געווירקט דאָס, וואָס אונזער שול האָט אַרייגעצויגן די לעצטע יאָרן אַ גאַנצע ריי עלטערן אויך פֿון די העכערע שיכטן.

עלטערן-פֿאַרזאַמלונגען ווערן אָפֿט צונויפֿגערופֿן אין די אַנ-שטאַלטן פֿון צ. ב. ק. אויף די פֿאַרזאַמלונגען ווערן אָפּגעגעבן באַריכטן וועגן

---

1) נאָענט צום צ. ב. ק. שטייט די יידישע גימנאַזיע פֿון ס. מ. גורעוויטש.

דער אַרבעט אין שול. מען באַהאַנדלט פראַגן וועגן דערציאונג פון די קינ־
דער, וועגן שכר־למוד, וועגן היגיענע א. א. וו. אין אייניקע אַנשטאַלטן מאַכט
מען פּרובן צונויפצורופן די עלטערן ביי אַ גלעזל טיי און באַהאַנדלען פאַר־
שיידענע פראַגן אין אַ געמיטלעכער סביבה. די עלטערן ווערן צוגעצויגן צו
די קינדער יום־טובים. אויף די שול־שמחות פאַרשטאַרקט זיך נאָך די התקרבות
צווישן די עלטערן און די לערער.

גענויינלעכע עלטערן־פאַרזאַמלונגען קומען פאָר אין דעם גרעסטן טייל
פון אונזערע אַנשטאַלטן אַלע 1—2 חדשים, אין אַנדערע נאָך עפּטער.

זייער וויכטיק אין פּרט פון פאַראיגטערעסירן די עלטערן זיינען די
עלטערן־פאַרזאַמלונגען לויט די קלאַסן. ווען מען רופט צונויף די עלטערן
פון איין באַשטימטן לערניאָר (און ביי אַ קלענערער צאָל מענטשן קאָן מען
גענוי באַטראַכטן די פּעולות פון יעדן קינד באַזונדער), און טאַטע־מאַמע דער־
וויסט זיך גענוי וועגן זיין קינד אַזעלכע זאַכן, וועגן וועלכע ער האָט פריער
אפילו ניט געטראַכט, ווערט ער ווילנדיק־ניטווילנדיק אַלץ מער אַריינגעצויגן
אין דער שול־ספערע. פאַרן לערער זיינען די דאָזיקע עלטערן־פאַרזאַמלונגען
לויט די קלאַסן פון דער גרעסטער וויכטיקייט. אויספרעגנדיק די עלטערן
וועגן דער אויפפירונג פון קינד אינדערהיים, וועגן זיינע נייגונגען, מיט וואָס
עס פאַרנעמט זיך גערנער אינדערהיים, באַקומט דער לערער אַ העכסט־וויכ־
טיקן מאַטעריאַל, וואָס קלערט אים אויף אַ סך מיספאַרשטייענישן, וואָס גיט
אים אַ מעגלעכקייט די דערציאונג און בילדונג פירן אויפן ריכטיקן וועג.
דאָ קומט פאָר די צונויפגיסונג פון שול און היים, אָן וואָס עס איז אוממעגלעך
אַ נאָרמאַלע דערציאונגס־אַרבעט.

עלטערן־קאָמיטעטן עקסיסטירן כמעט ביי אַלע אונזערע אַנשטאַלטן.
ס'איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז ניט אַלע עלטערן־קאָמיטעטן אַנטוויקלען אַ גליי־
כע טעטיקייט: אייניקע זיינען מער טעטיק, די אַנדערע ווייניקער. אין אַ גרוי־
סער מאָס איז די אינטענסיווקייט פון דער טעטיקייט פון די עלטערן־קאָמיטעטן
אָפּהענגיק פון דעם אָנטייל פון די מיטגלידער פון פּעד. ראַט אין דער דאָזיקער
אַרבעט. אַלנפאַלס, די ערשטע צייט מוז געוויס זיין אַ טיכטיקע אַרבעט פון די
לערער אינם עלטערן־קאָמיטעט. מען מוז די עלטערן אַריינפירן אין דער אַר־
בעט, מען מוז וועקן זייער איניציאַטיוו, מען מוז זען אויסאַרבעטן מיט זיי צו־
זאַמען דעם פּלאַן פון זייער אַרבעט. און טאַקע דאַרטן, וואו דער פאַרוואַלטער
פון דער שול אָדער אַ לערער אַרבעטן ענערגישער אינם עלטערן־קאָמיטעט,
דאַרטן ברענגט דער עלטערן־קאָמיטעט גרויסע נוצן פאַר דער שול. עס איז גע־
נוג צו זאָגן, אַז די שול־ביבליאָטעקן (און גאַנץ גרויסע) ביי אייניקע אַנשטאַלטן
זיינען געשאַפן געוואָרן דורך די עלטערן־קאָמיטעטן. אין אייניקע שולן האָבן די
עלטערן־קאָמיטעטן באַרייכערט דעם מכשירים־באַשטאַנד פון שול. די עלטערן־
קאָמיטעטן שפּילן אַ גרויסע ראָלע ביים פעסטשטעלן דעם שכר־למוד, באַזונדערס,
ביים פאַרטיילן די עלטערן אויף קאַטעגאָריעס, לויט דער הייך פון שכר־
למוד; זייענדיק פאַרבונדן מיט די עלטערן, וויסנדיק זייער מצב, ברענגען זיי
אין דעם פּרט דער שול אַ סך נוצן. די עלטערן־קאָמיטעטן ווערן צוגעצויגן ביים

איינאָרדענען די שול-יום-טובים. אַ סך ווירטשאַפטלעכע פראַגן פון דער שול ווערן דורך די עלטערן-קאָמיטעטן פאַרענטפערט. די עלטערן-קאָמיטעטן העלפן אויך ביים באַזאָרגן מיט טיי די קינדער, ביים באַזאָרגן די גאָר אָרימע שילער מיט אַ ביכל, העפטן, אַמאָל מיט אַ מיטאָג א. א. וו.

ווי עס צו זען, איז די אַרבעט פון די עלטערן אַ גאַנץ וויכטיקע און פאַרשיידנאַרטיקע. זיי פירן אויך דורך מיט די עלטערן-פאַרזאַמלונגען. זיי האָבן אויך פאַרשטייער אין ראַט און קאָנען אַזוי-אַרום איבערגעבן אַלע וואונטשן פון די עלטערן און פון דער אַנדערער זייט אינפאָרמירן די עלטערן וועגן אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין שול.

געוויס זיינען ניט אַלע מאָל אינגאַנצן נאָרמאַלע באַציאונגען צווישן די עלטערן-קאָמיטעטן מיט די פעד. ראַטן. עס טרעפט זיך, אַז די עלטערן-קאָמיטעטן באַשולדיקן די לערער אין איגנאָרירן די אַרבעט פון די עלטערן-קאָמיטעטן; די לערער, פאַרקערט, באַשולדיקן אַמאָל די עלטערן-קאָמיטעטן אין אַ שטרעבונג צו ווערן די באַלעבאַטים פון די שולן. ביידע ערשיינונגען טאָרן ניט זיין. די פעד. ראַטן מוזן זיך אומבאַדינגט אינטערעסירן מיט דער אַרבעט פון די עלטערן-קאָמיטעטן און צוציען זיי צו אַ נאָענטער מיטאַרבעטערשאַפט. די עלטערן קאָנען ניט און טאָרן ניט ווערן די פולע באַלעבאַטים פון די אַנשטאַלטן (פונקט ווי דאָס קאָנען אויך ניט זיין די לערער). די שולן קאָנען ניט געהערן ניט צו די עלטערן, ניט צו די לערער, ווייל הן די ערשטע הן די צווייטע זיינען ניט קיין שטענדיקער עלעמענט אין דער שול (הייגט אַרבעטן זיי און מאָרגן גייען זיי אַוועק — איינע צוליב דעם, וואָס זייערע קינדער ענדיקן די שול, די אַנדערע צוליב דעם, וואָס זיי גייען אריבער אַנדערשוואו אַרבעטן). אויסערדעם, ניט אַלע לערער פון דער שול און ניט אַלע עלטערן האָבן אַ באַשטימטע שטעלונג צו דער שול-פראַגע בכלל און צו דער שול-אַרבעט בפרט. די שולן קאָנען בלויז געהערן צו אַזאַ קערפערשאַפט, וועלכע האָט אַ באַשטימטע שול-פראָגראַם, אַ באַשטימטן קוק אויף דער שול-אַרבעט.

פדי אויסצומיידן מיספאַרשטייענישן צווישן די פעד. ראַטן און עלטערן-קאָמיטעטן, ווערט ביים היינטיקן טאָג אויסגעאַרבעט אַ גענויער פּראָיעקט פון דער אַרבעט פון די עלטערן-קאָמיטעטן און פון די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן די פעד. ראַטן און עלטערן-קאָמיטעטן.

**צענטראַלער עלטערן-קאָמיטעט.** ווען ביי דעם גרעסטן טייל אַנשטאַלטן האָבן שוין עקסיסטירט עלטערן-קאָמיטעטן, האָט זיך אין יאָר 1921 אַוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן פאַראייניקן די אַרבעט פון די באַזונדערע עלטערן-קאָמיטעטן, וועגן פאַראינטערעסירן די עלטערן ניט נאָר אין דער שול, וואו זייערע קינדער לערנען זיך, נאָר אויך אינם גאַנצן שולוועזן אונזערן. און עס איז אַוועקגעלייגט געוואָרן אַ יסוד פאַר דעם צענטראַלן עלטערן-קאָמיטעט. דעם פּלענום פון צענטראַלן עלטערן-קאָמיטעט בילדן אַלע באַזונדערע עלטערן-קאָמיטעטן. דער דאָזיקער פּלענום קלייבט אויס אַן ענגערן קאָמיטעט, צו איין פאָרשטייער פון יעדן עלטערן-קאָמיטעט. דער צענטראַלער עלטערן-קאָמיטעט

האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג אין דער שול-אַרבעט פאַר די לעצטע יאָרן. דער צענטראַלער עלטערן-קאָמיטעט הערט אויס באַריכטן פון די באַזונדערע עלטערן-קאָמיטעטן, גיט זיי אינסטרוקציעס, העלפט מיט צו עפענען עלטערן-קאָמיטעטן ביי די אַנשטאַלטן, וואו זיי זיינען נאָך ניטאָ. דערמיט אָבער איז נאָך זיין טעטיקייט ניט אויסגעשעפּט. דער צענטראַלער עלטערן-קאָמיטעט העלפט מיט דעם צ. ב. ק. אין זיינע געלט-אַקציעס, אין זיין קאַמף פאַר דער רעכטלעכער אָנערקענונג פון אונזער שול. דער צענטראַלער עלטערן-קאָמיטעט האָט אויף זיך גענומען די איניציאַטיווע פון גרינדן דעם עלטערן-זשורנאַל „שול און היים", פון וועלכן עס זיינען אַרויס 5 נומערן; ער האָט אויך געזאָרגט פאַר דער פינאַנציעלער זייט פונם זשורנאַל, פאַר זיין פאַרשפּרייטונג, זיינע מיטגלידער האָבן אויך געשריבן אַרטיקלען אין דעם דאָזיקן זשורנאַל. צוליב דעם געלט-מאַנגל האָט זיך דער זשורנאַל געמוזט שליסן. איצט האָט דער צענטראַלער עלטערן-קאָמיטעט זיך געווענדט צום זשורנאַל „שול און לעבן" אין וואַרשע, דאָרט זאָל געעפנט ווערן אַן אָפּטיילונג „עלטערן-טריבונע", וועלכע זאָל באַהאַנדלען פראַגן, וואָס אינטערעסירן די עלטערן.

לויט דער איניציאַטיווע פון דעם צענטראַל עלטערן-קאָמיטעט איז אויך געשאַפן געוואָרן די עלטערן-אוידיטאָריע.

מיר גיבן אַ רשימה פון די פאָרלעזונגען אין דער עלטערן-אוידיטאָריע:

| פרעלעגענט | ט ע מ ע |
|---|---|
| י. גורעוויטש. | קינדער אויסער דער שול |
| ד״ר ל חיים | שול- און היים-היגיענע |
| ש. ידידאָוויטש | געשיכטע פון דער יידישער שול |
| י. גורעוויטש. | וואָס איז אַזוינס אונזער שול? |
| ב. פעלער | זעלבסטשטענדיקייט און זעלבסטאַנטוויקלונג פון די קינדער אין דער נייער שול. |
| ה. סעניצקי | די געשיכטע פונם קינדערגאָרטן |
| ר. סימכאָוויטש | שכר ועונש אין שול און אינדערהיים (2 לעקציעס) |
| א. גאָלאָמב | חדר און שול |
| י. רובין | געמישטע שולן |
| קאָלעקט. פאָרלעזונג | די אויפגאַבן פונם שול-צוזאַמענפאָר |
| " " | וועלטלעכע און רעליגיעזע דערציאונג |
| " " | באַריכט פונם שול-צוזאַמענפאָר |
| ר. סימכאָוויטש | שפּילן און אַרבעט ביי קינדער |
| ד״ר ל. חייט | באַדייטונג פון פיזישער דערציאונג |
| ר. סימכאָוויטש | שקר ביי קינדער |
| ד״ר ל. חייט | די פּעדאַגאָגיק אין דער באַלייכטונג פון דער מעדיצין |
| י. רובין | העברעאיש אין אונזער שול (3 לעקציעס) |
| ט. גורעוויטש | דער אַנטייל פון די עלטערן אינם לעבן פון די שולן אין דייטשלאַנד. |

| פרעלעגענט | טעמע |
|---|---|
| ר. סימכאָוויטש | שולן און קינדער־אַנשטאַלטן אין מערב־איירָאָפּע (שווייץ־דייטשלאַנד) |
| ג. פּלודערמאַכער | וועלטלעכקייט אין אונזער שול |
| ל. לאַזאָווסקי | דיסציפּלין אין שול |
| י. רובין | דער בעל־מלאכה אין דער יידישער ליטעראַטור |
| ד״ר גאָלדבורט | היגיענע פון שול־קינד אינדערהיים. |
| קאָלעקטיווע פאָרלעזונג | איבּגאַבּן פון עלטערן־צוזאַמענפאָר |
| „ „ | „ „ „ באַריכט |
| „ „ | באַדייטונג פון דער עלטערן־אוידיטאָריע (אויף דער דאָזיקער פאָרלעזונג איז אויך אַרויסגעטראָטן דער כאָר פון רעאַל־גימנאַזיע אונטער דער אָנפירונג פון י. גערשטיין; י. גיליגיטש האָט געלייענט „דאָס מעסערל״ פון שלום־עליכם. |
| „ „ | י. גיליגיטש האָט פאָרגעלייענט שלום־עליכמס: „מיר איז גוט.—איך בין א יתום״. דאַן אַ שמועס: געדאַנקען וועגן דערציאונג אין שלום־עליכמס ווערק |
| ר. סימכאָוויטש | וואָס דאַרף געבּן דעם קינד דאָס בוך? (צו דער פראַגע וועגן לייענען) |
| א. גאָלאָמבּ | הונדערט יאָר שול־בויען בּיי יידן. |
| ג. פּלודערמאַכער | אונזער שול און אירע קעגנער |
| א. גאָלאָמבּ | תרבות און העברעאיש |
| פרויִ צעמעל | די באַדייטונג פון שול און היים אין דער דערציאונג פון קינד |
| א. גאָלאָמבּ | וואָס דאַרפן מיר פאָדערן פון אונזערע קינדער? |
| א. קאַטיק | סעקסועלע דערציאונג |
| קאָלעקטיווע פאָרלעזונג | די לערער־קאָנפערענץ און איר באַדייטונג (2 פאָרלעזונגען) |
| ג. פּלודערמאַכער | די סעקוליאַריזאַציע פון דער יידישער דערציאונג |

די ווילנער עלטערן־קאָמיטעטן האָבּן אָנטיילגענומען אין דעם ערשטן יידישן שול־צוזאַמענפאָר אין יאָר 1921 אין וואַרשע.

לויט דער איניציאַטיווע פון די ווילנער עלטערן האָט די שול־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן צונויפגערופן אין יאָר 1922 אין וואַרשע אַן עלטערן־צוזאַמענפאָר. די ווילנער עלטערן־קאָמיטעטן זיינען געווען אויף דעם צוזאַמענפאָר פאָרגעשטעלט, געלייענט פאָרטראָגן, געווען מיטגלידער אין פרעזידיום א. אַ. וו.

בּיי היינטיקן טאָג זיינען פאַראַן שוין הונדערטער עלטערן — פולשטענדיק איבּערצייגטע, באַוואוסטזיניקע אָנהענגער פון אונזער שול. זיי שטייען ווי אַ וואַנט אַרום אונזער שול. עס האָבּן זיך אויסגעטיילט צווישן זיי אמתע פּראָפּאַגאַנדיסטן פאַר אונזער שול, וועלכע טרעטן אַרויס אויף מיטינגען, פאַרוויילונגען און פּאָפּולאַריזירן די אידעען פון אונזער דערציאונג־סיסטעם.

עס איז אויך אַרויפגעשוואומען איין צייט אַ פראַגע וועגן אַ ספּעציעלער עלטערן־געזעלשאַפט, וועלכע זאָל אַרומנעמען די מער באַוואוסטזיניקע עלטערן.

איצט אָבער מיטן לעגאַליזירן די ווילנער יידישע בילדונגס־געזעלשאַפט (וועגן דעם זע ווייטער), איז די פראַגע וועגן אַן עלטערן־געזעלשאַפט אַראָפּגענומען. געוואָרן פון סדר־היום.

ג) אלגעמיינע אויפקלערונגס־ארבעט.

דער צ. ב. ק. האָט זיך גיט באַגרענעצט מיט דער אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די עלטערן. שוין אין דעם ערשטן יאָר פון זיין טעטיקייט האָט ער אָרגאַניזירטברייטע מיטינגען וועגן דער יידישער שול. דעם 2-טן דעצעמבער 1919 אַ גרויסן מיטינג אין קרענגלס זאַל. פון 18־טן ביזן 27־טן דעצעמבער 1919 אָרגאַניזירט ער אַשול־וואָך. אויסער דער אויסשטעלונג זייגען דאַן אָרגאַניזירט געוואָרן פאָלגנדיקע פאָראַנשטאַלטונגען:

18־טן דעצעמבער אין שטאָט-טעאַטער: קינדער־פאָרשטעלונג „די נאַכט אין וואַלד" (אָפּערע); כאָר, דעקלאַמאַציע.

19־טן דעצעמבער אין קריינגלס־זאַל: די יידיש־וועלטלעכע שול — פאָר־טראָג פון ח' פלודערמאַכער.

20־טן דעצעמבער אין קרענגלס זאַל: קאָנצערט־מיטינג: רעדעס—ז. רייזען, מ. שור; לאַזאָווסקי (פידל), קינדער־כאָר אונטער דער לייטונג פון א. סלעפּ.

21־טן דעצעמבער אין פילהאַרמאָניע: דאָס פאַרבלאָנדזשעטע מיידעלע — קינדער־אָפּערע; חנוכה־געלט — איגסצענירט פון שלום־עליכמס דערציילונג; דעקלאַמאַציע און כאָר.

21-טן אין קריינגלס־זאַל: „די שול און דער דאָקטאָר" — פאָרטראָג פון ד"ר א. מאַקאָווער.

22־טן דעצעמבער — קריינגעלס זאַל — „ווייסשנייעלע" — קינדער־פּיעסע; כאָר, דעקלאַמאַציע.

27־טן דעצעמבער — קריינגלס זאַל — „שרה־בת־טובים"; בלומענטאַנץ, שנייעלעך (קינדער־באַלעט); פידל; כאָר; דעקלאַמאַציע; גימנאַסטיק.

דעם 13־טן יאַנואַר 1921 אַראַנזשירט דער צ. ב. ק. 2 גרויסע פאָלקס־מיטינגען (אין קרענגלס זאַל און אין קולטור־הויז אויף פּאָליציי־געסל 3) אין צוזאַמענהאַנג מיטן דעמאָלטיקן לערער־שטרייק.

דעם 27־טן אַווגוסט 1921 — 2 מיטינגען אויף דער טעמע: די נייע יידישע שול און איר באַדייטונג.

דעם 10־טן סעפּטעמבער 1921 — 3 מיטינגען אין פאַרשיידענע טיילן פון שטאָט אויף דער טעמע „די יידישע שול און די פאָלקסמאַסן".

דעם 27־טן אָקטאָבער 1921 — 1 מיטינג אויף דער טעמע: „וואָס דאַרפן מיר פאָדערן פון דער נייער שול"?

דעם 28־טן יאַנואַר 1922 רופט דער צ. ב. ק. צונויף אין שטאָט־זאַל אַ גראַנדיעזן מיטינג (איבער 3000 מענטשן), געווידמעט דער רעכטלעכער און מאַטעריעלער לאַגע פון אונזער שולוועזן.

דעם 19־טן און 20־טן אַפּריל 1922 4 מיטינגען אין פאַרשיידענע טיילן פון שטאָט אויף דער טעמע „די יידיש־וועלטלעכע שול און די איבעריקע טיפּן שול אויף דער יידישער גאַס".

דעם 29־טן יולי 1922 אַ גרויסן מיטינג אין קריינגלס זאַל, געווידמעט דער רעכטלעכער לאַגע פון אונזער שול.

דעם 14־טן אָקטאָבער 1922 — 3 מיטינגען אויף דער טעמע: „דער קינדער־גאָרטן און זיין באַדייטונג”.

דעם 7־טן אַפּריל 1923 — אַ מיטינג אויף דער טעמע: „צו וואָס שטרעבן די שונאים פון דער נייער יידישער שול?”

דעם 9־טן יוני 1923 — אַ גרויסער קאָנצערט־מיטינג (מיטן אָנטייל פון פֿאַראייניקטן שול־כאָר אונטער דער לייטונג פון א. סליעפּ) אין שטאָט־זאַל אין צוזאַמענהאַנג מיט דער שול־אויסשטעלונג.

דעם 1־טן מערץ 1924 — אַ קאָלאָסאַלער מיטינג (איבער 3000 פּערזאָן) אין שטאָט־זאַל, געווידמעט דער געלט־אַקציע פאַר דער יידישער שול.

דעם 23־טן אַפּריל 1924 — קאָנצערט־פאַרווייִלונג פאַר שניפּישקער ראַיאָן
" 26־טן " " " " " נאָוואָראָדער ראַיאָן
" " " " " " " ראַיאָן פון רוזעלע און פּאָפּלאַווּעס.

אויסערדעם האָט דער צ. ב. ק. מיטגעהאָלפן דער אָרגאַניזירונג פון די פאָרלעזונגען פון ח׳ צביון: „די יידישע קולטור אין אַמעריקע” (אַפּריל 1921) און ברוך צוקערמאַן: „די יידישע שולן אין אַמעריקע” (יאַנואַר 1922).

דער צ. ב. ק. האָט אויך אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלע אַקאַדעמיע (יאַנואַר 1924) צום 10־יאָריקן יובליי פון דעם צוזאַמענפאָר פון „מפיצי־השכלה” (סוף 1913) ווען ס׳איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס, אַז די אונטעררייכטס־שפּראַך אין דער שול דאַרף זיין יידיש. אין פעוורואַל 1923 האָט דער צ. ב. ק. איינגעאָרדנט אַ טרויער־אָוונט צום אָנדענקן פון וולאַד. מעדעם.

דער צ. ב. ק. האָט אויך געפירט אַן אויפקלערונגס־אַרבעט אין באַזונדערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. אַ סך אויפמערקזאַמקייט האָט ער געלייגט אויף פּאָפּולאַריזירן די יידישע שול צווישן די ברייטע שיכטן פון דער אַרבעטערשאַפט. אין דער יידישער קולטור־סעקציע פון די פּראָפעס. פאַראייניגן זייִנען אייניקע מאָל אַרויסגעטראָטן פאָרשטייער פון צ. ב. ק. וועגן פראַגן פון דער יידישער שול. דורך דער יידישער קולטור־סעקציע האָט ער אויך אַרויפגעשטעלט די פראַגע וועגן דער יידישער שול אויף דעם קרייז־ראַט פון אַלע פּראָפ. פאַראייניגן אין ווילנע.

דער צ. ב. ק. האָט געהאַט די לעצטע פאַר יאָר אַ גאַנצע ריי באַראַטונגען מיט די פאַרוואַלטונגען פון די פּראָפ. פאַראייניגן. אין משך פון לעצטן ווינטער זייִנען איינגעאָרדנט געוואָרן פאַרזאַמלונגען, געווידמעט דער יידישער שול אין פאָלגנדיקע פּראָפ. פאַראייניגן: א) אין פּראָפ. פאַראיין פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע (2), ב) אין נאָדל־פאַראיין (2), ג) אין טאַבאַק־פאַראיין, ד) בעקער־פאַראיין, ה) פאַריקמאַכער־פאַראיין, ו) מעטאַל־אַרבעטער, ז) סאַכאַרין־אַרבעטער, ח) מיטלמעדיציניִשער, ט) פאַראיין פון פאַרמאַצעווטן.

אין אייניקע פאַראייניגן איז מען אַרויסגעטראָטן, אויסער אין יידיש, אויך אין פּויליש (ווייל איך די דאָזיגע פאַראייניגן זייִנען פאַראַן אויך פּוילישע אַרבעטער).

עס איז אויך איינגעאָרדנט געוואָרן דעם 8 מערץ 1924 אַן אַרבעטער=מיטינג (פֿאַר אַלע פּראָפֿ. פֿאַראיינען) וועגן דער יידישער שול.

כּדי צוציען די קינדער פֿון אַלע אַרבעטער אין דער יידישער שול, האָט דער צ. בּ. ק. אַרויסגעלאָזן אַן אַנקעטע, וועלכע ווערט לעצטנס דורכגעפֿירט אין די פּראָפֿ. פֿאַראיינען (די אַנקעטע זע אין דער אָפּטיילונג „מאַטעריאַלן״).

דער צ. בּ. ק. האָט שוין לאַנג געהאַט פֿאַרבינדונגען מיט דער פּראָגרעסיווער גרופּע אין האַנטווערקער=פֿאַראיין. אויף די אָפּטע דיסקוטיע=אָוונטן פֿאַר די מיטגלידער פֿון האַנטווערקער=פֿאַראיין, פֿאַרטיידיקט די פּראָגרעסיווע גרופּע די וועלטלעכע שול. לעצטנס איז אויך דורכגעפֿירט געוואָרן אין זאַל פֿון האַנטווערקער=פֿאַראיין אַ מיטינג פֿאַר האַנטווערקער וועגן דער יידישער שול.

עס זיינען געמאַכט געוואָרן פּרובן צו אָרגאַניזירן אַ פֿאָרלעזונג אויך בּיי די קליינהענדלער.

בּיי דער שטודירנדיקער יוגנט האָט אויך דער צ. בּ. ק. געפֿירט אַ געוויסע אַרבעט. אַזוי איז דעם 20=טן מאַי 1923 געווען אַ גרויסע פֿאַרזאַמלונג פֿון סטודענטן און עלטערע שילער פֿון די גימנאַזיעס; אין מערץ 1924 אין לאָקאַל פֿון סטודענטן=פֿאַראיין אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון סטודענטן, געווידמעט דער יידישער שול. אויסערדעם אייניקע בּאַראַטונגען מיט פֿאָרשטייער פֿונם אומאָפּהענגיקן אַקאַדעמישן פֿאַרבאַנד.

כּדי אויפֿצוקלערן און פּאָפּולאַריזירן די יידישע שול, האָט דער צ. בּ. ק. אויך אויסגענוצט די פּרעסע. אין דעם זין דאַרפֿן פֿאַרצייכנט ווערן בּאַזונדערס די פֿאַרדינסטן פֿונם ווילנער „טאָג״. צום סוף פֿון דעם זאַמלבוך קומט אַ רשימה פֿון די №№ „טאָג״, אין וועלכע עס זיינען געווען געדרוקט גרעסערע אַרטיקלען וועגן דער יידישער שול. אויסער די דאָזיקע גרויסע אַרטיקלען—קלענערע נאָטיצן אין אַ גאַנצער ריי №№, און יעדן טאָג די קאָמוניקאַטן פֿון צ. בּ. ק. אויך אין דער וועכנטלעכער צייטונג „אונזער געדאַנק״ איז אָפּגעגעבן געוואָרן אויפֿמערקזאַמקייט דער יידישער שול.

דער צ. בּ. ק. האָט אַרויסגעגעבן צוויי איינטאָגיקע אויסגאַבן:

I. „פֿאַר אונזערע קינדער״. אינהאַלט: 1) האַלט אויף אייער שול—בּ. צוקערמאַן; 2) די מאַכט און אונזער שול—י. כעזין; 3) זיי און מיר—י. ר—ן; 4) די ווילנער קהילה און אונזערע אַנשטאַלטן—מיכאל; 5) די יידישע שול און דער יידישער אַרבעטער״ — אַ. ליטוואַק; 6) די יידישע אַרבעטערשאַפֿט פֿאַר דער יידישער שול; 7) צו די עלטערן פֿון אונזערע שול=קינדער; 8) אונזערע שולן—ד״ר צ. שאַבּאַד; 9) די יידישע שול — ז. רייזען; 10) דער בּיודזשעט פֿון די ווילנער יידיש=וועלטלעכע שולן און דער געזעלשאַפֿטלעכער קאַמף פֿאַר אים—ג. פֿלודערמאַכער; 11) דער ווילנער שטאָט=ראַט און די יידישע קולטורעלע אַנשטאַלטן—בּ. לובאָצקי; 12) די יידיש=וועלטלעכע שול אויף דער פּראָווינץ—א. גאָלדמאַן; 13) אַ טרויעריקע דערשיינונג—Mich; 14) אונזערע פֿאָדערונגען צו דער מאַכט—מ. שור; 15) די צענטראַלע שול=אָרגאַניזאַציע אין ווילנע בּ—ד; 16) דער צענטראַלער בּילדונגס=קאָמיטעט און זיין טעטיקייט—י. ראובני; 17) זעלבּסטבּאַשטייערונג—מ. ש.; 18) שכר=למוד—מ.; 19) אונזערע קינדער=

געRTנער—א. ס.; 20) אונזערע שולן—י. רובין; 21) רעאַל־גימנאַזיע—ל. לאָזאָווסקי; 22) דער יידישער לערער־סעמינאַר—ר. סימכאָוויטש; 23) זיי געגריסט, יונגער חבר (צום ערשטן יאָרטאָג פון אַרבעטער־אינטערנאַט)—ש. ידידאָוויטש; 24) די קינדער־ביבליאָטעק ביים צ. ב. ק.—ח. ווייסבאָרד.

אויסער דעם 3 דיאַגראַמען. די אויסגאַבע האָט פאַרנומען 6 זייטן גרויסן פאָרמאַט.

II. „פאַר אונזער שול". אינהאַלט: 1) שלום אַש—אונזער איינציקע רעטונג—איז די יידישע שול. 2) ד"ר צ. שאַבאַד — 4 = 2 × 2; 3) ה. כאַצקעלס—וואָס פאַר אַ שול דאַרפן מיר?; 4) א. ליטוואַק—די יידישע שול און די יידישע אַרבעטער; 5) י. כאַרלאַש—מוטער־שפּראַך; 6) י. רובין—פאַרגרימירטע „בעלי־טובות"; 7) רב מאיר—ניט פאַרלירן זיך! 8) ש. ידידאָוויטש — בויען און שאַפן—קעמפן און זיגן; 9) ז. רייזען—אונטער גייסטיקן טעראָר; 10) לודוויק אַבראַמאָוויטש (רעד. פון „Przegląd Wileński")—אומזיסטע פּרובן; 11) פּראָטעסט־רעזאָלוציעס (ס.־ד. בונד, ראַטנער־געזעלשאַפט ,סטודענטן־פאַראיין, אומאָפּהענגיקער אַקאַדעמישער פאַרבאַנד, קולטור־סעקציע, פּראָפ. פאַראייגען).

דער צ. ב. ק. האָט אין משך פון דער צייט אָפּגעדרוקט אַ גאַנצע ריי אויפרופן, ווענדונגען א. א. וו.

אויפן סדר־היום שטייט איצט אויך די פראַגע וועגן דורכפירן אַ הויזאַגיטאַציע פאַר דער יידישער שול, כדי אויך די, וועלכע באַזוכן ניט קיין פאַרזאַמלונגען, מיטינגען, לייענען ניט קיין צייטונגען, זאָלן זיך אויך באַקאָנען מיט דער יידישער שול.

דער צ. ב. ק. האָט געשטרעבט צו פּאָפּולאַריזירן די יידישע שול אויך צווישן דער ניט יידישער באַפעלקערונג. שוין סוף 1920 און אנהויב 1921, ווען ס'האָט עקסיסטירם דאָס אינטערנאַציאָנאַלע לערער־ביוראָ, האָבן די פאָרשטייער פון צ. ב. ק. איבערגעלייענט אַ גאַנצע ריי פאָרטראָגן: ג. פלודערמאַכער—וועגן אונזערע שולן און אָוונט שולן ל. לאָזאָווסקי—וועגן דער רעאַל־גימנאַזיע; ה. אַבראַמאָוויטש—די דערנענטערונג צווישן די אָרטיקע נאַציאָנאַליטעטן. דאָרטן איז אַרויפגעשוואומען דער געדאַנק וועגן אָרגאַניזירן אַן אַלגעמיינעם פעד. מוזיי. דאָס איז שוין נאָכהער פאַרווירקלעכט געוואָרן אין דער פאָרם פון דער Pracownia doświadczalna.

אין דעם יאָר 1922 זיינען געדרוקט געוואָרן אייניקע אַרטיקלען וועגן דער יידישער שול אין דער „Gazeta Krajowa".

אין משך פון 1923 יאָר האָט דער צ. ב. ק. געהאַט אַ גאַנצע ריי באַראַטונגען מיט פוילישע גרופּירונגען: מיט „פּיאַסט" און ווילנער פוילישע דעמאָקראַטן (מיטן אָנטייל פון סענאַטאָר קרזשיזשאַנאָווסקי, וויטאָלד אַבראַמאָוויטש, סטאַניעוויטש א. אנד.); מיט פּ. פּ. ס. (מיטן אָנטייל פון דעפּוטאַט פּלאַווסקי, ד"ר טשאַרנאָצקי, לערערין סטאַבינסקאַ א. אנד.). אויסער דעם באַזונדערע באַראַטונגען מיטן דעפּוטאַט פּלאַווסקי (פּ. פּ. ס.), ל. כאַמינסקי („וויזוואָלעניע").

אויך מיט די ווייסרוסן האָט דער צ. ב. ק. געהאַט אַ באַראַטונג. ס'האָבן אָנטיילגענומען מצד די ווייסרוסן קס. סטאַנקעוויטש, קאָכאַנאָוויטש, טאַראַשקעוויטש א. אנד.

דער צ. ב. ק. האָט אויך פאַרשפרייט די פוילישע בראָשורן וועגן דער יידישער שול, ארויסגעגעבן דורך דער צ. ש. א. אין פוילן.

די דאָזיקע באַראַטונגען און אויך די אויסשטעלונג, וועלכע איז באַזוכט געוואָרן פון אַ גאַנצער ריי פוילישע שולן, פוילישע פערזענלעכקייטן, ליטווישע און ווייסרוסישע לערער און כלל-טוער, האָבן מיטגעהאָלפן, אַז די אָרטיקע אינטעליגענץ, וועלכע האָט קיין אַנונג ניט געהאַט וועגן אונזער שול, האָט אָנגעהויבן טיילווייז צו אָנערקענען, אַז ביי די ווילנער יידן איז דאָ אַ נעץ מאָדערנע גוט אַוועקגעשטעלטע פעדאַגאָגישע אַנשטאַלטן. אפילו די בעסערע פאָרשטייער פון די אָרטיקע נאַציאָנאַליטעטן האָבן אינגאַנצן געהאַט אַ פאַלשע פאָרשטעלונג וועגן אונזערע שולן. אויף די באַראַטונגען האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן געמיינט, אַז נאָך עד-היום איז ביי די יידן דאָ נאָר א חדר. ווען זיי באַקאַנען זיך אָבער נענויער, ווען זיי דערוויסן זיך וועגן דעם אמתן פעדאַגאָגישן מצב פון אונזער שול-וועזן, ווערן זיין ממש גשתומם. אויף איינער פון די דאָזיקע באַראַטונגען האָט אַ באַוואוסטער פוילישער טוער געזאָגט: „מיר מוזן אייך מקנא זיין. איר האָט אייערע שולן ארויסגעפירט שוין פון חדר: ביי אונז וויל מען לעצטנס די שול אַריינפירן אין חדר"... געוויס מוז די אַרבעט פאַרשטאַרקט ווערן. די באַראַטונגען מוז מען פאָרזעצן, מען מוז אָרגאַניזירן אַ גאַנצע ריי פאָרלעזונגען פאַרן ברייטערן ניט יידישן עולם וועגן דער יידישער שול.

ד) די ארבעט אויף דער פראָווינץ.

אין דער ערשטער צייט פון דער אַרבעט פון צ.ב.ק. איז ניט געווען קיין אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל זיך פאַרנעמען מיט דער שול ארבעט אויף דער פראָווינץ. דער צ. ב. ק. האָט פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון דער דאָזיקער ארבעט. הגם דער צ. ב. ק. איז געווען לכתחילה געבויט ווי א שטאָטישע אָרגאַניזאַציע, דאָך האָט ער געפונען פאַר גויטווענדיק מיט אלע מיטלען מיטצוהעלפן דער ארגאַניזירונג פון די שולן אויף דער פראָווינץ.

אזוי האָט דער צ. ב. ק. דעם 9 סעפט. 1919 יאָר אויסגענוצט די אָנוועזנהייט פון אַ גאַנצער ריי פראָווינציעלע טוער אויף דער קאָנפערענץ „יעקאָפאָ". ער רופט צונויף פאָרשטייער פון 10—9 פונקטן, באַהאַנדלט מיט זיי די פראַגע וועגן דער יידישער שול אויף דער פראָווינץ, לייגט זיי פאָר זיך צו שטעלן אין פאַרבינדונג מיטן צ. ב. ק. וועגן שול-ענינים א. אַ. וו. און טאַקע אינגיכן הייבט מען זיך אָן צו ווענדן פון די פאַרשיידענע שטעטלעך אין צ. ב. ק. דער צ. ב. ק. ארבעט אויס מיט די פראָווינציעלע טוער לערנפלענער, רעקאָמענדירט לערער, לערנביכער א. א. וו. אין נאָוואָ-ווילייסק ארגאַניזירט דער צ. ב. ק. א פאָלקס-שול (און אגב אויך א קולטור-פאַראיין). ער העלפט מיט דער אָרגאַניזירונג פון די שולן אין אלקעניק, לאַנדוואָראָווע, מיכאַלישעק א. אנד. דער צ. ב. ק. וואָלט אפשר נאָך מער אויפגעטאָן אין יענער צייט אויף דער פראָווינץ, ווען די טוער אין ווילנע וואָלטן זיך געקאָנט אפרייסן און באַזוכן עפטער די שטעטלעך. גאָר דאָס איז געווען כמעט אויסגעשלאָסן, דעריבער האָט דער צ. ב. ק. אנגעהויבן צו זוכן אַן אינסטרוקטאָר פאַר דער פראָווינץ. דאָס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן.

ווען „יעקעפאָ" האָט אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן שולן (פון פאַרשיידענע מינים) אויף דער פּראָווינץ, האָט דער צ. ב. ק. אָנגענומען טריט, אז אין א געוויסן טייל פּונקטן זאָלן זיך עפענען יידיש־וועלטלעכע שולן.

כּדי צו האָבן א גרעסערע מעגלעכקייט צו ארבעטן אין דער פּראָווינץ, באַשליסט דער צ. ב. ק. אין דער צייט, ווען די ליטווינער זיינען געווען אין ווילנע, דורכצופירן אַ פּונקט אין סטאַטוט, אַז ער זאָל האָבן רעכט צו אַרבעטן אין דער פּראָווינץ. נאָר דאָ ווערט ווילנע פאַרנומען דורך זשעליגאָווסקיס אַר־מיי, די פאַרבינדונג מיט דער פּראָווינץ ווערט פאַרשווערט, און דער באַשלוס ווערט נ'ט פאַרווירקלעכט.

ווען אין מערץ 1921 קומט פאָר די קאָנפערענץ פון די פּראָווינציעלע לערער ביי „יעקאָפּאָ", און די אָנהענגער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול זיי־נען אַוועק פון דער קאָנפערענץ, העלפט דער צ. ב. ק. דעם צונויפרופן באַ־ראַטונגען פון די אַוועקגעגאַנגענע דעלעגאַטן, און עס ווערט אַוועקגעלייגט דער יסוד פון דער שול־אָרגאַניזאַציע פאַר ווילנער פּראָווינץ.

דער צ. ב. ק. האָט דאַן ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט איבערצונעמען די פּראָווינציעלע שולן. מיט אַ פּאָר חדשים פריער האָט ער איבערגענומען די פינאַנציעלע אויסהאַלטונג פון די ווילנער שולן, און די אַרבעט זיינע איז גע־וואָרן זייער קאָמפּליצירט. נעמען אויף זיך נאָך די פּראָווינציעלע שולן האָט דער צ. ב. ק. ניט געקאָנט. צוליב דער דאָזיקער סיבה און נאָך צוליב אַנדערע טעמים, איז געשאַפן געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע פאַר די פּראָ־ווינציעלע שולן.

אַ געוויסע צייט איז געווען זייער אַ קליינער קאָנטאַקט צווישן צ. ב. ק. און דער פּראָווינץ־אָרגאַניזאַציע. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען אומנאָרמאַל. די שול־אַרבעט אין שטאָט און פּראָווינץ איז ענג פאַרבונדן. דעריבער איז געווען באַשלאָסן, אַז פאָרשטייער פון צ. ב. ק. זאָלן אריינגיין מיט באַשטימוגגס־רעכט אין עקזעקוטיווע פון דער שול־אָרגאַניזאַציע, און פאַרקערט. וואָס ווייטער ווערט די אַרבעט מער קאָאָרדינירט. די פּראָווינציעלע לערער נעמען אַן אָנ־טייל אין די פּעדאַג. קאָנפערענצן פון צ. ב. ק. ווילנער טוער באַזוכן די פּראָ־ווינץ־פּונקטן. עס ווערן אָפּגעגעבן קעגנזייטיקע אָפטע באַריכטן וועגן דער אַר־בעט פון דיביידע קערפּערשאַפטן. פאָרשטייער פון דער פּראָווינץ־אָרגאַניזאַציע נעמען אַן אָנטייל אין דער רעכטלעכער קאָם. פון צ. ב. ק. לעצטנס איז דורכ־געפירט געוואָרן געמיינזאַם די שול־אַקציע (געלט־זאַמלונג) אין ווילנע און אין פּראָווינץ.

עס שטייט אויפן סדר־היום די פראַגע וועגן נאָך אַ נעענטערן קאָנטאַקט, וועגן צונויפגיסן געוויסע טיילן פון דער אַרבעט. עס איז קלאָר פאַר ביידע קערפּערשאַפטן, אַז אין דער נאָענטער צוקונפט וועלן די ביידע אָרגאַניזאַציעס זיך דאַרפן צונויפגיסן, כדי צו פאַראייניקן די אַרבעט אין שטאָט און פּראָווינץ. דאָס קען פאָרקומען בהדרגה, אָבער דערצו מוז מען שטרעבן.

### ה) בילדונגס־געזעלשאַפט.

כּדי אַלע אָנהענגער פון דער נייער יידישער שול זאָלן קאָנען אויף דעם אָדער יענעם אופן טאָן ממשותדיקע אַרבעט פאַר אונזער שול־וועזן, כּדי וואָס גרעסערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג זאָלן זיך גרופּירן אַרום דער שול, האָט דער צ. ב. ק. פאַרשטאַנען, אַז עס איז נויטיק אַ בילדונגס־געזעלשאַפט פון מיטגלידער.

די רעכטלעכע קאָמיסיע פון צ. ב. ק. האָט אויסגעאַרבעט אַ סטאַטוט [1], וועלכער איז דעם 14 אַפּריל 1924 באַשטעטיקט געוואָרן דורכן רעגירונגס־דעלעגאַט און אונטערן נומ׳ 137 אַרייַנגעטראָגן געוואָרן אין רעיעסטער פון די לעגאַליזירטע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. דער אָפיציעלער נאָמען פון דער בילדונגס־געזעלשאַפט איז Wileńskie Żydowskie Stowarzyszenie Oświaty

לויטן סטאַטוט האָט די געזעלשאַפט רעכט צו עפענען אָפּטיילונגען אין גאַנץ ווילנער קאַנט, האָט רעכט צונויפצורופן קאָנפערענצן, צוזאַמענפאָרן וועגן אַלגעמיינע און אָפיציעלע פעדאַגאָגישע פּראָבלעמען, האָט רעכט צו עפענען קינדער־גערטנער, פ.־שולן, מיטל־שולן, לערער־סעמינאַרן, ביבליאָטעקן א. א. וו., אַרויסגעבן ליטעראַטור, אייַנאָרדענען פאָרלעזונגען פאַר דערוואַקסענע און קינדער.

### ו) פאַראייניקונג פון די יידישע שולן אין גאַנץ פּוילן.

אַז מען מוז קאָאָרדינירן די אַרבעט פון אַלע יידיש־וועלטלעכע שולן אין דער פּוילישער רעפּובליק, איז געווען קלאָר פאַר אַלע טוער פון דער נייער יידישער שול. לויט דער איניציאַטיווע פון אַ גרופּע וואַרשעווער און ווילנער לערער ווערט צונויפגערופן אין אָקטאָבער 1919 אין וואַרשע די ערשטע קאָנפערענץ, אין וועלכער עס נעמען אָן אָנטייל אויך פאָרשטייער פון צ. ב. ק. די קאָנפערענץ באַשליסט צו שאַפן אַ צייטווייליקן סעקרעטאַריאַט, וועלכער דאַרף זיך געפינען אין ווילנע, באַשליסט אַרויסצוגעבן אַ קינדער־זשורנאַל „גרינינקע ביימעלעך“ און אַ פּעד. זשורנאַל „די נייע שול“. ביידע זשורנאַלן ווערן אַרויסגעגעבן אויך אין ווילנע. די ערשטע צייט איז כּמעט ווי פאַראייניקט די אַרבעט פון צ. ב. ק. און פון צייטווייליקן סעקרעטאַריאַט. לויטן באַשלוס פון דער ערשטער קאָנפערענץ אָרגאַניזירט דער צ. ב. ק. די שול־וואָך אין דעצעמבער 1919 (די ערשטע אין גאַנץ פּוילן). דער צ. ב. ק. מאָנט אויף די באַשטייערונג פון די ווילנער לערער און אַ גרופּע שול־טוער, און אויף די דאָזיקע געלטער ווערן אַרויסגעגעבן די ערשטע נומערן פון די זשורנאַלן. אָפט קומען פאָר די ערשטע צייט זיצונגען אין צ. ב. ק. וועגן דעם אינהאַלט און אַרויסגעבן פון די זשורנאַלן. דער צ. ב. ק. נעמט אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער צווייטער קאָנפערענץ (אַפּריל 1920) און אין די ווייטערדיקע באַראַטונגען, וועלכע האָבן צוגעגרייט דעם שול־צוזאַמענפאָר. דער צייטווייליקער סעקרעטאַריאַט אָרגאַניזירט זיך בעסער, הייבט אָן צו אַרבעטן זעלבשטענדיק, אָבער די גאַנצע אַרבעט פונם סעקרעטאַריאַט געפינט זיך אין דער נאָענטסטער שייכות צום צ. ב. ק.

---

1) דעם טעקסט פון סטאַטוט זע אין דער אָפּטיילונג „מאַטעריאַלן“.

די צוגרייטונגס=אַרבעט פאַרן צוזאַמענפאָר ווערט דורכגעפירט אין ווילנע זייער אינטענסיוו דורכן צ. ב. ק. עס ווערן ברייט באַהאַנדלט אין די פּעד. ראַטן, אויף פאַרזאַמלונגען, אין דער לערער=אווידיטאָריע די פראַגן פון סדר=היום פון צוזאַמענפאָר. פון ווילנער שולן, פון צ. ב. ק. פאָרט אַ גרויסע צאָל דעלעגאַטן, עס פאָרן אויך לערער=געסט. די אַלגעמיינע צאָל פון ווילנער אָנטיילנעמער אין צוזאַמענפאָר איז איבער 90 פּערזאָן.

אויפן שול=צוזאַמענפאָר ווערט אָפּגעגעבן אַ גענויער באַריכט וועגן דער אַרבעט פון צ. ב. ק., עס ווערט אויך אויסגעשטעלט אַ גאַנצע ריי דיאַגראַמעס וועגן דער טעטיקייט פון צ. ב. ק.

אויפן שול=צוזאַמענפאָר שאַפט זיך די יידישע צענטראַלע שול=אָרגאַניזאַציע אין פוילן. דער צ. ב. ק., אַלס צענטער פון די ווילנער שולן, איז פון דעמאָלסט אָן אָנגעשלאָסן אין דער צ. ש. אָ. כדי צו האָבן אַ גרעסערע השפּעה אויף דער אַרבעט פון צענטער, דערשלאָגט זיך דער צ. ב. ק. צו האָבן אַן אייגענעם פאָרשטייער אין פּלענום פון דער צ. ש. אָ. אין משך פון די 3 יאָר נאָכן שול=צוזאַמענפאָר האָט דער צ. ב. ק. מיטגעאַרבעט ענערגיש אין דער צ. ש. אָ. דער צענטער האָט אַ סך געליטן (און ליידט נאָך טיילווייז עד=היום) פון די באַזונדערע קוראַטאָריומס, וועלכע פאַרשווערן די אַרבעט פון צענטער. דער צ. ב. ק. האָט די גאַנצע צייט געאַרבעט אין דער ריכטונג, אַז די קוראַטאָריומס זאָלן ווערן אָפּגעשאַפט, אַז די שול=אַרבעט זאָל טאַקע באמת פאַראייניקט ווערן. דער צ. ב. ק. האָט תּמיד געוועקט די אַרבעט פון צענטער. פראַגן פון רעכטלעכן מצב (געזעץ=פּראָיעקט, באַראַטונגען מיט די סיים=פראַקציעס א. אַ. וו.) זיינען דורכגעפירט געוואָרן דורכן צענטער נאָך מערמאָליקע דערמאָנונגען און אויפפאָדערונגען פון צ. ב. ק. דאָסזעלבע אויך אַ גאַנצע ריי אַנדערע פראַגן. ווילנער שולן האָבן אַ גרויסן אָנטייל גענומען אין אייניקע פאַך=קאָנפערענצן און אין דער לערער=קאָנפערענץ (דעצעמבער 1923), וואָס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דער צ. ש. אָ.

די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן צ. ב. ק. און צ. ש. אָ. זיינען ניט אינגאַנצן אויסגעקריסטאַליזירט. דער צ. ב. ק. איז אַן אווטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע, וועלכע פירט אָן מיט איר אַרבעט זעלבשטענדיק. אויך מיטן אַמעריקאַנער פיפּלס=רעליף איז דער צ. ב. ק. באַזונדער פאַרבונדן. עס זיינען פאַראַן געוויסע חלוקי=דעות צווישן צ. ב. ק. און דער צ. ש. אָ. אינם אופן אָנפירן מיט דער אַרבעט, באַזונדערס דאַן, ווען דער צענטער וויל צופיל פאַרגרעסערן זיין קאָמפּעטענץ. אַזוי, למשל, ווען די צ. ש. אָ. האָט מיט אַ געוויסער צייט צוריק אָפּגעדרוקט אין דער „נייער שול“ אַ לערן=פּלאַן, וועלכער איז, לויט דער מיינונג פון די ווילנער שולן, אין אייניקע פרטים שעדלעך און אין אַנדערע פרטים לחלוטין ניט צוגעפּאַסט פאַר אונזער שול=וועזן, האָט דער צ. ב. ק. פּראָטעסטירט און אויפגעוויזן, אַז אַ לערן=פּלאַן דאַרף פריער באַשטעטיקט ווערן דורך פאָרשטייער פון די ראַיאָניקע צענטערס, און ערשט דאַן קען אים די צ. ש. אָ. פאַרעפנטלעכן. עס קומען פאָר געוויסע מיספאַרשטייענישן אויך צוליב געלטפאַרטיילונגען.

וואָס ווייטער אָבער גייט די אַרבעט פון דער צ. ש. אָ. בעסער, אינטענסיווער. עס וועלן זיך געוויס אײַנשטעלן נאָרמאַלע באַציאונגען צווישן צענטער און צ. ב. ק., און, מען דאַרף האָפן, אַז אין דער צוקונפט וועלן אויסגעמיטן ווערן די מיספאַרשטייענישן און חלוקי־דעות, וועלכע פלעגן פאָרקומען ביז איצט.

ז) באַציאונגען מיטן לערער־פאַראיין.

ביז דעם מאָמענט, ווען דער צ. ב. ק. האָט אָנהויב 1921 איבערגענומען דאָס זאָרגן פאַר דער פינאַנציעלער אויסהאַלטונג פון די שולן, זײַנען די באַציאונגען מיטן לערער־פאַראיין געווען איינגאַנצן נאָרמאַלע. אויך שפּעטער האָבן צוזאַמענגעאַרבעט אין אַ סך ענינים דער צ. ב. ק. מיטן פאַראיין. אָבער דער פּערמאַנענטער פינאַנציעלער קריזיס, וואָס אונזער שול־וועזן לעבט איבער, רופט אַרויס געוויסע קאָנפליקטן. מען דאַרף מיט גרויס צופרידנקייט קאָנסטאַטירן, אַז פון 15 יאַנואַר 1921 ביזן הײַנטיקן טאָג זײַנען קיין שטרייקן אין ווילנער שולן ניט פאָרגעקומען, הגם די לאַגע פון דער לערערשאַפט איז די גאַנצע צייט געווען אַ שלעכטע און אָפטמאָל אַפילו אַ קריטישע (אַזוי האָט אַ פּאָר מאָל געקומט די לערער פאַר 4 און מער חדשים געהאַלט). ס׳פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזעלכע מאָמענטן ווערט די לאַגע אַן אָנגעשטרענגטע: די לערער־פאַרזאַמלונגען זײַנען דאַן רוישיקע, מען שטעלט אַרויס אולטימאַטיווע פאָדערונגען א. א. וו. אין אַזעלכע מאָמענטן הייבט זיך אויף די פראַגע וועגן „עקאָנאָמישן באַלעבאָס" צי דער צ. ב. ק. איז אַ באַלעבאָס, צו וועלכן מען קאָן אַרויסשטעלן אולטימאַטיווע פאָדערונגען, בנוגע וועלכן מען קאָן אַפילו שטרייקן, אָדער ניט? אין דער ווירקלעכקייט, האָט דער צ. ב. ק. דעם 15־טן יאַנואַר 1921, ווען ער האָט איבערגענומען די שולן, אָפּגעוואָרפן די רעזאָלוציע, אַז ער נעמט איבער די פינאַנציעלע אַחריות פאַר די שולן; מיט אַ מערהייט שטימען איז אָנגענומען געוואָרן די רעזאָלוציע, אַז „דער צ. ב. ק. דאַרף זאָרגן פאַר דער פינאַנציעלער און ווירטשאַפטלעכער אויסהאַלטונג פון די שולן". דער צ. ב. ק. קאָן שוין אויך ניט זײַן קיין באַלעבאָס צוליב דעם, וואָס אין פּלענום פון צ. ב. ק. גייען אַרײַן פאָרשטייער פון אַלע פעד. ראַטן, אויך פאָרשטייער פונם לערער־פאַראיין.

דער צ. ב. ק., אַלס געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע, איז פאַראינטערעסירט, אַז די לוין־פראַגע זאָל ניט שטיין אַזוי שאַרף פאַר די לערער. דעריבער זאָרגט ער וועגן דעם, אַז די פינאַנץ־מיטלען זאָלן זײַן וואָס גרעסערע. ער פירט זייער אַן עקאָנאָמישע ווירטשאַפט, כּדי די וויכטיקסטע הוצאה—געהאַלט לערער—זאָל קאָנען געדעקט ווערן, ווי ווייט מעגלעך, בעסער. אויב דאָס גיט זיך אים ניט אַלע מאָל אײַן, איז דאָס ניט זײַן שולד, אָדער אַלנפאַלס, עס איז ניט די שולד פון צ. ב. ק. אַלס אינסטיטוציע, נאָר אפשר פון די טוער אין צ. ב. ק. (וועלכע אַרבעטן ניט אַזוי אינטענסיוו). דער צ. ב. ק. האָט דער ערשטער פאָרגעלייגט דעם לערער־פאַראיין, אַז די הוספות צום לוין זאָלן גיין לויטן סטאַטיסטישן אַמט, נאָך דאַן, ווען אין ווילנע האָט קיין פאַראיין זיך ניט דערשלאָגן דערצו.

דעם לערער־פאַראיין אין ווילנע האָט זיך איינגעגעבן (אמת, נאָך זייער לאַנגע אונטערהאַנדלונגען מיטן צ. ב. ק.) צו דערשלאָגן אַזעלכע תּנאים פון אַרבעט, וועלכע עס זיינען אין קיין פונקט אין פוילן ניט דורכגעפירט. דהיינו: היות, ווי די לערער באַקומען תּמיד ניט פּינקטליך געהאַלט (למשל, אין נאָוועמבער פאַר אווגוסט אָדער סעפּטעמבער), האָט מען אין משך פון 2 יאָר (ביזן סוף 1923) געצאָלט די לערער אויף אַזאַ אופן: 50 פּראָצ. לויטן טאַריף פון חודש, פאַר וועלכן מען צאָלט, און 50 פּראָצ. לויטן טאַריף פונם חודש, אין וועלכן מען צאָלט (למשל, אויב מען דאַרף צאָלן אין נאָוועמבער פאַר אווגוסט, צאָלט מען א ½ לויטן טאַריף פון אווגוסט און א ½ לויטן טאַריף פון נאָוועמבער). פון נאָוועמבער 1923 האָבן זיך די לערער דערשלאָגן, אַז מען צאָלט שוין אינגאַנצן (פולע 100 פּראָצ.) לויטן טאַריף פון דעם חודש, אין וועלכן מען צאָלט (אויב מען צאָלט אין נאָוועמבער פאַר אווגוסט, צאָלט מען לויטן טאַריף פון נאָוועמבער).

גרויסע חלוקי־דעות פלעגן אַרויסקומען דאַן, ווען ס'פלעגט זיך למשל באַהאַנדלען די פראַגע וועגן לערער־פאַרטיילונג: די לערער פלעגן וועלן דערהויפּט נעמען אין אַכט דעם פּראָפעס'אָנעלן מאָמענט, דער צ. ב. ק.—דערהויפּט דעם פּעדאַגאָגישן. אויך דאַן, ווען דער פאַראיין פלעגט וועלן זאָגן זיין לעצטן וואָרט אין אַזעלכע פראַגן, ווי אָנהויב לערניאָר, פאַרטיילונג פון קאַניקול א. א. וו.

דער צ. ב. ק. סובסידירט די ביבליאָטעק ביים לערער־פאַראיין.

ח) פאַרטיידיקונג פון אונזער שולוועזן.

דעם צ. ב. ק. איז די גאַנצע צייט אויסגעקומען צו פאַרטיידיקן אונזערע אַנשטאַלטן פון די אַזוי־גערופענע „אינעווייניקסטע" שונאים — פון די ציונים, אָרטאָדאָקסן, קהילה א. א. וו. די ערשטע צייט פון זיין טעטיקייט איז באַזונדערס אויסגעקומען דעם צ. ב. ק. צו לייגן גרויס אויפמערקזאַמקייט אויף דער אַרבעט פון דער ק ה י ל ה, וועלכע איז אָפטמאָל געווען געווענדט קעגן די יידיש־וועלטלעכע אַנשטאַלטן. קיין נעגאַטיווע שטעלונג צו דער קהילה איז פון אָנהויב ביים צ. ב. ק. ניט געווען. פאַרקערט, אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג, דעם 17 מאַי 1919, ווען ס'.יז געשאַפן געוואָרן דער צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט, איז אָנגענומען געוואָרן א רעזאָלוציע, אין וועלכער מען ווענדט זיך צו די לינקע פראַקציעס, זיי זאָלן אַריינטרעטן אין קהילה. די קהילה אָבער האָט מיט איר ווייטערדיקער טעטיקייט אויפגעשטעלט קעגן זיך אַלע אָנהענגער פון דער נייער יידישער שול. די בילדונגס־אָפּטיילונג האָט זיך געפונען אין די הענט פון ציוניסט ד"ר בערגער. און דעם צ. ב. ק. איז ניט איין מאָל אויסגעקומען צו באַקעמפן די בילדונגס־אָפּטיילונג. אַזוי, למשל, איז דעם צ. ב. ק. מיט גרויס שוועריקייט אָנגעקומען אָפּצושאַפן דעם באַשלוס פון דער קהילה ניט צו סובסידירן די גימנאַזיע. צום סוף לערניאָר 1919—1918, ווען די קהילה איז נאָך געווען כּמעט ניט טעטיק, האָבן אייניקע שולן, שטיצנדיק זיך אויף ריין־פּעדאַגאָגישע מאָטיוון, אַריבערגעטראָגן דאָס אָנהייבן לערנען העברעאיש פונם 2־טן לערניאָר אינם 3־טן. די בילדונגס־אָפּטיילונג ביי

דער קהילה האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל העברעאיש צוריק איינפירן אין 2-טן לערנ־יאָר, געדראָט, אַז מען וועט ניט אַרויסגעבן קיין געלט א. א. וו. אויך אין דער פראַגע האָט דער צ. ב. ק. אָפּגעהאַלטן אַ נצחון. ביי דער קהילה האָט זיך געשאַפן אַ שול־ראַט. דער צ. ב. ק. האָט זיך דערשלאָגן, אַז ער איז געבויט געוואָרן אויף פּאַריטעטע יסודות, (ד. ה. אַז די פאָרשטייער פון צ. ב. ק. האָבן געבילדעט אַ העלפט און די איבעריקע צענטראַלעס אַ העלפט), ווען דער צ. ב. ק. האָט דערזען, אַז פון אַלע זיינע פּרובן אין שול־ראַט קומט גאָרנישט אַרויס, האָט ער אָפּגערופן זיינע פאָרשטייער. די קהילה האָט געשטרעבט צו פאַרמאַכן די אַנטאָקאָלער־שול, זי האָט פאַרמאַכט 1 קלאַס און נאָך אַ קלאַס. דעם צ. ב. ק. איז אויסגעקומען אַ סך מי אַוועקצולייגן צו אָרגאַניזירן בעסער די שול, און די אַנטאָקאָלער שול עקסיסטירט נאָך עד־היום. דערפאַר האָט זיך די בילדונגס־אָפּטיילונג אָפּגעשפּילט אויף דער קינדער־ביבליאָטעק. היות, ווי זי האָט זיך ניט געוואָלט „קהילהזירן" (דאָן איז געווען אַ שטרעבונג מצד דער קהילה, אַלע אַנשטאַלטן אַריבערצונעמען אונטער דער קהילה), האָט מען איר אָפּגעזאָגט אין סובסידיע. די אַלע פּראָטעסטן פון צ. ב. ק., פון די לינקע פראַק־ציעס פון קהילה, פון די עלטערן, וועלכע האָבן געשיקט אַ דעלעגאַציע מיט אַ פּראָטעסט, האָבן כמעט גאָרניט געהאָלפן. די קהילה האָט ניט אַרויסגעגעבן קיין נאָרמאַלע סובסידיע דער איינציקער אין ווילנע קינדער־ביבליאָטעק, וועל־כע באַדינט קינדער פון פאַרשידענע שיכטן, פון פאַרשידענע שולן, ת"ת חדרים מיט יידישע, העברעאישע ביכער. דער צ. ב. ק. האָט בשום אופן ניט געקאָנט מסכים זיין, אַז די קהילה זאָל זיין דער רעפּרעזענטאַנט פון אַלע שולן בנוגע דער מאכט (די ציוניסטן פון דער בילדונגס־אָפּטיילונג פון דער קהילה פלעגן תמיד זען פאַרקלענערן די באַדייטונג פון אונזערע אַנשטאַלטן), און דע־ריבער האָט ער געפאָדערט, אַז אין אַלע דעלעגאַציעס צו דער מאַכט זאָלן אומבאַדינגט אָנטייל נעמען פאָרשטייער פון צ. ב. ק. עס זיינען געווען נאָך אַ סך מאָמענטן, ווען דער צ. ב. ק. האָט געמוזט פאַרטיידיקן די יידישע שולן לגבי דער קהילה. זומער 1920 זיינען אָרגאַניזירט געווען קאָלאָניעס פאַר די יידישע שול־קינדער. די קהילה האָט אויך דאָס געוואָלט נעמען אונטער זיך, הגם זי האָט דערצו ניט געהאַט קיין מיגלעכקייט און קיין צוגעפּאַסטע אָנפירונג דער צ. ב. ק. האָט איבערגעגעבן די קאָלאָניעס פאַר זיינע שולן דער געזעל־שאַפט „אָזע", און די פּראַקטיק האָט געוויזן, אַז דער צ. ב. ק. איז געווען גערעכט.

כדי צו קאָנען דורכפירן זיינע שטרעבונגען אין דער קהילה, האָט דער צ. ב. ק. געגרינדעט אַ אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ פון די לינקע קהילה־פראַקציעס וועגן דער שול־פראַגע, וואוהין דער צ. ב. ק. פלעגט אָפּשיקן אַלע אינפאָר־מאַציעס און ווענדונגען.

עס איז געקומען אַ מאָמענט, ווען די לינקע פראַקציעס זיינען ווידער אַרויס פון דער קהילה. די קהילה פאַרלירט איר באַדייטונג. זי הייבט אָן מיט אַמאָל אַלץ פון זיך אַראָפּצוואַרפן. אַזוי, למשל, זאָגט זי זיך אין האַרבסט 1920 אָפּ אויסצוהאַלטן די שול־קיכן, הגם דער הונגער האָט נאָך געהערשט. דעם

צ. ב. ק. געלינגט איבערצוגעבן די קיכן „אָזע", וועלכע האַלט זיי אַ געוויסע צייט אויס זעלבסטשטענדיק, שפּעטער — צוזאַמען מיטן צ. ב. ק. אין יאַנואַר 1921 זאָגט זיך די קהילה אָפּ אויסצוהאַלטן די שולן. עס קומט פאָר אַן אַלגע־מיינער לערער־שטרייק (פון אַלע שולן, ת"ת). די צענטראַלעס נעמען איבער אויף זיך דאָס זאָרגן פאַר די אַנשטאַלטן. די קהילה זאָגט צו די שולן אַ נאָרמאַלע סובסידיע פון 10% פון זייער ביודזשעט. עד־היום, אָנהייבנדיק פון 15 יאַנואַר 1921, האָט די קהילה קיין גראָשן ניט אַרויסגעגעבן פאַר די שולן. אַלע ווענדונגען, פּראָטעסטן האָבן צו גאָרנישט געבראַכט. פאַרקערט: צו דער קהילה געהערט דאָס יתומות־הויז. דער צ. ב. ק. האָט דאָרטן אַ שול (אויפן נאָמען פון ש. אַנ־סקי); די קהילה, ניט געקוקט אויף אַלע ווענדונגען, גיט ניט קיין גראָשן שכר־לימוד פאַר די יתומות, וואָס לערנען זיך אין דער שול.

די ציוניסטן זעען תמיד שאָדן צו ברענגען אונזער שול. ווען דער געוו. פאַרוואַלטער פון בילדונגס־אָפּטיילונג ביי דער קהילה, ד"ר בערגער, איז געווען אין 1921 יאָר אין לאָנדאָן, האָט ער „פעסטגעשטעלט", אַז אין ווילנע שפּילט די יידיש־וועלטלעכע שול אַ קלענערע ראָלע פון די תרבות־שולן (לשם האמת גיבן מיר צו וויסן, אַז תרבות האָט אין ווילנע אינגאַנצן 2 פאָלקסשולן, 1 ק־ג, 1 גימנאַזיע, 1 סעמינאַר), און אַז דער מאַטעריעלער מצב פון די יידיש־וועלט־לעכע שולן איז אַ גאַנץ נאָרמאַלער. דעם צ. ב. ק. איז אויסגעקומען אויפצו־קלערן און פעסטשטעלן דעם אמת.

די אָרטאָדאָקסן נוצן אויך לעצטנס אויס די קלויזן, בתי־מדרשים אויף צו באַקעמפן די יידיש־וועלטלעכע שול. ווען אין מערץ 1924 האָט דער צ. ב. ק. געפירט אין ווילנע די געלט־אַקציע, האָט הרב חיים־עוזר גראָדזענסקי צונויפ־גערופן אויף אַ באַראַטונג אַלע ווילנער רבנים און מען האָט באַשלאָסן אָנהייבן אַ „מלחמת־מצוה" קעגן די יידישע שולן. דעם 8־טן מערץ זיינען די רבנים אין אַלע ווילנער קלויזן אַרויסגעטראָטן קעגן די צ. ב. ק.־שולן, דערביי שטעלן זיי זיך ניט אָפּ פאַר קיינע שקרים און בלבולים. אמת, דאָס איז אַ קנאַפּע געפאַר פאַר די יידישע שולן. די יידישע שול איז אין ווילנע צו פּאָפּולער, אַז די דאָזיקע אַגיטאַציע פון אונזערע קלעריקאַלן זאָל האָבן אַ ווירקונג. די דרשנים באַגעגענען שוין אַ ווידערשטאַנד מצד די מתפללים גופא. דעם לעצטן פּסח, למשל, האָט זיך דער דרשן קעגן די יידישע שולן אין נאָווגאָראָדער בית־מדרש אָנגעשטויסן אויף אַ גרויסן ווידערשטאַנד, עס האָבן זיך אָנגעהויבן געשרייען: אַראָפּ, איר זאָגט ליגנס א. א. וו., און דער דרשן איז געווען געצוואונגען אַראָפּצוגיין פון דער בימה. עס זיינען געווען אויך פאַלן, ווען אפילו אין דער ווייבערשער קלויז פלעגן די מאַמעס שאַרף אַרויסטרעטן קעגן די שקרים. אָבער דאָך קומט אויס דעם צ. ב. ק. דורך מיטינגען, אויפרופן, עלטערן־פאַרזאַמ־לונגען א. אנד. אויפצוקלערן דעם אמתן מיין פון אונזערע כלי־קדש.

דעם 7־טן פעברואַר 1923 שטימט דאָס „יידישע קאָלאָ" אין סיים קעגן דעם פאָרשלאָג פון נח פּרילוצקי, אַז די רעגירונג זאָל סובסידירן די יידישע שולן, אויף עלטערן־פאַרזאַמלונגען, מיטינגען א. א. וו. קלערט דער צ. ב. ק. אויף, וואָס פאַר אַ קלאַפּ דאָס „קאָלאָ" האָט געבראַכט דער יידישער שול.

פאַרשיידענע געזעלשאַפטן, אַנשטאַלטן, אינסטיטוציעס נעמען אָן פּראָטעסט־רעזאָלוציעס קעגן דער האַנדלונג פון „קאָלאָ״.

ניט איין מאָל וועט נאָך דעם צ. ב. ק. מסתמא אויסקומען אַרויסצוטרעטן קעגן די שונאים פון דער יידישער וועלטלעכער שול.

ט) פאַרבינדונג מיט די יידישע קיבוצים אין פאַרשיידענע לענדער.

ביז 1920—1921 האָט אויסלאַנד קנאַפּ־וואָס געוואוסט פון דער גייער יידישער שול אין ווילנע. דער צ. ב. ק. האָט אויסגענוצט דאָס באַזוכן ווילנע דורך פאַרשיידענע עסקנים פון אויסלאַנד און האָט זיי באַקענט מיט די ווילנער יידישע שולן. אין מעמאָראַנדומס צו פאַרשיידענע אויסלענדישע יידישע אָרגאַניזאַציעס האָט ער געגעבן גענויע ידיעות וועגן אונזער שולוועזן און אַזוי־אַרום אַריינגעפירט זיי אין דעם קרייז פון אונזער שול־אַרבעט.

אַזוי האָט דער צ. ב. ק. זיך געווענדט מיט מעמאָראַנדומס צו פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס: 1) אוקראַינער הילפס־פאַרבאַנד אין לאָנדאָן (דער פאָרשטייער פון פאַרבאַנד, ד״ר יאָכעלמאַן, איז אויך געווען אין ווילנע און האָט זיך אויף אָן אָרט באַקענט מיט דער אַרבעט פון צ. ב. ק.); 2) צום פאָנד פאַר יידישע מלחמה־געליטענע אין מזרח־אייראָפּע (געפינט זיך אין לאָנדאָן); 3) צו די יידישע ליטעראַרישע געזעלשאַפטן אין יאָהאַניסבורג און קאַפּשטאַט (דרום־אַפריקע); 4) צו דער וועלט־הילף־קאָנפערענץ (זיץ־אָרט פּאַריז); 5) צום דזשוינט דיסטריבושן קאָמיטעט אין אַמעריקע; 6) צו די הילפס־גרופּעס אין ווין, בערלין, און נאָך צו אַ גאַנצער ריי געזעלשאַפטן און רעליפן אין קאַנאַדע, אַרגענטינע, טשיקאַגאָ, פילאַדעלפיע א. אַנד.

גאַנץ באַזונדער זיינען געווען די פאַרבינדונגען מיטן פּיפּלס־רעליף און אויך טיילווייז מיטן ווילנער רעליף אין ניו־יאָרק.

פון פּיפּלס־רעליף האָבן באַזוכט ווילנע און זיך גענוי באַקענט מיט אונזער שול־וועזן די ח״ח שוכטער (אין 1920) און ברוך צוקערמאַן (סוף 1921 און אָנהויב 1922 י.). די חברים, באַזונדערס ח׳ צוקערמאַן, האָבן באַזוכט אונזערע אַנשטאַלטן, אָפּגעהאַלטן אַ גאַנצע ריי זיצונגען מיט פאַרשיידענע איינריכטונגען פון צ. ב. ק. דער צ. ב. ק. פלעגט צושטעלן אין פּיפּלס־רעליף גענויע באַריכטן וועגן אַלע זייטן פון אונזער שול־אַרבעט. דער צ. ב. ק. איז געשטאַנען מיטן פּיפּלס־רעליף אין אַן אָפטער שריפטלעכער פאַרבינדונג. אויסצוגן פון אונזערע באַריכטן האָט דער פּיפּלס־רעליף געדרוקט אין זיינע „בּיולעטענס״ און אויך אין „פאָרווערטס״. די בילדער פון אונזער לעצטער אויסשטעלונג זיינען געשיקט געוואָרן צום פּיפּלס־רעליף און ער האָט זיי אויסגענוצט אין זיין אַרבעט. ווען אין דעצעמבער 1923 האָט זיך אָנגעהויבן די קאַמפּאַניע צו שאַפן מיטגלידער פאַרן פאַראייניקטן פּיפּלס־רעליף־אַרט, האָט דער צ. ב. ק. געשיקט אויך אַרטיקלען וועגן אונזער שול פון ד״ר צ. שאַבאַד און א. ליטוואַק.

פון ווילנער רעליף אין ניו־יאָרק האָבן באַזוכט ווילנע ד״ר דרוסקין, אַביון, ד. כּץ, אייבראַמס, און אויך דער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס״ אַב. קאַהאַן. זיי האָבן זיך אויך אויף אָן אָרט באַקענט מיט דער אַרבעט פון צ. ב. ק.

אויך דער ווילנער רעליף איז געשטאַנען אין אַ שריפטלעכער קאָמוניקירונג מיטן צ. ב. ק.

ווען ד"ר י. ל. מאַגנוס איז זומער 1922 געווען אין ווילנע און דאַן אין וואַרשע, האָט אויך דער צ. ב. ק. דערלאַנגט אים גענויע מעמאָראַנדומס וועגן אונזער שול־אַרבעט.

דער צ. ב. ק. האָט געשטרעבט, אַז אויך פאַר די, וועלכע קאָנען ניט זען די טאָג־טעגלעכע אַרבעט אין די שולן, זאָל קלאָר ווערן דער פּנים פון דער נייער יידישער שול.

י) ביכער פון אַמעריקע.

דער פּיפּלס רעליף האָט דורכגעפירט אין אַמעריקע אין יאָר 1921 אַ וויכטיקע אַרבעט: ער האָט צוגויפגעזאַמלט אַ גרויסע צאָל ביכער, אַרויסגעגעבענע אין אַמעריקע, לחלוטין ניט צוטריטלעכע לויט די דעמאָלטיקע פּרייזן פאַר די מלחמה־לענדער, און האָט זיי, צווישן אַנדערע פונקטן, אויך געשיקט קיין ווילנע, אויפן אַדרעס פון צ. ב. ק.

דער צ. ב. ק. האָט זיי פאַרטיילט צווישן פאָלגנדיקע אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטן:

1) ביבליאָטעק ביים יידישן לערער־פאַראיין;
2) באַוועגלעכע ביבליאָטעק פאַר די שולן אין ווילנער פּראָווינץ;
3) שול־ביבליאָטעק פאַר די ווילנער שולן;
4) קינדער־ביבליאָטעק;
5) יידישער לערער־סעמינאַר;
6) שטאָטישע ביבליאָטעק „מפיצי־השכלה";
7) ביבליאָטעק ביים ווילנער סטודענטן־פאַראיין;
8) ביבליאָטעק ביים פּראָפ. פאַראיין פון די האַנדלס־אַנגעשטעלטע.

## V.

## קאַמף פאַרן רעכטלעכן מצב פון אונזער שול.

א) אַלגעמיינע באַמערקונגען.

די טראַגעדיע פונם יידישן שול־וועזן אין פּוילן באַשטייט דערהויפּט אין דעם, וואָס די שולן אונזערע זייגען נאָך עד־היום רעכטלאָז. אַ מאָדערנע שול, מיט אַ רייכער פּראָגראַם, מיט אַ טיפן אינהאַלט, אַ שול, מיט וועלכער עס וואָלט זיך ניט געדאַרפט שעמען אויך אַ פאָלק, וואָס האָט די מלוכה־מאַכט אין זיינע הענט, ווערט עקשנותדיק ניט אָנערקענט דורך די מלוכה־אָרגאַנען. אויב אין 1919, 1920 און 1921 האָט מען נאָך געקאָנט דאָס דערקלערן דערמיט, וואָס די יידישע שול איז געווען פאַר דער מאַכט אַ Terra incognita, און אַ מלוכה קען ניט אָנערקענען אַזאַ וויכטיקע אינסטיטוציע, ווי אַ דערציאונגס־ און בילדונגס־אַנשטאַלט, ניט וויסנדיק, וואָס זי שטעלט מיט זיך פאָר,—איז דאָס אָבער פאַר די לעצטע יאָרן שוין גאָר קיין פאַרענטפערונג ניט. פאַרקערט, די בילדונגס־אָרגאַנען זייגען גוט אינפאָרמירט און באַקאַנט מיט דער אַרבעט אין

אונזערע שולן, אָנערקענען אין פּריוואַטע שמועסן, אַז די יידיש=וועלטלעכע שול איז אַן ערנסטע אינסטיטוציע, וועלכע פירט ניט שלעכט איר פּעדאַגאָגישע אַרבעט, וועלכע האָט אַ צוגעגרייטן לערער=פּערסאָנאַל א. א. וו., און... פונדעסטוועגן ווערט זי פון דער מלוכה ניט אָנערקענט און ניט סובסידירט (שוין ניט גערעדט וועגן אויסהאַלטן). און אפשר איז גאָר גערעכט דער שרייבער אין דעם ווילנער פּוילישן פּראָגרעסיוון וואָכנבלאַט „Pszegląd Wileński“, וועלכער האָט זומער 1923 נאָך דער אויסשטעלונג פון די צ. ב. ק.=שולן געשריבן: „די אויסשטעלונג קאָן האָבן אַ פאַרקערטן פּועל=יוצא, ווי עס האָבן געמיינט די אָרגאַניזאַטאָרן. די מאַכט, דערזעענדיק די גרויסקייט פון דער נייער יידישער שול, וועט ערשט דאַן ניט וועלן זי אָנערקענען און געבן איר רעכט“.

פאַר די 5 יאָר, וואָס דער צ. ב. ק. פירט אָן מיט די יידישע שולן, האָט זיך אייניקע מאָל געביטן די מאַכט. דער צ. ב. ק. האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט ביי די אַזוי=גערופענע „ערשטע פּאָליאַקן“, ד. ה. Zarząd Ziem Wschodnich. דאַן איז פון 14 יולי 1920 ביז סוף אָווגוסט 1920 געווען אין ווילנע די באָלשעוויסטישע מאַכט; פון סוף אַווגוסט 1920 ביזן 8=טן אָקטאָבער 1920 האָבן געהערשט די ליטווינער; דאַן די צייטווייליקע רעגירנדיקע קאָמיסיע פון מיטל=ליטע Tymczasowa Komisja Rządząca Litwy Środkowej ביז מאַי 1922, און נאָכדעם איז ווילנע פאַראייניקט געוואָרן אָפיציעל צו דער פּוילישער רעפּובליק.

די גאַנצע צייט איז דער צ. ב. ק. געשטאַנען אויף דער וואַך פון די אינטערעסן פון אונזער שול, פאָדערנדיק פולע רעכט פאַר אונזער שולוועזן; קורץ איז געווען אין ווילנע די הערשאַפט פון די באָלשעוויקעס און ליטווינער אין ווילנע, מען זאָל קאָנען ריידן וועגן אַ באַשטימטער באַציאונג מצד די דאָזיקע מאַכטן צו אונזער שולוועזן. אויב משפטן לויט דער פּראַקטיק פון דער ראַטנמאַכט אין ווילנע אין יאָר 1919, מוז מען זאָגן, אַז דאַן, הגם נאָך אַ געוויסן קאַמף, וואָס ס'האָבן דורכגעפירט סאָלידאַריש די שולן פון די אָרטיקע נאַציאָנאַליטעטן (יידישע, פּוילישע, ליטווישע, ווייסרוסישע) פאַר אָנערקענען דורך דער מאַכט די נאַציאָנאַלע שולן, האָבן די באָלשעוויקעס געגעבן גלייכע רעכט אַלע אָרטיקע שולן, אויסגעהאַלטן זיי פולקום אין משך פון עטלעכע חדשים. אין יולי—אַווגוסט 1920, ווען די בילדונגס=אָרגאַנען ביי דער ראַטנמאַכט האָבן אָנגעהויבן צו זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן די אָרטיקע שולן, האָט דער צ. ב. ק. אָנגענומען שריט, אַז די שולן זאָלן צושטעלן גענויע ידיעות, און עס זאָל זיך ניט דאַרפן איבערחזרן דער קאַמף פאַר דער שול אין דער מוטערשפּראַך, ווי עס איז געווען אין יאָר 1919. אַלנפאַלס אין 1920=טן יאָר האָט זיך אין קיינע ממשותדיקע פאָרמען די באַציאונג פון דער ראַטנמאַכט ניט אַרויסגעוויזן.

אויך די ליטווישע מאַכט האָט פאַר דער קורצער צייט פון איר הערשאַפט אין ווילנע נאָך ניט אויסגעקריסטאַליזירט איר שטעלונג צו די שולן. עס דאַרף אָבער פאַרצייכנט ווערן, אַז ביי די ליטווישע בילדונגס=אָרגאַנען אין ווילנע איז אַ ייד געווען פאַרוואַלטער פאַר די יידישע שולן, אַז די יידישע שולן זייגען

אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין שול-נעץ, האָבן שוין געזאָלט באַקומען פון דער רעגירונג געלט אין דערזעלבער מאָס, ווי די ליטווישע שולן, אַז די ווילנער יידישע לערער, וועלכע זײַנען אַוועק פון ווילנע קיין קאָוונע דעם 8-טן אָקטאָבער 1920 (דעם טאָג, ווען אין ווילנע האָט זיך געביטן די מאַכט), האָבן טאַקע באַקומען פון ליטווישן בילדונגס-מיניסטעריום אויסגעצאָלט פאַר סעפּטעמבער 1920. דער צ. ב. ק. האָט אויך בנוגע דער ליטווישער מאַכט אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג פון פולע רעכט און אָנערקענונג פון אונזער שול. מען דאַרף אויך געדענקען, אַז אין קאָוונער ליטע ווערן די יידישע שולן אָנערקענט און באַקומען פון דער רעגירונג געלט.

אָראָפּגערעכנט אַלזאָ די קורצע צײַט פון די באָלשעוויקעס און ליטווינער, האָבן די לעצטע 5 יאָר אונזערע יידישע שולן געהאַט באַציאונגען מיט דער פּוילישער בילדונגס-מאַכט. וואַרפנדיק אַ בליק אויף דער פאַרגאַנגענער צײַט, מוז מען פעסטשטעלן, אַז הגם דער אינטערעס פון דער מאַכט צו אונזער שול האָט זיך וואָס ווײַטער אַלץ מער געשטאַרקט, איז אָבער די גאַנצע צײַט אונזער שול געווען אין פולן זין פון וואָרט אַ שטיפקינד בײַ דער מאַכט.

אין דער צײַט פון Zarząd Ziem Wschodnich (1919—1920) האָט זיך, אין אַלגעמיין, די בילדונגס-מאַכט כמעט ווי ניט אינטערעסירט מיט אונזער שול. נאָך די שרעקלעכע אַפּריל-טעג 1919 און אויך אין די ווײַטערדיקע חדשים פון דעם אייגענעם יאָר האָט די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט ניט געקאָנט זיך ווענדן צו דער מאַכט וועגן שול-פראַגן (עס איז געווען נייטיק צו איגטערווענירן וועגן אַנדערע זאַכן...), און דעריבער האָבן די יידישע שולן אין יענער צײַט ניט געהאַט כמעט קיין מגע-ומשא מיט דער בילדונגס-מאַכט.

אין דער צײַט פון Tymczasowa Komisja Rządząca Litwy Środkowej (1920—1922), באַזונדערס אין 1920-טן יאָר, האָט מען געפּרובט זיך דערנענטערן צו די יידן, צוגעזאָגט גליקן די יידישע שולן, אפילו אינאָפיציעל געמאַכט פאָרשלאָגן, אַז אַ יידישער רעפערענט זאָל אַרײַנגיין אין בילדונגס-דעפּאַרטאַמענט. מיט איין וואָרט, דאָס איז געווען אַ צײַט פון גרויסע צוזאָגן און קליינע מעשים... וואָס ווײַטער זײַנען, אמת, אויך די צוזאָגן געוואָרן קלענער. דער אינטערעס צו די יידישע שולן האָט זיך דאַן אויסגעדריקט אין זאַמלען ידיעות וועגן די שולן, צאָל קינדער, לערנפּלאַן, בודזשעט, לערער-פּערסאָנאַל א. א. וו. די דאָזיקע ידיעות האָבן די שולן צוגעשטעלט עטלעכע מאָל, און אויף דער פראַגע, וואָס איז דער שׂכל דערפון, פלעגט מען זיך ניט שעמען צו ענטפערן, אַז די פריער צוגעשטעלטע זײַנען פאַרפאַלן געוואָרן (אַזוי האָט, למשל, געענטפערט איינע פון די אָנפירנדיקע פערזענלעכקייטן אין בילדונגס-דעפּאַרטאַמענט, ה' פּעאָדאָראָוויטש, אויף אַ באַראַטונג מיט די פאָרשטייער פון די יידישע בילדונגס-צענטראַלעס, דעם 27 יאַנ. 1922).

אין דעם לעצטן פּעריאָד, ווען ווילנע איז אויך אָפיציעל געוואָרן פאַראייניקט מיט פּוילן, און אין ווילנע איז געשאַפן געוואָרן אַ בילדונגס-קוראַטאָריום (Kuratorjum Okręgu Szkolnego Wileńskiego), האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַנדער סדרה: ווענדט מען זיך צום קוראַטאָר, ענטפערט ער, אַז די

לייזונג פון דער געגעבענער פראַגע איז אָפּהענגיק פון סיים אָדער פון בילדונגס־מיניסטער. קומט מען אין מיניסטעריום, ענטפערט מען, מען וועט אַריינטראָגן „איינגיכן" אַ געזעצפּראָיעקט אין סיים, אָדער, אַז די אַלע פראַגן וועט שוין ערליידיקן דער קוראַטאָר א. א. וו.

אמת, מאָמענטווייז, ווען מען הייבט אָן מער צו ריידן וועגן די גאַציאָנאַלע מינדערהייטן, הייבט מען אויך אָן צו געבן הבטחות די יידישע שולן. אָבער די מאָמענטן גייען גיך פאַרביי, און מיר בלייבן ווייטער ביים זעלבן...

דעם צ. ב. ק. איז אויסגעקומען אין דער דאָזיקער צייט צו פירן אַ קאַמפּאַניע פאַר די רעכט פון אונזער שול־וועזן. די קאַמפּאַניע איז אַ שווערע, אַ לאַנגדויערנדיקע, זי וועט נאָך דאַרפן פאַרשטאַרקט ווערן, און ווער ווייסט, ווען זי וועט ברענגען צום ענדגילטיקן ערפאָלג.

די קאַמפּאַניע האָט זיך אויסגעדריקט אין פאַרשיידענע פאָרמען: מעמאָראַנדומס, אינטערווענירונגען, דעלעגאַציעס, פּראָטעסטן, פּעטיציע א. אַז. וו.

ב) קאָנצעסיעס פאַר די שולן.

שוין סוף זומער 1919, אין דער צייט פון Zarząd Cywilny Ziem Wschodnich, האָט מען אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן מלוכה־דערלויבעניש פאַר אונזערע שולן. דאַן האָט די בילדונגס־אָפּטיילונג ביי דער קהילה צוזאַמען מיט פאָרשטייער פון צ. ב. ק. געהאַט אייניקע באַראַטונגען מיט די פאָרשטייער פון דער דאַמאָלסטיקער בילדונגס־מאַכט, און נאָך באַשטימטע אונטערהאַנדלונגען בנוגע דער פראַגע, פון וועלכן יאָר אָנצוהויבן פויליש אין אונזערע שולן, האָט זיך אויפן נאָמען פון דער קהילה באַקומען אַ דערלויבעניש פאַר אַלע ווילנער שולן (יידישע, העברעאישע, רעליגיעזע, פאָלקס־שולן, קינדער־גערטנער, אָוונט־שולן, מיטל־שולן). די דערלויבעניש איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דעם 10־טן אָקטאָבער 1919 אונטערן № 203/3171 *). אין די באַראַטונגען ביים באַקומען די דערלויבעניש האָבן די פאָרשטייער פון צ. ב. ק. געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. זיי זיינען דאָס געוועזן די, וועלכע האָבן אַנטוויקלט די פּרינציפּיעלע שטעלונג פון די יידישע שולן צו דער אָנערקענונג מצד דער מלוכה. ערשטנס, די יידישע שול דאַרף זיין אין דער מוטערשפּראַך. צווייטנס, פויליש מוז פאַרנעמען אַן אָרט אין אונזער פּראָגראַם, ווי אַ לאַנד־ און מלוכה־שפּראַך. דריטנס, אַז דער לימוד פון פויליש קאָן זיך ניט אָנהייבן פריער פאַרן IV לערניאָר, ווייל די ערשטע 2 לערניאָרן מוז געלערנט ווערן די מוטערשפּראַך, אין III־טן הויבט זיך אָן העברעאיש, אין IV־טן פויליש. די אונטערהאַנדלונגען האָבן זיך געפירט אין משך פון עטלעכע וואָכן.

די דערמאָנטע דערלויבעניש האָט אַ וויכטיקע באַדייטונג. ראשית, איז זי געוועזן אַרויסגעגעבן ניט אויף אַ באַשטימטער צייט (ווי עס ווערן לעצטנס אַרויסגעגעבן די קאָנצעסיעס), נאָר ביזן אָפּרופן (aż do odwołania). שנית, ווערט אָנגעוויזן, אַז אין די פאָלקסשולן דאַרף מען אָנהויבן פויליש פונם IV לערניאָר,

*) דעם פולן טעקסט זע אין אָפּטיילונג „מאַטעריאַלן".

ניט ווייניקער ווי 3 שעה אַ וואָך, אין גימנאַזיע—פון I קלאַס (דאָס הייסט פונם 3-טן לערניאָר).

דאָ וועט זיין אינטערעסאַנט צו ברענגען אייניקע אַרטיקלען פון דער פאַראָרדענונג פונם גענעראַל-קאָמיסאַר פון די מזרח-קאַנטן וועגן שול און בילדונג, № 15931—259, אונטערגעשריבן דעם 11 אָקטאָבער 1919 דורכן פאַרטרעטער פונם גענעראַל-קאָמיסאַר ע. איוואַשקעוויטש (געדרוקט אין (Dziennik Urzędowy Zarz. Cyw. Ziem Wschodn. № 31, 18 listopada 1919 r.).

Art. 1. Na terytorjum, podlegającem Zarządowi Cywilnemu Ziem Wschodnich, ustanawia się zasada wolności nauczania w języku ojczystym grup narodowych, terytorjum to zamieszkających.

אַרט. 1. אויף דער טעריטאָריע, וואָס געפינט זיך אונטער דער ציווילער פאַרוואַלטונג פון די מזרח-לענדער, ווערט פעסטגעשטעלט דער פּרינציפּ פון פרייהייט צו לערנען אין דער מוטערשפּראַך פון די נאַציאָנאַלע גרופּעס, וועלכע באַוואוינען די טעריטאָריע.

Art. 4. Szkoły o języku wykładowym nie polskim obowiązane są wprowadzić język polski jako przedmiot w godzinach tygodniowych co najmniej 2, a mianowicie: szkoły elementarne od 2-go lub 3-go roku nauczenia, zależnie od miejscowości, a szkoły średnie już w klasie pierwszej.

אַרט. 4. שולן מיט ניט-פּוילישער אונטערריכטס-שפּראַך זיינען מחויב איינצופירן פּויליש אַלס אַ לימוד מיט אַ צאָל וועכנטלעכע שעהן ווייניקסטנס 2, דהיינו: עלעמענטאַר-שולן פון 2-טן אָדער 3-טן לערניאָר, אָפּהענגיק פון אַרט, מיטלשולן פון 1-טן קלאַס.

אין דער צייט פון מיטל-ליטע האָבן אונזערע שולן אין משך פון $1^{1}/_{2}$ יאָר ניט געהאַט קיינע באַשטימטע קאָנצעסיעס. די מאַכט האָט געוואוסט, אַז די אַנשטאַלטן עקסיסטירן. עס זיינען פאָרגעקומען אייניקע באַראַטונגען מיט פאָרשטייער פון צ. ב. ק. (באַזונדער אויך מיט פאָרשטייער פון אַנדערע צענטראַלעס), וואו די מאַכט פלעגט באַקומען געוויסע ידיעות, די אַנשטאַלטן פלעגן אויך צושטעלן שריפטלעכע ידיעות וועגן דער צאָל קלאַסן, קינדער, לערער א. א. וו.

עס איז אויך פאָרגעקומען דעם 5 סעפּטעמבער 1921 אַ פאַרזאַמלונג פון פאָרשטייער פון אַלע יידישע שולן, אויך פון די בילדונגס-צענטראַלעס, צוזאַמען מיטן שול-אינספּעקטאָר. עס דאַרף אגב דערמאַנט ווערן, אַז די לערער האָבן גערעדט יידיש, דאָס איז געוואָרן איבערזעצט אין פּויליש; אויך דעם אינספּעקטאָרס ווערטער זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש. דאַן האָט דער אינספּעקטאָר באַרירט די פראַגע וועגן לערניאָר, פון וועלכן מען דאַרף אָנהויבן לערנען פּויליש. ער האָט אָנגעוויזן, אַז לויט דער מיינונג פון בילדונגס-דעפּאַרטאַמענט דאַרף מען אָנהויבן פון II-טן לערניאָר. דאָ האָבן ווידער אונזערע לע-

רער פעסטגעשטעלט די באַציאונג אונזערע צו דעם לימוד פון פויליש, אָנווייזנדיק, אַז פעדאַגאָגיש איז דאָס מעגלעך פון IV=טן לערניאָר. דער אינספעקטאָר איז דאָן ניט באַשטאַנען אויף זיין פאָרשלאָג. עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז איינער פון די פאָרשטייער פון אונזערע שולן האָט טאָרגעלייגט, אַז אין די פוילישע שולן זאָל איינגעפירט ווערן דער לימוד פון יידיש. דער אינספעקטאָר האָט געעגטפערט, אַז דאָס איז אַ וויכטיקע פראַגע, אַז די פראַגע וועט דאַרפן באַהאַנדלט ווערן אין בילדונגס=דעפאַרטאַמענט. ער האָט צוגעזאָגט, אַז עס וועלן פאָרקומען נאָך געמיינזאַמע באַראַטונגען. נאָר מער זיינען שוין אַזעלכע באַראַטונגען ניט פאָרגעקומען.

די מאַכט האָט אויך ניט געפאָדערט, אַז די שולן זאָלן זיך קאָנצעסיאָנירן.

בלויז אין פעברואַר 1922 האָט מען פאָרגעלייגט די גימנאַזיעס (דער רעאַל=גימנאַזיע און דער פריוואַטער גימנאַזיע, וועלכע האָט זיך דאָן געפונען אונטער דער פעדאַגאָגישער השגחה פון צ. ב. ק.) און דעם לערער=סעמינאַר אַרויסצובאַקומען קאָנצעסיעס פון בילדונגס=דעפאַרטאַמענט. קיין באַזונדערע תּנאים האָט די בילדונגס=מאַכט ניט געשטעלט.

דער צ. ב. ק. האָט דערלאַנגט אַ בקשה, און עס האָט זיך באַקומען דעם 11=טן מערץ 1922 № 5597/2131 אַ ערלויבעניש, אונטערגעשריבן פון דירעקטאָר פון בילדונגס=דעפאַרטאַמענט ליכטאַראָוויטש [1]). דאָ ווערט שוין אָבער געזאָגט, אַז עס איז בלויז צייטווייליק, ביזן 30=טן יוני 1922 יאָר.

די פאָלקס=שולן זיינען בלויז רעגיסטרירט געוואָרן, און יעדע שול האָט באַקומען אַ באַשטעטיקונג, אַז זי איז רעגיסטרירט [1]).

דאָס זיינען שוין געווען די לעצטע חדשים פון מיטל=ליטע. אין מאַי האָט זיך אָרגאַניזירט דאָס בילדונגס=קוראַטאָריום.

דאָס בילדונגס=קוראַטאָריום האָט אויך ביזן סוף פון 1923 יאָר ניט געפאָדערט קיין קאָנצעסיעס פאַר די קינדער=גערטנער, פאָלקס=שולן, אָוונט=שולן.

דערפאַר אָבער האָבן די גימנאַזיעס געמוזט יעדן יאָר אַרויסבאַקומען קאָנצעסיעס. אַזוי האָט די רעאַל=גימנאַזיע באַקומען דעם 19=טן אַווגוסט 1922 אונטערן № 7312 אַ קאָנצעסיע [1]) אויפן שול=יאָר 23—1922 מיט פאָלגנדיקע באַדינגונגען: 1) פויליש זאָל געלערנט ווערן אין אַלע קלאַסן 4 שעה אַ וואָך (געווען איז אָנגעגעבן אין אייניקע קלאַסן צו 3 שעה אַ וואָך, אין די לעצטע צו 5); 2) געשיכטע פון פוילן זאָל געלערנט ווערן אין די קלאַסן VI, VII און VIII אין פויליש און צוויי שעה אַ וואָך. אַן ענלעכע קאָנצעסיע האָט אויך באַקומען די צווייטע גימנאַזיע.

די צאָל שעהן אויף פויליש איז תּיכּף פאַרגרעסערט געוואָרן אין אַלע קלאַסן ביז 4. וואָס אָנבאַלאַנגט געשיכטע פון פוילן און געאָגראַפיע פון פוילן אין פויליש, האָט דער צ. ב. ק. באַזוכט דעם קוראַטאָר און זיך געווענדעט צום קוראַטאָריום מיט אַ מעמאָראַנדום, אין וועלכן עס איז אָנגעוויזן, אַז שטרעבנדיק,

1) דעם טעקסט ע אין אָפּטיילונג „מאַטעריאַלן“.

אַז די שילער זאָלן זיין גוט באַקאַנט מיט דער געשיכטע און געאָגראַפיע פונם לאַנד, געפינט דער צ. ב. ק., אַז דאָס קאָן דערגרייכט ווערן בלויז דאַן, ווען דער לימוד וועט געפירט ווערן אין יידיש. עס זיינען געבראַכט געוואָרן אין מעמאָראַנדום נאָך אייניקע מאָטיוון. נאָך דעם 25-טן נאָוועמבער 1922 אונטערן III—4296/22 № *) איז אָנגעקומען אַ קאַטעגאָרישער אָפּזאָג פון קוראַטאָר, וועל-כער האָט געדראָט אָפּצונעמען די קאָנצעסיע, אויב די פאָדערונגען וועלן תיכף ניט דורכגעפירט ווערן אין לעבן. דער צ. ב. ק. האָט ניט געוואָלט שטעלן אין געפאַר די עקסיסטענץ פון די אַנשטאַלטן און האָט נאָכגעגעבן.

ביים אַרויסגעבן די קאָנצעסיע אויפן 1924—1923 האָט מען שוין געפאָ-דערט ביי אַלע לערער בירגערשאַפט, אויך אַנטשפּרעכענדיקע קוואַליפיקאַציעס. בנוגע בירגערשאַפט האָט מען קיינע הנחות ניט געמאַכט, — די לערער, וועלכע האָבן ניט געקאָנט צושטעלן קיין אַנטשפּרעכנדיקע דאָקומענטן, האָט מען ניט באַשטעטיקט. די קאָנצעסיע *) אויפן 24—1923 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דעם 3-טן אַוווגוסט 1923 III—12612/23 № פאַר דער מאַטעמאַטיש-נאַטורוויסנשאַפט-לעכער גימנאַזיע און III—12611/23 № פאַר דער הומאַניסטישער גימנאַזיע.

אויפן לערניאָר 23—1922 האָט אויך דער סעמינאַר באַקומען פון קוראַ-טאָריום אַ קאָנצעסיע, אַרויסגעגעבן דעם 19-טן אַווגוסט 1922 אונטערן 7302 №. בנוגע דעם סעמינאַר האָט מען נאָך אָנגעהויבן צו פאָדערן די בירגערשאַפט-דאָקומענטן ביי די לערער פריער, ווי אין די גימנאַזיעס. קיין ווייטערדיקע קאָנ-צעסיע פאַרן סעמינאַר האָט שוין דאָס קוראַטאָריום ניט געקאָנט אַרויסגעבן. קאָנצעסיאָנירן אַ סעמינאַר דאַרף שוין דאָס מיניסטעריום. דעריבער האָט דער צ. ב. ק. דעם 9-טן יאַנואַר 1923 דערלאַנגט דורכן קוראַטאָריום אַ סטאַטוט פון סעמינאַר מיט אַ ביטע אַרויסצוגעבן אַ שטענדיקע קאָנצעסיע דעם סעמי-נאַר. עס איז שוין אַריבער $1^1/_2$ יאָר, און דער סעמינאַר האָט נאָך אַלץ קיין קאָנצעסיע ניט. שוין ניט איין מעמאָראַנדום איז אַוועק צום מיניסטעריום, ניט איין דעלעגאַציע האָט באַזוכט די זיך אָפט בייטנדיקע מיניסטאָרן—יעדער מי-ניסטער זאָגט צו, אַז מען וועט אַרויסגעבן, נאָר ער האַלט זיך ניט קיין צייט, ער גייט אין דעמיסיע, און מען דאַרף שוין אונטערהאַנדלען מיט אַ צווייטן.

די ווילנער פאָלקס-שולן האָבן ערשט אין אָקטאָבער 1923 יאָר באַקומען געענוי די תּנאים, ביי וועלכע מען וועט זיי קאָנצעסיאָנירן. אין בריוו פון שול-אינספעקטאָר (דעם 26-טן אָקטאָבער 1.23, № 2897) *) ווערן פאָרמולירט צווישן אַנדערע, פאָלגנדיקע פאָדערונגען: a) פויליש דאַרף געלערנט ווערן פון 2-טן לערניאָר אָן, דערביי קאָן אין צווייטן לערניאָר זיין אָנגעווענדט די סיסטעם פון שמועסן; b) פויליש דאַרף אָפּגעגעבן ווערן דיזעלבע צאָל שעהן, וואָס דער אונטעררריכטס-שפּראַך; c) פוילישע געשיכטע און פוילישע געאָגראַפיע דאַרפן געלערנט ווערן אין פויליש; d) די שול-אַקטן און שול-קאָנצעלאַריע דאַרפן געפירט ווערן אין דער מלוכה-שפּראַך. אויסערדעם אַ גאַנצע ריי פאָ-דערונגען בנוגע בירגערשאַפט, קוואַליפיקאַציע פון די לערער.

---

*) דעם פולן טעקסט זע אין „מאַטעריאַלן".

איינזעענדיק אין די פּראָגראַם-פאָדערונגען און אויך באַזונדערס אין דער פאָדערונג צו פירן די קאַנצעלאַריע אין פויליש אָן אָנהויב פון פּאָלאָניזאַציע, ווערט לויט דער איניציאַטיווע פון צ. ב. ק. צונויפגערופן אַ באַראַטונג פון אַלע צענטראַלעס (צ. ב. ק., תּרבות, ועד-המאוחד), עס גייט אַ דעלעגאַציע צום קוראַטאָר דעם 10 דעצעמבער 1923 י., עס ווערט אויך דערלאַנגט אַ גענויער מעמאָראַנדום *), וועלכער מאָטיווירט אונזער שטעלונג צו די פאָדערונגען. בנוגע פויליש פון II לערניאָר ווערט אָנגעוויזן אויפן פּעדאַגאָגישן מאָטיוו, אַז מען קאָן ניט אָנהויבן אַ צווייטע שפּראַך, ווען די קינדער האָבן נאָך טיילווייז ניט באַהערשט די מוטערשפּראַך, אַז די סיסטעם פון שמועסן, אויב זי איז ניט פאַרבונדן מיט פּראַקטישער אַרבעט אין דער שפּראַך, האָט קיין באַדייטונג ניט. בנוגע דער צאָל שעהן ווערט אָנגעוויזן, אַז אין די עלטסטע קלאַסן גיבן מיר אָפּט אויף פויליש מער שעהן, ווי אויף יידיש, אָבער אין די מיטעלע קלאַסן איז די מוטער-שפּראַך דער לימוד, אַרום וועלכן עס ווערן קאָנצענטרירט די אַנטוויקלונגס-לימודים; דעריבער לייגן מיר פאָר אין אַלע קלאַסן צו 4 שעה. בנוגע געאָגראַפיע און געשיכטע פון פוילן ווערט אָנגעוויזן, אַז די אינטערעסן פונם לימוד פאָדערן, אַז מען זאָל עס לערנען אין דער שפּראַך, וועלכע איז געענטער די קינדער. בנוגע דער קאַנצעלאַריע ווערט אָנגעוויזן, אַז אין דער יידישער שול מוז אַלץ געפירט ווערן אין יידיש; פירן נאָך אין אַ שפּראַך — פאַרשווערט די אַרבעט; מיר לייגן פאָר צוצושטעלן די לערנפּלענער, שטונדפּלענער אין פויליש, יעדן חודש צושטעלען אויך אויסצוגן פון די זיצונגען פון די פּעד. ראַטן.

דעם 3-טן יאַנואַר 1923 L. 21950/23—II האָט דער קוראַטאָר אונטערגעשריבן אַ תּשובה, אין וועלכער ער גייט איין בלויז אויף איין פאָדערונג, אַז פויליש זאָל געגעבן ווערן צו 4 שעה אַ וואָך. וואָס אָנבעלאַנגט אונזערע איבעריקע פאָרשלאָגן, וואַרפט ער דאָס אָפּ. דאַן האָט זיך דער צ. ב. ק. געווענדט דורכן קוראַטאָר צו מיניסטער מיטן זעלבן מעמאָראַנדום (אַרויסוואַרפנדיק, פאַרשטייט זיך, די פאָדערונג וועגן דער צאָל שעהן, ווייל אויף דעם איז דער קוראַטאָר איינגעגאַנגען).

אויף דעם איז אָנגעקומען דעם 8-טן מאַי II—6541/24 № אַן ענטפער*), אַז דאָס מיניסטעריום גייט ניט איין אויף לערנען פויליש פונם דריטן לערניאָר און פאָדערט אויך, אַז די קאַנצעלאַריע פון שול זאָל געפירט ווערן אין פויליש. גלייכצייטיק אָבער ווערט אונטערגעשטראָכן, אַז עס איז ניטאָ קיין פּרינציפּיעלע מניעה, מען זאָל לערנען פוילישע געשיכטע און געאָגראַפיע פון פוילן אין דער אונטעררי‎כט-שפּראַך פון שול.

דער צ. ב. ק. באַהאַנדלט איצט די פראַגע, ווי זיך צו דערשלאָגן, אַז דאָס מיניסטעריום זאָל מסכּים זיין, מען זאָל לערנען פויליש פונם 3-טן לערניאָר און די קאַנצעלאַריע און שול-אַקטן פירן אין יידיש.

דערווייל האָבן די שולן באַקומען קאָנצעסיעס*), אָבער ווייטער בלויז אויפן לויפנדיקן יאָר.

---

*) זע דעם טעקסט אין אָפּטיילונג „מאַטעריאַלן און דאָקומענטן“.

דאָס אַרויסבאַקומען יעדעס יאָר קאָנצעסיעס איז פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן; דעריבער שטייט איצט אַלס איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן —דערשלאָגן זיך, אַז די קאָנצעסיעס זאָלן זיין שטענדיקע.

### ג) קוואַליפיקאַציעס פון די לערער.

איינע פון די שווערסטע פראַגן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער ווייטערדיקער עקסיסטענץ פון אונזערע שולן, איז די פראַגע וועגן קוואַליפיקאַציעס פאַר די לערער. לויט די דורך דער פוילישער בילדונגס-מאַכט פעסטגעשטעלטע תקנות, ווערן די לערער פאַרטיילט אויף קוואַליפיצירטע, צייטווייליק-קוואַליפיצירטע און ניט קוואַליפיצירטע. אַלס קוואַליפיצירטע לערער אין פאָלקסשול רעכענען זיך בלויז די-יעניקע, וועלכע האָבן אַ מאַטורע פון אַ לערער-סעמינאַר אין פויליש. פאַר צייטווייליק-קוואַליפיצירטע רעכענען זיך יענע לערער, וועלכע האָבן געענדיקט אַ מיטלשול, אָדער לכל-הפחות 6-קלאַסן פון אַ מיטלשול, אַ לערער-סעמינאַר מיט ניט-פוילישער אונטעררייכטס-שפראַך, וואָס האָבן צייגנישן אויף אַ הויז - אָדער אָנפאַנגס-לערער (Домашний, начальный учитель). די איבעריקע רעכענען זיך פאַר ניט-קוואַליפיצירטע.

לויט די דאָזיקע תקנות זיינען ביי אונז קיין קוואַליפיצירטע לערער ניטאָ, ווייל קיינער האָט ניט געענדיקט אַ פוילישן סעמינאַר, כמעט אַלע (מיט אַ קליינעם אויסנאַם פון איינגאַנצן ניט-קוואַליפיצירטע) זיינען צייטווייליק-קוואַליפיצירטע. די צייטווייליק-קוואַליפיצירטע דאַרפן זיך קוואַליפיצירן אין באַזונדערע גרופן לימודים. למשל, די, וואָס האָבן געענדיקט אַ מיטלשול, אָדער 6 קל. פון אַ מיטל-שול, די הויז- און אָנפאַנגס-לערער, דאַרפן זיך קוואַליפיצירן אין פּאָלאָניסטישע לימודים (פויליש, פוילישע געשיכטע, פוילישע געאָגראַפיע) און פּעדאַגאָגיש-מעטאָדישע; די, וואָס האָבן געענדיקט דעם פריערדיקן לערער-אינסטיטוט, דאַרפן זיך קוואַליפיצירן בלויז אין פּאָלאָניסטישע לימודים. דער טערמין זיך צו קוואַליפיצירן איז ביז דעם יאָר 1925.

די לערער אין מיטלשולן דאַרפן זיך קוואַליפיצירן אויף נאָך אַ קאָמפּליצירטערן אופן, נאָר זייער טערמין איז ביזן יאָר 1928.

כדי צו באַקומען די פולע קוואַליפיקאַציע, דאַרף מען האַלטן ספּעציעלע עקזאַמענס. עס ווערן אויך געעפנט אויף צוגרייטן זיך צו די עקזאַמענס זומער-קורסן אויף באַזונדערע גרופּעס לימודים. דערביי זיינען די זומער-קורסן איינגעאָרדנט אויפן פאָלגענדיקן אופן. זיי געדויערן 2 זומערן, צו 1 חודש יעדן זומער: דעם ערשטן זומער אַן אָנפאַנגס-קורס (Początkowy kurs), דעם צווייטן זומער—אַ פאַרענדיקונגס-קורס (Końcowy kurs). נאָכן אָנפאַנגס-קורס גיט מען אַרויס אויפן גאַנצן ווינטער הויז-אַרבעט (Domowa praca), וועלכע ווערט קאָנטראָלירט דעם 2-טן זומער. עס זיינען אויך פאַראַן ווינטערדיקע קורסן.

אין ווינטער 1922—23 האָט דאָס קוראַטאָריום געעפנט אין ווילנע קורסן פאַר קוואַליפיצירן די לערער פון די מיטלשולן. אייניקע לערער פון די צ.ב.ס. גימנאַזיעס האָבן די דאָזיקע קורסן באַזוכט.

ווען אין מאַי 1923 איז געמאָלדן געוואָרן דעם צ. ב. ק. וועגן קוואַליפי־קאַציעס פאַר די לערער פון די פאָלקס־שולן, האָט אַ דעלעגאַציע פון צ. ב. ק. באַזוכט דעם קוראַטאָר, גערעדט מיט אים וועגן דעם אופן צו קוואַליפיצירן די יידישע לערער, אויך וועגן טערמין ביזן יאָר 1925. דער קוראַטאָר האָט דאַן געמאָלדן, אַז ער האָט זיך געווענדט אין מיניסטעריום וועגן דעם, אַז דער טער־מין פאַר ווילנער קאַנט, וועלכער איז פאַראייניקט געוואָרן צו פוילן בלויז אין יאָר 1922, זאָל פאַרלענגערט ווערן ביזן יאָר 1927. וואָס אָנבעלאַנגט דעם אופן פון קוואַליפיצירן די יידישע לערער, געפינט ער, אַז מען וועט קאָנען עפענען פאַראַלעלע קורסן ביי די עקסיסטירנדיקע מלוכה־קורסן, אָדער ספּעציעלע קורסן פאַר יידישע לערער.

היות ווי דער גרעסטער טייל פון אונזערע לערער דאַרף זיך קוואַליפי־צירן אין די פּאַלאַניסטישע לימודים, האָט דער צ. ב. ק. אין אָקטאָבער 1923, האָבנדיק דעם צוזאָג פון קוראַטאָר, זיך געווענדט אין קוראַטאָריום צו עפע־נען אַזעלכע פּאָלאָניסטישע קורסן פאַר די יידישע לערער. ניט באַקומענדיק קיין תשובה, האָט דער צ. ב. ק. אין נאָוועמבער 1923 זיך נאָכאַמאָל געווענדט, אויף וואָס עס האָט זיך באַקומען אַ תשובה דעם 15 נאָוו. 1923 № 19285/23—II אַז דאָס קוראַטאָריום האָט דעם ענין וועגן עפענען פּאָלאָניסטישע קורסן פאַר די שולן מיט יידיש אַלס אונטערריכטס־שפּראַך איבערגעשיקט אין מיניסטעריום אויף צו באַשליסן. אַ גאַנצן ווינטער האָט מען דעם צ. ב. ק. אויף אַלע אָנ־פראַגעס געענטפערט, אַז דער ענין איז נאָך אין מיניסטעריום, בלויז דעם 16 אַפּריל 1924 L. 3677/24—II האָבן מיר באַקומען אַ תשובה[1], אַז דאָס מיניס־טעריום, האָבנדיק באַגרענעצטע מיטלען, געפינט ניט פאַר מעגלעך צו עפענען אַזעלכע קורסן (דערביי איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דאָס ערשטע מאָל פאַר דער גאַנצער צייט ווערן אין אַן אָפיציעלן פּאַפּיר אונזערע לערער אָנגערופן ניט לערער פון שולן מיט יידיש אַלס אונטערריכטס־שפּראַך, נאָר „לערער פון משהס גלויבן“). אין דעם ענטפער ווערט אויך אָנגעוויזן, אַז אויב מען וויל אָרגאַניזירן קורסן אויף אייגענע מיטלען, וועט דאָס קוראַטאָריום אַזעלכע דערלויבן. אויך ווערט אָנגעוויזן, אַז אויב ס'וועלן זיין פרייע ערטער אויף די מלוכהשע וואַקאַציע־קורסן, וועט מען אויך אָננעמען „לערער פון משהס גלויבן“. עס ווערט ווייטער אָנגעוויזן, אַז דאָס מיניסטעריום זעט ניט קיין מניעות צוצולאָזן די לערער, וואָס אַרבעטן שוין אין די שולן, צו די קוואַליפיקאַציע־עקזאַמענס.

נאָך פריער, ניט דערוואַרטנדיק זיך אויף אַ תשובה פון מיניסטעריום, האָט דער צ. ב. ק. אָנהויב אַפּריל אָנגעגעבן אַ בקשה, אַז דאָס קוראַטאָריום זאָל עפענען ספּעציעלע וואַקאַציע־קורסן פאַר אונזערע לערער, מיט דער אָנווייַ־זונג, אַז דער צ. ב. ק. איז גרייט צו דעקן די הוצאות, אָבער די קורסן זאָלן האָבן די זעלבע רעכט, וואָס די מלוכהשע.

דערויף האָט זיך בעקומען אַן ענטפער [1] דעם 23־טן אַפּריל 1924 יאָר L. 5954/24—II, וואו דאָס קוראַטאָריום איז גענייגט צו העלפן ביים אויפזוכן

1) זע דעם טעקסט אין אָפּטיילונג „מאַטעריאַלן“.

פּרעלעגענטן אויף די קורסן, וואָס וועלן אָרגאַניזירט ווערן דורכן צ. ב. ק., און אַז די צוהערער וועלן קאָנען אין האַרבסט האַלטן עקזאַמען בײַ אַ קאָמי־סיע, אין וועלכער עס קאָנען אַרײַנגיין אויך די פּרעלעגענטן פון די קורסן.

דערפון איז צו זען, אַז דאָס קוראַטאָריום שטרײַכט אונטער אַז, די קורסן מוז אָרגאַניזירן דער צ. ב. ק., כּדי דורכדעם צו באַטאָנען, אַז די קורסן טראָגן אַ פּריוואַטן כאַראַקטער. דאָך וועט דער צ. ב. ק. זיך באַמיען די קורסן צו אָרגאַניזירן.

עס האָט זיך אויך באַקומען (דעם 29־טן מאַרט 1924 (L. 4977/24—III אַ מעלדונג פון קוראַטאָריום, אַז אונזערע לערער קאָנען האַלטן קוואַליפיקאַ־ציע־עקזאַמענס אין אַפּריל 1924, נאָר צוליב דעם, וואָס די מעלדונג איז אַזוי שפּעט אָנגעקומען, האָט קיינער פון אונזערע לערער זיך ניט געקאָנט באַנוצן מיטן רעכט.

ד) עפנטלעכע רעכט פאַר אונזערע פאָלקסשולן

אין פוילן זײַנען פאַראַן טערמינען פאַר פאָלקסשולן (Publiczna szkoła powszechna (עפנטלעכע רעכטלעכע פאָלקסשול) Prywatna szkoła powszechna (פּריוואַטע פאָלקסשול). אונזערע שולן פאַררעכנט די בילדונגסמאַכט פאַר פּריוואַטע. דער הויפּט־מאָטיוו איז, וואָס עפנטלעכע רעכט פאַר שולן אין יידיש קאָן באַשליסן בלויז דער סיים. הן דער קוראַטאָר הן די מיניסטאָרן זאָגן אַלץ, אַז „אָט־אָט" ווערט שוין אַרײַנגעטראָגן אַ געזעצפּראָיעקט וועגן דעם שולוועזן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, און דאָרטן וועט אויך געזאָגט ווערן וועגן די שולן אין יידיש. די צײַט גייט, קיין געזעצפּראָיעקט ווערט ניט אַרײַנגעטראָגן, און די יידישע שולן זײַנען פאַקטיש רעכטלאָז. אין ווילנע, למשל, זײַנען קיין אַנדערע פּריוואַטע פאָלקסשולן אויסער די יידישע ניטאָ, און ווען די בילדונגס־מאַכט רופט אָן Prywatne szkoły powszechne, ווייסט מען שוין, אַז דאָס זײַנען די יידישע שולן. דאָס, וואָס מען אָנערקענט ניט אונזערע שולן קיין עפנטלעכע רעכט, לאָזט זיך פילן הן אין גרויסע הן אין קלענערע ענינים. די באַציאונג צו אונזערע שולן איז מצד אַלע אַמטן דערפאַר אַ שלעכטע. אומעטום קוקט מען אויף אונזערע אַנשטאַלטן (וועלכע זײַנען אַלנפאַלס ניט ערגער פון אַ סך פוילישע Publiczne שולן), ווי אויף אַ נידע־ריקערן טיפּ. דאָס שטערט אונז אינעם קאַמף אויך אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג (וועגן דעם זע שפּעטער). די לערער לײַדן שטאַרק פון דער דאָזיקער עוולה. בײַם קוואַליפיצירן, בײַם אָננעמען אויף די קוואַליפיקאַציע־קורסן פאַר לערער גוצט מען אויס דעם פאַקט, וואָס די שולן האָבן קיין עפנטלעכע רעכט ניט, און מען דערלאָזט זיי גאָרניט, אָדער אין זייער אַ באַגרענעצטער מאָס (o ile będą wolne miejsca — אויף וויפיל ס'וועלן זײַן פרײַע ערטער). בשעת ווען די פוילישע לערער פאַררעכנט מען תיכּף אין רעזערוו און מען נעמט זיי ניט אין אַקטיוון מיליטערדינסט, מוזן די יידישע לערער אוועקגיין דינען. אין דעם פּרט איז זייער אינטערעסאַנט דער בריוו פון קוראַטאָריום פון 20 אַווגוסט 1923 L. 13742/23—II, וואו עס ווערט גאַנץ אָפן געזאָגט, אַז בנוגע די לערער

אין די יידישע שולן, ווייל זיי זיינען ניט קיין עפנטלעך־רעכטלעכע, קאָן ניט אָנגעווענדעט ווערן דער געזעץ וועגן הנחות ביים מיליטערדינסט. מיט גרויסע שוועריקייטן האָט זיך איינגעגעבן דעם צ. ב. ק. צו פועלן פאַריקן יאָר, אַז אויף די 8—4־וואָכיקע מיליטער־איבונגען זאָל מען נעמען די יידישע לערער זומער אין דער צייט פון וואַקאַציעס. די פּוילישע לערער באַקומען אויף ביליגע פּרייזן האָלץ, די יידישע לערער — ניט. דער תּירוץ: די שולן זיינען ניט קיין Publiczne. אַזוי איז דער זין פונם ענטפער פון קוראַטאָריום פון 20 נאָוועמבער 1922 L. 3167/22—V *).

אויך די קינדער ליידן. די קינדער און די לערער האָבן ניט קיין הנחות אויף דער אייזנבאַן, אין דער צייט, ווען די פּוילישע האָבן עס יאָ.

די פּוילישע שולן פאַרנעמען אַ סך שטאָטישע און אַמאָליקע קרוינישע, צוגעפּאַסטע פאַר שולן דירות. קיין איין יידישע שול פאַרנעמט ניט קיין מלוכה־בנין.

די גרעסטע צרה אָבער איז, וואָס אויף וויפיל די יידישע שולן האָבן ניט קיין עפנטלעכע רעכט, הענגען זיי אין רעכטלעכן זין אויף אַ האָר. תּמיד קאָן אַרויסשווימען ביי די בילדונגס־אָרגאַנען דער פּראָיעקט וועגן עפענען פּוילישע שולן פאַר יידישע קינדער.

אַזאַ פּראָיעקט איז געווען זומער 1922, ווי נאָר אין ווילנע האָט זיך געשאַפן דאָס בילדונגס־קוראַטאָריום. אַזוי האָט אָפיציעל געמאָלדן דער ווילנער בילדונגס־קוראַטאָר דער דעלעגאַציע פון צ. ב. ק. דעם 22 יוני 1922. דער קוראַטאָר האָט אָפן געזאָגט — פונם נ״יעם לערניאָר וועט די פּוילישע רעגירונג עפענען פאַר קינדער פון משה׳ס גלויבן פּוילישע שולן; שבת וועלן די שולן זיין געשלאָסן; מען וועט דאָרטן לערנען אויך יידישע רעליגיע; די דאָזיקע שולן וועלן זיין עפנטלעך־רעכטלעכע און אַריינגעצויגן ווערן אין נעץ פון די מלוכה־שולן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דאַן אַ קאָלאָסאַלע אויפרעגונג אין שטאָט. אין דער אויפרעגונג האָבן זיך פאַראייניקט פאַרשיידענע שיכטן. עס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען, אָנגענומען געוואָרן פּראָטעסט־רעזאָלוציעס (די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, די קהילה, די סטודענטן און אַ סך אַנד. אָרגאַניזאַציעס). דער לערער־פאַראיין האָט פאַרבאָטן זיינע מיטגלידער צו אַרבעטן אין אַזעלכע שולן. אַ גרויסע אַקציע האָט אָנגעפירט דער „טאָג״, ווילנע האָט דאַן באַוויזן, ווי טייער עס איז איר די יידישע שול, און אַז זי וועט מיט אַלע מעגלעכע מיטלען באַקעמפן די פּאָלאָניזאַטאָרישע שול.

דער צ. ב. ק. האָט דערלאַנגט מעמאָראַנדומס, געשיקט דעלעגאַציעס צום קוראַטאָר, צום מיניסטער.

דער צ. ב. ק. האָט אויך דאַן אָרגאַניזירט די פּראָטעסט־קאַמפּאַניע. עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו זאַמלען חתימות אונטער דער פּראָטעסט־רעזאָלוציע (איבער 7500 חתימות אין ווילנע; אויך אין אייניקע פּראָווינץ־

*) דעם טעקסט זע אין דער אָפּט. „מאַטעריאַלן״.

שטעטלעך—ווי וואָלאָזשין א. אנד. האָט מען לויט דער אייגענער איניציאַטיווע אָנגעהויבן אונטערצושרייבן די פּראָטעסט-רעזאָלוציע).

די אַלע אָנשטרענגונגען האָבן דערגרייכט דעם ציל. קיין פּוילישע שולן פאַר יידישע קינדער האָט די רעגירונג ביז היינטיקן טאָג אין ווילנע ניט געעפנט.

אָבער דאָס איז נאָך ניט קיין ראיה, אַז די רעגירונג האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט. דעריבער איז די פראַגע וועגן עפנטלעכע רעכט פאַר אונזערע שולן זייער אַקטועל.

די בילדונגס-מאַכט, שטרעבנדיק צו דיסקרעדיטירן אונזער שול, דערלויבט זיך אָפט צו מעלדן, אַז אונזערע שולן זיינען ניט צוגעפּאַסט צו דער מלוכה-פּראָגראַם, אַז אונזערע שולן זיינען קאָנפעסיאָנעלע, אַז מ׳לערנט דאָרט תלמוד וכדומה. אַזוי, למשל, האָט דער בילדונגס-דעפּאַרטאַמענט אין אָקטאָבער 1921 אויף אַן אָנפראַגע פון דער פּוילישער דעלעגאַטור וועגן אונזערע שולן געענטפערט אין דעם זין. אויך אין פעברואַר 1923 האָט דאָס קוראַטאָריום מיט אַזאַ מין מעלדונג געפּרובט ווירקן אויפן ווילנער שטאַטראַט, ער זאָל ניט אַרויסגעבן קיין סובסידיעס די יידישע שולן.

דעריבער האָט זיך דער צ. ב. ק. אין פעברואַר 1923 געווענדט צום קוראַטאָר מיט אַ ביטע, אַז כדי דאָס קוראַטאָריום זאָל האָבן אַ גענויען בילד פון אונזערע אַנשטאַלטן און ניט דאַרפן צושרייבן אונזערע שולן דאָס, וואָס אַנטשפּרעכט ניט דער ווירקלעכקייט, זאָלן אונזערע אַנשטאַלטן וויזיטירט ווערן.

דאַן האָט זיך אָנגעהויבן די גרינדלעכע וויזיטאַציע פון אונזערע שולן. דער וויזיטאַטאָר פון דער אָפּטיילונג פאַר פאָלקסשולן ביים קוראַטאָריום האָט אין משך פון מערץ, אַפּריל, טיילווייז מאַי 1923 וויזיטירט אַלע פאָלקסשולן פון צ. ב. ק., אויך איין אָוונטשול, פאַרברענגענדיק אין יעדער אַנשטאַלט צו עטלעכע טעג.

דער צ. ב. ק. האָט אויך צוגעשטעלט אין קוראַטאָריום אַ גענויע פּראָגראַם פון די לימודים.

פון יענער צייט אָן האָט מען שוין אויפגעהערט צו ברענגען דעם מאָטיוו, אַז אונזערע שולן זיינען קאָנפעסיאָנעלע, אַז די פּראָגראַם פון דער שול איז אַן אָפּגעשטאַנענע א. א. וו.

אויך אין מאַי 1924 ווערט דורכגעפירט אַ וויזיטאַציע פון אונזערע שולן דורכן שול-אינספּעקטאָר פאַר דער שטאָט ווילנע. די לעצטע וויזיטאַציע איז ניט קיין גרינדלעכע, געדויערט צו פאָר שעה אין אַ שול, און באַגרענעצט זיך דערהויפּט מיטן מצב פון די פּאָלאָניסטישע לימודים אין די שולן.

פאַרן צ. ב. ק. איז געווען קלאָר, אַז די יידיש-וועלטלעכע שולן מוזן צוגרייטן אַ געזעצפּראָיעקט וועגן דעם יידישן שול-וועזן. דער געזעצפּראָיעקט פון ציוניזירנדיקן יידישן „קאָלאָ״ האָט ניט געקענט באַפרידיקן. דעריבער האָט די רעכטלעכע קאָמיסיע ביים צ. ב. ק. באַשלאָסן אויסצואַרבעטן אַ באַזונדערן געזעצפּראָיעקט. דער געזעצפּראָיעקט איז אויסגעאַרבעט געוואָרן

דורכן מיטגליד פון דער קאָמיסיע אדוואָקאַט עמנואל סמילג אויפֿן גרונד פון דעם געזעץ וועגן שולן פאַר נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין לעטלאַנד, דעם שול־אָפּמאַך צווישן פוילן און דאַנציג, דעם געזעץ וועגן די דייטשע שולן אין טשעכאָסלאָוואַקיע א. אנד. דער געזעצפּראָיעקט [1] איז געווען אַ גאַנץ גענויער, האָט פעסטגעשטעלט, אַז די יידישע שול איז אַ וועלטלעכע און אין יידיש, אויך פאָרמולירט דעם ענין פּאַרוואַלטן פון די יידישע שולן א. א. וו. די רעכט־לעכע קאָמיסיע און דער קאָמיטעט האָבן מיט אייניקע ענדערונגען באַשטעטיקט דעם פּראָיעקט. אויף די באַראַטונגען מיט די ניט־יידישע גרופּירונגען (זע פריער) האָט מען אויך מיט דעם געזעצפּראָיעקט באַקאַנט געמאַכט. אָבער ווילנע אליין האָט ניט געקאָנט אַזאַ געזעצפּראָיעקט אַריינטראָגן אין סיים. דער געזעצפּראָיעקט האָט אַ שייכות צום יידיש־וועלטלעכן שולוועזן פון גאַנץ פוילן. דעריבער האָט אים ווילנע געשטעלט אויפֿן פּלענום פון דער יידישער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע אין מאַי 1923. דער פּלענום פון דער צ. ש. אָ. האָט דעם געזעצפּראָיעקט ניט אָנגענומען, אַרויסגייענדיק דערהויפּט פון דעם, וואָס דער געזעצפּראָיעקט דאַרף אַרומנעמען די שולן פון אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן און ניט בלויז פון יידישע. אונזער געזעצפּראָיעקט איז אָבער געווען אַ שטויס פאַר דער צ. ש. אָ., זי זאָל אויסאַרבעטן איר פּראָיעקט. דער געזעצפּראָיעקט פון צ. ש. אָ. איז געוואָרן פאַרטיק אין נאָוועמבער 1923. די רעכטלעכע קאָמיסיע ביים צ. ב. ק. האָט אַריינגעטראָגן אַ גאַנצע רייִ שינוים. מיט אייניקע אונזערע שינוים איז דער געזעצפּראָיעקט נאָכדעם ענדגילטיק פאָרמולירט געוואָרן. די צ. ש. אָ. אין וואַרשע און דער צ. ב. ק. אין ווילנע געמען אָן שריט, אַז דער געזעצפּראָיעקט זאָל פּאָפּולאַריזירט ווערן ביי דער ניט־יידישער באַפעלקערונג.

## ה) רעכט פאַר די מיטלשולן.

די רעכטלאָזיקייט פון אונזער שול־וועזן לאָזט זיך באַזונדערס פילן אויף אונזערע גימנאַזיעס. די מאַטעמאַטיש־נאַטורוויסנשאַפטלעכע גימנאַזיע האָט שוין פאַריקן יאָר געהאַט דעם ערשטן סיום. אויף וויפיל אונזערע גימנאַזיעס האָבן ניט קיין עפנטלעכע רעכט, קאָנען ניט אַרויסגעבן קיין מאַטורעס, ווערן די אַביטוריענטן ניט אָנגענומען אין די פּוילישע אוניווערסיטעטן. דאָס, פאַרשטייט זיך, איז אַ גרויסער קלאַפּ פאַר אונזערע מיטלשולן.

דער צ. ב. ק. האָט דאָס פאָראויסגעזען נאָך פריער, און שוין דעם 8 יאַנואַר 1922 זיך געווענדעט צום בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט פון מיטל־ליטע מיט אַ גאַנץ גענויעם מעמאָראַנדום וועגן דער געשיכטע, פּראָגראַם, לערער־פּערסאָנאַל פון גימנאַזיע א. א. וו. געבעטן רעכט פאַר דער יידישער רעאַל־גימנאַזיע. דער בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט שיקט אַ וויזיטאַטאָר, וועלכער באַקאָנט זיך מיט דער גימנאַזיע. נאָך אין אַפּריל 1922 באַקומט דער צ. ב. ק. אומגעקערט דעם מעמאָראַנדום מיט אַ צושריפט פון בילדונגס - דעפּאַרטאַמענט, אַז היות ווי עס

---

1) זע דעם טעקסט אין די „מאַטעריאַלן“.

קומען פאַר ענדערונגען אין דער אָנפירונג פון די בילדונגס־ענינים אין ווילנער קאַנט (דער ווילנער קאַנט איז דאַן אָפיציעל פאַראייניקט געוואָרן צו פוילן), דעריבער קאָן דער בילדונגס=דעפּאַרטאַמענט דעם ענין ניט ערליידיקן.

דעם זעלבן מעמאָראַנדום האָט דאַן דער צ. ב. ק. אַריבערגעשיקט צום קוראַטאָריום און האָט באַקומען אַ תשובה, אַז מאַטורעס די אַביטוריענטן קאָנען אַרויסגעבן נאָר די גימנאַזיעס, און וועלכע דאָס קוראַטאָריום וועט שיקן אַן עקזאַמענאַציאָנס=קאָמיסיע.

דעם קוראַטאָר האָט דאַן (5=טן סעפּטעמבער 1922) באַזוכט אַ דעלעגאַציע פון צ. ב. ק. וועגן דעם ענין מאַטורעס פאַר די אַביטוריענטן. דער קוראַטאָר האָט אָנגעוויזן, אַז עס איז דאָ אַ געזעץ וועגן אַ פוילישער מאַטורע, ניט קיין יידישער: וועגן אַ יידישער וועט קאָנען באַשטימען נאָר דער סיים. אין אַלגעמיין האָט ער אָנגעוויזן דאַן, אַז אויב די רעגירונג וועט מאַכן הנחות די יידישע פאָלקסשולן, וועט מען די גימנאַזיעס גאָר אַנדערש באַהאַנדלען. אויב מען זאָל דערלויבן אַ יידישע מאַטורע, שטעלט זיך די פראַגע וועגן אַ יידישן אוניווערסיטעט, וועגן אַ יידישער אַדמיניסטראַציע א. א. וו. דאָך האָט ער פאָרגעלייגט איבערצושיקן אַ מעמאָראַנדום פון צ. ב. ק. צום מיניסטער.

דעם 11=טן יאַנואַר 1923 דערלאַנגט דער צ. ב. ק. אַ מעמאָראַנדום וועגן דעם ענין אין מיניסטעריום (דורכן קוראַטאָריום).

פרייטאָג דעם 19=טן יאַנואַר 1923 האָט אַ דעלעגאַציע באַזוכט דעם מיניסטער מיקולאַווסקי=פּאָמאָרסקי וועגן דעם ענין מאַטורעס, עקזאַמענאַציאָנס=קאָמיסיע פאַר דער רעאַל=גימנאַזיע. אין דער דאָזיקער דעלעגאַציע האָבן אָנטייל גענומען ד״ר צ. שאַבאַד, ד״ר בערלינער, ל. לאַזאָווסקי, דעפּוטאַט נח פּרילוצקי, דעפּוטאַט ל. כאַמינסקי (פון „וויזוואָלעניע״). קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן האָט דער באַזוך ניט געבראַכט.

דאַן האָט דעפּוטאַט נח פּרילוצקי אַרייַנגעטראָגן אין סיים דעם 8 מערץ 1923 אַ דרינגענדן פאָרשלאָג*) וועגן דער ווילנער יידישער גימנאַזיע. דער פאָרשלאָג פאַרענדיקט זיך מיט 2 פאָדערונגען: 1) תיכף אַרייַננעמען אין מלוכה=נעץ (upaństwowić) די ווילנער יידישע מאַטעמאַטיש=נאַטורוויסנשאַפטלעכע גימנאַזיע; 2) שוין אינם לויפיקן יאָר זאָל באַשטימט ווערן אַ קאָמיסיע דורכצופירן אין דער דאָזיקער גימנאַזיע מאַטוראַלע עקזאַמענס אין יידיש.

שוין אַ סך שפּעטער איז דער פאָרשלאָג באַהאַנדלט געוואָרן אין דער בילדונגס=קאָמיסיע פון סיים, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן... אויסצואַרבעטן אַלגעמיינע כּללים, ביי וועלכע מען קאָן אַרייַננעמען אין מלוכה=נעץ גימנאַזיעס.

אַזוי=אַרום האָט דער פאָרשלאָג אויך קיין נוצן דער גימנאַזיע ניט געבראַכט.

דעם 27=טן פעברואַר 1923 ווענדט זיך דער צ. ב. ק. נאָכאַמאָל אין קוראַטאָריום וועגן אַן עקזאַמענאַציאָנס=קאָמיסיע. דאָס טוט ער צוליב דעם, ווייל

*) זע דעם טעקסט אין „מאַטעריאַלן״

לויטן געזעץ דאַרף מען זיך ווענדן וועגן אַזאַ קאָמיסיע צום קוראַטאָריום ביזן 1-טן מערץ. דעם 7-טן מערץ 1923 באַקומט זיך אַן אָפּזאָג*).

אויך אין יאָר 1924 האָט דער דעפּוטאַט ד"ר וויגאָדסקי זיך געווענדט, לויט אונזער ביטע, צום בילדונגס-מיניסטער וועגן מאַטורעס פאַר די אַביטורענטן פון די יידישע גימנאַזיעס און אויך אָן ערפאָלג.

אין 1923 און אויך אין 1924 זיינען די גימנאַזיעס אונזערע וויזיטירט געוואָרן. די וויזיטאַטאָרן בלייבן צופרידן מיט די גימנאַזיעס. אָבער קיין רעכט באַקומען די גימנאַזיעס פאָרט ניט.

די לאַגע פון די אַביטוריענטן איז אַ שווערע. דער צ. ב. ק. האָט זיך געווענדט אין אויסלאַנד (בערלין, ווין, פּאַריז א. א.) צו באַקאַנטע יידישע כלל-טוער, זיי זאָלן ווירקן, מען זאָל אָננעמען די אַביטוריענטן אין די אויסלענדישע אוניווערזיטעטן. אין אַ פּאָר פּונקטן האָבן זיך געבילדעט אַזעלכע קאָמיסיעס, וועלכע זאָרגן וועגן דעם. אייניקע אַביטוריענטן פון דער רעאַל-גימנאַזיע זיינען אָנגענומען געוואָרן אין בעלגיע, שווייץ א. א. כמעט אַ 20 אַביטורענטן (דער-הויפּט מיידלעך) זיינען אָנגעקומען אַלס פרייע צוהערער אין ווילנער אוניווער-סיטעט. דאָס פאָרן קיין אויסלאַנד איז, אין אַלגעמיין, פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן: דער גרעסטער טייל אַביטוריענטן זיינען ווייניק באַמיטלטע. אויסערדעם, ענדיקן די ייִנגלעך אין אַזאַ עלטער, אַז צוליב מיליטער-ענינים לאָזט מען זיי קיין אויסלאַנד ניט אַרויס.

ו) סובסידיעס.

די מיטל-ליטווישע רעגירונג האָט סובסידירט די יידישע שולן. אין דע-צעמבער 1920 האָט מען דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעגעבן $1^1/_2$ מיליאָן פאַר אַלע שטאַטישע שולן (יידישע, העברעאישע, רעליגיעזע). אין משך פון יאָר 1921 האָט מען עטלעכע מאָל אַרויסגעגעבן סובסידיעס פאַר די יידישע, העברעאישע, רעליגיעזע שולן אין שטאָט און פּראָווינץ, אַזוי, אַז עס איז אויסגעקומען דורכ-שניטלעך צו 1 מיליאָן אַ חודש פאַר אַלע שולן. אויב אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1921 האָט די סובסידיע אויסגעמאַכט 10% פון בודזשעט, האָט זי שוין אין דער צווייטער העלפט פון יאָר 1921 (צוליב דער אַנטווערטונג פון פּוילישן געלט) אויסגעמאַכט בלויז 2—3%. איין מאָל פאַרן יאָר 1921 האָט דער דעפּאַרטאַמענט אַרויסגעגעבן דירעקט די שולן (אין אַזאַ סדר: אויפן ערשטן אָרט — פאָלקסשולן, דאַן—קינדערגערטנער, אָוונטשולן, גימנאַזיע); אין די רעשט פאַלן האָט דער דעפּאַרטאַמענט אַרויסגעגעבן די צענטראַלעס, וועלכע פלעגן דאַרפן פאַרטיילן די סובסידיע. דער צ. ב. ק. פלעגט באַקומען 37% פון דער גאַנצער סובסידיע, 27% פלעגן באַקומען די פּראָווינציעלע שולן (פון דעם עטוואָס ווייניקער ווי אַ העלפט פאַר די פּראָווינצ־עלע יידיש-וועלט-לעכע שולן). ה. ד. אַז די יידיש-וועלטלעכע שולן אין שטאָט און פּראָווינץ האָבן באַקומען לפי ערך 49% פון דער גאַנצער סובסידיע.

---

*) זע דעם טעקסט אין דער אַפּט. „מאַטעריאַלן“.

אין יאַנואַר 1922 האָט דער צ. ב. ק. באַקומען אַן איינמאָליקע סובסידיע דורך דעם פאָרזיצער פון דער ציישווייליקער רעגירונדער קאָמ. מיישטאָוויטש.

פון יאָר 1922 האָט די בילדונגס-מאַכט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן סובסי-דיעס די יידישע שולן דירעקט, אָבער בלויז די פאָלקס-שולן. די סובסידיע איז געגאַנגען דירעקט דורך דעם אינספּעקטאָראַט. דער מאָדוס איז פעסטגע-שטעלט געוואָרן אַזאַ: צו 12.000 מאַרק פאַר אַ קאָמפּלעקט פון 40 קינדער. די קינדערגערטנער און אָוונטשולן האָבן אין יאָר 1922 גאָרנישט באַקומען. אונזער גימנאַזיע האָט בלויז באַקומען אַ סובסידיע אין אַפּריל 1922 פאַר די 4 פאַרגאַנגענע חדשים (יאַנואַר — אַפּריל). אונזער לערער-סעמ'נאַר האָט ניט גושא-וזן געווען ביים דירעקטאָר פון בילדונגס-דעפּאַרטאַמענט, און דעריבער האָט אונזער סעמינאַר קיין סובסידיע ניט באַקומען (הגם דער העבּרעאישער סעמינאַר האָט יאָ באַקומען). אויף די אָנפראַגעס, פאַרוואָס מען סובסידירט ניט דעם סעמינאַר, האָט דער דעפּאַרטאַמענט געגעבן ניט קיין קלאָרע תשובות. אויף צופעליקייטן האָט זיך אַלץ געהאַלטן... די פאָלקסשולן פלעגן באַקומען רעגלמעסיק יעדן חודש לויט דער אָנגעוויזענער נאָרמע. דער אינספּעקטאָראַט פלעגט מודיע[1] זיין דעם צ. ב. ק., וועלכער פלעגט שוין געבן צו וויסן די שולן, און די פאַרוואַלטערס פלעגן קומען אין אינספּעקטאָראַט אָפּנעמען דאָס געלט.

אין יולי 1922 (ווען אין ווילנע האָט שוין פונקציאָנירט דאָס בילדונגס-קוראַטאָריום) האָט מען פלוצים (אָנשטאָט צו פאַרגרעסערן די סובסידיע, ווייל דאָס געלט איז שטאַרק געפאַלן אין קורס) פאַרקלענערט ביז 5000 מ"ק אַ חודש פאַר יעדע 40 קינדער.

דער צ. ב. ק. האָט געשיקט דעלעגאַציעס צום מיניסטער. צום מלוכה-שעף א. אַנד. וועגן פאַרגרעסערן די סובסידיע, כל-זמן די שולן וועלן איגנאַנצן ניט אויסגעהאַלטן ווערן פון דער רעגירונג. ערשט אין פעברואַר 1923 איז אויסגעצאָלט געוואָרן פאַר דער 2-טער העלפט 1922 יאָר יעדער שול נאָך צו 15 טויזנט מ"ק פאַר אַ קאָמפּלעקט אַ חודש.

דערפאַר אָבער האָט מען פון 1-טן יאַנואַר 1923 ביז היינט קיין סובסי-דיע די יידישע שולן ניט אַרויסגעגעבן.

אין אָקטאָבער 1922 האָט דער צ. ב. ק. באַקומען אַן אָפּזאָג[2] אין סוב-סידיע פאַר דער גימנאַזיע.

אויף דער ווענדונג צום קוראַטאָריום וועגן סובסידיע פאַרן סעמינאַר האָט דער צ. ב. ק. באַקומען דעם 16-טן פעברואַר 1923 אַן אָפּזאָג פון קו-ראַטאָריום[2]

דעם 10-טן מערץ 1923 יאָר L. 3404/20—II[2]) האָט דער צ. ב. ק. באַ-קומען אַן ענטפער וועגן סובסידיעס פאַר די פאָלקסשולן, אַז דאָס קוראַטאָריום האָט אַצינד קיין קרעדיטן ניט פאַר די יידישע שולן.

ווי דער קוראַטאָר האָט דאַן געמאָלדן מוגדלעך, האָט ער זיך געווענדעט צום מיניסטער, מען זאָל באַשטימען פאַר די יידישע שולן אַ סובסידיע. אין מאַי

---

1) איינע אַזאַ מעלדונג זע אין אַפּט. „מאַטעריאַלן". 2) זע אין אַפּט. „מאַטעריאַלן".

1923 האָט דער קוראַטאָר געמאָלדן דער דעלעגאַציע פון צ. ב. ק., אַז דער ענין וועגן סובסידירן די יידישע שולן געפינט זיך אויף אַ גוטן וועג, אַז יעדן טאָג ריכט ער זיך אויף אַ ידיעה וועגן ספּעציעלע קרעדיטן. אין האַרבסט 1923 האָט ער געמאָלדן, אַז די זאַך איז פאַרלעגן געוואָרן אין פינאַנץ-מיניסטעריום. נאָר עד-היום באַקומען ניט אונזערע שולן קיין סובסידיע פון דער רעגירונג.

ווי עס איז צו זען פונם פריער געזאָגטן, איז די רעגירונגס-סובסידיע, ווען זי איז אַפילו אַרויסגעגעבן געוואָרן, געווען אַ נישטיק-קליינע. קיין פינאַנציעלע באַדייטונג האָט זי כמעט ניט געהאַט. נאָר דאָס איז געווען פאַר אונז וויכטיק פּרינציפּיעל. די נישטיקע סובסידיע איז דאָך געווען אַ רמז אויף אָנערקענונג. דורכן אָפּשאַפן די סובסידיעס פאַר די שולן אין ווילנער קאַנט האָט מען אויסגעגליכן אונזערע שולן מיט די יידישע שולן פון גאַנץ פּוילן, וועלכע האָבן פון דער רעגירונג קיינמאָל ניט באַקומען קיין גראָשן, און דורך דעם נאָך בולטער אונטערגעשטראָכן די רעכטלאָזיקייט פון יידישן שול-וועזן.

ז) מעמאָראַנדומס און דעלעגאַציעס.

אינטערווענירן אין קוראַטאָריום און אינספּעקטאָראַט איז אויסגעקומען דעם צ. ב. ק. זייער אָפט. ניט איין מאָל זיינען אויך געמאַכט געוואָרן שריפטלעכע ווענדונגען. עס פלעגן אינטערווענירן מיטגלידער פון צ. ב. ק. א סך מאָל האָט אינטערווענירט באַזונדערס דער דעפּוטאַט נח פּרילוצקי, אויך ד״ר יצחק שיפּער א. א.

אויך אַ דעלעגאַציע פון צ. ב. פון די פּראָפ. פאַראיינען האָט באַזוכט דעם געהילף-פאָרזיצער פון דער ציטוו. רעגירונגס-קאָמיסיע גענ. מאַקרזשעצקי דעם 18 מערץ 1922 יאָר וועגן די יידישע שולן.

מיר ברענגען דאָ אַ רשימה פון די מער וויכטיקע מעמאָראַנדומס און פון די באַזוכונגען, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרעסערע באַדייטונג.

יוני 1921 — אַלגעמיינער מעמאָראַנדום צום בילדונגס-דעפּאַרטאַמענט (וועגן אונזער שול-וועזן).

12 אַווגוסט „ — מעמאָראַנדום צום בילדונגס-דעפּאַרטאַמענט וועגן פאַרגרעסערן די סובסידיעס און סובסידירן די ק״ג, אָוו״ש, גימנאַזיעס.

29 „ „ — דעלעגאַציע צום דירעקטאָר פון בילדונגס-דעפּאַרטאַמענט וועגן סובסידיעס און לערנפּלאַן.

4 סעפּטעמבער „ — מעמאָראַנדום צום בילדונגס-דעפּאַרטאַמענט וועגן דעם ניי-געעפנטן לערער-סעמינאַר.

16 „ „ — זייער אַ גענויער מעמאָראַנדום צום בילדונגס-דעפּאַרטאַמענט מיט אַ דעטאַלער כאַראַקטעריסטיק פון אונזערע אַנשטאַלטן.

30 „ „ — מעמאָראַנדום צו דער פּוילישער דעלעגאַטור ביי דער מיטל-ליטווישער רעגירנדער קאָמיסיע וועגן סובסידיע פאַר אונזער שול.

6 אָקטאָבער 1921 — מעמאָראַנדום צום בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט מיט דער־קלערונגען צו די צוגעשטעלטע ביודזשעטן.

10 „ „ — דעלעגאַציע צום דעלעגאַט פון דער פּוילישער רע־פּובליק טופּאַלסקי.

2 נאָוועמבער „ — מעמאָראַנדום צום בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט (אַרויסגע־רופן צוליב דער אינפאָרמאַציע, וואָס דער בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט האָט געגעבן דער פּוילישער דעלע־גאַטור, אַז אונזערע שולן זייַנען קאָנפעסיאָנעלע).

28 „ „ — אַ מעמאָראַנדום וועגן די שולן צום געג. זשעליגאָווסקי.

29 „ „ — מעמאָראַנדום צום בילד.־דעפּאַרטאַמענט וועגן די אָפּטע אָנפאַלן פון די פּוילישע שול־קינדער אויף די יידישע.

9 דעצעמבער 1921 — מעמאָראַנדום מיט ביודזשעטן צו דער צייטווייליקער רעגירונגס־קאָמיסיע פון מיטל־ליטע.

10 „ „ — דעלעגאַציע צום פאָרזיצער פון דער צייטווייליקער רעגירנדיקער קאָמיסיע, ה׳ מיישטאָוויטש.

12 „ „ — צווייטער מעמאָראַנדום צו דער צייטווייליקער רע־גירנדיקער קאָמיסיע פון מיטל־ליטע.

21 „ „ — מעמאָראַנדום פון די עלטערן צו דער צייטווייליקער רעגירנדיקער קאָמיסיע פון מיטל־ליטע.

22 „ „ — דעלעגאַציע פון צענטראַלן עלטערן־קאָמיטעט צום פאָר־זיצער פון דער צייטוו. רעג. קאָמ. מיישטאָוויטש.

23 „ „ — דעלעגעציע פון צענטראַלן ־ עלטערן ־ קאָמיטעט צום דירעקטאָר פון בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט.

9 יאַנואַר 1922 — מעמאָראַנדום צום בילדונגס ־ דעפּאַרטאַמענט וועגן רעאַל־גימנאַזיע.

11 „ „ — צווייטע דעלעגאַציע פון צ. ב. ק. ביים פאָרזיצער פון דער צייטווייליקער רעגירנדיקער קאָמיסיע.

20 „ „ — מעמאָראַנדום צום בילד.־דעפּאַרט. אין צוזאַמענהאַנג מיט די פאַרמאַכטע אַנשטאַלטן.

27 „ „ — דעלעגאַציע פון צ. ב. ק. צום בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט.

8 פעברואַר „ — מעמאָראַנדום צו דער צייטוו. רעגיר. קאָמיסיע מיט די רעזאָלוציעס, וואָס זייַנען אָנגענומען געוואָרן אויפן מיטינג דעם 28 יאַנואַר 1922.

12 „ „ — מעמאָראַנדום צו דער פּ. פּ. ס.־פראַקציע אין ווילנער סיים וועגן דער לאַגע פון די ווילנער שולן.

1 מערץ „ — מעמאָראַנדום צום בילדונגס ־ דעפּאַרטאַמענט וועגן סובסידירן די ק־ג, אָוו.־ש, גימנאַזיע.

21 „ „ — דעלעגאַציע ביים פאַרוואַלטער מיט דער אָפּט. פון די שולן פאַר די נאַצ. מינדערהייטן אין בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט ה׳ פעדאָראָוויטש.

| | | | |
|---|---|---|---|
| 28 | מערץ | 1922 | — צווייטע דעלעגאַציע ביים פּאַרוו. מיט דער אָפּטיילונג פון די שולן פאַר די נאַצ. מינדערהייטן אין בילד.־דעפּאַרטאַמענט ה׳ פּעאָדראָוויטש. |
| 3 | אַפּריל | „ | — צווייטער מעמאָראַנדום צו דער פּ. פּ. ס. ־ פראַקציע אין ווילנער סיים. |
| 23 | „ | „ | — דעלעגאַציע צום דירעקטאָר פון בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט אין צוזאַמענהאַנג מיטן אָפּזאָג ארויסצוגעבן אַ סובסידיע דעם יידישן לערער־סעמינאַר. |
| 23 | מ אַ י | „ | — מעמאָראַנדום צו די דעפּוטאַטן פון ווילנער סיים, וועלכע זיינען אריין אין וואַרשעווער סיים. |
| 28 | „ | „ | — מעמאָראַנדום צום דעפּוטאַט ל. כאַמינסקי (פון „וויזוואָלעניע״). |
| 22 | יוני | „ | — ערשטע דעלעגאַציע צום בילדונגס־קוראַטאָר (ער מעלדעט, אז עס וועלן געעפנט ווערן פוילישע שולן). |
| 6 | יולי | „ | — אַ גענויער מעמאָראַנדום צום שול־קוראַטאָר וועגן דער רעכטלעכער לאַגע פון די שולן. |
| 27 | „ | „ | — צווייטע דעלעגאַציע ביים שול־קוראַטאָר. |
| 25 | אַווגוסט | „ | — דעלעגאַציע אין וואַרשע צום בילדונגס ־ מיניסטער קומאַנעצקי. |
| „ | „ | „ | — גענויער מעמאָראַנדום צום מיניסטער וועגן די ייד. שולן. |
| 5 | סעפּטעמבער | „ | — דעלעגאַציע צום בילדונגס־קוראַטאָר וועגן די גימנאַזיעס. |
| 5 | נאָוועמבער | „ | — דעלעגאַציע צום מלוכה־שעף י. פּילסודסקי (ווען ער איז געווען אין ווילנע). |
| „ | „ | „ | — מעמאָראַנדום צום מלוכה־שעף י. פּילסודסקי. |
| 16 | „ | „ | — דעלעגאַציע צום בילד.־מיניסטער קומאַנעצקי (ווען ער איז געווען אין ווילנע). |
| 20 | „ | „ | — מעמאָראַנדום צום בילדונגס־קוראַטאָר וועגן פוילישער געשיכטע און פוילישער געאָגר. אין די מיטלשולן. |
| 9 | יאַנואַר | 1923 | — מעמאָראַנדום און סטאַטוט וועגן לערער ־ סעמינאַר צום מיניסטער (דורכן קוראַטאָר). |
| 11 | „ | „ | — מעמאָראַנדום צום מיניסטער וועגן גימנאַזיע. |
| „ | „ | „ | — דעלעגאַציע צום בילדונגס־קוראַטאָר. |
| 19 | „ | „ | — דעלעגאַציע אין וואַרשע צום בילדונגס ־ מיניסטער מיקולאָווסקי־פּאָמאָרסקי וועגן גימנאַזיע. |
| 18 | אַפּריל | „ | — מעמאָראַנדום צום בילדונגס־מיניסטער. |
| 8 | מ אַ י | „ | — מעמאָראַנדום צום קוראַטאָר וועגן קוואַליפיקאַציעס פון אונזערע לערער. |
| 15 | מ אַ י | „ | — דעלעגאַציע צום קוראַטאָר וועגן קוואַליפיקאַציעס פון אונזערע לערער. |

23 מאַי 1923 — מעמאָראַנדום מיט אַ פּראָגראַם פון אַן 8-קל. פ"ש צום קוראַטאָר.

15 יוני „ — דעלעגאַציע צום בילדונגס-קוראַטאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אויסשטעלונג.

9 יולי „ — מעמאָראַנדום מיט אַ פּראָגראַם פון אַ 6-קל. פ"ש צום קוראַטאָר.

10 אָקטאָבער „ — מעמאָראַנדום צום קוראַטאָר וועגן קוואַליפיקאַציע קורסן פאַר די לערער.

10 דעצעמבער „ — דעלעגאַציע צום קוראַטאָר וועגן די תּנאָים פון דער קאָנצעסיע פאַר די פאָלקס-שולן.

13 „ „ — מעמאָראַנדום צום קוראַטאָר וועגן די תּנאָים פון דער קאָנצעסיע פאַר די פאָלקס-שולן.

10 פעברואַר 1924 — מעמאָראַנדום צום מיניסטער וועגן די תּנאָים פון דער קאָנצעסיע פאַר די פאָלקס-שולן.

8 אַפּריל „ — מעמאָראַנדום צום מיניסטער וועגן קאָנצעסיע פאַרן סעמינאַר.

אויף וויפיל אין די מעמאָראַנדומס און ביי די באַזוכונגען עס פלעגט אויסקומען צו באַרירן אונזערע פּרינציפּיעלע שטעלונג צום רעכטלעכן מצב פאַר אונזערע שולן, פלעגן מיר זי פאָרמולירן אין 4 פּאָסטולאַטן:

1) די מלוכה זאָל די שולן אין דער יידישער שפּראַך אָנערקענען פאַר די מלוכה-שולן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

2) די מלוכה זאָל די שוין עקסיסטירנדיקע שולן מיט יידישער אונטעריכטס-שפּראַך אריינגעמען אין דער מלוכה-נעץ.

3) די מלוכה זאָל אויסהאַלטן די יידיש-וועלטלעכע שולן אויף דעם זעלבן אופן, ווי די פּוילישע שולן.

4) די מלוכה זאָל אָנערקענען דעם צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט פאַר דער רעפּרעזענטאַנץ פון די יידיש-וועלטלעכע שולן אין אונזער קאַנט.

ח) די שטאָט-פאַרוואַלטונג און די יידישע שולן.

שוין סוף יאָר 1920 האָט דער צ. ב. ק. באַהאַנדלט די פראַגע וועגן אויפהויבן אַ קאַמפּאַניע, אַז די שטאָט-פאַרוואַלטונג זאָל סובסידירן די שולן. פּראַקטיש צו דער קאַמפּאַניע איז ער צוגעטראָטן סוכּות-צייט פון יאָר 1921. דער ענין איז געווען אַ גאַנץ קאָמפּליצירטער. די פּוילישע שולן האָבן דאַן אויף אַלע הוצאות (פּערסאָנאַל, ווירטשאַפטלעכע, רעמאָנט, מכשירים א. אַ. וו) באַקומען געלט פון בילדונגס-דעפּאַרטאַמענט. די פּוילישע גרופּירונגען האָבן קיינע פאָדערונגען צום שטאָטראַט וועגן סובסידיע פאַר זייערע שולן ניט געשטעלט. בכלל האָט דער שטאָטראַט אין יענער צייט ניט געהאַט אַפילו קיין שול-קאָמיסיע. די ענדעקישע מערהייט פון שטאָטראַט האָט ניט געהאַט קיין אינטערעס צו בילדונגס-פראַגן, דעריבער איז די יידישע שולן זייער שווער געווען צו קומען צום מאַגיסטראַט מיט אַ ווענדונג וועגן סובסידיע. נאָר דער

צ. ב. ק. האָט געפונען, אַז דער שטאָטראַט, וועלכער באַקומט גרויסע הכנסות פון שטאָט, באַזונדערס פון די יידן, מוז קומען צו הילף די יידישע שולן אין דער צייט, ווען די רעגירונג וויל זיי ניט אויסהאַלטן.

דער צ. ב. ק. רופט צונויף סוכּות 1921 אַ באַראַטונג מיט די יידישע ראַטמענער-דעמאָקראַטן פון ווילנער שטאָטראַט. עס ווערט באַשלאָסן די פראַגע אויפצוהויבן אין שטאָטראַט; כּדי די ראַטמענער זאָלן זיין תּמיד אינפאָרמירט וועגן דער שול-פראַגע, ווערט באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ ביוראָ.

די דעמאָקראַטן-ראַטמענער הייבן-אויף אין שיזאַט-ראַט די פראַגע וועגן סובסידירן די יידישע שולן. זיי ווייזן אָן מיט ציפער, אין וואָס פאַר אַ שרעקלעכן מאַטעריעלן מצב עס געפינען זיך אונזערע שולן. די ענדעקעס שעמען זיך דאָך גלייך אָפּצוזאָגן. מען לייגט אָפּ די פראַגע פון איין זיצונג אויף דער אַנדערער. די יידישע ראַטמענער, זעענדיק, אַז עס פאַרציט זיך, טראָגן אַריין אַ פאָרשלאָג אויסצוקלייבן אַ שול-קאָמיסיע, וועלכע וועט דאַרפן באַהאַנדלען די פראַגע וועגן שול-צוואַנג אין ווילנע און אויך די ווענדונג פון צ. ב. ק. דער באַשלוס צו בילדן אַזאַ שול-קאָמיסיע איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער זיצונג פון שטאָט-ראַט דעם 7-טן דעצעמבער 1921. פון יידן זיינען אַריין אין דער קאָמיסיע צוויי יידישע ראַטמענער (דעמאָקראַטן): ד"ר צ. שאַבאַד, ברוך לובאָצקי.

זעענדיק, אַז די פראַגע וועגן דער סובסידיע פאַרציט זיך, גייט דעם 10-טן דעצעמבער אַ דעלעגאַציע פון די עלטערן צום שטאָט-פּרעזידענט באַנקאָווסקי וועגן דעם ענין. דער שטאָט-פּרעזידענט האָט אָנגעוויזן, אַז די שטאָט-פאַרוואַלטונג האָט קיין געלט ניט, דער מאַגיסטראַט וועט אָבער זען פועלן, אַז מען זאָל באַקומען אַן איינמאָליקע סובסידיע פון דער צייטווייליקער רעגירנדיקער קאָמיסיע.

די שול-קאָמיסיע באַשליסט אויף איינער פון אירע ערשטע זיצונגען צושטעלן אין שטאָטראַט צו באַטראַכטן דעם מעמאָראַנדום פון די עלטערן פון די צ. ב. ק. שולן וועגן סובסידיע פון שטאָט און וועגן מיטהעלפן ביים באַקומען סובסידיע פאַר די יידישע שולן פון דער צייטווייליקער רעגירנדיקער קאָמיסיע.

דער שטאָטראַט האָט דעם 22-טן דעצעמבער 1921 באַשלאָסן, אַז דער שטאָט-פּרעזידענט זאָל זיך ווענדן צום פאָרזיצער פון דער צייטווייליקער רעגירנדיקער קאָמיסיע מיישטאָוויטש.

די שול-קאָמיסיע אַרבעט דערווייל זייער לאַנגזאַם: מען אַרבעט אויס אַ פּראָיעקט וועגן שול-צוואַנג. די יידישע ראַטמענער טראָגן אַריין אַ פאָרשלאָג, די קאָמיסיע זאָל באַטראַכטן די דעפיציטן פון די שולן. אין מערץ 1922 שטעלן צו די בילדונגס-צענטראַלעס (צ. ב. ק., תּרבות, וועד-המאוחד) די דעפיציטן אין מאַגיסטראַט. עס באַקומט זיך אַ סומע פון 42 מיליאָן מ"ק. די קאָמיסיע לאָזט איבער בלויז די דעפיציטן פאַר די פאָלקסשולן, שניידט די לעצטע אויך אַרום, און עס באַקומט זיך אַ דעפיציט פון 18 מיליאָן. די פוילישע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע זוכן אויס אויך פאַר די פוילישע שולן אַ נויט אין 4 מיליאָן. וועגן די דאָזיקע 22 מיליאָן ווענדט זיך די שול-קאָמיסיע צו דער פינאַנץ-קאָמיסיע. יענע אָבער שטעלט צונויף אַ ביודזשעט אויף אַ האַלב-יאָר

ניט אריינטראָגנדיק קיין פעניג פאַר די שולן. נאָר היות ווי דער ביודזשעט איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן מיט אַ ריווח פון 3.170.000, האָט מען באַשלאָסן אָפּצוגעבן די סומע אין רשות פון דער שול־קאָמיסיע.

די שול־קאָמיסיע האָט באַשלאָסן 500 טויזנט מאַרק אָפּגעבן דעם פּוילישן, לערער־סעמינאַר און 2.670.000 פאַר די יידישע שולן.

דאָס איז געווען די ערשטע סובסידיע פון מאַגיסטראַט פאַר די יידישע שולן סוף מאַי 1922.

נאָך אַ שווערן קאַמף אין שטאָטראַט, האָט זיך איינגעגעבן צו דערשלאָגן זיך, אַז עס זאָל אַסיגנירט ווערן נאָך אַ סומע פון 4 מיליאָן. די דאָזיקע סומע אָבער איז אַריבער אין רשות פון דער שול־קאָמיסיע, וועלכע האָט געוואָלט אויף די געלטער אָרגאַניזירן אַ פּוילישע בילדונגס־הויז. די יידישע ראַטמענער האָבן פּראָטעסטירט, און די אַסיגנירטע 4 מיליאָן זיינען אינגאַנצן ניט אַרויסגעגעבן געוואָרן.

אין צייט האָט זיך די קאָמיסיע פאַרנומען מיטן אויסאַרבעטן אַ פּראָיעקט פונם שול־צוואַנג, האָבן די יידישע מיטגלידער געשטרעבט דורכצופירן אַ באַשלוס, אַז די יידישע שול דאַרף זיין אין דער מוטערשפּראַך. די שול־קאָמיסיע נעמט אָן אַ רעזאָלוציע, וועלכע רעדט וועגן יידישע שולן אין יידיש און העבּרעאיש. נאָר דאָס זיינען געווען בלויז אַקאַדעמישע שמועסן.

נאָר דאָ איז צוגעקומען אַן אַנדער סיבה. דער פּוילישער סיים האָט דעם 17 פעבר. 1922 יאָר אָנגענומען אַ געזעץ, לויט וועלכן די מלוכה האַלט אויס בלויז די לערער פון די שולן; די איבעריקע הוצאות (דירה, באַהייצונג, באַלייכטונג, באַדינונג א. א. וו.) דאַרפן דעקן די זעלבסטפאַרוואַלטונגען.

היות ווי מען האָט שוין געמוזט אָנהייבן צו זאָרגן וועגן די פּוילישע שולן פונם 1 סעפּטעמבער 1922, האָט דער ווילנער שטאָטראַט אין יולי, באַהאַנדלענדיק דעם ביודזשעט אויפן צווייטן האַלביאָר, באַטראַכט אויך די פראַגע וועגן די ווירטשאַפטלעכע הוצאות (Świadczenia rzeczowe) פאַר די שולן. די יידישע ראַטמענער זיינען דאָן אַרויס מיט דער פאָדערונג אַרויסצוגעבן פאַר די הוצאות אויך פון די יידישע שולן. סוף־כל־סוף איז דעם 13 יולי 1922 אָנגענומען געוואָרן דורכן שטאָטראַט פאָלגנדיקע רעזאָלוציע[1]: „אַריינטראָגן אין ביודזשעט פאַרן צווייטן האַלביאָר די ווירטשאַפטלעכע הוצאות פאַר די פּוילישע און ווייטרוסישע עפנטלעך־רעכטלעכע שולן, וואָס די שטאָט־פאַרוואַלטונג מוז דעקן, פאַר דער צייט פון 1 סעפּטעמבער ביזן 31 דעצעמבער 1922 אין אַ סומע פון 23.797.200 מאַרק און אויך 56% [2] פון דער דאָזיקער סומע פאַר

---

[1] זע אין דער אָפּטיילונג „מאַטעריאַלן".

[2] לויט דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק, מאַכט אויס די יידישע באַפעלקערונג אין גרויס־ווילנע (נאָכן פאַראייניקן צו ווילנע די אַרומיקע דערפלעך) 36% פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, אָרער 56% פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. דעריבער איז ווען דער שטאָטראַט גיט אַרויס פאַר די קריסטלעכע אינסטיטוציעס אַ געוויסע סומע, ווערט פאַר די אנטשפּרעכנדע יידישע אַנשטאַלטן אַרויסגעגעבן 56% פון דער דאָזיקער סומע.

דערזעלבער צייט פאַר עפנטלעך־רעכטלעכע פאָלקסשולן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג פון ווילנע״.

דער דאָזיקער באַשלוס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן רעגירונגס־דעלעגאַט דעם 2 אַווגוסט 1922, № 1025.

פון אַווגוסט 1922, יאָר האָט זיך ביים מאַגיסטראַט אָרגאַניזירט אַ שול־אָפּטיילונג. די יידישע ראַטמענער האָבן פאַרזען אין דעם באַשלוס פון 13 יולי דעם אויסדרוק „עפנטלעך־רעכטלעכע פאָלקסשולן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג״. דעריבער, ווען ס'איז געקומען סעפּטעמבער, און מען האָט געדאַרפט אָנהייבן צו צאָלן די קריסטלעכע שולן, האָט מען קוועסטיאָנירט דעם באַשלוס בנוגע די יידישע שולן. אַ דעלעגאַציע פון צ. ב. ק. איז געווען אָנהייב סעפּטעמבער ביים שטאָט־פּרעזידענט. דער שטאָט־פּרעזידענט האָט זיך געווענדט צום קוראַטאָר, דער לעצטער האָט „אויפגעקלערט״, אַז די יידישע פאָלקסשולן האָבן ניט קיין עפנטלעכע רעכט. מיר וואָלטן געוויס פאַרשפּילט, ווען ס'וואָלט ניט געגאַנגען אַ דעלעגאַציע פון צ. ב. ק. צום קוראַטאָר און געפאָדערט פון אים, ער זאָל צושטעלן אין שטאָטראַט אַ רשימה פון די אַנשטאַלטן, וועלכע ווערן דורך דער רעגירונג סובסידירט (דאַן האָט נאָך די רעגירונג סובסידירט). דאָס האָט דער קוראַטאָר צוגעשטעלט אין מאַגיסטראַט. לויט דער איניציאַטיווע פון צ. ב. ק., וועלכער האָט אין משך פונם גאַנצן יאָר געשטופּט די יידישע ראַטמענער צו מער אַקטיווער אַרבעט פאַר דער יידישער שול אין שטאָטראַט, ווערן ביזן 20 סעפּטעמבער צונויפגערופן 2 באַראַטונגען פון די יידישע ראַטמענער, וואו מען באַהאַנדלט די טאַקטיק פון די יידישע ראַטמענער אויף דער זיצונג פון שטאָט־ראַט דעם 21 סעפּטעמבער 1922, ווען די פראַגע דאַרף געלייזט ווערן. דער צ. ב. ק. האַלט אויך אָפּ באַראַטונגען מיט די פּ. פּ.־סישע מיטגלידער פון שטאָט־ראַט.

אויף דער דאָזיקער זיצונג ווערט די פראַגע באַהאַנדלט ברייט. די יידישע ראַטמענער ווייזן אָן, אַז הגם די רעגירונג האָט נאָך ניט געגעבן קיין עפנטלעכע רעכט די יידישע שולן, איז דאָך אָבער אַלעמען באַוואוסט, אַז קיין אַנדערע שולן, וואו עס זאָלן זיך לערנען יידישע קינדער, זיינען ניטאָ אין ווילנע. דעריבער מוזן די יידישע שולן באַקומען געלט פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. די ענדעקעס שטעלן די פראַגע: וואָס וועט זיין, אַז מען וועט איינפירן שול־צוואַנג? וועלן דאָך געוויס זיין פאַר יידישע קינדער אַנדערע שולן; ווי וועט דאַן קאָנען דער מאַגיסטראַט געבן סובסידיעס פאַר צווייערליי יידישע שולן? עס ווערט אָנגענומען אַ באַשלוס אַרויסצוגעבן די יידישע שולן 56% פון דער אַסיגנירטער סומע פאַר די קריסטלעכע שולן, אָבער בלויז ביזן איינפירן דעם שול־צוואַנג. אויף דערזעלבער זיצונג ווערט באַהאַנדלט אויך די פראַגע, וועמען אַרויסצוגעבן דאָס געלט פאַר די יידישע שולן. די פּ. פּ. ס. לייגן פאָר, אַז דער מאַגיסטראַט זאָל אַרויסגעבן די יידישע שולן אויפן זעלבן אופן, ווי די פוילישע, ד. ה. יעדער שול לויט אירע נויטן. די ציוניסטישע ראַטמענער לייגן פאָר, מען זאָל דאָס געלט אַרויסגעבן דער קהילה; די דעמאָקראַטן לייגן פאָר דעם „פּאַראייניקטן קאָמיטעט פון די שול־צענטראַלעס״. עס ווערט אָנגענומען

דער לעצטער פאָרשלאָג. און פון יענער צייט באַקומען דאָס געלט די צענטראַלעס, וועלכע פאַרטיילן דאָס געלט לויטן מאָדוס: 50 חלקים דעם צ. ב. ק. 36 חלקים—דעם וועד-המאוחד; 15—תרבות; 15—וועד-העזרה. דאָס איז לויט דער צאָל קאָמפּלעקטן, פאַר וועלכע דער אינספּעקטאָריאַט האָט דאַן געצאָלט די ווילנער שולן. דאָס געלט ווערט אַרויסגעגעבן בלויז אויף פאָלקסשולן. געוויס איז דער דאָזיקער מאָדוס ניט קיין גערעכטער פאַרן צ. ב. ק., וועלכער וואָלט געדאַרפט באַקומען אין אַ גרעסערער פּראָפּאָרציע; נאָר היות ווי דאָס פעסטשטעלן דעם אמתן מאָדוס וואָלט געדאַרפט זיין פאַרבונדן ביים היינטיקן טאָג מיט אַ סך שוועריקייטן, איז דערווייל געבליבן דער אָנגעוויזענער מאָדוס.

דער מאָדוס פון אויסטיילן אַ באַשטימטן % פאַר די יידישע שולן פון די הוצאות פאַר די פוילישע שולן איז, אין אַלגעמיין, ניט קיין גערעכטער. ערשטנס, קומט אויס, אַז ווען די פוילישע שולן מאַכן גרעסערע הוצאות, איז דאָס אַ גליק פאַר די יידישע שולן — די סומע פאַרגרעסערט זיך. די שולן זיינען דאָך לעבעדיקע אַנשטאַלטן, עס טרעפט זיך, אַז איין שול נייטיקט זיך מער, די אַנדערע שול ווייניקער. צווייטנס, די פוילישע שולן באַקומען פון מאַגיסטראַט אַלץ גרעסטנטייל אין דער נאַטור: למשל, האָלץ פון דער סעקציע פאַר אומבאַוועגלעכע גיטער ביים מאַגיסטראַט, רעמאָנטן ווערן געמאַכט דורך דער טעכנישער קאָמיסיע א. א. וו. די פוילישע שולן ווערט דאָס אַלץ פאַררעכנט פאַר אַ מינימאַלן פּרייז. למשל, ווען אין דעצעמבער 1922 האָט מען גערעכנט די פוילישע שולן צו 50 טויזנט מ"ק אַ קלאַפטער האָלץ, האָט דער צ. ב. ק. געצאָלט שוין צו 300 טויזנט מ"ק, און פון די 50 טויזנט באַקומען די יידישע שולן 56%. דריטנס, די פוילישע שולן באַקומען אַלץ דאַן, ווען זיי נייטיקן זיך אין דעם. די יידישע שולן האָבן אין משך פון 16 חדשים ביזן 1-טן יאַנואַר 1924 באַקומען די סובסידיע איין מאָל אין 2—3 חדשים, ביי דער דעוואַלאַציע פונם פוילישן געלט, פלעגן די יידישע שולן באַקומען אַ נישטיקן טייל פון דעם, וואָס זיי האָבן געדאַרפט באַקומען לויטן באַשלוס פון שטאָטראַט. זעריבער האָבן טאַקע די ענדעקעס ניט געשטימט אויף דער זיצונג דעם 21 סעפּטעמבער 1922 פאַרן פאָרשלאָג פון פּ. פּ. ס. (ד. ה. יעדער שול לויט אירע נויטן).

די יידישע ראַטמענער האָבן, לויט דער איניציאַטיווע פון צ. ב. ק., צוויי מאָל געשטעלט די פראַגע וועגן אַרויסגעבן די סובסידיע אויך די יידישע שולן אין נאַטור: (דעם 7 דעצעמבער 1922 און אויך אין יאָר 1923), אָבער דער שטאָטראַט האָט עס אָפּגעוואָרפן.

אין משך פון יאָר 1923 ווערן צונויפגערופן פון צייט צו צייט באַראַטונגען מיט די יידישע ראַטמענער וועגן די יידישע שולן.

דעם 10-טן נאָוועמבער 1923 אונטערן № 3412 *) שיקט אַריין דער שול-אינספּעקטאָר אין מאַגיסטראַט אַ בריוו, אין וועלכן ס'ווערט געזאָגט, אַז היות ווי די יידישע שולן האָבן ניט פאָרמעל קיין קאָנצעסיעס, געפינט דער

2) זע אין דער אָפּט. „מאַטעריאַלן“

אינספעקטאָריאַט, אַז מען וואָלט געדאַרפט אויפהערן אַרויסצוגעבן אַזעלכע שולן סובסידיעס.

דער מאַגיסטראַט האָט געגעבן אַ ווערדיקן ענטפער: באַשלאָסן אַרויסצו־געבן ווייטער די סובסידיעס די יידישע שולן אויפן סמך פון באַשלוס פון שטאָט־ראַט דעם 21 סעפטעמבער 1922, ביז דער באַשלוס וועט ניט אָפגעשאַפט ווערן.

דערווייל אָבער איז צוגעקומען נאָך אַ מניעה. אין אָקטאָבער 1923 יאָר איז פאַרשפרייט געוואָרן דער שול־צוואַנג אויף ווילנער קאַנט. היות ווי דער באַשלוס פון 21 סעפטעמבער 1922 איז געווען אַרויסצוגעבן סובסידיעס די יידי־שע שולן ביזן איינפירן דעם שול־צוואַנג, האָט דער מאַגיסטראַט אַוועקגעשטעלט די פראַגע, ווי זאָל זיין ווייטער מיט דער סובסידיע. די פראַגע איז אַרויפגע־שוואומען אין דעצעמבער 1923. עס גייט אַ דעלעגאַציע צום וויצע־פּרעזידענט פון שטאָט־ראַט, מען דערלאַנגט אַ מעמאָראַנדום. דער מאַגיסטראַט טראָגט אַרויף אין שטאָט־ראַט אַ פאָרשלאָג אַרויסצוגעבן די יידישע שולן ווייטער די סוב־סידיע ביזן 30 יוני 1924. דער באַשלוס ווערט אָנגענומען אויף דער זיצונג פון שטאָט־ראַט דעם 20 דעצעמבער 1923. אויסער דעם ווערט באַשלאָסן אַרויסצו־געבן די סובסידיע די יידישע שולן אָנהויב יעדן חודש דאָס רעשט פאַרן פאָ־ריקן און אַוואַנס אויפן לויפיקן. דאָס איז זייער אַ וויכטיקער באַשלוס פאַר די יידישע אַנשטאַלטן.

ווען עס שרייבן זיך די דאָזיקע שורות, האָט שוין די פינאַנץ־קאָמיסיע אויף איר זיצונג דעם 6 מאַי 1924 באַהאַנדלט דעם ביודזשעט פאַרן גאַנצן יאָר 1924 און עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן די יידישע שולן די 56% אין משך פונם גאַנצן יאָר. דער באַשלוס דאַרף נאָך אַריבערגיין אין שטאָט־ראַט.

אין דער גאַנצער אַקציע בנוגע דעם מאַגיסטראַט האָבן, אויסער די יידישע ראַטמענער, מיטגעהאָלפן די יידישע לאַווניקעס—פריער ה׳ קאַבאַטשניק, דער־נאָך ה׳ אַבראַמאָוויטש.

אין אַלגעמיין האָט דער מאַגיסטראַט אָנגעהויבן נעענטער צוצוגיין צו די יידישע שולן. דער שטאָט־פּרעזידענט, דער וויצע־פּרעזידענט, אייניקע לאַווניקעס האָבן באַזוכט אונזער שול־אויסשטעלונג, דעם ערשטן סיום פון דער רעאַל־גימנאַזיע.

ט) דער קאָנטאַקט מיט די איבעריקע צענטראַלעס.

מען קאָן דרייסט זאָגן, אַז די קאַמפּאַניע פאַר רעכט פון דער יידישער שול סיי לגבי דער מאַכט, סיי לגבי דער שטאָטפאַרוואַלטונג פירט אָן דער צ. ב. ק. נאָר ער באַמיט זיך אין די אַלע אַקציעס צו שטיין אין אַ געוויסן קאָנטאַקט מיט די איבעריקע בילדונג־צענטראַלעס (תרבות, ועד־המאוחד). ווען סידאַרף זיך פאַרשטאַרקן די אַקציע אין אַ באַשטימטן מאָמענט, ווערן צונויפ־גערופן געמיינזאַמע באַראַטונגען פון פאָרשטייער פון די צענטראַלעס, וועלכע אינפאָרמירן איינע די אַנדערע און וועלכע פאָרמולירן געוויסע פאָרשלאָגן, וואָס עס ווערן דערנאָך אַריבערגעטראָגן אויף די זיצונגען פון די באַזונדערע צענטראַלעס.

אזוי, למשל, ווערט געפירט די גאַנצע קאַמפּאַניע לגבי דעם מאַגיסטראַט אין אַזאַ מין קאָנטאַקט. אמת, די ווענדונגען, דאָס געלט אָפּנעמען ווערן דורכ־געפירט דורכן צ. ב. ק., אָבער מען גייט פּאָרט צוזאַמען.

דעם לעצטן ווינטער איז פאָרגעקומען, אין צוזאַמענהאַנג מיט די קאָנ־צעסיעס פאַר די פאָלקסשולן, אַ גאַנצע ריי געמיינזאַמע באַראַטונגען. די מע־מאָראַנדומס, וואָס עס זיינען אָנגעגעבן געוואָרן בנוגע דעם ענין צום קוראַטאָר. מיניסטער, זיינען געווען כמעט פון אייגעם און דעמזעלבן אינהאַלט; עס איז אפילו געגאַנגען איין מאָל צום קוראַטאָר אַ געמיינזאַמע דעלעגאַציע.

מען אינפאָרמירט אָפט איינע די אַנדערע וועגן פאַרשיידענע ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות צו אַלע יידישע שולן.

געוויס פאַלן זייער אָפט ניט צונויף די אינטערעסן פון די יידישע שולן מיט די אינטערעסן פון די העברעאישע און רעליגיעזע שולן. עס איז אָבער אָפטמאָל זייער וויכטיק, אַז בנוגע געוויסע פראַגן זאָל זיין אַ מער־ווייניקער איינהייטלעכע שטעלונג.

דעריבער זיינען די דאָזיקע אינפאָרמאַטיווע באַראַטונגען פון צייט צו צייט זייער וויכטיק פאַר אַלע צדדים. אין פוילן וואָלטן אַזעלכע באַראַטונגען פון די בילדונגס־צענטראַלעס געווען אוממיגלעך: למשל, די שטעלונג פון דער קאָלאָ צו דער יידישער שול איז אַזאַ, אַז עס שליסט אויס לגמרי דאָס קעגנ־זייטיקע צונויפרעדן זיך. אין ווילנע, פאַרקערט, צוליב די ריין אָרטיקע באַ־דינגונגען, האָט דאָס יאָ אַן אָרט.

איין צייט פלעגט נעמען אַן אָנטייל אין די דאָזיקע אינפאָרמאַטיווע באַ־ראַטונגען אויך דער וועד־העזרה (די עקסטרעם־רעליגיעזע שולן פון הרב חיים־עוזר גראָדזענסקי). לעצטנס אָבער האָבן זיי אויפגעהערט צו קומען.

אַזוי, למשל, אין דער פראַגע וועגן די קאָנצעסיעס פאַר די פ״ש. זיינען זיי שוין ניט צוגעשטאַנען צו די איבעריקע צענטראַלעס. זיי האָבן ניט אָנ־געגעבן קיין מעמאָראַנדום. קאָנטיק, אַז זיי ווילן די פראַגע וועגן קאָנצעסיעס לייזן אַנדערש. עס גייען קלאַנגען, אַז זיי גייען איין אויף אַ רעליגיעזן חדר מיט פויליש (אויפן נוסח פון וואַרשעווער חדרים).

## VI.

# פינאַנץ־טעטיקייט.

### א) אַלגעמיינע באַמערקונגען.

ווען דער צ. ב. ק. האָט אָנגעהויבן זיין אַרבעט אין יאָר 1919, איז פאַר אים ניט געשטאַנען די אויפגאַבע צו זאָרגן וועגן אויסהאַלטן די אַנשטאַלטן. דער צ.ב.ק. האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וועט דאַרפן פון צייט צו צייט קומען צו הילף דער אָדער יענער שול מיט מכשירים, מיט דעקן די אָדער יענע אויסער־געוויינלעכע הוצאה; ער האָט אויך געוואוסט, אַז אויף ספּעציעלע צוועקן, וואָס האָבן אַ שייכות צום גאַנצן שול־וועזן, וועט אים אויסקומען צו זוכן געלט־מיטלען. נאָר דאָס האָט אים ניט געשראָקן. דאָס איז געווען אַן ענין, וועלכער וואָלט

מיט אַ קלענערער אָדער גרעסערער אָנשטרענגונג געקאָנט געלייזט ווערן. און טאַקע, כּדי צו אָרגאַניזירן די ערשטע אויסשטעלונג אין די שול־וואָך אין דע־צעמבער 1919, אָרדנט איין דער צ. ב. ק. אַ זאַמלטאָג. די אויפגעקליבענע געלטער געניגן דאָס אַלץ צו אָרגאַניזירן אויפן בעסערן אופן. אין אָנהויב פון זיין טעטיקייט באַקומט דער צ. ב. ק. 2000 רובל, איבערגעבליבענע פון דער קינדער־לאָטעריי, וואָס איז געווען אָרגאַניזירט צום סוף פון דער דייטשער אָקופּאַציע. מיט דער דאָזיקער קליינער, אויך לויט יענער צייט, סומע הייבט אָן דער צ. ב. ק. זיין אַרבעט. ווען ס'ווערט אין צ. ב. ק. אַ געלט־מאַנגל, ווערט אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז יעדע אַנשטאַלט און אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אָנגעשלאָסן אָן צ. ב. ק., זאָל אַריינטראָגן אַ געוויסן מאָנאַטלעכן אָפּצאָל. מיט איין וואָרט, ווען דער צ. ב. ק. וואָלט געבליבן ביי זיינע פונקציעס, מיט וועלכע ער האָט אָנגעהויבן, וואָלט די פינאַנציעלע פראַגע פאַר אים ניט געוואָרן די „פאַרשאָלטענע" פראַגע, ווי זי איז פאַקטיש די לעצטע יאָרן.

אָבער פון 15־טן יאַנואַר 1921 שאַפט זיך גאָר אַן אַנדער סיטואַציע. דער צ. ב. ק. מוז שוין זאָרגן וועגן אויסהאַלטן די שולן. דער ביודזשעט פון צ. ב. ק. וואַקסט מיטאַמאָל אומגעהייער אויס. דאָס פינאַנציעלע אויסהאַלטן די שולן, דאָס, וואָס איז בכּוח צו טאָן בלויז אַ מלוכה, האָט געדאַרפט נעמען אויף זיך אַ קערפּערשאַפט, וואָס האָט, פאַרשטייט זיך, קיין רעכט ניט אַרויפצולייגן שטייערן, וואָס האָט גיט קיין באַשטימטע מקורים פון הכנסה. קיין אַנדער אויסוועג איז אָבער ניט געווען. דער צ. ב. ק. האָט געמוזט איבערנעמען אויף זיך די זאָרג פאַר די אַנשטאַלטן, ווען אַלע האָבן זיך דערפון אָפּגעזאָגט. נעמט דער צ. ב. ק. דאָס דאָן ניט אויף זיך, וואָלטן די שולן זיך שויך לאַנג געמוזט שליסן! נאָר די לאַגע פון צ. ב. ק. איז כּמעט שוין די גאַנצע צייט אַ קאַטאַסטראָפאַלע. דער צ. ב. ק. קריכט פון זיינע דעפיציטן ניט אַרויס. דער שרעקלעכער געלט־מאַנגל פאַר די לעצטע יאָרן האָט אויך גורם געווען די רעדוצירונגען פון די אַנשטאַלטן פון צ. ב. ק. די ערשטע רעדוצירונג איז פאָרגעקומען אין יאַנואַר 1922; די צווייטע — אין אַפּריל 1922; די דריטע — אין אַווגוסט 1923. קיין ביודזשעט בויען איז דער צ. ב. ק. ניט געווען ביכולת ביז גאָר ניט לאַנג. די פרייזן פלעגן אַזוי שפּרינגען, דער יקרות פלעגט מיט אַזאַ שנעלן טעמפּ וואַקסן, אַז ס'איז געווען אוממעגלעך פאָראויסצוזען אַ ביודזשעט אפילו פאַר איין חודש. לעצטנס איז געוואָרן אין דעם זין לייכטער. די געלט־פאַרהעלטענישן האָבן זיך מער־ווייניקער סטאַביליזירט. דער טייל פון ביודזשעט, וואָס רעדט וועגן הוצאות, איז שוין מער־ווייניקער אַ באַשטימטער. אָבער די הכנסות זיינען אין זייער גרעסטן טייל אומבאַשטימטע. אויב דער שכר־לימוד גיט שוין אין אַ געוויסער מאָס די פריער באַשטימטע סומע, מאַכט דאָך אָבער דער שכר־לימוד (ווי מיר וועלן זען שפּעטער) ניט אויס קיין גרויסן % פון ביודזשעט. די איבעריקע אַלע מקורים זיינען אומבאַשטימטע. וואָס עס וועט זיין מיט דער סובסידיע פון די אַמעריקאַנער חברים נאָך דעם ליקווידירן דעם פּיפּלס־רעליף,—איז אומבאַוואוסט. וויפיל עס קאָנען געבן די אָרטיקע זאַמ־לונגען, באַשטייערונגען, איז אויך ניט באַוואוסט. דאָס לעצטע איז שטאַרק אָפּ־

הענגיק פון דער עקאָנאָמישער סיטואַציע אין שטאַט. לעצטנס, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער סאַנאַציע און סטאַביליזאַציע, לעבט איבער באַזונדערס די יידישע באַפעלקערונג אַ שווערן קריזיס. עס אַנטוויקלט זיך זייער שטאַרק די אַרבעטסלאָזיקייט. ס׳מאַכן זיך צו פאַבריקן, זאַוואָדן. די מלוכה מאָנאָפּאָליזירט די טאַבאַק-אויסאַרבעטונג און דעם טאַבאַק-פאַרקויף, און הונדערטער (אויב ניט טויזנטער) בלייבן אָן אַרבעט. אין האַנדל איז אויך אַ גרויסער קריזיס. פון דעם דאָזיקן עקאָנאָמישן קריזיס וועט געוויס אויך שטאַרק ליידן אונזער באַשטענדיקער מקור פון הכנסה—דער שכר-לימוד. די מלוכה, ניט נאָר זי האַלט ניט אויס אונזערע שולן אויפן זעלבן אופן ווי די פוילישע, נאָר זי האָט אַפּילו אויפגעהערט אַרויסצוגעבן די נישטיקע סובסידיע, וואָס די שולן האָבן באַקומען אין די יאָרן 1921—1922. די סובסידיע פון מאַגיסטראַט בילדעט אויך אַ קליינעם % פון ביודזשעט. ווען עס שרייבן זיך די דאָזיקע שורות, קומט די לערער פאַר 3 חדשים געהאַלט. און דאָס איז נאָכרעם ווי עס איז דורכגעפירט געוואָרן אָקאָרשט אַ מער-ווייניקער געלונגענע געלט-אַקציע אין שטאַט.

ב) נאָרמאַליזירונג פון ביודזשעט.

דער צ. ב. ק. האָט תמיד געשטרעבט צו פירן אַן עקאָנאָמישע ווירטשאַפט. ער האָט געזען צו פאַרקירצן די הוצאות, וואו נאָר מען האָט נעקאָנט. עס איז שוין גערעדט געוואָרן וועגן דעם, אַז דער צ. ב. ק. האָט איינגעשטעלט אַ דורכשניט קינדער פאַר אַ קלאַס פון 35 (עס זיינען דאָ קלאַסן מיט ביז 60 קינדער); קלענערע קלאַסן האָט ער פאַראייניקט אין איין שול-צימער; ער האָט רעדוצירט די צאָל אַנשטאַלטן. אויך אין די עקסיסטירנדיקע אַנשטאַלטן זיינען געמאַכט געוואָרן די גרעסטע פאַרקירצונגען אין די שטאַטן. עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דער אַמט פון שול-אויפזעער. מיט 2—3 יאָר צוריק זיינען כמעט אין אַלע שולן (אויסער די שוין גאָר קליינע) געווען שול-אויפזעער. דאָס איז דאָס רוב געווען אַ יונגער לערער, וועלכער האָט געהאָלפן דער שול אין דער צייט פון די הפסקות, פאַרביטן אָפּוועזנדיקע לערער, אויסגעפירט געוויסע קאַנצעלאַרישע אַרבעט וכדומה. דער אַמט איז ביים היינטיקן טאָג אין קיין אַנשטאַלט ניטאָ (אַפילו אין די גאָר גרויסע). עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דאָס צאָלן פאַר קלאַסנדערציערײ. די דערציערישע אַרבעט ליגט אויף די לערער, וואָס גיבן אין דעם קלאַס אַ גרעסערע צאָל לעקציעס, אָבער די אַרבעט ווערט ניט באַזונדער באַצאָלט. די פאַרוואַלטערס גיבן אַ גרעסערע צאָל לעקציעס, ווי פריער. דער דירעקטאָר פון גימנאַזיע דאַרף געבן 14 שעה אַ וואָך, דער פאַרוואַלטער פון אַ שול מיט 8 קלאַסן—15 שעה; פון אַ שול מיט 6 קלאַסן—21 שעה; פון אַ שול ביז 4 קלאַסן—24 שעה; נאָך ווייניקער קלאַסן—מער שעהן. געבנדיק אזא צאָל שעהן, באַקומט געוויינלעך דער פאַרוואַלטער פון אונזערע שולן געהאַלט פאַר $6\frac{1}{2}$ טעגלעכע שעה פליוס אַ דירה, באַהייצונג, באַלייכטונג (אויב קיין דירה ביי דער שול איז ניטאָ, באַקומט דער פאַרוואַלטער פאַר $7\frac{1}{2}$ שעה). ניט ניט דער פאַרוואַלטער די אָנגעוויזענע צאָל לעקציעס אַ וואָך, ווערט ביי אים פאַרקלענערט דער געהאַלט. געשעפטטירער זיינען

פאַרבליבן בלויז ביי 4—5 גרעסערע אַנשטאַלטן. די לערערינס אין די קינדער־גערטנער באַקומען בלויז פאַר $4^1/_2$ שעה אַרבעט (הגם זיי פאַרברענגען אַ סך מער מיט די קינדער).

היות ווי דער לערער־סעמינאַר דאַרף באַדינען ניט נאָר ווילנע, נאָר גאַנץ פוילן, האָט דער צ. ב. ק. זיך דערשלאָגן, אַז פון 1־טן יאַנואַר 1923 ווערט דער סעמינאַר אויסגעהאַלטן פון דער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע אין פוילן.

די אַמעריקאַנער סובסידיע באַקומט דער צ. ב. ק. אויף זיין נאָמען. דאָס געלט אָבער, וואָס עס באַקומט דער צ. ב. ק., צוזאַמען מיטן געלט, וואָס עס באַקומט זיך פאַר דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע פון גאַנץ פוילן, ווערט פאַרטיילט דורכן צענטער צווישן אַלע יידיש־וועלטלעכע שולן פון גאַנץ פוילן לויט אַ פעסטגעשטעלטן מאָדוס (דערביי ווערט גענומען אין אַכט די צאָל קלאַסן און אויך דער פונקט. למשל, ווילנע, וואַרשע באַקומען 1 חלק פאַר אַ קלאַס, ביאַליסטאָק, לאָדז—$90^0/_0$ פון דעם, בריסק, פינסק—$70^0/_0$, קלענערע פונקטן נאָך אַ קלענערן $^0/_0$ א. א. וו.).

ביים אויסצאָלן די באַזונדערע אַנשטאַלטן האַלט זיך דער צ. ב. ק. אָן אַזאַ מאָדוס: דער שכר־לימוד, וואָס פליסט אַריין אין יעדער שול, ווערט פונאַנדערגעגעבן די לערער דירעקט דורך דער שול; ווען דער צ. ב. ק. צאָלט (ער דעקט ניט נאָר דאָס לערערשע געהאַלט, נאָר אויך די אַלע איבעריקע הוצאות, אויף וויפיל זיי זיינען באַשטעטיקט דורכן צ. ב. ק.), רעכנט ער אָפּ דעם גאַנצן ביז דעם צאָלונגס־טאָג איינגעפלאָסענעם שכר־לימוד און גיט אַרויס דאָס איבעריקע. אַזוי באַקומט זיך, אַז די שולן, וואָס האָבן פון שכר־לימוד אַ גרעסערן טייל פון ביודזשעט, ערהאַלטן רעלאַטיוו און אָפטמאָל אויך אַבסאָלוט קלענערע סומעס פון צ. ב. ק. די גימנאַזיעס, למשל, וואָס דעקן דורכן שכר־לימוד געוויינלעך 85—$90^0/_0$ פונם ביודזשעט, האָבן באַקומען געלט פון צ.ב.ק. די לעצטע פאָר יאָר בלויז זומער־צייט, ווען זיי גלייכן זיך אויס מיט די איבעריקע שולן. די לעצטע עטלעכע חדשים האָט אויך די פרוג־שול ניט באַקומען פון צ. ב. ק. קיין געלט, ווייל דער אַריינגעפלאָסענער שכר־לימוד האָט געדעקט פאַר אַ גרעסערער צייט, ווי די סומע, וואָס דער צ. ב. ק. האָט געצאָלט די איבעריקע אַנשטאַלטן.

די וויכטיקסטע פאָזיציע פון די הוצאות—דאָס איז דער געהאַלט פאַר די לערער. די ערשטע יאָרן פלעגט דעם טאַריף פעסטשטעלן דער לערער־פאַראיין. די לעצטע $2-1^1/_2$ יאָר ווערט דער טאַריף געענדערט לויט די דאַטן פון סטאַטיסטישן אַמט. דער טאַריף ביי די לערער ווערט איינגעשטעלט פאַר 6 שעה אין וואָך (לעצטנס איז דער טאַריף 71,060,000). אויב דער לערער גיט, למשל, אין משך פון וואָך 24 שעה, ווערט אים געצאָלט $4 \times 71{,}060{,}000$, ד. ה. 284,240,000 מ"ק. עס איז איינגעשטעלט אין די שולן פון צ. ב. ק., אַז אַ לערער באַקומט פאַר יעדע 5 יאָר אַרבעט — אַ צושלאַג $7^1/_2$ פראָצ. (פאַר 5 יאָר— $7^1/_2$; פאַר 10 יאָר — 15 פראָצ.; פאַר 15 יאָר — $22^1/_2$; פאַר 20 און מער — 30 פראָצ.). פאַר העכערע בילדונג, אויב מען אַרבעט אין שול אויף דערזעלבער

ספעציאַליטעט, באַקומט מען אַ צושלאַג — $7^{1}/_{2}$ פּראָצ. פאַר איין קינד באַקומט מען אַ צושלאַג $7^{1}/_{2}$ פּראָצ., פאַר 2 און מער — 15 פּראָצ. דער צושלאַג, וואָס אַ לערער באַקומט צום גרונד-געהאַלט, קאָן אין סך-הכל ניט זיין גרעסער פאַר 30 פּראָצ.

דער גרונד-געהאַלט האָט זיך, פאַרשטייט זיך, געביטן. דעם לעצטן לערנ-יאָר האָט ער זיך פאַרגרעסערט ניט בלויז אין פּוילישע מאַרקן, נאָר אויך איבערגערעכנט אין דאָלאַרן. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אויך אין דעם דאָלאַר איז דאָס לעבן טייערער געוואָרן.

מיר גיבן דאָ אַ רשימה, ווי עס האָט זיך געביטן דאָס געהאַלט פון די לערער אין משך פון די פאַרלאָפענע יאָרן:

| יאָר | חדש | גרונד-טאַריף פאַר 6 וועכענטלעכע שעה. |
|---|---|---|
| 1921 | יאַנואַר . . . | 1,824 |
| ״ | יוני . . . . | 4,500 |
| ״ | יולי . . . . | 5,000 |
| ״ | אַווגוסט . . . | 8,000 |
| ״ | סעפּטעמבער . | 10,000 |
| 1922 | מערץ . . . | 12,500 |
| ״ | מאַי . . . . | 15,625 |
| ״ | יולי . . . . | 21,000 |
| ״ | אַווגוסט . . . | 30,000 |
| ״ | נאָוועמבער . . | 45,000 |
| ״ | דעצעמבער . . | 67,500 |
| 1923 | יאַנואַר . . . | 117,450 |
| ״ | פעברואַר . . | 180,000 |
| ״ | מערץ . . . | 252,000 |
| ״ | מאַי . . . . | 313,200 |
| ״ | יוני . . . . | 463,536 |
| ״ | יולי . . . . | 728,000 |

| יאָר | חדש | מאָנאַטלעכער גרונד־טאַריף פאַר 6 וועכענטלעכע שעה. אין פוילישע מ״ק | אין דאָלאַרן |
|---|---|---|---|
| 1923 | 1—15 אָווגוסט | 960,000 | 4,00 |
| ״ | 15—31 ״ | 1,252,000 | 5,00 |
| ״ | 1—15 סעפּטעמבער | 1,566,000 | 4,85 |
| ״ | 15—30 ״ | 1,790,000 | 3,98 |
| ״ | 1—15 אָקטאָבער | 3,258,000 | 3,62 |
| ״ | 15—31 ״ | 5,478,000 | 3,49 |
| ״ | 1—15 נאָוועמבער | 6,852,000 | 4,18 |
| ״ | 15—30 ״ | 12,300,000 | 3,52 |
| ״ | 1—15 דעצעמבער | 19,476,000 | 4,36 |
| ״ | 15—31 ״ | 29,900,000 | 4,70 |
| 1924 | 1—15 יאַנואַר | 61,260,000 | 6,14 |
| ״ | 15—31 ״ | 76,500,000 | 8,16 |
| ״ | 1—15 פעברואַר | 74,200,000 | 8,00 |
| ״ | 15—29 ״ | 71,060,000 | 7,70 |
| ״ | מערץ | 71,060,000 | 7,70 |
| ״ | אַפּריל | 71,060,000 | 7,70 |

פון אַווגוסט 1923 יאָר האָט דער סטאַטיסטישער אַמט אָנגעהויבן צו געבן די הוספות יעדע 2 וואָכן. דעריבער האָט זיך דער טאַריף געביטן יעדע 2 וואָכן. אין דער טאַבעלע ווערט, לויט דער אַלע 2 וואָכן פעסטגעשטעלטער יקרות־הוספה, אָנגעגעבן דאָס מאָנאַטלעכע געהאַלט פאַר 6 וועכנטלעכע שעה. ווי עס איז צו זען פון דער טאַבעלע, האָט זיך דאָס געהאַלט אין דאָלאַרן פאַרגרע־סערט פון 1 אַווגוסט 1923 ביזן 1 אַפּריל 1924 אויף 92%, כמעט אַלזאָ פאַרטאָפּלט.

עס שטייט אויפן סדר־היום די פראַגע וועגן רעדוצירן דאָס געהאַלט. נאָר עס איז שווער וועגן דעם צו ריידן, אויף וויפיל דער צ. ב. ק. האָט ניט קיין מעגלעכקייט צו גאַראַנטירן דאָס רעדוצירטע געהאַלט.

אויך די איבעריקע הוצאות האָבן זיך פאַרגרעסערט אפילו לויט דער דאָלאַרן־וואַלוטע. באַזונדערס שטאַרק האָט זיך פאַרגרעסערט די הוצאה אויף דירה־געלט.

אויך באַהייצונג פאַרנעמט אַ גרויסן אָרט אין אונזער ביודזשעט. עס גייט דורכשניטלעך אַוועק 100 קוביק קלאַפטער האָלץ אַ יאָר.

די הוצאות אויפן צענטער בילדן אַ קליינעם פּראָצ. פון ביודזשעט.

כּדי צו האָבן אַ פאָרשטעלונג וועגן דער ענדערונג פון ביודזשעט, ברענגען מיר דאָ אַ ביודזשעט פון חודש אָקטאָבער 1923 און אַפּריל 1924.

אין די דאָזיקע ביודזשעטן גייט ניט אַריין דער ביודזשעט פון די גימנאַזיעס און לערער-סעמינאַר (די ערשטע דערפאַר, ווייל זיי דעקן 90—85 פּראָצ. פון ביודזשעט און אין די ווינטערדיקע חדשים באַקומען זיי געוויינלעך גאָרנישט ניט פון צ. ב. ק.; דער לערער-סעמינאַר ווערט אויסגעהאַלטן אין גרעסטן טייל דורך דער צ. י. ש. א.).

ב י ו ד ז ש ע ט אָ ק ט אָ ב ע ר 1923:

א נ ש ט אַ ל ט ן

| | | |
|---|---|---|
| שכירות לערער | 1.456.555.000 | |
| " אַדמיניסטראַציע | 182.455.000 | |
| קראַנקן-קאַסע | 74,250,000 | |
| ווירטש. הוצאות | 12,000,000 | |
| דירה-געלט | 50,000,000 | |
| באַהייצונג | 30,000,000 | |
| באַלייכטונג | 8,000,000 | |
| רעמאָנט | 12,040,000 | |
| אינווענטאַר | 8,000,000 | 1,833,300,000 |

צ ע נ ט ע ר.

| | | |
|---|---|---|
| פּערסאָנאַל | 85.280,000 | |
| קראַנקן-קאַסע | 3.900.000 | |
| ביוראָ-הוצאות | 35.510.000 | |
| קינדער-אוידיט., עלטערן-אוידיטאָריע און פאַרשיידענע | 3.010.000 | 127,700,000 |
| | | 1,961,000,000 |

אויב רעכענען דעם דורכשניט פון דאָלאַר פאַר דער צייט 1,000,000, וועט אויסקומען אַ ביודזשעט פון לפי-ערך 1961 דאָלאַר.

שכר-לימוד אין אָקטאָבער 290.000.000 מיליאָן, לפי-ערך 290 דאָלאַר. ד. ה. 15,8 פּראָצ. פון די אויסגאַבן בלויז אויף די אַנשטאַלטן, אָדער 14,3 פּראָצ. פונם גאַנצן ביודזשעט.

אויב אפילו אַריינרעכענען אין די צענטראַלע הוצאות די קינדער-אוידי-טאָריע, עלטערן-אוידיטאָריע א. א. וו., וועלן זיי אויסמאַכן 6,5 פּראָצ. פונם ביודזשעט. דערביי דאַרף מען געדענקען, אַז דער צענטער באַדינט אויך די גימנאַזיעס, סעמינאַר; אויב אַריינרעכענען אויף זייערע ביודזשעטן, וועט דער פּראָצ. פון די צענטראַלע הוצאות זיין גאָר אַ נישטיקער.

## ביודזשעט אפריל 1924:

### אנשטאַלטן:

| | | |
|---|---|---|
| שכירות לערער | 22,466,000,000 | |
| אדמיניסטראַציע | 2,778,000,000 | |
| קראַנקן-קאַסע | 1,134,000 000 | |
| ווירטשאַפטלעכע הוצאות | 600,000,000 | |
| דירה-געלט | 1,500,000,000 | |
| באַהייצונג | 1,300,000,000 | |
| באַלייכטונג | 400,000,000 | |
| רעמאָנט | 502,000,000 | |
| אינווענטאַר | 400,000,000 | 31,080,000,000 |

### צענטער:

| | | |
|---|---|---|
| פערסאָנאַל | 1,164,000,000 | |
| קראַנקן-קאַסע | 52 380,000 | |
| ביוראָ-הוצאות | 600,020,000 | |
| קינדער-אוידיטאָריע, עלטערן-אוידיטאָ-ריע און פאַרשיידענע | 200 000,000 | 2,016,400,000 |
| | | 33,096,400,000 |

אויב רעכענען דעם דאָלאַר צו 9,300,000, באַקומט זיך לפי-ערך 3560 דאָלאַר.

שכר-לימוד 9,619,000,000, אַרום 1035 דאָלאַר, ד. ה. לפי-ערך 30,9 פראָצ. פון די היצאות בלויז אויף די אַנשטאַלטן; פונם גאַנצן ביודזשעט 29,0 פראָצ. די צענטראַלע הוצאות מאַכן אויס 6,1 פראָצ.

אויף היצאות פון לפי-ערך 3560 דאָלאַר—זייגען פאַראַן הכנסות:

| | |
|---|---|
| שכר-לימוד [1] | 1035 ד. |
| פון פיפלס-רעליף [2] | 750 " |
| מאַגיסטראַט (דורכשניטלעך) | 125 " |
| אָרטיקע הכנסות (דורכשניטלעך) | 130 " |
| | 2085, אָדער 57,3% פון ביודזשעט. |

יעדן חודש באַטרעפט דער דעפיציט 42,7% פון ביודזשעט ד.ה. אַז יעדן חידש פעלט געהאַלט כמעט פאַר 2 וואָכן. די סובסידיע פון פיפלס-רעליף פאַרלירט וואָס ווייטער אַלץ מער איר באַדייטונג. די אַמעריקאַנער חברים שיקן צו אַלץ ווייניקער דאָלאַרן; אויסערדעם איז ביי אונז אַלץ טייערער געוואָרן אויך אין דאָלאַרן, און דער דאָלאַר האָט פאַרלאָרן זיין פריערדיקן ווערט.

1) מען דאַרף געדענקען, אַז פאַר די זומערדיקע חדשים ווערט ניט דער גאַנצער שכר-לימוד אויפגעמאָנט; 2) אויב די דאָזיקע פּאָזיציע זאָל נאָך בלייבן אויף ווייטער.

דער צענטער פונם דעקן דעם בּיודזשעט מוז לעצטנס אַריבערגעטראָגן ווערן אויף די אָרטיקע הכנסות.

ג) שכר-לימוד.

אין די ערשטע 5 יאָר עקסיסטענץ פון אונזערע שולן איז כּמעט אין קיין שול ניט געווען קיין שכר-לימוד. אין די שווערע יאָרן פון דער אָקופּאַציע, ווען אומעטום האָט געהערשט הונגער און נויט, איז ניט געווען מעגלעך צו מאָנען אַן אָפּצאָל פאַרן לערנען. אויב אייניקע אַנשטאַלטן האָבן אין יענער צייט גענומען אַ קליינעם אָפּצאָל, איז דאָס געגאַנגען אויף אײַנצוקויפן ביכער, שרייב-מאַטעריאַל פאַר די שילער.

אַקטועל האָט זיך אַוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן אײַנפירן שכר-לימוד אין האַרבסט 1920. די קהילה האָט דאַן געמאָלדן, אַז זי נעמט אַראָפּ די אחריות פאַר אויסהאַלטן די שולן. מען האָט געמוזט אָנהייבן צו טראַכטן וועגן אַ שטענדיקן מקור פון הכנסה. אַזאַ מקור האָט געקענט זיין שכר-לימוד. שווער איז געווען דאָס דורכצוזעצן אין לעבן. עס האָבן ניט געוואָלט צאָלן קיין שכר-לימוד אפילו אַזוינע, וואָס האָבן געהאַט די מעגלעכקייט. מען האָט געמוזט זייער פאָר-זיכטיק דורכפירן די אַקציע. דער צענטראַלער עלטערן-קאָמיטעט נעמט סוף יאָר 1920 אָן אַ באַשלוס, אַז שכר-לימוד דאַרף אײַנגעפירט ווערן אין די שולן; ער רופט אויף די באַזונדערע עלטערן-קאָמיטעטן נעמען אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו דער פראַגע. די גרויסע עלטערן-פאַרזאַמלונגען, וואָס ווערן צונויפגערופן דורכן צ. ב. ק. אין יאַנואַר 1921 יאָר, נעמען אָן רעזאָלוציעס, אַז שכר-לימוד מוז אײַנגעפירט ווערן. פון אָנהויב 1921 ווערט אײַנגעפירט אַ שכר-לימוד אין אַלע שולן פון צ. ב. ק., אמת, זייער אַ קליינער. בהדרגה ווערט דער שכר-לימוד גרעסער.

ניט אין אַלע שולן איז דער שכר-לימוד איינער און דערזעלבער. צווישן אונזערע אַנשטאַלטן זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן אַ פאַרמעגלעכערן עלטע-מענט, און, פאַרקערט, עס זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואו עס לערנען זיך דער-הויפּט ווייניק-באַמיטלטע און אָרימע קינדער. אויך אין יעדער שול גופא צאָלן ניט אַלע קינדער איין און דעם זעלבן שכר-לימוד.

אָפיציעל ווערן אײַנגעשטעלט אין יעדער שול 4 קאַטעגאָריעס, אָבער פאַקטיש קומט אויס די שולן צו אינדיווידואַליזירן אין דעם פּרט כּמעט יעדן שילער, און עס באַקומט זיך אַ סך אַ גרעסערע צאָל קאַטעגאָריעס. אויף וויפיל ס'איז נאָר מיגלעך, שטרעבן אונזערע אַנשטאַלטן דערצו, אַז קיין קינד זאָל צוליב שכר-לימוד ניט דאַרפן פאַרלאָזן די שול. די שול מאַכט הנחות די שילער, וועלכע קאָנען באמת ניט צאָלן דעם גאַנצן שכר-לימוד.

די העכסטע קאַטעגאָריע אין פּרוג-שול, למשל, צאָלט אין אַפּריל 1924 21 מיליאָן; אין מפיצי-השכלה—18 מיליאָן; אין קופּערשטיין—14 מיליאָן; אין דינעזאָן-שול—10 מיליאָן א. אז. וו. אין די קינדער גערטנער—6—8 מיליאָן. דער שכר-לימוד ווערט אין אַלע אונזערע אַנשטאַלטן געמאָנט פאַר יעדן חודש (אויסער די גימנאַזיעס, וואו מען מאָנט פאַר אַ האַלב יאָר, הגם אויך דאָרטן קאָן מען איינצאָלן אין עטלעכע ראַטעס). דאָס ווערט געמאַכט, כּדי עס זאָל

זיין לייכטער די עלטערן אַריינצוטראָגן דעם שכר־לימוד. אָבער די שול ליידט פון דעם: פאַר די זומערדיקע חדשים איז שווער אויפצומאָנען דעם שכר־לימוד. דעריבער ווערט היינטיקן יאָר דורכגעפירט דאָס אויפמאָנען דעם שכר־לימוד פאַר יולי אויף אַזאַ אופן: אין אַפּריל, מאַי און יוני דאַרפן די עלטערן צאָלן, אויסער דעם שכר־לימוד פאַרן לויפנדיקן חודש, נאָך אַ דריטל פאַר יולי. אַזוי אַרום ווערט פאַר יולי אויפגעמאָנט ווערן ביז וואַקאַציעס. פאַר אַווגוסט ווערט מען אויפמאָנען דעם 15־טן אַווגוסט, ווען ס׳וועט זיך אָנהייבן דאָס נייע לערניאָר.

דעם לעצטן לערניאָר, ווען די פּוילישע מאַרק פלעגט באַזונדערס זיך וואַקלען, דער יקרות, האָט געשטויגן אַלע טאָג, איז געווען אָנגענומען אַזאַ פּרינציפּ בנוגע דעם העכערן שכר־לימוד: די יקרות־הוספה פאַר אַ געוויסן חודש פלעגט צוגעגעבן ווערן צום שכר־לימוד פאַרן קינפטיקן חודש (למשל, אויב פאַר דעצעמבער איז געווען אַ יקרות־הוספה פון 143%, איז דער שכר־לימוד פאַר יאַנואַר געהעכערט געוואָרן אויף 143%).

די גרויס פון שכר־לימוד ווערט פעסטגעשטעלט אויף באַראַטונגען פון די פאַרוואַלטערס פון די באַזונדערע אַנשטאַלטן.

עס ווערט אויך פעסטגעשטעלט פאַר יעדער אַנשטאַלט דעם מינימום, וואָס די שול דאַרף אויפמאָנען שכר־לימוד יעדן חודש. די דאָזיקע סומע איז די אַנשטאַלט מחויב אויפצומאָנען; אויב זי מאָנט אפילו ניט אויף, ווערט די סומע, ביים אויסצאָלן געהאַלט, פון איר אַראָפּגערעכנט. אויב די שול מאָנט אויף מער, ווערט איר דער גאַנצער אויפגעמאָנטער שכר־לימוד אַראָפּגערעכנט.

דער שכר־לימוד מאַכט ניט אַלע מאָל אויס איין און דעם זעלבן % פון ביודזשעט (דאָס האָבן מיר שוין געזען פונם פאַריקן קאַפּיטאַל). די לעצטע עטלעכע יאָר, צוליב די גרויסע וואַקלענישן פון דער וואַלוטע, פלעגט דער % פון ביודזשעט, וואָס ווערט געדעקט דורכן שכר־לימוד, זיין אַ פאַרשיידע־נער. אָט פלעגט זיך איינגעבן צו העכערן דעם %, און פלוצים פלעגן זיך אַ הויב טאָן די פּרייזן, דעם ביודזשעט פלעגט שטאַרק אויסוואַקסן; העכערן דעם שכר־לימוד אויף אַזוי פיל פלעגט זיך ניט איינגעבן; און דער % פלעגט ווידער פאַלן. אַזוי זיינען שוין אין יאָר 1922 געווען חדשים, ווען דער שכר־לימוד האָט אויסגעמאַכט 25 — 30% פון ביודזשעט. נאָכדעם איז ער ווידער געפאַלן ביז 12—15%. ביים היינטיקן טאָג באַטרעפט דער שכר־לימוד לפי־ערך 29—30% פונם ביודזשעט. אויב עס זאָל זיך ווייטער ניט אָנהויבן קיין גרויסע שטייגערונג פון די פּרייזן, וועט זיך דעם צ. ב. ק. איינגעבן בהדרגה צו העכערן דעם % פון ביודזשעט, וואָס ווערט געדעקט דורך דעם שכר־לימוד. דאָס מוז געטאָן ווערן, ווייל ווען ניט — וועלן די שולן ניט קאָנען ווייטער עקסיסטירן. די עלטערן וועלן דאָס מוזן פאַרשטיין און דערפילן זייער חוב.

מיר גיבן דאָ איצט 2 טאַבעלעס וועגן שכר־לימוד. די ערשטע טאַבעלע ווייזט די אָבליגאַטאָרישע סומעס, וואָס די שולן זיינען געווען מחויב אויפצו־מאָנען אין משך פון דער צייט אַווגוסט 1923—אַפּריל 1924.

די צווייטע ווייזט, וואָס פאַר אַ פּראָצענט פון מאָנאַטלעכן ביודזשעט פאַר אַפּריל מאַכט די אָבליגאַטאָרישע סומע פונם שכר-לימוד אויס פאַר יעדער אַנשטאַלט:

טאבעלע № 1

| אנשטאלטן | 1923 אַווגוסט, סעפּטעמבער | אָקטאָבער | נאָוועמבער | דעצעמבער | 1924 יאַנואַר | פעווראַל | מערץ | אַפּריל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אין טויזנטער מארקן | | | | | | | |
| פ"ש מפיצי-השכלה | צ׳ 20,000 | 60,000 | 120,000 | 335,000 | 835,000 | 2,000,000 | 2,500,000 | 2,500,000 |
| „ ש. פרוג . . | „ 30,000 | 90,000 | 180,000 | 500,000 | 1,250,000 | 3,000,000 | 3,000,000 | 3,000,000 |
| „ ד.קופערשטיין | „ 16,000 | 48,000 | 96,000 | 216,000 | 540,000 | 1,296,000 | 1,296,000 | 1,500,000 |
| „ שלום-עליכם . | „ 8,000 | 24,000 | 48,000 | 108,000 | 270,000 | 648,000 | 648,000 | 648,000 |
| „ ל. גורוויטש . | „ 10,000 | 30,000 | 60,000 | 135,000 | 335,000 | 804,000 | 804,000 | 804,000 |
| „ י. דינעזאָן . | „ 3,000 | 9,000 | 18,000 | 40,500 | 100,000 | 240,000 | 240,000 | 280,000 |
| „ אַנ—סקי . . | „ 1,750 | 5,000 | 10,000 | 22,500 | 56,000 | 134,000 | 134,000 | 134,000 |
| „ אַנטאָקאָל. . | „ 3,000 | 9,000 | 18,000 | 40,500 | 100,000 | 240,000 | 240,000 | 240,000 |
| ק"ג באָראָכאָוו. . | „ 1,000 | 3,000 | 6,000 | 13,500 | 33,000 | 79,000 | 79,000 | 79,000 |
| „ גר. ביים. . | „ 1,000 | 3,000 | 6,000 | 13,500 | 33,000 | 79,000 | 79,000 | 100,000 |
| אָה.-שול פרץ . . | „ 2,500 | 7,500 | 15,000 | 33,750 | 84,000 | 200,000 | 200,000 | 200,000 |
| „ ראַטנער. | „ 1,650 | 5,000 | 10,000 | 22,500 | 56,000 | 134,000 | 134,000 | 134,000 |
| | צ׳ 97,900 | 293,500 | 587,000 | 1,480,750 | 3,692,000 | 8,854,000 | 9,354,000 | 9,619,000 |

טאַבעלע № 2

| אנשטאַלטן | ביודזשעט אַפּריל 1924 | שכר-לימוד | % וועלכן פון ביודזשעט |
|---|---|---|---|
| | אין טויזנטער מאַרק. | | |
| פ"ש פּרוג . . . | 5,200,000 | 3,000,000 | 57,6 |
| " מפיצי-השכלה. | 5,300,000 | 2,500,000 | 47,1 |
| " ד. קופּערשטיין | 5,100,000 | 1,500,000 | 29,4 |
| " ל. גורוויטש . | 3,280,000 | 804,000 | 24,5 |
| " שלום-עליכם . | 2,370,000 | 648,000 | 27,3 |
| " י. דיגעזאָן . | 1,470,000 | 280,000 | 19,0 |
| " אַנ—סקי . . | 1,150,000 | 134,000 | 11,6 |
| " אַנטאָקאָלער . | 1,440,000 | 240,000 | 16,6 |
| ק"ג באַראָכאָוו . . | 900,000 | 79,000 | 8,4 |
| " גר. ביימעלעך. | 930,000 | 100,000 | 10,7 |
| אָוו.-שול פּרץ . . | 1,200,000 | 200,000 | 16,6 |
| " ראַטנער . | 1,100,000 | 134,000 | 12,2 |
| אַרב. אינטערנאַט . | 900,000 | — | — |
| קינדער-ביבליאָטעק. | 740,000 | — | — |
| | 31,080,000 | 9,619,000 | 30,9 |

אין מאַי, צוליבן אַלגעמיינעם קריזיס, איז שוין געוואָרן ווייטער ערגער מיטן שכר-לימוד, און ער וועט שוין אַזאַ % ניט דעקן.

אויסערדעם דאַרף מען נעמען אין אַכט, וואָס פאַר די וואַקאַציע-חדשים ווערט געוויינלעך דער שכר-לימוד שווער אויפגעמאָנט.

ד) מאַגיסטראַט.

עס איז שוין באַוואוסט פונם קאַפּיטל „רעכטלעכע לאַגע", אַז דער מאַגיסטראַט גיט אַרויס די לעצטע 2 יאָר סובסידיעס די יידישע שולן.

מיר גיבן דאָ אַ רשימה פון די דאָזיקע סובסידיעס:

| | | |
|---|---|---|
| אין יאָר | 1922 | 3,359,025 — |
| 1.IX. — 1.1. | 1923 | 77,209,410 — |
| סעפּטעמבער | „ | 21 552 800 — |
| אָקטאָבער | „ | 21,552,800 — |
| נאָוועמבער | „ | 280,186,400 — |
| דעצעמבער | „ | 99,140,000 — |
| יאַנואַר | 1924 | 862 070.000 — |
| פעברואַר | „ | 3 339.421.000 — |
| מערץ | „ | 5,677,947,000 — |
| אַפּריל | „ | 3,017,270,000 — |

אין די ווינטערדיקע חדשים, ווען ס׳ווערט אויסגעגעבן מער פאַר די פּוילישע שולן (באַהייצונג, באַלייכטונג), ווערט אויך אַרויסגעגעבן די יידישע שולן אַ גרעסערע סובסידיע. אין די זומערדיקע חדשים איז די סובסידיע קלע־נער. אַלנפאַלס, די סובסידיע פון מאַגיסטראַט ווערט לעצטנס אַ וויכטיקע שטיצע פאַר אונזערע שולן.

ה) אָרטיקע מיטלען.

אייך אויף אַן אָרט, אין שטאָט, מאַכט דער צ. ב. ק. אָנשטרענגונגען צו באַקומען מיטלען. אין דעם זין האָבן אַ גרויסע באַדייטונג די זאַמלונגען אויף דער גאַס. אַזוי האָט דער צ. ב. ק. איינגעאָרדנט פאָלגנדיקע זאַמלונגען: 1) דעם 2 דעצעמבער 1919; 2) דעם 6 מאַי 1920; ד) דעם 16 און 17 סעפּטעמבער 1920; 4) דעם 24 מערץ 1921; 5) דעם 13 סעפּטעמבער 1921; 6) דעם 23 און 24 מאַי 1922; 7) דעם 1 אָקטאָבער 1923. עס ווערט איצט צוגעגרייט אַ זאַמלטאָג צו 23־טן יוני 1924.

די אַלע זאַמלטעג פלעגן זיין פאַרבונדן אויך מיט זאַמלונגען לויט ליסטעס. אַ גרויסע זאַמלונג איז פאָרגעקימען אין מערץ 1924. אין דער זאַמלונג האָבן זיך אויך איינמאָליק באַשטייערט די מיטגלידער פון די פּראָפ. פאַראייגען. די לעצטע זאַמלונג האָט אַריינגעבראַכט אַ סומע אין ווערט פון 1950 דאָלאַר.

מיט 2 יאָר צוריק איז דער צ. ב. ק. צוגעטראָטן צו זאַמלען שטענדיקע צאָ׳ער פאַר דער, יידישער שול, דורכצופירן אַ זעלבסט־באַשטייערונג. מען דאַרף זאָגן, אַז, אין אַלגעמיין, האָט זיך די אַקציע שוואַך איינגעגעבן. עס האָבן זיך תיכּף באַשטייערט 500 מענטשן. מען האָט געדאַרפט פאָרזעצן די אַרבעט, נאָר צוליב דעם כּסדרדיקן פאַלן פון דער פּוילישער וואַלוטע האָט די באַשטייערונג פאַרלאָרן איר באַדייטונג: מען האָט בשום אופן ניט געקאָנט אויס־האַלטן דעם אמתן ווערט פון דער באַשטייערונג. לעצטנס, ווען די וואַלוטע האָט זיך איינגעשטעלט, באַנייט דער צ. ב. ק. די אַקציע פון באַשטייערונג. די פּראָפ. פאַראייגען באַהאַנדלען איצט די פראַגע וועגן אַ שטענדיקן מאָנאַטלעכן אָפּצאָל פאַר דער יידישער שול. מען פאַרבינדט זיך צוריק מיט די אַלטע צאָלער, מען הייבט אָן צו זאַמלען נייע.

די פראַגע וועגן די מאַנאַטלעכע צאָלער פאַר דער יידישער שול איז זייער אַן אַקטועלע איצט. מען מוז זען שאַפן אַ שטענדיקן מקור פון הכנסה, וועלכער זאָל דעקן אַ באַשטימטן % פון אונזער ביודזשעט.

דער צ. ב. ק. האָט נאָך אויך געפּרובט צו פאַרשפּרייטן אַ מאַרקע פון צ. ב. ק.

ו) פּיפּלס־רעליף.

אויב מיר האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען אונזער שולוועזן ביז דער מדרגה, אויף וועלכער ער געפינט זיך איצט, אויב די יידישע שול האָט באַוויזן זיך צו פאַרפעסטיקן און שלאָגן טיפע וואָרצלען אין דער יידישער באַפעלקערונג, — איז דאָס אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען דער מאָראַלישער און דערהויפּט דער מאַטעריעלער שטיצע, וואָס אינזער שולוועזן האָט באַקומען פון די אַמעריקאַנער חברים. דער פּיפּלס־רעליף, די אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט די גרויסע יידישע אָרגאַניזירטע אַרבעטער־מאַסן אין אַמעריקע געגעבן אַ הייליק ציל — קומען צו הילף דער יידישער באַפעלקערונג אין די מלחמה־לענדער, האָט אין דעם זין געשפּילט אַ קאָלאָסאַל־וויכטיקע ראָלע. איצט, ווען דער פּיפּלס־רעליף איז שוין ליקווידירט, ווען עס האָט זיך פאַרענדיקט די פרוכטבאַרע אַרבעט פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, מוז געזאָגט ווערן: די מסירת־נפשדיקע אַרבעט פון די היגע לערער און שול־טוער האָט זיך געקאָנט אײַנגעבן, איז געווען ביכולת צו ברענגען די וויכטיקע פּירות בלויז אַ דאַנק דער הילף פון פּיפּלס־רעליף. קיינמאָל וועלן מיר דאָ, אויף אָן אָרט, ניט פאַרגעסן די ברידער־לעכע הילף פון דעם פּיפּלס־רעליף; אויף אַלע מאָל וועט בלייבן אין אונזער זכרון די אַרבעט פון די איבערגעגעבענע טוער אין פּיפּלס־רעליף מיט חבר ברוך ציקערמאַן בראש.

מען האָט לאַנג גערעדט וועגן דעם, אַז פּיפּלס־רעליף וועט אָפּשטעלן די הילף פאַר די יידישע שולן, נאָר עס האָט זיך ניט געוואָלט גלויבן, אַז עס וועט פאָרקומען אַזוי פּלוצים. אונז איז דאָ שווער צו אורטיילן וועגן דעם דאָזיקן באַשלוס. געוויס איז ער אַ פּועל־יוצא פון דער סיטואַציע, וועלכע האָט זיך גע־שאַפן לעצטנס אין אַמעריקע, און וועלכע איז אונז, אין אַלגעמיין, אומבאַ־קאַנט. נאָר איין זאַך מוז געזאָגט ווערן: די ידיעה האָט אונז געטראָפן, ווי אַ דונער פון לויטערן הימל. עס שאַפט זיך אַ שווערע לאַגע פאַר אונזער שול־וועזן. פאַר אונז איז קלאָר, אַז די אַמעריקאַנער חברים און פריינד וועלן מוזן מאַכן אָנשטרענגונגען נאָך אַ געוויסע צייט, כּדי צו געבן אַ מעגלעכקייט אונזערע שולן אויסצוהאַלטן ביזן מאָמענט, ווען די רעגירונג וועט זיי איבערנעמען. די ידיעות, וואָס מיר באַזיצן, באַווייזן, אַז די אַמעריקאַנער אַרבעטער פאַרשטיי־ען דאָס גוט. זיי אונטערנעמען שוין שריט, כּדי צו שאַפן אַן אַנדערע פאַראיי־ניקונג אונטערצושטיצן די יידישע שולן. צום גליק, האָט זיך איגם מאָמענט פון דער ליקווידאַציע פון פּיפּלס־רעליף געפונען אין אַמעריקע ח' מיכאַלעוויטש, וועלכער האָט צוזאַמען מיט די איבערגעגעבענע טוער פונם פּיפּלס־רעליף, אָנ־גענומען די נויטיקע שריט, אַז מיטן ליקווידירן דעם פּיפּלס־רעליף זאָל זיך ניט אָפּשטעלן די סובסידירונג פון אונזערע שולן דורך די אַמעריקאַנער חברים.

אין אונזער ביודזשעט האָט די סובסידיע פון פּיפּלס-רעליף פּאַרנומען די גאַנצע צייט דעם וויכטיקסטן אָרט. עס זיינען געווען פּעריאָדן, ווען די סובסידיע פון פּיפּלס-רעליעף האָט געבילדעט 50—60 פּראָצ. פון ביודזשעט. וואָלט זיך דער פּיפּלס-רעליף ליקווידירט מיט 2 יאָר פריער, וואָלט דאָס געוויס באַטייט אַ תיכּפדיקע קאַטאַסטראָפע פאַר אונזערע שולן; ווען דער רעליף וואָלט עקסיסטירט נאָך 2—3 יאָר, וואָלט דאָס געווען די פעסטסטע פאַרזיכערונג פאַרן יידיש-וועלטלעכן שול-וועזן.

פּיפּלס-רעליף איז ליקווידירט! די אָרגאַניזירטע יידישע דעמאָקראַטיע און אַרבעטערשאַפט אויף דער גאָרער וועלט אָנערקענען די גרויסע נאַציאָנאַל-קולטורעלע באַדייטונג פון דער אַרבעט פונם פּיפּלס-רעליף אין משך פון די 9 יאָר פון זיין עקסיסטענץ.

## VII.

## אָרגאַניזאַציאָנעלע-פראַגן.

### א) אַלגעמיינע באַמערקונגען.

דער צ. ב. ק. איז אין יאָר 1919 געשאַפן געוואָרן אַלס אָרגאַניזאַציע דערהויפּט פון די דירעקטע בויער פון דער יידישער שול, ד. ה. פון דער לערערשאַפט. עס זיינען אויך צוגעצויגן געוואָרן פאָרשטייער פון די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס. אָבער דעם וויכטיקסטן אָרט אַפילו אָרגאַניזאַציאָנעל האָבן אין צ. ב. ק. פאַרנומען די לערער. אָפטמאָל האָט זיך אָבער, צום באַדויערן, געטראָפן, אַז די לערערשאַפט פלעגט ווידער בלייבן כמעט אַליין, בלויז מיט עטלעכע איבערגעגעבענע שול-טוער פון דער געזעלשאַפט. דעריבער האָט דער צ. ב. ק. געשטרעבט תמיד וואָס ענגער זיך צו פאַרבינדן מיט די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. זייער אַ סך צייט האָט דער צ. ב. ק. אָפּגעגעבן צו באַהאַנדלען די פראַגע, ווי אַזוי זיך אָרגאַניזאַציאָנעל צו פאַרפעסטיקן. אין די ערשטע 2 יאָר איז געווען אַ פּראָיעקט, דער צ. ב. ק. זאָל אַריינגיין אַלס אַ סעקציע אין דער „קולטור-ליגע". נאָכדעם האָט מען זיך פון דעם פּראָיעקט אָפּגעזאָגט.

דער צ. ב. ק. האָט אָנגעהויבן פון גאַנץ לויזע פאַרבינדונגען מיט די אַנשטאַלטן, שאַפן אַ נאָענטן צוזאַמענבונד מיט די שולן — דאָס איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן, וואָס דער צ. ב. ק. האָט זיך געשטעלט, פון דער צווייטער זייט אָבער איז דאָס געווען אַ גאַנץ שווערע און, אַזוי צו זאָגן, דעליקאַטע פראַגע.

היות ווי דער צ. ב. ק. האָט אַרומגענומען אַלע זייטן פונם שול-לעבן, איז אים אויסגעקומען צו פירן אַ גאַנץ פאַרשיידנאַרטיקע אַרבעט. עס איז דעריבער געווען נייטיק אַוועקצושטעלן די אַרבעט אָרגאַניזאַציאָנעל גוט, פאַרטיילן די פאַרשיידענע פונקציעס צווישן די באַזונדערע אָרגאַנען, קאָמיסיעס. עס זיינען ניט געווען קיין פאַרטיקע שאַבלאָנען, סכעמעס, לויט וועלכע מען זאָל פירן די אַרבעט. דערפאַר איז, ניט ווילנדיק, אויסגעקומען אָרגאַניזאַציאָנעל אַ סך צו עקספּערימענטירן. ניט אַלע מאָל זיינען די פּרובן געווען געלונגענע.

נאָרמאַל וואָלט געווען געוויס, ווען דער צ. ב. ק., „דאָס יידישע בילדונגס-קוראַטאָריום", זאָל פאַרטיילט ווערן אויף געוויסע דעפּאַרטאַמענטן (לויט די פאַרשיידענע צווייגן פון דער אַרבעט); בראש פון יעדן דעפּאַרטאַמענט זאָל שטיין אַ פאַראַנטוואָרטלעכע פּערזאָן, וואָס זאָל זיך אינגאַנצן איבערגעבן דער אַרבעט. דאָס האָט אָבער דער צ. ב. ק. זיך ניט געקאָנט דערלויבן. די געוויסע אָפּצווייגונגען פון דער טעטיקייט האָבן געהאַט זייערע קאָמיסיעס; די קאָמיסיעס זיינען באַשטאַנען פון פּערזאָנען דאָס רוב אָבער פאַרנומענע; ניט אַלע מאָל האָבן די קאָמיסיעס געהאַט דעריבער אַ מעגלעכקייט נאָרמאַל צו אַרבעטן. און מען מוז זאָגן, אַז אין דעם זין לאָזט נאָך די אַרבעט איבער צו ווינטשן אַ סך. איין זאַך מוז זיכער קאָנסטאַטירט ווערן—אַז די אַרבעט אין צ. ב. ק. איז די גאַנצע צייט געפירט געוואָרן געזעלשאַפטלעך. מען קאָן זאָגן, אַז אפשר אין דעם פּרט איז מען אָפּטמאָל אַריינגעפאַלן אין אַ צווייטן עקסטרעם: שוין „צו געזעלשאַפטלעך" האָט זיך געפירט. פון דעם האָט מאָמענטווייז געליטן דער טעמפּ פון דער אַרבעט.

### ב) הויפּט-אָרגאַנען פון צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט.

דער צ. ב. ק. האָט פאָלגנדיקע הויפּט-אָרגאַנען: 1) פּלענום; 2) קאָמיטעט; 3) פּרעזידיום. דער פּלענום פון צ. ב. ק. איז פון אָנהויב אָן צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון פאָרשטייער פון פּעד.-ראַטן און פון קולטור-געזעלשאַפטן. די פּעד.-ראַטן מיט אַ צאָל לערער ביז 10 פּלעגן שיקן צו 2 פאָרשטייער און מיט אַ צאָל לערער איבער 10 צו 3 פאָרשטייער. די געזעלשאַפטן פּלעגן שיקן צו 3. וועלכע געזעלשאַפטן האָבן געשיקט זייערע פאָרשטייער אין פּלענום פון צ. ב. ק. פון אָנהויב אָן? דאָס זיינען געווען: דער לערער-פאַראיין, די יידישע קולטור-סעקציע ביי די פּראָפ. פאַראיינען, די קולטור-קאָמיסיעס ביי די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס, די קולטור-קאָמיסיע ביים דעמאָקראַטישן קלוב, קולטור-ליגע, „אָזע", קולטור-קאָמיסיע ביים קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער" און נאָך אייניקע. אין פּלענום פון צ. ב. ק. האָבן די לערער אַזוי-אַרום געבילדעט די מערהייט. דער פּלענום פּלעגט זיך צונויפקומען פון צייט צו צייט, אויסהערן באַריכטן פון קאָמיטעט, באַהאַנדלען די מער פּרינציפּיעלע פראַגן, די מער וויכטיקערע פּראַקטישע ענינים, אויסקלייבן אַ קאָמיטעט א. א. וו.

ווי עס איז צו זען, איז דער פּלענום געבויט געוואָרן ניט אויפן פּרינציפּ פון מיטגלידערשאַפט, נאָר אויפן יסוד פון פאָרשטייער. דאָס האָט זייער גרויסע מעלות. דער פּלענום פון צ. ב. ק. איז געווען פאַרבונדן הן מיט אַנשטאַלטן, הן מיט אַלע אָרגאַניזירטע לעבעדיקע כּוחות אויף דער יידישער גאַס, וועלכע זיינען אָנהענגער פון דער יידיש-וועלטלעכער שול. נאָר ביי די מעלות זיינען פאַראַן אויך חסרונות. די פאָרשטייער זיינען ניט קיין שטענדיקע. דער צ. ב. ק. האָט אַלע מאָל אויפגעפאָדערט, אַז די אַנשטאַלטן, געזעלשאַפטן זאָלן שיקן שטענדיקע פאָרשטייער (לכל-הפּחות אויף אַ באַשטימטער צייט, אויף אַ יאָר). נאָר דאָס אָבער האָט זיך ניט געלאָזט דערגרייכן. אויסער דעם פּלעגן די פאָרשטייער זעלטן אָפּגעבן באַריכטן אין זייערע געזעלשאַפטן וועגן דער אַרבעט פון צ. ב. ק.

אזוי־אַרום איז די פאַרבינדונג מיט די גזעלשאַפטן געווען אַ שוואַכע. ווען דעם צ. ב. ק. פלעגט אויסקומען דורכצופירן די אָדער יענע קאַמפּאַניע, פלעגט מען מוזן תמיד פון צענטער אויס דורכפירן די צוגרייטונגס־אַרבעט אפילו אין די געזעלשאַפטן, וואָס זיינען אָנגעשלאָסן אָן צ. ב. ק. דעריבער האָט דער צ.ב.ק. זייער אָפט און אַ סך באַהאַנדלט די פראַגע, ווי אַזוי, ניט אָפּזאָגנדיק זיך פונם ריכטיקן פּרינציפּ, אויף וועלכן עס איז געבויט דער צ. ב. ק., דאָך זיך נע־ענטער צו פאַרבינדן מיט אינסטיטוציעס, אָרגאַניזאַציעס, געזעלשאַפטן, אויך צו־ציען נאָך קערפּערשאַפטן, וועלכע שטייען אויף דער פּלאַטפאָרם פון דער יידיש־וועלטלעכער שול.

ווען דער צענטראַלער עלטערן־קאָמיטעט האָט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַ געוויסע טעטיקייט, האָט ער באַקומען פאָרשטייער אין פּלענום. ווען אין דעם האַנטווערקער־פאַראיין האָט זיך געבילדעט אַ פּראָגרעסיווע גרופּע, וועלכע האָט אַ סך אויפמערקזאַמקייט געלייגט אויף דער קולטור־אַרבעט, האָט זי אויך באַ־קומען אַ פאָרשטייערשאַפט אין פּלענום פון צ. ב. ק.

נאָך לאַנגע ישוב־הדעתן האָט דער צ. ב. ק. באַשלאָסן, אין יאָר 1922, צו פאַרברייטערן דעם פּלענום, אריינגעמענדיק ניט נאָר פאָרשטייער פון צענ־טראַלע אָרגאַניזאַציעס, למשל, קולטור־סעקציע ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַריי־נען, צענטראַלן עלטערן־קאָמיטעט, נאָר אויך פאָרשטייער פון די קולטור־קאָמי־סיעס ביי יעדן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, פון יעדן עלטערן־קאָמיטעט. לויטן באַ־שלוס פונם פּלענום פונם 1־טן יולי 1922, ווערט דער פּלענום צוזאַמענגעשטעלט אויף אַזאַ אופן: פאָרשטייער פון אַנשטאַלטן,—אויב אַן אַנשטאַלט האָט ביז 6 קלאַסן, שיקט ער 1 פאָרשטייער, אויב מער פון 6 — 2 פאָרשטייער (אַזוי־אַרום איז דעם לעצטן יאָר פון 17 אַנשטאַלטן געווען אין פּלענום — 21 פאָר־שטייער); אין פּלענום פון צ.ב.ק. גייט אויך אריין 1 פאָרשטייער פון טעכניקום; יעדער עלטערן־קאָמיטעט שיקט זיין פאָרשטייער (דעם לעצטן יאָר פון 11 על־טערן־קאָמיטעטן—11 פאָרשטייער); דער צענטראַלער עלטערן־קאָמיטעט—1 פאָר־שטייער; די קולטור־קאָמיסיע ביי יעדן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין—צו איין פאָר־שטייער; אַ פאַראיין, וואָס האָט מער ווי 500 מיטגלידער — 2 פאָרשטייער (דעם לעצטן יאָר פון 8 פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען—10 פאָרשטייער); די קולטור־סעק־ציע ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען — 2 פאָרשטייער; די קולטור־קאָמיסיעס ביי די אַרבעטער־געזעלשאַפטן — צו 2 פאָרשטייער (דעם לעצטן יאָר פון 6 געזעלשאַפטן—12 פאָרשטייער); די קולטור־קאָמיסיע ביים דעמאָקראַטישן קלוב —2 פאָרשטייער; די פּראָגרעסיווע גרופּע פון האַנטווערקער־פאַראיין—1 פאָר־שטייער; דער אַקאַדעמישער פאַרבאַנד — 1 פאָרשטייער; דער קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער"—1 פאָרשטייער; די שול־אָרגאַניזאַציע פאַר ווילנער פּראָווינץ — 2 פאָרשטייער; „אָזע"—1 פאָרשטייער.

אַזוי־אַרום איז לעצטנס דער פולער באַשטאַנד פון פּלענום—65 פאָרשטייער פון 51 קערפּערשאַפטן. לויט דעם צוזאַמענשטעל בילדעט שוין די לערערשאַפט אַ מינדערהייט אין פּלענום. הייער איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס דורכן פּלענום, אַז ניט נאָר דער קאָמיטעט גיט אָפּ באַריכטן דעם פּלענום, נאָר

אויף די פאָרשטייער פון די באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס דאַרפן אָפּגעבן באַריכטן דעם פּלענום, וואָס זייער אָרגאַניזאַציע האָט געטאָן פאַר דער יידישער שול.

אָט איז אַ רשימה פון די וויכטיקערע פראַגן (אויסער באַריכטן), וואָס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן אויף די פּלענומס פון צ. ב. ק.:

1) סטאַטוט פון צ. ב. ק.[1]; 2) באַציאונגען מיט דער קולטור-ליגע; 3) העברעאיש אינם 2-טן לערגיאָר; 4) די שולן אויף דער פּראָווינץ; 5) פּאַרטיי-לוגגס-קאָמיטעט; 6) די פינאַנציעלע אחריות פאַר די שולן; 7) דער צ. ב. ק. און דער אַרבעטער-הילפס-קאָמיטעט; 8) שטרייק אין די שולן; 9) פינאַנץ-פראַגן; 10) שול-קיכן; 11) באַציאונגען מיטן לערער-פאַראיין; 12) באַציאונגען מיט די פּעד. ראַטן; 13) די יידישע שולן און דער מאַגיסטראַט; 14) רעכטלעכע לאַגע; 15) באַשטייערונגען; 16) רעדוקציעס; 17) פּעטיציע; 18) דעלעגאַט קיין אויסלאַנד; 19) בוי פון פּלענום; 20) קאָנטאַקט מיט די איבעריקע בילדונגס-צענטראַלעס; 21) שכר-לימוד; 22) פאַראייניקייטלעכונג פון דער פּראָגראַם; 23) קאָנצעסיעס; 24) באַציאונגען מיט דער צ. ש. אָ.; 25) געזעצפּראָיעקט פאַרן סיים; 26) לערער-קאָנפערענץ א. אנד.

מיט דער גאַנצער אַרבעט פון צ. ב. ק. פירט אָן דער קאָמיטעט. דער קאָמיטעט ווערט אויסגעקליבן פון פּלענום אויפן פּערסאָנעלן יסוד אויף אַ צייט פון 6 חדשים ביז אַ יאָר. איין צייט האָט דער צענטראַלער עלטערן-קאָמיטעט געשיקט זיינע פאָרשטייער אין צ. ב. ק. נאָכדעם האָט מען דאָס אָפּגעשאַפט. כדי די לערער זאָלן ניט בילדן אין קאָמיטעט קיין מערהייט, איז געווען אַ פאָרשלאָג, אַז לערער קאָנען בילדן בלויז אַ 1/3 פון קאָמיטעט. דער פאָרשלאָג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. דער פּלענום איז געבליבן פעסט ביי זיין ערשטן באַשלוס, אַז דער קאָמיטעט, כדי ער זאָל זיין אַן אַרבעטספּאַיקער, מוז זיין געבויט אויפן פּערסאָנעלן פּרינציפּ. דער קאָמיטעט באַשטייט געוויינטלעך פון 15 פּערזאָן (עס זיינען געווען צייטן, ווען ער איז באַשטאַנען פון 20 פּערזאָן). דער קאָמיטעט האָט רעגולערע זיצונגען, 1 מאָל אַ וואָך. אַ קורצע צייט האָט דער קאָמיטעט געמאַכט אַ פּרוב צו פאַרטיילן זיך אויף באַזונדערע אָפּטיילונגען (לויט די אָפּצווייגונגען—פּעדאַגאָגישע, פינאַנציעל-ביודזשעט, רעכטלעכע, ווירטשאַפטלעך-אַדמיניסטראַטיווע). יעדע אָפּטיילונג האָט געזאָלט אַרבעטן אינגאַנצן זעלבשטענדיק. דער פולער קאָמיטעט האָט געזאָלט זיך צונויפקומען איין מאָל אין 3—2 וואָכן, אויסצוהערן באַריכטן פון די אָפּטיילונגען, געבן זיי דירעקטיוון. נאָר היות ווי דורכדעם האָט דער קאָמיטעט אַלס גאַנצער אויפגעהערט אָנצופירן מיט דער גאַנצער אַרבעט, איז דער פּרוב אָפּגעשאַפט געוואָרן, און דער קאָמיטעט פירט אָן מיט דער גאַנצער טעטיקייט.

דער קאָמיטעט טיילט אויס אַ פּרעזידיום פון 5 פּערזאָן. דער פּרעזידיום באַהאַנדלט און באַשליסט אַליין בלויז קלענערע פראַגן, וועגן וועלכע ער איי-

---

1) דער סטאַטוט איז אָנגענומען געוואָרן אויף דעם פּלענום דעם 17-טן יולי 1919; דעם טעקסט זע אין די „מאַטעריאַלן“.

פאַרמירט דעם קאָמיטעט; די וויכטיקערע פראַגן גרייט ער צו צום קאָמיטעט; ער שטעלט אויף פעסט יעדעס מאָל דעם סדר־היום פון דער קאָמיטעט־זיצונג.

לויטן רעגולאַמין טאָר קיין פראַגע ניט אַרויסגעטראָגן ווערן דירעקט אויף דער זיצונג פון קאָמיטעט (אויב דער פּרעזידיום האָט זי ניט געשטעלט). כדי איבערצוקוקן אַ צווייטן מאָל אַ באַשלוס פון קאָמיטעט, מוז מען האָבן חתימות פון וויניקסטנס 5 קאָמיטעט־מיטגלידער. אַ מיטגליד פון קאָמיטעט, וואָס באַזוכט ניט (אָן וויכטיקע סיבות) דריי קאָמיטעט־זיצונגען נאָך דער ריי, רעכנט זיך פאַר אויסגעשלאָסן און ווערט פאַרביטן דורך אַ קאַנדידאַט.

* * *

פון 17־טן מאַי 1919־טן יאָר ביז היינטיקן טאָג (מאַי 1924) האָט דער פּלענום 7 מאָל געקליבן קאָמיטעטן.

דער ע ר ש ט ע ר קאָמיטעט האָט געאַרבעט פונם 17־טן מאַי 1919 ביזן 13־טן נאָוועמבער 1919.

פאַר דער צייט זייען פאָרגעקומען: 22 זיצונגען פון קאָמיטעט, 4 זיצ. פון פּרעזידיום, 4 פּלענומס.

דער צ ו ו י י ט ע ר קאָמיטעט האָט געאַרבעט פונם 13 נאָוועמבער 1919 ביזן 3 יוני 1920. (11 זיצונגען פון קאָמיטעט, 3 זיצ. פון פּרעזידיום, 3 פּלענומס)

דער ד ר י ט ע ר קאָמיטעט פון 3 יוני 1920 ביזן 7 נאָוועמבער 1920 (20 זיצונגען פון קאָמיטעט, 6 זיצ. פון פּרעזידיום, 1 פּלענום).

דער פ ע ר ט ע ר קאָמיטעט פון 7 נאָוועמבער 1920 ביזן 19 נאָוועמבער 1921 (51 זיצונגען פון קאָמיטעט, 31 פון פּרעזידיום, 7 פּלענומס).

דער פ י נ פ ט ע ר קאָמיטעט פון 19 נאָוועמבער 1921 ביזן 11 נאָ־וועמבער 1922 (39 זיצונגען פון קאָמיטעט, 42 זיצונגען פון פּרעז., 13 פּלענומס).

דער ז ע ק ס ט ע ר קאָמיטעט פון 11 נאָוועמבער 1922 ביזן 17 נאָוועמבער 1923 (33 זיצונגען פון קאָמיטעט, 45 זיצ. פון פּרעזידיום, 5 פּלענומס).

דער ז י ב ע ט ע ר קאָמיטעט אַרבעט פונם 17 נאָוועמבער 1923.

ביזן 17 מאַי 1924 זייען פאָרגעקומען: 25 זיצונגען פון קאָמיטעט, 24 זיצ. פון פּרעזידיום, 6 פּלענומס.

באַשטאַנד פונם ע ר ש ט ן קאָמיטעט: 1) ש. אַנ—סקי; 2) י. גורעוויטש; 3) ס. גורעוויטש; 4) מ. וויינרייך; 5) ש. ידידאָוויטש; 6) ד״ר א. מאַקאָווער; 7) ש. ניגער; 8) ש. סטופּעל־כּהן; 9) ג. פּאַק; 10) ג. פלודערמאַכער; 11) ד״ר ה. קאָוואַרסקי; 12) ד. קאַפּלאַן־קאַפּלאַנסקי; 13) ש. קלייט; 14) ד״ר צ. שאַבאַד; 15) מ. שור.

קאַנדידאַטן: 1) ב. האַלפּערין; 2) יונה שאַפּיראָ; 3) י. פראַנקפורט; 4) ז. רייזען.

באַשטאַנד פונם צ ו ו י י ט ן קאָמיטעט: 1) ד״ר ה. קאָוואַרסקי; 2) מ. שור; 3) ג. פלודערמאַכער; 4) ד״ר ב. אייזנשטאַט; 5) ש. באַסטאָמסקי; 6) ש. קלייט; 7) ב. כּהן; 8) ש. ידידאָוויטש; 9) י. גערשטיין; 10) ד. קאַפּלאַן־קאַפּלאַנסקי;

11) ב. זאַקהיים; 12) ס. גורעוויטש; 13) י. גורעוויטש; 14) מ. קולבאַק. 15) ד"ר שוואַרץ.

קאַנדידאַטן: 1) קולקעס; 2) ד. לובאַצקי; 3) ח. שיינין.

באַשטאַנד פון דריטן קאָמיטעט: 1) ד"ר ה. קאָוואַרסקי; 2) ג. פלו-דערמאַכער; 3) מ. שור; 4) ד"ר צ. שאַבאַד; 5) ב. ליובאַצקי; 6) ב. כהן; 7) ש. קלייט; 8) ח. שיינין; 9) ח. באַסטאָמסקי; 10) ש. באַסטאָמסקי.

קאַנדידאַטן: 1) קונין; 2) ב. זאַקהיים; 3) יונה שאַפּירא.

באַשטאַנד פונם פערטן קאָמיטעט: 1) ד"ר ה. קאָוואַרסקי; 2) ג. פלודער-מאַכער; 3) מ. גאָלדבערג-אָקון; 4) ש. באַסטאָמסקי; 5) מ. יפה; 6) ד"ר צ.



ד"ר הערץ קאָוואַרסקי
(פאָרזיצער פון צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט).

שאַבאַד; 7) וויגושין; 8) ש. גורוויטש; 9) א. קליאַנסקי; 10) ב. האַלפּערין; 11) ח. וואַלט; 12) ב. כהן; 13) קובלאַנאָוו; 14) ב. ליובאַצקי; 15) ד"ר גאָלדבורט;

קאַנדידאַטן: 1) י. פּאַט; 2) י. גורעוויטש; 3) ר. עפּשטיין.

באַשטאַנד פונם פינפטן קאָמיטעט: 1) ב. כהן; 2) ג. פלודערמאַכער; 3) ר. סימכאָוויטש; 4) ד"ר ה. קאָוואַרסקי; 5) ש. באַסטאָמסקי; 6) מ. שור; 7) א. ראָזנטאַל; 8) ד"ר צ. שאַבאַד; 9) מ. שטערן; 10) ב. ליובאַצקי; 11) י. אָקון; 12) י. רובין; 13) מ. אָקון; 14) ש. ידידאָוויטש; 15) ש. סטופּעל-כהן; פון צענטר. עלטער.-קאָמ.: 16) ג. וואַפּנער; 17) מ. בערנשטיין; 18) סאַסאָנסקי; 19) ד. שמידט; 20) כאַנין.

קאַנדידאַטן: 1) ל. האָדעס; 2) ס. מ. גורעוויטש; 3) ד״ר גאָלדבורט 4) י. גורעוויטש; 5) ב. וויינער.

באַשטאַנד פונם זעקסטן קאָמיטעט: 1) מ. שור; 2) ב. כהן; 3) ד״ר קאָוואַרסקי; 4) ג. פלודערמאַכער; 5) מ. בערנשטיין; 6) ר. סימכאָוויטש; 7) א. גאָלאָמב; 8) י. גאָוויקאָוו; 9) א. ראָזנטאַל; 10) י. גורעוויטש; 11) ד״ר צ. שאַבאַד; 12) מ. עריק; 13) מ. אָקון; 14) ל. לאָזאָווסקי; 15) י. אַראָנאָוויטש.

קאַנדידאַטן: 1) י. יאַשונסקי; 2) ש. ידידאָוויטש; 3) ש. באַסטאָמסקי; 4) גראָזאָווסקי.

באַשטאַנד פונם זיבעטן קאָמיטעט: 1) ד״ר ה. קאָוואַרסקי; 2) ב. כהן; 3) מ. בערנשטיין; 4) א. ליטוואַק; 5) מ. שור; 6) א. גאָלאָמב; 7) ג. פלודערמאַכער; 8) ד״ר צ. שאַבאַד; 9) מ. אָקון; 10) ח. פופקאָ; 11) י. גאָוויקאָוו; 12) ע. סמילג; 13) א. ראָזנטאַל; 14) י. גורעוויטש; 15) ג. וואַפנער.

קאַנדידאַטן: 1) יעווזעראָוו; 2) ירמיהו שאַפּיראָ; 3) וו. פרישמאַן; 4) קראיק.

פאָרזיצער פון צ. ב. ק. אין משך פון די גאַנצע 5 יאָר איז געווען דאָקטאָר הערץ קאָוואַרסקי.

ג) קאָמיסיעס ביים צ. ב. ק.

אויסער די שוין אויסגערעכנטע סעקציעס און קאָמיסיעס, פונקציאָנירן ביים צ. ב. ק. נאָך אייניקע.

רעוויזיאָנס־קאָמיסיע. כמעט ביזן לעצטן יאָר איז די רעוויזיאָנס־קאָמיסיע געווען מער אַ נאָמינעלער אָרגאַן, איידער אַ פאַקטישער. דער פרענום פלעגט אויסקלייבן אַ רעוויזיאָנס־קאָמיסיע, וועלכע פלעגט אָבער קיין אַרבעט כמעט ניט פירן. און די רעוויזיאָנס־קאָמיסיע ביים צ. ב. ק. האָט אַ וויכטיקע אַרבעט. זי דאַרף קאָנטראָלירן און רעווידירן די ביכער ניט נאָר פון צענטער, נאָר אויך פון די באַזונדערע אַנשטאַלטן. די דאָזיקע וויכטיקע אַרבעט איז כמעט ניט געטאָן געוואָרן אין משך פון די ערשטע 3—4 יאָר. איז די קאָנטראָל־אַרבעט איבער די באַזונדערע אַנשטאַלטן אויסגעקומען צו טאָן דער קאַנצעלאַריע פון צ. ב. ק., אָבער זי האָט דאָס געקאָנט דורכפירן ניט אין דער געהעריקער מאָס. און די רעוויזיאָנס־קאָמיסיעס ביים צ. ב. ק. האָט זיך, ווי דאָס טרעפט אָפט אין די געזעלשאַפטן, גערעכנט מער אויפן פאַפיר. אַן אויסנאַם בילדעט די לעצטע רעוויזיאָנס־קאָמיסיע, אויסגעקליבן דעם 17 נאָוועמבער 1923. די קאָמיסיע באַשטייט פון 4 פערזאָן (אַ פינפטער מיטגליד איז אָפּגעפאָרן): א. בעלקינד, ל. זאַקהיים, י. ציפּקין, ה. שניידער. די קאָמיסיע אַנטוויקלט זייער אַן אינטענסיווע טעטיקייט. זי האָט דורכגעקאָנטראָלירט די ביכער אין צענטער, גיט אָפט אָנווייזונגען דער קאַנצעלאַריע, האָט אָנגעהויבן צו רעווידירן די אַנשטאַלטן, אין דער ערשטער ריי די גרעסערע (די גימנאַזיעס — מאַטעמאַטיש־נאַטורוויסנשאַפטלעכע און הומאַניסטישע).

פינאַנץ־ביודזשעט־קאָמיסיע. די פינאַנץ־קאָמיסיע ביים צ. ב. ק. האָט אין פאַרשיידענע צייטן געטראָגן פאַרשיידענע נעמען: פינאַנץ־קאָמיסיע, פינאַנץ־ביודזשעט־קאָמיסיע, פינאַנץ־אַדמיניסטראַטיווע קאָמיסיע א. א. וו.

די פינאַנץ־ביודזשעט־קאָמיסיע האָט 2 אויפגאַבן: פאַרגרעסערן די הכנסות און פאַרקלענערן די הוצאות. זי דאַרף זען בויען אַ געזונטן ביודזשעט פאַר די יידיש־וועלטלעכע שולן, אַז קיין איבעריקער פעניג זאָל אין די אַנשטאַלטן ניט אוועקגיין, עס זאָל ווערן געפירט אַן עקאָנאָמישע ווירטשאַפט. בנוגע הכנסות דאַרף די קאָמיסיע זען זיך פאַרבינדן מיט פאַרשיידענע יידישע הילפס־אָרגאַניזאַציעס אין אויסלאַנד, זען אויך דאָ צו פאַרגרעסערן די הכנסות: דורך איינאָרדענען זאַמלטעג, איינמאָליקע זאַמלונגען, אונטערנעמונגען, באַשטייערונג א. א. וו.

ניט אַלע מאָל דערפילט די קאָמיסיע אַלע אירע פונקציעס גוט. באַזונדערס האָט געליטן ביז איצט די אַרבעט פון אויסזוכן פינאַנסן דאָ, אויף אָן אָרט. ביי אַ מער אינטענסיווערער אַרבעט וואָלט געקאָנט אַ סך מער אויפגעטאָן ווערן.

ווירטשאַפטלעכע קאָמיסיע. די דאָזיקע קאָמיסיע באַהאַנדלט און באַשליסט די ווירטשאַפטלעכע פראַגן פון די שולן (רעמאָנטן, דירה־געלט, האָלץ א. א. וו.). דער קאָמיסיע קומט אויס באַזונדערס אינטענסיוו צו אַרבעטן סוף לערניאָר און אָנהייב לערניאָר. די קאָמיסיע שטעלט אויך פעסט די נאָרמען פון די ווירטשאַפטלעכע הוצאות פראָ קלאַס. עס ווערט פעסטגעשטעלט, אַז די אַנשטאַלטן האָבן רעכט אויסצוגעבן אַ געוויסע סומע געלט אַ מאָנאַט פראָ קלאַס (לעצטנס, למשל, 7 מיליאָן אַ חודש פראָ קלאַס). אין די גרעניצן פון דער דאָזיקער נאָרמע קאָנען די אַנשטאַלטן מאַכן אויסגאַבן, ניט אָנפרעגנדיק אין דער ווירטשאַפטלעכער קאָמיסיע. בנוגע גרעסערע הוצאות מוז מען שוין אומבאַדינגט האָבן פריער אַ באַשטעטיקונג פון דער קאָמיסיע.

רעכטלעכע קאָמיסיע. די דאָזיקע קאָמיסיע דאַרף באַהאַנדלען די פאַרשיידענע רעכטלעכע פראַגן, וואָס שווימען אַרויס אין דעם לעבן פון אונזערע שולן, די קאָמיסיע באַהאַנדלט אויך די אַקציעס, וואָס ווערן פאָרגענומען, כדי אויסצובעסערן די רעכטלעכע לאַגע פון אונזערע אַנשטאַלטן. די דאָזיקע קאָמיסיע באַטראַכט אויך פראַגן פון סטאַטוט, געזעצפראָיעקט א. אַ. וו.

אויפקלערונגס־קאָמיסיע. די קאָמיסיע האָט דערהויפט דעם ציל צו פאָפולאַריזירן אונזער שול, פירן אַן אויפקלערונגס־אַרבעט אין פאַרשיידענע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, איינאָרדענען פאָרלעזונגען, מיטינגען א אַ. וו.

אויסער די דאָזיקע קאָמיסיעס, וועלכע דאַרפן פירן אַ שטענדיקע אַרבעט, ווערן נאָך פון פאַל צו פאַל געשאַפן קאָמיסיעס פאַר ספּעציעלע פראַגן. אַזעלכע עטלעכע קאָמיסיעס אַרבעטן תמיד ביים צ. ב. ק.

ד) באַציאונגען מיט די פּעדאַגאָגישע ראַטן.

שוין אין די ערשטע חדשים פון זיין עקסיסטענץ האָט דער צ. ב. ק. געשטרעבט צו ווערן דער אמתער צענטער פון די יידיש־וועלטלעכע שולן אין

ווילנע. פאַר אים איז געווען קלאָר, אַז כּדי די אַרבעט אין די אַנשטאַלטן זאָל אוועקגיין בעסער, מוז באַקעמפט ווערן דער סעפּאַראַטיזם, דער ענגער לאָקאַ-לער פּאַטריאָטיזם פון די באַזונדערע אַנשטאַלטן. געוויס דאַרף דער פּעד. ראַט האָבן אַ געוויסע אויטאָנאָמיע אין זיין אינעווייניקסטער אַרבעט, זאָגן זיין וואָרט אין די פאַרשיידענע פראַגן פונם שול-לעבן. אָבער אָפּטמאָל מוז די באַזונדערע אַנשטאַלטן אויסקומען צו פאַרבויגן די לאָקאַלע אינטערעסן און נעמען אין אַכט די זאַך גופא און אויך דעם גאַנצן שול-וועזן. די באַזונדערע אַנשטאַלטן זיי-נען טיילן פון איין לעבעדיקן אָרגאַניזם — דעם יידיש-וועלטלעכן שולוועזן. אָט דעם גרונד-געדאַנק האָט דער צ. ב. ק. געשטרעבט איינצופלאַנצן אין זיינע אַנשטאַלטן.

דער צ. ב. ק. האָט אָנגעהויבן פון קלענערע פראַגן און וואָס ווייטער קאָנצענטרירט ביי זיך אַלץ מער זייטן פון אונזער שול-לעבן, באַמיענדיק זיך אַריינטראָגן אַ סדר און אָרדענונג אין דער אַרבעט פון די שולן.

עס איז געווען נייטיק פעסטצושטעלן פון אָנהייב אָן אַזעלכע פראַגן, ווי וואַקאַציעס אין אַלע אַנשטאַלטן, וועגן דעם, ווער עס שליסט די קאָנטראַקטן פאַר די לאָקאַלן פון די אַנשטאַלטן, וועגן געבן נעמען די באַזונדערע שולן א. אַ. וו., א. אַ. וו.

דאַן קומט צו די פראַגע, אַז די שולן זאָלן זיך האַלטן אָן דעם אויס-געאַרבעטן לערנפּלאַן, וואָס עס דאַרף ברענגען צו אַ פאַראיינהייטלעכונג פון דער פּראָגראַם. דאַן די פראַגע וועגן פאַרטיילן די לערער-כּוחות. יעדער פּעד. ראַט זאָל ניט פאַרשטעלן מיט זיך קיין געשלאָסענע קאַסטע, די לערער זאָלן פונאַנדערגרופירט ווערן אין די אַנשטאַלטן אויף אַ ראַציאָנעלן אופן, עס זאָלן באַזייטיקט ווערן די ווייניק-צוגעפּאַסטע לערער; איין שול זאָל קומען צו הילף דער אַנדער שול ניט נאָר מיט איר פּראַקטיק און דערפאַרונג, נאָר אויך מיט אירע מכשירים, אָפּטמאָל לאָקאַל א. אַ. וו. מען האָט אויך געדאַרפט דורכפירן אַ קאָנטראָלע איבער דער אַרבעט פון אַנשטאַלט, זען, ווי ווייט נאָר מיגלעך, צו באַזייטיקן די חסרונות, איינשטעלן נאָרמאַלע באַציאונגען אין פּעד. ראַט גופא, אויסלערנען די אַנשטאַלטן זיך אונטערצוּוואַרפן די באַשלוסן פון צענטער א. אַ. וו.

דאָס איז ניט געווען קיין לייכטע אויפגאַבע. פיל מי, ענערגיע, צייט איז אויסגעקומען דעם צ. ב. ק. צו פאַרלירן, כּדי אין אַ גרעסערער אָדער קלע-נערער מאָס דאָס אַלץ דורכצופירן אין לעבן. עס איז, פאַרשטייט זיך, ניט אַראָפּ אָן געוויסע קאָנפליקטן מיט דעם אָדער יענעם פּעד. ראַט. די קאָנפליקטן זיינען, אמת, געווען אַ זעלטענע דערשיינונג, אָבער דאָך זיינען זיי געווען.

נאָך אין יאָר 1919 זיינען דורך דעם פּלענום פון צ. ב. ק. אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדיקע באַשלוסן וועגן די באַציאונגען מיט די אַנשטאַלטן:

1) די שולן ווענדן זיך אין אַ וועלכער ניט איז געזעלשאַפטלעכער אינ-סטיטוציע דורך דעם קאָמיטעט;

2) די לערער און פאַרוואַלטער פון די שולן ווערן אויסגעקליבן פון די פּעדאַגאָגישע ראַטן און ווערן באַשטעטיקט דורכן קאָמיטעט;

3) דער קאָמיטעט האָט דאָס רעכט פונאַנדערטיילן די לערער־קרעפטן אויף אַ צוועקמעסיקן אופן בהסכם מיט די פּעד. ראַטן;

4) דער קאָמיטעט קאָן פאַרלייגן אַ פּעד. ראַט באַזייטיקן אַ לערער אָדער פאַרוואַלטער אָדער ענדערן די צאָל פון זייגע שעהן;

5) אין פאַל, ווען אַ פּעדאַגאָגישער ראַט איז ניט מסכים מיט דעם אָדער יענעם פאָרשלאָג פון קאָמיטעט, ווערט די פראַגע אַריבערגעטראָגן אויפן פּלענום;

6) דער קאָמיטעט באַשטעטיקט די שטאַטן און ביודזשעטן פון די שולן;

7) דער קאָמיטעט פירט דורך אַ פולשטענדיקן קאָנטראָל איבער די שולן, וועלכע געפינען זיך אין זיין רשות, און בלויז אַ פּעדאַגאָגישן איבער די שולן, וועלכע רעכענען זיך פאַר מיטגלידער פון צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט.

בנוגע די פונקטן 2, 3, און 4 איז נאָכדעם פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז צום סוף פונם לערניאָר אַרבעט אַ פאַרטיילונגס־קאָמיסיע, וועלכע ווערט צו־נויפגעשטעלט פון פאָרשטייער פון קאָמיטעט, שול־, פאָרשול־ און אויסערשול־סעקציע, לערער פאַראיין. די דאָזיקע קאָמיסיע פאַרטיילט די אַרבעט צווישן די לערער.

בנוגע דעם פונקט 5 איז שפּעטער פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דער באַשלוס פון קאָמיטעט ווערט אָבער תיכף דורכגעפירט אין לעבן, ביז דער פּלענום שאַפט דעם באַשלוס ניט אָפּ.

דעם פונקט 7 איז איבערגעאַנדערשט געוואָרן אין דעם זין, אַז דער קאָ־מיטעט פירט דורך אַ פולשטענדיקן קאָנטראָל איבער אַלע אַנשטאַלטן, ווייל פון אָנהויב יאָר 1921 געהערן אַלע אַנשטאַלטן צום צ. ב. ק.

אינם לעצטן יאָר האָט נאָך דער פּלענום געפונען פאַר נייטיק אָנצונעמען פאָלגנדיקע פונקטן בנוגע די באַציאונגען מיט די אַנשטאַלטן:

כּדי אַריינצוטראָגן איינהייטלעכקייט אין לעבן און אָנפירונג פון די שולן, ווערט, אויפן גרונד פון דער ביזאיצטיקער פּראַקטיק, איינגעשטעלט דער אופן, לויט וועלכן דער צ. ב. ק. פירט אָן זיינע אַנשטאַלטן:

1) אַלע פאַראָרדענונגען פון קאָמיטעט, וואָס זיינען נוגע דעם אינערלעכן און אויסערלעכן שול־לעבן, זיינען אָבליגאַטאָריש פאַר די פּעדאַגאָגישע ראַטן און מוזן דורכגעפירט ווע״ן אין לעבן ביז דער פּלענום פון צ. ב. ק. וועט זיי ניט אָפּשאַפן;

2) די אויסערלעכע פאַרטרעטונג פון די אַנשטאַלטן געהערט דעם קאָ־מיטעט. די באַציאונגען פון די איינצעלנע פּעד. ראַטן מיט די מאַכט־אָרגאַנען, פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, ווערן דערלאָזט אין די גרעניצן, וואָס ווערן פון קאָמיטעט איינגעשטעלט.

3) פאַרן פּינקטלעכן אויספירן די פאַראָרדענונגען פון קאָמיטעט טראָגט די אחריות די פאַרוואַלטונג אָדער פאַרוואַלטער פון דער אַנשטאַלט;

4) אַלע וויכטיקע באַשלוסן פון די פּעד. ראַטן (ווי איינלאַדן און אָפּזאָגן לערער, אומבייטן דעם לערנפּלאַן, פעסטשטעלן שכר־לימוד א. א.) ווערן דורכ־געפירט ערשט נאָכדעם, ווי זיי ווערן באַשטעטיקט דורכן קאָמיטעט.

VIII.

# איייניקע אויספירן און פּערספּעקטיוון.

5 יאָר זיינען אַריבער. 5 שווערע יאָרן. 5 יאָר אומאויפהערלעכן קאַמף פאַר די עלעמענטאַרסטע רעכט פון אונזער שול-וועזן. 5 יאָר אָנפירן מיט דער יידישער שול ביי די ערגסטע מאַטעריעלע באַדינגונגען. 5 יאָר אומגעהייער פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט.

דער צ. ב. ק., געשאַפן דורך דער יידישער שול, האָט זיך איינגאַנצן מיט איר צונויפגעגאָסן. אַלץ פאַר דער יידישער שול! אונזער יידישע שול, נאָך אַ יונגער אָרגאַניזם, פאָדערט אַ צערטלעכן, איבערגעגעבענעם צוגאַנג. דאָס האָט געקאָנט טאָן בלויז אַזאַ קערפּערשאַפט, ווי דער צ. ב. ק., וואָס באַשטייט פון די שול-בויער גופא. אַן אַנדער געזעלשאַפט, אַן אַנדער אינסטיטוציע („מפיצי-השכלה", קהילה א. אז. וו.) וואָלטן ניט געווען ביכולת אויפצוהאַלטן און אַנטוויקלען אונזער נייע שול. דאָ דאַרף זיין ערפאַרונג, אינטערעס, ליבשאַפט און געטריישאַפט...

דער צ. ב. ק., מיט זיינע קאָלאָסאַל-ברייטע אויפגאַבן, האָט געוויס ניט אַלץ אויפגעטאָן, וואָס ער האָט געדאַרפט אויפטאָן. אונזער שול, וועלכע איז אויפגעוואַקסן און האָט זיך פאַרטיפט פאַר די לעצטע יאָרן, גייטיקט זיך נאָך אין אַ סך אויסבעסערונגען. דאָס איז קלאָר פאַר אונז אַלעמען. אונזער שול טאָר זיך ניט אָפּשטעלן אין איר אַנטוויקלונג. זי האָט נאָך ניט אַנטפּלעקט אַלע אירע פּאָטענציעלע כוחות. מיט אירע ערפאָלגן, מיט אירע פעולות האָט שוין אונזער שול פאַרמאַכט דאָס מויל ניט איין שונא און קעגנער פון אונזער שול-באַוועגונג, און אָפטמאָל פאַרוואַנדלט זיי אין אונזערע אָנהענגער. וואָס מער אונזער שול וועט זיך פאַרפעסטיקן אינעווייניק, אַלץ גרעסער וועלן ווערן די רייען פון אירע אַדעפּטן. אונזער שול מוז פּעדאַגאָגיש באמת ווערן אַ מוסטער-אַנשטאַלט אויף דער יידישער גאַס. זי טאָר ניט פאַרגליווערט ווערן. ערנסטע זוכונגען, פאָרזיכטיקע פּרובן, אויסנוצונג פון אַלע דערגרייכונגען פון דער מאָדערנער אייראָפּעאישער פּעדאַגאָגיק און זייער צופּאַסונג צו די אייגנאַרטיקע באַדינגונגען פון אונזער שול-לעבן. דער פּעדאַגאָגישער געדאַנק מאַכט פאַר די לעצטע יאָרן גרויסע פאָרטשריט. אונזער שול טאָר ניט בלייבן הינטערשטעליק, און אויב זי קאָן די נאָענטסטע צייט זיך ניט פאַרברייטערן, מוז זי אָבער פאַרטיפן איר אַרבעט.

אויך די מלוכה וועט זיך מוזן סוף-כל-סוף רעכענען מיט דער פּעדאַגאָגישער הייך, אויף וועלכער עס שטייט אונזער שול. עס קאָן שוין לאַנג ניט דויערן דער רעכטלאָזער מצב פון אונזער שול. אונזער שול מוז אָנערקענט ווערן מצד דער מאַכט און באַקומען פולע רעכט. אונזער פאָלקס-שול מוז באַפרייען פון שול-צוואַנג, מוז אַריינגעצויגן ווערן אין נעץ פון די מלוכה-שולן. אונזער מיטל-שול מוז האָבן רעכט אַרויסצוגעבן מאַטורעס, לויט וועלכע מען זאָל אָננעמען אין די פוילישע אוניווערסיטעטן. דער לערער-סעמינאַר מוז געבן קוואַליפיקאַציע-רעכט פאַר לערער פון די פאָלקס-שולן און יינגערער שטופע פון דער מיטל-שול. כדי דאָס צו דערגרייכן, מוז תיכף אַריינגעטראָגן ווערן און סיים דער געזעצפּראָיעקט, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך דער צ. ש. אָ. מען מוז שאַפן

אַ וואַרימע אַטמאָספערע פאַר אונזערע פאָדערונגען אין דער פוילישער געזעלשאַפט. צו דעם צוועק מוז געפירט ווערן אַ ברייטע אויפקלערונגס=אַרבעט. מען מוז נאָך מער באַקענען דעם פוילישן עולם מיט אונזער שול, מיט אונזערע גערעכטע פאָדערונגען.

די ברייטע פּראָדוקטיווע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג מוזן אַלע זיך קאָנצענטרירן אַרום דעם צ. ב. ק., וועלכן עס וועט אויסקומען אין די נאָענטסטע יאָרן צו פירן אַ גרויסע אַרבעט פאַר דער יידישער שול. צי וועט דאָס זיין? אַלע סימנים ווייזן דערויף, אַז דאָס וועט זיך פאַרווירקלעכן. מיט יעדן חודש ווערט די יידישע שול אַלץ פּאָפּולערער, ביט=צו צו זיך די סימפּאַטיעס פון ברייטערע קרייזן. די אַקטועלסטע פראַגע אינם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין די לעצטע יאָרן איז די שול=פראַגע. אַ נאָרמאַלע שול וועט געבן די יידישע פאָלקס=מאַסן די מיגלעכקייט זיך צו דערשלאָגן אויסבעסערונגען אויך אויף אַנדערע געביטן פון לעבן. די נייע בילדונגס=געזעלשאַפט, וועלכע ווערט אָרגאַניזירט לעצטנס, עפּענענדיק די טירן פאַר אַלע די, וואָס האָבן אַ אינטערעס צו דער נייער יידישער קולטור, וועט געבן די נייטיקע פאָרמען, וואו יעדערער וועט קאָנען צולייגן זיין האַנט צו דער שעפערישער אַרבעט פאַר דער יידישער שול.

אַ גרויסע מניעה אויפן וועג צו די גרויסע דערגרייכונגען, וואָס שטייען פאַר אונזער שול, איז דער אומאויפהערלעכער געלט=מאַנגל. אָפט הערט מען זאָגן: „אונזער שול=וועזן האַלט זיך אויף ניסים". און עס איז ווירקלעך אַ גרויסער נס, וואָס דער גראַנדיעזער בנין פון דעם יידישן שול=וועזן האַלט זיך סוף=כל=סוף אויף צופעליקע הכנסות. ווען מען וואָלט זיך לכתחילה אריינגעטראַכט אין די פינאַנציעלע מיגלעכקייטן, וואָס מיר באַזיצן, וואָלט קיין שול=וועזן ניט אויסגעוואַקסן. מען האָט אין דעם פּרט זיך ווייניק „אַריינגעטראַכט", און דאָס איז געווען דאָס גליק. „פּראַקטישע" מענטשן וואָלטן ניט געווען ביכולת צו אַנטוויקלען אונזער שול. דערצו האָט זיך געפאָדערט דער אידעאַליזם, די פאַנאַטישע איבערגעגעבנקייט צו דער אידעע פון דער יידיש=וועלטלעכער שול, מיט וואָס עס זיינען געווען דורכגעדרונגען די בויער פון אונזער שול זינט דעם ערשטן טאָג פון איר עקסיסטענץ. דאָס האָט פאַרלייכטערט אַריבערצוטראָגן די מאַטמדיק=שווערע צייטן, דאָס גיט אויך דעם טיפן גלויבן, אַז אונזער שול וועט מנצח זיין אַלע שטערונגען אויף איר וועג.

אַ שול איז געוויינלעך אַ ענין, וואָס דאָס רוב פעלקער קומען צו איר אָן גרויסע שוועריקייטן, אָן קאָמפּליצירונגען. אָבער ביי אונז איז אַנדערש. אַ וועג פול מיט דערנער, פירט צו איר. נאָר וואָס שווערער עס קומט אָן די דערגרייכונג, אַלץ טייערער איז זי. און די יידישע שול, וואָס א"ז אויסגעקעמפט געוואָרן מיט גרויסע קרבנות, וועט ניט אונטערגיין.

זי איז נאָענט און טייער אַלע לעבעדיקע כוחות אויף דער יידישער גאַס!

מ. שור.



# קינדער-אוידיטאריע (1924—1920).

אַן אייגנאַרטיקע איינריכטונג האָט פונקציאָנירט ביים צ. ב. ק. פאַר די יאָרן 1920—1924. דאָס איז געווען די שבתדיקע קינדער-אוידיטאָריע. אַן ענלעכע איינריכטונג האָט עקסיסטירט ביי אונז אין שטאָט אויך פאַר דער מלחמה און אַ געוויסע צייט אין משך פון דער אָקופּאַציע ביי דער געזעלשאַפט „קינדער-פאַרזאָרגונג״. מיטן אונטערגאַנג פון דער געזעלשאַפט איז אויך אָפּ-געשטאָרבן דידאָזיקע איינריכטונג. ערשט ווען דער צ. ב. ק. האָט זיך אָרגאַני-זירט און באַפעסטיקט, האָט זיך באַנייט אויך די קינדער-אוידיטאָריע. דאָס איז געווען סוף 1920.

די אויסער-שול-באַשעפטיקונגס-סעקציע, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער קינדער-אוידיטאָריע, האָט זיך געשטעלט דירעקט פאַר אַ ציל:

א) אין אַ געוויסער מאָס באַפרידיקן דאָס שטרעבן צו וויסן פון די קינדער, וואָס זיינען צוליב פאַרשיידענע סיבות געבליבן מחוץ דער שול, ווי אויך פון די חדר-יינגלעך, וועלכע באַקומען אין הינזיכט פון אַלגעמיינער בילדונג אַבסאָלוט גאָרניט.

ב) שאַפן פאַר די שול-קינדער שבת אַ ווינקעלע, וואו זיי זאָלן קאָנען אָנגענעם און מיט נוצן פאַרברענגען אַ פּאָר שעה.

אומדירעקט האָט די אויסער-שול-סעקציע געוואָלט דורך דער אוידיטאָריע אָפּציען די קינדער פון די קינעמאַטאָגראַפן און טעאַטערן פאַר גרויסע, אַרום וועלכע זיי בלאָנקען זיך שטענדיק אַרום. דאָס לעצטע דעמאָראַליזירט שרעקלעך די שטאָטישע קינדער.

כדי צו דערגרייכן די דאָזיקע צילן, האָט די קינדער-אוידיטאָריע געהאַט בדעה איינצואָרדענען: 1) פאָרלעזונגען מיט צויבער-בילדער אויף פאַרשיידענע פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכע טעמעס, 2) קינדער-פאָרשטעלונגען און קאָנצערטן, 3) קינעמאַטאָגראַפישע סעאַנסן.

אָבער ניט אַלע מינים טעטיקייט האָבן זיך דער אויסער-שול-סעקציע אין אַ גלייכער מאָס איינגעגעבן, און צוליב פאַרשיידענע סיבות — אין דער ערשטער ריי צוליבן מאַנגל אין אַ לאָקאַל, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו אַזאַ מין איינריכטונג; צווייטנס, צוליב דעם דוחק אין צוגעפּאַסטע קרעפטן, ווי אויך צוליב דעם שטענדיקן מאַנגל אין געלט-מיטלען. צוליב דידאָזיקע טעמים האָט זיך די טעטיקייט פון דער קינדער-אוידיטאָריע אויסגעדריקט דערהויפּט אין פאָרלעזונגען מיט צויבער-בילדער, ביי וועלכע ס'האָט זיך לפי-ערך וויי־ניקער געשפּירט דער מאַנגל אין מיטלען און קרעפטן. וואָס איז שייך דער לאָקאַל-פראַגע, איז זי געווען אַן אמתע פּלאָג פאַר דער קינדער-אוידיטאָריע. קיין פריי-וואַטן זאָל האָט מען זיך, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט פאַרגינען (פון די קינדער פלעגט מען נעמען דעם מינימאַלסטן אָפּצאָל, און אינטערנאַט-קינדער פלעגן איינגאַנצן זיין פריי פון געצאָלט). די קינדער-אוידיטאָריע האָט זיך

דעריבער נעמוזט באַפרידיקן מיט געזעלשאַפטלעכע לאָקאַלן. די לעצטע זיינען אָבער זייער אָפּגעלאָזט און פאַרוואָרלאָזט.

ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די קינדער־אוידיטאָריע האָט געשטרעבט צו האָבן אירע אונטערנעמונגען אַלע שבת, האָט זיך עס איר פאַר דער גאַנצער צייט כּמעט קיינמאָל ניט איינגעגעבן. שטענדיק פלעגן זיין בלויזן, ד. ה. שבתים, ווען זי פלעגט ניט קאָנען פונקציאָנירן. דאָס ערשטע יאָר איז אויסגענוצט געוואָרן דער זאַל פון „פילאַרמאָניע" (געוו. „ביליגע קיך", איצט „מכּבי"). אין די לעצטע דריי יאָר האָט זיך די אוידיטאָריע באַנוצט מיט דער גאַסטפריינדלעכקייט פון דער פּראָפ. שול ביי „אָרט" און זיך איינגעאָרדנט ביי זיי אין זאַל, וואָס איז קליין, און אַריינלאָזן אַהין אַן עולם פון 400 קינדער איז שוין כּמעט געווען אַ סכּנה.

די קינדער־אוידיטאָריע איז געווען באַליבט, האָט געהאַט גרויס ערפאָלג און פלעגט צוציען אַ היפּשן עולם קינדער, וואָס פלעגט זיך אָנהייבן צו זאַמלען אַרום דעם זאַל שוין 1 אַזייגער (כּדי צו פאַרכאַפּן אַ בעסערן אָרט!), אינדערצייט ווען די אוידיטאָריע פלעגט זיך עפענען 4 אָדער 5 אַזייגער, און דאָס פלעגט מען שטיין און וואַרטן עטלעכע שעה פאַר דער טיר ניט זומערצייט, נאָר טאַקע אין די גרויסע פרעסט ווינטער. די קינדער־אוידיטאָריע האָט עקסיסטירט נאָר אין די ווינטערדיקע חדשים און צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים: ס'האָט זיך ניט געוואָלט צונויפזאַמלען אַ גרויסן עולם קינדער אין אַ פאַרמאַכטן לאָקאַל אינדערצייט ווען אויף דרויסן שיינט די זון, ס'איז פריילעך און ליכטיק. פון דעם נאָר וואָס געזאָגטן האָט אייגנטלעך די אויסער־שול־סעקציע געדאַרפט מאַכן דעם נייטיקן אויספיר: מ'האָט די קינדער־אוידיטאָריע געדאַרפט אַריבערטראָגן אין דער וואַרעמער צייט אויף דער פריי; פאַרוואַנדלען זי אין אַ מין וואַנדער־קלאַס אויף צו באַקענען מיט פאַרשיידענע צווייגן פון דער אינדוסטריע, מאַכן עקסקורסיעס אין דער אומגעגנט א. ד. גל. דאָס אָבער איז צוליב פאַרשיידענע טעמים דערווייל נאָך ניט געטאָן געוואָרן. אגב גרעניצט זיך שוין דאָ די אַרבעט פון צ. ב. ק. מיט „אָזע", „מכּבי". דאָס איז זיכער אַ דאַנקבאַרע אַרבעט פאַר דער נאָענטסטער צוקונפט.

אָט איז אַ רשימה פון די אונטערנעמונגען, וואָס די אויסער־שול־סעקציע האָט איינגעאָרדנט (אין דערדאָזיקער רשימה זיינען ניט דערמאָנט די 2 קינעמאַטאָגראַפישע סעאַנסן, וואָס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן דורך דער סעקציע. מער קיין פּאַסנדיקע בילדער פאַר קינדער האָט ווילנע ניט פאַרמאָגט, און יעדער מאָל, ווען מ'פלעגט וועלן איינאָרדענען אַזאַ סעאַנס, פלעגט מען אַרומבלאָנקען איבער די קינעמאַטאָגראַפן, „צענזורירן" די פילמס און... אַוועקגיין מיט גאָרנישט).

| דאַטע | לעקטאָר אָדער אָנטיילנעמער | טעמע | באַזוך |
|---|---|---|---|
| **1920** | | | |
| 25 דעצעמבער | א. בולקין | שטיינקיילן און זייער באַדייטונג פאַרן מענטשן | 290 |
| **1921** | | | |
| 1 יאַנואַר | ש. באַסטאָמסקי | פריטיאָף נאַנסען און זיין רייזע צום צפון-פּאָל | 310 |
| 15 יאַנואַר | | קינדער-קאָנצערט: | |
| | ל. לאָזאָווסקי | פידל | |
| | פרל' זשורער | געזאַנג | |
| | י. פּאַט | דערצ. פון קינדער-לעבן | |
| | נ. קימחי, ווישנעווסקי (תלמי-דות) | דעקלאַמאַציע | 730 |
| 12 פעברואַר | י. זאַוועלס | יאַפּאַן | 605 |
| 19 „ | י. גערשטיין | שווייץ | 525 |
| 26 „ | ר. סימכאָוויטש | איטאַליע | 410 |
| 5 מערץ | דודל (ד. בערעזאָווסקי) | ווי אַזוי דער מענטש האָט זיך אויסגעלערנט פליען | 405 |
| 12 „ | א. בולקין | ווי אַזוי קאָלומבוס האָט אַנטדעקט אַמעריקע | 455 |
| 19 מערץ | מ. ליטוואַק | פייערשפּייענדיקע בערג | 410 |
| 2 אַפּריל | | קינדער-קאָנצערט: פידל, ראַיאַל, געזאַנג, דעקלאַמאַציע | 550 |
| 16 אַפּריל | | בעטפאָווען-מאָרגן: | |
| | ידידאָוויטש | בעטכאָווענס ביאָגראַפיע | |
| | י. גערשטיין | בעטכאָווענס באַדייטונג | |
| | סאָלאָמאָנאָווא, קרעווער, קוואַרטעט | פראַגמענטן פון בעטהאָווענס ווערק | 400 |
| 19 אַפּריל | ב. אייזוראָוויטש | אינדיע | |

| דאַטע | לעקטאָר אָדער אָנטיילנעמער | טעמע | באַזוך |
|---|---|---|---|
| 19 נאָוועמבער | | שלום=עליכם=מאָרגן: | 400 |
| | מ. שור | קינדער ביי ש״ע. | |
| | פעקער | געזאַנג | |
| | י. גיליגיטש | דעקלאַמאַציע | |
| | ב. וואָלפסאָן | 〃 | |
| | קימחי | 〃 | |
| 3 דעצעמבער | א. בולקין | אַמעריקע ביז דער באַפרייאונג פון די נעגרעס | |
| 17 דעצעמבער | | די היינטיקע אַמעריקע: | |
| | א. בולקין | אַלגעמיינער איבערבליק | |
| | מ. שור | יידן אין אַמעריקע | |
| | מ. יפה | קינדער אין אַמעריקע | |
| **1922** | | | |
| 7 יאַנואַר | א. בולקין | אויפן גרונט פון ים | דורכשניטלעך צו 250 — 300 קינדער. |
| 28 יאַנואַר | 〃 | וואָרימע לענדער | |
| 11 פעברואַר | 〃 | טאָמאַס עדיסאָן (צום 75=יאָריקן יובילײ) | |
| 18 פעברואַר | 〃 | ערד=ציטערנישן | |
| 25 פעברואַר | 〃 | מיקראָבן — פריינד און פיינד פון מענטשן | |
| 4 מערץ | 〃 | איטאַליע | |
| 11 מערץ | 〃 | שווייץ | |
| 25 מערץ | 〃 | פלאַנעטן און קאָמעטן | |
| 1 אַפּריל | 〃 | די אַנטדעקונג פון צפון=פּאָל | |
| 8 אַפּריל | 〃 | די אַנטדעקונג פון דרום=פּאָל | |
| 6 מאַי | כאָר פון דער קול=טור=ליגע | קאָנצערט | |
| 22 יולי | ר. סימכאָוויטש | זשול=ווערן און זיינע ווערק | |
| 30 יולי | ז. רייזען | מענדעלע מוכר=ספרים | |
| **1923** | | | |
| 13 יאַנואַר | א. בולקין | לואי פּאַסטער און זיינע אויפ=טועכץ | |
| 20 יאַנואַר | א. בולקין | געשיכטע פון א״ב | |
| 27 יאַנואַר | ש. ידידאָוויטש | עפּיזאָדן פון דער ביבל=געשיכטע | |

| דאַטע | לעקטאָר אָדער אַנטיילנעמער | טעמע | באַזוך |
|---|---|---|---|
| 3 פעברואַר | מ. שור | וו. קאָראָלענקאָ | דורכשניטלעך 250 — 300 קינדער. |
| 17 פעברואַר | א. בולקין | אויפן גרונט פון ים | |
| 24 פעברואַר | י. גיליגיטש | קינדער ביי שלום-עליכם | |
| 24 פעברואַר | א. בולקין | זאַליץ | |
| 3 מערץ | „ | שווייץ | |
| 10 מערץ | „ | איטאַליע | |
| 17 מערץ | אידעלסאָן | פראַנקרייך | |
| 24 מערץ | א. בולקין | דער וועג אין דער לופטן | |
| 1924. | | | |
| 12 יאַנואַר | א. בולקין | די ערדציטערניש אין יאַפּאַן | |
| 19 יאַנואַר | „ | שטיינקוילן | |
| 26 יאַנואַר | „ | אין די קאַלטע לענדער | |
| 2 פעברואַר | „ | די איצטיקע אַמעריקע | |
| 9 פעברואַר | „ | אדם הראשונס דורות | |
| 16 פעברואַר | „ | (קולטור-געשיכטע) | |
| 1 מערץ | טירשטיין | שווייץ | |
| 8 מערץ | א. בולקין | אין די פוילישע טאַטרען | |
| 15 מערץ | „ | פּלאַנעטן און קאָמעטן | |
| 29 מערץ | „ | לופט (מיט עקספּערימענטן) | |
| 4 אַפּריל | „ | לופטפליערײַ | |
| 29 אַפּריל | י. גיליגיטש | וואונדער אין דער נאַטור | |
| 10 מאַי | מ. חיימסאָן | וועגן אַנדערסען | |

די קינדער-אוידיטאָריע פאַרמאָגט ביי היינטיקן טאָג עטלעכע לאַמטערנעס, אויך אַ רייכע קאָלעקציע פון צויבער-בילדער, וועלכע זי האָט טיילוויז גע-ירשנט פון דער געז. „קינדער-פאַרזאָרגונג“, טיילוויז אויפגעקויפט אָדער ספּע-ציעל באַשטעלט.

מיט דער דאָזיקער קאָלעקציע בילדער האָט זיך באַנוצט ניט נאָר די קינדער-אוידיטאָריע, נאָר אויך באַזונדערע שולן פון צ. ב. ק., פון „תרבות“, פּריוואַטע שולן (גימנאַזיע ס. גורעוויטש, ב. אָקס) ווי אויך פּראָווינציעלע שולן, הגם ניט אין אַזאַ מאָס, ווי דאָס וואָלט געקאָנט געטאָן ווערן, אויך דער שטאָ-טישער פּעדאַגאָגישער מוזיי (Pracownia szkolna), וועלכער פלעגט זי דע-מאָנסטרירן פאַר אַלע פּוילישע שולן.

אָט איז די רשימה פון די טעמעס, צו וועלכע עס זיינען פאַרהאַן בילדער.

| לויפנד. № | טעמע | צאל בילדער |
|---|---|---|
| 1 | נאַנסען, זיין רייזע צום צפון=פּאָל | 21 |
| 2 | קאַלטע לענדער | 21 |
| 3 | וואַרימע לענדער | 36 |
| 4 | יאַפּאַן | 23 |
| 5 | כינע | 6 |
| 6 | איטאַליע | 32 |
| 7 | שווייץ | 47 |
| 8 | ענגלאַנד | 7 |
| 9 | פראַנקרייך | 4 |
| 10 | דייטשלאַנד | 6 |
| 11 | סקאַנדינאַוויע | 6 |
| 12 | די אַנטדעקונג פון אַמעריקע | 16 |
| 13 | I. איצטיקע אמעריקע | 36 |
| 14 | II. " " | 44 |
| 15 | אין די פּוילישע טאַטרען | 40 |
| 16 | לופט | 10 |
| 17 | לופטפליעריי | 43 |
| 18 | געאָגראַפישע קאַרטעס | 7 |
| 19 | אַנאַטאָמיע | 81 |
| 20 | טאָמאַס עדיסאָן | 20 |
| 21 | פּאַסטער | 5 |
| 22 | זאַלץ | 22 |
| 23 | שטיינקוילן | 36 |
| 24 | וואולקאַנען און ערדציטערנישן | 41 |
| 25 | רייזנדער | 6 |
| 26 | יידישע געשיכטע | 167 |
| 27 | קאַווקאַז | 6 |
| 28 | דער ים | 20 |
| 29 | קינעמאַטאָגראַף | 10 |
| 30 | קולטור=געשיכטע | 48 |
| 31 | זאָאָלאָגיע און פּאַלעאָנטאָלאָגיע | 17 |
| 32 | אלגעמיינע געשיכטע | 17 |
| 33 | קאָסמאָגראַפיע | 94 |
| 34 | פיזיק | 16 |
| 35 | יידישע שריפטשטעלער: מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ, פרוג | 4 |
| 36 | רעפּראָדוקציע פון קינסטלערישע בילדער | 8 |
| 37 | פאַרשיידענע געאָגראַפישע בילדער | 23 |
| 38 | קאָמישע בילדער | 40 + 4 |
| 39 | באָטאַניק | 11 |
| 40 | אין די בערג | 4 |
| 41 | דער באַן=אויפזעער פון גאַרשין | 6 |
| 42 | דער קאָטער אין שטיוול | 5 |
| 43 | דער שלאָפנדיקער ריז | 6 |
| 44 | קינדער=קאַלאָניע | 7 |
| 45 | פאַרשיידענע בילדער צו יידישער געשיכטע און אַנדערע טעמעס | 27 |

א. בולקין.

# שול-אויסשטעלונגען.

## I-טע שול-אויסשטעלונג (דעצעמבער 1919).

אין אָקטאָבער 1919 אויף דער ערשטער שול-באַראַטונג אין וואַרשע, איז באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן אין די גרעסערע פונקטן פון פוילן שול-וואָכן, וועלכע דאַרפן האָבן דאָס ציל — פּאָפּוליאַריזירן די יידישע שול ביי די ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג און דעמאָנסטרירן די פעולות פון די שילער אין די יידיש-וועלטלעכע שולן.

דער צ. ב. ק. איז תיכף צוגעטראָטן צו דער אַרבעט, און דעם 18 דעצ. האָט זיך אָנגעהייבן די שול-וואָך אין ווילנע.

אויסער אַ גאַנצער ריי אַנדערע פאַראַנשטאַלטונגען, האָט דער צ. ב. ק. אָרגאַניזירט אַ גרויסע אויסשטעלונג פון די קינדער-אַרבעטן.

די אויסשטעלונג האָט פאַרנומען אין דעם דעמאָלטיקן לאָקאַל פון דער רעאַל-גימנאַזיע 9 גרויסע צימערן.

דער פּרינציפּ אויף דער אויסשטעלונג איז אָנגענומען געוואָרן,— אויסשטעלן די עקספּאָנאַטן לויט די אַנשטאַלטן. די עקספּאָנאַטן אויף אַלע למודים פון יעדער אַנשטאַלט זיינען אויפגעקליבן געוואָרן אויף איין אָרט. דאָס האָט געהאַט דעם פּאָזיטיוון ווערט, וואָס האָט בולט באַוויזן די מדרגה פון אַנטוויקלונג, אויף וועלכע עס שטייט די געגעבענע אַנשטאַלט. דערפאַר אָבער האָט דאָס לחלוטין ניט דעמאָנסטרירט דעם מצב פונם למוד.

די אויסשטעלונג איז באַשטאַנען פון אויסשניידונגען פון פּאַפּיר, פון צייכענונגען, געמעלן, נאַטור-וויסנשאַפטלעכע אילוסטראַציעס, קלעפּונגען פון ליים, אויסשניצונגען פון האָלץ, שריפטלעכע אַרבעטן, האַנט-אַרבעט, „קאַלענדאַרן" און זעלבסטרעגיסטראַציעס, קאָנספּעקטן פון געשיכטע און נאַטורוויסנשאַפט, אַריטמעטישע, געאָמעטרישע, געאָגראַפישע און אַנדערע עקספּאָנאַטן, אויסשטעלונגען פון ביכער און כלערליי אַנדערע לערנמכשירים, טאַבעלעס, דיאַגראַמעס. העקטאָגראַפירטע קינדער-זשורנאַלן, לידער און פאָלקלאָר.

אַלע קינדער-גערטנער האָבן פאַרנומען איין צימער. דאָס צימער איז געווען זייער באַקוועם איינגעאָרדנט. עס איז געווען אויסגעשטעלט אַ גאַנצע ריי אַרבעטן פון די קינדער, הויפּטזעכלעך פון פּאַפּיר, ליים, אָפּפאַל-מאַטעריאַל, ווייניקער פון האָלץ. עס זיינען געווען עקספּאָנאַטן, וואָס האָבן אילוסטרירט די אַרבעטן פון אַ פייאיקן קינד, אָנהייבנדיק פון 4 ביז 6—7 יאָר, דאָסזעלבע פון אַ מיטעלן און אומפייאיקן קינד.

פון די אינטערעסאַנטערע אַרבעטן פון די פאָלקסשולן דאַרפן פאַרצייכנט ווערן:

1) פאָלקסשול פּרץ — אילוסטראַציעס צום דורכגיין דעם אלף-בית; אויסגעקלעפּטע פון ליים לאַנדקאַרטעס פון אַמעריקע און אַפריקע; אַ רעכנמאַשין;

2) ל. גורוויטש-שול — זייער אַ סך צייכענונגען און געמעלן, באַזונדערס אויף געאָגראַפיע, אַנאַטאָמיע.

3) שול ביי דעם יתומים־הויז — אינטערעסאַנטע האַנט־אַרבעט.

4) שול ביי דער אַרבעטער קינדערהיים — מאָדעלן פון לאַנדווירטשאַפט־לעכע מכשירים, האָלץ־אַרבעט.

5) נאָכמיטאָג־שול אויפן נאָמען פון ה. כאַצקעלס — קאָלעקציעס מינע־ראַלן, אויך האַנטאַרבעט.

6) שול דינעזאָן — וועטער־לוחות מיט איליוסטרירונגען פון פרוכט און בלעטערפאַל.

7) ד. קופערשטיין — געאָגראַפישע קאַרטעס, פּלאַנען, סטאַלאַקטיטן־הייל, קוילנשאַכטע, געאָמעטרישע פיגורן.

8) פּרוג־שול — אינטערעסאַנטע אַרבעטן אויף אַריטמעטיק, געאָמעטריע, געאָגראַפיע און אַנאַטאָמיע; שריפטלעכע אַרבעטן.

9) פאָלקסשול „מפיצי־השכלה" — היסטאָרישע געמעלן פון מצדים, אשור, פיניציען, גריכנלאַנד; אינטערעסאַנטע קאָנספּעקטן; גראַפישע איליוסטראַציעס צו ליטעראַרישע דערציילונגען, צו געאָמעטרישע אויפגאַבן א. א.

10) רעאַל־גימנאַזיע — עקספּאָנאַטן אויף מאַטעמאַטיק, כעמיע, פיזיאָ־לאָגיע א. א.

אַ באַזונדער צימער האָט פאַרנומען די שול־מעדיצין און „מכבי". די שול־דאָקטוירים האָבן אַרויסגעשטעלט אַ מוסטער פון אַ שול־אַפּטייקל, אַ גאַנצע ריי דיאַגראַמעס, טאַבעלן וועגן געזונטצושטאַנד פון די קינדער. „מכבי" האָט אַרויסגעשטעלט מכשירים אויף גימנאַסטיק.

דער לערער־פאַראיין האָט אויסגעשטעלט אַ קאָלעקציע לערנביכער אויף יידיש און העברעאיש, אָנהייבנדיק פון די עלטסטע מוסטערן.

אויך „הילף דורך אַרבעט" האָט אַרויסגעשטעלט אַ סך עקספּאָנאַטן פון די שול־וואַרשטאַטן.

אַ באַזונדער צימער איז געווען פאַרנומען דורך לערנמכשירים (איינ־געאָרדנעט דורך סירקינס בוכהאַנדלונג).

די אויסשטעלונג איז געווען די ערשטע אין דעם מין אין ווילנע. זי האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן רושם אין שטאָט. די באַזוכונג פון דער אויסשטע־לונג איז געווען אַ גוטע. אַ סך שולן (אויך העברעאישע און רעליגיעזע), האָבן זי באַזוכט. אויך אייניקע פּוילישע, ליטווישע לערער האָבן באַזוכט די אויסשטעלונג.

די אויסשטעלונג, אַלס אַן ערשטער פּרוב, האָט געהאַט געוויסע חסרונות, די דאָזיקע פעלערן האָט מען געזען אויסצומיידן אין דער צווייטער אויסשטעלונג.

עס איז אויך געמאַכט געווען אַ פּרוב אָפּצוקלייבן די בעסערע עקספּאָ־נאַטן און שאַפן אַ שטענדיקע אויסשטעלונג. נאָר דאָס האָט זיך ניט איינ־געגעבן.

מ.

# די II שול־אויסשטעלונג — 1923.

אויב מען זאָל משפּטן וועגן דעם ערפֿאָלג פֿון דער אויסשטעלונג לויט דער צאָל געסט, מעג מען זאָגן, אַז זי האָט איבערגעשטויגן אַלע ערוואַרטונגען. אין משך פֿון 9 טעג זיינען דאָ איבערגעוועזן מער ווי צוואַנציק טויזנט מאַן.

אָבער ניט נאָר די יידישע באַפֿעלקערונג איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דער אויסשטעלונג. צענדליקערווייז זיינען געקומען פּוילישע, ווייסרוסישע, ליטווישע שולן, גרופּעסווייז זיינען געקומען ניט־יידישע פּעדאַגאָגן און אַיינגעקוקט זיך מיט אינטערעס און באַוואונדערונג אין די עקספּאָנאַטן. אַפילו די פּוילישע פּרעסע האָט אויך געפֿונען פֿאַר נייטיק אַרויסצוזאָגן זיך מיט וואַרימע ווערטער וועגן דעם אויפֿטו פֿון אונזערע שולן. ביי דער אָפֿיציעלער עפֿענונג פֿון דער אויסשטעלונג זיינען ביי געווען אַ גאַנצע ריי פּערזאָנען פֿון דער אַדמיניסטראַציע און פֿון דער פּוילישער געזעלשאַפֿט, ווי למשל, דער שטעלפֿאַרטרעטער פֿון קוראַטאָר ה. סווידערסקי, שול־אינספּעקטאָר, שטאָט־פּרעזידענט, וויצע־פּרעזידענט, פּאָרזיצער פֿון פּויל. מאַציעזש שקאָלנאַ, פּאָרז. פֿון לערער־פֿאַראיין גאַלאָנזקאַ, אַרכיוואַריוס סטודניצקי, לודוויק אַבראַמאָוויטש, פּאָרז. פֿון פּויל. ליטער.־פֿאַראיין, דעקאַן פֿון הומאַניסטישן פֿאַקולטעט ביים ווילנער אוניווערסיטעט א. אַ. וו.

זייער געראָטן איז געווען די צייט פֿון דער אויסשטעלונג: ס'איז געווען דער סוף פֿון לערניאָר, און די טעג זיינען געווען ניט קיין הייסע. אויסגעצייכנט איז געווען דער לאָקאַל: 16 ליכטיקע זוניקע צימערן מיט אַן אימפּאָזאַנטן טאָפּל־ליכטיקן זאַל. אָט דער זאַל האָט אַריינגענומען מער ווי 2000 קינדערשע צייכענונגען, אויסגעשטעלט דורכן לערער ה. צאַסטראָוו לויט תּקופֿות, סטילן און מיט אַזאַ כּוונה, אַז מען זאָל קאָנען זען די אַנטוויקלונג און די פֿעאיקייטן ביי די מער טאַלענטירטע קינדער. די וואַנט מיט די צייכענונגען אין אויסגעהאַלטענעם יידישן סטיל האָט כּסדר צוגעצויגן צו זיך די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון מאַסן צוזעער.

אין די אַנדערע 15 צימערן זיינען געווען אויסגעפֿירט די עקספּאָנאַטן ניט לויט די שולן, ווי דאָס איז געווען אויף דער פֿריערדיקער (ערשטער) אויסשטעלונג, נאָר לויט די איינצעלנע לימודים. אָט דער גאַנג ביים סאָרטירן דעם מאַטעריאַל באַווייזט, אַז די אָרגאַניזיר־קאָמיסיע פֿון דער אויסשטעלונג האָט זיך לכתּחילה ניט באַנוגנט מיט אַן אויסווייניקסטן סדר, נאָר זי איז אויך דורכגעדרונגען געווען מיט דער שטרעבונג צו אַנטפּלעקן דעם **אינהאַלט און די ווערדע** פֿון די עקספּאָנאַטן.

לעבן גרויסן זאַל פֿון די צייכענונגען האָט זיך געפֿונען דער צימער פֿון **האַנט־אַרבעט**, אין ענגערן זינען פֿון וואָרט.

אינטערעסאַנט איז געווען דער אָפּטייל פֿון **פֿיזיק** און **מאַטעמאַטיק**. דער צימער האָט געהאַט די פֿאָרם פֿון אַן אָפּגעהאַקטער פּיראַמידע, אויסגעהאַלטן אין אַ רואיקן ווייסן טאָן. פֿון די מאַטעמאַטישע מכשירים איז כּדאַי צו דערמאָנען די געביידן פֿון העלצלעך און שטריקלעך, מיט וועלכע מען האָט געקאָנט באַשיינפּערלעך באַווייזן קאָמפּליצירטע טעאָרעמעס. געאָמעטרישע

פיגורן און קערפּערס זיינען געמאַכט געוואָרן פון פאַרשיידנאַרטיקסטן מאַטעריאַל: האָלץ, ליים, בלעך, פּאַפּיר, טאַקטור, דראָט. דאָ זיינען אויך געשטאַנען צוויי טישן מיט פּרימיטיווע פיזיקאַלישע מכשירים, אויסגעבויט פון קנעפּ, פלעשער, האָר-שפּילקעס, שטיקלעך פּאַפּיר וכדומה. עלטערע שילער האָבן דאָ אויפן אָרט דעמאָנסטרירט, ווי די מכשירים פונקציאָנירן, און דאָס פלעגט אַרויסרופן אַ גרויסן אינטערעס סיי ביי קינדער, סיי ביי דערוואַקסענע.

אַנטקעגן איז געווען איינגעאָרדנט דער צימער פון ג ע ש י כ ט ע און ל י ט ע ר אַ ט ו ר. ס'איז געווען אַ פּאַוויליאָן אין מאַוריטאַנישן סטיל. דער לימוד פון ליטעראַטור איז געווען רעפּרעזענטירט דורך אילוסטראַציעס צו די ווערק פון די יידישע קלאַסיקער. אַן אויסגעצייכנטע אַרבעט איז געווען אַ פולקומע דעקאָראַציע (אין מיניאַטור) צום ערשטן אַקט פון דער „גאָלדענער קייט", וואו עס האָט אַפילו ניט געפעלט דער קלימפּערדיקער הענגלייכטער, עטלעכע סצע-נעס פון „טביה דעם מילכיקן" א. אַנד. אַ טיש מיט שריפטלעכע אַרבעטן פון דער יידישער ליטעראַטור, מיט קינדערשע זשורנאַלן איז אַלעמאָל געווען אַרומגערינגלט מיט לייענער. די אויפמערקזאַמקייט האָבן צוגעצויגען עטלעכע גרויסע לאַנדקאַרטן און טאַבעלעס, וואָס האָבן געוויזן די אויסשפּרייטונג און די כאַראַקטעריסטישע סימנים פון די יידישע דיאַלעקטן. אַ נייס אינם לימוד פון געשיכטע זיינען געווען די סינכראָניסטישע טאַבעלן, צונויפגעשטעלט אין די העכערע קלאַסן פון די מיטלשולן. וויכטיק איז צו באַמערקן, אַז דער לימוד פון געשיכטע האָט אויך געזוכט אַ וועג צו דער אילוסטראַטיווער מעטאָדע; עטלעכע שולן האָבן געבראַכט מערקווירדיקע ליים-אַרבעטן, וואָס האָבן פּלאַסטיש פאָרגעשטעלט אַלטערטימלעכע כלים, כלי-זיין, מאָדעלן פון טעמפּלען אאז"וו.

דער שכנותדיקער צימער פון ג ע אָ ג ר אַ פ י ע איז געווען באַצירט מיט אַ באָרדיורע פון ערדקוילן. די ווענט זיינען געווען באַהאַנגען מיט פאַרשיידענע האַנטגעאַרבעטע קאַרטעס פון פיזיקאַלישער, מאַטעמאַטישער און פּאָליטישער געאָגראַפיע. די עקאָנאָמישע געאָגראַפיע איז געווען פּרעכטיק דורכגעאַרבעט גאָר אויף אַ נייעם שטייגער: דורך סטאַטיסטישע טאַבעלן און דיאַגראַמען. קרעמער מיט בערד פלעגן אָפּשטיין שעהנווייז און קוקן: ווי גרויס דער ענגלי-שער זאַק קוילן איז אנטקעגן דעם פּוילישן, ווי גרויס דער דייטשער בריוו מיט דער פּאָסטמאַרקע איז אַנטקעגן דעם ליטווישן, ווי לאַנג עס זיינען די אַמערי-קאַנער אייזנבאַן-ליניעס אַנטקעגן די רוסישע.

איין וואַנט אין דעם צימער איז אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר ה י י מ-ק ע נ ט ע נ י ש. שוין אַ היבשע צייט ווי די פּעדאַגאָגן זיינען געקומען צום באַשלוס, אַז די באַקאַנטשאַפט מיט געשיכטע און געאָגראַפיע דאַרף מען אָנהייבן פון נאָהענטע באַגריפן: פון די לעצטע צייטן, פון דער נאָהענסטער געגנט, וואו דאָס קינד וואוינט. אין אונזערע שולן איז מען שוין אויך אַרויפגעטראָטן אויף דעם וועג, און די אויסשטעלונג-קאָמיסיע האָט זיך מיט אַ באַזונדער אַכט באַצויגן צו די אַלע פּרוון אויף דעם געביט. ס'האָבן טאַקע אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס ביים עולם בכלל און ביי די לערער בפרט אַזוינע עקספּאָנאַטן ווי: וואָסערע מינים באַשעפטיקונגען געפינען מיר ביי ווילנער איינוואוינער,

פלענער פון די גאַסן אַרום דער אָדער יענער שולע, אַן אַלבאָם פון קינדערשע דערציילונגען וועגן די הייזער און גאַסן, וואו זיי וואוינען (מיט אילוסטראַציעס). באַלעגערט זיינען געווען די קלעפּ־אַרבעטן פון ליים, אויסגעפירט אין אַ פּינקט־לעכן מאַשטאַב מיט אַלע פּרטים, וואָס האָבן געוויזן דעם שלאָס־באַרג, דעם קרייץ־באַרג, די ווילייע און די גאַנצע אומגעגנט. פון דעם מין דאַרף דערמאָנט ווערן נאָך דער וואַסער־פאַל אויף פּאָפּלאַוועס.

צוויי צימערן זיינען געווען אינגאַנצן פאַרנומען מיט נ אַ ט ו ר־ו ו י ס נ ש אַ פ ט. דאָ איז געווען פול מיט לעבעדיקע געוויקסן, מיט אַקוואַריומס און הערבאַריומס. ביאָלאָגישע טאַבעלן האָבן באַוויזן די צופּאַסעוודיקייט פון געוויקסן און בעלי־חיים צו דער סביבה. אַנדערע טאַבעלן האָבן געמאָלט די געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פון פאַרשיידענע אָרגאַניזמען.

בנוגע די ק י נ ד ע ר־ג ע ר ט נ ע ר און די ערשטע צוויי לערניאָרן פון דער שול האָט מען געמוזט אָפּטרעטן פון אַלגעמיינעם פּרינציפּ צום סדרן דעם מאַטעריאַל לויט לימודים, ווייל דאָ ווערט בכלל געפירט אַ קלאַסן־אונטעררירכט (דער אַזוי גערופענער „כוללדיקער למוד"). די נייע פּעדאַגאָגישע שטרעמונגען האָבן זיך דערוויילע מער ווי אַלץ אָפּגעשפּיגלט אויפן לערנען אין די יינגערע קלאַסן: דאָ איז גרינגער דורכצופירן דעם פּרינציפּ, אַז דאָס לערנען פון ביכל דאַרף גיין ביינאַנד מיט מאַנועלער אַרבעט. פאַרשיידענע מעטאָדן פון לערנען לייענען און שרייבן, פאַרשיידענע הילפס־טאַבעלן פאַרן לימוד פון חשבון, אילו־סטראַטיווע אַרבעטן צו דער קולטור־געשיכטע האָבן געוויזן, וויפל מען קען דער־גרייכן שוין אין די ערשטע יאָרן, אויב דאָס קינד לערנט זיך אויף דער מוטערשפּראַך און דער קאָפּ ווערט ניט פאַרדולט מיט פרעמדע ווערטער. אינטערעס ביי די לערער האָט אַרויסגערופן אַ טיש מיט מאָנטעסאָרי־מכשירים. אַ שוואַכער פּונקט זיינען געווען די שילערשע העפטן אין פּרט פון כתב; דערינען איז געוויס שולדיק דער פאַקט, וואָס מיר האָבן נאָך ניט ביז היינטיקן טאָג קיין פעסטגעשטעלטע סיסטעם פון יידישער קאַליגראַפיע. אַ האָפענונג, אַז די קומענדיקע אויסשטעלונג וועט געבן בעסערע רעזולטאַטן אין פּרט פון ריינ־קייט פון די העפטן אויך; דאָס קען דערגרייכט ווערן נאָר דורך אַ בהדרגה׳די־קער סיסטעמאַטישער ערציאונג.

אַנדערע צימערן זיינען געווען אָפּגעגעבן אויף אַ ב י ב ל י אָ ט ע ק פון לערן־ און לייען־ביכער, אויף אַ מוסטער פון אַ ק י נ ד ע ר־ט ע אַ ט ע ר, אויף ש ו ל־מ ע ד י צ י ן. באַזונדער מוז נאָך דערמאָנט ווערן אַ צימער, וואו ס׳זיינען געווען צונויפגעזאַמלט אַלע מאַטעריאַלן צום לימוד פון פ ו י ל י ש אין אונזער שול. דאָס איז פאַר אונז אַ נייער געגנשטאַנד; די פראַגע וועגן דעם, ווי אַזוי אים ערנסט אַוועקצושטעלן, איז ערשט איצט ארויף אויפן סדר־היום. דעריבער האָבן די אויסגעקליבענע העפטן, ביכער, סטאַטיסטישע טאַבעלן צו דער געשיכטע און געאָגראַפיע פון פוילן אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס ביים עולם, ספּעציעל ביי דער לערערשאַפט.

* * *

די הכנות צו דער אויסשטעלונג האָבן געדויערט גענוג לאַנג. אָנגעהויבן האָט זיך די אַרבעט אין פעברואַר מאָנאַט. די אָרגאַניזיר־קאָמיסיע האָט באַ־שלאָסן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אויסשטעלונג צונויפרופן אַ ריי ספּעציעלע קאָנפערענצן פאַר איינצעלנע לימודים און אַוועקשטעלן דאָרט אַ גאַנצע ריי פּעדאַגאָגישע פראַגן, וואָס זיינען נוגע דער אויסשטעלונג. דאָ אויף די שמועסן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז הגם קיין טעאָרעטישע קעגנער פון אַרבעטס־פּרינציפּ זיינען צווישן אונזערע לערער ניטאָ, נאָר פּאַקטיש, צוליב די אָדער אַנדערע סיבות, איז ער אין אונזערע שולן פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן; עס הערשט דאָס בוך, דאָס וואָרט. די פּראָגראַם איז אויפגעבויט אַזוי, אַז זי גיט אָפּ מער אָרט פאַר ספרים־קענטעניש, איידער פאַר מאַנועלער אַרבעט און זעלבשטענדיקע באַאָבאַכטונגען פון די קינדער.

אין פאַרבינדונג מיט דער אויסשטעלונג איז אויסגעקומען איבערצובייטן די מעטאָדן פון דער אַרבעט אויף דעם נאָענטסטן סעמעסטער און דערנענטערן זיי צום אַרבעטס־פּרינציפּ. זייער פיל האָבן דערביי צוגעהאָלפן הן די אָקאָרשט דערמאָנטע קאָנפערענצן, וואָס פלעגן זייער גוט באַזוכט ווערן און האָבן דער־וועקט אין דער גאַנצער שול־סביבה אַ גרויסן אינטערעס צו מעטאָדאָלאָגישע פראַגן, הן די ספּעציעל אָרגאַניזירטע לעקציעס און עקסקורסיעס פאַר די לערער. למשל פאַר די לערער פון געשיכטע זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן עקסקורסיעס דורך אַלט־ווילנע, דורכן יידישן שטאָט־טייל, אַ באַזוך אין מוזיי פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט, אין סטראַשונס ביבליאָטעק אאַז״וו. פאַר די לערער פון נאַטורוויסנשאַפט זיינען אַלע שבת דורכגעפירט געוואָרן מוסטער־עקסקורסיעס, וואָס זיינען דערנאָך איבערגעחזרט געוואָרן מיט די תלמידים.

דער גאַנצער אויסזען פון די שולן האָט זיך פאַר דער אויסשטעלונג געביטן. טייל קלאַסן זיינען צייטנווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין וואַרשטאַטן, אָן גלעק׳עך און אָן פּאַרטעס, וואו די קינדער האָבן צוזאַמען מיטן לערער ביי געוויינטלעכע טישן געגרייט די עקספּאָנאַטן. דעם פּעדאַגאָגס קונסט איז באַשטאַ־נען אין דעם, צו ווערן בעל־הבית איבער דער נייער לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן אין דער שול. דאָס האָט געפאָדערט גרויס פאַרשטאַנד און אָנשטרענ־גונג סיי מצד דעם לערער, סיי מצד דעם שילער. צום רעליעף פון שלאָסבאַרג, אַ שטייגער, זיינען בייטיק געווען ניט ווייניקער ווי 14 עקסקורסיעס אויפן אָרט; ס׳איז געווען אַן אמת וויסענשאַפטלעך שטודיום.

אין די ערשטע טעג יוני האָט זיך די גאַנצע פיבערדיקע קינדערשע אַרבעט אַריבערגעטראָגן פון די שולן אין לאָקאַל פון דער אויסשטעלונג. געווען טעג, ווען ביז הונדערט קינדער גלייכצייטיק האָבן מיט האַמערס, טשוועקעס, מיט עמערס פּאַפּ צוגעפּעסטיקט די עקספּאָנאַטן אויף די ערטער, וואָס מען האָט זיי אָנגעוויזן. די עפענונג פון דער אויסשטעלונג איז געווען דער סיום פון אַ גרויסער יום־טובדיקער אַרבעט, פון אַ גרויסער שפּאַנונג און עליה פון קרעפטן סיי ביי די לערער סיי ביי די תלמידים.

די 9 טעג פון דער אויסשטעלונג זיינען געווען באמת אַ הייסע צייט פאַר די לערער. פון 11 אינדערפרי ביז 8 ביינאַכט האָט מען אָן אויפהער

ערקלערט די עקספּאָנאַטן פֿאַר די טויזנטער באַזוכער. פֿון 8 פֿאַרנאַכט פֿלעגן זיך אַלע אָוונט אָנהייבן אין אַ געשלאָסענעם לערערשן קרייז שמועסן וועגן די עקספּאָנאַטן לויט די צימערן. מען פֿלעגט ערנסט און באַריכות אַרומרעדן ניט נאָר די עקספּאָנאַטן גופֿא, נאָר אויך די מעטאָדן פֿון דער אַרבעט. אַזוי זײַנען פֿאָרגעקומען פֿאָלגענדע שמועסן. וועגן צייכענונג—אַרייַנפֿירוואָרט פֿון ח׳ צאַסטראָוו; וועגן די I-טע קלאַסן — ח׳טע צ. פּאַט; וועגן די קינדערגערטנער — ח׳טע מ. אָקון; וועגן פֿיזיק און מאַטעמאַטיק—ח׳ האַמבורג; וועגן סיסטעם פֿון מאָנטעסאָרי — פּרוי וויגאָדסקי; וועגן נאַטורוויסנשאַפֿט—ח׳ אַ. גאָלאָמב; יידיש-למוד: ליטעראַטור עלטערע קלאַסן—מאַקס ערגיק; שריפֿטלעכע אַרבעט און געשיכטע פֿון יידיש-לימוד — ש. באַסטאָמסקי; געשיכטע — ר. סימכאָוויטש; געאָגראַפֿיע — ח׳ ח. פּופּקאָ.

אָט די פּאַרנאַכטיקע באַהאַנדלונגען פֿלעגן צוציען מאַסן אייַנטייַלנעמער און האָבן זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַן אימפּראָוויזירטן לערער-צוזאַמענפֿאָר, אין וועלכן ס׳האָבן זיך באַטייליקט אַלע ווילנער לערער און אַ סך אָנגעקומענע פֿון דער פּראָווינץ (ס׳זייַנען צו דער אויסשטעלונג ספּעציעל געקומען חוץ ווילנער פּראָווינץ, אויך לערער פֿון ביאַליסטאָק און אומגעגנט).

פֿאַר אַלעמען איז געווען קלאָר, אַז די אויסשטעלונג איז אַ וויכטיקער עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער יידישער שול. דאָ איז געקומען צום אויסדרוק די מעכטיקייט פֿונם יידישן שולוועזן, און אַלע האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז אויב די אויסשטעלונג איז ניט קיין פּינקטלעך שפּיגל-בילד פֿון טאָגטעגלעכן לעבן פֿון דער שול, איז זי אָבער אַ װ ע ג װ י י ז ע ר. זי האָט געוויזן, אין וועלכער ריכטונג אונזער שול דאַרף גיין און וואָסערע גרויסע שאַפֿונגס-מעגלעכקייטן עס ליגן נאָך אין איר פֿאַרבאַהאַלטן.

* * *

די אויסשטעלונג איז געווען אַ פּראַקטיקער אויפֿרייס פֿון אַרבעטספּעאַקייט און ענטוזיאַזם אין דער שול און אין איר פּעריפֿעריע. צענדליקער פּעדאַגאָגישע פּראָבלעמען זייַנען אַדאַנק דער אויסשטעלונג געוואָרן קאָנקרעטע טאָגפֿראַגן. אָבער זיי אַלע פֿאַרענטפֿערן האָט די אויסשטעלונג, אַלס אַ אינסטיטוציע אויף אַ ווײַלע, ניט געקענט. אַ רואיקע און כסדרדיקע לאַבאָראַטאָרישע פּעדאַגאָגישע אַרבעט אַרום דעם שולוועזן וואָלט געקענט געפֿירט ווערן נאָר דורך אַ ש ט ע נ ד י ק ע ר א י י נ ר י כ ט ו נ ג, דורך אַ שול-מוזעאום, וואָס זאָל זאָרגעוודיק אויפֿקלייבן יעטווידע התחלה, יעטווידער נייעם פּרוּוו און געדאַנק פֿון די לערער. דאָ וואָלטן געדאַרפֿט געקליבן ווערן די געהעריקע מאַטעריאַלן, אַלע פֿראַגן וואָלטן דאָ באַלויכטען געוואָרן דורך אַן אַלזייטיקער באַהאַנדלונג. דאָ וואָלט זיך אויסגעבילדעט אַ וויסנשאַפֿטלעך-פּעדאַגאָגישע אַטמאָספֿערע, און דאָס וואָס עס האָט מיט אַזאַ גלאַנץ אויפֿגעפֿלאַקערט אויף דער אויסשטעלונג, וואָלט זיך אויפֿהיטן און פֿאַרברייטערן אין אַ שטענדיקער היים פֿון יידישן פּעדאַגאָגישן געדאַנק.

ס. ל. ש א ב א ד.

## שול־אויסשטעלונג — יוני 1923




מאָלן: יידישע אָרנאַמענטיק.




צייכענען און מאָרעלירן.



געאָגראַפיע און היים־קענטעניש.



געשיכטע און ליטעראטור.




פיזיק און מאטעמאטיק.

# פאלקסשול אויפֿן נאמען „דבורה קופּערשטיין“

(געוועז. 4־קלאסיקע מיידל־שול פון דער חברה „מפיצי השכלה“).

## I.

דאָס איז די ערשטע מאָדערנע יידישע פאָלקסשול פאַר די קינדער פון די אָרימסטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין אָקטאָבער 1912 יאָר דורך דער באַרימטער בילדונגס־טוערין, דער אַלטער, בלינדער „ליכט־פאַרשפּרייטערין“ וויערא מאַטווייעוונאַ (דבורה) קופּערשטיין.



דבורה קופּערשטיין.

ווען זי איז געקומען קיין ווילנע און האָט זיך גרינדלעך באַקאַנט מיט די היגע פאַרשיידנאַרטיקע טיפן לערנאַנשטאַלטן, סיי מלוכה׳שע, סיי געזעלשאַפטלעכע און סיי פּריוואַטע, האָט זי צווישן זיי ניט געפונען קיין איינציקע שול, וועלכע זאָל אויף וויפיל ניט איז זיין צוגעפּאַסט צו די באַדערפענישן פון דער אָרימער האָרעפּאַשנער מאַסע. אַ באַזונדערס טרויעריקן בילד האָבן פאָרגעשטעלט מיט זיך די דאַמאָלסדיקע „קאַזיאָנע, נאַראָדנע אוטשילישטשעס“. פאַר

מיידלעך זיינען געווען ביי די דאָזיקע שולן איינגעאָרדנט באַזונדערע פרויען=אָפּטיילונגען (סמעני), וואו מען האָט געלערנט בסך הכל 10 שעה אין וואָך. געלערנט האָט מען אויף רוסיש, און אַ יידיש וואָרט איז געווען שטרענג פאַרבאָטן; פאַרשטענדלעך, אַז די דאָזיקע שולן האָבן ניט געקאָנט געבן אפילו דעם מינימום פון ידיעות אין דער רוסישער „גראַמאַטע" און אין חשבון, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט געבן לויט זייער פּראָגראַם. בלית ברירה, האָבן זיך די אָרימע יידישע מיידלעך געשפּאַרט אין די דאָזיקע שולן און זיינען אַרויס פון דער שול אין אַ יאָר צוויי אַרום די זעלבע אומוויסנדע און פינסטערע ווי זיי זיינען אַהין אַריינגעקומען.

וו. מ. קופּערשטיין האָט אָנגעהויבן אַ שאַרפן קאַמף קעגן די אויבנדערמאָנטע „פאָלקס=שולן", אַ קאַמף, וועלכער איז צו דערזעלבער צייט געווען אַ קאַמף קעגן דער גאַנצער פאַרפוילטער סיסטעם פון דער דאַמאָלסדיקער פאָלקס=בילדונג ביי יידן. אַ באַזונדערן רושם האָט געמאַכט איר רעפעראַט וועגן די נויטן פון דער יידישער פאָלקס=בילדונג אין ווילנע, וועלכן זי האָט געלייענט אין האַנדלס=קלוב פאַר אַ פאַרזאַמלונג פון דער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ און באַנאַוסטאָזיניקער אַרבעטערשאַפט. איר שאַרפע קריטיק האָט זי פאַרענדיקט מיט אַ פאָרשלאָג צו גרינדן אַ נייע, מאָדערנע יידישע פאָלקסשול פאַר מיידלעך פון די אָרימסטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. איר ענערגישער רוף האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג ביי דער יידישיסטישער אינטעליגענץ און ביי דער ווילנער דעמאָקראַטישער יוגנט בכלל — און ווערא מאַטוו, איז צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. די צוגרייטונגס=אַרבעט איז אַוועק אין צוויי ריכטונגען: ערשטנס, האָט מען באַדאַרפט די שול לעגאַליזירן און, צווייטנס, — אַ פינאַנציעלן באַזיס פאַר דער שול. איצט איז זיך שווער פאָרצושטעלן, וויפל שטערונגען, וויפל מניעות מען האָט דאַן באַדאַרפט גובר זיין; און נאָר דאַנק דער אויסערגעוויינלעכער ענערגיע פון וו. מ. איז פאַרווירקלעכט געוואָרן איר פּלאַן, וועלכער האָט זיך אויסגעדוכט פאַר אַ סך ווילנער טוער, ווי אַ פאַנטאַסטישער חלום.

אַזוי ווי די שול האָט באַדאַרפט זיין אַ געזעלשאַפטלעכע, האָט אייגנטלעך די לעגאַליזירונג פון דער שול געקאָנט נעמען אויף זיך איינע פון די צוויי בילדונגס=געזעלשאַפטן, וועלכע האָבן דאַמאָלסט עקסיסטירט אין ווילנע: אָדער די געז. „קינדער=פאַרזאָרגונג", אָדער „מפיצי=השכלה". דאָס וואָלט געווען דער נאַטירלעכסטער וועג. די לאַגע איז אָבער געווען אַזאַ, אַז די „קינדער=פאַרזאָרגונג" האָט שוין געהאַט געעפנט אַ מיידל=שול, אמת, פאַר די מיטעלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג (דאָס איז די איצטיקע 8=קלאַסיקע פאָלקס=שול א. נ. ש. פרוג, ב״ים צ. ב. ק.) און אַ צווייטע שול האָט זי ניט געקאָנט עפענען צוליב מאַנגל אין געלט=מיטלען און אויך אפשר ניט געוואָלט עפענען צוליב דעם, וואָס די פּרינציפּן אויף, וועלכע די נייע שול האָט זיך געזאָלט בויען, יידיש אַלס לימוד און טיילווייז אַלס אונטערריכטס=שפּראַך, האָט זי געהאַלטן פאַר צו ראַדיקאַל. די חבֿרה „מפיצי=השכלה" וואָלט גראָד יאָ געוואָלט עפענען אַזאַ שול, האָבן אָבער די מאַכט=אָרגאַנען געקוקט אַזוי קרום אויף דער געזעלשאַפט, אַז אויף קיין שום לערן=אַנשטאַלט האָבן זיי איר קיין ערלויבעניש בשום

אופן ניט געוואָלט אַרויסגעבן. ווילנדיק ניט ווילדיק, האָט מען זיך געמוזט
משתּ־ל זיין וועגן אַן ערלויבעניש אויף אַ נאָמען פון אַ פּריוואַטער פּערזאָן. נאָך
לאַנגע אָפּשלעפּענישן האָט מען פון דער דירעקציע די ערלויבעניש באַקומען.
באַלד האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די דאָזיקע פּריוואַטע פּערזאָן האָט אין
זינען מער אירע אייגענע נוצן, ווי די נוצן פון שול. ס'איז אויסגעקומען צו
אַפּעלירן צו דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, כּדי צו געבן צו פֿאַרשטיין, אַז די
די שול איז ניט קיין פּערזענלעכער עסק, נאָר אַ ענין פון דער גרעסטער גע-
זעלשאַפטלעכער וויכטיקייט. כּדי צו געבן דער אָרגאַניזיר-אַרבעט אַרום דער
שול דעם כאַראַקטער פון אַ געזעלשאַפטלעכן אויפטו, איז ביי דער חברה „מפיצי-
השכּלה" געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיסיע אונטערן לאַנגן נאָמען אָרגאַניזיר-קאָ-
מיסיע צו גרינדן אַ מיידל-שול ביי דער ווילנער אָפּטיילונג פון דער חברה „מפיצי-
השכּלה". אין נאָמען פון דער דאָזיקער קאָמיסיע האָט וו. מ. מיט אַ גרופּע
איבערגעגעבענע טוער אָרגאַניזירט אַ גאַנצן באַשטייערונגס-אַפּאַראַט, וועלכער
האָט געשאַפן דעם פינאַנציעלן באַזיס פאַר דער שול. די שטאָט איז צעטיילט
געוואָרן אויף 15 ראַיאָנען. פון די הונדערטער אינטעליגענטע פרייַלנס, וועלכע
האָבן זיך פאַררעגיסטרירט פאַר „מיטאַרבעטערינס" ביי דער שול האָט די קאָ-
מיסיע אויסגעקליבן די טיכטיקסטע 30, איינגעטיילט צווישן זיי די 15 ראַיאָנען
צו צוויי מיטאַרבעטערינס אויף אַ ראַיאָן. די עצם באַשטייערונג האָט זיך אויס-
געדריקט אין אַ אָפּצאָל פון 25 קאָפּיקעס מאָנאַטלעך. אין אַ קורצע צייט זיינען
באַשטייערט געוואָרן איבער 3,000 מאַן. און צום כּבוד פון דער ווילנער יידי-
שער באַפעלקערונג דאַרף פאַרצייכנט ווערן, אַז די יונגע זאַמלערינס אויף דער
שול פאַר אָרימע מיידלעך האָבן באַגעגנט אומעטום דעם שענסטן קבלת-פּנים.
פון די געזעלשאַפטלעכע טוער האָבן זיך די ערשטע צייט באַטייליגט אין דער
אָרגאַניזיר-אַרבעט פון דעם פאַרזאָרגונגס-קאָמיטעט ביי דער שול ה' פּ. א. כּהן
און זיין פרוי ס. ס. כּהן, איס. פּאַב. מיכעלסן, פּר' ליכטנשטיין, פּר' שימעלע-
וויטש; שפּעטער האָבן זיך אַ קורצע צייט באַטייליקט ד"ר עפּשטיין און זיין
פרוי, רבקה און טאַטיאַנאַ מאַרקאָווגע עפּשטיין,—אַלץ באַקאַנטע טוער פון ציוי-
ניסטן לאַגער, וועלכע זיינען אין גיכן אַוועק, ווייל זיי האָבן געזען, אַז די שול
גייט ניט אין זייער ריכטונג. אַ באַזונדערס טיכטיקן אָנטייל אין פאַרזאָרגונגס-
קאָמיטעט האָט גענומען ט. בראַמסאָן, וועלכער איז געווען די רעכטע האַנט ביי
וו. מ. און האָט איינגעשאַפט דעם רייכן אינווענטאַר פון דער שול. אַזוי אַרום
האָט זיך געשאַפן אַרום דער שול אַ גאַנצע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג: אין
דער פּעריפעריע—3.000 צאָלער-מיטגלידער; באַלד זיינען נאָך צוגעקומען די
הונדערטער עלטערן פון די קינדער, וועלכע האָבן זיך פאַרשריבן אין שול;
אין צענטער—די אָרגאַניזיר-קאָמיסיע, אָדער שפּעטער דער פאַרזאָרגונגס-קאָמי-
טעט און די פעסט אָרגאַניזירטע גרופּע מיטאַרבעטערינס-זאַמלערינס ווי אויך דער
פּעדאַגאָגישער ראַט, וועלכער איז אָרגאַניזירט געוואָרן.

II.

אַ דאַנק דעם, וואָס אַרום דער שול האָט זיך געשאַפן אַ געזונטע געזעל-
שאַפטלעכע באַוועגונג, איז פון אָנהייב ניט געווען צו באַמערקן, אַז די זאַך זאָל

טראָגן אַ וועלכן ניט איז פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער. דער ציל, וואָס די שול האָט זיך געשטעלט, איז ניט געווען סתם געבן קענטעענישן א גרופּע אָרימע מיידלעך, נאָר הויפּטזעכלעך דערציען די פּערזענלעכקייט, געבן זיי אַזאַ דערציאונג, וועלכע זאָל האַרמאָניש אַנטוויקלען זייערע פיזישע און גייסטיקע כוחות און דערמיט אַליין געבן זיי דעם נייטיקן כלי-זין אין זייער צוקונפטיקן קאַמף פאַר דער עקסיסטענץ. די פּראָגראַם פון דער שול האָט אַנטשפּראָכן פולשטענדיק די פּראָגראַמען פון די מאָדערנסטע אייראָפּעאישע פאָלקס-שולן. אויסער די נייטיקע שפּראַכן, האָט מען אָפּגעגעבן אַ בכבודיקן אָרט דעם לימוד פון נאַטורוויסנשאַפט, וועלכער איז פון אָנפאַנג אָן פאַרבונדן געווען מיט אַרבעט. מען האָט אַיינגעאָרדנט אָפטע עקסקורסיעס הינטערן שטאָט, אין די וועלדער און די פעלדער; מען האָט געזאַמלט קאָלעקציעס, געמאַכט עקספּערימענטן; מען האָט זיך ניט געקאַרגט מיט מיטלען, כדי אַיינצושאַפן די נייטיקע מכשירים. לויט די זעלבע מעטאָדן, וועלכע זיינען געבויט געווען לכתחילה אויף דעם אַרבעטס-פּרינציפּ, איז אַוועקגעשטעלט געווען דער לימוד פון געאָגראַפיע און חשבון. אויסער דעם איז אין אַלע קלאַסן געווען דורכגעפירט דער פּרינציפּ פון קאָנצענטראַציע. אַ גרויסן אָרט האָבן פאַרנומען פאַרשיידענע האַנטאַרבעטן: ווי קנעטן פון ליים, אויסשניידן פון פּאַפּיר, צייכענען, פלעכטן און באַזונדערס נייען און האַפטן. דערביי האָט מען געהאַט אין זינען ניט נאָר געבן די קינדער אין די הענט די עלעמענטן פון אַ מלאכה, צוגעוויינען זיי צו אַ פלינקער אַרבעט, נאָך הויפּטזעכלעך אַנטוויקלען דעם עסטעטישן געפיל. אַ באַזונדערע באַדייטונג האָבן געהאַט פאַר די אָרימע קינדער די למודים פון געזאַנג, שפּילן און גימנאַסטיק; דאָס האָט ניט נאָר אויסגעגלייכט זייערע קערפּערלעך און צוגעגעבן זיי שיינקייט און גראַציע, נאָר האָט אַריינגעהויכט אין זייערע פאַראומערטע נשמות פיל פרייד און לעבנסלוסטיקייט, די גרעסטע שוועריקייט פאַרן פּעדאַגאָגישן ראַט איז געווען די פראַגע וועגן די שפּראַכן. אַלע זיינען געווען איבערצייגט, אַז די למודים דאַרפן געפירט ווערן אין דער נאַטירלעכער שפּראַך פון די קינדער, אין יידיש. אָבער ווי פירט מען דאָס פּראַקטיש דורך אין לעבן, בשעת דער געזעץ פאַרבאָט דאָס און הייסט דוקא לערנען אין רוסיש? מען האָט געמוזט גיין אויף קאָמפּראָמיסן: דער למוד פון רוסיש איז געווען אַוועקגעשטעלט גרינדלעך, מען האָט אויף אים אָפּגעגעבן 6 שעה אין וואָך, כדי די מאַכט זאָל קיין טענות ניט האָבן; מען האָט ווייניק געגלויבט, אַז אין דער 4-קלאַסיקער שול וועט זיך איינגעבן אויף אַזוי פיל אויסלערנען רוסיש, זיי זאָלן קענען פאַרשטיין אַ ליטעראַריש ווערק; מיט אַ געוויסער ריזיקע האָט מען איינגעפירט אין דער שול דעם לימוד פון יידיש 3 מאָל אַ וואָך. מען האָט זיך באַדאַרפט אויסהיטן ניט נאָר פון אינספּעקטאָר, וועלכער האָט געוויינטלעך באַזוכט זעלטן די שול, נאָר אויך פון דער אָפיציעלער פאַרוואַלטערן, אויף וועמעס נאָמען ס'איז אַרויסגעגעבן געוואָרן די קאָנצעסיע, און וועלכע פלעגט אָפט זיין אין שול. דאָך איז דער לימוד פון יידיש געגאַנגען גאַנץ נאָרמאַל און איז געוואָרן ביי די קינדער דער באַליבטסטער למוד צו גלייך מיט די 2 שעה יידישע געשיכטע אין וואָך. אויף יידיש זיינען אויך

געפירט געוואָרן די למודים פון חשבון, נאַטור און געאָגראַפיע; מען האָט די
קינדער באַקאַנט געמאַכט נאָר מיט דער רוסישער טערמינאָלאָגיע און צוגע=
גרייט זיי, ווי צו ענטפערן אין פאַל, ווען דער אינספּעקטאָר וועט באַזוכן די
לעקציעס.

גאַנץ הייסע וכּוחים האָט אַרויסגערופן די פראַגע וועגן העבּרעאיש. די
מערהייט פון פּעדאַגאָגישן ראַט איז געווען קעגן דעם אַריינפירן העבּרעאיש
אין שול, ווייל אין אַ 4=קלאַסיקער שול קען מען ווייניק וואָס דערגרייכן אין
דעם למוד. אָבער דאָ האָט זיך אַריינגעמישט די השפּעה פון פּעטערבורגער
קאָמיטעט פון „מפיצי השכּלה", וועלכער האָט געשטעלט אַ קאַטעגאָרישן תּנאי
אויף אַרויסצוגעבּן אַ סובּסידיע, מען זאָל אַיינפירן העבּרעאיש פון ערשטן לערן-
יאָר. אומזיסט האָט זיך דער פּעד. ראַט געאַמפּערט, אָנווייזנדיק ווי ס'איז אַנטי=
פּעדאַגאָגיש אָנצוהייבּן עטלעכע שפּראַכן מיט אַ מאָל מיט אָנפאַנגס=שילער;
ס'האָט ווייניק געהאָלפן, און אַזוי ווי די יונגע שול האָט זיך געניייטיקט אין
דער מאַטעריעלער און מאָראַלישער אונטערשטיצונג פון פּעטערבורגער קאָ=
מיטעט, איז מען אַיינגעגאַנגען אויף אַ פּשרה: אָנהייבּן צו לערנען יידיש, און
אין צווייטער העלפט פון לערניאָר אַריינפירן העבּרעאיש 3 שעה אַ וואָך. אין
אַלגעמיין דאַרף מען מודה זיין, אַז אויסער די אַלע שפּראַך=שוועריקייטן, איז
די שול אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ געזונטן באָדן; די יידישע שפּראַך האָט
לעבּעדיק געקלונגען אין דעם נייעם קולטור=ווינקל אויף קאָננע 4. די שול איז
תּיכּף געוואָרן פּאָפּולער בּיי די בּרייטסטע שיכטן פון דער אָרימער יידישער
בּאַפעלקערונג; עס האָבּן זיך פאַרשריבּן בּיי 500 קינדער און אָנגענומען האָט
מען געקאָנט נאָר 180, וועלכע זיינען געווען צעטיילט אין פאָלגנדיקע קלאַסן:
צוויי ערשטע, 1 צווייטער, 1 דריטער. מען האָט אָרגאַניזירט אַ געניע אויס=
פאָרשונג פון דער לאַגע פון די קינדער, און מען האָט אָנגענומען פאָלגנדיקע
בּאַגרענצונגען: 1) פון צוויי אָדער דריי שוועסטער אָננעמען נאָר איינע, כּדי
אַ גרעסערע צאָל משפּחות זאָלן געניסן פון דער קולטור, וואָס זייערע קינדער
וועלן אַריינטראָגן אין דער היים פון שול; 2) בּיי אַלע גלייכע בּאַדינגונגען, בּיי
אַ גלייכן עלטער און גלייכע פעאיקייטן אָננעמען די אָרימסטע, און 3) בּיי
אַ פאַרשיידענעם עלטער פון די מיידלעך אָפּגעבּן די בּכורה אָנצוקומען אין שול
די עלטערע, כּדי שנעלער צו בּאַקעמפן דעם אַנאַלפאַבּעטיזם. מען האָט דאַ=
מאָלסט ניט פאָראויסגעזען, אַז די אָרימסטע קינדער און קינדער פון אַ גרעסערן
עלטער, פון אַ יאָר 12—13, וועלן זיך אין שול ניט אַיינהאַלטן קיין 4 יאָר, און
בּאמת איז שוין דאַן געווען אין די עלטערע קלאַסן אַ סך אַ קלענערע צאָל
קינדער, ווי אין די יינגערע. דערפאַר האָט מען צום ערשטן קלאַס געעפנט
אַ פּאַראַלעלן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט מען אַיינגעזען דעם פעלער, און
כּדי אַיינצוהאַלטן די קינדער אין שול, האָט מען אָנגעהייבּן אָפּצוגעבּן די בּכורה
די יינגערע, בּיז וואַנען מען האָט דערגרייכט מיט אַ יאָר 3 צוריק, אַז אין ערשטן
קלאַס זאָלן אָנגענומען ווערן קינדער פון 8—7 יאָר און ניט עלטער. כּדי צו דער=
גאַנצן דאָס בּילד, דאַרף מען נאָך צוגעבּן, אַז מען האָט זייער פיל אַכט גע=
לייגט אויף דער פיזישער ערציאונג און אויפן סאַניטאַר=היגיענישן צושטאַנד פון

די קינדער. די שול האָט די ערשטע אָרגאַניזירט שול־מעדיצין־אויפזיכט, דער ערשטער דאָקטאָר פון שול איז געווען דער באַוואוסטער קינדער־דאָקטאָר מ. לעווין. מען פלעגט די קינדער באָדן אַלע צוויי וואָכן. כדי צו פאַרשטאַרקן זייער דערנערונג, האָט מען איינגעפירט וואַרימע פרישטיקן, וועלכע מען פלעגט ברענגען פון דער קיך ביי „תּירת אמת" און שפּעטער פון דער אַרבעטער־קיך. די קינדער פלעגן אין שול אָנטאָן רייַנע פאַרטוכער.

דער פּעדאַגאָגישער ראַט האָט געאַרבעט מיט גרויס איבערגעבנקייט. כמעט אַלע לערער זייַנען געווען מיט העכערער בילדונג און אויסערדעם האָבן זיי דורכגעמאַכט פּעדאַג. קורסן. צופעליק זייַנען כמעט אַלע לערערינס געווען ניט קיין ווילנערינס. די פּאַרוואַלטערין איז געווען די באַוואוסטע טאַלענטפולע פּעדאַגאָגין, בערטאַ מאָסיייעוונע גאָרדאָן־סניסאַרענקאָ. די לערערינס זייַנען זייער באַליבט געווען ביי דער מאַסע עלטערן, וועלכע מען פלעגט אָפט צונויפרופן אויף עלטערן־פאַרזאַמלונגען. אַלע פּרובן צו גרינדן אַן עלטערן־קאָמיטעט האָבן זיך די ערשטע צייט אויסגעלאָזן מיט גאָרנישט צוליב דער אָפּגעשטאַנענקייט פון דער עלטערן־מאַסע. די ערשטע צייט פלעגן די עלטערן קומען צו די לערער מיט טענות, אַז די קינדער פטרן אין שול די צייט אומזיסט, אַז זיי טאַנצן און זינגען און שפּרינגען און אַז מען לערנט ווייניק; זיי פאַרשטייען ניט, צוליב וואָס מען מאַכט מיט גרויסע קינדער צאַצקעס פון ליים א. אז. וו. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ סיסטעמאַטישע אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די אָפּגעשטאַנענסטע עלעמענטן פון דער אָרימער יידישער באַפעלקערונג, צווישן די איינוואוינער פון באַנקאָווסקי'ס הויף און פון די גאַס'עך פון נאָוואָגאָראָדער פאָרשטעטל. אָפטמאָל פלעגט מען איינאָרדענען ספּעציעלע קינדער ימים־טובים, למשל חנוכּה, פּורים; מען פלעגט איינלאַדן די עלטערן, כּדי צו ווייזן זיי, וואָס פאַר אַ פּעולות ס'האָבן אויפגעטאָן די קינדער. די לערער האָבן ניט געשאַנעוועט זייער צייט; דריי מאָל אַ וואָך פלעגט מען זיך צונויפקלייבן אויף פּעדאַגאָגישע ראַטן, אויף פאַרשיידענע פּראָגראַם־קאָמיסיעס. דאָס לעבן פון שול איז געגאַנגען מיט זיין פולן גאַנג ביז וואַנען ס'האָט אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה — און פאַר דער שול האָבן זיך אָנגעהויבן שווערע און ביטערע צייטן.

### III.

ווי נאָר ס'איז אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה, האָט זיך גלייך אָנגעהויבן אַ מהומה אין די בירגערלעכע געזעלשאַפטלעכע קרייזן. איצט איז ניט קיין צייט פאַר קולטור־אַרבעט, איצט דאַרף מען העלפן די פאַרוואונדעטע, בויען לאַזאַרעטן, אָבער ניט קיין שולן,—האָבן געטענה'ט אונזערע טוער. אין אַ באַזונדערן עקסטאַז איז אַריינגעפאַלן דער פאָרזיצער פון פאַרזאָרגונגס־קאָמיטעט פ. איס. קאַגאַן, דער דירעקטאָר פון דער פּריוואַטער יידישער גימנאַזיע. ער האָט געפאָדערט פון פּעד. ראַט, מען זאָל תּיכּף שליסן די שול, ווייל די שול האַלט זיך אויף אַ באַשטייערונג, און איצט טאָר מען ניט קלייבן קיין געלט אויף שולן, ס'זייַנען דאָ וויכטיקערע זאַכן, די געזעלשאַפט האָט איצט אַנדערע אויפגאַבן א. אז. וו. דער פּעדאַגאָגישער ראַט האָט זיך קאַטעגאָריש אָרויסגעזאָגט קעגן

8. קאנאנס פאַרשלאָג און האָט געמאָלדן, אַז אויב דער פּאַרז.-קאָמיטעט זאָגט זיך אָפּ פון זיין ארבעט, נעמען די לערער אַליין איבער די שול.

ביז דעם מאָמענט פון דער עוואַקואַציע איז די לאַגע פון שול געווען גאַנץ נאָרמאַל,—צרות האָבן זיך אָנגעהויבן מיט דער דייטשער אָקופּאַציע (סעפּטעמבער 1915). דער גאַנצער באַשטאַנד פון די פריערדיקע טוער, ווי אויך וו. מ. קופּערשטיין, האָבן פאַרלאָזן ווילנע. אין אייניקע חדשים אַרום האָט זיך אויף גיך איבערקאָנסטרואירט דער קאָמיטעט פון „מפיצי-השכלה", וועלכער איז צוגעטראָטן צו אַ ברייטערער בילדונגס-טעטיקייט: געגרינדעט די יינגל-שול („מפיצי-השכלה"), די געמישטע פאָלקס-שול אויף אַנטאָקאָל און איבערגענומען אויך אונזער מיידל-שול; אַזוי ווי די מערהייט אין דעם אויף דאָס ניי געקליבענעם קאָמיטעט זיינען געווען ציוניסטן, איז פאַרשטענדלעך, אַז אין פאַרזאָרגונגס-קאָמיטעט פון מיידל-שול האָבן זיי איינגיכן פאַרנומען דעם בכבודיגסטן אָרט. נאָר ווען זיי האָבן איינגעזען, אַז זייערע פּרובן צו העברעאיזירן די שול שטויסן זיך אָן אויף דעם שטאַרקסטן ווידערשטאַנד מצד דעם פּעד. ראַט, זיינען זיי אָפּגעקילט געוואָרן און אַוועק אַרבעטן אין די העברעאיסטישע שולן. די שטיצע, וואָס דער קאָמיטעט פלעגט געבן די שולן, איז געווען אַ נישטיקע; איינמאָל נאָר האָט זיך באַקומען אַ באַדייטנדע סובסידיע פון פּעטערבורגער קאָמיטעט „מפיצי-השכלה" און שפּעטער, ווען ס'האָט זיך איינגעשטעלט אין ווילנע דער צענטראַל-קאָמיטעט, וועלכער האָט געשפּילט די ראָלע פון אַ קהילה, פלעגט די שול פון צייט צו צייט באַקומען פון אים סובסידיעס, פון די געלטער, וועלכע ער פלעגט באַקומען פון די הילפס-אָרגאַניזאַציעס אין דייטשלאַנד און אַמעריקע. מיט גרויס מי האָט זיך איינגעגעבן איינצוהאַלטן ווי עס איז די מאָנאַטלעכע זאַמלונגען פון די מיטאַרבעטערינס; צוליב דעם אָפּפאָר פון וו. מ. און פון אַ היבשן סכום צאָלער פון ווילנע, איז די דאָזיקע הכנסה פון 300 רובל מאָנאַטלעך פאַרקלענערט געוואָרן אויף 60 רובל (אין 5 מאָל), ביסלעכווייז איז די אָרגאַניזאַציע פון מיטאַרבעטערינס-זאַמלערינס פאַנאַנדערגעפאַלן. מען האָט איינגעלאַדן אַ טיכטיקן אינקאַסענט אויף שכירות.

דער פּעד. ראַט האָט אָרגאַניזירט אַ נייעם פאַרזאָרגונגס-קאָמיטעט פון פאָרשטייער פון דער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ; אין אים זיינען אַריין ב. היילפּערן מיט זיין פרוי, ה. אייזנשטאַט מיט זיין פרוי, ר. מאָזעס. אַ באַזונדערס אַקטיוון אינטערעס האָט אַרויסגעוויזן ב. היילפּערן, וועלכער האָט אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אַ ריי געלונגענע אונטערנעמונגען לטובת דער שול; דאַן זיינען צום ערשטן מאָל איינגעאָרדנט געוואָרן די קאָנצערטן פון די באַוואוסטע זינגער קיפּניס און זעליגפעלד, וועלכע זיינען געווען אַ נייס פאַר ווילנע. אויך דער באַרימטער אַרטיסט יוסף ווינאָגראַדאָוו האָט געגעבן אייניקע קאָנצערטן לטובת דער שול. אגב דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן, אַז דער ח' ב. היילפּערן איז געווען דער איניציאַטאָר און הויפּט-אָרגאַניזאַטאָר פון דער זייער פּאָפּולערער „קינדער-לאָטעריי", וועלכע האָט געהאַט אַ גרויסן ערפאָלג און האָט געגעבן אַ באַדייטנדע סובסידיע פאַר אַלע קינדער-אַנשטאַלטן פון ווילנע... קיין שכר למוד איז נאָך דאַן אין שול נים געווען איינגעפירט; דעם פּרינציפּ האָט מען דאַן

הייליק אָפּגעהיט. יעדעס קינד האָט אָבער באַדאַרפֿט אַריינטראָגן 3 רובל אויף די נויטיקע לערן־ביכער און אַנדערע מכשירים, וועלכע די קינדער פֿלעגן באַקומען אין זייער אייגנטום; נאָר די קינדער זיינען געווען אַזוי אָרים, אַז 40% פֿלעגן דערפֿון אויך באַפֿרייט ווערן און באַקומען די ביכער אומזיסט. ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער שרעקלעכער הונגער, און צענדליקער שול־קינדער זיינען קראַנק געוואָרן אויף טיפֿוס, האָט זיך געגרינדעט ביי דער שול אַ קראַנקן־קאַסע, וועלכע האָט געאַרבעט אונטער דער אָנפֿירונג פֿון פֿאַרז.־קאָם. אַ סך קינדער זיינען ממש אַרויסגעריסן געוואָרן פֿון די נעגל פֿון טויט; פֿאַר די אָפּגעשוואַכטע קינדער איז געעפֿנט געוואָרן אַ קאָלאָניע, פֿון וועלכער ס'איז אויסגעוואַקסן די באַוואוסטע קינדער־קאָלאָניע ביי „אָזע", וואו ס'זיינען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן הונדערטער לעבנס פֿון אונזערע שוואַכע שול־קינדער. דעם טיכטיקסטן אָנטייל אין דער דאָזיקער אַרבעט האָט גענומען די פֿרוי בערטאַ וולאַדימיראָוונע היילפּערן. פֿון די דאָקטוירים האָט זיך מיט אַ באַזונדערער איבערגעבנקייט פֿאַרנומען מיט דער רעטונגס־אַקציע ד"ר צ. שאַבאַד. ניט קוקנדיק אויף די אַלע שרעקלעכע באַדינגונגען, זיינען די לימודים אין שול געגאַנגען מיט זייער פֿולן גאַנג און אויף קיין איין טאָג ניט איבערגעריסן געוואָרן. ניט אַזוי לייכט איז געווען צו פֿירן די פּעדאַגאָגישע אַרבעט אונטערן קאָנטראָל פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט. דעם ערשטן האַלבן יאָר (פֿון סעפּטעמבער 1915 ביז אַפּריל 1916) האָבן די דייטשן זיך באַצויגן גאַנץ טאָלעראַנט צו אונזערע שולן. דער שול־ראַט האָט עטלעכע מאָל באַזוכט די שול און אויסגעדריקט זיין צופֿרידנקייט מיטן פּעדאַגאָגישן מצב פֿון דער שול.

נאָר די אַלע קאָמפּלימענטן האָבן לאַנג ניט געהאַלטן. אין אַפּריל ווערט איינגעפֿירט, לויט דער שטרענגער פֿאַראָרדענונג פֿון דער מאַכט, די דייטשע שפּראַך פֿון III לערן־יאָר. דער לימוד פֿון רוסיש ווערט פֿאַרבאָטן. פֿאָרט ווערט רוסיש נאָך אַ געוויסע צייט געלערנט ניט אָפֿיציעל, און עס באַקומט זיך די אומגעלומפּערטע פֿילשפּראַכיקייט, די גרעסטע צרה פֿאַר דער יידישער שול. צום נייעם לערן־יאָרן האָבן זיך אַ שאָט געטאָן נייע צירקולאַרן, למשל, פֿאַרבאָטן העברעאיש, געפֿאָדערט לערנען רעליגיע און מאַכן אַ שטונדנפּלאַן, לויט וועלכן מען זאָל זונטאָג לערנען נאָר רעליגיע, גימנאַסטיק און געזאַנג, ד. ה. פֿאַקטיש אַ טאָג פֿון צוואַנגס־רו. ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף מיט די נאַציאָנאַלע שולן אונטער דער מאַסקע פֿון קאַמף קעגן דער טיפֿוס־עפּידעמיע, האָט די מיידל־שול גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל, און איר פֿאַרוואַלטערין, ראָנע רייגעס, וועלכע האָט פֿאַרוואַלטעט מיט דער שול פֿון 1913 יאָר אָן, איז אויך אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט נאָך פֿאַרוואַלטערס פֿון די יידישע און פּוילישע שולן. ס'איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז אויפֿטאָן אַ סך אין פּעדאַגאָגישן זין האָט מען ניט געקאָנט, אויף איינצוקויפֿן מכשירים איז קיינמאָל קיין געלט ניט געווען. די דייטשע מאַכט, וואָס האָט באַשטייערט די באַפֿעלקערונג פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, האָט ניט געוואָלט אויף די שולן קיין פֿעניג געבן. מיט אַ געדריקטן געמיט האָבן די לערער זיך געמוזט צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען, האָפֿנדיק, אַז מיטן סוף פֿון מלחמה וועט אונזער שול ווידער אויפֿבליען.

וואָס פאַר אַ בילד ס'האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך אונזער שול אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, קען אונז געבן אַ באַגריף די טאַבעלע פון דעם דאַמאָלסטיקן לערנפּלאַן פון דער מיידל־שול:

| № | לימודים | קלאסן Ia | Ib | Ic | IIa | IIb | III | IV | בס״ה שעה אין וואָך |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | יידיש . . . . . . . | 8 | 8 | 8 | 4 | 4 | 4 | 4 | 40 |
| 2 | יידישע געשיכטע . . . . | 1 | 1 | 1 | 2 | 2 | 2 | 2 | 11 |
| 3 | העברעאיש . . . . . . | — | — | — | 4 | 4 | 4 | 5 | 17 |
| 4 | אַריטמעטיק . . . . . . | 5 | 5 | 5 | 4 | 4 | 4 | 4 | 31 |
| 5 | נאַטור־לימוד . . . . . | — | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 8 |
| 6 | געאָגראַפיע . . . . . . | — | — | — | — | — | 2 | 2 | 4 |
| 7 | רוסיש . . . . . . . | — | — | — | 5 | 3 | 4 | 4 | 16 |
| 8 | דייטש . . . . . . . | — | — | — | — | — | 3 | 3 | 6 |
| 9 | האַנט־אַרבעט . . . . . | 2 | 2 | 2 | 3 | 3 | 3 | 3 | 18 |
| 10 | צייכענען . . . . . . | 1 | 1 | 1 | 2 | 2 | 1 | 1 | 9 |
| 11 | גימנאַסטיק . . . . . . | 1 | 1 | 1 | 1 | 1 | 1 | 1 | 7 |
| 12 | געזאַנג . . . . . . . | — | — | — | 1 | 1 | 1 | 1 | 4 |
| | בס״ה אין וואָך שעה . . | 18 | 18 | 18 | 28 | 26 | 31 | 32 | 171 |

דאָ זעען מיר, ווי קליין ס'איז די צאָל שעהן אויף נאַטור־לימוד און יידיש; פיזיק און כעמיע און אַלגעמיינע געשיכטע פעלן אינגאַנצן; די צאָל שעהן אין די ערשטע קלאַסן איז מיט 6 קלענער פאַר דער געוויינלעכער נאָרמע 24 שעה. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס דער פּעד. ראַט האָט געמוזט עפענען אַ III פּאַראַלעלן קלאַס פאַרן ערשטן לערניאָר צוליב דעם גוואַלדיקן צופלוס פון קינדער; צום פרילינג־אויפנאַם, גלייך נאָך פסח האָבן זיך פאַרשריבן אין משך פון פינף טעג 518 קינדער. מען האָט תיכף אויפגעהערט צו פאַרשרייבן נייע און מען האָט נאָך אַ גרינדלעכער אויספאָרשונג פון די לעבנס־באַדינגונגען פון די עלטערן, באַשלאָסן צו צונעמען 180 נייע תלמידות, וועלכע זיינען צעטיילט געוואָרן אין די ערשטע קלאַסן, צו 60 קינדער אין אַ קלאַס. צוזאַמען מיט די פריערדיקע 220 שילערינס מאַכט אויס די אַלגעמיינע צאָל קינדער 400—ביי דער נאָרמע האַלט זיך די צאָל קינדער כמעט די גאַנצע צייט. ווען ס'האָט זיך געשטעלט די פראַגע, ווי אַזוי וועט מען אויסהאַלטן דעם צו־

געקומענעם ערשטן קלאַס, האָט זיך דער פּעד. ראַט קיין אַנדער עצה ניט געקענט געבן, ווי פֿאַרקירצן צו ביסלעכווייז די צאָל שעהן אין די איבעריקע קלאַסן און אויף זייער חשבון שאַפֿן דעם ביודזשעט פֿאַרן נייעם קלאַס.

אין 1916 יאָר האָט די שול זוכה געווען צו פֿייערן דעם סיום פֿון ערשטן אַרויסלאָז אירן. ס'האָבן געענדיקט די שול 20 קינדער, וועלכע האָבן באַקומען געדרוקטע יידישע אַטעסטאַטן, די ערשטע אין ווילנע. ניט קוקנדיק אויפֿן טרויער אַרום, איז די שטימונג געווען אַ געהויבענע. מען האָט זיך דערמאָנט אָן די פֿריערדיקע טוער, אָן די פֿריערדיקע צייטן. ביי אַלעמען איז געווען דער וואונש צו פֿירן די אַרבעט ווייטער. כּדי צו פֿאַרוואַנדלען די שול אין אַ 6=קלאַסיקע; ניט לייכט איז דער דאָזיקער וואונש מקוים געוואָרן.

## .IV

מיטן אויסברוך פֿון דער דייטשער רעוואָלוציע אין נאָוועמבער 1918 איז די אָקופּאַנטישע מאַכט געוואָרן שוואַכער, און זי האָט זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו ליקווידירן. ס'האָבן זיך געעפֿנט פֿאַרן שול=וועזן נייע פּערספּעקטיוון; די מאַטעריעלע לאַגע איז אָבער געווען זייער שווער; 4 חדשים זיינען די לערער געזעסן אָן געהאַלט; דער צענטראַל=קאָמיטעט איז זיך שוין צעפֿאַלן, מען האָט אָנגעהויבן די וואַל=קאַמפּאַניע צו דער קהילה; דער נצחון פֿון די דעמאָקראַטישע און הויפּטזעכלעך סאָציאַליסטישע עלעמענטן האָט אויפֿגעמונטערט די אויסגעמאַטערטע לערערשאַפֿט. דערווייל האָט זיך געביטן די מאַכט צוויי מאָל. נאָך עטלעכע טעג פֿון דער פּוילישער הערשאַפֿט איז אין ווילנע אַריין די ראַטן=מאַכט. אַ דאַנק די אָנווייזונגען פֿון דער לערער=קאָלעגיע, האָט זי זיך איבערצייגט, אַז די שול=פֿראַגע אין ווילנע איז אַ סך קאָמפּליצירטער ווי אין רוסלאַנד, אַז מיט שאַבלאָניקע דעקרעטן וועט מען דאָ ווייניק אויפֿטאָן. דערווייל האָט מען די שולן געלאָזן צו רו. איין פֿאָדערונג האָט מען דורכגעפֿירט: מען האָט אויסגעשלאָסן דעם רעליגיע=למוד, אָבער אַזוי ווי אין אונזער וועלטלעכער שול האָט רעליגיע סיי ווי קיין פּלאַץ ניט, האָט דער דעקרעט אונז ניט אָנגערירט. די ראַטן=מאַכט האָט צוגעזאָגט איבערצונעמען אַלע פֿאָלקסשולן, אָבער די זאַך האָט זיך פֿאַרשלעפּט, און די לערער האָבן נאָך אַלץ קיין געהאַלט ניט געהאַט; ענדלעך האָט מען אויסגעצאָלט די פֿאָלקסשולן פֿאַר 4 חדשים, ד. ה. פֿאַר אַנוואַר, פֿעווראַל 1919 און פֿאַר נאָוועמבער, דעצעמבער 1918, ווען די ראַטן=מאַכט איז נאָך אין ווילנע ניט געווען.

דאָס לערן=יאָר 1918—1919 האָט מען אין דער שול געענדיקט לויט דער אַלטער פּראָגראַם. מען האָט פֿון אַלע קלאַסן אויסערן עלטסטן אַרויסגעוואָרפֿן דעם למוד פֿון דייטש און אָנשטאָט אים איינגעפֿירט רוסיש. די ראַטן=מאַכט האָט זיך, ווי באַוואוסט, געהאַלטן נאָר $3^1/_2$ חדשים. דעם 19 אַפּריל האָבן די פּאָליאַקן פֿאַרנומען ווילנע. פֿאַר די יידישע שולן האָט די נייע מאַכט גאָרנישט געוואָלט טאָן; ווידער איז מען צוויי חדשים געזעסן אָן געהאַלט. לייכטער איז געוואָרן פֿאַר די שולן ערשט דאַן, ווען די קהילה האָט אָנגעהויבן צו פֿונקציאָנירן. אין דער זעלבער צייט האָט זיך געגרינדעט דער צענטראַלער בילדונגס=

קאָמיטעט (כפיצי השכלה איז צעפאַלן געוואָרן). וועלכער האָט אָנגעהויבן אָנפירן מיטן אינערלעך־פּעדאַגאָגישן לעבן פון די יידיש־וועלטלעכע שולן. דער פּעדאַגאָגישער ראַט פון שול א. נ. „דבורה קופּערשטיין" — דער נייער נאָמען פון שול — איז באַנייט געוואָרן. די אָנפירונג פון שול האָט איבערגענומען אין 1918 יאָר ג. פלודערמאַכער, וועלכער האָט געאַרבעט אין שול כמעט פון ערשטן טאָג פון איר גרינדונג, אַלס לערער פון יידיש, יידישער און אַלגעמיינער געשיכטע. ס'זיינען צוגעצויגן געוואָרן לערער מיט העכערע בילדונג און מיט אַ פּעדאַגאָגישער ערפאַרונג, ווי דאָס איז צו זען פון פאָלגנדיקער טאַבעלע:

| | | |
|---|---|---|
| מיט גימנאַזיאַלער בילדונג און צוגרייטונג אויף פּעדאַגאָגישע קורסן . . . . . . . | 6 | מאַן |
| מיט העכערער בילדונג . . . . . . . . | 3 | „ |
| ווילנער לערער־אינסטיטוט . . . . . . . | 3 | „ |
| פאַך־בילדונג: (האַנט־אַרבעט, געזאַנג א. אַז. וו.) . | 4 | „ |
| דער פּעדאַגאָג. ראַט איז באַשטאַנען בס"ה פון . | 16 | מאַן |

דער פּעדאַג. ראַט האָט זיך אָנגעמערקט פאָלגנדיקע רעפאָרמען אין שול: ערשטנס פאַרוואַנדלען די 4־קלאַסיקע שול אין אַ 6־קלאַסיקע און תיכף עפענען אַ V קלאַס. צווייטנס, איינפירן די למודים, וועלכע האָבן פריער געפעלט: אַלגעמיינע געשיכטע, פיזיק, געאָמעטריע, שפּעטער אויך אַלגעברע. דריטנס, פאַרגרעסערן די צאָל שעהן אויף יידיש, נאַטור־לימוד און געאָגראַפיע. פערטנס, אויסשליסן העברעאיש פון צווייטן לערניאָר און איינפירן די פוילישע שפּראַך פון IV לערן־יאָר אָן. דאָס האָט שוין געפאָדערט די נייע פוילישע מאַכט און געשטעלט דאָס פאַר אַ תנאי, אָן וועלכן זי האָט ניט געוואָלט אַרויסגעבן קיין קאָנצעסיעס (די דאָזיקע קאָנצעסיעס האָט זי פאַר אַלע שולן אַרויסגעגעבן דער קהלה). אויסער דעם, אַזוי ווי די שול איז שטאַרק אויסגעוואַקסן, די צאָל קינדער פלעגט דערגרייכן ביז 450, און די קלאַסן־צימערן זיינען צעוואָרפן אויף צוויי גאָרנס, אין דריי דירות, זיינען איינגעלאַדן געוואָרן צוויי שול־אויפזעערינס. זיי האָבן ניט נאָר באַדאַרפט אַכטונג געבן אויף די קינדער, נאָר הויפּטזעכלעך אויפפּאַסן די אָרדענונג אין קיך בעת דעם עסן, און אָנפירן מיטן נאָכמיטאָג־קלוב, וועלכער איז דאַן געגרינדעט געוואָרן ביי דער שול. איינגטלעך וואָלטן די קינדער געקאָנט אָנפירן אַליין מיט דער קיך, ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן אין אַ סך שולן; אָבער דער פּעד. ראַט האָט זיך געהיט ניט אָפּצורייסן די קינדער פון די לימודים און האָט זיי איבערגעגעבן נאָר אייניקע פונקציעס. צווייטנס, האָט די קיך ביי דער שול באַדינט ניט נאָר די מיידל־שול אַליין; אין דערזעלבער קיך פלעגן באַקומען מיטאָגן אויך די ייִנגל־שול „מפיצי־השכלה", די שול אויפן נאָמען „ש. פרוג" (באַקשט 4) די אָוונט־שול אויפן נאָמען י. ל. פּרץ; די קינדער פלעגן באַקומען שפּייז 2 מאָל אַ טאָג. בסך הכל האָבן זיך געשפּייזט דאַן אין אונזער קיך אַן ערך 2000 קינדער. כדי צו אַנטוויקלען ביי די קינדער די געזעלשאַפטלעכע געפילן און די פעאיקייטן אָנצופירן מיט אַ קהלשן ענין, איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער

פלעגט פאַרקויפן די קינדער אַלערליי מכשירים. אַ גרויסע דערציערישע אַרבעט איז דורכגעפירט געוואָרן אין קלוב, וואו די קינדער פלעגן צוגרייטן די לעקציעס און איינאָרדנען פאַרווייליונגען, לעקציעס, געזאַנג, פאָרשטעלונגען. די קלוב-קינדער האָבן זיך איינגעטיילט אין סעקציעס. דער קלוב האָט אויך אָנגעפירט מיט אַ קליינער ביבליאָטעק. מען האָט זיך געגרייט צו עפענען שול-װאַרשטאַטן. כל-זמן די לערער זיינען ניט געווען איינגעמאַטערט, און געלט-מיטלען אויף די קלוב-הוצאות האָט מען געקאָנט קריגן—האָט דער קלוב פונקציאָנירט נאָרמאַל. שפּעטער, ווען די קהילה האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אחריות פאַר די שולן,



קופּערשטיין-שול נאָך דער אַרבעט אויפן שול-גאָרטן.

די לאַגע איז געוואָרן קריטיש, האָבן מיר געמוזט דעם קלוב ליקווידירן. דער קאָאָפּעראַטיוו האָט זיך געהאַלטן לענגער, ביז וואַנען דער מאַרק האָט ניט אָנגעהויבן שנעל צו אַנטווערטן זיך. פון דער קליינער ביבליאָטעקל איז אויסגעוואַקסן אַ שיינע שול-ביבליאָטעק, וועלכע פאַרמאָגט איצט 500 יידישע ביכער און ווערט אויך איצט אָנגעפירט פון די קינדער אונטער דער השגחה פון לערער.

נאָך אַ וויכטיקער אויפטו מוז פאַרצייכנט ווערן,—די שול-גערטנער. די אַרבעט אויפן שול-גאָרטן האָט געגעבן די בעסטע רעזולטאַטן.

די אַלע אויבנדערמאָנטע ענדערונגען זיינען ניט אַזוי לייכט דורכגעפירט געוואָרן; די שווערסטע פראַגע איז געווען די פראַגע וועגן העברעאיש, דעם פּעדאַגאָגישן ראַט איז אויסגעקומען צו פירן אַ קאַמף מיט דער קהילה, וועלכע האָט בשום אופן ניט געוואָלט איינגיין אויף דעם, אַז העברעאיש זאָל אויסגעשלאָסן

ווערן פון II-טן לערן-יאָר; כּדי דער אַלגעמיינער סכום ידיעות אין העברעאיש-לימוד זאָל ניט פאַרקלענערט ווערן, האָט דער ראַט באַשלאָסן צו פאַרגרעסערן די צאָל שעה'ן אין די עלטערע קלאַסן פון 4 אויף 5. דאָס איז געווען די שטעלונג פון פּעדאַגאָגישן ראַט. דער ציוניסטישער בילדונגס-פאַרוואַלטער ד"ר יוסף בערגער האָט בשום אופן נישט געוואָלט פאַרשטיין די צוועקמעסיקייט פון אַזאַ שנוי אין לערן-פּלאַן און, באַגעגענדיק אַ האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד מצד דעם פּעדאַגאָגישן ראַט, האָט ער אַוועקגעשטעלט די פראַגע אויף אַ פּלענאַרער זיצונג פון קהילה; די ציוניסטישע מערהייט האָט, פאַרשטייט זיך, מסכּים געווען מיטן ד"ר בערגער. אָבער דער קאַמף איז געגאַנגען ווייטער אויף אַלע איינלאַדונגען מצד דער קהילה האָט דער ראַט געענטפערט דער קהילה, אַז דאָס איז אויך אַ באַשלוס פון צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט, וועלכער וועט געבן די נייטיקע דערקלערונגען; די קהילה האָט נישט געוואָלט הערן פון צענטר. בילדונגס-קאָמיטעט, האַלטנדיק, אַז זי איז דער איינציק קאָמפּעטענטער אָרגאַן אין אַלע פּעדאַגאָגישע פראַגן. סוף כּל סוף האָט דער צ. ב. ק. זיין באַשלוס ניט געביטן, און דער באַשלוס פון פּלענום וועגן דער ריין פּעדאַגאָגישער פראַגע איז ניט דורכגעפירט געוואָרן.

דאָ גיבן מיר דעם לערן-פּלאַן פון שול אויפן לערן-יאָר 1920—1919.

| № | געגנשטאַנדן | קלאַסן | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | I א | I ב | II א | II ב | III א | III ב | IV א | IV ב | V |
| 1 | יידיש . . . . . . . | 10 | 10 | 6 | 6 | 5 | 5 | 5 | 5 | 4 |
| 2 | העברעאיש . . . . . | — | — | — | — | 5 | 5 | 5 | 5 | 4 |
| 3 | אַריטמעטיק . . . . . | 6 | 6 | 5 | 5 | 5 | 5 | 3 | 3 | 3 |
| 4 | געאָמעטריע . . . . . | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 | 2 |
| 5 | נאַטור-לימוד . . . . . | — | — | 3 | 3 | 3 | 3 | 3 | 3 | 2 |
| 6 | געאָגראַפיע . . . . . | — | — | — | — | 3 | 3 | 2 | 2 | 2 |
| 7 | אַלגעמיינע געשיכטע . . | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 | 2 |
| 8 | יידישע געשיכטע . . . | 1 | 1 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 3 |
| 9 | האַנטאַרבעט . . . . . | 4 | 4 | 5 | 5 | 3 | 3 | 2 | 2 | 2 |
| 10 | צייכענען . . . . . . | — | — | 3 | 3 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 |
| 11 | גימנאַסטיק . . . . . . | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 1 |
| 12 | געזאַנג . . . . . . . | 3 | 3 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 1 |
| 13 | רוסיש . . . . . . . | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 | 4 |
| 14 | פויליש . . . . . . . | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 | 4 |
| | | 24 | 24 | 28 | 28 | 32 | 32 | 36 | 36 | 36 |

## V.

די לעצטע 3 יאָר, זינט די קהילה האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אחריות פאַר דער אויסהאַלטונג פון די שולן, און דער צענטר. בילדונגס־קאָמיטעט האָט קעגן זיין אייגענעם ווילן געמוזט נעמען אויף זיך די פינאַנציעלע פאַרזאָרגונג פון די פאָלקס־שולן, איז די לאַגע פון שול „ד. קופערשטיין", דער גרעסטער לויט דער צאָל קלאַסן (10 קל.) און דערצו נאָך וואו די קינדער געהערן דאָס רוב צו די אָרימסטע שיכטן, געוואָרן אַלץ שווערער. צום גליק, האָבן זיך אָנגעהויבן אײַנצובירגערן ביי אונז די עלטערן־קאָמיטעטן. עלטערן־פאַרזאַמלונגען פלעגט אונזער שול אײַנאָרדענען פון די ערשטע יאָרן, זינט זי איז געגרינדעט געוואָרן, אָבער דער ניוואָ פון די עלטערן איז געווען אַזאַ אָפּגעשטאַנענער, אַז ביז 1920 האָט זיך בשום אופן ניט אײַנגעגעבן צו שאַפן אַן אַרבעטס־פעאיקן עלטערן־קאָמיטעט, און צו דער צייט איז אַן עלטערן־קאָמיטעט געווען באַזונדערס נייטיק. מען האָט באַדאַרפט אײַנפירן אַ שכר־למוד. פאַר אַזאַ שול ווי אונזערע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן פאַר די אָרימסטע שיכטן, ד. ה. אַלס אַ אומבאַדינגט אומזיסטע,—איז דאָס געווען באַזונדערס שווער, די מיטווירקונג פון עלטערן־קאָמיטעט איז דאָ געווען באַזונדערס וויכטיק. אויסער דעם איז צוליב דער אַנטווערטונג פון פוילישן מאַרק אויסגעקומען אָפט דעם שכר־למוד צו העכערן; נאָר ביסלעכווייז האָבן זיך די עלטערן צוגעוואוינט צום שכר־למוד. צו דער זעלבער צייט איז אַרייַנגעפלאָסן אויך אַ מער פאַרמעגלעכער שיכט אין שול.

דאָ לייגן מיר פאָר אַ טאַבעלע פון דעם וואוקס פון שכר־למוד פון סעפּטעמבער 1920 ביז הײַנטיקן טאָג.

| יאָר | חודש | אין מאַרקן | יאָר | חודש | אין מאַרקן |
|---|---|---|---|---|---|
| 1920 | סעפּטעמבער | 10 | 1923 | יאַנוואַר | 8.000 |
| „ | נאָוועמבער | 25 | „ | פעברואַר | 12.000 |
| 1921 | פעברואַר | 100 | „ | מערץ | 20.000 |
| „ | אויגוסט | 300 | „ | מאַי | 30.000 |
| „ | אָקטאָבער | 800 | „ | אויגוסט | 120 000 |
| 1922 | יאַנוואַר | 1,000 | „ | אָקטאָבער | 300.000 |
| „ | פעברואַר | 1.300 | „ | נאָוועמבער | 600.000 |
| „ | מערץ | 1,500 | „ | דעצעמבער | 1,500,000 |
| „ | אַפּריל | 2.000 | 1924 | יאַנוואַר | 5.000,000 |
| „ | סעפּטעמבער | 3,000 | „ | פעברואַר | 10,000 000 |
| „ | אָקטאָבער | 4,000 | „ | מערץ | 15.000,000 |
| „ | נאָוועמבער | 5.000 | | | |

אייניקע באַמערקונגען: א) די קינדער פון ערשטן ק׳אַס צאָלן אַ קלענערן שכר־למוד; ב) 60 קינדער זיינען באַפרייט פון שכר־למוד—דאָס מאַכט אויס 20% פון אַלגעמיינער צאָל; ג) אין אַלגעמיין צאָלט לויט דער העכערער קאַטעגאָריע אַן ערך 40% פון אַלע קינדער, די איבעריקע 40% צאָלן צווישן אַ העלפט און אַ פערטל; אַרבעטסלאָזע זיינען באַפרייט פון שכר־למוד.

די שטייגונג פון שכר־למוד ערקלערט זיך מיט דער אנטוועטונג פון מאַרק, ווי אויך מיט דער פאַרגרעסערונג פון דער אַבסאָלוטער גרויס פון שכר־למוד; ביי היינטיקן טאָג (אַפּריל 1924) מאַכט אויס דער שכר־למוד 29% פון שול־ביודזשעט. אָן דער הילף פון עלטערן־קאָמיטעט וואָלט זיך דאָס ניט איינגעגעבן. אויסער דעם פלעגט דער עלט.־קאָמיט. אכטונג געבן אויף דער קיך, און ווען זי האָט זיך צוגעמאַכט, לייגט ער זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף דער אַנטוויקלונג פון שול־ביבליאָטעק און אויף אַ אונטערשטיצונג פאַר דעם שול־גאָרטן. אַ באַזונדערס טיכטיקן אָנטייל נעמען אין עלטערן־קאָמיטעט: ח״ח ש. גלאָצער, מ. גאָלוב, מוסקאָ, ש. יפה, גאָלדין, קיקיון, פרי בלאָך, פרי דאַרגאַזאַנסקי. דער עלט.־קאָמיט. האָט געשיקט זיינע דעלעגאַטן צום שול־צוזאַמענפאָר אין ווארשע אין 1921 און אויפן עלטערן־צוזאַמענפאָר 1922. דער עלט.־קאָמיט. האָט אַ סך מיטגעהאָלפן ביים גרינדן דעם VI קלאַס אין 1922. דאָס איז געווען באמת אַ גרויסע דערגרייכונג פאַר דער שול. דער קינדער־מאַטעריאַל פון דעם VI קלאַס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ זייער דאַנקבאַרן; די שילערינס האָבן יענעם יאָר אַזוי פיל באַוויזן, אַז זיי זיינען געווען ביכולת אַריבערגיין אין VIII קלאַס פון פרוג־שול. אַלס אַ צייכן פון פּאָפּולאַריטעט קען מען אויך פאַרצייכענען דעם פאַקט, וואָס אַ גרויסע צאָל קינדער פון די העברעאישע שולן טרעטן אריין אין אונזער שול. אין 1923 האָט זייער צאָל אויסגעמאַכט 65 — כמעט 20% פון דער אַלגעמיינער צאָל שילערינס.

עס דאַרף באַצייכנט ווערן דער גרויסער אָנטייל פון דער שול אויף דיביידע אויסשטעלונגען, וועלכע דער צ. ב. ק. האָט איינגעאָרדנט, די ערשטע אין דעצעמבער 1919, די צווייטע—איז יוני 1923. אויף דער ערשטער אויסשטעלונג, וועלכע איז געווען אָרגאַניזירט לויט די שולן, האָבן זיך אויסגעצייכנט די אַרבעט פון די יינגערע קלאַסן. פאַרשיידענע האַנט־אַרבעט פון ערשטן קלאַס: דער לוח, אילוסטראַציעס צו מעשה׳לעך, צו שמועסן. אויך באַפרידיגנד איז געווען פאָרגעשטעלט געאָגראַפיע און טיילווייז נאַטור־למוד אין די III און IV קלאַסן. זייער אָרים איז געווען פאָרגעשטעלט דער למוד פון צייכענען; די הומאַניסטישע למודים, יידישע שפּראַך און ליטעראַטור און געשיכטע האָבן אינגאַנצן געפעלט. די אַלע בלויזן זיינען דערגאַנצט געוואָרן אויף דער פּאַראַיאַריקער אויסשטעלונג. די אָריגינעלע צייכנונגען אין אַלטן יידישן סטיל, אויסגעפירט אונטער דער לייטונג פונם לערער צאַסטראָוו, האָבן פאַרנומען אַ גאַנץ בכבודדיקן אָרט אין דער גרויסער אָפּטיילונג; אַרבעט אויף פיזיק, אילוסטראַציעס אויף געשיכטע, סיי אַלגעמיינער און באַזונדערס יידישער, זיינען געווען גאַנץ רייך פאָרגעשטעלט; אַ באַזונדערס שטאַרקן רושם האָבן געמאַכט די ליים־אַרבעט אויף היימאַט־למוד, ווי די געגנט ביי די קאָשאַרקעס פון אַייזנבאַן און דער ווילנער שלאָסבאַרג מיטן קאַטעדראַלן פּלאַץ.

פון די נייע אויפגאַבן, וועלכע די שול האָט זיך איצט געשטעלט, דאַרף מען פאַרצייכענען די גרינדונג פון אַ VII קלאַס.

ג. פּלודערמאַכער.

---

# 8-קל. פאָלקס-שול אויפן נאָמען פון ש. פרוג.

די שול איז געגרינדעט געוואָרן אין 1908 יאָר דורך דער געזעלשאַפט פאַר קינדער-פאַרזאָרגונג אונטערן נאָמען:

Виленское женское 4-х классное еврейское училище О-ва попечения о детях.

ווילנע האָט צו יענער צייט נאָך ניט פאַרמאָגט קיין איין געזעלשאַפטלעכע יידישע מיידלשול. די אַזויגערופענע „סמענעס" ביי די רעגירונגס-שולן פאַר יינגלעך האָבן ניט באַפרידיקט די מינימאַלסטע פּעדאַגאָגישע פאָדערונגען און פלעגן אָפּשטויסן פון זיך די קינדער. די פּריוואַטע פּראָגימנאַזיעס זיינען ניט געווען צוטריטלעך פאַר די פאָלקס-קינדער צוליבן שכר-לימוד, פאַר יענער צייט אַ גאַנץ באַדייטנדן—5 רובל אַ חודש.

דאָס עפענען אַ געזעלשאַפטלעכע מיידל-שול איז דעריבער געווען זייער אַ וויכטיקער אויפטו אויפן געביט פון פאָלקסבילדונג. ווי וויט אַזאַ אַנשטאַלט איז געווען נייטיק, באַווייזט דער אומגעהייער גיכער וואוקס פון דער שול. לויטן פּלאַן פון די גרינדער, האָט די שול געזאָלט געעפנט ווערן דאָס ערשטע יאָר ביי אַ 2-קלאַסיקן באַשטאַנד מיט 80 שילערינס. תיכף אָבער נאָך דעם עפענען האָט מען געמוזט צוגעבן נאָך איין קלאַס אויף 50 קינדער, און צום אַנדערן יאָר האָט די שול געציילט שוין 7 קלאַסן מיט 345 שילערינס ביי 12 לערקרעפטן. דאָס רוב שילערינס פלעגן אגב אָנגענומען ווערן לויט ספּעציעלע באַשטעטיקונגען, אַז זייערע עלטערן זיינען ווייניק באַמיטלט.

די איניציאַטאָרן פון דער שול דר. ה. קאָוואַרסקי און די לערער י. קאַמענעצקי און בעקער האָבן געשטרעבט דערצו, אַז די נייגעגרינדעטע אַנשטאַלט זאָל געבויט ווערן אויף ראַציאָנעלע פּעדאַגאָגישע יסודות. ביים צונויפשטעלן דאָס פּראָגראַם האָבן זיי זיך לגמרי ניט געהאַלטן ביי דעם קורס פון אַ פּראָגימנאַזיע, נייערט זיך צוגעפּאַסט צו די פאָדערונגען פון אַ נאָרמאַלער זעקסקלאַסיקער פאָלקסשול מיט אַן אויסגעשפּראָכן וועלטלעכן כאַראַקטער. אַ סך אָרט איז אין פּראָגראַם פון שול אָפּגעגעבן געוואָרן דעם נאַטור-לימוד אין פאַרבינדונג מיט עקסקורסיעס און פּראַקטישע אַרבעט. אויך צייכנען, האַנטערבעט און פיזישע אַנטוויקלונג זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן אין אַ ברייטער מאָס. אַלס לערער אין שול זיינען איינגעלאַדן געוואָרן די בעסערע פּעדאַגאָגישע קרעפטן פון ווילנע, צווישן זיי אייניקע מיט העכערער בילדונג. די אָנפירונג מיט דער אַנשטאַלט האָט איבערגענומען דער בעקאַנטער פּעדאַגאָג א. ס. רייוועסמאַן, אַ מענטש מיט איניציאַטיוו און אָרגאַניזיר-פעאיקייטן; אים איז געלונגען צו פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן, וואָס איז געוואָרן אָנגעמערקט דורך דער געזעלשאַפט. די שול ווערט אַדאַנק דעם זייער פּאָפּולער צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, ביי דער שול ווערן געעפנט נייע פּאַראַלעלע קלאַסן, וועלכע זיינען אָבער אויך ניט אימשטאַנד אַריינצונעמען אַלע קאַנדידאַטינס. די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה האָט די שול געציילט ביז 400 שילערינס.

די נאָענטסטע מיטאַרבעטערין פון אַ. ס. ריוועסמאַן איז געווען פרוי אלישבע ראַבינאָוויטש-פּינעס, וועלכע האָט זיך אָפּגעגעבן דערהויפּט מיט דער-ציערישער אַרבעט צווישן די קינדער אויף נייע פאַר יענער צייט אופנים. די שול שטרעבט צו פאַרבינדן זיך מיט דער היימישער סביבה פון די שילע-רינס, אָרדנט איין אָוונט-אַרבעט פאַר די, וואָס האָבן ניט די מעגלעכקייט צו-צוגרייטן די לעקציעס אינדערהיים, אָדער וואָס נייטיקן זיך אין אָנווייזונגען. זייער אָפט ווערן אָרגאַניזירט לעזונגען, שבת-צו-נאַכטן און אַנדערע קינדער-יום-טובים, וואָס פאַרשאַפן די שילערינס אַ גרויסן עסטעטישן פאַרגעניגן און ווירקן אויף זיי זייער גוט אין דערציערישן זין.

דעם דערפאָלג פון דער שול-אַרבעט אין דעם פעריאָד האָט אַ סך מיט-געהאָלפן די באַקאַנטע אין ווילנע לערערין און איבערגעגעבענע קולטור-טוערין העלענע נאַטאַנאָווגע קאַמענעצקי, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַרבעט אין אַ גימנאַזיע, כדי אָפּצוגעבן זיך אויסשליסלעך דער יונגער פאָלקס-שול. איין צייט האָט די געזעלשאַפט „קינדער-פאַרזאָרגונג" פּראָיעקטירט צו גרינדן ביי דער שול אונטער דער אָנפירונג פון העלענע קאַמענעצקי אַ סעמינאַר אויף צו-צוגרייטן לערערינס פאַר דער פּראָווינץ. דער פּלאַן איז ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן, ווי אַ סך אַנדערע, מיט וועלכע די געזעלשאַפט האט זיך אין יענע יאָרן פאַרנומען—צוליב ניט פאַראויסגעזעענע שטערונגען.

די שול איז געווען די ערשטע אין ווילנע לערנאַנשטאַלט, וועלכע האָט איינגעשלאָסן אין איר פּראָגראַם די לימודים העברעאיש און יידישע געשיכטע און אוועקגעשטעלט זיי אויף מאָדערנע יסודות. דאָס האָט דאַן צוגעגעבן דער שול אַ בולטן יידיש-געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. ניט איינגעגעבן האָבן זיך די פּרובן איינצופירן אין שול דעם לימוד פון יידיש, אָדער לויט דעמאָלטיקער טערמינאָלאָגיע „ראַזגאַוואָרנאָ-יעווריייסקאַיאַ גראַמאַטאַ". די באַשלוסן, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן וועגן דעם אויף אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון דער געזעל-שאַפט נאָך אין 1911 יאָר, זיינען אָבער געבליבן ניט אויסגעפירט.

די שול האָט עקסיסטירט ביי פאַרהעלטניסמעסיק גינסטיקע מאַטעריעלע באַדינגונגען, איר ביודזשעט איז געווען געזיכערט אַדאַנק די סובסידיעס פון פאָלגנדע געזעלשאַפטן און אַנשטאַלטן: פּעטערבורגער קאָמיטעט „מפיצי-השכלה" 1000 רובל אַ יאָר; מאָסקווער אָפּטיילונג—700 ר.; געזעלשאַפט צו שטיצן אָרימע שילער—1300 רוב.; דער מאַגיסטראַט פון ווילנע—1000 רוב.; פון קאָראָבקע-געלט—700 ר. דער שכר-לימוד פלעגט אויף דעקן אַ באַדייטנדן טייל פון ביודזשעט—בערך 40%.

דער בנין, אין וועלכן די שול געפינט זיך נאָך הייַנט, איז געווען אַ מער-ווייניק צוגעפּאַסטער.

דער אויסברוך פון דער מלחמה האָט זיך אָפּגערופן אויף דעם אַנטוויק-לונגס-גאַנג פון דער שול זייער שלעכט. צוליבן מאַנגל אין מיטלען איז די געזעלשאַפט געצוואונגען געווען צו פאַרקירצן די צאָל קלאַסן, ווי אויך אָפּצו-טרעטן אַ גרעסערן טייל פון דעם שול-בנין. ביי דער עוואַקואַציע פון ווילנע אין יאָר 1915 בלייבט איבער די אַנשטאַלט אָן וועלכער ניט איז געזעלשאַפט-

לעכער השגחה. א. ס. ריוועסמאַן און אויך אַ טייל לערער זיינען אָפּגעפאָרן קיין רוסלאַנד.

די איבערגעבליבענע לערער און שול-טוער האָבן אָבער מיט מוט און ענערגיע זיך גענומען צו דער אַרבעט, און זיי איז געלונגען איינצוהאַלטן דעם קיום פון דער אַנשטאַלט, אמת, אין אַ באַגרעניצטן פאַרנעם — פון 400 שילע-רינס האָט די שול אין 1916 איינגעהאַלטן נאָר 250. אַדאַנק דער איניציאַטיוו פון די לערער, איז אַנטשטאַנען אַ נייער פאַרזאָרגונגס-קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך געשטעלט די אַויפגאַבע אויפצובויען די האַלב-צעשטערטע אנשטאַלט. די פאַרוואַלטעריי האָט איבערגענומען די ח'טע חנה שרייבער-אַבראַמאָוויטש, אַ מענטש מיט העכערער הומאַניסטישער בילדונג.

אַ גרויסן אָרט אין שול-לעבן האָט פאַרנומען אין יענער צייט ה. כאַצקעלס, וועלכע האָט מיט איר ערודיציע, איבערגעגעבנקייט, ליבע צו קינדער געמאַכט אויפבליען די שול. דער נייער פּעדאַגאָגישער ראַט איז שוין דורכגעדרונגען געווען מיט דעם גייסט פון דער מאָדערנער יידישער שול, וועלכע האָט אין יענע יאָרן געלאָזן טיפע וואָרצלען אין דער יידישער ווילנע. ס'איז אַנטשטאַנען אַ גאַנצע ריי לערן- און דערציאונגס-אנשטאַלטן, וואו די גאַנצע סביבה איז אָנגעזאַפּט געווען מיט פאָלקסטימלעכקייט, וואו יידיש איז געוואָרן דער הויפּט-פאַקטאָר פון אַנטוויקלונג און דערציאונג. אויף די אַלגעמיינע לערער-פאַרזאַמלונגען זיינען הייס דיסקוטירט געוואָרן די פראַגן פון דער נייער יידישער שול. אַדאנק די באַמיאונגען פון די ח'ח ג. פלודערמאַכער, ה. אַבראַמאָוויטש איז סוף 1915 י. אין שול איינגעפירט געוואָרן דער לימוד פון יידיש.

מיר גיבן דאָ דעם לערנפּלאַן פון דער שול אינס לערניאָר 17—1916.

| | 1-ער פּאָר-בערייטונגס-קלאַס | 2-ער פּאָר-בערייטונגס-קלאַס | I | II | III | IV |
|---|---|---|---|---|---|---|
| יידיש | 6 | 4 | 2 | 2 | 2 | 2 |
| העברעאיש | — | 4 | 4 | 4 | 4 | 4 |
| רוסיש | — | 5 | 4 | 4 | 4 | 4 |
| אריטמעטיק | 4 | 4 | 4 | 4 | 4 | 4 |
| געאגראַפיע | — | — | — | 2 | 2 | 2 |
| נאַטור | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 |
| געשיכטע | — | — | — | — | 1 | 2 |
| ייד. געש. | — | — | — | 2 | 2 | 2 |
| דייטש | — | — | 4 | 4 | 4 | 4 |
| האַנטאַרבעט | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 |
| צייכענען | 2 | 2 | 1 | 1 | — | — |
| געזאַנג | 1 | 1 | 1 | 1 | 1 | 1 |
| גימנאַסטיק | 1 | 1 | 1 | 1 | — | — |
| | 16 | 23 | 25 | 29 | 28 | 29 |

דער פּראָצעס פון פאַריידישונג איז געגאַנגען בהדרגה ווייטער. סוף 1917 יאָר ווערן שוין אַלע אָן אויסנאַם לימודים געפירט אין יידיש.

אין משך פון די אָקופּאַציע־יאָרן האָט ביי דער שול פונקציאָנירט אַ קיך, וועלכע האָט פאַרזאָרגט מיט שפּייז די נויטבאַדערפטיקע שילערינס. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז מיט דער הילף פון דער קיך אַליין איז שווער געווען, ביי דעם מאַנגל אין מיטלען און פּראָדוקטן, צו באַקעמפן דעם אומבארחמנותדיקן הונגער, וועלכער האָט זיך דעמאָלט גראָד איינגעבירגערט אין אַסך באַלעבאַטישע יידישע הייזער. די פאַרוואַלטערין אָבער, ח־טע אַבראַמאָוויטש, און די לערערינס האָבן אויסגעזוכט אַלע וועגן, ווי אַזוי צו לינדערן די נויט. און אין דער געשיכטע פון דער שול פאַר יענער צייט זיינען איינגעשריבן געוואָרן אַסך, אַסך ליכטיקע זייטלעך....

מיט דעם אַלגעמיינעם וואוקס פון דעם יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן איז פאַר דער שול אַנשטאַנען אַ נייע אויפגאַבע: אויפצונעמען די שילערינס פון די דריי־פיר־קלאַסיקע שולן, וועלכע האָבן געוואָלט באַקומען אַ פאַרענדיקטע בילדונג. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם איז אַקטועל געוואָרן די פראַגע וועגן אויסאַרבעטן א פעסטע פּראָגראַם פאַר אַלע למודים, וואָס ווערן געלערנט אין דער שול. אין 20—1919־לערניאָר איז די שול, צוגלייך מיט אַלע אַנדערע יידיש־וועלטלעכע שולן, אַריבער אונטער דער פּעדאַגאָגישער אָנפירונג פון צ. ב. ק., און פון דאַן אָן גייט די שול אויפן וועג פון שטענדיקן פאַרפולקומען זיך, פאַרברייטערן און פאַרטיפן די פּראָגראַם פון אַלע למודים.

אין 1920 יאָר איז ביי דער שול, לויט דער אויפפאָדערונג פון די עלטערן, געעפנט געוואָרן אַ VII קלאַס (לערניאָר) פאַר די שילערינס, וואָס ווילן זיך לערנען ווייטער. דערביי האָט דער פּעדאַגאָגישער ראַט זיך גערעכנט מיט דער פּראָגראַם פון דער אכט־קלאַסיקער ייגגל־שול „מפיצי־השכלה". דער פּרוב האָט זיך איינגעגעבן, און אין 22 — 1921 לערניאָר האָט די שול געפּייערט דעם ערשטן סיום פון VIII קלאַס.

די אביטוריענטינס פון די לעצטע צוויי אַרויסלאָזן זיינען אַנגעקומען לויט די שול־אַטעסטאַטן אין די זיבעטע קלאַסן פון די יידישע גימנאַזיעס פון צ.ב.ק. און ס. מ. גורעוויטש. דערביי קומט זיי אויס צו האַלטן הוספה־עקזאַמענס פון קורס פון דייטש. אויף די איבעריקע למודים זיינען זיי גוט צוגעגרייט און לערנען זיך מיט דערפאָלג. א טייל שילערינס איז אָנגענומען געוואָרן אין דעם יידישן לערער־סעמינאַר.

פאַר דער אַכט־קלאַסיקער פאָלקס־שול איז אָבער גראָד, צוליב דעם לייכטן אָנקומען אין די אַנטשפּרעכנדיקע קלאַסן פון דער מיטל־שול, געשטעלט געוואָרן זייער א קאָמפּליצירטע און פאַראַנטוואָרטליכע אויפגאַבע: אנצווייזן אין יעדן געגעבענעם פאַל דעם ריכטיקן וועג צו פאַרהיטן די שילערינס פון אַ פאַלשן באַרוף־אויסוויל אין לעבן, וואָס איז ביי היינטיקן באַגרעניצטן נאָכפרעג אויף אינטעלעקטועלע כוחות פאַרבונדן מיט דער מעגלעכקייט פון שווערע אַנטוישונגען. דער פּעדאַגאָגישער ראַט שטרעבט אין דעם זין צו טאָן, וואָס ס׳איז נאָר מעגלעך, אָרדנט איין ספּעציעלע צוזאַמענשמועסן מיט די קינדער און די עלטערן, אָנווייזנדיק זיי דערביי אויף דער נויטיקייט פון אַ פּראַקטישן לעבנס־באַרוף וכדומה. מ׳מוז אָבער מודה זיין, אַז אין דעם פּרט דאַרף נאָך פיל געטאַן ווערן.

אַ וויכטיקע ראָל קען דערביי שפּילן דער קלוב, וואָס פּאַראייניקט די זיבעטע און אַכטע קלאַסן פון ביידע אַכטקלאַסיקע פאָלקסשולן און האָט גענוג מעגלעכקייטן צו העלפן די קינדער זיך צו אָריענטירן בנוגע זייער צוקינפטיקן לעבנס-וועג.

פאַר די לעצטע פאָר יאָר זיינען ווידער אמאל פאָרגעקומען וויכטיקע שינויים אין באַשטאַנד פון פעד. ראַט. די פּאַרוואַלטערין פון שול, ח-טע חנה אבראמאוויטש, נאָך זיבן יאר אומדערמידלעכער און פרוכטבאַרער אַרבעט — ביי די שווערסטע אויסערלעכע באַדינגונגען פון מלחמה און אקופּאציע-צייט — האָט פאַרלאָזן איר אמט צוליב געזונט-צושטאַנד. ח-טע ח. אבראַמאוויטש האָט באַזיצט דעם גליקלעכן טאַלאַנט פון קענען צוגיין צו די קינדער, געווינען זייער פולסטן צוטרוי, אינפאָרמירן זיך ביי זיי גענוי וועגן אַלע פּרטים פון שטוביקן לעבן, וועגן אַלץ, וואָס ס'דריקט די יונגע הערצער. זי איז געווען פאַר די קינדער ניט נאָר אַ פּאַרוואַלטערין, נייערט אַ מאַמע, צו וועלכער זיי פלעגן זיך פריי ווענדן ביי יעדער שווערקייט און שטענדיק געפינען די נויטיקע הילף און טרייסט. צו דערזעלבער צייט זיינען אַוועק פון שול נאָך צוויי גרונד-לערערינס. דער צ. ב. ק. האָט צוגעצויגן צו דער אַרבעט נייע כחות, אַלס פּאַרוואַלטער איז באַשטימט געוואָרן ח' ל. טורבאָוויטש.

דער באַנייטער פּעדאַגאָגישער ראַט האָט זיך פאַרנומען אין דער ערשטער ריי מיט אויסאַרבעטן אַ גענויע פּראָגראַם פון אַלע לימודים לויטן קורס פון אַן אַכטקלאַסיקער פאָלקסשול. דערביי איז באַשטעטיקט געוואָרן, אַז די שול דאַרף זיך בשום אופן ניט צופּאַסן ספּעציעל צום קורס פון אַ מיטלשול, נאָר שטרעבן צו געבן די קינדער אַ פאַרענדיקטע בילדונג. ביי דער שול איז אָר-גאַניזירט געוואָרן מיט דער הילף פון דעם עלטערן-קאָמיטעט אַ באַדייטנדיקע ביבליאָטעק פון יידישע, העברעאישע און פּוילישע ביכער, אזוי אַז דאָס לייענען פון די קינדער ווערט אָנגעפירט און קאָנטראָלירט דורך זייערע קלאַסן-לערער און דערציער.

די עסטעטישע דערציאונג האָט פון אָנהייב אָן פאַרנומען אין דעם לעבן פון דער שול אַ באַזונדער חשובן אָרט. שוין פון די ערשטע יאָרן פון איר גרינדונג האָט די שול געשמט מיט אירע געשמאַקפולע יום-טובים און עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען. באַזונדערס גרויסע פאַרדינסטן אויף דעם געביט האָט די ח-טע ח. אַבראַמאָוויטש, אַ מענטש מיט אַ פיינעם חוש פאַר קונסט, וועלכע האָט באַוויזן אין די שווערסטע צייטן פון הונגער און נויט צו פאַר-שאַפן די קינדער זייער פיל עסטעטישן פאַרגעניגען. אַזוי אין לערניאָר 1918—1919 האָט די שול דורכגעפירט די ערשטע קינדער-אָפּערע אויף יידיש „די נאַכט אין וואַלד".

אין אַ יאָר אַרום איז די פּיעסע דורכגעפירט געוואָרן אייניקע מאָל אין שטאָט-טעאַטער ביי אַ פול-געפּאַקטן זאַל.

ווינטער 1923 האָבן די שילערינס פון 8 קל. אויסגעפירט ז. סעגאַלאָ-וויטשעס דראַמאַטישן עטיוד „די וואַנט". אין יאַנואַר 1924 איז דורך די שי-לערינס פון 7 און 8 קל. אויסגעפירט געוואָרן שלום-עליכם'ס „צעזייט און



פאָט. צייטלין

פּרוג־שול: קינדער־באַלעט „די פֿעע פֿון די ליאַלקעס“.



פּרוג־שול אויפֿן שול־גאָרטן.

צעשפרייט". די דאָזיקע אַרויסטרעטונגען זיינען אויפגענומען געוואָרן מיט ענטוזיאַזם מצד די געסט.

אויך אין די יינגערע קלאַסן ווערן דורכגעפירט עפּטערע אָוונטן, וועלכע פאַרשאַפן די קינדער און די עלטערן פיל נחת־רוח און האַלטן אונטער די גוטע שיינע טראַדיציע פון דער שול פאַר די רומפולע 15 יאָר פון איר עקסיסטענץ.

ביים היינטיקן טאָג ציילט די שול ביז 360 שילערינס און פאַרמאָגט אַלע גויטיקע באַדינגונגען צו ווייטערדיקער אַנטוויקלונג און פאַרפולקומונג.

## I־ער אַרויסלאָז 1921/1922.

1. גאַלפּערן רחל.
2. גורוויטש רחל.
3. כירוג ציפּע.
4. כייכעס שיינע.
5. מירקין טייבע.
6. סאַסאָנסקע חנה.
7. טראַפּונסקע סאָסיע
8. פייגעל שרה.
9. קרעמער חנה.
10. קאָטליער לאה.
11. קראַוועץ בתיה.
12. רוטשטיין שרה.
13. שאַפּיראָ רחל.
14. שמערקאָוויטש רבקה.
15. סוועגציאַנער רחל.

## II־ער אַרויסלאָז 1922/1923.

16. אַבראַמאָוויטש רבקה.
17. אייזנקאָף לאה.
18. בענדער רבקה.
19. בויוועדישעק צירל.
20. גראַפשטיין רבקה.
21. גרענאַדער מרים.
22. גאַלפּערן פּערע.
23. גאָרדאָן אידע.
24. געגנס שפּרינצע.
25. וויגושין רבקה.
26. טרעגער חיה.
27. יערוכימאָוויטש ליבע.
28. כהן בתיה.
29. לידסקע לאה.
30. מעקעל ביילע.
31. ניירעס טייבע.
32. סעגאַלאָוויטש גיטע.
33. סאָלאָדוכע רחל.
34. פּאָפּאָווער זלאַטע.
35. פלעדערמויז דבורה.
36. קאַמענעצקע רחל.
37. קליאַטשקאָ דבורה.
38. קאַפּלאַן חנה.
39. שטערלינג מיכלע.

ל. טורבאָוויטש.

---

# 8-קלאסיקע יינגל-שול „מפיצי-השכלה".

בעלינע 4 (אסטראבראם 26).

אויב מען זאל ניט רעכענען די פארשיידענע טיילווייזע פרובן (די האלבּ-לעגאלע און אינגאנצן אומלעגאלע) צו פארווירקלעכן דעם „חלום" וועגן יידיש אלס אונטעררייכט-שפראך אין די יידישע שולן פאר דער צייט ביז דער גרויסער וועלט-מלחמה, דארף מען אננעמען, אז די געשיכטע פון דעם יידישן שול-וועזן אין ווילנע הייבט זיך אן מיטן אקופירן ווילנע דורך די דייטשע חיילות די יינגל-שול „מפיצי השכלה", וועלכע איז געגרינדעט געווארן די ערשטע (ווי א נייע שול אין יידיש אין ווילנע) אין סאמע אנהייב פון דער אקופאציע און עקסיסטירט שוין באלד 9 יאר, קאן דעריבער פארערעכנט ווערן פאר א לעבע-דיקן עדות פון דער קורצער, אבער באדייטונגספולער געשיכטע פון ווילנער יידישן שול-וועזן. אבער ניט בלויז לויט איר „עלטער", אין משך פון וועלכן די שול האט דורכגעמאכט אלע עטאפן פון דער אנטוויקלונג פון די ווילנער שולן בנוגע די פארשיידענע מאכטן און דער פארשיידענער באציאונג זייערער צו די יידישע שולן, בנוגע די יידישע געזעלשאפטלעכע מוסדות, וואס האבן אויף דעם אדער יענעם אופן געהאט די דעה און די מאטעריעלע השפעה אויף די שולן, איז די יינגל-שול א פארקערפערונג פון דער געשיכטע פון אלע אונזערע ווילנער שולן. ווי אן ע ר ש ט ע ר ע ק ס פ ע ר י מ ע נ ט, פאר וועלכן עס זיינען נאר טעארעטיש געווען אנגעמערקט די גרונט-פרינציפן, אן די נויטיקע מאטעריעלע און גייסטיקע מעגלעכקייטן, האט די שול ג ע מ ו ז ט אליין דורכ-לייגן זיך א וועג, וואס זאל זי פירן צו דער באמת יידישער שול און באמת מאדערנער שול. ווי א ש ו ל פ א ר י י נ ג ל ע ך, וואס בנוגע זייער דערציאונג שטעלט נאך עד-היום דער יידישער טאטע-מאמע מער פאדערונגען, האט די שול געמוזט אנשטרענגען אלע אירע קרעפטן, כדי זי זאל קאנען ביישטיין די אנפאלן פון אלע צדדים און אזוי ארום מיטמאכן די גאנצע עוואלוציע פון דער יידיש-וועלטלעכער שול, די עוואלוציע, וועלכע איז, פארשטייט זיך, נאך אויך היינט צו טאג ניט פארענדיקט.

די יינגל-שול איז געגרינדעט אין דעצעמבער 1915 דורך דעם דא-מאלסטיקן ווילנער קאמיטעט „מפיצי השכלה". געוויסע סיבות האבן געצוואונגען דעם קאמיטעט צו עפענען נאר דריי מיטעלע קלאסן פון דער אין פרינציפ אנ-געמערקטער דורך אים 8-קלאסיקער נארמאלער פאלקס-שול (III IV און V) אין דריי צימערן ביי דער מיידל-שול אויף קאנע. דער קאמיטעט האט איינגע-לאדן 10 (צען!) לערער אויף די 83 פארשריבענע תלמידים (פון די דאזיקע לערער ארבעטן נאך אין שול ביז היינט צו טאג דריי, בתוכם דער פארוואלטער פון שול).

עס איז ניט שווער פארצושטעלן זיך, וואס פאר א שוועריקייטן עס האבן געדארפט בייקומען די לערער פון דער דאזיקער שול. א שול, וואס האט ניט קיין יינגערע קלאסן, אן א לאקאל, ביי א צו גרויסער צאל מיטארבעטער, אן

אַ פּראָגראַם, אָן טערמינאָלאָגיעס, אָן לערנביכער, אָן אַ ביבליאָטעק, אָן אַ רמז אויף מכשירים, בײַ אַ מיש=מאַש אין דער צוגרייטונג פון די אויפגענומענע תּלמידים, אָן וועלכע ניט איז פעסטגעשטעלטע טראַדיציעס, אָן געלט=מיטלען און אַז. וו. בײַ דעם אַלגעמיינעם הונגער, בײַ דער הערשאַפט פון דעם דײַטשן יונקער און דער „קאָרטאָפל=פּסיכאָלאָגיע" אַפילו פון די מער אינטעליגענטערע קרייזן, אויף די אַלע און בוכשטעבלעך הונדערטער קלענערע פראַגן האָט געמוזט רעאַגירן דער פּעדאַגאָגישער ראַט פון שול, און ס'איז טאַקע אַוועק אַ אינטענסיווע אָרגאַנישע אַרבעט אין אַ ריי זיצונגען פון פּעדאַגאָגישן ראַט און פאַרשיידענע קאָמיסיעס (כּדי צו באַקומען אַ גענויעם בילד פון דער דאָזיקער אַרבעט, דאַרף מען זיך באַקאָנען מיט די 8 פּראָטאָקאָל=ביכער פון שול) בהדרגה, אָבער אינטענסיוו איז געוואַקסן די שול, הגם דער דאָזיקער בהדרגה'דיקייט און אינטענסיווקייט האָבן נאָך, אויסער אַלץ, געשטערט אַזעלכע מאָמענטן, ווי דער אומנאָרמאַלער באַשטאַנד פון דער חברה מ"ה און איר קאָמיטעט, דער אומאויפהערלעכער קאַמף פאַר און קעגן העברעאיש, די מיט גאָרניט באַרעכטיקטע פאָדערונגען און שטערונגען פון דײַטשן שול=ראַט און אָן אַ שיעור אַנדערע.

שוין אין אַ פּאָר חדשים אַרום פאַרפעסטיקט די שול איר יסוד דורך עפענען די ייִנגערע קלאַסן. אין מאַי 1916 הייבט די שול אָן צו וואַקסן אין דער ברייט (אַ סך פּאַראַלעלע קלאַסן), און דאָס גיט איר די מעגלעכקייט נאָרמאַל אויסצוּוואַקסן ביז אַן 8=קלאַסיקער שול מיט אַן ערשטן אַרויסלאָז אין מאַי 1921.

די דאָזיקע געשעעניש איז געווען אַן אמתער יום=טוב פאַר די ברייטערע שיכטן פון ווילנער באַפעלקערונג. אין 1922 און 1923 האָט שוין די שול געהאַט דעם 2=טן און 3=טן אַרויסלאָז. הייער איז געווען געמאַכט אַ פּרוב צונויפצורופן די אַלע געוועזענע אַביטוריענטן פון שול, און די פאַרזאַמלטע איבער 60 יונגע לײַט, מונטערע און שטאָלצע, כּמעט אַלע (מיט אַ גאַנץ קליינעם אויסנאַם) אײַנגעאָרדנט בײַ פּראָדוקטיווער טעטיקייט (שילער פון לערער=סעמינאַר, טעכנישע קורסן, אַרבעטער, אַנגעשטעלטע און אַז. וו.) זײַנען געווען דער בעסטער באַווײַז, וואָס קאָן געבן די דערציִאונג פון יידישע קינדער אויף יידיש.

איצט האָט די שול אירע נאָרמאַלע 8 קלאַסן (אין יוני 1924—דער פערטער נאָרמאַלער אַרויסלאָז) בײַ קרוב 350 תּלמידים. אין שול ווערט דורכגעגאַנגען אַ פולער קורס פון 6 קלאַסן י י ד י ש ע ר גימנאַזיע. די לימודים ווערן געפירט אויף די יסודות פון מאָדערנער פּעדאַגאָגיק. בײַ אַ באַשטאַנד פון אַרבעטער=קינדער, קינדער פון בעלי=מלאכות, אָנגעשטעלטע, קליינהענדלער א. אַז. וו. באַווײַזט דער לפי=ערך זייער הויכער שכר=לימוד (דעקט בײַ 50% פון ביודזשעט), אַז די שול איז זייער באַליבט בײַ די ברייטסטע שיכטן פון ווילנער באַפעלקערונג. די שול זאָרגט וועגן דער סאָציאַלער דערציִאונג פון די תּלמידים (זעלבסטפאַרוואַלטונגס=פאָרמען), וועגן אַ נאָענטער פאַרבינדונג מיט די עלטערן (עלטערן=פאַרזאַמלונגען, אַ טעטיקער עלטערן=קאָמיטעט, אַ קאָמיטעט פון מוטערס, וועלכע באַזוכן טעגלעך די שול — גיבן אַרויס טיי, זאָרגן וועגן דער ריינלעכקייט,

העלפֿן אויף די הפּסקות). ווי ווײַט מעגלעך ווערן דורכגעפֿירט עלעמענטן פֿון אַרבעט (אין די ייִנגערע קלאַסן—אין פֿאַרבינדונג מיט די לימודים, אין די מיטעלע און עלטערע טיילווײַז אין פֿאַרבינדונג מיט די לימודים, למשל, גאָרטן=אַרבעט, טיילווײַז זעלבשטענדיק, למשל, גוט אַוועקגעשטעלטע אײַנבינדערײַ), מוסטערהאַפֿט אַוועקגעשטעלט דער לימוד פֿון צייכענען. גאַנץ באַזונדער דאַרף דערמאָנט ווערן דער 1=טער קינדער=קלוב, וואָס בײַ דער שול, פֿאַר די VII און VIII קלאַסן פֿון די צווײַ 8=קלאַסיקע שולן—מ״ה און אויפֿן נאָמען פֿון ש. פֿרוג. ברייטע זעלבסטפֿאַרוואַלטונג .פֿון די מיטגלידער, אַ רײַ טיכטיקע סעקציעס, וואָס האָבן צוגעצויגן אומזיסטע אינסטרוקטאָרן (שניידערײַ, אײַנבינדערײַ, האַפּטערײַ, דראַמאַטישע, ליטעראַרישע און אַנד.).



די מפיצי=השׂכּלה״=שול אַרבעט אויפֿן גאָרטן.

אין משך פֿון די יאָרן פֿון דער דײַטשער אָקופּאַציע איז בײַ דער שול געווען אַ רײַ מוזיק=קלאַסן, וואו עס האָבן געלערנט ביז 150 קינדער אויף פֿאַרשיידענע אינסטרומענטן, און די אין שטאָט באַקאַנטע קינדער=סימפֿאָניע. דעמאָלט האָט די שול זעלבשטענדיק אָרגאַניזירט אַרום זיך ברייטע שיכטן פֿון ווילנער באַפֿעלקערונג: אַ סך הונדערטער מיטגלידער (מיט אַ חודש=אָפּצאָל), וועלכע פֿלעגן האָבן זייערע רעגולערע באַריכטס=פֿאַרזאַמלונגען, אַ פֿאַרזאָרגונגס=קאָמיטעט (געקליבן דורך דער אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג פֿון די מיטגלידער) מיט פֿאַרשיידענע קאָמיסיעס, וואָס יעדערע פֿון זיי האָט אַ סך אויפֿגעטאָן: קאָמיסיע וועגן די מוזיק=קלאַסן, קאָנטראָל=קאָמיסיע, קאָמיסיע וועגן די אונטערנעמונגען. גאַנץ באַזונדער האָט געאַרבעט פֿאַר דער שול אַ יוגנט=קאָמיטעט פֿון סטודענטן און אַנד.

די געשיכטע פון דער שול האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין אַ ריי גרעסערע און קלענערע אַרטיקלען אין דער ווילנער פּעריאָדישער פּרעסע „לעצטע נייס", „טאָג" (געזאַמלט אין אַ ספּעציעלן בוך אין שול), אויסער דעם:

אין „פּנקס פאַר דער געשיכטע פון ווילנע" אַ גענויע אָפּהאַנדלונג וועגן דער שול . . . . . . ז. 735—754

„ „אונזער טאָג פאַר אַמעריקע" . . . . . . . „ 35 — 39

„ „די נייע שול" 1920 № 1—2 — דער ערשטער יידישער קינדער־קלוב . . . . . . . . „ 50 — 56

„ „די נייע שול" 1920 № 7 — 8 — די זומער־קאָלאָניע (II) . . . . . . . . . . . „ 4 — 6

„ „די נייע שול" 1921 № 1 פּראָגראַם פון פיזיק „ 33 — 43

„ „ „ „ „ № 2 „ „ געזאַנג „ 20 — 25

„ „ „ „ „ № 3—4 5 יאָריקער יובי־ליי פון שול — צום ערשטן אַרויסלאָז און אַנד. „ 27 — 30

„ „די נייע שול" 1921 № 6 פּראָגראַם פון יידיש „ 49 — 59

„ „שול און היים" 1921 № 3 אַן עלט.־פאַרז. . „ 30 — 31

„ „ „ „ „ № 3 דער 1 סיום . . „ 39 — 42

„ „חבר" 1921 דער קינדער קלוב (№ 3); דער שילער־קאָאָפּעראַטיוו (№ 4); דער ערשטער סיום (№ 8) . . . . . . . . . . .

„ „די נייע שול" 1922 № 3 פּראָגראַם פון מאָלן און צייכענען . . . . . . . . . . . „ 50 — 56



דער ערשטער אַרויסלאָז פון דער יינגל־שול „מפיצי־השכלה".

## 1-טער ארויסלאָז (1920—21).

1. אַלפּערשטיין זעליג
2. בעזפּראָזוואַניע חיים
3. באַראַן מרדכי
4. בלושינסקי יעקב
5. גורליאַנד חיים
6. גאַמאַרסקי הירש
7. געלפעלד לייב
8. געלפער משה
9. גרינשטיין ישראל
10. וועלעס דוד
11. חבץ מנחם
12. לונסקי יעקב
13. לונסקי משה
14. לאַווארישעק אליקום
15. פילניק מיכאל
16. צוקערמאַן נח
17. קאַפלון מיכאל
18. רובינשטיין לייב
19. רוטשטיין יצחק
20. שיפרין לייב
21. טרעאופיאַנסקי יעקב

## 2-טער אַרויסלאָז (1921—22).

1. בענדער לייב
2. בלושינסקי מרדכי
3. בלאָך הירש
4. גרונטוואַגע משה (אָן אַט.)
5. געלפער אליהו
6. גאָלדבערג בן-ציון
7. דושיץ הירש (אָן אַט.)
8. וואַפּנער מרדכי
9. זעלדין לייב
10. כהנאָוויטש ישראל
11. ליכטשטיין בצלאל
12. סטאָקלישסקי אהרן
13. סאלאמאָן ברוך
14. פלודערמאַכער ברוך
15. ציפקין יעקב
16. קאַפלאַן אליעזר
17. קריניצאַ מרדכי
18. רובינשטיין אייזיק
19. רייכעל ישעיה
20. שייניוק שלמה (אָן אַט.)

## 3-טער אַרויסלאָז (1922—23)

1. אַראַנאָוויטש גרשון
2. אייזין יהושע
3. בערקמאַן ישראל
4. גאָלאָמב משה
5. דיסלער יוסף
6. זשאַלודסקי שמואל
7. טאָרף שמואל
8. יאַשונסקי שמואל
9. יערוזאַלימסקי יוסף
10. לעווין בנימין
11. קאַפלאַן יעקב
12. קאָסאָווער מרדכי
13. שלאָפראָק ישראל
14. פּאָקעמונסקי הירש (אָן אַט.)
15. פּאָקעמונסקי מאיר (אָן אַט.)
16. תבואה שמעון (אָן אַט.)

י. גורעוויטש.

---

# דער ערשטער יידישער קינדער־קלוב.

(געגרינדעט ביי דער יינגל־שול „מפיצי־השכלה" ווילנע)

דער ערשטער יידישער קינדער־קלוב איז געגרינדעט אין 1919־טן יאָר, לויט דער איניציאַטיוו פון דעם פאַרוואַלטער פון שול י. גורעוויטש. אויפן הויף פון שול איז גראַד געשטאַנען אַ ליידיקע דירה. די תּלמידים פון דעם עלטסטן — דעמאָלט VI קלאַס האָבן אַליין אויסגעראַמט די דירה, אויסגעוואַשן די דילן, און געעפנט דעם קלוב ביי 24 מיטגלידער, און מ׳האָט באַלד טאַקע אָנגעמערקט די צילן פון קלוב:

1. צוגעוויינען די חברים צו פולקומער זעלבסט־טעטיקייט.
2. העלפן די שוואַכערע שילער ביים מאַכן די לעקציעס.
3. אַנטוויקלען ביי די חברים דייענקע פעאיקייטן, אויף וועלכע עס ווערט ווייניק אַכט געלייגט אין שול.
4. צוגעוויינען די מיטגלידער צו פּראָדוקטיווער פיזישער אַרבעט.
5. מיטווירקן דער פיזישער אַנטוויקלונג פון די חברים.

שפּעטער ווערט דער קלוב אַריבערגעטראָגן אין לאָקאַל פון שול גופא, און דאָ הויבט זיך אָן די אַרבעט צו פאַרצווייגן; ס׳ווערן אָנגענומען מיטגלידער אויך פון אַנדערע יידישע שולן, און צוליב דער גרויסער צאָל מיטגלידער ווערט דער קלוב איינגעטיילט אין סעקציעס: ליטעראַרישע, דראַמאַטישע, היגיענישע, צייכן־סעקציע (באַזונדערס פייאיקע חברים) און אַנד.

די ליטעראַרישע סעקציע לאַדט אויך איין לעקטאָרן (פון די לערער און אַנד.); פון צייט צו צייט האַלטן די מיטגלידער פון דער סעקציע פאָרטראָגן.

דער קלוב האָט אויך אויסגעאַרבעט תּקנות פאַר באַזונדערע סעקציעס; למשל, אין די תּקנות וועגן פאַרפאַרטיקן די לעקציעס איז דאָ אַ פּונקט, אַז קיינער טאָר זיך ניט אָפּזאָגן פון העלפן דעם צווייטן. די תּקנות פון דער היגיענישער סעקציע זיינען באַזונדערס שטרענג; מ׳טאָר, למשל, ניט אָנווייזן, אַז די אָדער יענע אַרבעט איז אָן אַרבעט פאַר אַ חברטע; עס פעלן אויך ניט קיין תּקנות, ווי זיך אויפצופירן אינדערהיים: מ׳מוז גיין שלאָפן ניט שפּעטער פון 9 און אויפשטיין ניט שפּעטער פון 7 א. א.

אין 1921 יאָר אַנטוויקלט זיך די אַרבעט נאָך בעסער. די סעקציעס אַרבעטן אינטענסיווער, די צאָל מיטגלידער דערגרייכט שוין איבער 100. דעם 1־טן יולי 1921 פייערט דער קלוב זיין 2־יאָריקן יובילייאום. עס ווערט איינגעאָרדנט אַן אויסשטעלונג פון אַלע אַרבעטן פון קלוב און די סעקציעס (די צייכן־סעקציע — בילדער, די נאַטורוויסנשאַפטלעכע סעקציע — אירע קאָלעקציעס, די ליטעראַרישע — אירע זשורנאַלן און אַז. וו.).

נאָכן אַרויסטרעטן פון שול פון די קינדער פון 2־טן אַרויסלאַז ווערט די אַרבעט שוואַכער, און עס טרעפן אַפילו הפסקות אין דער אַרבעט פון קלוב. די חברים פילן אָבער די נייטיקייט פון קלוב, און נאָך אַ הפסקה פון אַ יאָר ווערט צוריק דער קלוב געעפנט. די קינדער הייבן ווידער אָן צו אַרבעטן.

צוערשט טרעטן אַריין אין קלוב נאָר די תּלמידים פון יינגל־שול, שפּעטער ווערט דער באַשטאַנד פון די מיטגלידער אַזאַ: 7־טער און 8־טער קלאַס יינגל־

שול מ"ה, 7־טער און 8־טער „פרוג"־שול, תּלמידים פון גימנאַזיע ס. גורע־וויטש און אַנד. אָנשטאָט אייניקע סעקציעס, וואָס האָבן אויפגעהערט צו אַרבעטן (מוזיק) זיינען צוגעקומען נייע: איינבינדעריי, שניידעריי, און פּויליש־קרייז.

ביי היינטיקן טאָג עקזיסטירן אין קלוב פאָלגנדיקע סעקציעס:

1. ליטעראַרישע סעקציע (70 מיטגלידער). קלייבט פּאַרנאַנ־דער ווערק, איבערהויפּט פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור; צווישן אַנדערע ווערק דורכגעלייענט און געשמועסט וועגן: „שיילאָק" — פון שעקספּיר, „דער טיראַן פון פּאַדואַ" — פון הוגאָ, „צוימען־ברעכער" — פון ש. אַנסקי, „אַראָפּ־געלאָזטע אויגן" — פון י. ל. פּרץ. פון צייט צו צייט ווערן געהאַלטן פון די אייגענע מיטגלידער רעפעראַטן (למשל — „די נייע ריכטונגען אין דער יידישער ליטעראַטור"). לאַדט אויך איין לעקטאָרן; ש. ידידאָוויטש — „דער קאַרשן־גאָרטן" — פון טשעכאָוו און אַנד. די לעצטע צייט ווערט אויך געפירט אַזאַ אַרבעט; עטלעכע חברים נעמען אויף זיך צונויפצושטעלן אַ גענויע ביאָ־גראַפיע פון אַ יידישן שרייבער און טיילן אויס רעפערענטן. אויף דער צוגריי־טונגס־אַרבעט ווערט געגעבן איין וואָך. צווישן אַנדערע זיינען געהאַלטן געוואָרן רעפעראַטן וועגן די פאָלגנדיקע יידישע שרייבער: שלום־עליכם, מענדעלי־מוכר־ספרים און פּרץ.

2. צייכן־סעקציע. די צייכן־סעקציע האָט געמאַכט אַ שריט פאָרויס אַדאַנק דעם לערער ה' טשאַסטראָוו. מ'גיט אַרויס אַ זשורנאַל „אונזער קונסט" (אַרויס 2 נומערן), אין וועלכן עס גייען אַריין די בעסטע צייכענונגען פון די חברים־טעס (מער ערנסטע אַרבעט, למשל „קאָפּ").

3. דראַמאַטישע סעקציע (20 מיטגל.) אינסצענירונגען, פּיעסן: „אין דער פינסטער"—פּרץ הירשביין (חנוכה 1924, אין קלוב). „מיטן שטראָם" — שלום אַש (פּסח 1924, אין קלוב). דעם לעצטן פּסח האָט דער קלוב איינגעאָרדנט אַן אָוונט (אויף פאַר זייטיקע) מיט גרויס ערפאָלג.

4. פּויליש־קרייז. מען לייענט געמיינזאַם פּוילישע ווערק; רע־פעראַטן פון די חברים־טעס, למשל, וועגן עליזאַ אָרזשעשקאָ, מאַריאַ קאָנאָפּ־ניצקאַ, וועגן "Ogniwa" — פון אָרזשעשקאָ, וועגן "Zloty wiek" דעם אָנהייב פון דער פּוילישער ליטעראַטור. דורכשניטלעך באַזוכן די סעקציע 40 מיטגלידער

5. איינבינדעריי־סעקציע (25 מיטגל.) בינדט איין ביכער פאַר דער שול־ביבליאָטעק, פאַר די חברים־טעס צו ביליקע פּרייזן. איינגעבונדן פאַר דער לעצטער צייט איבער 200 ביכער. די ערשטע צייט איז די סעקציע געווען אונטער דער אָנפירונג פון אינסטרוקטאָר ה' כאַזאַנאָוויטש. די לעצטע צייט אַרבעט די סעקציע זעלבסטשטענדיק.

6. שניידעריי־סעקציע. (25 מיטגל.) די חברים לערנען זיך אויס נייען מיט אַ פינגערהוט, נייען ריכטיק אַ גאַט א. אַז. וו. די סעקציע איז אונטער דער אָנפירונג פון אינסטרוקטאָר ה' זאַוואַדסקי.

7. נאַטורוויסנשאַפטלעכע סעקציע פירט דורך קורצע שמועסן וועגן דער נאַטור. זומער קלייבט די סעקציע קאָלעקציעס און ברענגט זיי אין אָרדנונג. אין דער סעקציע איז פאַרשריבן כמעט דער גאַנצער קלוב.

8. גימנאַסטישע סעקציע פירט דורך איבונגען מיטן גאַנצן קלוב, זאָרגט וועגן שפּאַציר־גענג א. אַז. וו.

9. געזאַנג סעקציע. דער לערער ה׳ סלעפּ העלפט זייער אַפּולע דער סעקציע. אַרויסגעטראָטן אויפן אָוונט פון קלוב פסח 1924.

10. עלטערער ליטעראַרישער קרייזל באַשטייט פון 15 עלטערע תלמידים.

אין קלוב אַרבעטן אויך פאַרשיידענע קאָמיסיעס, ווי:

1. פאָלקלאָר־קאָמיסיע. קלייבט פאָלקסשאַפונגען, צונויפגעזאַמלט שוין איבער 500 פאַרשיידענע מעשיות, שפּריכווערטער, ווערטלעך, רעטענישן, ציילעכישן און אַנד. דאָס אַלץ וועט ווערן איבערגעגעבן דער היסט. עטנ. געזעלשאַפט.

2. קאָמיסיע פאַרן קעסטל־אָוונט. זאַמלט ביי די מיטגלידער די פראַגן, באַשטימט די צייט פאַרן קעסטל־אָוונט א. אַז. וו. (אָט זיינען, למשל, אייניקע פראַגן, וואָס די ח״ח האָבן געבעטן פאַנאַנדערקלייבן: וואָס איז אַזוינס שוואַכער זכרון? אַ חלום? ווי דאַרפן מיר זיך באַציען צו ליגנס?) אָפט קומט אונז צוהילף דער פאַרוואַלטער פון שול י. גורעוויטש, ד״ר ל. חייט אַ.נדא.

3. סטאַטיסטישע קאָמיסיע. פירט אַ גענויע סטאַטיסטיק וועגן באַזוכן דעם קלוב, די באַזונדערע סעקציעס, וועגן ערפילן די אַרויפגעלייגטע פליכטן און אַנד.

4. אָרדנונגס־קאָמיסיע. השגחה ביים אריינגאַנג, אָרדנונג אין לאָקאַל און אַז. וו.

אויסגאַבן אין קלוב:

1. יעדע וואָך ערשיינט אין קלוב אַ בלעטל, אונטערן נאָמען „אונזער בלעטל״, וואָס שפּיגלט אָפּ די אַרבעט אין קלוב. נאָך יעדע 4 נומערן ווערט געביטן די רעדאַקציע, כּדי דאָס רעדאַגירן גופא זאָל ווערן אַן אַלגעמיינע אַרבעט און פליכט. אין די רעדאַקציעס האָבן שוין געאַרבעט איבער 20 מיטגלידער אַזוינע בלעטלעך זיינען אַרויס ביז איצט 28.

2. „אונזער קונסט״ — גיט אַרויס דער צייכן־קרייז. די מערער צוגעפּאַסטע בילדער ווערן אָנגעקלעפּט, דער זשורנאַל ווערט דורך דער איינבינדעריי־סעקציע פּראַכטפול נעבונדן און מאַכט זייער אַ גוטן רושם. אַרויס 2 נומערן.

3. „כעלם״ — הומאָריסטישער זאַמלביכל. אין אים גייען אריין: קאַריקאַטורן אויף חברים־טעס, עפּיגראַמען, הומאָרעסקן, וויצן, אַלץ וואָס איז שייך דעם לעבן אין קלוב. אַרויס 2 נומערן.

4. „קלאַנגען״ — בעלעטריסטישער זאַמלביכל. דער זשורנאַל אַנטהאַלט אַ רייכע בעלעטריסטישע אָפּטיילונג, ער נעמט אריין אָפּטיילונגען פון אַלע אויסגאַבן, וואָס זיינען אַרויס אין קלוב. ער אַנטהאַלט 52 זייטן (ליטאָגראַפירט אין 150 עקזעמפּלאַרן).

מיטגליד פון קלוב מ. מינקאָוו
(תלמיד פון ייִנגלישול מ״ה).

---

# 6־קלאַסיקע פאָלקס־שול אויפן נאָמען ל. גורוויטש.

אָרזשעשקאָ, 7.

אין צווייטן יאָר נאָכן אויסברוך פון דער וועלט=מלחמה איז ווילנע גע=
וואָרן אַ מקום=מקלט פאַר אַ גרויסן טייל אַנטלאָפענע פון די צאַרישע פאַר=
פאָלגונגען און גרושים. גאָר אין די ערשטע טעג איז די גאַנצע ענערגיע פון
דער ווילנער יידישער געזעלשאַפט געווען געווענדעט אויסשליסלעך אויף דעם,
צו באַזאָרגן די הונדערטער היימלאָזע מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ און מיט שפּייז.
שלעכט איז געווען די לאַגע פון די אָנגעלאָפענע. אָבער נאָך ערגער איז געווען
מיט זייערע קינדער, וועלכע פלעגן גאַנצע טעג פאַרברענגען מיט די עלטערע
אין די ענגע, שמוציקע „אָבשטשעזשיציעס". דאָס האָט געצוואונגען אָנצו=
נעמען שריט צו איזאָלירן די קינדער פון די עלטערע: מ'האָט אָנגעהויבן
גרינדן ספּעציעלע קינדער=היימען. פון אַזאַ קינדער=היים, וואָס איז געגרינדעט
געוואָרן אין יענער צייט דורך דער געזעלשאַפט „קינדער=פאַרזאָרגונג", האָט
זיך שפּעטער אַנטוויקלט די איצטיקע פאָלקס=שול אויפן נאָמען „ל. גורוויטש".
לכתחילה איז די קינדער=היים געווען אויסגערעכנט אויסשליסלעך פאַר יינגלעך,
ווייל צווישן די היימלאָזע, מערסטנטייל פון די קליינע שטעטלעך, איז געווען
פרעמד דער געדאַנק פון געמישטע לערנדערציערישע אַנשטאַלטן. די נייע
אַנשטאַלט האָט אין אַ סך היגזיכטן ניט פאַרדינט דעם נאָמען „קינדערהיים".
זי האָט זיך געפונען אויף נייע גאַס 3, אין בנין פון דער אַמאָליקער האַנט=
ווערקער=שול. דער דאָזיקער לאָקאַל מיט זיינע פעלד=גרויסע, פאַרלאָזענע צימערן,
אומענדלעכע קאָרידאָרן איז וויי ניקער פאַר אַלץ געווען צוגעפּאַסט פאַר אַזאַ
אַנשטאַלט. די ערשטע צייט באַלד נאָך דעם, ווי די היים איז געעפנט געוואָרן,
פלעגט מען בלויז „פאַרנעמען" די קינדער, ווייל די הויפּט=אויפגאַבע פון אַנ=
שטאַלט איז געווען — די דערנערונג. קיין אויסגעהאַלטענע פּראָגראַם פון
באַשעפטיקונגען איז נאָך ניט געווען, דאָך האָבן זיך די לערער געמיט, אַז
די צייט זאָל ניט גיין לאיבוד: מען האָט געפירט פאַרשיידענע אַנטוויקלונגס-
שמועסן, פאָרלעזונגען, קאָלעקטיווע שפּילן, האַנט=אַרבעט און געזאַנג. ביי אַלע=
מען האָט געלעבט די האָפענונג, אַז די קינדער=היימען זייגען אַנשטאַלטן נאָר
אויף אַ קורצער צייט, אַז אָט=אָט וועלן די היימלאָזע באַקומען די מעגלעכקייט
אומצוקערן זיך צוריק אויף זייערע ערטער. און די אַנשטאַלטן וועלן זיך ליקווי=
דירן. די האָפענונגען זייגען, אָבער, ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן. די צייט האָט
געוויזן, אַז די קינדער=היימען וועלן, פאַרקערט, דאַרפן לאַנג עקסיסטירן, און דאָס
האָט געצוואונגען, מען זאָל אָנהייבן טראַכטן וועגן ערנסטערע אויפגאַבן פאַר
די קינדער=היימען. מען האָט גענומען אַריינפירן אין זיי עלעמענטן פון אַ שול
— מ'האָט אָנגעהויבן לערנען מיט די קינדער די גרונד=לימודים. וועגן פאַר=
טיילן די קינדער אין געשלאָסענע קלאַסן האָט גאָר קיין רייד ניט געקאָנט זיין,
ווייל ס'איז ניט געווען דער מינימאַלסטער קאָנטינגענט קינדער, וואָס זאָל באַ=
זיצן גלייכע ידיעות. געקומען פון די קליינשטעטלדיקע חדרים, — האָבן זיי

קיין צונרייטונג ניט געהאַט אין די אַלגעמיינע לימודים, און אָפּטמאָל פלעגט אויסקומען, אַז אַ 12—13־יאָריקער ייִנגל, וואָס האָט שוין געהאַט געלערנט גמרא, פלעגט דאַרפן זיצן מיט אַ 7—8־יאָריקן. דעריבער זיינען די גרופּעס אײַנגעשטעלט געוואָרן ניט לויט דער קלאַסן־סיסטעם, נאָר לויט דער געגנשטאַנדס־סיסטעם: אויף יעדן למוד פלעגט דאָס קינד זיך געפינען אין אַן אַנדער גרופּע.

אַ חוץ די היימלאָזע, זיינען די קינדער־היימען געצוואונגען געווען אָנצונעמען אויך שטאָטישע קינדער. צוזאַמען מיט דער נויט אין שטאָט איז די צאָל ווילנער קינדער געוואַקסן. און ווען די היימלאָזע האָבן לויט דער פאַראָרדענונג פון דער דייטשער מאַכט פאַרלאָזט ווילנע אין 1917 יאָר, זיינען די קינדער־היימען געבליבן עקסיסטירן ווי אָרטיקע ווילנער אַנשטאַלטן.

די נויט אין ווילנע איז געווען אַזוי גרויס, אַז געגאַנגען איז מען אין קינדערהיים בלויז כדי צו באַקומען אַן איבעריקן מאָל אָפּעסן. דאָס איז געווען דער איינציקער סטימול, וואָס האָט געטריבן הונדערטער קינדער צו קלאַפּן אין די טירן פון קינדער־היים, וועלכע האָט געמוזט נאָכגעבן דער פאָדערונג פון דער צייט און צונעמען אַלעמען, ניט רעכענענדיק זיך לחלוטין מיט זייערע ידיעות. די קינדער זיינען ווייטער צעטיילט געוואָרן לויט דער געגנשטאַנד־סיסטעם. אַזוי אָבער, ווי אין דעם פאַל האָט די קינדער־היים געהאַט צו טאָן מיט אַ היגן עלעמענט קינדער, מיט אַן עלעמענט אַ מער באַשטענדיקן, האָט עס געמוזט שטויסן דערצו, אַז דער גאַנג פון די למודים זאָל נאָרמאַליזירט ווערן, אַז די קינדער זאָלן וואָס ווייניקער לויפן פון איין גרופּע אין דער אַנדערער, אַזוי, אַז סוף כל סוף האָט זיך פאָרט איינגעגעבן דורכצופירן אַ צעטיילונג לויט קלאַסן־סיסטעם. מען איז צוגעטראָטן צו שאַפן אַ פּראָגראַם פון די לימודים נאָך לענגערע פּרובן האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אויפן פאָלגנדן לערן־פּלאַן:

| № | לימודים | .I | IIא | IIב | IIIא | IIIב | ס"ה |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | יידיש | 8 | 5 | 5 | 4 | 4 | 26 |
| 2 | אַריטמעטיק | 6 | 5 | 5 | 4 | 4 | 24 |
| 3 | העברעאיש | — | 4 | 3 | 3 | 3 | 13 |
| 4 | תנ"ך | — | — | 2 | 2 | 2 | 6 |
| 5 | יידישע געשיכטע | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 8 |
| 6 | נאַטורוויסנשאַפט | — } | 3 | 3 | 2 | 2 | } 14 |
| 7 | געאָגראַפיע | — } | | | 2 | 2 | |
| 8 | זינגען | — | 2 | 2 | 1 | 1 | 6 |
| 9 | גימנאַסטיק | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 8 |
| 10 | שפּילן און זינגען | 8 | — | — | — | — | 8 |
| 11 | צייכענען און קלעפּן | 4 | 3 | 2 | 2 | 2 | 13 |
| 12 | בוכבינדעריי | — | — | — | 6 | 6 | 12 |
| | ס"ה אין וואָך | 26 | 26 | 26 | 30 | 30 | 138 |

ווי ס'ווייזט זיך אַרויס פון לערן-פּלאַן, האָבן די פאַרשיידענע קלאַסן אין קינדער-היים געהאַט דורכשניטלעך 4—5 שעה אַ טאָג למודים. נאָר אין קינדער-היים גופא, אונטער דער השגחה פון די לערער, פלעגן די קינדער פאַרברענגען פון 8 ביז 9 שעה, ווייל די איבעריקע צייט איז געווען אויסגערעכנט אויפן עסן: 2 מאָל אין אַ־שטאַלט גופא און איין מאָל אין קינדער-קיך, וואוהין מ'פלעגט גיין עסן אָרגאַניזירטערהייט אונטער דער אָנפירונג פון לערער.

אויב דאָס איינשטעלן אַ מער אָדער ווייניקער נאָרמאַלן למודים-גאַנג האָט אָנגעטראָפן אויף אַזוינע שוועריקייטן, איז נאָך ערגער געווען מיטן באַזאָרגן מאַטעריעל די קינדער-היים. וואָס מערער ס'איז געוואַקסן די נויט פון דער באַפעלקערונג, אַלץ שווערער איז געוואָרן צו באַזאָרגן די אַנשטאַלט מיט די נייטיקע מיטלען. פון געבעקס מיט פּוטער, אייער און קאָנסערוון איז מען אַריבער צו געטריקנטע סוכאַרעס און שפּעטער צו פּשוטע „וויקע", וואָס גייט אין די גוטע צייטן אויף צו באַמיסטיקן די פעלדער. צוליב אָט דעם שיסעלע „וויקע" פלעגט מען זיך שלעפּן אין די ווינטערדיקע, פראָסטיקע טעג אין צעריסענע בגדים, אָן שיך אויף פאָהוליאַנקע אין קינדער-קיך, וואו מען פלעגט שעהנווייז וואַרטן אויף דעם „נאַרהאַפטן" מיטאָג. דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבן די קעלט, וואָס האָט געהערשט אין קינדער-היים, וואו די אויסגעוואַשענע דילן אויף דער נאַכט פלעגן זיך אויף מאָרגן פאַרוואַנדלען אין אויסגעצייכנטע גליטשן פאַר די קינדער. די איינציקע רעגולערע הכנסה פון אַנשטאַלט איז געווען די חודשדיקע סובסידיע פון דעמאָלטיקן צענטראַל-קאָמיטעט. זי איז, אָבער, געווען נישטיק לגבי די באַדערפענישן פון אַנשטאַלט, און מ'האָט געמוזט איינאָרדנען אַ גאַנצע ריי אונטערנעמונגען, ווי קאָנצערטן, פאַרווייַלונגען און אָוונטן. די גאַנצע לאַסט פון איינאָרדענען די אונטערנעמונגען איז געפאַלן אויף די פּלייצעס פון די לערער. טיילווייז מיטגעהאָלפן די לערער אין דער דאָזיקער אַרבעט האָט דער פאַרזאָרגונגס-קאָמיטעט פון קינדער-היים. דער קאָמיטעט איז געווען אויסגעטיילט פון דער געזעלשאַפט „קינדער-פאַרזאָרגונג", וועלכע האָט אָפיציעל רעפּרעזענטירט די אַנשטאַלט. די געזעלשאַפט „קינדער-פאַרזאָרגונג", וועלכע איז צו יענער צייט באַשטאַנען על-פּי-רוב פון דאַמען-פּאַטראָנעסעס, האָט ווייניק וואָס געזאָרגט פאַרן קינדער-היים. מ'האָט זיך ניט אינטערעסירט מיטן אינערלעכן לעבן; קיינעם איז ניט אָנגעגאַנגען, וואָס און ווי אַזוי מ'לערנט די קינדער — ס'האָט מער ניט אימפּאָנירט די אויסערלעכע מאַרקע, אַז ס'ווערן פאַרזאָרגט קרוב 300 קינדער. און ווען ניט די ענערגיע און אויפמערקזאַמקייט פונם פאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט, וועלכער האָט די אַנשטאַלט אין אַ סך שווערע מאָמענטן אַרויסגעהאָלפן, וואָלט די קינדער-היים געוויס אונטערגעגאַנגען. אָט אַזוי שווינדזיכטיק האָט אויסגעזען די „געזעלשאַפטלעכקייט", וועלכע האָט די קינדער-היים אַרומגערינגלט.

נאָכדעם ווי די למודים-פּראָגראַם האָט אָנגעהייבן אָננעמען פאָרמען פון אַן אויסגעשפּראָכענער, באַשטימטער ריכטונג, האָט זיך די עלטערן-מאַסע אָנגעהייבן צו דיפערענצירן אין איר באַציאונג צו דער אַנשטאַלט. אַ גרויסער טייל פון זיי האָט אָנגעהויבן צו קוקן אויף דער קינדער-היים נעגאַטיוו צוליב דעם, וואָס אין

דער פּראָגראַם האָבן געפעלט די אַזוי גערופענע למודי=קודש. „מען לערנט ניט
דעם קינד דאַוונען, מעביר קריאה זײַן די סדרה, ברכות, קדיש זאָגן" — דאָס
זײַנען געווען די טענות, מיט וועלכע די עלטערן פלעגן קומען צו די לערער.
אַזוי ווי דער אויסוואַל איז געווען אַ פרייער און דערצו נאָך האָבן זיך די רע=
ליגיעזע שולן געפונען בײַ די גרויסע אינטערנאַטן פון דער שטאָטישער תּלמוד=
תּורה און צחיעזר, וועלכע האָבן מאַטעריעל מערער באַזאָרגט די קינדער, ווי
די קינדער=היים מיט אירע שוואַכע מיטלען — האָט זיך אָנגעהויבן אַן אָפּפלוס
פון קינדער. די צאָל קינדער איז כּסדר געפאַלן און אין יאָר 1918—19 האָט די
אַנשטאַלט שוין געציילט ניט מערער, ווי הונדערט קינדער מיט 4 קלאַסן. אין
אַזאַ דערונטערדיקן מצב האָט די קינדער=היים דורכגעמאַכט דעם יאָר 1918=19,
ביז ס'זײַנען אָנגעקומען די בלוטיקע אַפּריל=טעג, אין וועלכע ס'איז ברוטאַל
דערהרגעט געוואָרן דער פאַרוואַלטער פון שול לייזער הורוויטש, און דער גאַנצער
אינווענטאַר איז צעראַבירט געוואָרן. אַ געוויסע צײַט איז אַריבער ביז די אַנ=
שטאַלט איז געקומען צו זיך. אַזוי ווי ס'איז גראָד געווען נאָך פּסח, איז ערקלערט
געוואָרן אַ נײַע אויפנאַמע פון קינדער, וועלכע האָט דאָס מאָל געגעבן זייער
דוטע רעזולטאַטן. די צאָל קינדער איז מער ווי פאַרטאָפּלט געוואָרן. שוין לאַנג
האָבן זיך די לערער אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק אומצובײַטן די דירה פון קינ=
דער=היים, וועלכע האָט געשטערט איר נאָרמאַלער אַנטוויקלונג. ס'איז געווען
די פּאַסיקסטע צײַט, ווײַל אויפן בנין האָבן פּרעטענדירט די פּראָדוציר=קאָאָפּע=
ראַטיוון. צום נײַעם לערניאָר פון 1919—20 האָט זיך די קינדער=היים אַריבער=
געטראָגן אין נײַעם בנין אויף אָרזשעשקאָ 7, און גלײַכצײַטיק מיט דעם האָט
די אַנשטאַלט אויך געביטן איר נאָמען; אָנשטאָט „קינדערהיים פאַר ייִנגלעך
בײַ דער געזעלשאַפט קינדער=פאַרזאָרגונג" האָט דער פּעדאַגאָגישער ראַט אָנגע=
רופן די אַנשטאַלט „פאָלקסשול אויפן נאָמען ל. הורוויטש". מיט דער דאָזיקער
ענדערונג האָט דער פּעדאַגאָגישער ראַט געהאַט אין זינען אי צו פאַראייביקן
דעם נאָמען פונם טראַגיש=אומגעקומענעם פאַרוואַלטער און לערער פון שול, אי
ענדלעך צו באַפרײַען די אַנשטאַלט פון פריערדיקן נאָמען, ווײַל צו יענער צײַט
איז עס שוין געווען ניט קיין קינדער=היים, נאָר אַ שול.

מיט די דאָזיקע שנויים האָט זיך דער גאַנצער פּרצוף פון דער אינסטי=
טוציע ראַדיקאַל געביטן. ביסלעכווײַז איז ליקווידירט געוואָרן די קיך בײַ דער
שול, וועלכע פלעגט אין אַ סך הינזיכטן אַרײַנטראָגן אַ דעמאָראַליזאַציע אין לעבן
פון אַנשטאַלט. עס איז שוין מער ניט נייטיק געווען צו טיילן די קינדער אומ=
זיסטע לערן=מכשירים און מען האָט שוין געקאָנט אַרײַנפירן אַ מינימום פון
שכר=למוד. דאָס אַלץ האָט געהויבן דעם פּרעסטיזש פון דער שול אין די אויגן
פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג. צו יענער צײַט איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרוב
אָנצונעמען אין ערשטן קלאַס אויך מיידלעך, אַזוי, אַז ס'איז געלייגט געוואָרן
אַ גרונד פאַר אַ געמישטער שול. אין זעלבן יאָר 1919, וועלכער קען באַזראַכט
ווערן ווי אַ ווענד=פּונקט אין לעבן פון אַנשטאַלט, האָט זיך אויך געביטן די
געזעלשאַפטלעכע גרופּירונג אַרום דער שול. די געזעלשאַפט „קינדער=פאַרזאָר=
גונג" האָט זיך ליקווידירט, אָפּטרעטנדיק איר אָרט דעם צענטראַלן בילדונגס=

קאָמיטעט, וועלכן ס'האָט געבילדעט די יידישע דעמאָקראַטישע אינטעליגענץ צוזאַמען מיט דער אָרגאַניזירטער יידישער אַרבעטערשאַפט. שוין פינף יאָר, ווי די שול געפינט זיך אונטער דער גייסטיקער און מאַטעריעלער אָנפירונג פון צענטר. בילד.=קאָמיטעט און ווייזט אַרויס בולטע סימנים פון לעבנספעאיקייט: פון אַ 4=קלאַסיקער שול האָט זי זיך אַנטוויקלט אין אַ 6=קלאַסיקער שול. ביים איצטיקן מאָמענט איז דאָס די איינציקע געמישטע שול אין ווילנע מיט אַ גלייכער צאָל יינגלעך און מיידלעך. די אַלגעמיינע צאָל קינדער דערגרייכט ביז 200. אין יאָר 1923 האָט די שול געהאַט איר ערשטן אַרויסלאָז פון 6=טן קלאַס. די דורכגעפירטע עפנטלעכע עקזאַמענס האָבן עדות=געזאָגט פון אַן ערנסטער, אינ= טענסיווער אַרבעט, וואָס ווערט געטאָן אין שול. די שילער אין עלטער פון



ל. גורוויטש=שול אין יאָר 1921

13=14 יאָר זיינען אַרויס פון שול מיט אַ היפּשער אַנטוויקלונג און באַדייטנד; סכום ידיעות סיי הומאַניטאַרע, סיי רעאַלע. אַ גרויסע טייל פון די פאַרענדיקטע לערנען זיך ווייטער אין די העכערע קלאַסן פון „מפיצי השכלה", רעאַל=גימנאַזיע און טעכניקום, די איבעריקע, ווייניקער באַמיטלטע, זיינען אַוועק צו דער אַרבעט!

ס'איז נאָך צו פרי און שווער ביים איצטיקן מאָמענט צו געבן אַ געוויסע אָפּשאַצונג פונם דורכגעמאַכטן וועג. און דערפאַר איז דאָס ניט קיין געשיכטע פון דער שול, נאָר אַ באַשרייבונג פון 9 יאָר עקסיסטענץ פון אַן אַנשטאַלט, וועלכע איז פון אַן „אָטשאַג" פאַר אָנגעלאָפענע היימלאָזע געוואָרן אַ נאָר= מאַלע שול.

א. גינזבורג.

# שול א. ג. פון „שלום־עליכם".

די שול האָט אַ גאַנץ לאַנגע און אייגנאַרטיקע געשיכטע, כאָטש אונטער דעם נאָמען עקסיסטירט זי דאָס 1־טע יאָר.

ביזן לערן־יאָר 24—1923 האָבן אין דעם ראַיאָן פונקציאָנירט 2 באַזונדערע שולן (י. ל. פּרץ־שול און „אַרבעטער־קינדערהיים"), וועלכע, מען האָט לויטן באַשלוס פון צ. ב. ק. צונויפגעגאָסן אין 1 אַנשטאַלט אויפן נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם שלום־עליכם.

## א) פאָלקס־שול אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ.

1914. די גרעניצן פון דער גרויסער רוסישער אימפּעריע האָבן אַ ציטער געטאָן, נאָך די ערשטע האַרמאַטן־שאָסן האָבן זיך פון די מערבדיקע גרעניצן פון דער מלוכה אַ לאָז געטאָן קיין ווילנע, געטריבן פון שרעק און פאַרפּאָלגונגען, שטראָמען היימלאָזע.

די אַלטע גאַסטפריינדלעכע ווילנע האָט זיי אויפגענומען, באַזאָרגט צייטווייליק מיט אַ היים, שפּייז און דאָס גלייכן. די צאָל אַנטרונענע איז מיט יעדן טאָג געשטיגן, און די היגיעניש באַדינגונגען אין די „היימען" זיינען געוואָרן אומדערטרעגלעכע. פאַר דער לערן־יוגנט, וואָס האָט גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין באַזאָרגן די היימלאָזע, איז אויפגעשוואומען אַ דרינגענדיקע נויטווענדיקייט אויסצוטיילן די קינדער און אין אַ געוויסער מאָס באַפרייען זיי פון די שעדלעכע, דעמאָראַליזירנדיקע ווירקונגען, וועלכע ס'האָט געהאַט אויף זיי דאָס צוזאַמענלעבן מיט די דערוואַקסענע פון פאַרשיידענעם עלטער און געשלעכט אין די אַלגעמיינע היימען.

צוערשט האָט די לערן־יוגנט גענומען זאַמלען גרופּעס קינדער פון די היימלאָזע און אַרויספירן זיי אויף עטלעכע שעה אין שטאָט, אין די גערטנער, אויף הינטערן שטאָט. מיטן אָנקומען פון שפּעטן האַרבסט איז אויפגעשוואומען דער געדאַנק צו שאַפן פאַר די קינדער אַ בייטאָגיקע היים, וואו די קינדער זאָלן פאַרברענגען פון דער פרי ביזן אָוונט, וואו מען זאָל זיי שפּייזן און וואו ס'זאָל בכלל געזאָרגט ווערן וועגן זייער פיזישער און גייסטיקער אַנטוויקלונג.

ס'ווערט אָרגאַניזירט דורך דער חברה „קינדער־פאַרזאָרגונג", אַ דאַנק דער מיטווירקונג פון פּעטערבורגער „אָזע", אַ קינדער־היים (אָקטאָבער 1914), וואו ס'איז קאָנצענטרירט געוואָרן אַ טייל פון די היימלאָזע קינדער — ייִנגלעך און מיידלעך צוזאַמען. גאָר אינגיכן האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ נויטווענדיקייט צו פאַרברייטערן די היים. מ'האָט זי געשפּאָלטן אויף 2 — איינע פאַר ייִנגלעך, די צווייטע פאַר מיידלעך — די שפּעטערדיקע פּרץ־שול. די קינדערהיים פאַר מיידלעך ווערט איינגעאָרדנט אויף זאַוואַלנע גאַס 21 (יאַנואַר 1915). בראש האָט זיך געשטעלט די באַקאַנטע פּרעבילִיסטין ריוולין. די מיטאַרבעטער זיינען ווערבירט געוואָרן פון צווישן דער לערן־יוגנט. דאָס זיינען געווען מיטאַרבעטער פרייוויליקע און אין אַ גרויסער צאָל. יעדערער פון זיי פלעגט אָפּגעבן איין שעה אין טאָג. גאָר אינגיכן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַזאַ נישט רעגולערע,

פרייוויליקע אַרבעט קאָן ניט אײַנגאַנצן באַפרידיקן. אגב האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צווישן די קינדער פון די היימלאָזע איז געווען אַ גרויסע צאָל אַנאַלפאַ־בעטן — דערוואַקסענע מיידלעך. די סיסטעם פון פרייוויליקער מיטאַרבעטער־שאַפט איז אָפּגעשאַפט געוואָרן און ס׳זײַנען אײַנגעלאַדן געוואָרן לערערקעס— „מאַמעס“, ווי די קינדער פלעגן זיי רופן. די גאַנצע קינדערהיים איז אײַנגע־טיילט געוואָרן אין דריי „פאַמיליעס“. פאַר די אַנאַלפאַבעטן איז אײַנגעאָרדנעט געוואָרן די גרופּע פון לייענען און שרייבן, די איבעריקע גרופּעס האָבן גע־לערנט רעכענען אין יידיש. זיי האָבן געשפּילט, געקלעפּט, געצייכנט. געטאָן איז דאָס געוואָרן טיילווייז געהיים, ווייל אין דער קאָנצעסיע, וואָס די געזעלשאַפט האָט באַקומען, איז געווען אַ בפירושער פּונקט, אַז מ׳טאָר מיט די קינדער ניט לערנען. די אָנפאַנגער־גרופּע איז געפירט געוואָרן אין יידיש. די לימודים זײַנען געגאַנגען, פאַרשטייט זיך, ניט אײַנגאַנצן נאָרמאַל, מחמת ס׳איז געווען אַ שטענדיקער שטראָם פון קינדער — די אַריין, יענע אַרויס. די אַנאַלפאַבעטן־גרופּע איז געווען די גרעסטע און האָט געציילט ביי אַ 70—80 קינדער פון פאַרשיידענעם עלטער און אַנטוויקלונג. די קינדער פלעגט מען אַלע וואָך פירן אין באָד. זיי זײַנען אויך באַזאָרגט געוואָרן מיט ריינע וועש, בגדים. אין משך פון דעם נאָענטסטן האַלב יאָר איז די אַרבעט שוין אַוועק גאַנץ נאָרמאַל. ס׳האָט זיך אָבער גאָר אינגיכן אַרויסגעוויזן אַ נויטווענדיקייט אויסצואַרבעטן אַ גענויערע פּראָגראַם פאַר דער אַרבעט, ווי אויך צו שאַפן און באַזאָרגן די היימען מיט די נייטיקע לערנמאַטעריאַלן אין יידיש. ס׳האָט זיך געשפּירט אַ מאַנגל אין לידער, שפּילן, קינדער־ליטעראַטור, לערן־ביכער. ס׳איז דעריבער צונויפגערופן געוואָרן אַ קאָמיסיע פון פּעדאַגאָגן און שריפטשטעלער (צווישן זיי ניגער, טשאַרני, האַלפּערן, כאַצקעלעס, גערשטיין, ריוולינאַ, אסתּר בערגער און אַנדערע), וועלכע האָבן געדאַרפט באַזאָרגן די היימען מיט די נייטיקע מאַטעריאַלן אין יידיש. נאָר די דייטשן האָבן זיך דערנעענטערט צו ווילנע. די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע זײַנען זיך צעפאָרן, און די קאָמיסיע איז זיך צעפאַלן. ס׳האָבן אויך פאַרלאָזן ווילנע די לערערינס פון דער קינדערהיים. אויף אַ קורצער צייט האָט איבערגענומען די הנהגה העלענע כאַצקעלס. די קינדערהיים איז אַריבער־געטראָגן געוואָרן אויף אַלעקסאַנדר בולוואַר 13, אין געביידע פון דער געווע־זענער כהן׳ס גימנאַזיע. ס׳זײַנען אָנגעקומען די דייטשן. אַלס פאַרוואַלטער, איז באַשטימט געוואָרן דורך דער געזעלשאַפט „קינדער־פאַרזאָרגונג“ די זייער טיכטיקע און ענערגישע קאָוונער לערערין נחמה העלער. די קינדערהיים האָט זייער פיל געהאַט צו פאַרדאַנקען דער דאָזיקער פאַרוואַלטערין, וועלכע האָט דורכגעטראָגן די אַנשטאַלט דורך אַלע געפאַרן אין משך פון די שווערסטע יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען די לערערין האָט געמוזט זיין אַ לערערין, אַ דערציערין, אַ מאַמע, אַ שפּייזערין, געלט־פאַרזאָרגערין א. ז. וו. נאָמינעל האָט זיך די קינדערהיים געפונען אין רשות פון „קינדער־פאַרזאָרגונג“, וועלכע האָט וועגן איר געדאַרפט זאָרגן, פאַקטיש אָבער איז די גאַנצע לאַסט פון זאָרג וועגן דער קינדערהיים געלעגן אויף די פּלייצעס פון דער פאַרוואַלטערין און טיילווייז אויך אויף די פּלייצעס פון ראַט. דעם 1־טן האַלבן יאָר נאָכן אָנקומען פון די דייטשן איז די

היים געווען באַזאָרגט מיט שפּייז און מיטלען. די היים איז באַשטאַנען פון אַ קינדער-גאָרטן און אַ שול. די אַרבעט פלעגט פאָרקומען פון 8 אינדערפרי ביז 5 פאַרנאַכט. די קינדער פלעגן באַקומען 3 מאָל אין טאָג עסן: 2 מאָל אין דער קינדערהיים און 1 מאָל אין אַ קינדער-קיך. די לימודים (יידיש, רעכענען, יידישע געשיכטע, שמועסן פון געאָגראַפיע און נאַטורוויסנשאַפט) פלעגן פאָר-קומען פון 9 ביז 1. די איבעריקע צייט פלעגן די קינדער זיך פאַרנעמען מיט האַנטאַרבעט גייען, שטריקן, צייכענען, קלעפּן, (מיט גימנאַסטיק, שפּילן), געזאַנג.

די קינדער פון די היימלאָזע האָבן זיך צוגעבונדן און ליב באַקומען די היים. מיט שפּייז, בילדונג און פּעדאַגאָגישער השגחה זיינען זיי אין אַ געוויסער מאָס געווען באַזאָרגט. און דאָס האָט גראָד גענומען אויספעלן ביי די ווילנער



האַנטאַרבעט אין פּרץ-שול.

קינדער. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן צו שיטן ווענדונגען און בקשות פון שטאָטישע קינדער, אָבער מ'האָט זיי געמוזט אַלע אָפּזאָגן, ווייל קיין אָרט איז ניט געווען. ערשט אין אַפּריל 1916 ווען די דייטשן האָבן ערלויבט אַ טייל היימלאָזע אומ-צוקערן זיך אין זייערע פאַרלאָזענע נעסטן, האָט זיך געעפנט אַ מעגלעכקייט אויך צו באַפרידיקן די שטאָטישע קינדער.

צום סוף 1916 איז שוין דער גרעסטער טייל קינדער באַשטאַנען פון אָרטיקע ווילנער.

* *
*

אין יולי 1916 האָט די צאָל קינדער אין קינדערהיים באַטראָפן 286 (200 אין שול, 86 אין קינדער-גאָרטן). די אַרבעט אין פּעדאַגאָגישער הינזיכט

איז אַוועק מער אָדער ווייניקער נאָרמאַל. ס'איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ גע-
נויערע פּראָגראַם, ס'איז אויך אײַנגעפירט געוואָרן העברעאיש, דייטש. דעם
21 נאָוועמבער איז די שול בײַ דער קינדערהיים באַשטעטיקט געוואָרן דורך
דער דייטשער שול-מאַכט און האָט באַקומען דעם נאָמען: „7-טע יידישע פּאָלקס-
שול, ראַדונער 13". אין פּעדאַגאָגישער הינזיכט האָט זיך די אַרבעט אײַנגע-
שטעלט. דערפאַר האָבן זיך אָנגעהויבן שוועריקייטן אין מאַטעריעלער הינזיכט.
אין מיטן דעצעמבער 1917 האָט די קינדערהיים זיך פאַרברייטערט און געציילט
360 קינדער (אין שול 260 מיידלעך און 100 אין קינדער-גאָרטן—יינגלעך מיט
מיידלעך צוזאַמען) די דאָזיקע שול האָט צוזאַמען מיט די איבעריקע שולן גע-
פירט אַ קאַמף קעגן די גערמאַניזאַציע-פּלענער פון די דייטשן. די פאַר-
וואַלטערין איז דאַן אָפּגעזעסן 10 טעג (דעצעמבער 1917) אין לוקישקער טורמע
פאַר ניט אונטערוואַרפן זיך דעם באַפעל צו שליסן די שול.

די אַרבעט אין דער קינדער-היים איז אין משך פון די יאָרן 1916, 1917
און 1918 פאָרגעקומען סײַ ווינטער סײַ זומער, מיט דעם אונטערשייד, וואָס
זומער פלעגן די קינדער אַרבעטן און פאַרברענגען אויף אַ דערבײַיאיקן שפּיל-
פּלאַץ. די מיטגלידער פון ראַט פלעגן באַקומען אורלויב נאָר אײַנציקווייז.

סוף 1919 איז דורכגעפירט געוואָרן אַ קאַרדינאַלע רעפאָרם אין דער
קינדערהיים. דער קינדער-גאָרטן איז צוליב פאַרשיידענע פּעדאַגאָגישע און
אַדמיניסטראַטיווע טעמים אָפּגעטיילט געוואָרן פון דער שול, אַריבערגעטראָגן
געוואָרן אין אַ צווייטער געבײַדע אויפן זעלבן הויף און האָט אָנגעהויבן צו
עקסיסטירן זעלבשטענדיק. די קינדערהיים, פון וועלכער די שול איז געווען
אַ המשך און ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג, איז געווען געגרינדעט גלײַכצײַטיק און
אויף די זעלבע יסודות ווי די קינדערהיימען אין וואַרשע, פאַר וועלכע דער
פאַרשטאָרבענער דיכטער י. ל. פּרץ האָט אַזוי פיל געאַרבעט. צום ערשטן
יאָר-צײַט פון י. ל. פּרץ האָט די קינדערהיים אַרויסגעלאָזן אַ קינדער-זאַמל-בוך,
געווידמעט דעם אָנדענק פון פאַרשטאָרבענעם דיכטער. עס איז געווען גאַנץ
נאַטירלעך, וואָס אין 1919 יאָר האָט די שול באַקומען דעם נאָמען פון י. ל. פּרץ.
ס'איז אַוועק אַ אינטענסיווע פּעדאַגאָגישע אַרבעט אין דער טיף.

אין די יאָרן 1921—1923 באַמערקט זיך אַ געוויסער אָפּפאַל פון קינדער,
די צאָל קינדער פאַלט ביז 180. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס נאָך די
פאַרשיידענע אָקופּאַציעס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געוויסע אויפלעבונג פון דער
שטאָט אין עקאָנאָמישער הינזיכט. די מאַטעריעלע לאַגע פ ן די קינדער האָט זיך
אַ ביסל פאַרבעסערט. זיי האָבן שוין ניט אַזוי געהונגערט ווי אין די פאָריקע
יאָרן. גלײַכצײַטיק האָט זיי אָבער געטראָפן אַ צווייטע פּלאָג: פון איין זייט האָט זיך
די מאַטעריעלע לאַגע פון דער שול פאַרערגערט, און זי איז געצוואונגען גע-
ווען אײַנצופירן אַ שכר-למוד, אמת אַ קליינעם פון דער צווייטער זייט,
האָט זיך אין שטאָט געעפנט אַ גאַנצע ריי קליינע פאַבריקלעך (פון פּאַפּיראָסן,
שוועבעלעך און שאַכטלעך), וועלכע האָבן זיך געקוואַפּעט אויף די ביליקע הענט
פון די 11—12 יאָריקע מלחמה-קינדער. די עלטערן זײַנען ניט בײַגעשטאַנען
דעם נסיון און האָבן געשיקט זייערע קינדער אַרבעטן. מ'דאַרף דערבײַ געדענ-

קען, אַז די קינדער פון דער פרץ-שול זיינען געווען פון די אָרעמערע טיילן פון שטאָט (פון נאָוויגאָראָד, פּאָלטאַוואר גאַס, קיעווסקע, יידישער גאַס).

די שול האָט אין די יאָרן 1920—1922 געהאַט אַ שול-גאָרטן, וואָס די קינדער האָבן זומער באַאַרבעט. ס'איז געשאַפן געוואָרן דורך די קינדער אַ קאָאָפעראַטיוו, וואָס האָט זיי פאַרלייכטערט איינצושאַפן זיך לערן-מכשירים און ביכער. ביי דער שול האָט געאַרבעט אַן עלטערן-קאָמיטעט. (באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אַרבעט לטובת דער שול דער פאָטער קראיק).

די מאַטעריעלע לאַגע פון דער פרץ-שול האָט זיך צוגלייך מיט דער לאַגע פון די איבעריקע שולן, וואָס האָבן עקסיסטירט אין שטאָט, פאַרערגערט. ס'האָט געמוזט פאָרקומען אַ רעדוקציע, און די פרץ-שול האָט זיך פאַראייניקט מיט דער צווייטער יידישער שול, וועלכע האָט זיך געפונען אויף דער זעלבער גאַס, מיט דעם שול ביי דער אַרבעטער-קינדערהיים.

דאָס איז געשען אין אַווגוסט 1923 יאָר.

א. בולקין.

---

## ב) שול ביי דער ארבעטער-קינדערהיים.

פרילינג 1917 יאָר. אין ווילנע האָט געהערשט אַ שרעקלעכע נויט, אַרבעטסלאָזיקייט, צוואַנג-אַרבעט, יקרות, הונגער, עפּידעמיעס און אַ קאָלאָסאַלע שטערבלעכקייט צווישן די קינדער. די קינדער-בעטלעריי און די קינדער-שטערבלעכקייט האָבן אַרויסגעוואָרפן אַפּחד אויף דער יידישער באַפעלקערונג. „צונעמען די קינדער פון גאַס!” — דאָס איז געוואָרן דער לאָזונג פון טאָג. צו יענער צייט איז דורך דער אָרגאַניזירטער יידישער אַרבעטערשאַפט, אין דער פּערזאָן פון דער יידישער קולטור-סעקציע ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אָרגאַניזירט געוואָרן די אַרבעטער-קינדערהיים.

פסח-צייט האָבן די יידישע פּראָפּ. פאַראיינען באַקומען פון דעם דעמאָלטיקן צענטראַל-קאָמיטעט (אַ פאַרטיילונגס-קאָמיטעט פון די אויסלענדישע אונטערשטיצונגס-געלטער) אַ געוויסע סומע אַלס שטיצע פאַר די נויטבאַדערפטיקע אַרבעטער. אויף אַ זיצונג פון אַלע פאַרוואַלטונגען פון די פּראָפּ. פאַראיינען איז באַשלאָסן געוואָרן ניט פונאַנדערטיילן דאָס געלט, נאָר פאַרווענדן אויף אָרגאַניזירן אַן אַרבעטער-קינדערהיים. אויספירן דעם דאָזיקן ענין איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ קאָמיסיע ביי דער קולטור-סעקציע, וואָס האָט אָנגעפירט מיט אַן אָוונט-היים פאַר מינדעריעריקע אַרבעטער (שפּעטער יוגנט-אָרגאַניזאַציע און אָוונטשול א. ג. פון מ. ווינטשעווסקי). די דאָזיקע קאָמיסיע איז געווען לעגאַליזירט ביי דער דייטשער מאַכט אַלס געזעלשאַפט „יוגנט-פלעגע”. ס'איז באַשטימט געוואָרן אַ פאַרוואַלטערין מיט אַ געהאַלט פון 25 רובל אַ חודש, און אין אַרבעטער-קיך (זאַוואַלנע 60) האָט זיך אָנגעהויבן די רעגיסטראַציע פון קינדער. ס'איז געפונען געוואָרן אַ פאַסנדער לאָקאַל (אָסטראָבראָם 43) מיט אַ גרויסן, מיט גראָז באַוואַקסענעם הויף, מיט אַ סאָד; ס'איז איינגעלאַדן געוואָרן אַ קיך-פּערסאָנאַל; די אַרבעטער-קיך האָט אויסגעליען די ערשטע עטלעכע פוד גרויפּן, און דעם 29 מאַי האָבן זיך צום ערשטן מאָל אויפגעזאַמלט אין אַרבעטער-קינדערהיים 35 קינדער פון 4 ביז 9 יאָר.

די צאָל קינדער האָט זיך כסדר פאַרגרעסערט, אַזוי, אַז ענדע זומער האָט זי דערגרייכט ביז 100. אין פאַרלויף פון זומער האָבן זיך די קינדער פאַרנומען מיט שפּילן, זינגען, האַנט־אַרבעט, פאַרשיידענע שמועסן. מען פלעגט זיי געבן עסן 3—2 מאָל אַ טאָג. דאָס איז געווען אַ געמיש פון אַ שפּיל־פּלאַץ, קינדער־גאָרטן און שפּייז־פּונקט. שוואַכע־ע קינדער האָבן באַקומען אַ פאַרשטאַרקטע דערנערונג, אפילו אַ שטיקל פלייש טעגלעך. אַ גרויסע אויפמערקזאַמקייט איז געלייגט געוואָרן אויף דער ריינלעכקייט. די לערערינס האָבן אַרומגערינגלט די קינדער מיט אַ וואַרימער אַטמאָספער פון ליבשאַפט און מוטערלעכער צאַרטקייט...

צו האַרבסט האָט זיך די אַנשטאַלט אַריבערגעצויגן אויף אַ נייע דירה




אַרבעטער־קינדערהיים אין 1918 יאָר.

(ווינקל שוואַרצאָווע און ברייטע). דער פריערדיקער לאָקאַל איז ניט געווען צוגעפאַסט פאַר אַ ווינטער־וואוינונג. די 100 קינדער זיינען פונאַנדערגעטיילט געוואָרן אין 2 גרופּעס פון פאַרשול־עלטער (קינדער־גאָרטן) און 2 גרופּעס שול־עלטער (פאָלקס־שול). די אַרבעטער־קינדערהיים איז אָבער אַלץ פאַרבליבן איין אַנשטאַלט. צו די עלטערע קינדער איז איינגעלאַדן געוואָרן אַ דערפאַרענער לערער (י. פראַנקפורט). אַזוי איז אַריבער דאָס לערן־יאָר 1917—18.

צו האַרבסט 1918 האָט זיך די קינדערהיים ווידער איבערגעצויגן אין אין א נייע דירה, זאוואלנע 60. דאַן איז דער לערער פראַנקפורט געוואָרן פאַרוואַלטער פון דער אַנשטאַלט. דאָס לערן־יאָר 1918—19 איז געווען זייער אַ אומרואיקע. ס׳האָט זיך 3 מאָל געביטן די מאַכט. דאָס דאָזיקע לערן־יאָר האָט

נאָך צו פאַרצייכענען אַ דענקווערטיקע פּאַסירונג: אין די טרויעריק־באַרימטע אַפּריל־טעג איז אינגאַנצן צעראַבירט געוואָרן די שפּייז פון קינדערהיים.

ענדע זומער 1919 איז אָפּגעפּאָרן פון ווילנע דער פאַרוואַלטער י. פראַנק־פורט, און אויף זיין אָרט איז איינגעלאַדן געוואָרן אַלס פאַרוואַלטער דער לערער נ. ש. ידידאָוויטש. די קינדערהיים האָט זיך דאַן צום 3־טן מאָל איבערגעצויגן אין אַ נייע דירה, וואָקזאַלנע 15. די פאָרשול־גרופּעס זיינען דאַן אינגאַנצן אָפּגעטיילט געוואָרן פון די שול־גרופּעס. ס'איז געבילדעט געוואָרן אַ קינדער־גאָרטן. דעם קינדער־גאָרטן איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ לאָקאַל אויף אַ באַזונ־דערן שטאָק. פון דעם מאָמענט אָן האָבן אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן 2 אַנשטאַלטן 1) „אַרבעטער־קינדערגאָרטן" און 2) פאָלקסשול „אַרבעטערקינדערהיים". די פאָלגנדיקע שורות באַרירן שוין נאָר די ווייטערדיקע עקסיסטענץ פון דער פאָלקסשול „אַרבעטער־קינדערהיים".

דאָס לערן־יאָר 1919—22 איז אין פּעדאַגאָגישן זין געווען אַ מער אָדער ווייניקער נאָרמאַלע, ס'זיינען צוגעצויגן געוואָרן פרישע לערער־כוחות. ס'איז פאָרגעקומען אַ חנוכּת־הבית פון נייעם לאָקאַל, אויף וועלכן ס'זיינען זיך צונויפ־געקומען פאָרשטייער פון אַלערליי אָרגאַניזאַציעס און סתם סימפּאַטיקער. צום חנוכּת־הבית איז אָנגענומען געוואָרן אויף באָרג אַ היפּשער סכום לערן־מכשירים (בילדער, קאַרטעס, אַ גלאָבוס, אַ רעכן־מאַשין), און די געסט האָבן דאָס אַלץ אויסגעקויפט און געגעבן אַ מתּנה דער שול.

ביי דער שול האָט זיך געבילדעט אַ שילער־ביבליאָטעק, פאַר וועלכער די קינדער האָבן אַליין איינגעבונדן אויף די שעהן פון האַנט־אַרבעט די ערשטע 50 ביכלעך. די שול האָט געהאַט אין איר רשות אַן אייגענעם שול־גאָרטן

די אַרבעטער־קינדערהיים איז געווען די איינציקע אַנשטאַלט, וואו מען האָט ניט געלערנט קיין העברעאיש.

אויך נאָכן אָנשליסן זיך אָן צ. ב. ק. איז ביי דער אַרבעטער־קינדערהיים די גאַנצע צייט פון איר עקסיסטענץ געווען טעטיק אַ ספּעציעלע פאַרוואַלטונג, וואָס איז געווען אויסגעטיילט פון דער יידישער קולטור־סעקציע ביי די פּראָפע־סיאָנעלע פאַראיינען.

אויך דאָסמאָל האָט די שול זיך געפונען אין איר לאָקאַל ניט מער ווי איין יאָר. אָבער ניט מיטן גוטן ווילן האָט די שול דאָס מאָל געביטן איר וואוינונג. פּורים־צייט 1920 איז דער פאַרוואַלטער פון שול פאַררופן געוואָרן צו איינעם פון די העכסטע באַאַמטע פון ווילנער געגנט, יאַן פּילסודסקי — אַ ברודער פון יוזעף פּילסודסקי — און איר איז געמאָלדן געוואָרן, אַז די דירה פון אונזער שול מוז רעקווירירט ווערן צוליב מיליטערישע אייזנבאַן־צוועקן. דער פאַר־וואַלטער האָט געבעטן, מען זאָל דערלויבן די שול אַמווייניקסטן ענדיקן דאָס לערן־יאָר אין דעם לאָקאַל. ה' פּילסודסקי האָט געענטפערט, אַז ביז אין מיטן יוני קאָן די רעקוויזיציע ניט אָפּגעלייגט ווערן; ער גיט אָבער צייט אַ 6 וואָכן — אַ 2 חדשים אויף אָפּצוזוכן אַ נייע דירה. ס'איז אַוועק אַ לענגערע צייט, און מ'האָט די שול געלאָזט צו רו. אָבער אין מיטן מאַי, ווייזט אויס, מיטן דער־נעענטערן זיך פון די מיליטערישע אָפּעראַציעס צו אונזער געגנט, האָט מען

ווידער גענומען ענערגיש פֿאָדערן, מ׳זאָל באַפֿרייען די דירה. דער פּעדאַגאָגישער-ראַט האָט געמיינט, אַז אויך דאָס מאָל וועט געלינגען צו פּועלן אַ פֿאַרלייכטערונג. אָבער אין איין העלן פֿרימאָרגן זיינען אָנגעקומען פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן פֿאַראָרדנט צו באַפֿרייען ביז 2 בייטאָג די גאַנצע דירה, אין וועלכער ס׳האָבן זיך געפֿונען אַ פֿאָלקסשול, אַ קינדער-גאָרטן, אַ קינדער-קיך און אַ אָוונט-שול. אומזיסט איז געלאָפֿן דער פֿאַרוואַלטער צום זעלבן ה׳ פּילסודסקין. דער הויכער באַאַמטער האָט געענטפֿערט, אַז ער קאָן איצטער גאָרניט העלפֿן: דער לאָקאַל מוז נאָך היינטיקן טאָג באַפֿרייט ווערן. און דערווייל האָבן פּאָליציאַנטן און מיליטער געוואָרפֿן איבער די טרעפּ דעם שול-אינווענטאַר. מיט גרויס מי האָט זיך איינגעגעבן צו פּועלן, אַז די שול זאָל זיך אַליין עוואַקויִרן ביז 6 אָוונט. די זאַכן האָט מען אַריבערגעפֿירט אין פֿאַרשיידענע ערטער: אַ טייל אין נייעם לאָקאַל פֿון דער אָוונט-שול מ. ווינטשעווסקי, וועלכע האָט זיך פֿריער אויך געפֿונען אין לאָקאַל פֿון „אַרב. ק. ה.״; אַ טייל אין דער זומער-קאָלאָניע, וואָס די שול האָט, צוגלייך מיט אַלע ווילנער יידישע שולן, דאַן געגרינדעט; אַ טייל צו חברים און פֿריינד. די קורצע צייט, וואָס איז פֿאַרבליבן ביז קאַניקול, האָט זיך די שול געפֿונען אין דעם לאָקאַל פֿון דער דערמאָנטער אָוונט-שול. דער לאָקאַל איז אַבסאָלוט ניט געווען צוגעפּאַסט פֿאַר אַ מאָרגן-שול. מען האָט זיך זייער געמאַטערט.

די שוין דערמאָנטע זומער-קאָלאָניע האָט באַדינט אי די שול, אי דעם קינדער-גאָרטן. זי איז געווען באַשטימט אויף 60 קינדער, פֿון וועלכע אַ העלפֿט האָט אויסגעהאַלטן „אָזע״ און אַ העלפֿט די שול-פֿאַרוואַלטונג. די קאָלאָניע „אַרבעטער-קינדערהיים״ האָט זיך גערעכנט פֿאַר דער בעסטער לויט דער דערנערונג, וואָס די קינדער האָבן באַקומען, און לויט דער אויפֿפּאַסונג פֿון די קינדער. די קאָלאָניע איז געשלאָסן געוואָרן אַ סך פֿריער פֿאַר דער באַשטימטער צייט. דעם 12-טן יולי, 2 טעג פֿאַרן 2-טן אַריינמאַרש פֿון די באָלשעוויקעס, האָט מען די קינדער פֿאַנאַנדערגעלאָזן, און מער האָט מען שוין די קאָלאָניע ניט באַנייט.

דער זומער איז אַוועק אין זוכן אַ לאָקאַל. פֿון 15 אַווגוסט ביזן 1 סעפּטעמבער האָבן זיך די למודים געפֿירט אין דעמזעלביקן ניט צוגעפּאַסטן לאָקאַל פֿון דער אָוונט-שול. ערשט דעם 1 סעפּטעמבער האָט זיך די שול צוזאַמען מיטן קינדער-גאָרטן און קינדער-קיך (די לעצטע האָט די גאַנצע צייט באַדינט ביידע לערן-אַנשטאַלטן) אַריבערגעצויגן אין אַ נייעם לאָקאַל, גר. פּאָהולאַנקע 18. פֿאַר דער „אַרבעטער-קינדערהיים״ איז אָבער דער ראַיאָן געווען אַבסאָלוט ניט קיין פּאַסיקער: פֿון איין זייט — דערווייטערט פֿון די קוואַרטאַלן פֿון דער יידישער אַרבעטער-באַפֿעלקערונג; פֿון דער אַנדער זייט — אין שכנות מיט אַ צווייטער פּ.-שול, מיט דער פּרץ-שול. מ׳האָט אָבער גאָרניט געקאָנט מאַכן. ווען מען וואָלט זיך ניט אָפּגעשטעלט אויף דער דאָזיקער דירה, וואָלט די שול ניט געקאָנט געעפֿנט ווערן צום אָנהייב לערן-יאָר 1920—1921.

דעם 25 אַווגוסט זיינען אַריין אין ווילנע די ליטווינער, און אין אַ קאַרגן חודש אַרום האָט שוין די שול געהאַט צו טאָן אויך מיט דער דאָזיקער מאַכט

יום כּפּור, דעם 22=טן סעפּטעמבּער, איז אין שול געקומען אַ ליטווישער בּאַ=אַמטער און געמאָלדן, אַז דער שול=לאָקאַל מוז רעקוויזירט ווערן. אויף מאָרגן איז געקומען אַן אָפיציר מיט אַ פאָדערונג צו בּאַפרייען דעם לאָקאַל. דאָס איז פאַר די לערער געווען ממש אַ בּאָמבּע! דער פאַרוואַלטער האָט צוזאַמען מיט דעם ה׳ פלודערמאַכער *) אינטערווענירט בּיי איינעם פון די העכערע ליטווישע בּאַאַמטע, וועלכער האָט מבטיח געווען ניט צו דערלאָזן, אַז אַ שול=לאָקאַל זאָל רעקווירירט ווערן. ער האָט זיין הבטחה מקיים געווען. מען האָט אונז געלאָזט צו רו, און דעם 7 אָקטאָבּער האָט די שול בּאַקומען אַן אָפיציעלן דאָקומענט פון ליטווישן קאָמענדאַנט אונטערן № 586, דאַטירט דעם 6 אָקטאָבּער, אַז די רעקוויזיציע איז אַראָפּגענומען געוואָרן. אין אַ טאָג אַרום האָבּן די ליטווינער פאַרלאָזן ווילנע...

אין אָנהייבּ לערן-יאָר 1920—1921 האָט דער פּעד. ראַט אויפגעהויבּן אין דער פאַרוואַלטונג פון שול די פראַגע וועגן שאַפן אַ קינדער=אינטערנאַט לויטן מוסטער פון די קינדער=קאָלעקטיוון אין רוסלאַנד. הגם ניט אַזוי גרינג, אָבּער דאָך האָט זיך איינגעגעבּן דעם פּעדאַגאָגישן ראַט איבּערצייגן די פאַרוואַלטונג אין דער וויכטיקייט פון אַזאַ מין עקספּערימענט, די פראַגע איז געלייזט געוואָרן פּאָזיטיוו, און דעם 8 פעבּרואַר 1921 יאָר איז אויף זוועריניעץ (אַ פאָרשטאָט) געעפנט געוואָרן דער אַרבּעטער=אינטערנאַט. אין דער ערשטער ריי זיינען אין דער נייער אַנשטאַלט אַריינגענומען געוואָרן די גאַנצע און האַלבּע יתומים פון „אַרבּעטער=קינדערהיים“.

דאָס לערן=יאָר 2—1921 האָט די שול אָנגעהויבּן דאָס ערשטע מאָל אָן זאָרג וועגן אַ דירה. די שול איז בּאַשטאַנען פון 5 גרונט=קלאַסן און 2 פּאַראַ=לעלע. בּעת די רעדוצירונגען אין יאַנואַר 1922 זיינען דורכן צ. ב. ק. געשלאָסן געוואָרן בּיידע פּאַראַלעלע קלאַסן. דאָס יאָר האָט זיך אין שול אַנטוויקלט אַ אינטענסיווע אויסערשול=אַרבּעט: ס׳האָבּן נאָרמאַל פונקציאָנירט אַ שילער=בּיבּליאָטעק, אַ קינדער=קאָאָפּעראַטיוו און אַ קינדער=קלובּ. אויפן שול=יום=טובֿ האָבּן די קינדער אויפגעפירט צום ערשטן מאָל די קינדער=אָפּערע פון י. מיט=לאַנסקי „דאָס שניי=מיידעלע“.

דער V קלאַס האָט ניט געגעבּן גענוג קינדער = מאַטעריאַל פאַר אַ VI קלאַס, און די קינדער פון עלטסטן קלאַס זיינען פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן אין אַנדערע שולן: די מיידלעך אין פרוג=שול, די יינגלעך אין יינגל=שול מפ״ה, 2 יינגלעך אין די סטאָלערײ=שול=וואַרשטאַטן בּיי „אָרט“.

די „אַרבּעטער=קינדערהיים“ אין די שכנותדיקע פּריץ=שול זיינען, לויט אַ בּאַשלוס פון צ. ב. ק, צונויפגעגאָסן געוואָרן אין איין שול, וועלכע האָט בּאַקומען דעם נאָמען „שלום עליכם“=שול.

ש. ידידאָוויטש.

---

*) דעמאָלט פאַרוואַלטער מיט די יידישע שולן בּיי דער ליטווישער בּילדונגס=מאַכט.

## ג) שלום-עליכם-שול.

די אַרבעט אין דער פּאַראייניקטער שול איז פון אָנהייב לערניאָר געווען באַדייטנד שווערער און קאָמפּליצירטער, ווי אין אַנדערע שולן, צוליב אַ גאַנצע ריי סבות:

1) דער פּעדאַגאָגישער ראַט אין זיין גרויסן טייל (אויך דער פּאַר-וואַלטער) איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון לערער, וועלכע האָבן ביז אַהער געאַרבעט אין אַנדערע ווילנער צ. ב. ק.-שולן, אַזוי אַז ס'איז אויסגעקומען אַ סך אויפמערקזאַמקייט און צייט אָפּצוגעבן אויף צו באַקאָנען זיך מיט די קינדער.

2) די קלאַסן זיינען געווען ניט קיין איינהייטלעכע, ווייל זיי האָבן זיך צוזאַמענגעשטעלט פון קינדער פון 2 באַזונדערע שולן, און זייערע ידיעות אויף אייניקע געגנשטאַנדן, אויך די אַלגעמיינע אַנטוויקלונג זיינען ניט אַלע מאָל צו-נויפגעפאַלן. באַזונדערס שאַרף איז געשטאַנען די פראַגע מיט העברעאיש אין 4-טן לערניאָר, ווייל אין געוו. אַרב. ק-ה האָט מען קיין העברעאיש אינגאַנצן ניט געלערנט, און אין געוו. „פּרץ-שול" איז העברעאיש געווען אַריינגעפירט פון 3-טן לערניאָר אָן.

3) די פּאַראייניקטע שול איז אַריבערגעפאָרן אין אַ נייעם לאָקאַל (אויף סוזדאַלער 10), וועלכער איז צום אָנהייב לערניאָר נאָך ניט אינגאַנצן געווען פאַרטיק און צוגעפּאַסט פאַר דער שול: ס'איז ניט געווען קיין וואַסער (דער לאָקאַל געפינט זיך אויפן 3-טן גאָרן), קיין באַזונדערער סקלאַד פאַר האָלץ, די טרעפּ זיינען נאָך ניט געווען פאַרטיק; מ'האָט געדאַרפט אַריבערפירן און ברענגען אין אָרדענונג דעם אינווענטאַר פוןביידע שולן, באַקאָנען זיך מיט די צאָלונגס-פעאיקייטן פון באַזונדערע עלטערן, כדי איינצושטעלן דעם שכר-למוד א. א. וו.

דער פּעד. ראַט האָט געשטרעבט דערצו, אַז די אַלע מניעות זאָלן וואָס גיכער באַזייטיקט ווערן, און די אַרבעט אין שול זאָל נאָרמאַליזירט ווערן.

כדי צו באַקענען זיך מיט די עלטערן פון די קינדער, איז צונויפגערופן געוואָרן אַ גאַנצע ריי עלט.-פאַרזאַמלונגען לויט באַזונדערע קלאַסן. אויסער דעם, וואָס די פאַרזאַמלונגען האָבן געשאַפן אַ געוויסן קאָנטאַקט צווישן דער שול און די עלטערן, האָט דאָס אויך צוגעגרייט אַ באָדן פאַר דער שפּעטערדיקער אַלגע-מיינער עלטערן-פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן שוין אַ שטענדיקער עלטערן-קאָמיטעט.

די גאַנצע אָרגאַניזאַציאָנס-אַרבעט איז דורכגעפירט געוואָרן מיט אַ גאַנץ שנעלן טעמפּ (מ'האָט אויסגענוצט אויך די יום-טובים צייט), אַזוי, אַז אין מיטן אָקטאָבער (אַ פּאָר וואָכן נאָך סוכות) איז שוין די אַרבעט אין שול געגאַנגען מער אָדער ווייניקער נאָרמאַל.

דאָס גאַנצע לערניאָר איז דורכגעגאַנגען נאָרמאַל. דער באַזוך פון די קינדער איז געווען אַ גוטער אַפילו אין די גרויסע פרעסט.

קיין וואַסער איז אין לאָקאַל פון שול ניט געווען די גאַנצע צייט; מען פלעגט דאַרפן ברענגען צו טראָגן פון אַן אַנדער הויף. באַדייטנד שווערער, ווי אין אַנדערע שולן, איז אויך געווען מיטן אויפמאָנען דעם שכר-לימוד.

לויט דעם סאָציאַלן באַשטאַנד פון די עלטערן, געהערן די קינדער, וואָס באַזוכן די שול, צו די סאַמע אָרימסטע שיכטן פון דער ווילנער יידישער באַפעלקערונג (דער ראַיאָן איז אַזאַ). דער גרעסטער טייל עלטערן האָט ניט קיין פעסטע מקורים פון פרנסה. ס'רוב זיינען בעל-מלאכות, ווייניק קוואַליפיצירטע (שוסטער, שטעפער, שינדל-מאַכער, שניידער, בלעכער א. אַ.) אָדער אַזעלכע, וואָס ווייסן קיין מלאכה ניט (פורמאַנעס, גאַסמענטשן, אַרבעטער אין סאַכאַרין-טאַבאַק- שוועבעלעך-פאַבריקן).

זייער ווייניק זיינען פאַראַן אַזעלכע קינדער, ביי וועמען ביידע עלטערן פאַרדינען, און דאָס זיינען ס'רוב די, ביי וועמען די מאַמעס האַנדלען אויפן מאַרק אָדער גייען מיט קאָשיקעס („גאַסיקע", ווי די קינדער זאָגן). ס'איז פאַראַן אַ באַדייטנדע צאָל יתומים (47 קינדער ד. ה. 24% פון דער אַלגעמיינע צאָל קינדער אין שול), אַזוי אַז ס'איז זייער שווער געווען יעדן חודש אַרויסצובאַקומען די אָבליגאַטאָרישע סומע, וועלכע די שול האָט געמוזט דעקן, בפרט נאָך, אַז דער ראַט האָט זיך געהאַלטן ביים פרינציפ ניט צו באַזייטיקן פון שול קיין קינדער צוליב שכר-לימוד.

מ'דאַרף באַצייכענען, אַז דער עלטערן-קאָמיטעט, וועלכער באַשטייט פון איבערגעגעבענע פריינד פון דער יידיש-וועלטל. שול, האָט אַקטיוו מיטגעהאָלפן, אַז די שאַרפע פראַגע זאָל ערליידיקט ווערן אָן רייבונגען, און אַז זי זאָל ניט שאַפן קיין אָנגעשטרענגטע באַציאונגען צווישן די לערער און די קינדער. מיט דער מיטהילף פון עלטערן-קאָמ. זיינען דורך אַ ספּעציעלער באַשטייערונג געשאַפן געוואָרן מיטלען, אויף וועלכע מ'האָט איינגעקויפט ביכער פאַר דער שול-ביבליאָטעק (אין משך פון יאָר האָט מען געקויפט העכער 270 עקזעמפּל. פאַר די ערשטע 4 לערניאָרן). פון דעם זעלבן פאָנד זיינען אויך געדעקט געוואָרן די הוצאות אויף די קינדער-אָוונטן, וואָס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן אין שול אין משך פון לערניאָר, און איצט האָט אויך דער עלט.-ק. גענומען אויף זיך די הוצאות אויף אויסצוהאַלטן דעם גאָרטן, וועלכן די שול אָרגאַניזירט צוזאַמען מיט דער הומאַניסטישער גימנאַזיע אויף אַ פלאַץ, וואָס דער צ. ב. ק. האָט אַרענדירט. צום סוף אַ פאָר ווערטער וועגן די שול-יום-טובים.

דער פּעד. ראַט האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל: פאַרבינדן זיך מער מיט די עלטערן, דערנענטערן זיי צו דער שול און באַקענען זיי מיט דער אינערלעכער אַרבעט אין שול. די צוויי שול-יום-טובים (חנוכה און פורים) האָבן אַ פולע מיטגעווירקט דערצו. אויף ביידע אָוונטן איז בייגעווען אַ באַדייטנדיקע צאָל עלטערן; אַ סך זיינען בכלל געווען דאָס ערשטע מאָל אין שול (אויף די עלטערן-פאַרזאַמלונגען פלעגן זיי ניט קומען). ס'זיינען געווען אויך אויסגעשטעלט די קינדערשע אַרבעט פאַר דעם פאַרגאַנגענעם 1/2 יאָר. ס'האָט זיך בולט געפילט, אַז די עלטערן, וואָס זיינען בייגעווען אויף די יום-טובים און געזען, ווי אַזוי די קינדער פילן זיך אין שול (ס'זיינען געווען אויך ברידערלעך און שוועסטערלעך, וואָס לערנען זיך ניט אין די צ. ב. ק.-שולן), האָבן אַלנפאַלס זיך פאַרטראַכט אויף דעם, אַז די איינציקע שול, וועלכע קען געבן אַ נאָרמאַלע דערציאונג דעם קינד, איז נאָר די, וואו די למודים קומען פאָר אויף דער מו-

טער־שפּראַך פון קינד, ד. ה. די יידיש וועלטל. שול. דעם לעצטן טאָג פּסח איז אין שול איינגעאָרדנט געוואָרן אַ קאָנצערט־פאָרלעזונג פאַר די עלטערן פון נאָוואָגראָדער ראַיאָן מיטן ציל צו באַקענען זיי מיט די אויפגאַבן פון יידיש־וועלטל.־שולן און ווירקן, אַז זיי זאָלן זייע׳ע קינדער שיקן אין די שולן פון צ. ב. ק. ארויסגעטראָטן מיט רעדעס זיינען פאָרשטייער פון צ. ב. ק. אין קאָנ־צערט־אָפּטיילונג האָבן גענומען אַ אָנטייל אייניקע חברים־לערער, אויך די שי־לער (כאָר, דעקלאַמאַציע, גימנאַסטיק).

נאָך פּסח איז געעפנט געוואָרן אַ נייע אויפנאַמע פון שילער. געקומען זיך פאַרשרייבן זיינען 40 קינדער (אַ טייל פון די ועד־המאוחד־שולן), מיידלעך און יינגלעך. 36 פון זיי זיינען אָנגענומען געוואָרן אין שול. פון 28 אָנפאַנגער האָט זיך געבילדעט אַ נייער 1־טער קלאַס, און ס׳איז אַיינגעלאַדן געוואָרן אַ ספּעציעלע לערערין.

די שול איז אַ געמישטע, נאָר די צאָל יינגלעך איז אַ קליינע (איצט איז אין שול פאַראַן 27 יינגלעך). צי האָט די שול אויסזיכטן זיך צו פאַרוואַנדלען אין אַ נאָרמאַלע 6—7־קל. פ־שול, איז שווער צו זאָגן. דער סאָציאַלער באַ־שטאַנד פון די עלטערן איז אַזאַ, אַז זיי איז שווער אויסצוהאַלטן די קינדער אין אַ פאָלקס־שול אין משך פון 6—7 יאָר. היינטיקן יאָר זיינען געווען עט־לעכע פאַלן, ווען פון 4־טן און אַפילו פון 3־טן לערניאָר איז מען אַרויסגעטראָטן פון שול און אָנגעקומען אין געשעפטן, וואַרשטאַטן.

ה. פּופּקאָ.

---

# אָנ—סקי־שול.

די געשיכטע פון דער שול הייבט זיך אייגנטלעך אָן פון 1898 יאָר. אין דעם יאָר האָט זיך מיט גרויס מי איינגעגעבן צו באַקומען אַן ערלויבניש פון דער בילדונגס־מאַכט אויף אַ יידישער פריוואַטער מיידל־שול מיט אַן אינטערנאַט פאַר אָרימע מיידלעך־יתומות. אַזוי ווי אין אַנדערע דעמאָלטיקע פאָלקס־שולן, האָט מען אויך אין דער שול געלערנט רוסיש, חשבון און יידישע געשיכטע. („זאַקאָן באָזשי״) אין שול האָבן זיך געלערנט 40 קינדער—אַלע יתומות. קינדער פון שטאָט פלעגט מען אין שול ניט אָננעמען. מיט דער פינאַנציעלער און ווירטשאַפטלעכער זייט פון דער שול און אינטערנאַט האָט אָנגעפירט אַ דאַמען־קאָמיטעט. דער אינטערנאַט און אויך די שול האָבן זיך געפונען אויף אָסטראָבראַם גאַס אין אַן אייגענעם הויז № 39. אין 1915 יאָר אין רעכטן ברען פון דער עוואַקואַציע איז זיך דער דאַמען־קאָמיטעט פאַנאַנדערגעפאַלן, כמעט אַלע מיטגלידער פון קאָמיטעט זיינען אַרויסגעפאָרן פון ווילנע, און די אַנשטאַלט איז אַזוי אָרום גע־בליבן אָן אַן אָנפירנדיקן אָרגאַן. דאָס רוב קינדער האָט מען אָפּגעשיקט צו זייערע וווייטע אָדער נאָענטע קרובים, און די לעצטע 13 קינדער איבערגעגעבן אין רשות פון קאָמיטעט פון היימלאָזע. דעם בנין פון אַנשטאַלט האָבן שפּעטער די דייטשן פאַרנומען. די אַנשטאַלט האָט צייטווייליק אויפגעהערט צו עקסיסטירן,

נאָר די גרויסע צאָל פאַרוואָרלאָזטע קינדער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין יענער צייט אין ווילנע ביי אויסערגעוויינלעך שווערע באַדינגונגען, האָט גע־צוואונגען די געזעלשאַפט „קינדער־פאַרזאָרגונג" צו באַנייען דעם יתומים-אינטערנאַט. אין 1916 יאָר האָבן זיך שוין געפונען אין אינטערנאַט 86 קינדער, וואָס האָבן שפּעטער געבילדעט 2 קלאַסן, מיט וועלכע ס'האָבן פרייוויליק אָנגע־פירט אייניקע לערער. פון 1919 יאָר, ווען די אָנפירונג מיט דער שול איז אַריבער צו דער פאַרשטאָרבענער ח׳טע סטופּעל־כהן, הייבט אָן די שול וואַקסן, פאַרברייטערט זיך שטאַרק; שפּעטער טיילט זיך די שול אָפּ פון אינ־טערנאַט, נעמט אָן קומענדיקע קינדער, פאַרבינדט זיך מיטן שכנישן ליפּובקער ראַיאָן, און אין 1920 יאָר פאַרמאָגט די שול 220 קינדער ביי 4 קלאַסן און 2



אנ—סקי־שול אין 1921 יאָר.

פּאַראַלעלע. אין נאָוועמבער פונעם זעלבן יאָר איז געשטאָרבן ש. אנ—סקי, און די שול, לויטן באַשלוס פון צ. ב. ק., איז אָנגערופן געוואָרן מיט דעם נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם. פון די גרויסע מעגלעכקייטן, וואָס די שול האָט געהאַט צו פאַרוואַנדלען זיך שפּעטער אין אַ נאָרמאַלער 6־קלאַסיקער פאָלקס־שול, האָט זיך לײדער גאָרנישט אויסגעלאָזט. אין נאָוועמבער 1921 יאָר ציט זיך איבער דער יתומות־אינטערנאַט אויף סובאַטש 29 (ביליקע הייזער). דאָס האָט באַשטימט דעם ווייטערדיקן גורל פון דער שול. די שול ווערט גלייך באַדייטנד פאַרקלע־נערט, ווייל עס פאַלט אָפּ אַ גרויסע צאָל שטאָטישע קינדער, וואָס האָבן גע־וואוינט אינם ראַיאָן פון אָסטראָבראַם־גאַס; אַ גרופּע עלטערע קינדער האָט מען געמוזט אַריבערפירן אין די שטאָטישע שולן. די שול בלייבט ביי 3 קלאַסן מיט

96 קינדער. דער זייער שוואַך באַוואוינטער ראַיאָן, די אָפּגעשטאַנענקייט פון דער באַפעלקערונג שליסן אויס וועלכע ס׳איז אויסזיכטן אויף אַ פאַרברייטערונג פון דער אַנשטאַלט, און אין 1923 יאָר אין הסכם מיט דער אָנגענומענער נאָרמע — 35 קינדער פאַר אַ קלאַס — ווערט די שול פאַרוואַנדלט אין אַ 2-קלאַסיקע מיט פאַראייניקטע גרופּעס אין יעדן קלאַס. די שול אַנטוויקלט אַ געוויסע טעטיקייט פאַרן ראַיאָן; פון צייט צו צייט ווערן אײַנגעאָרדנט אָוונטן און עלטערן-אוידיטאָריעס, אויף וועלכע ס׳ווערט געפירט אַן אויפקלערונגס-אַרבעט. אין משך פון די לעצטע $1^{1}/_{2}$ יאָר זיינען געווען אײַנגעאָרדנט 6 אָוונטן און עלטערן-אוידיטאָריעס.

דער אינטערנאַט נעמט ניט אָן קיין נייע קינדער. די יתומות, וואָס געפינען זיך עד-היום אין אינטערנאַט, אַריבערגייענדיק אין העכערע קלאַסן, מוזן ווערן אײַנגעאָרדנט אין די שטאָטישע שולן פון צ. ב. ק. דער ראַיאָן גיט אַ קליינע צאָל קומענדיקע קינדער. דעריבער האָבן די ייִנגערע קלאַסן אַ קליינע צאָל קינדער. דאָס שטערט דער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג פון שול.

א. טירשטיין.

# פאָלקס-שול אויפן נאָמען פון י. דינעזאָן.

די שול א. ג. פון י. דינעזאָן (כיווינער 7) האָט זיך ניט צו באַרימען מיט איר לאַנגן יחוס-בריוו; זי האָט ניט קיין וואָרצלען אין דער פאַר-מלחמה-צייט און איז אַ ריינער פּראָדוקט פון דער אָקופּאַציע-תקופה, ווען הונדערטער יידישע עופעלעך, איבערהויפּט אין די פאָרשטעט, האָבן געשמאַכט אין דחקות און נויט אויף די קאַלטע ווילנער בוידימער און אין די נאַסע קעלערס, נאַקעטע און באָרוועסע, אָן שום השגחה. דאַן, אין אָנפאַנג 1917 יאָר, האָט די געזעלשאַפט „קינדער-פאַרזאָרגונג" באַשלאָסן צו עפענען אַ קינדער-היים אויף שניפּישאָק, וואו די נויט איז געווען באַזונדער גרויס. די גרינדער פון דער נייער אַנשטאַלט האָבן זיך געשטעלט זייער באַשיידענע צוועקן: באַזאָרגן אַ הונדערט קינדער פון 3 ביז 7 יאָר מיט שפּייז און פאַרבעסערן זייער פיזישן צושטאַנד. אָבער שוין גלייך פון אָנהייב האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דאָזיקע אויפגאַבע איז צו שמאָל, מען מוז זי פאַרברייטערן. אָנשטאָט 100 קינדער האָבן זיך געמאָלדן העכער 200, און אַלץ נויטבאַדערפטיקע, וואָס קיינעם האָט מען ניט געטאָרט אָפּזאָגן, פון זיי אַ באַדייטנדיקע צאָל אין עלטער פון 7 ביז 9 יאָר, ד. ה. אין שול-עלטער, און בנוגע צו אָט די עלטערע קינדער איז שוין געווען אוממעגלעך זיך צו באַנוגענען בלויז מיט השגחה — מ׳האָט געמוזט צוטרעטן צו סיסטעמאַטישע למודים. אַזוי אַרום האָבן זיך שוין אין האַרבסט פון דעם זעלביקן יאָר געעפנט אַ קינדער-גאָרטן און אַ נאָרמאַלע פאָלקס-שול אין באַשטאַנד פון 1-טן קלאַס. די שול האָט זיך די ערשטע יאָרן נאָרמאַל אַנטוויקלט, און יעדעס יאָר פלעגט זיך עפענען אַ נייער קלאַס.

אין 1919 יאָר, ווען ס׳האָט זיך געגרינדעט דער צ. ב. ק., איז די שול צוגלייך מיט אַלע אַנשטאַלטן פון דער געז. „קינדער-פאַרזאָרגונג" אַריבער אין זיין רשות.

אין 1920 יאָר האָט זיך געעפנט אין שול אַ פערטער קלאַס. אין דעם זעלבן יאָר ווערט דער קינדער־גאָרטן אויסגעטיילט פון שול אין אַ באַזונדערע אַנשטאַלט. די אַלגעמיינע צאָל קינדער אין שול ווערט נאַטירלעך באַדייטנד פאַרקלענערט; דאָס ווירקט אָבער ניט אויף דעם אינערלעכן לעבן פון דער שול, וועלכע פייערט אין 1922 יאָר דעם ערשטן אַרויסלאָז פון 5־טן קלאַס. אמת, אין 1922/23 ווערט די צאָל קינדער קלענער. ס'עקסיסטירט נאָך אַ V־טער קלאַס, אָבער מיט אַ קנאַפער צאָל קינדער און פאַראייניקט מיטן IV־טן. אין משך פון דעם יאָר פאַלט די צאָל קינדער אין שול נאָך שטאַרקער און דערגייט צום אָנהייב פון לויפנדיקן לערניאָר ביז איבער 70, און דער צ. ב. ק. האָט זיך געפונען געצוואונגען צו רעדוצירן די שול ביז 2 קלאַסן, פאַראייניקנדיק דעם I־טן מיטן II־טן לערניאָר אין איין קלאַס און דעם III־טן מיטן IV־טן אין איין קלאַס.



דינעזאָן־שול אין 1922 יאָר.

אין דער לעצטער צייט האָט זיך די לאַגע עטוואָס פאַרבעסערט: די צאָל קינדער אין משך פון יאָר האָט זיך ניט פאַרקלענערט.

צום 1־טן אַפּריל ה. י. האָט די שול געהאַט 76 קינדער.

ביי דער שול עקסיסטירט אַ קינדער־ביבליאָטעק, וואָס פאַרמאָגט העכער 300 ביכער. אין משך פון די לעצטע יאָרן איז די ביבליאָטעק מיט דער הילף פון עלטערן־קאָמיטעט באַדייטנד באַרייכערט געוואָרן. אויסער די שול־קינדער, באַנוצן זיך מיט דער ביבליאָטעק אויך אייניקע געוועזענע תלמידות.

צווישן די סיבות, וואָס האָבן געבראַכט צו דעם, אַז די צאָל קינדער האָט זיך פאַרקלענערט, דאַרף מען אָנווייזן פאָלגנדיקע:

1) די קליינבירגערלעכע באַפעלקערונג פון שניפּישאָק האָט נאָך אַ געוויסן פאָראורטייל צו דער שול. זי געדענקט נאָך, אַז די שול איז פריער

געוועו אַ קינדערהיים, וואו עס האָבן זיך געלערנט קינדער פון די אָרימסטע שיכטן.

2) די באַפעלקערונג פונם פאָרשטעטל האָט תמיד חשק צו שיקן די קינדער אין די שטאָטישע שולן, וועלכע זי רעכנט פאַר בעסערע, און, ווירקלעך, אין די שטאָטישע שולן פון צ. ב. ק. לערנען זיך אַ סך שניפּישקער קינדער.

3) דער פאַרהעלטנישמעסיק גרויסער שכר־למוד.

מ. לעווינסקי.

---

# פאלקס־שול אויף אנטאקאל.

אַנטאָקאָל איז די שענסטע און געזינטסטע געגנט פון ווילנע, אָבער אויך די וויסטסטע. מיט דעם אַריינקומען פון די דייטשן, ווען די איינציקע פאַרבינדונג — די „קאָנקע" — האָט אויך אויפגעהערט צו פונקציאָנירן, איז די געגנט נאָך מער אָפּגעריסן געוואָרן פון צענטער שטאָט. די וויסטקייט האָט זיך שלעכט אָפּגערופן אויפן גאַנצן יידישן ישוב און נאָך מער אויף די קליינע קינדער. זיי האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן אָן שום השגחה און דערציאונג. זייערע עלטערן זיינען געווען פאַרנומען מיט דער האַרבער שאלה „מה נאכל", וואָס האָט אַלע אַנדערע פראַגן אָפּגעשטופּט אָן אַ זייט. אין יענער צייט האָבן זיך דאָרטן שוין געפונען עטלעכע פאָלקס־שולן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן: אַ ליטווישע, ווייסרוסישע און פּוילישע. די שולן האָבן גערן געוואָלט אַריינגעמען אויך די יידישע קינדער. בלית ברירה האָבן די קינדער פון די מער פאַרמעגלעכע עלטערן טאַקע באַזוכט די פרעמדע שולן מכּל המינים, אָבער די גרעסטע צאָל קינדער איז געבליבן וואַלגערן זיך אויף דער גאַס. דאָס האָט באַוועגט אַ גרופּע פון אַנטאָקאָלער יידישע איינוואוינער ווענדן זיך צו דער חבֿרה „מפיצי השכלה" מיט דער בקשה צו עפענען אַ יידישע פאָלקס־שול. דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן די פראַגע אין פּאָזיטיוון זין.

און דעם 1 יאַנואַר 1916 יאָר האָט זיך געעפנט אין אַנטאָקאָל אַ צוויי־קלאַסיקע פאָלקס־שול פאַר יינגלעך און מיידלעך צוזאַמען.

אין 4 חדשים אַרום האָט זיך געעפנט אַ דריטער קלאַס. די צאָל תּלמידים—ות אין אַלע קלאַסן האָט דערגרייכט איבער 70 קינדער. די שול איז די ערשטע צייט סובסידירט געוואָרן פון דער חבֿרה „מפיצי השכלה". דערנאָך איז זי צוגלייך מיט אַלע אַנדערע שולן אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך דער קהילה. אין 1919 יאָר איז די שול אַריין אין נעץ פון די יידישע וועלטלעכע שולן ביים צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט.

אין מיטן זומער 1920 האָט די גזעלשאַפט „יעקאָפּאָ" געגרינדעט אַן אינטערנאַט פאַר מלחמה־יתומים—ות אין דער געגנט פון אַנטאָקאָל. די אינטערנירטע קינדער האָבן זיך אויך געניטיקט אין אַ שול. און דער צ. ב. ק. האָט באַשלאָסן צו פאַרברייטערן די אַנטאָקאָלער שול, וועלכע זאָל אַריינגעמען

הן די אַנטאָקאָלער קינדער, הן די קינדער פון אינטערנאַט. דעם 15 אויגוסט 1920 יאָר האָט די שול פונדאַסנײ אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן אַלס אַ פיר־קלאַסיקע מיט אַ צאָל תּלמידים—ות איבער 130. אַ דאַנק „יעקאָפּאָ“, וואָס האָט געזיכערט די שול מיט אַ האַלבן ביודזשעט, האָט זיך איינגעגעבן צו שאַפן אַ געהעריקן אינווענטאַר. די שול איז באַרייכערט געוואָרן מיט אַ גרויסער צאָל לערן־מכשירים און מיט אַ ביבליאָטעק פון איבער 500 יידישע און העברעאישע ביכער. אָנהייב 1922 יאָר האָט זיך דער אינטערנאַט ליקווידירט. די שול איז געבליבן נאָר פאַר אַנטאָקאָלער קינדער. די צאָל תּלמידים—ות איז אָבער געווען צו קליין פאַר אַ פיר־קלאַסיקער שול, האָט דער צ. ב. ק. באַשלאָסן צו פאַר־וואַנדלען זי אין אַ צוויי־קלאַסיקע מיט 4 לערניאָר, צו צוויי גרופּעס אין אַ



4־טער קלאַס פון אַנטאָקאָליער שול אין 19.3 יאָר.

קלאַס. צום לערניאָר $19^{23}/_{24}$ האָט זיך געשאַפן אין די ראַמען פון די זעלבע 2 קלאַסן אַ פינפטער לערניאָר. די צאָל קינדער פאַר אַלע לערניאָרן איז געבליבן אַרום 70: 30 יינגלעך און 40 מיידלעך. קיין אַנדערע לערנאַנשטאַלטן זיינען אין אַנטאָקאָל ניטאָ. כמעט אַלע קינדער, אָרים און רייך, האָבן געענדיקט אָדער באַזוכן נאָך די שול.

די שול האָט געמאַכט אייניקע אַרויסלאָזן פון תּלמידים—ות, אַ טייל איז אַוועק אין אַנדערע שולן ווייטער זיך לערנען, די איבעריקע זיינען אַוועק צו דער אַרבעט.

ש. גאָלאָוב.

---

# קינדער־גאָרטן „גרינינקע בוימעלעך".

דער קינדער־גאָרטן „גרינינקע בוימעלעך" איז אַנטשטאַנען פון דעם אַזוי גערופענעם „טאַמבאָווער פריוט", וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן דורך אַ דאַמען־קאָמיטעט אין יאָר 1911.

דער פריוט האָט געהאַט צו יענער צייט ביז 70 קינדער פון $2^1/_2$ ביז 10—11 יאָר. קיין פעדאַגאָגישע אַרבעט האָט זיך דאַן אין דער אַנשטאַלט כמעט ניט געפירט. די קינדער האָבן געהאַט אין זייער רשות 2 ניט גאַנץ ליכטיקע צימערן מיט זייער שווערע, ניט קיין צוגעפּאַסטע מעבל. וואו צו שפּילן — האָבן די קינדער אויך ניט געהאַט.

אין פריוט איז געווען איין פאַרוואַלטערין און 3 מענטשן פון טעכנישן פערסאָנאַל.

די עלטערע קינדער פלעגן זיך פאַרנעמען אַביסל מיט האַנטאַרבעט, שפּעטער אויך מיט לייענען און שרייבן. עס פלעגט קומען ספּעציעל אַ לערערין אויף אַ שעה.

אין דער צייט פון מלחמה פלעגן די קינדער באַקומען גוט און נאַרהאַפט עסן 4 מאָל אַ טאָג און פלעגן פאַרברענגען אין פריוט ביז 6—7 אין אָוונט.

דער פריוט איז געוואָרן רעאָרגאַניזירט אין אַ קינדער־גאָרטן אין לערנ־יאָר 1919—20. ער איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין זייער אַ גוטע וואוינונג אויף זאַוואַלנע 28/30, וואו דער קינדער־גאָרטן געפינט זיך ביז היינטיקן טאָג. די קינדער האָבן דאָ אין זייער רשות 4 גרויסע צימערן, צווישן זיי זייער אַ גרויסן ליכטיקן זאַל, 2 באַלקאָנען, אויך אַ קליידערצימער מיט אַ וואַשצימער. די גאַנצע דירה האָט זייער פיל זון און לופט. שוין דעם 1־טן יאָר פון עקסיסטענץ פון קינדער־גאָרטן האָט זיך דאָרט געפירט אַ רעגולערע פעדאַגאָגישע אַרבעט. 60—65 קינדער, וועלכע האָבן צו יענער צייט באַזוכט דעם קינדער־גאָרטן, זיינען שטרענג צעטיילט געוואָרן אויף 3 גרופּעס לויטן עלטער (פון $3^1/_2$ ביז $6^1/_2$ יאָר).

יעדע גרופּע האָט געהאַט איר שטענדיקע לערערין. איינע פון זיי האָט פאַרוואַלטעט מיט דער גאַנצער אַנשטאַלט. אַ אינסטרוקטאָר האָט אָנגעפירט מיט דער פעדאַגאָגישער אַרבעט פון אַלע קינדער־גערטנער, וועלכע האָבן זיך צו יענער צייט געפונען אין ווילנע.

די גאַנצע אַרבעט האָט זיך געפירט לויט אַ געוויסער פּראָגראַם, צוגעפּאַסט צו די צייטן פון יאָר (ווינטער־טעמעס, האַרבסט־טעמעס, פרילינג־טעמעס). די זעלבע טעמע פלעגט ווערן דורכגעפירט אין אַלע 3 גרופּן קאָנצענטריש, אָפּהענגיק פון עלטער און אַנטוויקלונג פון יעדער גרופּע. דעם אויבנדערמאָנטן לערניאָר איז דער קינדער־גאָרטן באַזוכט געווען פון זייער אָרימע קינדער. די קינדער פלעגן באַקומען אַ חוץ עסן אויך פון צייט צו צייט באַקליידונג פון אַמעריקע.

די אַרבעט אין קינדער־גאָרטן ווערט אַ גאַנצן יאָר ניט איבערגעריסן. דעם זומער פאַרברענגען די קינדער אויף אַ שפּילפּלאַץ נעבן

קינדער=גאָרטן, וואו זיי האָבן אַ פּאָר בייטן, זאַמד און גרינס. אין אַ יאָר אַרום איז דער קינדער=גאָרטן רעפאָרמירט געוואָרן. כּדי צו דערנענ=טערן אים צו אַ היים, איז ער פאַרקלענערט געוואָרן ביז אַ צאָל קינדער פון 30—35 ביי 2 לערערינס. פון טעכנישן פּערסאָנאַל האָט זיך איצט געפונען נאָר 1 באַדינערין. אויך די גאַנצע אַרבעט אין קינדער=גאָרטן איז געענדערט גע=וואָרן. קיין פאַרטיילונג אויף גרופּעס איז כּמעט שוין ניט געווען. די קינדער פלעגן פאַרברענגען אין קינדער=גאָרטן ביז 3—4 אַ זייגער בייטאָג. די קינדער פלעגן זיך פאַרנעמען מיט צייכענען, קלעפּן, מאָדעלירן, אויסשניידן, נייען. אַ גרויס; אָרט האָבן פאַרנומען פרייע שפּילן, שפּילן מיט געזאַנג, באַוועגלעכע שפּילן, אויך זינגען, ריטמישע גימנאַסטיק. עס געלינגט צו באַקומען פאַרן קינדער=גאָרטן אַ פּיאַנע. אין אַ יאָר אַרום האָבן מיר איינגעשאַפט אַ קליינעם אָרקעסטר. אין



קינדער=גאָרטן „גרינינקע ביימעלעך“ אין 1923 יאָר.

די לערניאָרן 1921—23 איז די אַרבעט געגאַנגען אומגעפער ווי אין דעם פּאָ=ריקן, נאָר עס האָט זיך אַלץ מער אַרויסגעוויזן אַ נויטווענדיקייט אָפּצוטיילן די קינדער אין גרופּעס (צוליב דער גרויסער צאָל און פאַרשיידענעם עלטער).

די קינדער באַקומען שוין מער ניט קיין עסן פון די אַמעריקאַנער פּראָדוקטן. זיי ברענגען פון שטוב אייגענע פרישטיקן. זיי צאָלן שוין אויך אין קינדער=גאָרטן אַ קליינעם שכר=למוד. דער סאָציאַלער מצב פון די קינדער איז אַ הע=כערער. אויף די עלטערן=פאַרזאַמלונגען זעען מיר שוין מער עלטערן. קיין שטענדיקע באַדינערין ביים קינדער=גאָרטן איז איצט ניטאָ. די באַדינערין קומט ראַמען און וואַשן, ווען די קינדער זיינען שוין אַוועק פון אַנשטאַלט. די גרינגערע ווירטשאַפטלעכע אַרבעט, ווי וואַשן די קוביקעס, אויסקערן, אָפּווישן די שטויב און אַ. וו. ווערט דורכגעפירט דורך די קינדער אַליין.

שוין אין 20—1919 לערניאָר זיינען אריינגעפירט געוואָרן אין קינדער=גאָרטן אייניקע הילפס=מיטלען פון דער סיסטעם פון מאָנטעסאָרי, כדי צו אנטוויקלען ביי די קינדער די אויסערלעכע חושים. די הילפס=מיטלען זיינען געווען צוגעגרייט פון דער לערערין זעלבסט. אין די ווייטערדיקע יאָרן האָבן מיר אויך עפּעס וואָס געטאָן אין דעם זין.

אין דעם 24—1923 לערניאָר ווערט אין קינדער=גאָרטן ביסלעכווייז אַריינגעפירט די גאַנצע סיסטעם פון מאָנטעסאָרי. דערווייל האָבן מיר אַ טייל פון דעם דידאַקטישן מאַטעריאַל, נאָר, צוליב דער גוטער ווירקונג אויף די קינדער, האָפן מיר אַריינפירן דעם איבעריקן דידאַקטישן מאַטעריאַל און אויך „גראַמאַטע״ לויט דער סיסטעם פון מאָנטעסאָרי. דער קינדערגאָרטן האָט איצט אַן אַרבעטספּעאיקן עלטערן=קאָמיטעט. די עלטערן אינטערעסירן זיך פיל מער מיט דער אַרבעט אין קינדערגאָרטן. דער שכר=למוד איז אַ גאַנץ הויכער.

אין דער צייט ווען אין די פריערדיקע 2 יאָר איז די מיטעלע באַזוכונג אין קינדערגאָרטן געווען ניט העכער ווי 25—20 קינדער, איז איצט די מיטעלע באַזוכונג פון 40 — 45 אויף 2 גרופּעס, און עס קומט אויס אין משך פון יאָר אָפּצוזאָגן זייער פיל קינדער אין אויפנאַם.

די לעצטע צייט, נאָך פסח באַמערקט זיך אַ שטאַרקער דראַנג אין ק. ג. ס׳האָבן זיך פאַרשריבן אין משך פון 3—4 טעג ביז 50 נייע קינדער. ס׳שטייט די פראַגע וועגן עפענען אַ דריטע גרופּע [1].

ב. קליאַטשקאַ—האַמבורג.

---

# קינדער=גאָרטן אויפן נאָמען פון ב. באָראָכאָוו.

אין 1920=טן יאָר האָט באָראָכאָוו=געזעלשאַפט באַשלאָסן צו עפענען אַ קינדער = גאָרטן אין נאָוואָגראָדער ראַיאָן. באַקומענדיק פון דער וואַרשעווער באָראָכאָוו=געזעלשאַפט אויף דער התחלה 10.000 מ״ק, האָט מען געדונגען אַ בנין אויף נאָוואָגראָד 64, אַריינגעפירט עטלעכע טישן און ביינק און אָנגעהויבן פאַרשרייבן קינדער. ווען ס׳איז שוין געווען פאַרשריבן אַ גענוגנדיקע צאָל קינדער, האָט זיך באָראָכאָוו = געזעלשאַפט געווענדעט צום צ. ב. ק., ער זאָל איבערנעמען די פּעדאַגאָגישע אָנפירונג. צוליב דעם, וואָס די קהילה האָט דעם ק.=ג. ניט אַריינגענומען אין נעץ פון די יידישע שולן, איז דער פינאַנסיעלער מצב פון ק.=ג. געווען זייער אַ קריטישער. קינדער האָט מען פאַרשריבן פון 4—9 יאָר. אין אַ געוויסע צייט אַרום איז קלאָר געוואָרן, אַז מ׳מוז די שול=קינדער אַריבערפירן אין אַ צווייטן לאָקאַל, און אויף נאָוואָגראָד 64 האָט מען איבערגעלאָזן קינדער פון 4—7 יאָר. ס׳זיינען איינגעלאַדן געוואָרן 2 פרעבעליסטנס אָנצופירן מיטן ק.=ג. איינע פון די צוויי האָט זיך גערעכנט

---

[1] אזא דריטע גרופּע איז געעפנט געוואָרן דעם 20=טן מאַי. דער קינדערגאָרטן ציילט איצט ביי 65 קינדער.

פּאַר אַ פּאַרוואַלטערין. די אַרבעט האָט זיך געפירט אין 2 גרופּעס (לויטן עלטער) שטרענג צעטיילט. קינדער איז געווען 50. סאָציאַלער באַשטאַנד: 50% פורמאַנעס, 25% מאַרק־הענדלער און 25% פּאַרשיידענע. צו יענער צייט האָט געהערשט אַ שרעקלעכע אַרבעטסלאָזיקייט. די קינדער פלעגן קומען אין ק.־ג. הונגעריקע, און עסן פאַר זיי איז ניט געווען. אין 1921 באַקומט דער קינדער־גאָרטן אַמעריקאַנער פּראָדוקטן און באַקליידונג. דער ק.־ג. באַקומט דורך דעם אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער. עס ווייזט זיך אַרויס אַ נויטווענדיקייט צו פאַרלענגערן דעם אַרבעטס־טאָג אין ק.־ג. ביז 5 פאַרנאַכט. די גרופּן־סיסטעם ווערט אָפּגעשאַפט. עס פירט זיך אַ אויפקלערונגס־אַרבעט מיט די עלטערן, אָפּטע קינדער־יום־טובים א. א. וו.



קינדער־גאָרטן באַראַכאָוו אין 1923 יאָר.

אין יאָר 23—1922 הערט אויף דער קינדער־גאָרטן צו באַקומען פּראָדוקטן, אגב האָט זיך די מאַטעריעלע לאַגע פון די עלטערן פאַרבעסערט אַזוי, אַז, א חוץ איינצלנע, נויטיקן זיך ניט די קינדער אין שטיצע. דער אַרבעטס־טאָג אין ק.־ג. איז פון 9 ביז 3. עס אַרבעטן 2 פּרעבעליסטנס. די באַזוכונג: 25—30 קינדער.

אין יאָר 24—1923 פילט זיך מצד די עלטערן אַ דראַנג צו פאַרלענגערן דעם אַרבעטסטאָג אין ק.־ג., ווייל מערסטנטייל אַרבעטן סיי די מוטער, סיי דער פאָטער. די קינדער האָבן זיך ניט וואוהין צו קערן אין מיטן טאָג. די באַזוכונג: 40—45.

די עלטערן ווייזן אַרויס אַ שטאַרקע פאַראינטערעסירונג מיט דער אַנשטאַלט; ס'עקזיסטירט אַן עלטערן־קאָמיטעט, וועלכער אַרבעט אינטענסיוו.

ש. פּאַט.

# די אונט־שול אויפֿן נאמען פון י. ל. פּרץ.

(געוועז. „אָוונטשול פאר דערוואקסענע״)

## I.

די שול איז געגרינדעט געוואָרן דעם 1=טן מערץ 1901, אַזוי אַרום וועט זי אין קומענדיקן לערניאָר זוכה זיין צו פייערן איר 25=יאָריקן יובילײ. ביים וויגעלע פון דער שול איז געשטאַנען די בונדישע אָרגאַניזאַציע; דער איניציאַטאָר פון דער שול איז געווען דער ניט לאַנג פאַרשטאָרבענער ד״ר פּ. ראָזענטאַל, דאַמאָלסט נאָך אַ סטודענט פון כאַרקאָווער אוניווערסיטעט. אין כאַרקאָוו זיינען דאַן געווען זייער פּאָפּולער די זונטאָג=שולן, געגרינדעט פון דער באַוואוסטער בילדונגס=טוערין כ. ד. אַלטשעווסקי, וועלכע האָט געהאַט אַ שם איבער גאַנץ רוסלאַנד. פאַר יידן זיינען געעפנט געוואָרן באַזונדערע שבת=שולן. ס'האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן איינגיכן, אַז די זונטאָג=שולן פאַר קריסטן און נאָכמער די שבת=שולן פאַר יידן קענען זיך ניט אַנטוויקלען, ווייל די צאָל פון די למודים=שעהן איז צו באַגרענעצט, און מען האָט גאָרנישט געקאָנט מיט די תלמידים באַווייזן. דאַן האָט מען צוגעגעבן נאָך אַ טאָג, אָדער צוויי טעג אין וואָך, און אַזוי האָבן זיך געשאַפן די אָוונטשולן.

די ווילנער אָוונטשולן זיינען לכתחילה באַשטימט געווען פאַר אַרבעטער און האַנדלס=אָנגעשטעלטע; די אַרבעטער=באַוועגונג האָט געלייגט איר שטעמפּל אויף איר אַנטוויקלונג.

די אַרבעטער = באַוועגונג האָט דאַן איבערגעלעבט איר בליאונגס=תקופה; צוזאַמען מיטן וואוקס פון די פּראָפעסיאָנעלע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס, צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון פּאָליטישן באַוואוסטזיין — האָבן זיך אין ווילנע שטאַרק אַנטוויקלט די פאָרמען פון קולטורעלן לעבן ביי די אַרבעטער. ס'איז גענוג אָנצוווייזן, אַז ביי אַ סך פאַריינען, דאַמאָלט נאָך אומלעגאַלע, האָבן עקסיסטירט אומלעגאַלע ביבליאָטעקן פון לעגאַלע ביכער—רוסישע און הויפּטזעכלעך יידישע. דאַן האָט זיך אין ווילנע אָנגעהויבן די אַרבעט פון די אַזויגערופענע „זשאַרגאָנישע״ קאָמיטעטן, בראש פון וועלכער ס'איז געשטאַנען דער אויבנדערמאָנטער ד״ר ראָזענטאַל. אויסערדעם האָבן אין ווילנע פונקציאָנירט אַ פּאָר צענדליק אומלעגאַלע בילדונגס=קרייזלעך, אין וועלכע אַן ערך אַ 300 אַרבעטער האָבן באַקומען מער אָדער ווייניקער סיסטעמאַטישע ידיעות פון נאַטורוויסנשאַפט, געשיכטע, געאָגראַפיע, פּאָל. עקאָנאָמיע — אַ מין אונטערערדישער פּאָלקס=אוניווערזיטעט; נאָר דאָס אַלץ האָט געקאָנט באַפרידיקן נאָר דעם העכערן שיכט פון דער ווילנער אַרבעטערשאַפט. די ברייטע מאַסע איז געווען שרעקלעך אָפּגעשטאַנען און האָט ניט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט אַרויסצורייסן זיך פון איר עם=הארצות און אַנאַלפאַבעטיזם.

אָט פאַר די דאָזיקע שיכטן איז לכתחילה געגרינדעט געוואָרן די אָוונטשול.

ניט לייכט איז אָנגעקומען די ערלויבעניש אויף דער שול: 5 יאָר נאָכאַנאַנד האָט ד״ר ראָזענטאַל מיט זיינע חברים זיך משתדל געווען ביי די פאַרשיידענע מאַכט=אָרגאַנען, ניט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר קיינע שום מניעות, און

נאָר זיין פֿאַרעקשנטן ווילן האָבן מיר צו פֿאַרדאַנקען דעם פֿאַקט, וואָס די שול איז סוף כּל סוף געעפֿנט געוואָרן. די שוועריקייטן מצד דער מאַכט ערקלערן זיך מיט אַ סך טעמים: ערשטנס, האָט די רעגירונג געקוקט קרום אויף די אָוונט- און זונטאָג-שולן, וועלכע זי האָט פֿאַררעכנט פֿאַר נעסטן פֿון אַנטי-מלוכה׳שער אַגיטאַציע; צווייטנס, האָט זי זיך אין אונזער אַזוי גערופֿענעם צפֿון-מערבֿדיקן קאַנט געהאַלטן באַזונדערס שטרענג און פֿלעגט ניט דערלויבן די אָרטיקע נאַ-ציאָנאַליטעטן, ניט די פּאָליאַקן, ניט די יידן, צו פֿירן אַ קולטורעלע טעטיקייט, בפֿרט נאָך, איז געווען שווער צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַ שול פֿאַר אַרבעטער אין אַזאַ צענטער, ווי ווילנע, וועלכע האָט דאַן געשפּילט די הויפּט-ראָלע אין דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון סאָציאַליסטישע אידעען איבער שטעט און שטעטלעך פֿונם דאַמאָלסטיקן תּחום. די ערלויבעניש האָט די מאַכט אַרויסגעגעבן מיט אַ באַוואָרעניש, אַז די שול זאָל זיך געפֿינען ביי דער „צדקה-גדולה“. פֿאַר אַ פֿאַרוואַלטערין פֿון שול האָט די „דירעקציע פֿון פֿאָלקסשולן“ באַשטימט די באַוואוסטע פּעדאַגאָגין פּ. ר. מאַרקוסאָן מיט אַ התראה, אַז אויב ס׳וועט ניט אַלץ זיין אין אָרדנונג, וועט מען ניט נאָר שליסן די אָוונטשול, נאָר מען וועט ביי איר צונעמען דאָס רעכט אויף איר אייגענער פּריוואַטער פּראָגימנאַזיע. די אַלע מניעות האָבן קיינעם ניט אָפּגעשראָקן, און די געזעלשאַפֿט האָט זיך ענער-גיש גענומען צו דער אַרבעט.

אין די יאָרן פֿון דער רעוואָלוציע פֿון 1905 האָט אין שול גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל די דעמאָקראַטישע אינטעליגענץ, וועלכע האָט זיך מיט גרויס חשק גענומען פֿאַר דער אַרבעט. אפֿילו די ציוניסטן האָבן געשטרעבט אויסצונוצן די שול פֿאַר זייערע צוועקן, זיי האָבן צוגעזאָגט צו שאַפֿן מיטלען מיטן תּנאי, מען זאָל ערלויבן איינפֿירן אַ שעה העברעאיש; פֿון זייערע פּלענער האָט זיך, פֿאַרשטייט זיך, גאָרנישט אויסגעלאָזן. די יונגע אינטעליגענץ, איבער-הויפּט די שטודירנדיקע יוגנט, די לערערשאַפֿט, האָט זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט מיטן גאַנצן ברען. לערנען אין אָוונט-שול מיט אַרבעטער איז געווען אַ באַזונדערער כּבֿוד, צענדליקער קאַנדידאַטינס פֿלעגן וואַרטן אָפּט אויף דער ריי אָנצוקומען פֿאַר לערערינס אין אָוונט-שול. די באַגייסטערונג ביי דער דאַ-מאָלסטיקער יוגנט האָט דערמאָנט די שיינע טראַדיציעס פֿון די אַמאָליקע רו-סישע נאַראָדניקעס, וועלכע האָבן טריי געדינט דעם אידעאַל פֿון „גיין אין פֿאָלק“—(„хождение в народ“).

## II.

אין גיכן איז אָבער די באַגייסטערונג ביי אַ סך טוער און טוערינס אָפּגעקילט געוואָרן, די שווערע טאָג-טעגלעכע אַרבעט אין די שמאָלע ראַמען פֿון דעם דערלויבטן סטאַטוט האָט אַרויסגערופֿן אַן אַנטוישונג, און מען האָט אָנגעהויבן אַוועקצוגיין פֿון דער שול. עובֿר צו זיין אויפֿן סטאַטוט האָט מען זיך צוגעוויינט אין די שפּעטערדיקע יאָרן; פֿון אָנפֿאַנג האָט מען אים געמוזט אָפּהיטן, דערויף האָט דער אינספּעקטאָר שטאַרק אַכטונג געגעבן. לויט דעם דאָזיקן סטאַטוט זיינען די צילן פֿון שול געווען פֿאָלגנדיקע: אויסלערנען רוסי-

שע „גראַמאַטע" און חשבון און באַקאַנען מיט די יסודות פון דער יידישער אמונה. בהסכם מיט דעם דאָזיקן ציל, האָט די שול זיך געמוזט האַלטן ביי אַזאַ לערן־פּלאַן: 4 שעה אין וואָך—רוסיש, 2 שעה—חשבון, 2 שעה—רעליגיע, בסך־הכל 8 שעה. די אונטעררינכטס־שפּראַך איז רוסיש, נאָר ס'ווערט דערלויבט צו געבן דערקלערונגען אין יידיש. דער קורס פון שול דויערט 4 יאָר. אַלס אַ קוריאָז דאַרף דערמאָנט ווערן דער פּאַטריאָטישער פּונקט פון סטאַטוט: „עס ווערט דער־לויבט צו לערנען זינגען... דעם רוסישן נאַציאָנאַלן הימן „באָזשע צאַריאַ כראַני" און יידישע תפילות". אין אַלגעמיין, האָט די פּראָגראַם געדאַרפט אַנטשפּרעכן די פּראָגראַמען, וועלכע זיינען באַשטימט געווען פאַר די צווייקלאַסיקע פּאָלקס־שולן. די ערלויבעניש איז געגעבן געוואָרן נאָר פאַר אַ פּרויען־שול; פאַר מע־נער האָט מען באַדאַרפט האָבן אַ באַזונדערע שול, ווייל לויטן אַלטן רוסישן געזעץ פון 1843, טאָרן ביי יידן מענער מיט פרויען זיך ניט לערנען אין איין לערן־אַנשטאַלט. די מענער־אָוונט־שול האָט זיך געעפנט ערשט אין 1904 און האָט די ערשטע יאָרן געפירט אַ גאַנץ באַזונדערע עקסיסטענץ.

ביידע שולן איז אויסגעקומען גובר צו זיין אַ סך שוועריקייטן ביים אָרגאַ־ניזירן די למודים. פריער פאַר אַלץ האָט אויסגעפעלט אַ לאָקאַל; אַזוי ווי די שילער זיינען געווען איינגעטיילט אין אַ סך גרופּעס (זייער צאָל פלעגט דער־גרייכן ביז 10), האָט אויסגעפעלט צימערן, דעריבער פלעגן אָפט אין איין צימער לערנען 2 אָדער 3 גרופּעס צוזאַמען. איין לערער פלעגט זען איבערצושרייען דעם צווייטן, און אַז דאָס פלעגט ניט העלפן, פלעגט מען אָנהויבן צו ריידן אַזוי שטיל, אַז די שילער פלעגן גאָרנישט הערן. נעמען אַ פּאַסיקן לאָקאַל האָבן די מיטלען פון שול ניט דערלויבט. דער שילער־עלעמענט איז געווען נישט קיין שטענדיקער. כאַראַקטעריסטיש איז געווען אַזאַ דערשיינונג: עס פאַרשרייבן זיך אין שול אַ מאַן 300; צום אָנהויב פון די למודים קומען נאָר אַ 50%—60% פון די פאַרשריבענע, נאָר אויך דער באַשטאַנד פון די באַזוכער איז נישט קיין פעסטער; היינט קומט איין טייל שילער, מאָרגן גאָר אַן אַנדערער; אמת, עס טיילט זיך אויס אַ קליינער קערן פון „חסידים" פון דער אָוונט־שול (אַזוי פלעגט מען רופן די תלמידים, וועלכע פלעגן קיין מאָל נישט דורכלאָזן קיין לעקציעס), דער קערן איז אָבער נישט קיין גרויסער, אַ מאַן 80—100. מען וואָלט געקאָנט איינגאַנצן אָפּגעבען זיך מיט אָט די מתמידים, איז אָבער געווען אַ שאָד צו פאַרלירן די גאַסטראָליאָרן, וועלכע האָבן זייער געשטערט דעם גאַנג פון די למודים.

דאָס, וואָס די שול איז געווען אַן אומזיסטע, האָט דוקא ניט צוגעצויגן קיין שילער; דאָס האָט באַטאָנט דעם פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער פון שול, ווייל לויטן סטאַטוט, פלעגן די שילער באַקומען אומזיסט אַפילו לערנביכער און העפטן. אויך דאָס, וואָס דער לערער־פּערסאָנאַל איז געווען אַן אומזיסטער, איז פאַר דער שול קיין מעלה ניט געווען, ווייל די אומזיסטע לערער האָבן אָנגע־הויבן צו מאַנקירן, זיי פלעגן דורכלאָזן אַ סך לעקציעס, און אַזוי ווי די שי־לער זיינען אויך געווען ניט פּינקטלעך, פלעגן זיך, פאַרשטענדלעך, באַקומען ניט קיין באַפרידיגנדיקע רעזולטאַטן.

אויב די שול האָט זיך ווי ניט איז געהאַלטן, באַזונדערס די פּראָווינץ־שול, האָבן מיר דאָס צו פאַרדאַנקען דער ענערגיע און דערפאַרגקייט פון פּ. ר. מאַר־קוסאָן, וועלכע האָט באַדאַרפט אָנפירן מיט אַ שטאַט פון 32 לערער. באַזונ־דערס, פלעגט זי אַכטונג געבן אויף זייער פּינקטלעכקייט; מען דערציילט, ווי אַ פאַקט, אַז זי האָט אַמאָל אַ לערער, וואָס איז אַוועק אין טעאַטער, געבראַכט צוריק אין שול פון צווייטן אַקט פון דער פּיעסע. ס'איז איר אָבער געווען שווער נאָך דער ביטאָגיקער אַרבעט, אַלס פאַרוואַלטערין פון אַ פּראָגימנאַזיע, אָפּגעבן די אָוונטן פאַר דער אָוונט־שול, און זי האָט איבערגעגעבן די פאַרוואַלטערײַ ס. מ. גורעוויטש; מיט דער מענער־שול האָט פאַרוואַלטעט די ערשטע צייט מ. ריוועסמאַן, שפּעטער—אַ קורצע צייט ה' קאָכאַנאָווסקי.

III.

די נײַע תּקופֿה, די תּקופֿה פון איבערבויאונג, האָט געדויערט עטלעכע יאָר (פון 1906 ביז 1911). דער פּנים פון שול האָט זיך ראַדיקאַל געביטן; די סאָציאַליס־טישע אינטעליגענץ, פּאַקטיש דער בונד, באַקומט די גרעסטע השפּעה אויף דער שול. אַלס לימודים־שפּראַך ווערט אײַנגעפירט יידיש, פאַרשטייט זיך אומלעגאַל; דער לערן־פּלאַן באַקומט אַזאַ אויסזען: 2 שעה רוסיש, 2 שעה יידיש, שבת אָנשטאָט די לעקציעס פון דעם קאַזיאָנעם „זאַקאָן באָזשי"—פאַרלעזונגען און רעפעראַטן פון נאַטורוויסנשאַפט, געאָגראַפיע, געשיכטע, אַלגעמיינער און יידישער. מען הייבט אָן צו צאָלן די לערער. מיט דעם צוועק צו שאַפן אַ זיכערן ביודזשעט פאַר דער שול ווערט געגרינדעט אַ פאַרזאָרגונגס־קאָמיטעט ביי דער „צדקה גדולה". בראש פון פאַרז. קאָמיטעט האָט זיך געשטעלט ד"ר צ. שאַבאַד, וועלכער האָט איבערהויפּט געגומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין לעבן פון שול: ער פלעגט געבן אומזיסטע מעדיצינישע הילף פאַר די שילער, פלעגט לייענען לעקציעס אויף היגיענע, אַנאַטאָמיע און פיזיאָלאָגיע. אַ טיכטיקן אָנטייל ביים אָרגאַניזירן די אָוונט־שול האָט אויך גענומען פרוי ס. ל. שאַבאַד, וועלכע האָט די ערשטע יאָרן געטראָגן אויף זיך די גאַנצע לאַסט פון דער מאַטעריעלער פאַרזאָרגונג פון דער שול און איז פאַרבליבן די לערערין פון רוסיש אין די עלטערע גרו־פּעס. אין נײַעם פאַרברייטערטן פאַרזאָרג.־קאָמיטעט האָבן גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל ד"ר פּ. ראָזענטאַל, פּר. ס. וו. מאַזעל, ה' נתן באַק, און באַזונדערס פּר. ראַכמילעוויטש, וועלכע איז געווען דער נאַמן פון קאָמיטעט.

אין משך פון דער צייט האָט זיך אויסגעבויט אַ נאָרמאַלער ביודזשעט פאַר דער שול. צו דער הכנסה פון קאָראָבקע־געלט, וועלכע מען פלעגט באַ־קומען דורך דער „צדקה גדולה", זײַנען צוגעקומען פאָלגנדיקע נײַע פּאָזיציעס: מען האָט געשאַפן אַ פּאָר הונדערט מיטגלידער־צאָלער לטובת דער שול; מען האָט אײַנגעפירט אַ שכר למוד פון די שילער (מחמת דעם, וואָס דאָס איז גע־ווען אין אַ סתירה צום סטאַטוט, האָט מען דאָס פאַרמאַסקירט אַלס פרייוויליקע נדבות פון די שילער); ס'האָט זיך באַדייטנד פאַרגרעסערט די סובסידיע פון חברה „מפיצי השכלה" (פּעטערבורגער קאָמיטעט), וועלכער האָט פאַררעכנט אין גיכן די ווילנער שול פאַר אַ מוסטער פון אָוונטשולן בכלל. אַ באַדייטנדן טייל

פון הכנסה פלעגט אַריינטראָגן דער יערליכער קאָנצערט, אָדער פאָרשטעלונג, וואָס דער פּאַרז.=קאָמיטעט פלעגט איינאָרדנען. שפּעטער האָט די שול אָנגעהויבן צו באַקומען אַ יערלעכע סובסידיע פון מאַגיסטראַט.

אַלס אַ דורכשניטלעכן ביודזשעט קען מען נעמען דעם געלט=באַריכט פון 1908—1909.

## הכנסה

| | | רוב | קאָפּ |
|---|---|---|---|
| 1. | פון קאָראָבקע=געלט | 640 | — |
| 2. | חובות פון קאָראָבקע=געלד | 290 | — |
| 3. | מיטגלידס=אָפּצאָל | 341 | 50 |
| 4. | נדבות פון שילער און שילערינס | 407 | 75 |
| 5. | פון אינטעליגענטן=קלוב | 200 | — |
| 6. | פון קאָנצערט | 986 | 80 |
| 7. | קליינע נדבות | 47 | — |
| 8. | פאַר באַנוצן זיך מיט דער דירה | 431 | — |
| 9. | פון מפיצי השכלה | 200*) | — |
| | סך הכל | 3544 | 05 |

## הוצאה

| | | רוב | קאָפּ |
|---|---|---|---|
| 1. | געהאַלט דעם פאַרוואַלטער | 600 | — |
| 2. | אַוואַנס „ „ | 20 | — |
| 3. | לערער=פּערסאָנאַל | 1089 | 75 |
| 4. | לערנביכער און מכשירים | 121 | 98 |
| 5. | דירה=געלט | 600 | — |
| 6. | באַהייצונג און באַלייכטונג | 230 | 40 |
| 7. | ווירטשאַפטלעכע אויסגאַבן | 53 | 82 |
| 8. | באַדינונג | 216 | — |
| 9. | קאַנצעלאַריע | 22 | 97 |
| 10. | רעמאָנט | 97 | 51 |
| 11. | באַצאָלט חובות | 226 | 26 |
| 12. | געבליבן אין קאַסע | 265 | 75 |
| | סך הכל | 3544 | 05 |

די אַדמיניסטראַטיווע אָנפירונג מיט דער שול האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרבעסערן. אַלס פאַרוואַלטער פון מענער=שול איז איינגעלאַדן געוואָרן דער פאַרשטאָרבענער אהרן פראַנקפורט, אַ באַוואוסטער פּעדאַגאָג און איבערגעגעבענער שול=טוער, פאַר אַ פאַרוואַלטערין פון דער פרויען שול — די ענערגישע בילדונגס=טוערין דבורה פישער, איצט די פאַרוואַלטערין פון דער יידישער גימ=

*) אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָט די סובסידיע פון פעט. קאָמיט. „מפיצי השכלה" דערגרייכט ביז 700 רוב די סובסידיע פון מאגיסטראַט האָט מען באַקומען אין 1913—ס"ה 200 רוב.

נאַזיע אין סוועמציאָן. שפּעטער האָט איר אָרט פאַרנומען מ. ראַפּעס. אַזוי ווי צו־ נויפגיסן ביידע שולן האָט מען ניט געטאָרט, האָט מען דערווייל פּאַראייניקט ביידע פּעדאַגאָגישע ראַטן, און ביידע שולן זיינען געוואָרן, ווי צוויי אָפּטיילונ־ גען פון איין אינסטיטוציע. די מענערשול האָט אַ סך דערפון אויסגעשפּילט, די אַרבעט איז דאָרט אַוועק לעבעדיקער. פאַר אַ וויכטיקע רעפאָרם דאַרף פאַר־ צייכנט ווערן די איינגעפירטע זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די שילער. ווי באַוואוסט, טיילן זיך אין דאָס רוב אָוונטשולן גישט אין קלאַסן, נאָר אין גרופּעס, לויט געגנשטאַנדן. באַזונדערס איז דאָס געווען גויטיק איינצופירן, ווען מען איז אַרי־ בער צו יידיש, ווייל אָפטמאָל פלעגן די שילער, וואָס זייגען געווען שטאַרק אויף יידיש, אָפּשטיין אויף רוסיש, און פאַרקערט, די שילער וואָס האָבן געענדיקט אַ רוסישע פאָלקסשול, אָדער אַ פּראָגימנאַזיע, האָבן געקאָנט נישקשה רוסיש, זיינען אָבער געווען שוואַך אויף יידיש. גרופּעס אויף חשבון זיינען ווידער גע־ ווען באַזונדערע. לויט די קענטעגישן זיינען די שילער און שילערינס געווען איינגעטיילט אַן ערך אין 5 שטופּעס: 1) אַנאַלפאַבעטן, 2) קוים לייענען לויט די טראָפּן, 3)לייענען געבונדענע זאַצן, אָבער ניט לויפיק, לאַנגזאַם, 4) לייענען לויפיק, 5) קלייבן זיך פונאַנדער אין ליטעראַרישע ווערק. אַזוי זיינען געווען איינגעשטעלט די גרופּעס אויף יידיש און רוסיש. דער חשבון־למוד האָט געהאַט זיינע שטופן: למשל 1) חשבון אין גבול פון 20, 2) ביז הונדערט, 3) פיר אַקטן ביז 10.000, 4) נאָמענצאָלן, 5) ברוכצאָלן — איינפאַכע און געצענטלטע, פּראָ־ צענטן. גרופּעס זיינען געווען מער, ווי שטופעס, ווייל אייניקע שטופעס האָבן געהאַט צו צוויי־דריי פּאַראַלעלע גרופּעס. בסך הכל איז געווען אין ביידע שולן אַן ערך 40 פאַרשיידענע גרופּעס. כדי די שילערינס און שילער זאָלן קענען אַרויסזאָגן זייערע מייגונגען וועגן גאַנג פון די למודים, זיי זאָלן קענען אויס־ דריקן זייערע פאַרלאַנגען, פלעגט יעדע גרופּע אויסקלייבן איר דעלעגאַט. אַלע דעלעגאַטן פלעגן זיך צונויפקומען אויף אַ דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג און צוזאַמען מיטן פאַרוואַלטער און אייניקע לערער באַהאַנדלען אַלע חסרונות, וועלכע זיי־ נען געווען אָפּהענגיק סיי פון די לערער, סיי פון די שילער. מען פלעגט תיכף אָנגעמען מיטלען כדי צו באַזייטיקן די דעפעקטן, און די אַרבעט איז אַוועק נאָרמאַל; אויסערדעם פלעגט די דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג שיקן עטלעכע פאָרשטייער אין פּעדאַגאָגישן ראַט.

## IV.

די פּעדאַגאָגישע אַרבעט אין שול איז אַוועק פאָראויס. מיטן איינפירן דעם למוד פון יידיש האָט די שול באַקומען אַ חוט השדרה, עס האָבן זיך געעפנט פאַר איר ברייטערע האָריזאָנטן. די ווילנער אָוונטשול איז פאַקטיש געווען די ערשטע שול אין גאַנץ רוסלאַנד, וואו מען האָט איינגעפירט אַ סיסטע־ מאַטישן קורס פון יידיש, וואָס איז ביי דער דאַמאָלסטדיקער אָרימקייט אין לערנביכער געווען גאָרנישט קיין לייכטע אויפגאַבע. פון אָנפאַנג האָט מען זיך באַנוצט מיט אַזוינע לערנביכלעך, ווי קרינסקיס „דער יידיש־לערער", מ. בי־ רענבוימס כרעסטאָמאַטיע פאַר אָוונטשולן, ח. יפה'ס ביכל פאַר גראַמאַטיקאַלישע

איבונגען און אויסלייגונג. דאָס האָט אָבער קיינעם נישט באַפרידיקט, און מען איז געקומען צום געדאַנק, אַז אויב די אָוונטשול וועט אַליין נית אַרויסגעבן קיין גויטיקע לערנביכער, וועט קייגער דאָס ניט טאָן. ס'איז געמאַכט געוואָרן אַ געוויסער פּרוב מיט אַ קליינטשינקער כרעסטאָמאַטיע, וועלכע האָט געהאַלטן אינגאַנצן איין בויגן און האָט געקאָסט סך הכל 2 קאָפּיקעס. מען האָט געקלערט אַרויסצוגעבן בהדרגה אַזוינע ביכלעך, פון וועלכע מען וועט קענען צונויפשטעלן שפּעטער איין בוך. דער פּלאַן האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט דורכפירבאַר. מען האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ גרויסע כרעסטאָמאַטיע „דאָס ייִדישע וואָרט“ אין 3 טיילן: דעם ערשטן טייל פאַר דער מיטעלער שטופע, דעם צווייטן און דריטן פאַר די העכסטע גרופּן. אַלס צונויפשטעלער איז באַשטימט געוואָרן דער שרייבער אַלגין, וועלכער האָט געאַרבעט מיט אַ רעדאַקציאָנס-קאָמיסיע, אין וועלכער ס'זיינען אַריין: דער פאַרוואַלטער ג. פלודערמאַכער, די לערער פון ייִדיש מ. שאַליט, י. ציפּקין, און אויך ש. גאָזשאַנסקי (לנו) (דער לעצטער האָט אין אָוונטשול נישט געאַרבעט). אין צוויי יאָר אַרום איז די ערשטע ייִדישע ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע פאַרטיק געוואָרן: ס'איז זיך שווער פאָרצושטעלן די פרייד פון די שילער און נאָכמער די פרייד פון די לערער פון ייִדיש. בכלל האָט זיך אַרום דער דאָזיקער כרעסטאָמאַטיע געשאַפן אַ גאַנצע באַוועגונג. די העברעאיסטן אין „מפיצי השכלה“ האָבן מרעיש עולם געווען, פאַרוואָס מען סובסידירט אַזוינע „שעדלעכע“ אויסגאַבן. די ווילנער אָפּטיילונג האָט אַסיגנירט 50 רובל, דער פּעטערבורגער קאָמיטעט סך הכל 25 רובל. די גאַנצע סומע, וואָס די שול האָט באַדאַרפט אַריינטראָגן, האָט באַטראָפן 420 רובל. דאָס איז געווען דער האָנאָראַר פאַרן מחבר. די סומע האָט מען געשאַפן דורך אַ ספּעציעלער זאַמלונג. די גרעסטע סומע 100 רובל האָט אַריינגעטראָגן דער אינזשעניער אָרזשעכאָווסקי, אַ פעטער פון פאַרשטאָרבענעם פאַרוואַלטער פון מענערשול אַהרן פראַנקפורט, וועמעס אָנדענקען ס'איז געווידמעט די כרעסטאָמאַטיע. אַ גרויסע באַפרידיקונג האָט אַרויסגערופן די כרעסטאָמאַטיע ביי אונזערע גרויסע שרייבער—ביי י. ל. פּרצן, וואָס האָט זיך די גאַנצע צייט בכלל אינטערעסירט מיט דער אָוונטשול, וועלכע ער האָט באַזוכט אין 1913 א. א. שלום-עליכם האָט צוגעשיקט אַ טעלעגראַמע, וואו ער שרייבט: „מזל טוב! הייסט דאָס, אַז מיר האָבן שוין די ערשטע ליטעראַרישע ייִדישע כרעסטאָמאַטיע. אינגיכן וועלן מיר שוין קענען מאַכן שהחינו אויף אַ ייִדישער גראַמאַטיק!“ אין דער פּרעסע איז דאָס בוך אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס באַפרידיקונג.

צוזאַמען מיט דער פאַרפּולקומונג פון ייִדיש-למוד איז געוואַקסן דער אינטערעס צו דער ייִדישער ליטעראַטור. די פאָרלעזונגען פון דער ייִדישער ליטעראַטור האָבן אַרויסגערופן אַ אינטערעס צו דער אייראָפּייאישער ליטעראַטור, צו געשיכטע — ייִדישער און אַלגעמיינער, צום טעאַטער. אַזוי ווי די צוויי שעה אין וואָך האָט מען באַדאַרפט אָפּגעבן פאַרן למוד פון שפּראַך, האָט מען „ליטעראַטור“ איבערגעטראָגן אויף שבת בייטאָג. אויך פאַר די ייִנגערע גרופּעס פלעגט מען איינאָרדנען שבת פאָרלעזונגען. שבת און שפּעטער אויך פרייטאָג-צונאַכט פלעגט מען לייענען לעקציעס פאַר 3 שטופעס.

פאַר די אָנפאַנגער גאַנץ לייכטע שמועסן, למשל, וועגן אַרבעט, וועגן ביל־דונג, עמיגראַציע, אָפט פלעגט מען דאָס אילוסטרירן מיט ליטעראַרישע פראַג־מענטן פון אונזערע קלאַסיקער — י. ל. פרץ, שלום אַש, שלום עליכם. פאַר די מיטעלע גרופּן איז געווען אַריינגעפירט אַ קורס פון געאָגראַפיע און נאַטור־למוד. פאַר די עלטערע איז דאָס געווען אַ מין פאָלקס־אוניווערסיטעט. די שי־לער, וועלכע פלעגן אָפט פאַרלירן דאָס געדולד ביים לאַנגווייליקן לערנען (אויף די עלטערע יאָרן) די טרוקענע למודים, פלעגן זיך אָפּפרישן ביי די לעזונגען, און פאַרקערט, אַ צוהערער פון די לעזונגען פלעגט זיך אָפט אי־בערצייגן, אַז אים פעלט אויס די צוגרייטונג אין עלעמענטאַרע למודים, פלעגט ער אָנהויבן צו באַזוכן די שול אַ גאַנצע וואָך. דאָס אַלץ האָט געמאַכט די אַרבעט אין די אָוונטשולן זייער קאָמפּליצירט.

## V.

ניט קוקנדיק דערויף, וואָס די שול איז געווען באַשטימט פאַר דערוואַק־סענע, און על פּי רוב פלעגט מען טאַקי יינגער פון 16 יאָר ניט אָננעמען אין שול, איז געווען אין שטאָט אַ עלעמענט, אַ יינגערער, וועלכער האָט זיך כסדר געקלאַפּט אין די טירן פון שול און ניט אַלעמאָל מיט ערפאָלג. באַזונדערס, אַקטועל איז די פראַגע געווען פאַר דער מענער־שול אין די ערשטע יאָרן פון איר עקסיסטענץ. דאַן האָט אין ווילנע עקסיסטירט אַ דאַמען־פּאַטראָנאַט פאַר לערנייינגלעך. דער פּאַטראָנאַט פלעגט אָפּגעבן די קינדער צו בעלי־מלאכות און האָט זיי אויך געוואָלט באַזאָרגן מיט עלעמענטאַרער בילדונג. אַזוי ווי קיין אייגענע שול האָבן די דאַמען ניט געקאָנט עפענען, האָבן זיי זיך געווענדעט אין אָוונט־שול, מען זאָל צונעמען די לערנייינגלעך פאַר שילער. די דאָזיקע בקשה וואָלט מען געוויס אָפּגעוואָרפן, ווען די מענער־שול וואָלט געהאַט אַ גענוגנדיקן סכום שילער. אַזוי אָבער ווי די מענער־שול האָט אין די ערשטע יאָרן שטאַרק געליטן פון אַ שילער־מאַנגל, איז מען איינגעגאַנגען אויף דעם פאַרלאַנג פון דאַמען־פּאַטראָנאַט, און מען האָט פאַרשריבן די לערן־יינגלעך. ס'האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזן, וואָס פאַר אַ פעלער מען איז דאָ באַגאַנגען: אַזוי ווי פאַר די יוגנטלעכע האָט מען קיין באַזונדערע גרופּעס ניט געשאַפן, האָט מען זיי פאַראייניקט מיט די דערוואַקסענע, און ס'האָט זיך באַקומען אַ מוראדיקער דיסאָנאַנס; די יוגנטלעכע זיינען פעאיקער, האָבן אָפט מער ידיעות פאַר די דערוואַקסענע; די דערוואַקסענע שילער האָבן זיך שלעכט געפילט מיט זייערע יונגע חברים און האָבן געמאָלדן, אַז זיי גייען אוועק פון שול, ווייל די יוגנט־לעכע לאָזן זיי ניט לערנען. מען האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון די יוגנטלעכע, כדי איינצוהאַלטן דעם עלטערן עלעמענט, פאַר וועלכן די שול איז דירעקט באַ־שטימט געוואָרן. די יוגנטלעכע זיינען אוועק פון שול מיט אַ געפיל פון פאַר־ביטערונג. אַזוי זיינען אוועק היבשע עטלעכע יאָר, ביז וואַנען די פראַגע וועגן די יוגנטלעכע איז געוואָרן פונדאַסניי אַקטועל. דאָס איז געווען אין 1914; צו יענער צייט האָט די זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די שילער געשפּילט שוין אַ גרויסע ראָלע און האָט גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל ביים אָרגאַניזירן דעם אויפנאַם פון

די שילער. אין דעם פרט מוזן פאַרצייכנט ווערן די גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער שול פון שילער ח׳ משה סאָרקין, אַן אַרבעטער—אַ שטעפּער. צום אָנהויב לערניאָר פלעגט ער מיט נאָך אַ פּאָר חברים אויספאָרשן דעם גאַנצן שטעפּער־פאַך, דערנאָך אויך אַנדערע פאַכן, פלעגט גיין איבער די וואַרשטאַטן, ניט קוקנדיק אויף דעם ווידערשטאַנד מצד די בעלי־בתּים, פלעגט ער אָרגאַניזירן פלוג־פאַרזאַמלונגען, געווידמעט דער אָוונטשול, און פלעגט אַלעמען אויפן אָרט פאַרשרייבן אין שול; דאָ האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ גרויסער צאָל לערן־ייִנגלעך, וואָס ווילן זיך לערנען, אָבער האָבן ניט וואו; סאָרקין האָט אויפגע־פאָדערט דעם פעד. ראַט, מען זאָל איבערקוקן די אַלטע פראַגע וועגן די יוגנט־לעכע, און מען זאָל ווידער עפענען פאַר זיי די טירן פון שול. דער פאַרוואַלטער האָט אונטערגעשטיצט זיין פאָרשלאָג, אונטערשטרייכנדיק, אַז פאַר די יוגנטלעכע מוזן געגרינדעט ווערן באַזונדערע גרופּעס, אַז זיי זאָלן זיך מיט די עלטערע שילער די ערשטע צייט גאָרניט דאַרפן באַגעגענען. די אָוונטשול האָט זיך גראָד געפונען אין אַ פּאַסיקן לאָקאַל, אין נייעם 3־גאָרנדיקן בנין פון „תּורת אמת״. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די גרופּעס פאַר די יוגנטלעכע וועלן זיך געפינען אויפן ערשטן גאָרן, בעת די גרופּעס פאַר דערוואַקסענע זייגען געווען איינגעאָרדנט אויפן דריטן. אזוי ארום איז באשאפן געווארן ביי דער אוונטשול פאר דערוואקסענע א שול פאר יוגנט, וואו ס׳האבן זיך געלערנט 150 שילער, איינגעטיילט אין 3 גרופּעס.

ס׳וואלט זיך ניט געלוינט אפשר אזוי געגוי אפּצושטעלן אויף דער דאָזי־קער געשיכטע, ווען מיט איר וואָלט ניט געווען צונויפגעבונדן די אנטשטייאונג און די אנטוויקלונג פון א גאנץ נייער אינסטיטוציע — מיר מיינען דאס דעם ערשטן יוגנט־קלוב אין ווילנע. דער קלוב פלעגט זיין אָפן די ערשטע צייט בלויז שבת; די יוגנטלעכע האָבן אָרגאַניזירט אַ קאַסע, זיי פלעגן איינאָר־דענען אליין אַ בופעט, זיי האָבן איינגעקויפט שפּיל־געצייג, פילקעס, לאָטאָ׳ס, פלעגן מאַכן גימנאַסטישע איבונגען, זיי האָבן געשאַפן אַ כאָר און דראַמאַטישע סעקציע. ביים קלוב איז געגרינדעט געוואָרן אַ באַזונדערע ביבליאָטעק. מיט דער טעטיקייט פון קלוב האָט אָנגעפירט אַ שילער־קאָמיטעט אונטער דער השגחה פון אַ פּאָר לערער.

## VI.

אויך ביי דער שול פון די דערוואַקסענע האָט זיך געשאַפן אַ נייע ביב־ליאָטעק, ווייל די ערשטע איז געווען אָוועקגעשאָנקען דער ניי־געגרינדעטער ביבליאָטעק פון „מפיצי השכלה״. פריער האָט מען גערעכנט, אַז מיט דער גרינ־דונג פון ביבליאָטעק „מפיצי השכלה״ איז קיין באַזונדערע שול־ביבליאָטעק שוין מער ניט נויטיק: שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פאַר די ייִנגערע גרופּעס מוז מען האָבן אַ צוגעפּאַסטע שול־ביבליאָטעק. אַ דאַנק דער מתּנה פון פר. ראַכ־מילעוויטש, איז די ביבליאָטעק געשאַפן געוואָרן און פונקציאָנירט ביז היינטיקן טאָג. ביי דער שול האָט זיך געגרינדעט אַ ספּאָרט־גרופּע, אונטער דער אָנפירונג פון מאַזאָ, און אַ כאָר. ס׳האָט זיך איינגעשטעלט אַ טראַדיציע אייגצואָרדענען

חנוכּה און פּורים ליטעראַריש-דראַמאַטישע אָוונטן. מען שטעלט פּרצעס דראַמע „עס ברענט", „דאָס אייביקע ליד" פון מ. אַרנשטיין א. אַ. וו. די יום-טובים אין אָוונטשול האָבן געהאַט אַ שם צווישן דער ווילנער אַרבעטערשאַפט. מערקוויר-דיק, אַז גראָד ערב חנוכּה און ערב פּורים פלעגן זיך פאַרשרייבן הונדערטער נייע שילער און שילערינס (פאַרשרייבן פלעגט מען אין שול אין משך פון גאַנצן לערניאָר); גלייך נאָך די יום-טובים פלעגט זיך ווידער מערקן אַן אָפּפלוס פון שילער. באַזונדערס איז דענקווירדיק דער פּורים יום-טוב אין 1913 יאָר, אויף וועלכן די שילער האָבן געהאַט דעם נחת רוח צו פאַרברענגען אַ פּאָר שעה צוזאַמען מיט יצחק לייבוש פּרץ. ווען פּרץ האָט זיך באַוויזן אויף דער קאַטעדרע, האָט זיך אַ שאָט געטאָן אויף אים אַ רעגן פון בלומען, ער כאַפּט אָן די בלומען און שיט זיי צוריק אויף די שילער; עטלעכע מינוט דויערט דער דאָזיקער אָרי-גינעלער קבלת-פּנים. אָלגין האַלט אַ קורצע באַגריסונגס-רעדע. דאַן באַגריסט פּרץ די שילער-אוידיטאָריע: „צוואַנציק יאָר האָב איך געהאַלטן מיינע מאַנוס-קריפּטן ביי זיך אין טישקעסטל, ביז כ'האָב זיך דערוואַרט אויף אייך".

גרויס אַכט איז געלייגט געוואָרן אויך אויף דער אַנטוויקלונג פון עסטע-טישן געפיל ביי די שילער; מען פלעגט אייַנאָרדנען אָפטע עקסקורסיעס אויף פאַרשיידענע בילדער-אויסשטעלונגען, אין מוזעאומס, אָפטע שפּאַצירן הינטער דער שטאָט, אין די אַרומיקע וועלדער, אין ווערין, אויף דער „גרינער" אָזערע. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט מען אויך אייַנגעפירט אין אָוונטשול צייכענען.

די אָוונטשול איז אויך געווען אַ צענטער פון געזעלשאַפטלעכער דערצי-אונג. ס'איז ניט געווען קיין פראַגע פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, וועל-כע זאָל ניט באַטראַכט און אויפגעקלערט ווערן אין דער שול. שטייט אויפן סדר היום די פראַגע וועגן אַרבעטער-פאַרזיכערונג — לייענט מען אין שול אַ סעריע לעקציעס וועגן דעם; קומט פאָר אַ צוזאַמענטאָר פון „מפיצי השכלה" — דעבאַטירט מען די וויכטיקסטע פראַגן פון יענער צייט—וועגן חדר, וועגן העברעאיש און תּנך, וועגן דער יידישער דערציאונג; גרייט מען זיך צו גרינדן אין שטאָט אַ קאָאָפּעראַטיוו, אָרדנט אייַן די שול אַ ריי לעקציעס וועגן קאָאָפּע-ראַציע; קומט די פייערונג פון 1-טן מאַי — גייט אַן ערקלערונג וועגן יום-טוב אין צוזאַמענהאַנג מיט דער געשיכטע פון אינטערנאַציאָנאַל; דעם 17-טן פעוראַל פייערט מען דעם פּרויען-טאָג — אָרדנט אייַן די שול אַ לעקציע וועגן דער פרויען-פראַגע. און ווען פון אָנהויב פון מלחמה גרינדעט זיך פּאָר אַרבעטס-לאָזע די ערשטע יידישע אַרבעטער-קיך, איז ווידער די שול דער צענטער, וואו ס'ווערט צוגעגרייט און אויסגעאַרבעט אַ גענויער פּלאַן פון איר אָרגאַניזאַציע. אויף דעם באָדן פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אַרום דער שול פלעגן פאָרקו-מען קאָנפליקטן צווישן די לערער און שילער. אין אַלגעמיין אָבער זיינען די באַציאונגען צווישן די לערער און שילער געווען גוטע, חברשע.

## VII.

דעם יאָר 1914, דעם ערשטן יאָר פון מלחמה און די ערשטע צוויי יאָר פון דער דייטשער אָקופּאַציע 1917—1915 האָט די אָוונט-שול אַריבערגעטראָגן

אָן קיין שום שווערע צעטרייסלונגען. אמת, מען האָט דעם באַקוועמען לאָקאַל פון „תורת אמת" רעקוויזירט פאַר אַ שפּיטאָל, און מען האָט זיך באַדאַרפט איינפּרעסן אין אַ קלענערער וואוינונג אויף קאָנע 4 (מיידל-שול). ווען די רוסן האָבן עוואַקואירט ווילנע, האָט די אָוונט-שול זיך תיכף אַריבערגעקליבן אויף אַלעקסאַנדער בולוואַר 13, אין לאָקאַל פון געוועז. גימנאַזיע פון פּ. כהן, און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן ווידער אַ ברייטערע טעטיקייט. די דייטשן האָבן ערלויבט צו פאַראייניקן די פרויען-שול מיט דער מענער-שול; דאָס האָט געגעבן אַן עקאָנאָמיע אין דער צאָל אָוונטן און האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט צו פאַרברייטערן דעם לערן-פּלאַן. אַנשטאָט 6 שעה לעקציעס איז איינגעפירט געוואָרן 8 שעה: 2—דייטש (אָבליגאַטאָריש), 2—רוסיש (פאַקולטאַטיוו), 2—יידיש, 2—מאַטעמאַטיק. דער נייער למוד פון דער דייטשער שפּראַך האָט צוגעצויגן אַ גרויסע צאָל נייע שילער. די צאָל גרופּעס אויף דייטש האָט דערגרייכט ביז 10.

ס'איז אָבער געווען אַ וויכטיקערע סיבה, וועלכע האָט פאַרגרעסערט די צאָל שילערינס אין שול.

דאָס איז געווען די לעגאַליזירונג פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און זייער פאַראייניקונג אין איין צענטער. דער צענטער פון די פּראָפ. פאַראיינען האָט גענומען אויף זיך צו אַגיטירן פאַר דע־ אָוונטשול, און דאָס האָט געגעבן גלענצנדיקע רעזולטאַטן. אין 1916 יאָר האָט די צאָל פאַרשריבענע דערגרייכט 1000 מאַן. די לימודים זיינען געגאַנגען נאָרמאַל; די לעזונגען זיינען געווען איינגעטיילט אין 3 שטופעס. די צוהערער זיינען געווען אָפּגעקליבענע מיט אַן אַלגעמיינעם, גלייכן ניוואָ. מערקווירדיק איז דער פאַקט, וואָס אין שטאָט האָבן דאַן פונקציאָנירט צוויי פאָלקס - אוניווערסיטעטן: דער פאָלקס - אוניווערסיטעט פון דער חברה „מפיצי השכלה" אויף נייע 3, און דער אוניווערסיטעט פאַר אַלע אויף אַלעקסאַנדער בולוואַר 13. דער לעצטער האָט זיך געפונען אין דער זעלבער געביידע פון דער אָוונטשול, דאָך האָט דאָס די פאָרלעזונגען אין דער אָוונטשול ניט אָנגערירט; מיטן נאָמען „אָוונטשול" האָט מעז זיך אויפגעהערט צו שעמען. פון די לעקציעס דאַרפן דערמאָנט ווערן באַזונדערס פאָלגנדיקע ציקלען: די געשיכטע פון דער ענגלישער אַרבעטער-באַוועגונג—ה. האַצקעלס, די געשיכטע פון „בונד"—ג. פלודערמאַכער; אַ קורס פון פרויען-היגיענע—ספּעציעל פאַר די עלטערע שילערינס האָט געלייענט ד"ר פּר' טראַכטנבערג; וועגן דער ליטווישער ליטעראַטור—ח' י. א. גאָלדשמיט. די גוטע צייט האָט ניט לאַנג געדויערט. אין 1916 האָט זיך אָנגעהויבן דער שרעקלעכער הונגער, די מענער האָבן געשמאַכט אויף דער צוואַנגס-אַרבעט, אַ סך אַרבעטער האָבן עמיגרירט קיין דייטשלאַנד צו אַרבעטן אין די קוילן-גרובן. די שול האָט געליטן דחקות און נויט. דאַן האָט דער פעדאַג. ראַט באַשלאָסן צו ווענדן זיך מיט אַ בריוו צו די אַמעריקאַנער חברים און פריינד, זיי זאָלן קומען צו הילף דער שול. עס איז אויך אַנטשטאַנען אַ קריזיס אין שול, דער פאַרז. קאָמיטעט איז צעפאַלן געוואָרן. ס'איז אַנטשטאַנען אַן ערנסטע פראַגע וועגן דעם, ווער זאָל זיין דער בעל-הבית פון שול, ווער וועט טראָגן די אַחריות, ווער וועט זאָרגן פאַר די פינאַנציעלע מיטלען פון דער שול. איבערגעבן די אָוונטשול דער חברה „מפיצי השכלה" וואָלט געווען אפשר א

גלייכע זאַך. ווייל קוים האָט דער פּעטערב. קאָמיטעט פון דער חברה ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו שטיצן די שול, וואָלט נאַטירלעך דאָס באַדאַרפט טאָן די ווילנער אָפּטיילונג; איז אָבער געווען אַזאַ לאַגע, אַז די אַרבעטער-קרייזן, וועלכע זיינען אין די פריערדיקע יאָרן געווען פאַרגעשטעלט אין מפיצי השכלה, זיינען דאַן אַרויסגעטראָטן פון איר. האָט זיך דער פּעדאַגאָגישער ראַט געווענדעט צו דער צענטר. פאַרוואַלטונג פון די פּ־אָפּעס. פאַראיינען מיט אַ פאָרשלאָג, זי זאָל איבערנעמען די שול, און האָט פאָרגעלייגט צו אָרגאַניזירן אַ פאַרוואַלטונג פון 2 פאָרשטייער פון פּעד. ראַט און 2 פון דער פאַרוואַלטונג. נאָר אויך פון דעם פאָרשלאָג האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזן.

די פאַראיינען האָבן געמאַכט עטלעכע פּרובן איינצוּאָרדנען לעקציעס און עפענען אַ נייע אָוונטשול; ס'איז געשאַפן געוואָרן די אָרגאַניזאַציע „יוגנט-פלעגע", וועלכע האָט זיך קאָמפּלעקטירט פון די גרופּעס פאַר די יוגנטלעכע ביי דער אָוונט-שול.

## VIII.

סוף 1918 און אין 1919 קומען פאָר אין לעבן פון אָוונטשול אַזעלכע ראַדיקאַלע שנויים, אַז זי באַקומט גאָר אַ נייעם אויסזען. דער עלטערער עלע-מענט פון די אַרבעטער גייט כמעט אין גאַנצן אַוועק פון אָוונט-שול — דעם גאַנצן אויבן-אָן פאַרנעמען די יוגנטלעכע. דערוואַקסענע פאַרשרייבן זיך אַ מאַן 50. דאָס איז ווייניק אויף צו פאָרמירן פאַרשיידענע גרופּעס; די יוגנטלעכע פאַרקערט פאַרפלייצן די שול. אויסערדעם דאַרף מען געדענקען, אַז דאָס איז די צייט פון די גרויסע פּאָליטישע איבערקערענישן: די עלטערע אַרבעטער ווערן אינגאַנצן אַריינגעצויגן אין פּאָליטישן לעבן. די ריין קולטורעלע אינטע-רעסן גייען אַוועק אָן אַ זייט. דער עלעמענט יוגנטלעכע, וועלכער פילט אָן די אָוונטשול, איז גאָרניט דער, וואָס אַמאָל. אַ גרויסן טייל פון זיי בילדן איצט מענער, די צאָל פרויען איז שוין פאַרהעלטנישמעסיק קלענער, דאָס רוב בחורימלעך זיינען דורכגעגאַנגען עטלעכע קלאַסן פון אונזער יידיש-וועלטלעכער פאָלקסשול. ס'איז אַריין אַ היפּשע צאָל פון די געוועזענע ישיבה-בחורים. דאָ דאַרף מען קאָנסטאַטירן, אַז דער דאָזיקער ישיבה-עלעמענט האָט ניט נושא חן געווען ביי די איבעריקע שילער, מען האָט די ישיבה-בחורים געהאַלטן פאַר אַ „רעאַקציאָנערן" עלעמענט און געפאָדערט, מען זאָל זיי אין שול ניט אַריינ-לאָזן. מיט 5 יאָר צוריק איז דאָס געווען אַ האַרבע שאלה: ווי נעמט מען אַריין אַזאַ שווארצן עלעמענט, ווי ישיבה בחורים, אין אָוונט שול. די ערשטע צייט פלעגן נאָך די ישיבה בחורים טאַקע כאַפּן אַ מנחה — אַ מעריב אין אַ ווינקעלע, און געפאָדערט, מען זאָל מיט זיי לערנען העברעאיש. אינגיכן אָבער זיינען זיי געוואָרן גאָר אַנדערע.

לויט דער צוגרייטונג, איז אַ גרויסע טייל שילער געווען מיט עלעמענ-טאַרער בילדונג, מען האָט זיי באַדאַרפט געבן אַ ווייטערדיקע אַנטוויקלונג. ס'איז קלאָר, אַז די אַלטע סיסטעם מיט איר אַלטן לערן-פּלאַן, ד. ה. למודים-געגנ-שטאַנדן איינגעריוואַכן, און לעקציעס, לעזונגען שבת, האָט שוין ניט געטויגט;

ס׳איז אויסגעאַרבעט געוואָרן פאָלגנדיקער שעהן־פּלאַן: צוויי שעה יידיש, 2 שעה חשבון, 2 שעה פּויליש, 2 שעה נאַטור־למוד, 2 שעה געאָגראַפיע, 2 שעה געשיכטע—יידישע און אַלגעמיינע; אויסער די דאָזיקע למודים איז איינגעפירט געוואָרן גימנאַסטיק, געזאַנג און צייכענען. מיט איין וואָרט די אָוונטשול האָט זיך דערנענטערט צום טיפּ פון אַ נאָרמאַלער פּרימאָרגן־שול. זי איז געוואָרן כמעט אַ „פאָרט־בילדונגסשול" אָדער דערגאַנצונגסשול, ווי די דייטשן האָבן זי אָנגערופן. אַ גרויסן אָרט אין לעבן פון שול האָט פאַרנומען דער קלוב. די צילן פון קלוב זיינען געווען פאָלגנדיקע: 1) געבן די שילער פאַרנונפטיקע פאַר־וויילונגען; 2) אַנטוויקלען די געזעלשאַפטלעכע זעלבסטטעטיקייט ביי די שילער. די שילער האָבן איבערגענומען די ביבליאָטעק, אַ היפּשע צייט האָבן זיי פאַרוואַלטעט מיט דער אָוונט־קיך, וועלכע איז געווען ספּעציעל פאַר זיי געגרינדעט. פון קלוב ביי דער אָוונטשול איז אַרויס די איניציאַטיוו צו גרינדן יוגנטלעכע אָפּטיילונגען ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, כדי צו פאַרהיטן די יוגנטלעכע פון עקספּלואַטאַציע און שלעכטער באַהאַנדלונג מצד די בעלי־בתים. די קלוב־אַרבעט איז געגאַנגען זייער לעבעדיק און האָט זיך געפונען אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער שול; קיינע חלוקי דעות צווישן דער שילער־פאַר־וואַלטונג און פּעדאַגאָגישן ראַט זיינען ניט געווען, שפּעטער אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די שילער מאַנקירן מיט אייניקע באַשעפטיקונגען, וועלכע זיינען געווען באַשטימט אין די קלוב־אָוונטן: מען הערט אויף צו לערנען זיך צייכענען, א. אַ. וו.

אין דער אָוונטשול י. ל. פּרץ האָט זיך די לעצטע יאָרן באַמערקט אַ גרויסע אויפלעבונג. די צאָל תּלמידים וועלכע האָבן באַזוכט די שול אין לערניאָר 1922—23 איז דערגאַנגען ביז 475, אין לערניאָר 1923—24 ביז 400.

דער באַזוך אין דער אָוונט־שול אין משך פון די יאָרן 1924—1901:

| לערניאָר | דער באַזוך: פרויען | דער באַזוך: מענער | לערניאָר | דער באַזוך: פרויען | דער באַזוך: מענער |
|---|---|---|---|---|---|
| 1901 — 1902 | 180 | — | 1912 — 1913 | 420 | 215 |
| 1902 — 1903 | 180 | — | 1914 — 1915 | 415 | 170 |
| 1903 — 1904 | 300 | 130 | 1915 — 1916 | 455 | 220 |
| 1904 — 1905 | 300 | 130 | 1916 — 1917 | 310 | 150 |
| 1905 — 1906 | 300 | 130 | 1917 — 1918 | 220 | 120 |
| 1906 — 1907 | 300 | 130 | 1918 — 1919 | 50 | 30 |
| 1907 — 1908 | 300 | 130 | 1919 — 1920 | 64 | 57 |
| 1908 — 1909 | 320 | 135 | 1920 — 1921 | 70 | 100 |
| 1909 — 1910 | 315 | 155 | 1921 — 1922 | 70 | 100 |
| 1910 — 1911 | 325 | 160 | 1922 — 1923 | 233 | 218 |
| 1911 — 1912 | 405 | 205 | 1923 — 1924 | 205 | 185 |
| 1912 — 1913 | 390 | 220 | | | |

דער באַשטאַנד פון די שילער און שילערינס לויט די פּראָפעסיעס אין %%

| שילער | % | שילערינס | % |
|---|---|---|---|
| האַנדלס-אַנגעשטעלטע . . . | 30 | האַנדלס-אַנגעשטעלטע . . | 25 |
| שניידער . . . . . . . | 25 | נאָדל-פאַך . . . . . . | 47 |
| שלאָסער, בלעכער . . . . | 17 | זאָקנשטריקערינס . . . . . | 8 |
| שטעפּער . . . . . . . | 12 | זעמסערינס . . . . . . | 6 |
| זעמסער . . . . . . . | 8 | בלומענמאַכערינס . . . . . | 6 |
| איינבינדער . . . . . . | 6 | פאַבריק-אַרבעטערינס . . . . | 4 |
| אַנדערע פּראָפעסיעס . . . . | 2 | קעכינס . . . . . . . | 3 |
| | | אומבאַשטימט . . . . . . | 1 |
| ס"ה . . . | 100 | ס"ה . . | 100 |

אַ סך תלמידים האָט מען הייער געמוזט אָפּזאָגן אָנצונעמען צוליב מאַנגל אין אָרט. לויט דעם עלטער—איז אַ העלפט 14 און 15 יאָריקע, די אַנדער העלפט פון 16 ביז 18 יאָר. ביז דעם לעצטן ווינטער האָט מען געלערנט 4 מאָל אין וואָך און 2 אָוונטן זיינען געווען אָפּגעגעבן דער קלוב-אַרבעט. בכלל קען מען זאָגן, אַז די שול האָט באַפרידיקט די באַדערפעניש פון דער אַרבעטער-יוגנט הן אין באַקו-מען אַ ביסל עלעמענטאַרע וויסן, הן אין אַלגעמיינער אַנטוויקלונג. די שול און דער קלוב האָבן זיך קעגנזייטיק דערגאַנצט און געבילדעט אַן איינהייטלעכן אָרגאַניזם.

דער פּעדאַגאָגישער ראַט האָט צוזאַמען מיט די שילער אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן פון אַרבעט אין קלוב, ער האָט אויך געהאַט די השגחה און מיטגעהאָלפן דעם קלוב מיט לעקטאָרן און אַנד. אין קלוב האָבן עקסיסטירט עטלעכע קרייזן פאַר זעלבסטבילדונג, אָנגעפירט טיילווייז פון די עלטערע שילער, טיילווייז פון לע-רער. עס פלעגן פאָרקומען סיסטעמאַטישע לעקציעס וועגן סאָציאַלער היגיענע, עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג און אַנד. גימנאַסטיק און געזאַנג זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון די שילער גופא. עטלעכע מאָל אין יאָר פלעגן פאָרקומען אָוונטן מיט אַ פּראָגראַם, דורכגעפירט אויסשליסלעך פון די שילער. ווינטער 1922—23 האָט דער קלוב געפייערט דעם 5-יאָריקן יובילײ, וועלכער איז דורכגעגאַנגען זייער אימפּאָזאַנט און הארציק. דער קלוב האָט פונקציאָנירט דעם גאַנצן יאָר, אויך אין די זומער-קאַניקול פלעגן זיך די תלמידים צונויפקומען אַ פּאָר מאָל אין וואָך. אין 1923 יאָר האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נויטיק שליסן דעם קלוב אויף קאַניקול, און צום אָנהייב לערניאָר 1923 — 24 האָט דער צ. ב. ק. איינ-געפונען, אַז דער קלוב מוז ענדגילטיק געשלאָסן ווערן. די שול באַזיצט אַ שיינע ביבליאָטעק פון העכער 1000 בענדער. ס'ווערן עטלעכע מאָל אין יאָר צוגע-קויפט נייע ביכער. געלטמיטלען באַקומען זיך פון די שילער-אָוונטן. כמעט אַלע תלמידים לייענען אין שול גופא און נעמען אַ היים ביכער צום לייענען.

מיר גיבן דאָ דעם לערן־פּלאַן פון אָוונט־שול י. ל. פּרץ אינם לערניאָר 1923—1924:

אויף יידיש—5 גרופּעס צו 2 שעה אַ וואָך אין יעדער גרופּע.
אויף חשבון—5 גרופּעס צו 2 שעה אַ וואָך אין יעדער גרופּע.
אויף פּויליש—4 גרופּעס צו 2 שעה אַ וואָך אין יעדער גרופּע.
אויף געאָגראַפיע—4 גרופּעס: I גרופּע—היים־קענטעניש—2 שעה אַ וואָך; II גר.—1 שעה; III און IV גר.—צו 2 שעה אַ וואָך—געאָגראַפיע פון פּוילן.
אויף געשיכטע—3 גר. צו 1 שעה אַ וואָך אין יעדער גרופּע.
אויף נאַטור—3 גרופּעס צו 1 שעה אַ וואָך אין יעדער גרופּע.
אויף גימנאַסטיק—2 גרופּעס (1—מענער און 1 פרויען) צו 1 שעה אַ וואָך.
אויף געזאַנג 1 גרופּע 1 שעה אַ וואָך.



אָוונט־שול פּרץ אין 1922.

ניט געקוקט אויף דעם אויסערלעך גינסטיקן מצב פון אָוונט־שול, באַמערקט זיך דאָך אין פּעדאַגאָגישן ראַט אַ אומצופרידנהייט מיט די רעזולטאַטן פון דער אַרבעט. די ניט באַשטענדיקייט פון די תּלמידים פאַרשוואַרצט זייער די סיסטעמאַטישקייט פון די למודים. דאָס פאַרשפּעטיקן צו די לעקציעס איז אויך אַ גרויסע רעה, וועלכע ס׳איז ביז איצט אוממעגלעך געווען צו באַקעמפן. ביי די לערער וואַקסט די איבערצייגונג, אַז ס׳דאַרפן געפונען ווערן נייע מעטאָדן פון אַרבעט, ביי וועלכע די תּלמידים זאָלן ווערן מער אַקטיוו און געפינען אין שול מער אינטערעס, ווי ביז איצט. באמת מוז דאָך די שול האָבן אַ באַזונדערע צוציאונגס־קראַפט, אַז אַ יוגנטלעכער אַרבעטער זאָל איר אָפּגעבן 5 מאָל אין וואָך זיין גאַנצע פרייע צייט. אין אָנהויב לערניאָר וואַרפט מען זיך גע־

וואוינלעך ארויף מיט גרויס אינטערעס און התמדה אויף די למודים, אין אַ פּאָר חדשים אַרום באַמערקט זיך אַ מידקייט, אַ אַנטוישונג, מען הויבט אָן איבערלאָזן, מען שטייט אָפּ, און ממילא מוז מען שיין אויפהערן אײַנגאַנצן צו גיין אין שול. די אַלע פראַגן מוזן אַזוי אָדער אַנדערש פאַרענטפערט ווערן, כּדי דאָס לעבן פון אָוונט-שול זאָל אין קומענדיקן לערניאָר אַוועקגיין נאָרמאַל און פרוכטבאַר.

IX.

די ראָלע פון דער אָוונט-שול אין דער אַנטוויקלונג פונם יידיש-וועלטלעכן שול-וועזן איז זייער גרויס. זי האָט די ערשטע פאַנאַנדערגעאַקערט דעם באָדן פאַר אַ שול אין דער יידישער שפּראַך, און ניט אומזיסט האָבן יאָרן-לאַנג געקריצט מיט די ציין כּלערליי העברעאיסטן אויף דער דאָזיקער „פעסטונג פון יודישיזם”, ווי זיי האָבן זי אָנגערופן. ס'איז קיין ספק ניט, אַז די ערפאָלגן פון דער יידישער פאָלקס-שול האָבן מיר צו פאַרדאַנקען אין אַ גרויסער מאָס דער אָוונט-שול, וועלכע האָט אָנגעהויבן צוצוגרייטן לערנביכער, אַ טערמינאָלאָגיע און אַ פאַסיקן לערער-פּערסאָנאַל פאַר אַ מאָדערנער וועלטלעכער שול אויף יידיש. נאָך גרעסער איז די באַדייטונג פון דער שול אויפן געביט פון אויסער-שול בילדונג. אַמאָליקע צייטן איז געווען אַ שם דבר, אַז אַן אָוונט-שול איז, אַזוי צו זאָגן, אין תוך אַ אומנאָרמאַלע שול, און עס זיינען ניטאָ קיינע תרופות, ווי זי צו נאָרמאַליזירן. מען האָט געהאַלטן, אַז מיט דער גרינדונג פון פאָלקס-שולן וועט זיך ליקווידירן די אָוונט-שול. די אָוונט-שול אין ווילנע האָט באַוויזן, אַז זי איז אַ וויכטיקער ענין פאַר זיך, און אַז ווען ס'וועט זיך אַנטוויקלען אַ נעץ פון נאָרמאַלע פאָלקס-שולן, וועט די אָוונט-שולן אויך פאַרבלייבן ביי איר וויכטיקער שליחות—צו פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן יוגנטלעכע און דערוואַקסענע, וואָס באַזוכן ניט קיין שול. די נפקא מינא איז נאָר די, וואָס אירע פונקציעס וועלן דאַן ווערן אַלץ העכער, קאָמפּליצירטער—פון אַ שול פאַר אַנאַלפאַבעטן וועט זי ווערן ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט אין אַ נאָרמאַלער דערגאַנצונגס-שול. די ווילנער אָוונט-שול האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג. דער אַנאַלפאַבעטיזם איז אפשר אינגאַנצן ניט אויסגעראָטן, אָבער ער איז באַדייטנדיק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דער קולטורעלער מצב פון דער אַרבעטער-יוגנט האָט זיך בלי ספק זייער שטאַרק אויפגעהויבן אַ דאַנק דער אָוונט-שול.

ג. פלודערמאכער.

---

# ראטנער־אוונט־שול.

פאַר דער מלחמה און אין די ערשטע יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט אין ווילנע עקסיסטירט נאָר איין אָוונטשול פאַר דערוואַקסענע און יוגנט־לעכע (איצט פּרץ־שול).

אין יאָר 1917 האָט די יוגנט־אָרגאַניזאַציע געגרינדעט אַ צווייטע אָוונט־שול אויפן נאָמען פון מאָריס ווינטשעווסקי.

ביידע אָוונטשולן האָבן זיך אָבער געפונען אין שטאָט גופא. אין די פאָר־שטעט זיינען קיין אָוונטשולן ניט געווען. נאָר אַ קלענער טייל פון די מער באַוואוסטזיניקע יוגנטלעכע אַרבעטער פון די פאָרשטעט פלעגט גיין אין שטאָט אריין זיך לערנען, דאָס רוב האָט קיין שול ניט באַזוכט און איז געבליבן אומוויסנד.

באַזונדערס האָט זיך געפיהלט אין אַ שול דער ראַיאָן פון שניפּישאָק, וואָס איז באַוואוינט מיט אַ היפשער יידישער באַפעלקערונג.

הגם די פאָרשטעט פון ווילנע געפינען זיך בשכנות מיט דער שטאָט, פונדעסטוועגן זיינען זיי קולטורעל זייער אָפּגעשטאַנען. עס זיינען נאָך דאָרט פאַרשפּרייט פאַרשיידענע אַבערגלויבענישן, עס האָבן נאָך דאָרט אַ היפשע דעה די כלי־קודש. דאָרט געפינט זיך דעריבער די גרעסטע צאָל אַנאַלפאַבעטן.

כדי אַריינצוטראָגן אַ ביסל ליכט אין דעם טונקעלן ווינקל פון שניפּישאָק, האָט די ראַטנער־געזעלשאַפט זומער 1920 באַשלאָסן צו גרינדן דאָרט אַן אָוונטשול.

אין אויגוסט 1920 האָט מען דעם באַשלוס פאַרווירקלעכט און די שול געעפנט. אָנגערופן האָט מען זי אויפן נאָמען פון דעם באַוואוסטן טוער מאַרק ראַטנער. אַלס פאַרוואַלטער זיינען טעטיק געווען אין פאַרשיידענע צייטן די ח"ח ש. באַסטאָמסקי, יוסף ראַטנער און ד. אַרכימאָוויטש. די אַרבעט אין דער שול איז געווען זייער אַ שווערע. די מיטלען פון דער געזעלשאַפט זיינען געווען באַגרענעצטע. די עקסיסטירנדיקע קולטור־געזעלשאַפטן האָבן די נייע אַנשטאַלט ניט אָנערקענט. מען האָט געמוזט כמעט אָן מיטלען באַקומען אַ לאָקאַל, באַזאָרגן אים מיט מעבל.

אַ שווערע אויפגאַבע איז אויך געווען דורכפירן אַן אַגיטאַציע צווישן דער אָפּגעשטאַנענער באַפעלקערונג, עס זאָלן זיך פאַרשרייבן שילער.

די באַגייסטערונג פון די גרינדער האָט אָבער גובר געווען אַלע מניעות, און די שול האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען. עס האָבן זיך פאַרשריבן אי־בער 100 שילער, צווישן זיי אָבער 30 אַנאַלפאַבעטן. מ'האָט געגרינדעט 3 גרו־פּעס, און די אַרבעט איז אוועק מיטן פולן גאַנג.

נאָר דאָ האָבן זיך אַריינגעמישט די פּאָליטישע געשעענישן. גענ. זשעלי־גאָווסקי האָט פאַרנומען ווילנע, און אין שטאָט איז געוואָרן אַ פּאַניק. אַ סך שילער און אַ פּאָר לערער זיינען אַנטלאָפן קיין ליטע. דער לאָקאַל איז געווען אין געפאַר. ווי נאָר אָבער די ערשטע שרעק איז אַריבער, זיינען די פאָר־

בליבענע־לערער ווידער צוגעטראָטן צו דער אַרבעט, און די שול האָט ווידער אויפגעלעבט.

אַזוי ווי דער לאָקאַל איז געווען ניט קיין צוגעפּאַסטער און ניט קיין זיכערער, האָט זיך באַלד די שול אַריבערגעצויגן אין אַ נייעם לאָקאַל אויף ווילקאָמירער 28.

די אָרטיקע כּלי־קודש האָבן די גאַנצע צייט געפירט אַ קאַמף קעגן דער שול. עס האָט זיי אָבער קיין זאַך ניט געהאָלפן. די בילד. אָפּט. פון דער קהילה האָט אויך געפירט אַ קאַמף מיט דער שול און ניט געוואָלט זי אָנערקענען און אונטערשטיצן. ערשט נאָכן לערער שטרייק האָט די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די לערער און דאַן דער צ. ב. ק. די שול אָנערקענט. די איינציקע געוואָר פון דער שול אַנטקעגן אַלע אירע קעגנער איז געווען איר טעטיקייט. דערמיט, וואָס זי האָט עקסיסטירט, וואָס די צאָל שילער איז כּמעט שטענדיק געווען פון 60 ביז 80, וואָס די אַרבעט איז כּמעט די גאַנצע צייט געגאַנגען נאָר־מאַל,—האָט זי זיך אויסגעקעמפט אָנערקענונג. צו פרילינג פון יאָר 1923 האָט זיך די צאָל שילער, צוליב פאַרשיידענע סיבות, שטאַרק פאַרקלענערט. דאָס האָט געצוואונגען דעם צ. ב. ק. אַריבערצוטראָגן די שול אין אַ צווייטן לאָקאַל (אין דער ל. גורוויטש־שול).

פאַר דער צייט, וואָס די שול עקסיסטירט, זיינען דורך דער שול דורכ־געגאַנגען ביי 400 שילער. ביי 100 האָבן זיך דאָרט אויסגעלערנט לייענען און שרייבן. אַ לענגערע צייט האָט ביי דער שול עקסיסטירט אַ קלוב, אַ דראַמאַ־טישע סעקציע און אַ כאָר פון די שילער. דאָ דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז די פאַר־וואַלטונג פון דער געז. האָט אַ לענגערע צייט אונטערגעשטיצט דעם שילער פון דער שול ח. גלעזער, ביי וועלכן ס'האָבן זיך אַרויסגעוויזן פעאיקייטן אָנצו־פירן מיט אַ כאָר, און מיטגעהאָלפן אים צו באַקומען די בילדונג פאַר אַ די־ריגענט. אויסער דעם וואָס די שול גופא האָט פאַרשפּרייט וועלטלעכע ביל־דונג צווישן הינדערטער שילער, האָט זי אויך מיטגעהאָלפן צו פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק וועגן וועלטלעכער בילדונג צווישן דער איבעריקער אָפּגעשטאַנענער באַפעלקערונג.

פון האַרבסט 1923 הייבן אָן צו באַזוכן די שול אויך שילער פון שטאָט. פון יענער צייט אָן הייבט זיך אָן אַ נייער פּעריאָד אין לעבן פון דער שול. אַלס פאַרוואַלטער איז איינגעלאַדן ח' גיליגיטש. דער באַזוך פון די שילער פאַרגרעסערט זיך. די אַרבעט ווערט נאָרמאַליזירט. עס עקסיסטירן 4 גרופּעס. אויסער די אַלג. למודים, ווערן פון צייט צו צייט איינגעאָרדנט פאָרלעזונגען פאַר די שילער אויף פאַרש. טעמעס. ס'איז פאַראַן ביי דער שול אַ דראַמאַטישע סעקציע און אַ לייענזאַל פאַר די שילער.

ש. ב.

---

# מאטעמאטיש־נאטורוויסנשאפטלעכע גימנאזיע

## (רעאל־גימנאזיע).

צווישן די אנשטאלטן פון צענטראל בילדונגס־קאמיטעט פארנעמט די יידישע רעאל־גימנאזיע, הן צוליב איר גרויס, הן צוליב איר באדייטונג, בלי־ספק דעם בכבודיקסטן ארט.

די ערשטע מיטל־שול מיט יידיש אלס אונטעררירכטשפראך, האט די רעאל גימנאזיע שוין מיט איר אנטשטייאונג זעלבסט געבראכן די וואנט פון טיף איינגעווארצלטע אסימילאטארישע געוואוינהייטן און סקעפטישער באציאונג צו דער יידישער שפראך בייברייטע שיכטן פון יידישן בירגערטום און אינטעליגענץ.

זי האט אויך פארענדיקט מיט זיך א געוויסע שטופע אין דער אויסבויאונג פון דעם יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן—פון קינדער־גארטן ביז א מיטל־שול,—און גלייכצייטיק געלייגט דעם פונדאמענט פאר דער העכסטער דערגרייכונג, צו וועלכער אין איר נאטירלעכן וואוקס שטרעבט די יידישע שול—צו א הויכשול אין יידיש.

די נויטיקייט אין א מיטל־שול מיט יידיש אלס אונטעררירכט־שפראך איז געווארן אין ווילנע באזונדערס שארף אין די לעצטע יארן פון דער דייטשער אקופאציע. צום סוף פון דער אקופאציע, ווען די יידישע פאלקס־שול איז שטארק אויסגעוואקסן און איינגעבירגעט געווארן אין די מוחות פון דער יידישער באפעלקערונג—ווערט רייף די פראגע וועגן א מיטל־שול.

די פראגע וועגן דער ווייטערדיקער בילדונג פאר די ארויסלאזן פון די פאלקס־שולן, די צעפוילקייט פון די פארשיידענע פריוואטע גימנאזיעס, זייער קרעמערישער כאראקטער און פולשטענדיקע פעדאגאגישע ווערטלאזיקייט.—דאס אלץ האט גורם געווען, אז די פראגע וועגן א יידישער מיטל־שול זאל ווערן באזונדערס אקטועל. צווישן דעם בעסערן טייל עלטערן און צווישן די שול־בויער ווערט דער געדאנק וועגן גרינדן א מיטל־שול פולשטענדיק רייף.

דער קאמיטעט פון „מפיצי־השכלה" טרעט צו צו דער פארווירקלעכונג פון דעם דאזיקן געדאנק. די אונטערנעמונג איז געווען ניט קיין לייכטע.

דער טיפ פון דער שול, די פערזאן פון א אפיציעלן פארוואלטער, לגבי וועלכן די דייטשע מאכט האט ארויסגעשטעלט שווערע תנאים, גוטע לערער־כוחות,—דאס אלץ האט געפאדערט א גרינדלעכע דיסקוסיע און פארבארייטונגס־ארבעט.

אפגעשטעלט האט מען זיך אויפן טיפ פון א רעאל־שול, כאטש דער טיפ איז געראד געווען נאך איינגאנצן פרעמד דער יידישער עלטערן־מאסע, וועלכע האט אין דער פילשפראכיקייט געזען תמיד די „בילדונג" פון קינד.

די אלגעמיינע טענדענץ צו פראדוקטיווירן דאס יידישע לעבן האט אומבאדינגט געהאט א השפעה אויפן אויסוואל פון טיפ פון דער גימנאזיע. די רעאל־גימנאזיע האט געדארפט, לויט איר אידעע, זיין איינער פון די מיטלען צו שאפן אן א־בעטספייאיקע און פראדוקטיווע יידישע פאלקס־אינטעליגענץ.

פאַר אַ פאַרוואַלטערין האָט מען איינגעלאַדן די באַקאַנטע אין ווילנע נאָך פאַר דער מלחמה שול-טוערין—ס. מ. גורעוויטש.

ס'איז אויך פיל דעבאַטירט געוואָרן איבער דער פראַגע, צי עפענען איינגאַנצן אַ נייע אַנשטאַלט, אָדער איבערנעמען די בעסערע פון די פריוואַטע רוסישע גימנאַזיעס און פאַרוואַנדלען זי אין אַ יידישער.

געזיגט האָט די 2-טע מיינונג, און מ'האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער פריוואַטער גימנאַזיע, וואו ס'האָבן געאַרבעט די באַקאַנטע אין ווילנע לערער—ב. און ד. לובאָצקי, י. מיצקון, א. האַלפּערן, טשוזשאָי און אַ. וו.

ענדלעך איז צום אָנהויב לערניאָר $1918/_{19}$ געעפנט געוואָרן די גימנאַזיע אין באַשטאַנד פון 2 צוגרייטונגס-קלאַסן און 4 גרונד-קלאַסן מיט פּאַראַלעלע—צוזאַמען 10 קלאַסן מיט לפי-ערך 300 קינדער.

אין דער גימנאַזיע זיינען אַריבער אַ סך קינדער, אפילו גאַנצע קאָמ-פּלעקטן פון די פריוואַטע מיטל-שולן, אַ היפּש ביסל שילער פון די פאָלקס-שולן, און אַ קליינע גרופּע מיט שטוביקער בילדונג.

בהדרגה זיינען געעפנט געוואָרן די איבעריקע קלאַסן, יעדן יאָר אַ קלאַס, אַזוי אַז אין לערניאָר $1922/_{23}$ האָט די גימנאַזיע פאַרענדיקט איר אויסערלעכן בוי—ביז דעם 8-טן קלאַס איינשליסלעך.

דער ערשטער סיום איז געפייערט געוואָרן דעם 28 יוני 1923 אין טע-אַטער „פּאַלאַס". די 55 אַביטוריענטן פון דער גימנאַזיע — זיינען די ערשטע יידישע אינטעליגענטן, וועלכע האָבן געענדיקט אַ מיטל-שול אויף יידיש.

היינטיקן יאָר איז דער II-טער אַרויסלאָז.

די פאַרוואַלטונג האָט זיך אין יאָר $1918/_{19}$ געפונען אין די הענט פון ס. מ. גורעוויטש. איר האָט מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט א ועד הנהגה פון פאָרשטייער פון „מפיצי-השכלה" און פּעדאַגאָגישן ראַט (ד"ר שאַבאַד, ב. לו-באָצקי, ח. רעמינאָלסקי, א. זיידשנור).

אין יאָר $1919/_{20}$ האָבן ב. און ד. לובאָצקי צוזאַמען מיט דער דירעק-טאָרין געבילדעט די פאַרוואַלטונג פון דער גימנאַזיע.

אין יאָר $1920/_{21}$ איז ס. מ. גורעוויטש אַוועק, און אין דער פאַרוואַלטונג איז אַריין ל. לאַזאָווסקי.

אין $1921/_{22}$ איז די פאַרוואַלטונג באַשטאַנען פון 2 מענטשן: ל. לאַזאָווסקי און ב. לובאָצקי.

צום אָנהויב $1922/_{23}$ איז אַלס פאַרוואַלטער פון גימנאַזיע איינגעלאַדן גע-וואָרן ד"ר ה. בערלינער—דאָצענט פון מאַטעמאַטיק אין בערנער אוניווערסיטעט.

צוזאַמען מיט ל. לאַזאָווסקי און ב. לובאָצקי האָט ער געבילדעט די פאַר-וואַלטונג אינם לערניאָר $1922/_{23}$.

אין דעם לעצטן יאָר איז די פילגלידיקע פאַרוואַלטונג אָפּגעשאַפט גע-וואָרן, און דער פאָרמעלער און פאַקטישער פאַרוואַלטער איז בלויז דער די-רעקטאָר ד"ר בערלינער.

די גימנאַזיע האָט פון אָנהויב אָן באַגעגנט גרויסע שוועריקייטן. ס'האָט געפעלט אַ שול-אינווענטאַר און אויך די נויטיקסטע לערן-מכשירים.

ביסלעכווייז איז עס געשאַפן געוואָרן. היינט פאַרמאָגט די גימנאַזיע אַ גוט אָוועקגעשטעלטן פיזישן און כעמישן קאַבינעט, אויך אַ גאַנץ בכבודיקן שול-אינווענטאַר.

מיטן בנין האָט די גימנאַזיע געהאַט פיל צרות, וועלכע זיינען ביז איצט נאָך ניט פאַרענדיקט. פון I-טן בנין (אין קרייינגלס זאַל) איז די שול אין יאָר 1921 אַרויסגעשטויסן געוואָרן. מיט גרויס שוועריקייטן איז געלונגען צו געפינען אַ פּאַסיקן, אָבער רואינירטן לאָקאַל (דער לאָקאַל פון דער געוו. פאַר דער מלחמה קאָמערץ-שול), וועלכער איז דורך אייגענע מיטלען ווי ניט איז רעמאָנטירט געוואָרן. דער בנין געפינט זיך אָבער אין צענטער פון האַנדלס-ראַיאָן, פאַרמאָגט ניט קיין באַזונדערן הויף און פאָדערט נאָך אַ גרויסן רעמאָנט. דאָס איז אַ גרויסע שטער פאַרן נאָרמאַלן גאַנג פון דער אַרבעט. אויסער דעם איז מען מיט דעם בנין נאָך אויך ניט אינגאַנצן זיכער. דאָס שאַפן אַן אַנטשפּרעכנדיקן און זיכערן בנין — איז איינע פון די הויפּט-אויפגאַבן, וועלכע שטייט פאַר דער גימנאַזיע.

די באַדינגונגען פון דער פּעד. אַרבעט זיינען געווען אין אָנהויב זייער שווערע. דער קאָנטינגענט קינדער איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקער הן לויט די ידיעות, הן לויטן עלטער.

די פאַרשיידענע „פּריוואַטע לערנאַנשטאַלטן" האָבן אויך אַרויפגעלייגט זייער שטעמפּל אויף די קינדער. די הויפּט אויפגאַבע אין די ערשטע יאָרן איז דעריבער געווען — שאַפן אַן איינהייטלעכקייט אין די קלאַסן און בילדן אַ נאָרמאַלן שול-קאָלעקטיוו. די דערציערישע אַרבעט האָט זיך צוליב די טעמים אַרויסגערוקט אויפן ערשטן פּלאַן. וואָס אָנבעלאַנגט דער פּראָגראַמאַטיש-מעטאָדישער אַרבעט, איז זי אָוועק אין 2 ריכטונגען: א) אין שאַפן וואָס שנעלער אַ נאָרמאַלע אונטערשטע שטופע, ב) דערוווייטערן בהדרגה די פאַרשיידנאַרטיקייט אין דער עלטערער שטופע, כּדי צו לייגן דעם באָדן אויף פאַר אַ נאָרמאַלער עלטערער גרופּע (Gimnazjum wyższe).

די צילן זיינען שוין כּמעט דערגרייכט געוואָרן. שוין אין פאָריקן יאָר האָבן די ערשטע קלאַסן (ביזן III-טן איינשליסלעך) פולשטענדיק אַנטשפּראָכן דעם טיפּ פון דער מאַטעמאַטיש-נאַטורוויסנשאַפטלעכער גימנאַזיע אין דער פּוילישער רעפּובליק. די עלטערע שטופע (פון IV ביזן VIII) דערנענטערט זיך אַלץ מער צו דער העכערער שטופע פון דעם זעלבן טיפּ רעגירונגס-גימנאַזיעס.

מ'מוז נעמען אין אַכט, אַז די דאָזיקע נאָרמאַליזירונג האָט זיך געקענט אָנהויבן פּאַקטיש פון יאָר 1921/22, ווייל ביז דער צייט האָט ווילנע זיך געפונען אין אַ אומבאַשטימטער לאַגע, די מאַכט האָט זיך עטלעכע מאָל געביטן, די אויבנדערמאָנטע אַרבעט איז דורכדעם געשטערט געוואָרן. דער מאַטעמאַטיש-נאַטורוויסנשאַפטלעכער עלעמענט איז בהדרגה פאַרשטאַרקט געוואָרן, די צאָל שפּראַכן פאַרקלענערט, און דער אַרבעטס-פּרינציפּ אַלס מעטאָדיש מיטל האָט באַקומען אַ ברייטע אָנווענדונג ביי אַלע לימודים, און איבערהויפּט ביי נאַטורוויסנשאַפט, פיזיק, כעמיע וכדומה.

דער למוד פון נאַטורוויסנשאַפט איז איצט אָוועקגעשטעלט זייער ברייט. די קינדער גייען דורך אַ סיסטעמאַטישן קורס פון אַלע צווייגן פון דעם למוד.

פיל צייט ווערט אָפּגעגעבן די פּראַקטישע אַרבעטן אויף נאַטורוויסנשאַפט, עקסקורסיעס, אויף וועלכע די קינדער באַאָבאַכטן די לעבעדיקע נאַטור, זומער־דיקע קרייזלעך און א. וו. (זע גענויער וועגן דעם אין אַרטיקל „נאַטורוויסנשאַפטלעכער למוד אין רעאַל־גימנאַזיע" פון י. גיליגיטש, „שול און לעבן" (23) № 7 פון 23 אווגוסט 1923).

אַ סך אויפמערקזאַמקייט ווערט אויך אָפּגעגעבן מאַטעמאַטיק. אין די לעצטע 2 יאָר זייגען דורכן דירעקטאָר ד״ר בערלינער אין די 8־טע קלאַסן געגעבן געוואָרן אויך עלעמענטן פון דער העכערער מאַטעמאַטיק און פאָרזי־כערונגס־מאַטעמאַטיק. אַ דאַנק דעם פיזישן און כעמישן קאַבינעטן איז געלונ־גען אויך פיזיק און כעמיע אַוועקצושטעלן אויף אַ געהעריקער הויך.

פון די הומאַניסטישע למודים ווערט יידיש, גאַנץ פאַרשטענדלעך, אָפּגע־געבן דאָס ערשטע אָרט. דער סיסטעמאַטישער למוד פון דער יידישער ליטע־ראַטור דויערט 3 יאָר: פון 6־טן ביזן 8־טן איינשליסלעך. ער נעמט אַרום אַלע תקופות פון דער יידישער ליטעראַטור.

אַ בכבודיקן אָרט פאַרנעמען אין דעם למוד די שריפטלעכע אַרבעטן, אין וועלכע די שאַפונגס־פייאיקייטן פון די תלמידים—ות קומען צום אויסדרוק. (זע דעם אַרטיקל—מ. עריק—„דער למוד פון דער יידישער ליטעראַטור אין רעאַל־גימנאַזיע", „שול און לעבן" (23) № 7 פון 23 אווגוסט 1923).

העברעאיש ווערט געלערנט פון I־טן קלאַס ד. ה. פון III־טן לערניאָר.

זעער אַ סך אויפמערקזאַמקייט ווערט געלייגט אויף דער פּוילישער שפּראַך. פּויליש פאַרנעמט דאָס אָרט פון דער 2־טער שפּראַך (נאָך יידיש). דער לימוד פון פּויליש ווערט מיט יעדן יאָר פאַרברייטערט, און די רעזולטאַטן זיינען שוין גאַנץ באַדייטנדיקע, ווי ס׳האָבן דאָס באַוויזן די שריפטלעכע און מונדלעכע עק־זאַמענס פון די היי־יאָריקע אַביטוריענטן.

דער פאָרמעלער ציל פון דעם לימוד איז אוועקשטעלן דעם קורס אויף דער זעלבער מדרגה, ווי אין די אַנטשפּרעכנדיקע פּוילישע שולן. נעמענדיק אין אַכט, אַז דער לימוד פון פּויליש ווערט נאָרמאַל און סיסטעמאַטיש געלערנט מער ניט ווי 3 יאָר—מוז מען קאָנסטאַטירן באַדייטנדיקע פּעולות, ווען מיר שטייען אָפּ, לויט דער אָפּשאַצונג פון וויזיטאַטאָר, אויף 1 יאָר פון די פּוילישע שולן.

עס ווערט אויך געלערנט פּוילישע געשיכטע, געאָגראַפיע פון פּוילן, אויך די וויסנשאַפט וועגן דעם איצטיקן פּוילן (Nauka o Polsce współczecnej).

מען האָט געשטרעבט צו דעם, אַז די קינדער, אפילו אין די ערשטע קלאַסן זאָלן ניט דאַרפן זיין באַשעפטיקט מער ווי 6 שעה אַ טאָג. נאָר דאָס האָט זיך עד־היום נאָך ניט איינגעגעבן איינגאַנצן. די עלטערע קלאַסן האָבן אָן איבערלעסטיקטן לערגפלאַן, און עס קומט אויס צו געבן 37 שעה אַ וואָך. (אויסער כאָר געזאַנגען).

מען שטרעבט אויך צו דעם, אַז די קונסט־לימודים זאָלן זיין ווי געהע־ריק אַוועקגעשטעלט.

## לערן=פּלאַן פון דער גימנאַזיע אין 1923—24 לערניאָר.

| קלאַסן / געגנשטאַנד | צוגרייטונג I | צוגרייטונג II | I | II | III | IV | V | VI | VII ייִנגל | VII מיידל | VIII ייִנגל | VIII מיידל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ייִדיש . . . . . | 6 | 8 | 5 | 4 | 3 | 3 | 3 | 3 | 3 | 3 | 3 | 3 |
| העברעאיש . . . | — | — | 5 | 5 | 5 | 5 | 3 | 3 | 3 | 3 | — | — |
| פּויליש . . . . | — | — | 4 | 4 | 4 | 4 | 4 | 4 | 5 | 5 | 5 | 5 |
| דייטש . . . . | — | — | — | — | 3 | 3 | 3 | 3 | 3 | 3 | 3 | 3 |
| אַלגעמיינע געשיכטע. | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 |
| ייִדישע געשיכטע . | — | — | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 |
| פּוילישע געשיכטע . | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 |
| געאָגראַפיע . . . | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 | — | — | — | — | — | — |
| פּוילישע געאָגראַפיע. | — | — | — | — | — | — | 2 | — | — | — | 1 | 1 |
| געאָמעטריע . . . | — | 1 | 1 | 1 | 1 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | — | 2 |
| טריגאָנאָמעטריע. . | — | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 |
| אַלגעבּרע . . . | — | — | — | — | — | 3 | 3 | 3 | 2 | 2 | 2 | 2 |
| אַנאַליט. געאָמעטריע. | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 |
| פּראָיעקט. צייכענען. | — | — | — | — | — | — | — | — | 2 | — | 2 | — |
| פיזיק . . . . | — | — | — | — | — | 3 | 3 | 3 | 3 | 3 | 3 | 3 |
| כעמיע . . . . | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 | 2 | 1 | 1 |
| „ (פּראַקט. אַרבעט) | — | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 | 1 | 1 |
| נאַטורוויסנשאַפט. . | — | 3 | 3 | 3 | 3 | 3 | 2 | 2 | 2 | 2 | 1 | 1 |
| וויסנשאַפט פון פּוילן | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 2 |
| מאָלן . . . . | — | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | — | 2 | — | — |
| גימנאַסטיק . . . | — | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | — | — | — | — |
| געזאַנג . . . . | — | 2 | 2 | 2 | 2 | — | 1 | — | — | — | — | — |
| לאָגיק, פּסיכאָלאָגיע. | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 3 | 3 |
| אַריטמעטיק . . . | 6 | 5 | 5 | 5 | 5 | — | — | — | — | — | — | — |
| האַנטאַרבעט . . . | — | 3 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — |
| ס"ה. . . | *12 | 24 | 33 | 32 | 36 | 36 | 35 | 35 | 37 | 37 | 37 | 37 |

**אויסערדעם 2 שעה כאָר=געזאַנג, אָנהייבנדיק פון 1=טן קלאַס.**

*) אויף די איבעריקע לימודים פּאַראַייניקט מיטן 2=טן צוגרייטונגס=קלאַס.

אויפן קינפטיקן לערניאָר זיינען פּראָויסגעוויזן געוויסע אויסבעסערונגען אין לערנפּלאַן.

אין $19^{22}/_{23}$ האָט די גימנאַזיע געציילט 18 קלאַסן (10 גרונט און 8 פּאַ־ פּאַראַלעלע) מיט 700 קינדער. דער וואוקס פון דער גימנאַזיע אין איר כמות האָט געשאַפן אַזאַ לאַגע, אַז ס'איז שווער געווען צו בילדן אַ געהעריקן פאַר־ וואַלטונגס־אַפּאַראַט פאַר אַזאַ גרויסער אַנשטאַלט. מ'האָט געמוזט נעמען טראַכטן וועגן איר צעטיילונג.

די פראַגע וועגן דער צעטיילונג האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויך דערפאַר, ווייל די דערפאַרונג פון די לעצטע עטלעכע יאָר האָט באַוויזן, אַז אַ גרויסע צאָל קינדער, איבערהויפּט מיידלעך, ווייזט אַרויס מער נייגונג צו הומאַניסטישע למודים — און ס'איז זיי זיך שווער צו צופּאַסן צו אַ מאַטעמאַטישער גימנאַזיע.

אין דער גימנאַזיע (ווייל זי איז געווען די איינציקע אויף יידיש) זיינען אויך געווען קינדער פון פאַרשיידענע שטאָטישע ראַיאָנען — און מ'האָט גע־ מוזט אַ טראַכט טאָן וועגן פאַרלייכטערן די קינדער פון די ווייטיקע ראַיאָנען צו באַזוכן די שול.

די אַלע פּראָבלעמען, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער צעטיילונג, זיינען פיל מאָל און זאַכלעך אַרומגערעדט געוואָרן אויף פאַרשיידענע זיצונגען און באַראַ־ טונגען, — און ענדלעך האָט מען אין סעפּטעמבער 1923 די צעטיילונג דורכגעפירט פּראַקטיש. ס'האָבן זיך אויסגעטיילט פון דער רעאַל־גימנאַזיע 4 קלאַסן, וועלכע האָבן געבילדעט דעם יסוד פון דער II־טער גימנאַזיע ביים צ. ב. ק. — דער הומאַניסטישער.

אין הײנטיקן לערניאָר $19^{23}/_{24}$ באַשטייט די רעאַל־גימנאַזיע פון 10 גרונט־ קלאַסן (2 צוגרייטונגס־ און 8 נאָרמאַלע) און 3 פּאַראַלעלע ס"ה 13 קלאַסן. די גימנאַזיע איז אַ קאָעדוקאַציע־שול, ד. ה. פאַר יינגלעך און מיידלעך צוזאַ־ מען. ביז צום 5 קלאַס איינשליסלעך זיינען די קלאַסן געמישטע, און פון 6־טן גייען פּאַראַלעלע מיידלעך־ און יינגלעך־קלאַסן. איבעראַיאָר וועט שוין אויך דער 6 קלאַס זיין אַ געמישטער.

די שול האָט באַדינט ביז פאַראַיאָרן הויפּטזעכלעך ווילנע. די לעצטע 2 יאָר קומען אָבער צו אַלץ מערער קינדער פון דער פּראָווינץ, איבערהויפּט פון די אַרויסלאָזן פון די יידישע וועלטלעכע שולן. ביים היינטיקן טאָג איז פון פּראָווינץ 13% שילער. די גימנאַזיע אַזוי אַרום ווערט אַ מיטל־שול ניט נאָר פאַר ווילנע, נאָר אויך פאַר דער גאַנצער ווילנער געגנט, און אַפילו פאַר ווייטערדיקע ראַיאָנען. דאָס זעלבע קען מען אויך זאָגן וועגן דער עלטערער שטופע פון דער הומאַניסטישער גימנאַזיע.

דער באַשטאַנד פון די לערער אין לערניאָר $19^{24}/_{25}$ איז פאָלגנדיקער:

לערער — 23, לערערינס — 6; ס"ה — 29.

אייניקע לערער האָבן העכערע בילדונג, אַ טייל האָט געענדיקט דעם לערער־אינסטיטוט, אַ טייל באַזיצט ספּעציעלע קוואַליפיקאַציעס אַלס לערער פון שפּראַכן, מאָלן, געזאַנג, אַ גרופּע לערער באַזוכט דעם פּוילישן אוניווערסיטעט אין ווילנע.

דער שול=לאָקאַל ציילט: קלאַסנצימערן—13, רעקרעאַציע—1, קליידער=צימער—1, לערער=צימער 1, ביבליאָטעק—1, קאַנצעליאַריע—1, דירעקטאָר=קאַבינעט—1, נאַטורוויסנשאַפטלעכער קאַבינעט—1, פיזישער קאַבינעט—1, איינבינדעריי — 1, סטאָלעריי — 1, דאָקטאָר=צימער—1, מכשירים=צימער—1, פאַר די דינער—2; צוזאַמען—27.

דער ביודזשעט איז דעם לעצטן יאָר געדעקט געוואָרן $90^0/_0$ דורכן איינגעצאָלטן שכר=למוד. דער שכר=למוד איז געטיילט אין 3 קאַטעגאָריעס, לויט דער פאַרמעגלעכקייט פון די קינדער.

די דאָזיקע טאַבעלע אילוסטרירט דעם שכר=למוד פון יעדער קאַטעגאָריע אין דעם לערניאָר $19^{24}/_{25}$.

דער שכר=למוד פאַרן לערניאָר $19^{23}/_{24}$ אין גילדנס:

| | אין די צוגרייטונגס=קלאַסן | | | אין די גרונט=קלאַסן | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | I קאַטעגאָריע | II קאַטעגאָריע | III קאַטעגאָריע | I קאַטעגאָריע | II קאַטעגאָריע | III קאַטעגאָריע |
| 1=טער האַלבער לערניאָר | 75 | 60 | 45 | 100 | 75 | 50 |
| 2=טער האַלבער לערניאָר | 120 | 90 | 70 | 160 | 120 | 80 |
| פאַרן גאַנצן לערניאָר | 195 | 150 | 115 | 260 | 195 | 130 |

די צאָל קינדער פון יעדער קאַטעגאָריע וואַקלט זיך אין פאַרלויף פון יאָר, ווייל ס'קומען פאָר ענדערונגען אין מאַטעריאַלן מצב פון די עלטערן.

דעם גאַנצן שכר=למוד צאָלן . . . . $26{,}07^0/_0$ פון די שילער
מיט אַ הנחה פון $25^0/_0$—$50^0/_0$ צאָלן . $60{,}43^0/_0$ " " "
באַפרייט פון שכר=למוד . . . . . . $13{,}5^0/_0$ " " "

ס"ה . $100^0/_0$

דער שכר=למוד ווערט אויך ניט אינגאַנצן אַריינגעטראָגן—און ס'פאַרבלייבן חובות, וועלכע ווערן זייער שווער געדעקט. די דאָזיקע חובות בילדן די $10^0/_0$ דעפיציט.

צוליב דעםווירטשאַפטלעכן קריזיס איז דאָס איינמאָנען דעם שכר=למוד צוגעגאַנגען זייער שווער. מיט דעם קריזיס דערקלערט זיך אויך דאָס פאַלן פון דער צאָל קינדער פון דער I=טער און II=טער קאַטעגאָריע אין II=טן האַלביאָר.

דער חדש'דיקער ביודזשעט פון געהאַלט פאַרן גאַנצן פערסאָנאַל (דירעקטאָר, קאַנצעלאַריע, לערער, דינער) באַטרעפט לפי=ערך 5000 גילדנס, די איבעריקע הוצאות—$15^0/_0$—$20^0/_0$, ד. ה. 1000 זלאָטעס; צוזאַמען 6000 גילדנס מאָנאַטלעך.

אין פעדאַגאָגישן זין טיילט זיך די גימנאַזיע אין 2 שטופעס: אַ ייִנ־גערע—ביזן 4־טן קלאַס (קלאַסן I און II צוגר., I, II, III), און אַ העכערע— פון IV ביזן VIII איינשליסלעך.

די פּראַקטישע פאַרוואַלטונג פון גימנאַזיע האָט זיך געפונען אין די הענט פון דירעקטאָר.

אין זיין רשות איז געווען אַ סעקרעטאַר, וועלכער איז גלייכצייטיק גע־ווען אַדמיניסטראַטאָר און בוכהאַלטער.

זייער וויכטיקע אַדמיניסטראַטיווע און פינאַנציעלע ענינים פלעגן ווערן באַטראַכט אין אַ ספּעציעלער פאַרוואַלטונג, וועלכע איז באַשטאַנען פון די־רעקטאָר, סעקרעטאַר און 2 פאָרשטייער פון צ. ב. ק.

אַלע פּעדאַגאָגישע און פּראָגראַמאַטישע פראַגן ווערן באַטראַכט דורכן גאַנצן פּעד. ראַט. זיצונגען פון ראַט קומען פאָר זייער אָפט, כמעט יעדע וואָך.

דער פאָרזיצער פון ראַט איז דער דירעקטאָר.

אַ וויכטיקן באַשטאַנד־טייל פון שול בילדעט דער עלטערן־קאָמיטעט.

דער עלטערן־קאָמיטעט איז געגרינדעט געוואָרן אין 1919. זיין ציל איז צו העלפן דער פאַרוואַלטונג און באַפרידיקן די פאַרשיידענע נויטן פון דער שול.

דער עלטערן־קאָמיטעט האָט זייער פיל מיטגעווירקט צו שאַפן דעם שול־אינווענטאַר. די שילער־ביבליאָטעק—דאָס איז אויך זיין אויפטו. אין 1920 האָט ער געגרינדעט אַ זומער־קאָלאָניע פאַר די שוואַכע קינדער.

דער עלטערן־קאָמיטעט העלפט ביים פאַרטיילן די שילער אויף די קאַ־טעגאָריעס בנוגע שכר־למוד, און באַמיט זיך אין אַ גרויסער מאָס צו דעקן דעם דעפיציט פון גימנאַזיע.

2 פאָרשטייער פון עלטערן־קאָמיטעט נעמען אַן אָנטייל מיט באַשטימונגס־רעכט אין די זיצונגען פון פּעד. ראַט, און פאַרקערט—2 פאָרשטייער פון פּעד. ראַט זיינען פאַרטראָטן אויף די זיצונגען פון עלטערן־קאָמיטעט.

דער עלטערן־קאָמיטעט שטייט אַזוי אַרום אין אַן ענגען קאָנטאַקט מיט דער גאַנצער פּעד. אַרבעט אין שול.

זיינע הוצאות דעקט דער עלטערן־קאָמיטעט דורך אַ ספּעציעלער באַשטיי־ערונג פון אַלע עלטערן און דורך פאַרשיידענע אונטערנעמונגען. אויף די מיטלען פון עלטערן־קאָמיטעט ווערט אויך אויסגעהאַלטן דער שילער־קלוב.

דער קלוב ווערט אָנגעפירט דורך אַ פאַרוואַלטונג פון די שילער זעלבסט, געוויילט געוואָרן אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג. אין פאַרוואַלטונג זיינען פאַרטראָטן פאָרשטייער פון די עלטערן. בראש פון קלוב, אַלס פאַרוואַלטער, שטייט אַ לערער, געוויילט דורכן פּעד. ראַט.

דער קלוב שפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין לעבן פון שול.

ער איז איינגעטיילט אין פאַרשיידענע סעקציעס: מוזיקאַלישע, דראַמאַ־טישע, ליטעראַרישע, פאַרמאָגט אַ סטאָלערייַ־וואַרשטאַט, אַן איינבינדערייַ און שטריקערייַ. דער קלוב אָרדנט איין זייער אָפט פאָרשטעלונגען, פאָרוויילונגען, פאָרלעזונגען, מאַכט עקסקורסיעס וכדומה. זיין באַדייטונג ליגט אין דעם, וואָס

ער געווינט צו די תּלמידים—ות צו זעלבסטשטענדיקייט, לערנט זיי געוויסע האַנט־אַרבעט און ווירקט מיט דער אויסבילדונג פון דיסציפּלינירטקייט און פליכט־געפיל ביי די קינדער.

דער קלוב גיט אַרויס אַ שטענדיקן קינדער־זשורנאַל.

די יידישע רעאַל־גימנאַזיע ליידט פון רעכטלאָזיקייט, ווי דער גאַנצער שולוועזן. פאַר דער גימנאַזיע, אַלס מיטלשול, איז די פראַגע פון מלוכה־אָנער־קענונג אַ זאַך פון דער דרינגענדסטער נויטווענדיקייט. די אַביטוריענטן פאַרענדיקן ניט זייער בילדונג אין דער גימנאַזיע, און שטרעבן פאָרצוזעצן זי אין אַ הויך־שול.

די מלוכה אָנערקענט אָבער ניט די אַטעסטאַטן פון דער גימנאַזיע. נאָך כּ־מער, די מלוכה ערלויבט נאָר אַרויסצוגעבן „צייגנישן" מיט אַ באַשטימטן נוסח: דאָס וואָרט „אַטעסטאַט" איז בכלל אויסגעשלאָסן. אַזוי אַרום ווערט אַפילו שווער אָנצוקומען אין די אויסלענדישע אוניווערסיטעטן, שוין ניט ריידנדיק וועגן די אינלענדישע.

ביים אַרויספאָרן אין אויסלאַנד גופא ווערן אויך געמאַכט פאַרשיידענע שוועריקייטן.

די פראַגע וועגן רעכט פאַר דער גימנאַזיע ווערט וואָס ווייטער אַלץ ברענענדיקער און שאַרפער.

ווי געזאָגט, האָט די גימנאַזיע דאָס יאָר שוין דעם 2־טן אַרויסלאָז. פאַ־ראַיאָרן האָבן געענדיקט 55 אַביטוריענטן (זייערע נעמען זע אין „שול און לעבן" № 7 (23)). היינטיקן יאָר 1924/25 האָבן געענדיקט 24 תּלמידים און 24 תּלמידות: אָט איז זייער רשימה:

1) אַבעל פייגע.
2) בלאָך רחל.
3) גאָלדבערג עטל.
4) גורוויטש סלאַווע.
5) דוגאָווסאָן צירל.
6) וויינשטיין צירל.
7) זאַלמאַנסאָן לאה.
8) חפץ גיטע.
9) טאַלייקינסקי פּעסע.
10) טייגיאַנאָוו פריידע.
11) יונגערמאַן ליבע.
12) כּץ מרים.
13) כּץ רייזע.
14) לונסקי חנה.
15) מאַרקעלס נחמה.
16) סאַלאַמאָן מלכּה.
17) סאַוויטש פריידע.
18) סילין רחל.
19) סימערניצקי חיה.
20) עפּשטיין לאה.
21) עפּשטיין ריינע.
22) קורניק חנה.
23) קריוויצקי אסתּר.
24) שטופּלער מינע.
25) אַנילאָוויטש יהודה.
26) אָט מרדכי.
27) באָסטאַצקי הירש.
28) באַראַן יוסף.
29) בערגער הירש.
30) בערגער צדוק.
31) בערקמאַן יונה.
32) וואַפּנער מרדכי.
33) זאַלמאַנאָוויטש הלל.
34) יאַשונסקי יעקב.
35) לאַפּידוס יוסף.
36) ליכטמאַכער הירש.

37) סאַלאַמאָן ברוך.
38) סאַדאָווסקי וואָלף.
39) סטראַוש משה.
40) סעגאַל ישראל.
41) פלודערמאַכער ברוך.
42) ציפּקין יעקב.
43) קלויזנער ישראל.
44) קראַוועץ זלמן.
45) קראָכמאַלניק אהרן.
46) ראַגאַזיניצקי אברהם.
47) רייכעל ישעיהו.
48) שאַפּיראָ צמח.

די גימנאַזיע איז אַרומגערינגלט מיט טיפער ליבע און אָנערקענונג מצד דער יידישער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט און מצד דער אַרבעטערשאַפט פון ווילנע.

מיט אַ געוויסער שטאָלצקייט ווייזט מען אָן אין ווילנע אויף דער אַנ־שטאַלט, וועלכע איז איינע פון די וויכטיקסטע פּאָזיציעס אין אונזער קאַמף פאַר אַ נייער וועלטלעכער מאַסן־קולטור. אויף די פּעדאַגאָגישע און דערציע־רישע מעלות פון דער שול האָבן אַרויסגערופן אָנערקענונג ניט נאָר ביי פריינד, נאָר אויך אַפילו ביי די קעגנער.

די ווילנער, וואַרשעווער און אַמעריקאַנער יידישע פּרעסע האָט געוויד־מעט וואַרימע אַרטיקלען דער גימנאַזיע.

אויך אַ סך געזעלשאַפטלעכע טוער און שריפטשטעלער (מעדעם, נאָמבערג, צביון, פּרילוצקי, הירשהאָרן, ב. צוקערמאַן און אַנדערע) האָבן באַזוכנדיק די גימנאַזיע, אויסגעדריקט זייער באַגייסטערונג. זייערע נאָטיצן אין באַזוכער־בוך און די פּאַרעפנטלעכטע נאָכדעם אין דער פּרעסע אַרטיקלען זיינען פול מיט התלהבות פאַר דער גימנאַזיע. אין דער דאָזיקער וואַרימער אַטמאָספער שעפּן די בויער פון דער גימנאַזיע — די לערער, עלטערן און צ. ב. ק. — די גרויסע מאָראַלישע שטיצע, וועלכע איז נייטיק אין זייער וויכטיקע אַרבעט — צו פאַר־פולקומען און דערפירן די גימנאַזיע ביז איר אָנערקענונג דורך דער מלוכה.

י. אַרסקי.

---

# די 8־קל. הומאַניסטישע גימנאַזיע.

די גרינדונג פון דער הומאַניסטישער גימנאַזיע שטעלט פאָר אַ וויכטיקע שטופע אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער מיטל־שול.

די רעאַל־גימנאַזיע האָט דורך איר 6־יאָריקער אַרבעט מעגלעך געמאַכט — געזעלשאַפטלעך און קדם־כל פּעדאַגאָגיש — אַ מיטל־שול אויף יידיש; זי האָט אין דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט אויסגעאַרבעט די שפּראַך פון די לימודים, די נייטיקע טערמינאָלאָגיע, זי האָט אַזוי צו זאָגן עקספּערימענטאַל דערוויזן דאָס, וואָס ס'איז אייגנטלעך קלאָר געווען a priori — אַז מ'קען געבן מיטלע ביל־דונג אויף יידיש און שאַפן אַ יידישע גימנאַזיע, וועלכע איז גלייכווערטיק מיט די גימנאַזיעס פון די אומות העולם; זי האָט אויפגעזאַמלט הונדערטער יידישע קינדער פון פאַרשיידענע שיכטן און האָט באַקומען אַן ענגען קאָנטאַקט מיט גרויסע געזעלשאַפטלעכע קרייזן.

נאָר ס׳איז אוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר, און ס׳איז קלאָר געוואָרן, אַז די רעאַל־גימנאַזיע אַליין קען ניט באַפרידיקן. קדם־כל איז די פּראָגראַם פון דער רעאַל־גימנאַזיע, וועלכע האָט זיך מיט יעדן יאָר אַלץ בולטער קריסטאַליזירט אין אַ מאַטעמאַטיש־נאַטורוויסנשאַפטלעכער אַנשטאַלט, געווען ניט צוגעפּאַסט צו די פעאיקייטן פון אַ גרויסן טייל קינדער; צווייטנס, האָט זיך די לעצטע יאָרן גענומען פילן אין די ברייטע יידישע קרייזן אַ שטרעבונג צו שאַפן אַ סינטעזע צווישן די וועלטלעך־מאָדערנע, אַלגעמיין־אייראָפּעאישע עלעמענטן פון אונזער שול־פּראָגראַם און די אַלטע נאַציאָנאַלע קולטור־אוצרות, וועלכע מיר פאַרמאָגן.

די רעאַל־גימנאַזיע האָט די דאָזיקע שטרעבונגען, נאַטירלעך, ניט געקאָנט באַפרידיקן, ווייל זי האָט פאַר זיך אינגאַנצן אַנדערע אויפגאַבן. אַלס אַ מאַטע־מאַטיש־נאַטורוויסנשאַפטלעכע גימנאַזיע קען זי אָפּגעבן פאַר יודאַאיק אַ פאַר־העלטנישמעסיק באַשיידענעם פּלאַץ, און אין תּוך גענומען קאָן אייגנטלעך יודאַ־איק ניט זיין קיין אָרגאַנישער טייל פון איר פּראָגראַם; חוץ דעם קאָן די רעאַל־גימנאַזיע קיין שום אָרט ניט אָפּגעבן די קלאַסישע שפּראַכן און דער קלאַסי־שער קולטור, אָן וועלכע דער לימוד פון יודאַאיק וואָלט פאַרנומען אַ פול־שטענדיק איזאָלירטע לאַגע. אַזוי אַרום איז קלאָר געוואָרן די נייטיקייט צו שאַפן אַ נייע הומאַניסטישע אַנשטאַלט.

אַ צופעליקער מאָמענט האָט צוגעאיילט די פאַרווירקלעכונג פון דעם דאָ־זיקן פּלאַן; היות ווי די רעאַל־גימנאַזיע איז זיך זייער פאַנאַנדערגעוואַקסן, און פון דער צווייטער זייט איז געווען נייטיק צו עפענען אַ יידישע גימנאַזיע אין אַן אַנדער ראַיאָן פון שטאָט, האָט דער צ. ב. ק. נאָך אין 1921 יאָר באַשלאָסן צו פאַרטיילן די רעאַל־גימנאַזיע אין צוויי גימנאַזיעס. אין 1923 יאָר איז מיט דער דאָזיקער פאַרטיילונג, וועלכע האָט לכתּחילה געזאָלט זיין אַ ריין מעכאַנישע, פאַרבונדן געוואָרן אַ פּראָיעקט צו עפענען אַ נייע הומאַניסטישע גימנאַזיע.

אין פּעד. ראַט פון רעאַל־גימנאַזיע איז די פראַגע וועגן אַ נייער אָפּטיי־לונג צום ערשטן מאָל אויפגעהויבן געוואָרן אין אָנהייב פון פאָריקן 1922—1923 לערן־יאָר. זומער 1923 איז די דאָזיקע פראַגע באַטראַכט געוואָרן אויף אַ ריי פאַר־ברייטערטע זיצונגען פון צ. ב. ק. מיטן אָנטייל פון פּעדאַגאָגן און געזעלשאַפט־לעכע טוער. אַלס רעזולטאַט פון די דאָזיקע באַראַטונגען איז אָנגענומען געוואָרן דער ענדגילטיקער באַשלוס צו שאַפן אַ נייע הומאַניסטישע גימנאַזיע מיט 2 פּאַראַ־לעלע אָפּטיילונגען: איןביידע אָפּטיילונגען דאַרף זיין אַ ברייטע פּראָגראַם פון יודאַאיק; חוץ דעם דאַרף איין אָפּטיילונג האָבן לאַטיין און איין נייע אייראָפּעַ־אישע שפּראַך און די צווייטע—2 נייע אייראָפּעאישע שפּראַכן (אָן לאַטיין). מיט דעם דאָזיקן באַשלוס איז דער צ. ב. ק. אַנטקעגנגעקומען אַ קולטורעלער באַ־דערפעניש, וועלכע איז שוין רייף געוואָרן, און האָט געשאַפן די נויטיקע ראַמען פאַר אַ מיטלשול, וואָס האָט דאָס ציל צו פאַרבינדן אין איר פּראָגראַם די עלע־מענטן פון מאָדערנער בילדונג און דערציאונג מיט די גייסטיקע שאַפונגען פון יודאַאיק.

עס האָט געזאָלט געשאַפן ווערן ניט אַ נייע גימנאַזיע אויף יידיש און אַפילו ניט קיין נייע יידישע גימנאַזיע אין פּראַקטיש־עמאַנציפּאַנטן זין פון

וואָרט. נאָר אַ גימנאַזיע מיט אַן אָריגינעלער און פּעדאַגאָגיש=פּוליוואַרטיקער יידישער הומאַניסטישער באַזע. פון דעם, צי די דאָזיקע אויפגאַבע וועט באַפרידיקט געלייזט ווערן, איז אייגנטלעך אָפּהענגיק דער גורל פון דער יידישער מיטלשול, אַלס אַנשטאַלט פאַר אַלגעמיינער בילדונג. די באַראַטונגען אין ר—ג. און אין צ. ב. ק. האָבן אָנגעצייכנט נאָר די אַלגעמיינע ריכטונג, די אידעאָלאָגיע פון דער נייער אַנשטאַלט; די פּראָגראַם איז אָבער ניט קאָנקרעטיזירט געוואָרן; די זאַך האָט געדאַרפט אויפגעקלערט ווערן אין גאַנג פון דער אַרבעט. צייט דערצו איז געווען גענוג, ווייל דעם ערשטן יאָר איז באַשלאָסן געוואָרן צו עפענען נאָר 4 קלאַסן (II, III, IV און V), פון וועלכע דער II און III געהערן צו דער אונטערשטער שטופע (Gimnazjum niższe), אַזוי אַז נאָר די עלטערע 2 קלאַסן האָבן געזאָלט זיין הומאַניסטישע; דערביי זיינען הייער אַלע קינדער פאַר אַלע 4 קלאַסן גענומען געוואָרן פון דער ר—ג., ד. ה. אַז אויך דער V קלאַס מאַכט הייער פּאַקטיש דורך דאָס ערשטע לערניאָר לויט דער הומאַניסטישער פּראָגראַם. דעריבער איז פאַרשטענדלעך, אַז אין דער פּראָגראַם פון IV און V קלאַס, וועלכע זיינען געקומען פון דער ר—ג. מיט אַ באַשטימטער צוגרייטונג אין די הומאַניסטישע לימודים, האָבן אין משך פון הייגטיקן לערניאָר גיט געקאָנט אַריינגעטראָגן ווערן קיין וויכטיקע און קאַרדינאַלע שנויים; ס'איז פאָרלויפיק נאָר פאַרקלענערט געוואָרן די צאָל לעקציעס פון די מאַטעמאַטיש=נאַטורוויסנשאַפטלעכע לימודים, און ס'איז צוגעגעבן געוואָרן אַ נייער לימוד—לאַטייניש.

די גימנאַזיע דאַרף זיך אַנטוויקלען אין איר גאַנצן פאַרנעם אין משך פון די ווייטערדיקע 3 יאָר. נאָר שוין דאָס ערשטע יאָר אַרבעט האָט געבראַכט צו אַ באַשטימטער קלאָרקייט אין דער פּראָבלעם פון אַן אָריגינעלער יידיש=הומאַניסטישער גימנאַזיע; עס זיינען קאָנקרעט פאָרמולירט געוואָרן די באַזונדערע פראַגן, אויף וועלכע די דאָזיקע אַלגעמיינע, קולטור=פּעדאַגאָגישע פּראָבלעם צעפאַלט זיך. לעצטנס איז דורך מיר אַריינגעטראָגן געוואָרן און עס ווערט באַהאַנדלט אין צ. ב. ק. אַ פּראָיעקט פון אַ נאָרמאַלער פּראָגראַם מיט אַ נאָרמאַלן שטענדיקן לערנפּלאַן פאַר אַן 8=קל. הומאַניסטישער גימנאַזיע; דער פּראָיעקט פּרובט געבן אַ באַשטימטע תשובה אויף די וויכטיקסטע פון די דערמאָנטע קאָנקרעטע פראַגן (זע די מאַטעריאַלן). דער דאָזיקער פּראָיעקט ווערט איצט גענוי באַהאַנדלט אין אַן ענגער קאָמיסיע. חוץ דעם איז אויסגעטיילט געוואָרן נאָך אַ קאָמיסיע, וועלכע דאַרף אויסאַרבעטן אַ גענויע פּראָגראַם פון יודאַאיק, לויט באַזונדערע קלאַסן און געביטן. צום נייעם לערניאָר, דאַרף מען האָפן, וועט די גימנאַזיע צוטרעטן מיט אַ קלאָרער פּראָגראַם. די איבערגאַנגסצייט פאַר אייניקע קלאַסן וועט נאָך מוזן דויערן, אָבער די אַרבעט וועט שוין קענען מיט אַ זיכערער פּערספּעקטיוו גיין פאָראויס.

איצט וויל איך געבן אַ קורצן איבערבליק איבער דער אַנטוויקלונג פון דער גימנאַזיע אין משך פון פאַרגאַנגענעם יאָר. דער II, III און IV קלאַס האָבן זיך געעפנט דעם 16 סעפּטעמבער 1923. דער V קלאַס—דעם 5 אָקטאָבער 1923. סך הכל זיינען אַריבערגעפירט געוואָרן פון דער ר.=ג. אין די דאָזיקע 4 קלאַסן 140 קינדער. הגם אין משך פון יאָר איז אַ געוויסע צאָל קינ=

דער אַרויסגעטראָטן צוליב פֿאַרשיידענע סבות (עמיגראַציע, קראַנקייט, שלעכטע פּעולות—און אין אַ קליינעם טייל—שכר־למוד), פונדעסטוועגן האָט זיך די צאָל קינדער כמעט ניט געענדערט אַדאַנק דעם צופֿלוס פון נייע שילער; דער דאָזיקער צופֿלוס איז באַזונדערס דערפֿרייענד, ווען מ׳זאָל נעמען אין אַכט, אַז די גימנאַזיע האָט זיך געעפֿנט שוין נאָך דער צייט פון דעם אַלגעמיינעם אויפֿנאַם אין די שולן. די באַדינגונגען, אין וועלכע די הומאַניסטישע גימנאַזיע האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן, זיינען געוועזן שלעכטע: דער לאָקאַל איז ניט גע־ווען רעמאָנטירט און האָט ניט געהאַט די געהעריקע סאַניטאַר־היגיענישע איינריכטונגען, די גימנאַזיע האָט ניט געהאַט קיין לערנמכשירים, קיין איינציקן לייענביכל פאַר די קינדער. די לערער־כחות זיינען פֿאַרטיילט געוואָרן צווישן דער ר.־ג. און דער הומאַניסטישער גימנאַזיע נאָך אין אָנהייב לערניאָר און, אויף וויפֿל ס׳איז געווען מעגלעך, צוועקמעסיק, גאָר אַזוי ווי דער V קלאַס איז אָפּגעטיילט געוואָרן שפּעטער, ווי די איבעריקע, האָט דאָס אַרויסגערופֿן אין אָנפאַנג אָקטאָבער אַ נייע איבערגרופּירונג פון די לערער. סוף־כל־סוף האָט זיך געשאַפֿן אַזאַ לאַגע, אַז די אַרבעט איז זייער צעבראָקלט געוואָרן (אויף 4 קלאַסן 16 לערער). זייער אַ לאַנגע צייט איז ניט געווען, צוליב אומפֿאַרמייד־לעכע סבות, קיין פֿעסטער שעהנפּלאַן. ווען ס׳איז סוף־כל־סוף מעגלעך געוואָרן צו מאַכן אַ שעהנפּלאַן, האָט ער שוין געמוזט צונויפֿגעשטעלט ווערן ריין־מעכאַ־ניש, קיינע פּעדאַגאָגישע מאָמענטן האָבן שוין ניט געקאָנט גענומען ווערן אין אַכט. צווישן די קינדער, וועלכע זיינען מיט אַמאָל אָפּגעריסן געוואָרן פון דער ר.־ג., פון דער סביבה, האָט געהערשט ניט גאָר קיין פֿריילעכע שטימונג. נאָר מיט גרויס מי, אַ דאַנק דער אינטימער וואַרימער שטימונג, וועלכע ס׳האָט זיך איינגעגעבן צו שאַפֿן אין דער גימנאַזיע, איז געלונגען צוביינדן די קינדער צו זייער נייער היים און שאַפֿן בהדרגה דעם נויטיקן שולפּאַטריאָטיזם, אָן וועלכן קיין אַנשטאַלט קען ניט עקסיסטירן. ביי היינטיקן טאָג זיינען די קינדער פֿעסט איינגעוואָרצלט געוואָרן אויפֿן נייעם אָרט, און מיר האָבן שוין דעם באָדן, אויף וועלכן מ׳קען ווייטער בויען דעם בנין פון דער גימנאַזיע.

פון נאָוועמבער ביז די למודים נאָרמאַל; די אָנגעמערקטע פּראָגראַמען ווערן דורכגעפֿירט. ווען מ׳זאָל נעמען אין אַכט, אַז כמעט אַלע לערער פון דער הומאַניסטישער גימנאַזיע אַרבעטן אין 2 — 3 שולן און זיינען געצוואונ־גען צו אַנטזאָגן זיך אפֿילו פון דעם נויטיקסטן אָפּרו אויף די הפסקות, און אַז ניט קוקנדיק אויף דעם, איז דער % פון פאַרשפּעטיקונגען און דורכגעלאָזענע לעקציעס געווען אין משך פון אַ גאַנצן יאָר אַ מינימאַלער, וועט מען מוזן אָנערקענען די גרויסע אָנשטרענגונג, וועלכע די לערער האָבן זייער געמאַכט, און די גרויסע געוויסנהאַפֿטיקייט, מיט וועלכער זיי האָבן אויסגעפֿירט זייערע פליכטן. די אַרבעט ווערט געפֿירט מער אָדער ווייניקער לויט דער אַלגעמיינער מיטל־שול־פּראָגראַם (שפּראַכן און ליטעראַטור, מאַטעמאַטיק, נאַטורוויסנשאַפֿט, געאָגראַפֿיע—אַלגעמיינע און פון פּוילן, אַלגעמיינע, יידישע און פּוילישע גע־שיכטע, מאָלן, געזאַנג, גימנאַסטיק); וואָס אָנבאַלאַנגט דעם נייעם ביי אונז למוד — לאַטייניש, לאָזט זיך פֿאָרלויפֿיק קאָנסטאַטירן אַ באַדייטנדיקן אינטע־

רעס צום דאַזיקן לימוד, אַרום וועלכן ס'קאָן געפירט ווערן ביי אונזערע פּראָ-גראַם-באַדינגונגען (יידיש, דייטש, פּויליש!) אַ געוויסע אַלגעמיין-שפּראַכלעכע קאָנצענטרירנדיקע אַרבעט. די צאָל שעהן פון מאַטעמאַטיק איז פאַרקלענערט געוואָרן זייער ווייניק (מיט 1 שעה אַ וואָך), אַזוי אַז דער טעמפּ פון דער אַרבעט אויף דעם געגנשטאַנד האָט זיך ווייניק געענדערט. ס'זיינען צוגעגעבן געוואָרן אין די עלטערע קלאַסן שעהן פון פּויליש. דער פאַרשטייער פון קוראַ-טאָריום, וועלכער האָט וויזיטירט די גימנאַזיע, האָט קאָנסטאַטירט אַן ערנסטע און ענערגישע אַרבעט, אונטערשטרייכנדיק באַזונדערס די פּעולות אין פּויליש און פּוילישער געשיכטע.

אין משך פון יאָר האָט זיך די גימנאַזיע איינגעשאַפט דעם נויטיקסטן מינימום מכשירים אויף געאָמעטריע, געאָגראַפיע און נאַטורוויסנשאַפט. ס'איז אויך געלייגט געוואָרן אַ התחלה פון אַ ביבליאָטעק, און איצט, נאָך דער לעצטער אונטערנעמונג (דעם 10 מאַי), וועלכע איז איינגעאָרדנט געוואָרן לטובת דער ביבליאָטעק, טרעטן מיר צו צו אָרגאַניזירן אַ גרעסערע ביבליאָטעק פון פאַר-שיידענע ביכער פאַר די קינדער.

דער פּעד. ראַט האָט געטאָן הויפּטזעכלעך פּעדאַגאָגישע אַרבעט. די וויכ-טיקסטע פראַגן, וועלכע זיינען באַהאַנדלט געוואָרן אויף די זיצונגען פון פּעד. ראַט, זיינען געווען פאָלגענדיקע: 1) דער לערנפּלאַן אויפן לויפנדיקן לערניאָר; 2) קלאַסן-דערציערישע אַרבעט בכלל און 3) קלאַסן-דערציערישע אַרבעט אין III קלאַס, וועלכער דאַרף צום סוף יאָר פאַרטיילט ווערן לויט די פעאיקייטן פון די קינדער צווישן ביידע גימנאַזיעס; 4) אינסטרוקציעס פאַר די פּראָגראַם-קאָ-קאָמיסיעס פון באַזונדערע געגנשטאַנדן; 5) קעגנזייטיקע וויזיטאַציע פון לעקציעס; 6) די אָרגאַניזירונג פון דער ביבליאָטעק; 7) רעפּעטיטאָריום אויף פאַרשיידענע געגנשטאַנדן פאַר די עלטערע קלאַסן; 8) וועגן איינפירן אַ צווייטע אייראָפּע-אישע שפּראַך; 9) ענדערונגען אין יערלעכן לערנפּלאַן; 10) דער געזונט-צושטאַנד פון די קינדער; 11) וועגן דעם צוגרייטונגס-קלאַס (קינדערגאָרטן) ביי דער גימ-נאַזיע, 12) דער אַלגעמיינער בוי פון דער פּראָגראַם פאַר אַן 8-קל. הומאַניסטי-שער גימנאַזיע א. אנד.

אויפן געביט פון אויסערשול-אַרבעט קען מען פאַרצייכענען פאַר היינטיקן יאָר: 1) דעם נאַטורוויסנשאַפטלעכן קרייזל אין די עלטערע קלאַסן (פּראַקט. אַרבעט אויף זאָאָלאָגיע, לעקציעס פון לערער, לעקציעס פון שילער—קאָמפּילאַ-ציעס לויט רעקאָמענדירטן מאַטעריאַל, לעקציעס פון שול-ד״ר וועגן פראַגן פון היגיענע); 2) אייניקע פּאָפּולערע לעקציעס וועגן דער אַנטיקער (גריכישער) קול-טור; 3) אייניקע מוזיקאַלישע פאָרטראָגן פון פּראָפ. גאַלקאָווסקי; 4) אָרגאַניזי-רונג פון דעם שטוביקן לייענען לויט אַ קאָלעקטיוון אַבאָנעמענט. ס'האָבן אוי-סערדעם געאַרבעט: 1) אַ שילער-קאָאָפּעראַטיוו; 2) אַ פאַרוויילונגס-קאָמיסיע און 3) אַ סאַניטאַר-היגיענישע קאָמיסיע. די לעצטע איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך אונזער שול-ד״ר ה' ק. שאַפּיראָ, וועלכער האָט אין די ראַמען פון אונזערע מעג-לעכקייטן, געפירט דאָס גאַנצע יאָר אַ גרויסע און אויסגעצייכנטע אַרבעט. די סאַניטאַר-קאָמיסיע פון די שילער באַשטייט פון 2 פאַרשטייער פון יעדן קלאַס.

די קאָמיסיע גיט השגחה אויף דער ריינלעכקייט פון די קלאַסן און פון גאַנצן לאָקאַל, זי לופטערט אויס די צימערן; די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע גיבן די „ערשטע הילף" אין לייכטע און נייטיקע פאַלן לויט אַן אַלגעמיינער אינסטרוקציע פון דאָקטאָר. די עלטערע קינדער—די אָנפירער פון דער קאָמיסיע—פאַרוואַלטן מיט דער שול-אַפטייק, פירן די קראַנקע קינדער אין „אָזע" א. א. וו. אַלע קינדער זיינען אין משך פון יאָר גרינדלעך אונטערזוכט געוואָרן דורכן ד"ר (דרך אַגב, די דאָזיקע אונטערזוכנג האָט פעסטגעשטעלט אַן אויסערגעוויינלעך טרויעריקן בילד פון דעם אַלגעמיינעם געזונט-צושטאַנד פון אונזערע קינדער). אין אַ סך פאַלן זיינען געפירט געוואָרן שמועסן מיט באַזונדערע עלטערן וועגן דער געזונט פון זייערע קינדער. דער דאָקטאָר פלעגט אויפנעמען די עלטערן אויך ביי זיך אינדערהיים (זעלבסטפאַרשטענדלעך, אומזיסט). דעם פעד. ראַט איז אָפגעגעבן געוואָרן אַ גענויער באַריכט וועגן דעם געזונט-צושטאַנד פון די קינדער; אין די קלאַסן-זשורנאַלן איז איינגעפירט געוואָרן אַ באַזונדערע ליסטע מיט גענויע נאָטיצן וועגן געזונט-צושטאַנד פון יעדן קינד, כדי די לערער זאָלן זיך קענען מיט זיי רעכענען אין זייער טאָג-טעגלעכער אַרבעט.

די דיסציפּלין איז אין אַלגעמיין געשטאַנען אויף דער געהעריקער הייך: די פאַרשפּעטיקונגען פון די קינדער זיינען דערפירט געוואָרן ביז אַ מינימום. דער אַלגעמיינער קאָנטאַקט מיט די עלטערן איז אין משך פון יאָר געווען אַ גאַנץ לעבהאַפטער. אַ גרויסע און פרוכטבאַרע טעטיקייט האָט אַנטוויקלט אין משך פון יאָר דער עלטערן-קאָמיטעט אונטערן פאָרזיץ פון א. קאָטיק און (נאָך זיין אָפּפאָרן קיין אַמעריקע) פון ג. וויגושין. דער עלטערן-קאָמיטעט האָט געשאַפן באַדייטנדיקע מיטלען, וועלכע זיינען פאַרנוצט געוואָרן לטובת דער שול. הויפּטזעכלעך האָט זיך די אַרבעט פון עלטערן-קאָמיטעט קאָנצענטרירט אויף פאָלגנדיקע געביטן: 1) די סאַניטאַר-היגיעניש זייט פון דער שול ווי אויך די דערנערונג פון די קינדער; 2) באַהאַנדלונג פון ביודזשעט, איינשטעלן קאַטעגאָריעס, הנחות א. א. וו. (דער ע—ק. האָט געהאַט אין זיין רשות אַ שטענדיקע ביוראָ מיט אַ געצאָלטן סעקרעטאַר). 3) אָרגאַניזירונג פון אונטערנעמונגען לטובת דער גימנאַזיע. 4) אַלגעמיינע עלטערן-פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע דער קאָמיטעט האָט געפירט אַן אויפקלערונגס-אַרבעט, ספּעציעל אין דער פראַגע פון ביודזשעט און שכר-לימוד. דער עלטערן-קאָמיטעט האָט אויך אַרויסגעוויזן אַ באַדייטנדיקן אינטערעס צו דער פּעדאַגאָגישער זייט פון דער שול; זיינע פאָרשטייער אין פּעדאַגאָגישן ראַט (ח"ח זשעלעזניאַקאָוו, ראָזענשיין און ברעסטאָוויצקי) האָבן גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער אַרבעט פון ראַט.

עס זיינען געלייענט געוואָרן פאַר די עלטערן אַ פּאָר לעקציעס וועגן אַלגעמיין-פּעדאַגאָגישע און דידאַקטישע פראַגן, די לעקציעס זיינען דורכגעגאַנגען מיט ערפאָלג. אויף די מיטלען פון ע—ק. איז גרינדלעך רעמאָנטירט געוואָרן דער זאַל פון גימנאַזיע און אויסגעבויט געוואָרן אַ שיינע סצענע. פון די וויכטיקסטע אונטערנעמונגען פון ע—ק. (צוזאַמען מיט דער פאַרוואַלטונג פון דער גימנאַזיע) דאַרף מען פאַרצייכענען דעם חנוכת הבית פון דער גימנאַזיע, וועלכער איז דורך מיט גרויס ערפאָלג, און די אונטערנעמונג לטובת דער ביבליאָטעק.



הומאַניסטישע גימנאַזיע אין 1924 יאָר.

די וויכטיקסטע פּראַקטישע אויפגאַבע, וועלכע שטייט איצט פאַר דער גימנאַזיע, דאָס איז קדם-כּל די אויסשטאַטונג פון אַנשטאַלט. די גימנאַזיע מוז זיך איינשאַפן אַ פיזישן קאַבינעט, וועלכער וועט גייטיק פון קומענדיקן יאָר; מ׳מוז גרינדלעך רעמאָנטירן דעם לאָקאַל א. א. וו. דאָס אַלץ וועט פאָדערן גרויסע סומען.

צום סוף אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם מאָנטעסאָרי-קלאַס ביי דער גימנאַזיע, וועלכער ווערט געפירט דורך א. וויגאָדסקאַ. דער נאָמען פון ח׳ וויגאָדסקאַ, איר אויסגעצייכנטע אַרבעט, ווי אויך די באַזונדער גינסטיקע אויסערלעכע באַדינגונגען, אין וועלכע דער מאָנטעסאָרי-קלאַס איז אַוועקגעשטעלט, האָבן געבראַכט גרויס ערפאָלג. ער ציילט היינט איבער 20 קינדער, גרעסטנטייל פון די קרייזן פון העכערן מיטלשטאַנד און פון דער אינטעליגענץ. דער מאָנטעסאָרי-קלאַס ציט צו בהדרגה צו אונזער שול די שיכטן, וועלכע שטייען נאָך פאַקטיש ווייט פון אונזער שול-וועזן, נאָר וועלכע האָבן פאַר אונזער שול געוויסע סימפּאַטיעס. די באַדייטונג פון אַזאַ „באַזע-פאַרברייטערונג“ איז זעלבסטפאַרשטענדלעך. דער מאָנטעסאָרי-קלאַס איז אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל פון דער גימנאַזיע, צו וועלכער ער גרייט צו.

איך וויל פאַרענדיקן מיין באַריכט וועגן דער הומאַניסטישער גימנאַזיע מיט דעם אויסרוף: „Nullus sit modus in cura animi judaici renovandi!“ וויל מיט קליינע אָנשטרענגונגען וועלן מיר גאָרניט אויפטאָן. ס׳איז נייטיק די גייסטיקע און מאַטעריעלע אונטערשטיצונג פון אַלעמען, כּדי אויסצובויען די דאָזיקע נייע פעסטונג פון יידישער קולטור און פון מאָדערן-יידישן זעלבסטבאַוואוסטזיין.

ל. לאַזאָווסקי.

---

## מאָנטעסאָרי—קלאַס ביי דער הומאַניסטישער גימנאַזיע.

אין האַרבסט 1923 י. האָט איך מיר געווענדעט צום צ. ב. ק. מיט אַ פאָרשלאָג — אָרגאַניזירן ביי איינער פון זיינע מיטלשולן אַ צוגרייטונגס-קלאַס פאַר קינדער פון 5—6 יאָר, כּדי די דאָזיקע קינדער, פאַרנעמענדיק זיך דאָרטן מיט לערנען לייענען-שרייבן, חשבון, זאָלן זיך אין משך פון 2—3 יאָר צוגרייטן ניט נאָר לויט דער פּראָגראַם, נאָר אויך אין פּרט פון קענען אינטענסיוו אַרבעטן, אין פּרט פון דערציאונג און זעלבסטדיסציפּלין, צום 1-טן קלאַס גימנאַזיע. אַזאַ קלאַס האָב איך טאַקע אָרגאַניזירט ביי דער הומאַניסטישער גימנאַזיע.

דער קלאַס האָט זיך געעפנט דעם 16-טן אָקטאָבער 1923 אין 2 זייער גוט רעמאָנטירטע, וואַרימע, ליכטיקע און גוט איינגעריכטעטע צימערן.

דער קלאַס איז געפירט געוואָרן לויט דער סיסטעם פון מאָנטעסאָרי.

וועלכע פּרינציפּן זיינען דערביי גענומען געוואָרן אין אַכט?

עס איז פאַראַן איין גרונד-פּרינציפּ פון מאָנטעסאָרי ביים צוגיין צום קינד: שאַפן פאַרן קינד אַזאַ סביבה, וואו עס זאָל האָבן די פולע מעגלעכקייט זיך זעלבסטבילדן און זעלבסטדערציען. דאָס קאָן מען פאַרווירקלעכן בלויז ביי דעם אינדיווידועלן פירן פון דער אַרבעט.

איך וועל געבן אַ בילד פונם דאָזיקן אופן פון פירן די אַרבעט.

די לעקציע קומט פאָר אַזוי: פאַרן אָנהויב פון דער לעקציע גרייט זיך צו יעדעס קינד אַליין זיין אַרבעט — אַלץ איינס, צי דאָס איז לייענען, אָדער אָפּשרייבן, אָדער באַשליסן אויפגאַבן, אָדער אַריפמעטישע איבונגען א. אַ. וו.

אייניקע קינדער ביי די לינאָלעאום־טאָוולען, וואָס הענגען אויף די ווענט, די אַנדערע מיט העפטן, די דריטע מיט טאָוועלעך און קרייד א. א. וו. פאַרענדיקנדיק איין אַרבעט, שטייט דאָס קינד פריי אויף און גייט זיך נעמען אַן אַנדער אַרבעט, וואָס איז אין אַ גרויסן סכום פאַראַנדערגעלייגט אויף די ספּעציעלע טישן ביי די ווענט (דער מאַטעריאַל איז צוגעגרייט דורכן לערער).

וואָס דערגרייכן מיר ביי אַזאַ אַרט פירן אינדיווידועלע באַשעפטיקונגען?

1) עס ווערט דערצויגן ביים קינד זעלבסטשטענדיקייט (קיינער פירט עס ניט פאַר דער האַנט).

2) עס ווערט דערצויגן דער גלויבן אין אייגענע כּוחות און אויך דער באַוואוסטזיין, אַז ניט אַלץ גיט זיך איין לייכט און פּשוט.

3) היות ווי דאָס קינד קלייבט זיך אויס אַליין די אַרבעט, וואָס עס געפעלט אים אינם געגעבענעם מאָמענט, — איז ביי אים פאַראַן אַ אינטערעס צו דער דאָזיקער אַרבעט, און אַזוי אַרום אַנטוויקלט זיך ביי אים די ספּאָנטאַנע אַקטיוויטעט—דער הויפּט־הייבער פון יעדער באַוואוסטזיניקער טעטיקייט.

4) דאָס קינד זעט, אַז אַלץ קאָן מען דערגרייכן דורך אייגענער אָנשטרענגונג, און עס הייבט אָן צו אַכטן זיין אייגענע אַרבעט און אויך זיין חבר׳ס אַרבעט.

5) עס אַנטוויקלט זיך רעגלמעסיק און אינטענסיוו דער אינטעלעקט אָן יעדער מורא פון איבערמידונג, ווייל אין יעדן מאָמענט קאָן דאָס קינד בייטן זיין אַרבעט;

6) עס אַנטוויקלט זיך דער ווילן;

7) עס אַנטוויקלט זיך די זעלבסט־דיסציפּלין א. אַ. וו., א. אַ. וו.

דאָס גיט אונז אויך די מעגלעכקייט צו ווירקן אויף דער פּסיכיק פון קינד.

אויך דער אַנדערער טייל אַרבעט, ווי מאָדעלירן, מאָלן, האַנטאַרבעט — ווערט געפירט איינצייטיק, און יעדעס קינד קלייבט זיך אויס אַליין זיין אַרבעט.

בלויז זינגען, אָרקעסטער, ריטמישע באַוועגונגען און שפּילן ווערן געפירט קאָלעקטיוו.

אָבער וואו איז ביי אַזאַ אַרבעט דער לערער? יאָ, ער דאַרף זיך וואָס ווייניקער לאָזן מערקן. זיין הויפּט־אויפגאַבע אין צייט פון דער אַרבעט פון די קינדער — זען, וואָס ווייניקער זיך אַריינצומישן, כּדי ניט שטערן די קינדער אַרבעטן. בלויז פון צייט צו צייט גיט ער דערקלערונגען איינעם־צוויי קינדער (די אַזוי־גערופענע אינדיווידועלע לעקציע). עס טרעפט דערביי, אַז מיר האָבן ניט ריכטיק אויסגערעכנט דעם מאָמענט, — דאָס קינד האָט ניט אויפגענומען אונזער דערקלערונג, ד. ה., אַז דאָס קינד איז נאָך ניט גרייט צו דעם געגעבענעם באַגריף, מיר גייען אָפּ און וואַרטן געדולדיק אויף דעם געוואונטשענעם מאָמענט. נאָר אָט גייען מיר צו צו אַ צווייטן קינד, און די געגעבענע דער־

קלערונג האָט אַרויסגערופֿן אַ אינטערעס ניט נאָר בײַ אים, נאָר אויך בײַ אַנדערע קינדער, און עס האָט זיך באַקומען אַ קאָלעקטיווע לעקציע.

די אויסערלעכע פּאַסיוויטעט פֿון לערער איז זייער אַ שווערע און קאָמפּליצירטע אויפֿגאַבע. אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט איז דאָס צוגרייטן דעם לערנמאַטעריאַל, ווייל דאָס ערשטע יאָר באַנוצן מיר ניט קיין ביכער, נאָר גרייטן דעם מאַטעריאַל פֿונם לעבן, וואָס רינגלט אוממיטלבאַר אַרום דאָס קינד.

איך האָב פֿריער געזאָגט, אַז די איינריכטונג פֿון לאָקאַל איז אַן אויסגעצייכנטע.
עס זיינען, ווירקלעך, פֿאַראַן פֿאַרשיידנאַרטיקע מעבל און געגנשטאַנדן אין אַרבעטס־צימער; קיילעכדיקע, קוואַדראַטישע און לאַנגע טישן; שטולן, בײַנקלעך, טאַבורעטן; עלמערלעך, עטאַזשערקעס, אַ פּיאַנאָ, אַ טעפּיך, אויף וועלכן די קינדער אַרבעטן און שפּילן; בלומען, בילדער און בילדלעך א. א.



מאָנטעסאָרי־קלאַס בײַ דער הומאַניסטישער גימנאַזיע.

די קינדער זיצן ריינע, געוואַשענע און פּאַרקאַמטע, אין פֿאַנטאָפֿל, פֿריילעכע, ערנסטע, גליקלעכע.

עס קומען באַזוכער צו 5—6 מענטשן, און די קינדער אַרבעטן נאָרמאַל, קיין זאַך שטערט זיי ניט.

איך וועל זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דעם סכום ידיעות, וואָס די קינדער האָבן באַקומען אינם פֿאַרלאָפֿענעם יאָר. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז קיין באַשטימטע פּראָגראַם שטעלן מיר זיך פֿאָרלויפֿיק ניט — צו קליין זיינען נאָך די קינדער, און דערהויפּט צוליב דעם, ווייל דאָס וויכטיקסטע איז פֿאַר אונז — אַנטוויקלען בײַ די קינדער אַ אינטערעס און ליבע צו אַרבעט און אויך אויסלערנען זיי אַרבעטן.

ווען דאָס אַלץ וועט זיין, וועט מען שוין די פּראָגראַם לייכט קאָנען דורכפירן.

נאָר דאָך האָבן די קינדער אַ סך באַוויזן אויך אין פאָרמעלע ידיעות.

זיי שרייבן אָפּ פון געשריבענעם טעקסט זעער שיין (ווייל זיי האָבן אַ סך געמאָלט); קאָנען צונויפשטעלן לייכטע זאַצן, שרייבן אויך דיקטאַט, לייענען פריי נאָטיצן און שירים פון געשריבענעם טעקסט, קאָנען געבן אַ שריפטלעכן ענטפער אויף אַן איינפאַכער פראַגע, אייניקע האָבן זיך אויסגעלערנט צו לייענען גוט אויך געדרוקטע.

אין חשבון — מאַכן זיי אַלע 4 אַקטן אין גבול פון די ערשטע צוויי צענדליק; מיט צענדליקער אַרבעטן זיי ביז 100, מאַכן איינפאַכע אויפגאַבן.

זיי זיינען באַקאַנט מיט געאָמעטרישע פאָרמען. קלייבן זיך גוט פאַנאַנדער אין פאַרבן. קאָנען אויסמעסטן דעם קלאַס.

זיי האָבן געמאַכט אימפּראָוויזירטע פּילקעס פון וואָל (געצירעוועט מיט אַ נאָדל), אַ ביסל געשטריקט.

זיי האָבן באַאָבאַכטעט דאָס וואַקסן פון בעבלעך, אַרבעס, באָב און ציבעלע, געזייט האָבער.

אַ סך געמאָלט, מאָדעלירט, געזונגען.

אַ סך איז געווען ריטמישע באַוועגונגען, אפילו אייניקע קליינע ריטמישע טענץ.

דער קינדער-אָרקעסטער האָט אַנטוויקלט ביי די קינדער דאָס געפיל פון ריטם און טאַקט.

די קינדער דעקן אויף אַליין דעם טיש, נעמען צו פון טיש און וואַשן די כלים. עס זיינען אויך געווען קינדער יום-טובים, שפּאַצירן ווינטער און פרילינג.

ידיעות וועגן דער צאָל קינדער.

אין אָקטאָבער 1923

25 קינדער — 15 יינגלעך און 10 מיידלעך

7 קינדער — 5 יאָריקע

9 „ — 5½ „

8 „ — 6 „

1 „ — 7 „

מאַי 1924.

21 קינדער — 14 יינגלעך און 7 מיידלעך.

2 קינדער — 5½ יאָריקע.

16 „ — 6 „

3 „ — 7 „

א. פ. ווינאָדסקאַ.

# יידישער לערער=סעמינאַר.

גלייך מיטן אויפקומען פון דער יידיש=וועלטלעכער שול האָט זיך געשטעלט שאַרף די פראַגע וועגן לערער=אויסבילדונג. עס איז געוועזן אַ כראָנישער מאַנגל אין לערער. אַ גרויסער טייל פון די לערער אין די פריערדיקע שולן פאַר יידן איז מיט דער מלחמה אָפּגעקומען. אַ טייל ווידער האָט זיך ניט געקאָנט צופּאַסן צו די נייע פאָדערונגען, און עס איז ניט געווען די אַנשטאַלט, וואָס זאָל סיסטעמאַטיש צוגרייטן נייע לערער.

עס זיינען אין דעם פּרט געמאַכט געוואָרן עטלעכע פּרובן פון קורצטערמיניקע צוגרייטונגס=קורסן: אין ביאַליסטאָק ביי דער „קולטור=ליגע“, אין וואַרשע ביים דינעזאָן=שול=קאָמיטעט, אין ווילנע ביי דער קהילה צוזאַמען מיט יעקאָפּאָ און צ. ב. ק. דאָך אָבער האָבן די דאָזיקע פּרובן ניט געקאָנט באַפרידיקן שוין מחמת זייער ספּאָראַדישקייט און קורצטערמיניקייט אַליין. עס פלעגט מהאי טעמא אָפּט אויסקומען צו באַזעצן לערער=שטעלעס מיט מענטשן אָן דער גענוגער צוגרייטונג, אָדער ניט קיין צוגעפּאַסטע צו דער סביבה פון דער נייער שול.

דעריבער האָט דער צ. ב. ק. שוין אין אָנהויב פון 1921 יאָר ענדגילטיק באַשלאָסן צו גרינדן אין ווילנע אַ שטענדיקן לערער=סעמינאַר. נאָך אַ ריי באַראַטונגען האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ 4=יאָריקן קורס; ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דעם שילער=מאַטעריאַל זאָל מען שעפּן איבערהויפּט פון די אַביטוריענטן פון אונזערע שולן. אַזוי אַרום וועט זיך דער סעמינאַר איינגלידערן אין אונזער שול=וועזן, ווי אַן אָרגאַנישער טייל. אַ דירה האָט מען געקראָגן אין דעם בנין פונם אַמאָליקן לערער=אינסטיטוט (איצט געהערט צו דער קהילה). אין האַרבסט 1921 איז געמאָלדן געוואָרן דער ערשטער אויפנאַם. די לימודים האָבן זיך דאָך אָנגעהויבן מיט אַ פאַרשפּעטיקונג—דעם 11=טן נאָוועמבער 1921. אַנשטאָט איינטריטס-עקזאַמענס איז פאָרגעקומען אַ מער דויערנדיקע אויספּרובירן אין סעמינאַר גופא. נאָך אַזאַ לענגערן אָפּקלייב איז אין סעמינאַר געבליבן אַ צאָל צוהערער פון 16 יינגלעך און 15 מיידלעך.

אין משך פון ערשטן יאָר האָבן זיך די לימודים געפירט ציקלענווייז. אַלע לימודים, אַ חוץ צייכענען, גימנאַסטיק און האַנטאַרבעט, זיינען איינגעטיילט געוואָרן אין אַ הומאַניסטישן און נאַטורוויסנשאַפטלעכן ציקל. יעדער פון די ציקלען האָט געדויערט אַ חודש. בעת דעם נאַטורוויסנשאַפטלעכן ציקל זיינען געלערנט געוואָרן נאַטור, געאָגראַפיע, מאַטעמאַטיק, פיזיק; צום הומאַניסטישן ציקל האָבן געהערט יידיש, העברעאיש, פּויליש, יידישע און אַלגעמיינע געשיכטע. אַזאַ סיסטעם האָט געלאָזט די תלמידים זיך קאָנצענטרירן מער אויף יעדן לימוד באַזונדער. אין יסוד פון נאַטור=ציקל איז געלייגט געוואָרן די געאָגראַפיע, געאָלאָגיע, מינעראַלאָגיע פון אונזער קאַנט, שפּעטער (אין קאָלאָניע) אויך די פלאָרע און פאַונע. פון דעם אַרויסגעגאַנגען, איז מען געקומען צו סיסטעמאַטישע באַזונדערע קורסן פון יעדער דיסציפּלין. דאָס עצם לערנען איז באַשטאַנען איבערהויפּט אין זעלבסטשטענדיקע באַאַרבעטונגען פון באַשטימטע טעמעס. די לערער פלעגן אַריינפירן אין דער פראַגע, אָנווייזן ליטעראַטור, העלפן באַ=

אַרבעטן און אָנפירן מיטן באַהאַנדלען די צוגעגרייטע דורך די תלמידים אַרבעטן.

אַזוי זיינען דורך די תלמידים באַאַרבעט געוואָרן אַ גאַנצע ריי טעמעס פון קורס, ווי למשל: דאָס אויסזען פון אייראָפּע אין טערציום, סיבות פון אייז־פּעריאָד, קריסטאַלן און זייער בוי, אָדער פון געשיכטע און געאָגראַפיע — רעליגיע, שריפט אין מצרים, קונסט, קאַסטעס, מיטען, בית־אל, שכם, א. נאָך א. נאָך.

נאָך פּסח איז דער סעמינאַר אַרויסגעפאָרן אויף אַ זומער־קאָלאָניע אין פּושקאַרניע (5 וויאָרסט פון ווילנע). דאָרטן האָבן זיך די תלמידים פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט און איבערהויפּט מיטן ערלערנען די נאַטור. עס איז סיסטעמאַטיש און ביאָלאָגיש דורכגענומען געוואָרן די גאַנצע פלאָרע פון געגנט. די אַרבעט האָט זיך געפירט גרופּעסווייז, איינגעטיילט אין ביאָלאָגישע געמיינשאַפטן (וואַלד, לאָנקע, זומפּ וכדומה). יעדע גרופּע פלעגט אָפּגעבן מונדלעכע און שריפטלעכע באַריכטן פון איר געביט, דורכפירן עקסקורסיעס מיט די איבעריקע חברים, הערבאַריזירן וכדומה. איין גרופּע האָט זיך פאַרנומען מיט מעטערעאָלאָגישע באַאָבאַכטונגען, וואָס זיינען געפירט געוואָרן סיסטעמאַטיש אין פאַרלויף פון גאַנצן זומער אין אונזער אייגענער „מעטערעאָלאָגישער סטאַנציע". נאָך אַ גרופּע האָט זיך פאַרנומען מיט געאָלאָגיש־געאָגראַפישער אַרבעט (צוגעגרייט אַ איזאָהיפּסען־קאַרטע פון געגנט און אויסגעפאָרשט די געאָלאָגישע פאַקטאָרן, ווירקונגען און נענטערע געאָלאָגישע געשיכטע פון געגנט). אַחוץ דעם זיינען דורכגעפירט געוואָרן אַ ריי אַנאַטאָמישע און מיקראָסקאָפּישע אַרבעטן. די אַלע אַרבעט זיינען פיקסירט געוואָרן אין שריפטלעכע באַריכטן.

דאָס עצם אַרבעטס־לעבן אויף דער נאַטור אין פאַרלויף פון אַ גאַנצן זומער האָט אַליין זייער פיל געגעבן. עס פלעגן פאָרקומען פאַרווייַלונגען (אויך פאַר געסט), נאָענטע און ווייטערע אויספלוגן, זון־באַגעגענישן וכדומה. אַ לענגערע צייט האָט אין קאָלאָניע פאַרבראַכט מיט אונז שלום אַש. די אַרבעט אין קאָלאָניע האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַן אויסשטעלונג פון די וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן און פון די פּראָדוקטן פון גאָרטן.

צום צווייטן יאָר איז צוגעקומען נאָך אַן אויפגאַבע. מחמת טעכנישע און פּראָגראַמאַטישע סיבות איז דאָס ציקלען־סיסטעם אָפּגעשאַפט געוואָרן.

שוועריקייטן אין דער אַרבעט האָט אַריינגעטראָגן די ניט גלייכע צוגרייטונג פון די תלמידים אויף פאַרשיידענע לימודים. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ נויטווענדיקייט איינצופירן אַ גרופּן־סיסטעם אויף אייניקע לימודים, ווי מאַטעמאַטיק, פּויליש, העברעאיש. די צאָל לערער האָט געמוזט פאַרגרעסערט ווערן.

די זעלבסטשטענדיקע שילער־אַרבעט האָט זיך אָבער ניט אָפּגעשטעלט: רעפעראַטן, באַריכטן פון דורכגעפירטע אַרבעטן און באַאָבאַכטונגען האָבן זיך געפירט ווייטער.

נאָך פּסח 1923 יאָר איז דער נייער אויפנאַם ווידער אַמאָל אַרויסגעפאָרן אין פּושקאַרניע אויף זומער־אַרבעט. די אַרבעט איז געפירט געוואָרן לויט דער זעלביקער סיסטעם, וואָס דעם ערשטן יאָר. דאָס לעבן אין קאָלאָניע האָט זיך אָפּגעשפּיגלט, אויסער אין די וויסנשאַפטלעכע באַריכטן, קאָלעקציעס, טאַבעלן וכדומה,

אויך אין אַ גאַנצער ריי לידער, טאָג־ביכער וכדומה. אויף פּעריען איז אויך דער עלטערער קורס געקומען אין קאָלאָניע. די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט האָט אָבער ניט געטראָגן איצט קיין סיסטעמאַטישן כאַראַקטער. עס איז מער געווען אַ זומער־אָפּרו איידער אַ שטרענג רעגלאַמענטירטע אַרבעט.

צו האַרבסט 1923 יאָר איז פאָרגעקומען דער 3־טער אויפנאַם. אין דעם שול־יאָר האָט זיך דער סעמינאַר געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו ליקווידירן די גרופּעס, ניוועלירן די קורסן, די אויפגאַבע ווערט אין דעם שול־יאָר געלייזט. עס איז בולט אַרויסגעטראָטן אַ צווייטע אויפגאַבע — פאַרקלענערן דעם שעה־פּלאַן. אונזער פילשפּראַכיקייט, די פאָדערונג פון קוראַטאָריום אויסצוטיילן פּולישע געשיכטע און געאָגראַפיע, ווי באַזונדערע לימודים אויף דער פּויליש שער שפּראַך—דאָס אַלץ באַלעסטיקט דעם שעהן־פּלאַן און לאָדט אים איבער. צום נאָענטסטן יאָר וועט מוזן געפונען ווערן אַן אויסוועג. נאָך שווערער ווירקט די מאַטעריעלע לאַגע פון די תּלמידים. די דערנערונג, וואָס די ניטהיגע האָבן אין אינטערנאַט פון סעמינאַר, איז פיל נידעריקער פון מינימום. דאָס ברענגט צו אָפּצערונג און פאַרמאַטערטקייט, דאָס שוואַכט אָפּ די תּלמידים.

דאָך, ניט געקוקט אויף די אַלע שוועריקייטן, פירט דער סעמינאַר אַן אינטענסיווע אַרבעט, און כמעט יעדער תּלמיד פירט נאָך, אַ חוץ די רעגלאַמענטירטע לימודים, אַנדערע אַרבעטן אין קרייזלעך, גרופּעס וכדומה. אַזוינע קרייזלעך פירן זיך לעצטנס איבערהויפּט אויף ליטעראַטור (מענדעלי־קרייזל, אייזיק מאיר דיק א. אַנדערע), ווי אויך אויף נאַטור.

פאַר דער צייט פון זיין עקסיסטענץ האָט זיך דער סעמינאַר איינגעשאַפט אַן אייגענע ביבליאָטעק, אַ כעמישע לאַבאָראַטאָריום, אַ ביאָלאָגישן קאַבינעט, אַ סטאָלערייַ און איינבינדערייַ. עס פעלט דרינגנדיק אַ פיזיקאַלישער קאַבינעט. דערצו אָבער האָט זיך דער סעמינאַר ניט געקאָנט דערשלאָגן מחמת שטענדיקן מאַנגל אין מאַטעריעלע מיטלען.

דער סעמינאַר האָט זיך פאַרבונדן מיט איינער פון די ווילנער יידיש־וועלטלעכע פאָלקס־שולן, וואו די תּלמידים וועלן אין ספּעציעל פּעדאַגאָגישן יאָר דאַרפן פּראַקטיצירן. צו דעם וועט איצט צוטרעטן דער ערשטער אויפנאַם פון 1921־טן יאָר.

כּדי זיך בעסער צוצופּאַסן צום קאָנטינגענט תּלמידים און אויך צום נאָרמאַלן אין פּוילן טיפּ פון לערער־סעמינאַרן, זיינען מיר איבערגעגאַנגען צו אַ 5־יאָריקן קורס. בלויז דער ערשטער אויפנאַם וועט זיין אין שול נאָר 4 יאָר, די איבעריקע וועלן שוין פאַרברענגען 5 יאָר.

תּלמידים. אין ערשטן אויפנאַם זיינען נאָכן אָפּקלייב פאַרבליבן 31 תּלמידים. פון זיי זיינען שפּעטער אָפּגעפאַלן 5: דריי צוליב מיליטער־דינסט, ווייל דער סעמינאַר האָט אין מיטן פאַריקן יאָר באַקומען אַ מעלדונג, אַז מער וועלן די תּלמידים ניט באַקומען קיין פּראָלאָנגאַציעס, 2 האָבן געמוזט פאַרלאָזן דעם סעמינאַר מחמת אומאָפּהענגיקע און פּערזענלעכע סיבות. אַזוי אַרום זיינען פאַרבליבן אין עלטסטן קורס 12 בחורים און 14 מיידלעך. אין נייעם מיליטער־פּאַבאָר איז איין שילער צוגענומען געוואָרן. דאָס איבעררייסן דאָס לערנען אין



קאָלאָניע לערער־סעמינאַר: גערטנערישע אַרבעט אין 1922 יאָר.



קאָלאָניע פון לערער־סעמינאַר: גימנאַסטיק אונטער דער אָנפירונג פון שילער.

מיטן ווירקט פאטאל, פארשטייט זיך, אויף דער ארבעט. עס מוזן אנגענומען ווערן מיטלען, כדי צוריק צו באקומען די פראלאנגאציע=רעכט.

אין צווייטן אויפנאם זיינען אנגענומען געווארן 27 תלמידים, פון זיי פעלן איצט 2 (פערזענלעכע סיבות). אין 3=טן אויפנאם, צו וועלכן עס זיינען אנגעקומען בקשות ביז 123, זיינען אנגענומען געווארן 42. 10 זיינען אבער באלד אפגעפאלן, צוליב מאטעריעלע סיבות, ווייל פון דעם אויפנאם אן האט דער סעמינאר געמוזט זיך אפזאגן אויסצוהאלטן די ניט פארמעגלעכע תלמידים אין אינטערנאט. 1 איז אוועק פון סעמינאר שפעטער צוליב פאמיליען=אנגעלגנהייטן. אזוי ארום זיינען ביים היינטיקן טאג פאראן אין סעמינאר 82 תלמידים. 29 בחורים און 53 מיידלעך. די צאל בחורים וואלט געווען פיל גרעסער, ווען די מיליטערדינסט וואלט ניט געשטערט שוין ביים הייעריקן אויפנאם. בקשות פון בחורים זיינען געווען אין א סך א גרעסערער צאל.

לויט זייער סאציאלן מצב געהערן 40% פון די תלמידים צו בעלי=מלאכות און ארבעטער, 40% צו קרעמער און סוחרים. ווי דאס איז צו זען פון דער בייגעלייגטער טאבעלע, בייט זיך ניט דער סאציאלער מצב פון די קאנדידאטן אין משך פון די 3 יאר. עס בייט זיך אויך ניט די ראיאנען=פארטיילונג, פונוואנען עס שעפט זיך דער שילער=מאטעריאל פארן סעמינאר (זע טאבעלע). דא גייען כסדר בראש די ראיאנען, וואו דער יידישער שול=וועזן איז אמשטארקסטן אנטוויקלט: ווילנע מיט איר פראווינץ און ביאליסטאק=בריסקער געגנט. אין ערשטן אויפנאם גיבן דיביידע ראיאנען צוזאמען גאנצע 80,6% פון אלע אנגענומענע; אין 2=טן אויפנאם 74%; אין דריטן אויפנאם 84,4%. אינטערעסאנט איז דאס, אז די צאל אביטוריענטן פון יידישע פאלקס=שולן אין סעמינאר מאכט אויס נאר ביז 54,5 פראצ., און דא גייען שוין אריין כמעט אלע תלמידים פון ווארשע און קרוין=פוילן. קומט אויס, אז די דערמאנטע 2 ראיאנען גיבן אין סעמינאר, א חוץ תלמידים פון פאלקס=שולן, אויך זייטיקע. דאס ווייזט, אויף וויפיל דער יידישער שול=וועזן ציט בכלל אריין די יוגנט אין דער יידישער קולטור=סביבה.

די טאבעלע וועגן פארטיילונג פון די סעמינאריסטן לויט פריערדיקער צוגרייטונג ווייזט אונז א כסדרדיקן וואקסן פון דעם פאלקס=שול עלעמענט. עס פעלט שוין לגמרי דער ישיבה=עלעמענט. עס פארקלענערט זיך דער עלעמענט אן א שול (וואס גייט ביי אונז אין רובריק „זעלבסטבילדונג"), עס נארמאליזירט זיך דער יידישער שול=וועזן.

צוזאמען דערמיט פארקלענערט זיך אויך אין משך פון די 3 יאר דער דורכשניטלעכער עלטער פון די תלמידים ביים אנקומען. ער פאלט פון אריבער 18 ביז 16,9. אבער נאך וויכטיקער איז דאס, וואס דער עלטער ניוועלירט זיך. אויב אין ערשטן אויפנאם האבן מיר כמעט א גלייכמעסיקע פארטיילונג פון די תלמידים פון 16, 17, 18, 19 און 20 יאריקע, איז אין 3=טן אויפנאם גאנצע 2/3 פון 16—17 יאריקן עלטער. נאר 2 תלמידים זיינען פאראן 19 יאריקע. אין זין פון עלטער און צוגרייטונג זיינען מיר שוין דערגאנגען צו דער נארמע. עס לאזט זיך נאך מערקן א פארשיידנארטיקייט אין פראגראם פון אונזערע פאלקס=

שולן, פון דאַנען שטאַמען אויך אייניקע דעפעקטן, בלויזן אין דער צוגרייטונג. אָבער מיר האַלטן עס פאַר פאַרבייגייענדיקע דערשיינונגען.

אינטערנאַט. גלייך ביים גרינדן דעם סעמינאַר האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אומבאַדינגט נויטיק צו באַזאָרגן די ניט־ווילנער מיט דירה. דערצו איז לכתחילה גדענגען געוואָרן אַ דירה אויף בעליני־גאַס, וואָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן פאַר ניט פּאַסיק. אין האַרבסט 1922 האָט זיך דער אינטערנאַט אַריינגעקליבן אין די „ביליקע הייזער", וואו ער פאַרנעמט $1^1/_2$ גאָרן; 10 צימערן צו וואוינען, 1 קיך, 2 אַרבעטס־צימערן, 1 זאַל. צום באַדויערן זיינען ביז היינט נאָך ניט איינגעשטעלט קיין נאָרמאַלע באַציאונגען מיט דער יק"א, וואָס איז די באַלעבאָסטע פון די דירות. אויך וואָלט די מעבלירונג פון די צימערן געדאַרפט זיין אַ בעסערע.

דאָס צוזאַמענלעבן אין אינטערנאַט גופא האָט זיך פון דעם ערשטן ווינטער אָן איינגעשטעלט אַ שטרענג חברשע. די חברים פירן אַליין דורך אַלע אַרבעט, וואָס זיינען צונויפגעבונדן מיטן אינטערנאַט; די אַרבעט, ווי אויך די געמיינזאַמע קאַסע און די קיך ווערן אָנגעפירט דורך אַ געוויילטער פּאַרוואַלטונג, וואָס באַשטייט פון אַ קאַסיר, ווירטשאַפטלער, עקאָנאָם, וועש־באַלעבאָסטע, סאַניטאַר און סעקרעטאַר; די פּאַרוואַלטונג בייט זיך יעדן חודש. יעדער אַמט אַרבעט לויט אַ פאָרויס אָנגענומענער סמעטע, וואָס ווערט צום באַדויערן כמעט תמיד אין מיטן חודש רעדוצירט אויטאָנאָמיש מחמת מאַנגל אין מיטלען. די מיטלען פון אינטערנאַט ווערן צונויפגעשטעלט פון עלטערן־שטיצע, פאַרדינסטן. דער דעפיציט, וואָס דערגרייכט כסדר ביז $60^0/_0$ און אָפט מערער, ווערט געדעקט דורך דער סעמינאַר־פּאַרוואַלטונג. די איינוואוינער אין אינטערנאַט פון 3־טן אויפנאַם (פון 1923־טן יאָר) האָבן זיך לכתחילה אָפּגעטיילט אין אַ באַזונדערן קאָלעקטיוו, ווייל פון דעם יאָר אָן באַקומען ניט די נייע תּלמידים פון פּאַרוואַלטונג קיין סובסידיע. די גאַנצע שטיצע דריקט זיך אויס אין אַ סטיפּענדיע פאַר פינף סעמינאַריסטן. דאָס לעבן איז דאָרט אָרגאַניזירט לויטן זעלביקן מוסטער, ווי ביי די עלטערע סעמינאַריסטן. בסך הכל וואוינען אין דעם אינטערנאַט ביי היינטיקן טאָג פון די ערשטע 2 אויפנאַמעס 13 בחורים און 22 מיידלעך, פון לעצטן אויפנאַם 6 בחורים און 17 מיידלעך, צוזאַמען 19 בחורים און 36 מיידלעך.

די דערנערונג אין אינטערנאַט איז לחלוטין ניט גענוגנדיק, די ווירטשאַפטלעכע אַרבעט נעמט אָפּ זייער פיל צייט. צום באַדויערן האָט די פּאַרוואַלטונג פון סעמינאַר ניט קיין מעגלעכקייט אין דעם זין ממשותדיק עפּעס צו ענדערן. דערפאַר האָט דאָס לעבן אין אינטערנאַט געהאַט אַ גרויסע דערציערישע באַדייטונג אין זין פון אָרגאַניזירטקייט, טעכנישער אָנפירונג א. א. וו.

פּאַרוואַלטונג. גלייך ביים גרינדן דעם סעמינאַר האָט דער צ. ב. ק. אויסגעטיילט אַ באַזונדערע פּאַרוואַלטונג („אָפּעקע־ראַט" לויטן סטאַטוט), וואָס דאַרף זאָרגן פאַרן מאַטעריעלן אויסהאַלטן פון אינטערנאַט און דורך פאָרשטייער אין פּעדאַגאָגישן ראַט נעמען אַן אָנטייל אין לעבן פון סעמינאַר גופא. די ערשטע 2 יאָר האָט די פּאַרוואַלטונג זייער ענערגיש געאַרבעט. די אַרבעט

האָט זיך אויסגעדריקט אין אַן אַקטיוון אָנטייל אין פּעד. ראַט און איבערהויפּט אין שאַפן מאַטעריעלע מיטלען פאַרן סעמינאַר און אינטערנאַט. דאָס לעצטע יאָר איז די פינאַנציעלע אַרבעט פון דער פאַרוואַלטונג אָפּגעשוואַכט געוואָרן מחמת פאַרשיידענע אומאָפּהענגיקע סיבות. עס איז אַ דרינגענדיקע אויפגאַבע פאַרן צ. ב. ק. די דאָזיקע אַרבעט צוריק צו שטעלן אויף דער געהעריקער הויך. די אַרבעט אין דעם פּרט דאַרף אָבער געטאָן ווערן ניט נאָר אין ווילנע, ווייל דער סעמינאַר איז דאָך ניט קיין ספּעציפיש ווילנער אַנשטאַלט.

די רעכטלעכע לאַגע פון סעמינאַר איז נאָך ביז היינט ניט פאַרפעסטיקט. גלייך ביים גרינדן האָט דער סעמינאַר געקראָגן אַ קאָנצעסיע פון בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט ביי מיטל־ליטווישער רעגירונג. דער סעמינאַר האָט אפילו געהאַט פּראָלאָנגאַציע־רעכט פון מיליטער־דינסט פאַר זיינע תּלמידים. אין זומער 1922 יאָר איז די קאָנצעסיע באַנייט געוואָרן דורכן קוראַטאָר, אָבער דאָס פּראָלאָנגאַציע־רעכט איז אין 1923 אָפּגענומען געוואָרן. עס איז אין יאַנואַר 1923 אָנגעגעבן געוואָרן אין מיניסטעריום דער סטאַטוט פון סעמינאַר צו באַשטעטיקן אים און אַזוי אַרום באַקומען אַ שטענדיקע קאָנצעסיע. כּמעט אַלע מיניסטאָרן וואָס האָבן זיך פאַר דער צייט געביטן האָבן אַלע צוגעזאָגט די קאָנצעסיע „די טעג” אַרויסצושיקן. דאָך איז שוין אַריבער כּמעט אָנדערטהאַלבן יאָר, און די שטענדיקע קאָנצעסיע איז נאָך ניט באַקומען געוואָרן. אַזוי אַרום, ניט געקוקט אויף די דעלעגאַציעס, אינטערווענצן פון צ. ב. ק. און סיים־דעפּוטאַטן, הענגט נאָך דער גאַנצער גורל פון אונזער אַרבעט אין דער לופטן. שוין דאָס צווייטע יאָר, ווי די מיליטער־דינסט רייסט אַרויס אין מיטן לערניאָר גאַנצע רייען תּלמידים.

דערמיט שליסט דער סעמינאַר דעם 3־טן יאָר פון זיין טעטיקייט. פאַר דער צייט זיינען געלערנט געוואָרן יידיש (שפּראַך און ליטעראַטור 4 שעה וועכנטלעך), העבּרעאיש— 4 שעה, פּויליש 4 שעה, דייטש 2 שעה, געשיכטע יידישע, פּוילישע און אַלגעמיינע (צו 2 שעה)—מעטעמאַטיק 4 שעה, נאַטור (באָטאַניק, זאָאָלאָגיע, ביאָלאָגיע, טעאָרעטיש און פּראַקטיש), פיזיק (טעאָרעטיש און פּראַקטיש), כעמיע מיט אַ פּראַקטיקום, געאָגראַפיע—מאַטעמאַטישע, פיזיקאַלישע און פּאָליטישע, געזאַנג, גימנאַסטיק, האַנטאַרבעט, צייכענען און אַ חוץ דעם איינבינדעריי, סטאָלעריי (פאַקולטאַטיוו). 2 מאָל איז דורכגעפירט געוואָרן אַ זומער־קאָלאָניע מיט ערד־אַרבעט און סיסטעמאַטישע נאַטורפאָרשונגען. עס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ מוזיי פון שילער־אַרבעט אויף נאַטור, געשיכטע, ליטעראַטור. אייניקע פון די דאָזיקע אַרבעטן האָבן אַ זעלבסטשטענדיקן ווערט און האָבן פאַרנומען אַ באַדייטנדיקן אָרט אויף דער אויסשטעלונג פון 1923 יאָר. פאַר דער צייט זיינען דורכגעפירט געוואָרן אַ גאַנצע ריי יום־טובים (ביז אַ פאָר צענדליק) פאַר אייגענע און געסט. אַ גרויסער טייל פון דער „יום־טובדיקער ליטעראַטור” איז צונויפגעזאַמלט און ווערט אָפּגעהיט אין אַרכיוו. עס איז דורכגעפירט אַ גרעסערע צאָל אויספלוגן קיין ווערעק, טראָק, נאַראָטש, און אין אַנדערע פּונקטן אין דער סביבה פון ווילנע.

דער סעמינאַר האָט געהאַט עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען אין פאָרם פון



קאָלאָניע לערער-סעמינאַר: מילך-ווירטשאַפט.



לערער-סעמינאַר: פּורים-שפּיל „מכירת-יוסף" אין 1924 יאָר.

לעקציעס פון זיינע לעקטאָרן און לעצטנס אויך מיט אָוונטן פון יידישער ליטעראַטור־געשיכטע מכירת־יוסף־שפיל (געשפילט 5 מאָל אין ווילנע). „לייכט־זין און פרומעליי״ פון אַ. וואָלפסאָן.

אזוי אַרום האָט דער סעמינאַר געשטרעבט צו ווערן ניט נאָר אַ שול, נאָר אויך אַ קולטור־ווינקל אין אונזער לעבן בכלל און פאַרדינען דעם נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם ח׳ וולאַדימיר מעדעם, וואָס דער סעמינאַר רופט זיך אויף אים.

עס זיינען נאָך פאַראַן אַ סך דעפעקטן אין לעבן פון סעמינאַר. זיי שטאַמען קודם כל פון אונזער רעכטלעכער אומזיכערקייט, ווייטער שטאַמען זיי פון אונזער מאַטעריעלער כראָנישער געדריקטקייט. עס לאָזט זיך שטאַרק פילן דאָס אויספעלן פון אַ וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור אין יידיש. אָבער ביי אַ געזיכערטן ביודזשעט וואָלט דער סעמינאַר בלי ספק געקאָנט פאַרנעמען אין אונזער קולטור־לעבן נאָך אַ סך אַ וויכטיקערן אָרט.

טאַבעלע 1

עלטער פון די סעמינאַריסטן ביים אָנקומען.

| אויפנאם | געשלעכט | 16 | 17 | 18 | 19 | 20 | 21 | דורכ־שניט | בס״ה |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1921 אויפנאם 1־טער | בחורים . . | 4 | 5 | 3 | 2 | 1 | 1 | 17,63 | 16 |
| | מיידלעך. . | 2 | — | 4 | 4 | 4 | 1 | 18,73 | 15 |
| | בס״ה. . . | 6 | 5 | 7 | 6 | 5 | 2 | 18,16 | 31 |
| 1922 אויפנאם 2־טער | בחורים . . | 3 | 2 | 1 | 1 | 1 | — | 17,37 | 8 |
| | מיידלעך. . | 6 | 2 | 5 | 2 | 4 | — | 17,79 | 19 |
| | בס״ה. . . | 9 | 4 | 6 | 3 | 5 | — | 17,66 | 27 |
| 1923 אויפנאם 3־טער | בחורים . . | 3 | 6 | 2 | — | — | — | 16,9 | 11 |
| | מיידלעך. . | 11 | 4 | 4 | 2 | — | — | 16,85 | 21 |
| | בס״ה. . . | 14 | 10 | 6 | 2 | — | — | 16,87 | 32 |

טאַבעלע 2

צוגרייטונג פון די תּלמידים ביים אָנקומען אין סעמינאַר.

| אויפנאַם | געשלעכט | יידישע פאָלקס-שול | גימנאַזיע 4-6 קל. | גימנאַזיע 7-8 קל. | זעלבסט-בילדונג | ישיבה | פוילישע פאָלקס-שול | העברעאישע פאָלקס-שול | בס"ה | פון זיי לערער |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1-טער אויפנאַם 1921 | בחורים . | 7 | 2 | 2 | 4 | 1 | — | — | 16 | 3 |
| | מיידלעך . | 6 | 7 | 1 | 1 | — | — | — | 15 | 8 |
| | בס"ה . . | 13(42%) | 9 | 3 | 5 | 1 | — | — | 31 | 11 |
| 2-טער אויפנאַם 1922 | בחורים . | 4 | 2 | 1 | 1 | — | — | — | 8 | — |
| | מיידלעך . | 10 | 4 | 5 | — | — | — | — | 19 | 3 |
| | בס"ה . . | 14(52%) | 6 | 6 | 1 | — | — | — | 27 | 3 |
| 3-טער אויפנאַם 1923 | בחורים . | 5 | 4 | — | 1 | — | 1 | — | 11 | — |
| | מיידלעך . | 17 | 2 | 1 | — | — | — | 1 | 21 | — |
| | בס"ה . . | 22(69%) | 6 | 1 | 1 | — | 1 | 1 | 32 | — |

טאַבעלע 3

סאָציאַלער מצב פון די עלטערן.

| געשלעכט | לוין-אַרבעט. | אָנגעשטעלטע | בעל-מלאכות (פאַר זיך) | קליינהענדלער | סוחרים | פרייע פראָפ. | כלי-קדש | יתומים, אומבאַשטימט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| בחורים . . . | 2 | 1 | 11 | 11 | 2 | 2 | 4 | 2 |
| מיידלעך . . . | 7 | 3 | 12 | 16 | 7 | 2 | 3 | 5 |
| בס"ה . . . . | 9 | 4 | 23 | 27 | 9 | 4 | 7 | 7 |

ר אַ י אָ ן

| געשלעכט | ווילנע | ווילנער פראָווינץ | ביאַליסטאָק, בריסק, גראָדנע און פּראָוו. | וואָלין | וואַרשע, קר. פוילן | גאַליציע | פּאָלעסיע | בס"ה |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| בחורים . . . . | 13 | 6 | 7 | 1 | 5 | 2 | 1 | 35 |
| מיידלעך . . . . | 17 | 2 | 27 | 4 | 5 | — | — | 55 |
| בס"ה . . . . | 30 | 8 | 34 | 5 | 10 | 2 | 1 | 90 |

א. גאַלאַמב.

---

# אַרבעטער־קינדער־אינטערנאַט.

דער אַרבעטער־קינדער־אינטערנאַט ביי די פּראָפ. פאַראייִנען אין ווילנע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין מערץ 1921 יאָר דורך אסתּר בערגער.

עס זיינען אינטערעסאַנט די זכרונות פון די קינדער וועגן די ערשטע מאָמענטן.

איינער דערציילט:

„עס איז געווען דאָנערשטאָג. אין דעם צימער, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער עסצימער, איז געשטאַנען איין לאַנגער טיש. קיין בענק זיינען נאָך ניט געווען. מיר, זאַלבעצענט, האָבן אָנגעזעצט קלעצלעך און אויף שטיקלאַך פּאַפּיר מיט דינע שטיקלעך האָלץ געגעסן אונזער ערשטן פרישטיק אין שטוב — אַ שטיקל הערינג. אין דעם צווייטן צימער, וואָס איז איצט דער שלאָפצימער פאַר יינגלעך — איז געווען אָנגעוואָרפן היי ביזן סאַמע באַלקן. און אונזער גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען זיך קוליען פון באַרג אַראָפּ. די ערשטע טעג זיינען נאָך ניט געווען באַשטימט קיין אויפזעערס, עס איז נאָך ניט געווען קיין אַלגע־מיינע פאַרזאַמלונג. צוויי עלטערע קינדער זיינען געווען עטלעכע טעג כּסדר אויף דער קיך — נאָכדעם זיינען אָנגעקומען נאָך קינדער. מ׳האָט אָנגעהויבן ברענגען אין שטוב נייע זאַכן. און יעדע זאַך, וואָס מ׳האָט געבראַכט — איז געווען אַ יום־טוב".

דער צווייטער דערציילט:

„ווי מיר האָבן אָפּגעגעסן, איז סאָניע אַרויפגעקראָכן אויף אַ קלעצל,— אויפגעהויבן ביידע הענט: „איך דאַנק דיר, גאָט, וואָס דו מאַכסט פון הונגעריק זאַט" ס׳איז עפּעס אַזוי מאָדנע געווען: ערשט געווען אינדערהיים, אין אַנדערע באַדינגונגען—און דאָ...

און אסתר האָט געפרעגט: „זיינט איר, קינדער, זאַט?"

באַלד האָבן מיר זיך גענומען צו די היי־זעק. אין עטלעכע טעג אַרום איז אָנגעקומען די שניידערקע. מיר האָבן זיך געזעצט נייען . . . אַ לענגערע צייט איז אַריבער ביז מיר האָבן אָנגעהויבן צו לערנען.

די גאַנצע שטוביקע אַרבעט האָבן מיר אַליין דורכגעפירט: קאָכן, וואַשן וועש, ראַמען די שטוב; מ'האָט זיך פאַנאַנדערגעטיילט אין פאַרשיידענע קאָמיסיעס, די קאָמיסיעס האָבן גלייך אָנגעהויבן צו אַרבעטן".

דער דריטער שרייבט: „אָנהויב זומער האָבן מיר איינגעלאַדן אַ גערטנערײַ־אינסטרוקטאָר. מיר האָבן צעאַקערט דאָס שטיקל גאָרטן, געמאַכט בייטן, פאַרזייט קאַרטאָפל, קרויט, מאָן, בוראַקעס א. א. וו. מיר פלעגן באַאָבאַכטן די געוויקסן, מאַכן באָטאַנישע און בכלל וויסנשאַפטלעכע פּרובן, פלעגן אַרומגיין אַרום די פלאַנצונגען, יעדעס קינד האָט געהאַט זיין בייט".

עס קומט אויפן זכרון אַ גאַנצע ריי מאָמענטן:

עס דערמאָנען זיך די אָוונטן פון אַלגעמיינע שמועסן, ווען אַלץ און אַלע זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט איין שטימונג. עס ווערן לעבעדיק אין זכרון די „שטילע" אָוונטן, ווען אַלע זיינען געזעסן אַרום און מ'האָט געזונגען שטילע האַרציקע פאָלקס־לידלעך, די שפּאַציר־גענג, קינדער יום־טובים, באַזוכן פון טעאַטער. אַ סך איינדרוקן, אַ סך עראייגענישן סיי פון אויסערלעכן לעבן, סיי פון אינערלעכן גיבן איבער אייך די קינדער—און אַלץ איז דורכגעדרונגען מיט אַ זאַפטיקן געפיל.

דער „סענטימענט" איז נאָך פאַרבליבן ביז היינט, און דערפאַר, אפשר, איז אויך פאַרבליבן אַזאַ צוגעבונדנקייט צו דער שטוב, אַזאַ אחריות־געפיל, אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער שטוב.

די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, די העכסטע אינסטאַנץ, האָט באַשלאָסן דאָס און דאָס — דער באַשלוס איז הייליק, און ווערט דורך אַלעמען אויסגעפירט פּינקטלעך. מער ניט, מ'פאַרגעסט זיך . . און דאָ קומט די „ווירטשאַפטס־קאָמיסיע" — דער פּאַקטישער אָנפירער פון דער שטוב — די ווירטשאַפטס־קאָ־מיסיע, אין וועלכער עס גייען אַריין אַלע אויפזעערס, אַלע פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר די קאָמיסיעס. די ווירטשאַפטס־קאָמיסיע האָט צו זאָגן איבער אַלץ און אַלעמען. זי מערקט אָן דעם פּלאַן פון ווייטערדיקער אַרבעט, זי פירט אים דורך אין לעבן, זי האָט צו זאָגן איבער אַלע סכסוכים.

נעכטן האָט זיך די זיצונג פון ווירטשאַפטס־קאָמיסיע שטאַרק פאַרצויגן. מ'איז געזעסן אַן ערך 2 שעה. אָבער ס'איז אַ סך אויפגעטאָן געוואָרן. ערשטנס: מ'האָט אונטערגעפירט אַ ס"ה פון דעם פאַרגאַנגענעם פּרץ־אָוונט. עס ווייזט זיך אַרויס, זאָגט שימקע, אַז ס'איז גאָרניט אַזוי שלעכט, ווי מיר האָבן געוואָרט. אמת, דער צווייטער געליטענער (איבם „דין־תורה מיטן ווינט") האָט ניט אינגאַנצן גוט דורכגעטראַכט זיין ראָלע. דערפאַר אָבער איז דער ערשטער אַקט דורך זייער גוט, שטימונגס־פול. דער לעצטער אַקט איז דורך גלענצנד. אַלע זיינען מסכים מיט שימקען.

נאָכדעם האָט דיווירטשאַפטס־קאָמיסיע אויסגעהערט דעם פּלאַן פון קולטור־קאָמיסיע וועגן דער ווייטערדיקער אַרבעט. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די קינדער פון ערשטן לערן־יאָר פוילן זיך אונטער, פאַלשעווען אונטער מיט די לעקציעס . . .

עס ווערט אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג: די עלטערע קינדער זאָלן העלפן דעם ערשטן לערניאָר. דער פאָרשלאָג ווערט איינשטימיק אָנגענומען. די פראַגע וועגן צוהעלפן מאַכן די לעקציעס שטייט ניט נאָר בנוגע די קלענערע, אויך צווישן די עלטערע זיינען פאַראַן עטלעכע אָפּגעשטאַנענע. אויך זיי מוז מען קומען צו הילף.

די קולטור־קאָמיסיע טראָגט אַריין אַ פאָרשלאָג: באַנייען די וועכנטלעכע פאָרלעזונגען. עס ווערט באַשלאָסן: פאַרן 4־טן און 5־טן לערניאָר 2 מאָל אין וואָך צו 2 שעה מיט אַ הפסקה 10 מינוט. פאַרן 2־טן און 3־טן 2 מאָל אין וואָך צו איין שעה. פאַרן ערשטן לערניאָר — אויך צוויי מאָל אין וואָך צו פופציק מינוט. —

לייענען וועט מען: איינמאָל אין וואָך וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור, דאָס צווייטע מאָל שיינע ליטעראַטור.

די ווירטשאַפט־קאָמיסיע באַשטעטיקט דעם פּלאַן. —

דער „וועש־אַלמער״ (די וועש־קאָמיסיע) גיט אָפּ אַ באַריכט וועגן זיין אַרבעט — ער בעט אויך פאַרבייטן יאָסלען, צוליב זיין אומטעטיקייט, מיט אַן אַנדער קינד —.—

דער ״געניי־אַלמער״, די אינווענטאַר־קאָמיסיע, די היגיער־קאָמיסיע, די סאַניטאַר־קאָמיסיע — מיט איין וואָרט אַלע קאָמיסיעס האָבן אָפּגעגעבן באַריכטן וועגן זייער טעטיקייט פאַר דער פאַרגאַנגענער וואָך. —

איצט גיבן אָפּ באַריכטן די אויפזעערס. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז נחמה האָט ניט דורכגעפירט איר אויפזעעריי. זי האָט ניט פאַנאַנדערגעטיילט די אַרבעט צווישן די קינדער, מען איז געגאַנגען צו שפּעט עסן פרישטיק, מען האָט פאַרשפּעטיקט אין שול, מען האָט ניט אָפּגעשייערט די צעראַטעס נאָכן עסן — — — נחמה פאַרענטפערט זיך: זי איז ניט אינגאַנצן שולדיק. מ'האָט געגעסן צו שפּעט, ווייל דער פרישטיק האָט היינט פאַרשפּעטיקט. דער „עס־צימער״ האָט היינט זייער שוואַך געאַרבעט. זי האָט ניט פאַנאַנדערגעטיילט די אַרבעט, ווייל זי האָט גערעכנט, אַז אַלע האָבן צו פיל לעקציעס, און מ'וועט ניט באַוויזן צוגרייטן. —

היינט איז וועלוועל אויפן עס־צימער. ער איז בכלל אַ שוואַכער אַרבעטער. און היינט האָט זיך די קיך פאַרשפּעטיקט. ער האָט געמיינט, אַז עס וועט נאָך דויערן אַ צייט. ער איז דערווייל אַרויס אויפן הויף און האָט זיך גאָר פאַרגעסן . . .

דערפאַר האָבן די „צימערן״ (די קינדער, וואָס ראַמען די שטוב, חוץ די שלאָף־צימערן) גלענצנד אָפּגעטאָן זייער אַרבעט א. א. וו.

די ווירטשאַפט־קאָמיסיע האָט קיין פראַגע ניט דורכגעלאָזט.

* * *



ארבעטער־קינדער־אינטערנאַט: די קינדער נייען.



ארבעטער־קינדער־אינטערנאַט: די קינדער זעגן האָלץ.

אינדערפרי. עס איז שוין, דוכט זיך, שפעט. יאָ. פונקט 6. און ס'איז נאָך דאָ אַזוי פיל אַרבעט. אַלע שלאָפן נאָך. מ'דאַרף אויפוועקן. מ'מוז זיך צוגרייטן אין שול. היינט זיינען פרומע מיט שרהלען אויך דער קיך. זיי שטייען שוין אונטן ביי דער פליטע. דאָס פייער ברענט שוין, זיי האָבן שוין צוגעשטעלט דאָס עסן. די צימערן זיינען ריין, נאָך פון נעכטן אָוונט (פאַרן שלאָף אויפגעראַמט). דער „עס-צימער" האָט נאָך נעכטן געגרייט צום טיש, צעשניטן דאָס ברויט. איצט דאַרף מען בלויז באַשמירן און אָוועקלייגן אויף אַן אָרט. די „קלאָדאָווע"-קאָמיסיע וועט באַלד אַרויסגעבן „שמירעכץ". אונטן וואַשט מען זיך שוין. און משהקע פוילט זיך אויסוואַשן גוט די אויערן — ער האָט מורא פאַר וואַסער. לאַהקע פון סאַניטאַר-קאָמיסיע מאַכט אים אויפמערקזאַם. ביי ישראלקען זיינען נאָך די נעגל ניט אינגאַנצן ריין . . .

בכלל האָט היינט די סאַניטאַר-קאָמיסיע אַ פולע אַרבעט.

יאָסעלע איז היינט ניט געזונט. כ'האָב אים אויסגעמאָסטן די טעמפּעראַטור—37.9. היינט דאַרף ער ליגן אין בעט. נאָר טיי מיט אַ שטיקל בולקע מעג ער עסן — ביז דער דאָקטאָר וועט קומען און וועט זאָגן, וואָס מען דאַרף טאָן.

דערווײַלע איז אָנגעקומען די וועשן. מ'מוז אויסציילן די וועש, פאַרשרייבן, אַרויסגעבן פּולווער, זייף. דער „עס-צימער" רופט שוין עסן. אַלע האָבן געענדיקט די אַרבעט, אַלע זיצן שוין ביים טיש. אליע דערציילט, אַז היינטיקע נאַכט האָבן זיך איר געחלומט שרעקלעכע חלומות, און זי האָט אַזוי מורא געהאַט — איר בעטל שטייט ביים סאַמע פענסטער. מ'האָט שוין אָפּגעגעסן. אַנדערע שטייען שוין אין די מאַנטלען; עס הערט זיך „אַ גוטן טאָג" — און אַלע זיינען שוין פון יענער זייט טיר. מיט אַ מאָל ווערט פוסט און שטיל, און טויט אין שטוב. מערניט דער „זיידע" קוקט אַראָפּ פון דער וואַנט מיט זיין קלוגן קוק, און פּרץ שמייכלט גוטמוטיק אונטער. אַזוי שטיל, אַזוי שטיל — און דזשעק דרייט זיך אַרום אַ אומעטיקער איבער די צימערן.

לעבעדיקער ווערט אין שטוב, ווען די קינדער קערן זיך אום פון שול.

מ'האָט זיך שוין אָפּגערוט נאָכן עסן, מען זיצט שוין ביי די לעקציעס. גרשון זיצט אַזוי שלעכט ביים שרייבן, אַז דער אויפזעער מאַכט אים אַ באַמערקונג: „וועסט ווערן הויקערדיק". היינט האָט מען אין שול דערקלערט חילוק פון געוויינלעכע ברוכצאָלן, און חנהקע קאָן בשום אופן ניט באַגרייפן: פאַרוואָס דאַרף מען עפּעס איבערדרייען זיי מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף...

פינף אַ זייגער גייט מען נייען. מאָטקע גייט צו קנעפּלעך. קיין אַנדער זאַך קאָן ער נאָך ניט. און וועלוועלע שפּילט דערווײַלע דעם נאָרוועגישן טאַנץ. באַלד וועט ער אויך מאַכן די לעקציע אויף מוזיק.

דער „עס-צימער" גיט איבער דעם צווייטן „עס-צימער", די צימערן— אויך, איצט קאָן מען שוין איבערנעמען די אויפזעערײַ.

„ווער גייט שפּילן אין פּיקער?"—„ווער גייט שפּילן אין צייכן?!"...

דער זייגער איז זיבן. מ'האָט שוין אָפּגעגעסן אָוונט-ברויט, מ'דרייט שוין וואַסער. אַכט. אַ גוטע נאַכט! מיר שלאָפן אַלע.

* * *

לאהקע איז אויפגעשטאַנען אין אַ שלעכטער שטימונג. איך ווייס ניט, וואָס איז מיט איר.

— „פילסט זיך ניט גוט?"

— „ניין! איך האָב היינט קיין שטימונג ניט". די קלענערע ווייסן גאָר פון קיין שטימונגען ניט. נאָר „די גרויסע" (14 יאָר אַלט)—און דאָ איז אַ פראַגע, אַ פּראָבלעם. עס בייטן זיך אָפט ביי די עלטערע קינדער די שטימונגען. אַ מאָל העלפט אַ גוט וואָרט, עס ווערט אַרויסגערופן אַ שמייכל אויף די ליפּן—אַ מאָל—אַ מאָל גייט מען דורך, ניט מאַכנדיק זיך וויסן.

און אַז די שטימונג רופט זיך אָפּ אויף דער אַרבעט—דעמאָלט איז גאָר עפּעס אַנדערש. „שטימונג איז אַ סוביעקטיווע זאַך. די שטוב דאַרף ניט ליידן דערפון". און עפטער איז מען מילדער: די אַרבעט גייט פאַרט ניט.

נאָר אויב די אַרבעט ווערט געשטערט ניט דורך דער שטימונג, אָ! דעמאָלט זיי אַזוי גוט, טו בעסער גאָרניט און שטער יענעם ניט. און טאַקע, דאָס ערגסטע איז ווען עמיצער געפינט זיך אין צושטאַנד פון „צוואַנגס־רו"... עס איז שוין בעסער אַרבעטן פאַר דרייען, איידער שטיין פונדערווייטנס און קוקן, ווי די גאַנצע שטוב אַרבעט, און איך ניט. אַרבעט איז דאָך סוף כּל סוף דאָ פאַר אַלעמען. ווער עס קאָן נייען—נייט, ווער עס האַקט האָלץ, ווער עס אַרבעט מיט די קליינע קינדערלעך. די אַרבעט ווערט דאָך צוגעפּאַסט צו יעדערן באַזונדער, לויט זיינע פעאיקייטן, לויט זיינע מעגלעכקייטן. און אויב עמיצער וויל ניט אַרבעטן — דעמאָלט שטייט די פראַגע אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג.

און קיינעם ווילט זיך ניט, מ'זאָל וועגן אים ריידן אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג. אויב די קליינע קינדער אַרבעטן ניט — זיינען זיי דאָך קליינע. היגדעלע קאָן, פאַרשטייט זיך, ניט טאָן דאָס, וואָס אַ גרויסע. זיי, די קליינע, ווערן אָבער אויך אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט. דער אויפזעער איבער די קליינע קינדער (אַזעלכע בייטן זיך אַלע וואָך) זעט שוין, די קינדער זאָלן טאָן דאָס, וואָס עס איז צוגעפּאַסט פאַר זיי, ער פאַרנעמט זיי מיט ספּעציעלע פאַרלעזונגען, שמועסן א. א. וו.

די קליינע קינדער פאַרנעמען בכלל אַ גרויס אָרט אין לעבן פון שטוב.

דער גרעסטער טייל אַרבעט פון די קאָמיסיעס, די אויפמערקזאַמקייט פון די גרעסערע קינדער איז שטענדיק געווענדעט אויף די קליינע קינדער.

אַזאַ מין צערטלעכע און אויפמערקזאַמע באַציאונג איז אויך פאַראַן בנוגע די שוואַכע קינדער. פרומע ווערט קיינמאָל ניט באַשטימט ווערן, ווען זי פילט זיך ניט גוט, אויף אַ שווערע אַרבעט. ווען פרומע זאָגט, אַז זי פילט זיך ניט אינגאַנצן גוט, נעמט די סאַניטאַר־קאָמיסיע תּיכּף אָן אַלע נויטיקע מיטלען: פולשטענדיקע רו, פאַרשטאַרקטע דערנערונג.

און זאָלן צו מיטאָג אַלע קינדער עסן אַ ביסל וואַסערדיקן זופּ מיט אַ ביסל פענסאַק, און פרומע — בולקע מיט אַ קאָטלעט, — דערוועקט זיך ביי קיינעם ניט דאָס געפיל פון קנאה צו איר. און דער קלענסטער, יאָסעלע, פאַרשטייט, אַז אַזוי דאַרף, אַזוי מוז זיין.

און אַז עס טרעפט זיך, אַז אַ גאַנצע גרופּע שוואַכערע קינדער באַקומט פאַרשטאַרקטע דערנערונג (לויט די מעגלעכקייטן) — מאַכט דען ניט, גרייט דען ניט די סאַניטאַר-קאָמיסיע צו פאַר יעדערן, וואָס ער דאַרף?! דערוועקט זיך גאָר ביי עמיצן פון די איבעריקע קינדער דאָס געפיל פון קנאה? ניין!

אָט שטייט דער אַלמער פון סאַניטאַר-קאָמיסיע אינגאַנצן אָפן. דאָרטן ליגן אַלע גוטע זאַכן—ווייסע ברויט, פוטער, אַ פּאָר אייער און אַ מאָל — אַן אַפּעלסין. —

אַזוי ווי עס איז קלאָר און נאַטירלעך דאָס, וואָס די שוואַכע קינדער זיינען אין אַ געוויסער מאָס אויסגעטיילט — אַזוי זיינען, אין אַן אַנדער זין, אויסגעטיילט די קינדער, וואָס לערנען זיך מוזיק. עס איז קלאָר פאַר אַלעמען, אַז אויב רישע, וועלוועקע און רבקה האָבן פעאיקייטן צו מוזיק און דאַרפן שפּילן



אַרבעטער-קינדער-אינטערנאַט: די קינדער פיטערן די ציג.

ביי אַ לערערקע — וועט גאָר קיינעם ניט איינפאַלן, אַז שימקע דאַרף זיך אויך לערנען שפּילן.

מערניט — די איבעריקע קינדער ווילן אויך געניסן פון מוזיק, — ווערן איינגעאָרדנט יעדע וואָך קאָנצערטן. די לערערקע פון מוזיק קומט אַלע פרייטאָג און זי שפּילט. מיר אַלע העלפן אונטער, מיר זינגען אונטער, מיר דיריזשירן. זייער אָפט פאַרוויילן מיר זיך נאָכן קאָנצערט: מיר טאַנצן, שפּילן אין עפּעס. מיר פאַרברענגען שפּעטער, ווייל מאָרגן איז דאָך שבת, מען דאַרף ניט גיין אין שול אַריין, שלאָפט מען אַ ביסעלע שפּעטער.

דער „שפּיל-אַלמער" (די קולטור-קאָם.) האָט שוין אויף איינער פון זיינע זיצונגען באַהאַנדלט די פראַגע וועגן מוזיק, ווי אַזוי זי ווירקט אויף די קינדער. דער איינשטימיקער אורטייל איז געווען: די מוזיק האָט אונז אַלעמען אַ סך

געגעבן, מיט גייען שוין אביסל אריין אין דער וועלט פון קלאַנגען, אין די אידעען פון מוזיק. מיר זיינען שוין שטיקלעך מבינים אויף גוטער און שלעכטער מוזיק, אויף גוטער און שלעכטער אויספירונג. יאָ, באַלד וועט פּאַרקומען אַרלאַווס קאָנצערט; אַז די קינדער, וואָס שפּילן, מוזן גיין — מיט דעם איז איינשטימיק אפילו אַליע. אָבער אַלע ווילן אים דאָך הערן. בלייבט: ווי די קאַסע וועט זאָגן. און די קאַסע זאָגט, אַז אַפילו קיין צוויי קינדער קאָנען ניט גיין, ווייל עס איז גאָר קיין געלט ניטאָ. פאַריקן מאָנאַט האָבן מיר געהאַט גרויסע דעפי־ציטן און מיר ווייסן ניט, ווי ביזן סוף חודש צו דערציען.

ניט נאָר קאָנצערטן האָבן מיר. למשל, ווען עס האָט זיך באַקומען די טרויעריקע ידיעה וועגן בעל־מחשבות'ס טויט (עס איז געווען פרייטאָג) — איז גלייך פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן אָנשטאָט דעם קאָנצערט איינאָרדנען אַ בעל־מחשבות־אָוונט. האָט מען צוערשט געשפּילט דעם טרויער־מאַרש; מיר האָבן באַערט בעל־מחשבות'ס אָנדענק מיט אויפשטיין, נאָכדעם האָט אונז בערל דערציילט וועגן בעל־מחשבות'ן, וועגן זיין לעבן און שאַפן, וועגן זיינע מעלות און פאַרדינסטן פאַר דער יידישער ליטעראַטור. נאָך אַ גאַנצער ריי פראַגן איז דער אָוונט געשלאָסן געוואָרן מיט מענדעלסאָנס טרויער־מאַרש — און דער טרויער נאָך בעל־מחשבות איז ביי אונז אויף לאַנג פאַרבליבן.

מיר האָבן אויך געווידמעט אַן אָוונט מעדעמען. צום IX יאָרצייט האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ פּרץ־אָוונט, און חיים (ער איז שוין איצט אין לערער־סע־מינאַר) האָט אונז געלייענט אַ פאָרטראַג וועגן אים . . . אַ מאָל אין מיטן דער וואָך, ווען מ'באַפרייט זיך פריער פון דער אַרבעט — טאַנצן מיר און פאַר־ברענגען. אַניע לערנט אונז אויס אַלע מאָל נייע טענץ און נייע לידער.

א. קאראלניק.

---

# קינדער־ביבליאָטעק

אויפן נאָמען פון ל. לאַנדוי.

קליין און אָרעם איז געווען די אַנשטאַלט ביי איר גרינדונג (דעצעמ־בער 1909 יאָר).

אין אַ דורכגאַנגס־צימער ביי דער שול „קינדער־פאַרזאָרגונג" — (ערשט די שול אויפן נאָמען פון ש. פרוג אויף באַקשט 4 №) איז געשטאַנען אַ שאַף צוזאַמענגעקלאַפּט פון ברעטער. אין שאַף האָבן זיך געפונען עטלעכע הונדערט קינדער־ביכלעך (אויסשליסלעך אין רוסיש) — נייע פון די ביליגסטע אויסגאַבן—און אַ באַדייטנדער טייל געניצטע — שלעכט געבונדן. דער צוזאַמענ־שטעל פון די ביכער איז געווען אַ גאַנץ צופעליקער — אין גרעסטן טייל לחלוטין ניט צוגעפּאַסט פאַר אונזערע יידישע קינדער. נאָר די נוצן פון אַ ספּעציעלער קינדער־ביבליאָטעק האָבן זיך באַלד גאַנץ בולט אַרויסגעוויזן. די צאָל קליינע לעזער איז שנעל געוואַקסן און איז אויף אַזוי פיל געוואָרן גרויס, אַז דער קאָ־

מיטעט פון דער געזעלשאַפט קינדער־פאַרזאָרגונג איז אין אַ יאָר אַרום געווען געצוואונגען צו עפענען אַ צווייטע קינדער־ביבליאָטעק (ענדע 1910). די צאָל לעזער איז אין ביידע ביבליאָטעקן געוואַקסן פון יאָר צו יאָר. גלייכצייטיק מיט דעם וואוקס פון דער צאָל לעזער פאַרגרעסערט זיך די צאָל ביכער אין דער קינדער־ביבליאָטעק. ביים קאָמיטעט פון געז. קינדער־פאַרזאָרגונג שאַפט זיך אַ ספּעציעלע ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג אָדער ביבליאָטעק־קאָמיסיע, וועלכע נעמט אָן ענערגישע טריט צו פאַרגרעסערן דעם סכום ביכער אין ביידע ביבליאָטעקן. די ביבל.־פאַרוואַלטונג טיילט אויס פון זיך אַ ליטעראַריש־פּעדאַגאָגישע קאָמיסיע, וועלכע שטעלט צונויף רשימות פון די בעסערע ביכער פון קינדער־ליטעראַטור. בכלל ווערט געלייגט פיל אַכט אויף דעם, אַז קיין בוך זאָל ניט אַריינגעפירט ווערן אין קינדער־ביבליאָטעק אָן דעם הסכּם פון דער קאָמיסיע, וועלכע איז באַקאַנט מיט דער קינדער־ליטעראַטור. די ביכער אין דער ק.־ב. ווערן אַרויסגעגעבן אונטערן קאָנטראָל און השגחה פון די מיטאַרבעטער, וועלכע לייגן אַכט און אויפמערקזאַמקייט אויף דעם, אַז דאָס בוך זאָל זיין צוגעפּאַסט צום עלטער און אַנטוויקלונג פון קינד.

אָנפאַנג 1914 האָט דער קאָמיטעט פון קינדער־פאַרזאָרגונג באַשלאָסן צו עפענען אַ דריטע קינדער־ביבליאָטעק אויף נאָוואָגראָד, אין צענטער פון דער יידישער אָרימקייט. גלייכצייטיק האָט מען אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט צו עפענען אַ לייענזאַל פאַר קינדער ביי דער ערשטער קינדער־ביבליאָטעק, ווייל די נייטיקייט אין אַזאַ מין לייענזאַל איז שוין צו יענער צייט רייף געוואָרן. אָבער צוליבן אויסברוך פון דער מלחמה זיינען די פּלענער דאַן ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

אין אויגוסט 1915 יאָר האָט מען די צווייטע קינדער־ביבליאָטעק צוגעמאַכט אינגאַנצן — (די ביכער אַריבערגעפירט אין דער ערשטער ק.־ב.), ווייל קיין אויסזיכטן אויף מיטלען זיינען ניט געווען. היות ווי די ערשטע קינדער־ביבליאָטעק האָט נאָך געהאַט אַ פאָנד פון לאַנדויס געלט (דער פאָנד איז פריער געווען באַשטימט בלויז אויף איינצוקויפן ביכער), האָט זי געקענט מער אָדער ווייניקער נאָרמאַל פונקציאָנירן. נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט, האָבן זיך אינגיכן אָנגעהויבן צו קאָנצענטרירן אין דער ערשטער קינדער־ביבליאָטעק די לעזער פון ביידע ביבליאָטעקן: עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע באַוועגונג אין קינדער־ביבליאָטעק.

אויב די קינדער־ביבליאָטעק, אַלס אַזעלכע, האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער דערציאונג פון אונזערע קינדער אין שלום־צייט, האָט זי בשעת דער מלחמה געפונען אַ גרעסערן אָרט פאַר טעטיקייט אויפן געביט פון דערציאונג אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אויפבליאונג פון דער מאָדערנער יידיש־וועלטלעכער שול.

עס איז שוין געווען אַ כּלל, אַז די יידישע קינדער לייענען דאָס רוב רוסישע ביכער, און מען האָט זיך צו דעם אַזוי צוגעוואוינט, אַז מען פלעגט אַפילו ניט האַלטן פאַר נייטיק וועגן דעם צו ריידן. די סבּות דערפון זיינען זעלבסטפאַרשטענדלעכע: יידישע קינדער־ליטעראַטור איז כּמעט ניט געווען

אויפן ביכער-מאַרק; אין דער אַמאָליקער שול האָט געהערשט אַלס אונטערריכט שפּראַך רוסיש, און, נאַטירלעך, האָט דאָס יידישע קינד געלייענט גיכער אַ רוסיש ביכל, איידער אַ יידיש.

נאָר מיט דער אויפבליאונג פון דער נייער יידישער פאָלקס-שול, וואו די אונטערריכט-שפּראַך איז יידיש, הויבט אָן אין ק.-ב. צו הערשן אַן אַנדער גייסט. די פאָדערונגען פון יידישן קינדער-בוך וואַקסט פון יאָר צו יאָר.

צוקוקנדיק זיך צו די באַריכטן און דיאַגראַמען פון דער ק.-ב. פאַר די יאָרן 1915 — 1923 באַמערקט מען, אַז אין 1915 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן 2,7% יידישע ביכער; — 1916 4,5%, אין 1918 יאָר איז שוין 29%, אין 1920 יאָר 55%, אין 1921, 1922 און 1923—ביז 62% יידישע ביכער.

נאַטירלעך, דער סכום יידישע עקזעמפּלאַרן גופא וואַקסט אין דער ק.-ב. מיט יעדן יאָר. ביז 1912-טן יאָר האָט זיך אין קינדער-ביבליאָטעק בכלל קיין יידיש ביכל ניט געפונען (העברעאישע קינדער-ביכער האָט מען אָנגעהויבן איינצוקויפן פאַר דער ק.-ב. אין 1913-טן יאָר, מיט אַ יאָר שפּעטער, ווי יידישע). נאָך אין 1915-טן רעכנט זיך אין ק.-ב. מער ניט ווי 500 עקז. יידישע קינדער-ביכלעך.

בכלל, צוליבן שטענדיקן מאַנגל אין געלט-מיטלען, זיינען אין די מלחמה-יאָרן (1914 — 1919) ווייניק נייע ביכער צוגעקויפט געוואָרן. די אַלטע זיינען שטאַרק אָפּגעניצט געוואָרן. אַ גרויסער פּראָצענט ביכער איז פאַרפאַלן געוואָרן, „אויסגעוואַנדערט“ צוזאַמען מיטן לעזער אין די צייטן פון פאַרשיידענע עוואַקואַציעס און אָקופּאַציעס.

פאַרשיידענע „קאָמיטעטן“ און געזעלשאַפטן, וועלכע האָבן דאָ עקסיסטירט אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, פלעגן קיין ביבליאָטעקן ניט אָנערקענען און פלעגן אונזער ביבליאָטעק לחלוטין ניט סובסידירן. אפילו די „דעמאָקראַטישע“ קהילה האָט די ק.-ב. ניט סובסידירט. אַ קאַרדינאַלע ענדערונג אין ביבליאָטעק-לעבן קומט פאַר פון דער צייט, ווען די ק.-ב. גייט אַריבער צום צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט (אין 1919 יאָר). אַ דאַנק דער הילף פון קאָמיטעט האָט זיך איינגעגעבן אַריינברענגען אַ נייעם פרישן שטראָם אין ביבליאָטעק-לעבן. קודם-כל זיינען אָנגענומען געוואָרן די ענערגישע טריט צו פאַרגרעסערן די צאָל ביכער אין דער ק.-ב. זייער אַ גרויסער סכום ביכער איז געקויפט געוואָרן פאַר די לעצטע 3—4 יאָר—הויפּטזעכלעך יידישע, ווייל אויף דעם געביט האָט זיך געפילט דער גרעסטער נאָכפרעג. אַזוי למשל — איז פאַר די יאָרן 1921—1923 צוגעקומען אין ק.-ב. העכער 6000 עקזעמפּלאַרן. דער גרעסטער פּראָצענט פאַלט נאַטירלעך אויף יידישע ביכער. אין 1921 יאָר רעכנט זיך יידישע ביכער 1700 עקז. הייַנט געפינען זיך אָבער אין ביבליאָטעק ביז 6000 עקז. יידישע קינדער-ביכער.

אָבער אויך די צאָל ביכער קאָן ניט אינגאַנצן באַפרידיקן דעם נאָכפרעג. דעריבער מוז מען אין דער נאָענטסטער צייט די צאָל יידישע ביכער פאַרגרעסערן.

דער אַלגעמיינער סכום ביכער אין ק.-ב. רעכנט זיך לויטן אינווענטאַר 16000 עקז. אין אַלע פיר שפּראַכן: יידיש, העברעאיש, רוסיש און פּויליש—

פראָצענטועל לויט די שפּראַכן: רוסיש—50%*), יידיש—38%, העברעאיש—10% און פּויליש—2% (די אָפּטיילונג פון פּוילישע ביכער איז איינגעפירט געוואָרן ערשט אין 1923 יאָר).

גרויס איז געוואָרן אונזער אַנשטאַלט פאַר די 15 יאָר פון איר עקסיסטענץ. ברייט און טיף איז אָוועק די אינערלעכע אַרבעט. אַנשטאָט איין צימערל ביי אַ פרעמדער אַנשטאַלט, פאַרנעמט די ק.־ב. אַ באַזונדערע וואוינונג פון 4 צימערן. אַלע ווענט זיינען פאַרשטעלט מיט שאַפן, וועלכע זיינען פאַרפּאַקט מיט ביכער אַזוי, אַז עס איז שטענדיק ענג אויף די פּאָליצעס.

צוויי צימערן פאַרנעמט די ביבליאָטעק גופא. די איבעריקע צוויי זיינען פאַרנומען מיטן לייען־זאַל, וועלכער עקסיסטירט ביי דער קינדער־ביבליאָטעק, און אויף וועלכן עס איז כדאי זיך אָפּצושטעלן גענויער.

טויזנטער קינדער באַזוכן יערלעך די קינדער־ביבליאָטעק — צענדליקע טויזנטער ביכער ווערן אַרויסגעגעבן.

אָבער דאָס ציל פון אַ פּראָגרעסיווער ביבליאָטעק באַשטייט ניט נאָר אין דעם באַפרידיקן די פאָדערונג פון לעזער אין בוך—נאָר זי שטרעבט צו וועקן, אַרויסרופן און פאַרגרעסערן די פאָדערונג. די ביבליאָטעק דאַרף ניט נאָר קומען אַנטקעגן דעם לעזער, זי איז מחויב אים זוכן, צוציען. זי מוז אויך שטרעבן צו דערציען, צוגרייטן דעם לעזער, וועקן אין אים אַ חשק און ליבע צום בוך, לערנען אים, וואָס און ווי צו לייענען. דערציען מוז מען דעם לעזער פון קינדהייט אָן. צו אַזאַ מין פּעדאַגאָגיש־דערציערישער אַרבעט האָט שטענדיק געשטרעבט די קינדער־ביבליאָטעק, און טיילווייז האָט זי עס גענומען פאַרווירקלעכן אין לייען־זאַל.

דער לעצטער האָט זיך געגרינדעט ווינטער 1915 יאָר. הונדערטער קינדער פלעגן באַזוכן דעם זאַל די ערשטע צוויי יאָר פון דער דייטשער אָקופּאַציע, געפינענדיק דאָרטן אַ חוץ אַ אינטערעסאַנט און באַליבט ביכל—אַ ווארים און ליכטיק אָרט זיך אָפּצורוען פון קעלט און פינסטערניש, וואָס האָבן געהערשט אין זייערע היימען אין יענע שרעקלעכע הונגער־יאָרן.

אין די יאָרן 1917—1919 ווערט דער לייען־זאַל ווייניק באַזוכט פון די קליינע לעזער. די סיבות דערפון זיינען זעלבסטפאַרשטענדלעך. עס האָט זיך אָנגעהויבן די אויסוואַנדערונג פון שטאָט אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך; די קינדער זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַלגעמיינעם שמוגל, וועלכער האָט אַרומגענומען דעם גרעסטן טייל פון דער אויסגעמאַטערטער און פאַרהונגערטער באַפעלקערונג. די קינדער זיינען געוואָרן „גייערס" אין דאָרף, זיינען אַרויס אויף דער גאַס פאַרקויפן „באַבקעלעך", פּאַפּיראָסן, אונטערטראָגן דעם דייטש אַ פּעקל.

אין 1920 יאָר ווערט אין קינדער־ביבליאָטעק לעבעדיקער. די ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג אָדער ביבליאָטעק־קאָמיסיע ביי דעם צ. ב.־ק. אַרבעט אויס

*) רוסישע ביכער איז דער גרעסטער פּראָצענט דערפאַר — ווייל פון דער צווייטער ביבליאָטעק איז אַריבער אַ גרויסער סכום ביכער בלויז רוסישע.

אַ פּלאַן, ווי אַוועקצושטעלן די אַרבעט אין לייען־זאַל. עס ווערט דורכגעפירט אַ גאַנצע ריי שמועסן מיט די קינדער אויף פאַרשיידענע פראַגן — עס ווערט אויך איינגעאָרדנט אַ גאַנצע ריי פאָרלעזונגען אויף טעמעס, וועלכע זיינען ענג פאַרבונדן מיט דעם בוך.

אין די ווייטערדיקע יאָרן אַנטוויקלט זיך אַ ברייטערע, מער סיסטעמאַטישע אַרבעט. עס ווערן געפירט אָפּט שמועסן אַרום די פראַגן, וועלכע די קינדער שטעלן מונדלעך אדער שריפטלעך (אויפן טאָוול אָדער אין פּאָסטקאַסטן). די פראַגן זיינען פאַרשיידנאַרטיקע, טראָגן אַ ליטעראַרישן, וויסנשאַפטלעכן אָדער געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. אַ גרויסן לעבעדיקן אָנטייל אין די שמועסן נעמען די לערער. זיי פאַרענטפערן דעם גרעסטן טייל פראַגן.

עס ווערן אויך פון צייט צו צייט פאַרגעלייענט קינסטלערישע ווערק פון דער אָריגינעלער אָדער איבערזעצטער קינדער־ליטעראַטור. מען דערציילט אויך מעשהלעך די קינדער.

אַ ברייטער פעלד פאַר אַרבעט איז פאַראַן אין לייען־זאַל. אַ רייכער דאַנקבאַרער באָדן פאַר דערציאונג און אַנטוויקלונג פון יידישן קינד אויפן געביט פון דער יידישער מאָדערנער קולטור. די קינדער־ביבליאָטעק און דער לייען־זאַל זיינען אַ המשך פון אונזער שול—אַ דערגאַנצונג צו איר.

דעם לייען־זאַל באַזוכן דורכן יאָר טויזנטער קינדער, דערהויפּט אין די ווינטערדיקע חדשים און אויך אין זומער־צייט—ווען די שולן זיינען געשלאָסן. פאַרן יאָר 1923 איז אין לייען־זאַל אַרויסגעגעבן געוואָרן איבער 8000 ביכער— 92% יידישע און 8% אין די איבעריקע שפּראַכן. באַזוכט האָבן דורכן יאָר איבער 7000 קינדער. פאַרן לייען־זאַל זיינען דאָ ספּעציעלע ביכער (די בעסטע אויסגאַבן), וועלכע ווערן אין ביבליאָטעק ניט אַרויסגעגעבן.

אין 1923־טן יאָר האָט דער צ. ב. ק. אָנגערופן דעם לייען־זאַל ביי דער קינדער־ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון וולאַדימיר מעדעם און אויך געשטעלט אַ שאַף מיט ביכער אויף זיין נאָמען.

אַ גרויס נחת־רוח האָט מען, ווען מען זעט, ווי אין אַ ליכטיקן צימער זיצן ביי לאַנגע טישן קינדער פון פאַרשיידענעם עלטער און זיינען פאַרטיפט אין די ביכלעך. דערביי הערשט אַן אַבסאָליוטע רו. די קינדער זיינען אַזוי דיסציפּלינירט, אַז קיינער שטערט ניט. עס טרעפט זיך, אַז אין איין צייט לייענען 40—50 קינדער אין זאַל, און מען הערט, ווי אַ פליג באַוועגט זיך. געענדיקט לייענען, גייט דאָס קינד אויף די שפּיץ פינגער אָפּגעבן דאָס בוך.

אין אַלגעמיין, זיינען די לעזער זייער צוגעבונדן צו דער ביבליאָטעק. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די לעזער קלייבט אויס אַ קאָמיסיע, וועלכע פילט אויס אַ גאַנצע ריי טעכנישע אַרבעטן, וואָס זיינען פאַראַן אין ביבליאָטעק לרוב.

די קינדער־קאָמיסיע באַציט זיך זייער אויפמערקזאַם צו דער אַרבעט, וועלכע זי פירט דורך זייער גערן. די קינדער־קאָמיסיע גיט אָפּ פון צייט צו צייט באַריכטן דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די לעזער.

## די באַוועגונג אין צוזאַמענשטעל פון די לעזער אין דער ביבליאָטעק:

| לעזער | געשלעכט: ייִנגלעך | מיידלעך | צוזאַמען | עלטער: 5—7 יאָר | 8 יאָר | 9 יאָר | 10 יאָר | 11 יאָר | 12 יאָר | 13—15 יאָר | 15—17 יאָר | צוזאַמען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| געווען צום 1־טן יאַנואַר 1923 . . . . | 344 | 456 | 800 | 80 | 104 | 160 | 104 | 104 | 128 | 104 | 16 | 800 |
| ניי פאַרשריבן זיך . . . . . . . | 401 | 410 | 811 | 47 | 47 | 73 | 108 | 134 | 125 | 253 | 4 | 811 |
| אויסגעשריבן זיך . . . . . . . . | 308 | 308 | 616 | 28 | 28 | 61 | 82 | 93 | 114 | 182 | 4 | 616 |
| געבליבן צום 1 יאַנואַר 1924: צאָל . . | 437 | 558 | 995 | 99 | 119 | 172 | 130 | 145 | 139 | 175 | 16 | 995 |
| 〃 〃 〃 〃 〃 אין %. | 44 | 56 | 100 | 10 | 12,1 | 17.5 | 13,2 | 14,6 | 14,1 | 17,3 | 1,2 | 100 |

| לעזער | לערנאַנשטאַלטן: חדר | פאָלקס־שול | מיטל־שול | אינדער־היים | אומבאַ־שטימט | צוזאַמען | באַשעפטיקונג פון די עלטערן: בעלי־מלאכות | קליינ־הענדלער | אַרבעט., ה.־אַנג. | סוחרים | פרייע פראָפ. | כלי־קודש | צוזאַמען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| געווען צום 1־טן יאַנואַר 1923 . | 112 | 280 | 192 | 160 | 56 | 800 | 232 | 232 | 76 | 104 | 56 | 100 | 800 |
| ניי פאַרשריבן זיך . . . . . | 77 | 235 | 257 | 163 | 79 | 811 | 222 | 211 | 134 | 184 | 51 | 9 | 811 |
| אויסגעשריבן זיך . . . . . . | 72 | 193 | 182 | 117 | 52 | 616 | 202 | 138 | 111 | 119 | 35 | 11 | 616 |
| געבליבן צום 1 יאַנואַר 1924: צאָל. | 117 | 322 | 267 | 206 | 83 | 995 | 252 | 305 | 99 | 169 | 72 | 98 | 995 |
| 〃 〃 〃 〃 〃 אין % | 11,9 | 32.6 | 27 | 20.1 | 8,4 | 100 | 25,4 | 30.7 | 8,8 | 17 | 7,1 | 1,1 | 100 |

## אַרויסגעגעבענע אין דער קינדער=ביבליאָטעק אין 1923 ביכער לויט די שפּראַכן און אָפּטיילונגען:

יידישע ביכער

| אָפּטיילונג | צאָל ביכער | % |
|---|---|---|
| בעלעטריסטיק . . . | 11732 | 82,3 |
| ליטעראַטור=וויסנשאַפט. | 46 | 0.4 |
| נאַטור=וויסנשאַפט. . | 398 | 2,7 |
| געשיכטע . . . . | 756 | 5,3 |
| געאָגראַפיע . . . | 1087 | 7.6 |
| זשורנאַלן . . . . | 240 | 1,7 |
| צוזאַמען. . . | 14259 | 100 |

העברעאישע ביכער

| אָפּטיילונג | צאָל ביכער | % |
|---|---|---|
| בעלעטריסטיק . . . | 1724 | 91,7 |
| פּאָפּוליער=וויסנש. . . | 86 | 4,5 |
| זשורנאַלן . . . . | 73 | 3.8 |
| צוזאַמען. . . | 1883 | 100 |

רוסישע ביכער

| אָפּטיילונג | צאָל ביכער | % |
|---|---|---|
| בעלעטריסטיק . . . | 6033 | 96 0 |
| פּאָפּוליער=וויסנש. . . | 180 | 2.9 |
| זשורנאַלן . . . . | 69 | 1,1 |
| צוזאַמען. . . | 6282 | 100 |

פּוילישע ביכער

| אָפּטיילונג | צאָל ביכער | % |
|---|---|---|
| בעלעטריסטיק | 804 | 100 |

פון דער אַלגעמיינער צאָל ביכער:

| | |
|---|---|
| יידישע . . . . | 61,3% |
| רוסישע . . . | 27,0% |
| העברעאישע . | 8,2% |
| פּוילישע . . . | 3,5% |

## אַרויסגעגעבענע אין לייענזאַל אין 1923 ביכער לויט די שפּראַכן און אָפּטיילונגען:

יידישע ביכער

| אָפּטיילונג | צאָל ביכער |
|---|---|
| בעלעטריסטיק . . | 6539 |
| ליטער. וויסנש. . | 45 |
| נאַטורוויסנשאַפט . | 119 |
| געשיכטע . . . . | 313 |
| געאָגראַפיע . . . | 190 |
| זשורנאַלן . . . . | 167 |
| צוזאַמען. . | 7373 |

רוסישע ביכער

| אָפּטיילונג | צאָל ביכער |
|---|---|
| בעלעטריסטיק . . | 260 |
| פּאָפּוליער=וויסנש. . | 21 |
| זשורנאַלן . . . . | 3 |
| צוזאַמען. . | 284 |

העברעאישע ביכער

| אָפּטיילונג | צאָל ביכער |
|---|---|
| בעלעטריסטיק . . | 318 |
| פּאָפּוליער=וויסנש. . | 32 |
| זשורנאַלן . . . . | 19 |
| צוזאַמען. . | 369 |

פּוילישע ביכער

| אָפּטיילונג | צאָל ביכער |
|---|---|
| בעלעטריסטיק . . . | 29 |
| צוזאַמען. . | 29 |

| | | |
|---|---|---|
| יידישע ביכער . . . . . . . . | 7373 | 91,6% |
| רוסישע " . . . . . . . | 284 | 3,5% |
| העברעאישע " . . . . . . | 369 | 4,6% |
| פּוילישע " . . . . . . . | 29 | 0,3% |
| | 8055 | 100% |

חיה ווייסבאָרד.

# גימנאַזיע פון ס. מ. גורעוויטש.

די גימנאַזיע, וואָס הייסט איצט „יידישע גימנאַזיע פון סאָפיע גורעוויטש", איז געעפנט געוואָרן אין יאָר 1906 דורך פּ. פּ. אַנטאָקאָלסקי און ס. מ. גורעוויטש. דאָס איז געווען די ערשטע יידישע פּריוואַטע גימנאַזיע פאַר מיידלעך אין ווילנע. ביז יענער צייט האָבן פּריוואַטע פּערזאָנען, און יידן בפרט, ניט געהאַט קיין רעכט צו עפענען מיטלשולן.

ערשט לויטן אַלערהעכסטן באַפעל פון 14-טן יאַנואַר 1906, האָט מען ערלויבט פּריוואַטע פּערזאָנען עפענען שולן מיט רעכט פאַר די שילער. די אונטערריכטשפּראַך איז, נאַטירלעך, געווען רוסיש, די שול איז אָבער פון די ערשטע טעג אָן געווען אַ יידישע, ניט נאָר לויטן צוזאַמענשטעל פון די שילער און לערער, נאָר אויך לויטן גייסט: אַנשטאָט די פאָרגעשריבענע (פון דער מאַכט) 2 שעה „זאַקאָן באָזשי" פירט מען איין 3 שעה, אָבער ניט קיין „זאַקאָן באָזשי" לערנט מען אין די שעהן, נאָר העברעיש, מעשהלעך פון חומש, יידישע געשיכטע (אין די עלטערע קלאַסן), און אָפטמאָל ווערן אפילו אויף די דאָזיקע שעהן פאָרגעלייענט ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור.

דאָס אַלץ ווערט, פאַרשטייט זיך, געפירט אומלעגאַל *).

די קינדער-יום-טובים טראָגן אַן אויסגעשפּראָכן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

די פאַרשטאָרבענע לערערין און קולטור-טוערין קאַמעניעצקאַ פּרובט ניט איינמאָל פאָרלייגן דעם פּעדאַגאָגישן ראַט און אויך די עלטערן-פאַרזאַמלונגען איינצופירן יידיש (אַלס לימוד), אָבער אַזוינע „פּרעטענזיעס" זיינען דעמאָלט געווען אינגאַנצן ניט פאַרשטענדלעך.

אויך איז דעמאָלט געווען שווער צו קריגן לערער פאַר יידישער ליטעראַטור און געשיכטע. ס'איז אויסגעקומען איינצולאַדן אויף די דאָזיקע לימודים מענטשן, וואָס האָבן זיך ניט ספּעציעל פאַרנומען מיט לערעריי. אַזוי האָט אַ געוויסע צייט געפירט יידישע געשיכטע דער באַוואוסטער אַבראַמאָוויטש-ריין.

די גימנאַזיע האָט זיך דאַן אויסגעצייכנט מיט איר פּעדאַגאָגישן מהות.

נאַטורוויסנשאַפט ווערט למשל איינגעפירט אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס, ווי דאָס פאָדערט די מאַכט: 12 שעה פיזיק און 18 שעה נאַטור וועכנטלעך אָנשטאָט די פאָרגעשריבענע 4 שעה נאַטור און 4 שעה פיזיק אין דער גאַנצער גימנאַזיע. פאַר די דאָזיקע אָפּווייכונגען פון דער רעגירונגס-פּראָגראַם קריגט טאַקע די גימנאַזיע שפּעטער אַן אויסרייד (רעוויזיאָנס-באַריכט 19. I. 1914 פון שול-קוראַטאָריום). געפירט האָט זיך דער נאַטור-לימוד לויט דעם עקספּערימענטאַלן מעטאָד. אין יענער צייט איז דער דאָזיקער מעטאָד אָנגעווענדט געווען נאָר אין געציילטע בעסערע שולן פון רוסלאַנד.

גרויסע אויפמערקזאַמקייט איז אויך אָפּגעגעבן געוואָרן די עקסקורסיעס

---

*) אויף וויפיל די יידישע לימודים זיינען געווען ביי דער מאַכט טריף, קען מען זען דערפון, וואָס אין איין רעוויזיאָנס-באַריכט (פון געהילפס-קוראַטאָר ה' באַזורעוויטש פון 16-טן יאַנואַר 1914 יאָר) לייגט פאַר דער פאַרשטייער פון שול-קוראַטאָריום אויסצושליסן פון די לערנביכער דובנאָווס יידישע געשיכטע 3-טער טייל.

פון דער שול־יוגנט (נאָענטע און ווייטע—קיין פעטערבורג, למשל). דאָס זיינען געווען די ערשטע שול־עקסקורסיעס אין ווילנע.

די גימנאַזיע האָט פאַרמאָגט אַ גוט איינגעאָרדענטן פיזישן קאַבינעט און אַ גרויסע ביבליאָטעק, וואו עס זיינען געווען ביכער ניט נאָר רעקאָמענדירטע פון דעם "ученый комитет при мин. нар. просвещенія" נאָר אַזוינע, וואָס האָבן ביים קאָמיטעט קיין חן ניט געפונען, וואָס זיינען אָבער רעקאָמענ־דירט געווען פון אַלע ערנסטע שול־טוער.

אַזוינע ביכער האָבן, לויטן באַפעל פון קוראַטאָריום פון 16־טן יאַנואַר 1914 יאָר, געדאַרפט אויסגעשלאָסן ווערן פון געברויך אין דער גימנאַזיע, נאָר דער באַפעל איז, פאַרשטייט זיך, ניט אויסגעפירט געוואָרן: די פאַרווערטע ביכער ווערן בלויז אויסגעשלאָסן פון אַלגעמיינעם ביבליאָטעק־קאַטאַלאָג.

ס'איז כּדאַי אָנצוווייזן, אַז כאָטש די שול האָט זיך ניט געהאַלטן שטרענג אָן דער מלוכה־פּראָגראַם, דאָך האָבן די שילער גלענצנד אויסגעהאַלטן די אַרויסלאָז־עקזאַמענעס אין דער אָנוועזנהייט פון די "דעפּוטאַטן" פון קוראַ־טאָריום: דורכשניטלעך פלעגן 20—30% קריגן מעדאַלן.

אַלע לערער אין גימנאַזיע, אַחוץ די לערער פון רוסיש און רוסישער געשיכטע, זיינען געווען יידן.

באַזוכט די גימנאַזיע האָבן מייסטנס קינדער פון דער מיטל־ און קליין־בורזשואַזיע. די רייכערע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג האָבן שטענדיק געשיקט זייערע קינדער אין די קריסטלעכע פּריוואַטע און מלוכה־גימנאַזיעס.

אין די צייטן פון דער רעאַקציע, אין די יאָרן 1908, 1909 און ווייטער, איז דער גימנאַזיע אויסגעקומען איבערצולעבן שווערע מאָמענטן. עס איז געווען זעער שווער מיטן באַשטעטיקן די לערער, מיט באַשטימען פון דער מאַכט אַ קריסטלעכן דירעקטאָר, אויך האָט זיך ניט איינגעגעבן צו באַקומען רעכט צו עפענען אַן אַכטן פּעדאַגאָגישן קלאַס ביי דער גימנאַזיע.

דאָך האָט די שול געפירט נאָרמאַל אירע לימודים ביז דעם 1915 יאָר, ווען זי איז צוליב דער מלחמה עוואַקואירט געוואָרן קיין פּאָלטאַווע.

דאָ פאַרברייטערט די גימנאַזיע נאָך מער איר טעטיקייט. אַלס אַ יידישע גימנאַזיע געפינט זי אַ טיפן אָפּקלאַנג ביי דעם גרעסטן טייל יידישער באַ־פעלקערונג פון דער שטאָט, וואו די יידישע קינדער האָבן זיך גענוג אָנגעליטן פון דעם אַנטיסעמיטישן גיהנום אין די קריסטלעכע שולן. די צאָל קינדער פון דער גימנאַזיע דערגרייכט 869 שילער און שילערינס, פון זיי 605 קינדער פון פּאָלטאַווע גופא.

די גימנאַזיע האַלט זיך שטרענג אָן אירע פריערדיקע פּעדאַגאָגישע פּרינ־ציפּן; אויך נוצט זי אויס די פּאָליטישע דערגרייכונגען און טראָגט אריין אַ סך אויסבעסערונגען אין דער שול: אין 1916 יאָר ווערט ביי דער שול געעפנט אַן אַכטער פּעדאַגאָגישער קלאַס, אין 1917 יאָר ווערט זי אָנערקענט אַלס אַ קאָעדו־קאַציע־שול מיט רעכט פון מענער־גימנאַזיעס.

דער געדאַנק, וואָס ס'איז פריער געווען אַזוי פרעמד דעם גרעסטן טייל לערער און שול־טוער, אַז די יידישע מיטל־שול דאַרף זיך פירן אין יידיש,

האָט איצטער, נאָך דער רעוואָלוציע, געפונען אַ דאַנקבאַרן באָדן. אָבער דאָ האָט זיך דער פּעדאַגאָגישער ראַט אָנגעשטויסן אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד מצד די עלטערן, וועלכע האָבן וועגן דעם ניט געוואָלט הערן (די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פון די דאָרטיקע יידן האָבן זיך אויסגעדריקט אין ציוניזם).

די גימנאַזיע האָט געוואָלט אָנהויבן די רעאָרגאַניזאַציע בהדרגה: צוערשט איינפירן יידיש אַלס למוד.

נאָך אַ דויערנדיקן קאַמף האָבן די עלטערן איינגעשטימט, אַז אין גימנאַזיע זאָל אַיינגעפירט ווערן יידיש און העברעאיש, נאָר פאַקולטאַטיוו, לויט דעם אויסוואַל פון די עלטערן.

דער דאָזיקער קאַמף האָט געבראַכט צו דער איבערצייגונג, אַז אַ שול אויף יידיש איז מעגלעך נאָר אין אַ יידישן צענטער אין דער ליטע, און באַזונדערס אין ווילנע.

דעריבער פאַרלאָזט די פאַרוואַלטערין פון דער גימנאַזיע ס. מ. גורעוויטש פּאָלטאַווע און קומט אין 1918 יאָר צוריק קיין ווילנע, וואו זי געפינט טאַקע אַ ברייטע פעלד פאַר איר טעטיקייט. לויטן פאָרשלאָג פון דער געזעלשאַפט „מפיצי השכלה“ טרעט זי אַריין אין דער פאַרוואַלטונגס-קאָלעגיע, וואָס האָט די אויפגאַבע איבערצובויען די אַזוי גערופענע גרופּן (וואָס האָבן זיך געפירט אין רוסיש) אין אַ יידישער גימנאַזיע. אַזוי אַרום ווערט געגרינדעט די יידישע רעאַל-גימנאַזיע. כּדי צו געבן די געוועזענע שילער פון דער אַמאָליקער רוסישער גימנאַזיע די מעגלעכקייט צו ענדיקן זייער בילדונג אויף רוסיש, האָט ס. מ. גורעוויטש גלייכצייטיק געעפנט איר אַלטע גימנאַזיע — בלויז די עלטערע 4 קלאַסן, וואָס האָבן זיך אין משך פון 4 יאָר בהדרגהדיק פאַרמאַכט, און אין 1922 יאָר איז געווען דער לעצטער אַרויסלאָז פון דער אַלטער גימנאַזיע (סך הכל זיינען פאַר דער גאַנצער צייט פון 1906 ביז 1922 געווען 13 אַרויסלאָזן פון דער גימנאַזיע).

די גימנאַזיע אַלס רוסישע האָט אויפגעהערט צו עקסיסטירן. איצט קומט אָן אַ נייע עפּאָכע פאַר דער גימנאַזיע, ווען זי ווערט אַ יידיש-וועלטלעכע שול מיט יידיש אַלס אונטעררייכטס-שפּראַך.

די גיכע אַנטוויקלונג פון דער רעאַל-גימנאַזיע האָט באַוויזן, אַז די יידישע שול האָט אין דער יידישער געזעלשאַפט געלאָזן טיפע וואָרצלען. איצט האָט זיך געפונען אַן אָרט פאַר פּריוואַטער איניציאַטיוו. דאָס האָט באַוואויגן ס. מ. גורעוויטש צו עפענען איר פּריוואַטע גימנאַזיע. צוזאַמען מיט אַ גרופּע לערער, וואָס האָבן געהאַט דיזעלבע פּעדאַגאָגישע אָנשויאונגען, איז ס. מ. צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. די פּעדאַגאָגישע אידעען פון די מיטאַרבעטער זיינען געווען: פירן די למודים, אויף וויפיל עס איז מעגלעך, לויט דעם אַרבעטספּרינציפּ, ד. ה. פאַרוואַנדלען די ווערבאַליסטישע שול אין אַ שול פון פּראָדוקטיווער אַרבעט, אויסלערנען די קינדער זעלבסטשטענדיק אַרבעטן, איינפלאַנצן אין די קינדער אַכטונג און ליבע צו פיזישער אַרבעט, צופּאַסן זיך צו די אינדיווידועלע פעאיקייטן פון יעדן קינד.

אין די ערשטע צוויי צוגרייטונגס-קלאַסן פירט זיך ניט קיין קלאַסנאַרבעט אין געוויינלעכן זין פון וואָרט. די קינדער האָבן מכשירים און אַ גאַנצע ריי

אַרבעטן און אויפגאַבן, צוגעגרייט לויט דער סיסטעם פון מאָנטעסאָרי־טיכעוואַ. די אַרבעט פירט זיך לויט דעם אינדיווידועלן מעטאָד: מיט יעדן קינד ווערט באַזונדער געאַרבעט אין צופּאַסונג צו זיינע פעאיקייטן און כּחות. אין די מיטעלע קלאַסן ווערט געשטרעבט, אויף וויפיל מעגלעך, דורכצופירן דעם אַרבעטס־מעטאָד: כּמעט אומעטום ווערן דורכגעפירט פּראַקטישע אַרבעטן אויף נאַטור, געאָגראַפיע, מאַטעמאַטיק, פיזיק; דאָס הייסט בשום אופן ניט, אַז דער לערער באַנוצט אויף יעדן געגנשטאַנד נאָר איין מעטאָד; עס ווערן אויסגענוצט אַלע מעגלעכע מעטאָדן. למשל, אויף געשיכטע ווערט אָנגעווענדעט די פאָלגנדיקע סיסטעם: קווּעלנפאָרשן, שילער־רעפעראַטן, עקסקורסיעס, לערער־פאָרטראָגן, צונויפשטעלונג פון דיאַגראַמען, קאַרטן, און אפילו לייענען דאָס לערן־בוך. אַזוינע פאַרשיידנאַרטיקע מעטאָדן ווערן באַנוצט אויך אויף געאָגראַפיע. אין נאַטור־לימוד און פיזיק ווערן אָנגעווענדעט אין אַ ברייטער מאָס פּראַקטישע אַרבעטן אויפן גאָרטן, עקסקורסיעס, האָדעווען בעלי־חיים און שטובגעוויקסן, וויוויסעקציעס א. א. וו.

בכלל דאַרף מען אָנווייזן, אַז די פּראָגראַם אין מיטעלע קלאַסן, פּונקט ווי אין די ייִנגערע, איז נ״ט קיין פאַרגליווערטע, איין מאָל פאַר אַלע מאָל פעסטגעשטעלטע, נאָר זי ענדערט זיך לויט דעם צוזאַמענשטעל און די פעאיקייטן פון די קינדער.

אין די עלטערע קלאַסן ווערן די דאָזיקע אַלע מעטאָדן דורכגעפירט נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל ס׳איז מעגלעך דאָס צו טאָן מיט קינדער, וואָס האָבן אין פריערדיקע שולן געלערנט לויט גאָר אַנדערע מעטאָדן.

דאָך האָבן זיך די תּלמידים פון די עלטערע קלאַסן גאַנץ גוט צוגעפּאַסט צום גייסט פון דער שול, האָבן אויך אַ סך באַוויזן אויף ייִדישער ליטעראַטור און געשיכטע, און דער הייעריקער ערשטער אַרויסלאָז פון דער גימנאַזיע איז שוין דורכגעדרונגען מיט ליבע און באַגייסטערונג פאַר דער ייִדישער שול.

די לערער לאָדן כּסדר איין אייגער דעם צווייטן צו זיך אויף לעקציעס, נאָך וועלכע עס קומט פאָר אַ חברשער שמועס וועגן דעם דורכגעגאַנגענעם קורס, וועגן די ידיעות פון די קינדער, וועגן מעטאָד א. א. וו.

און נאָך אַ אינטערעסאַנטער עקספּערימענט איז אין דעם פּרט געמאַכט געוואָרן: פון צייט צו צייט באַזוכט אַ גאַנצער קלאַס צוזאַמען מיט דעם לערער אַ לעקציע אין אַ צווייטן קלאַס. וועגן דעם גרויסן פּעדאַגאָגישן ווערט פון אַזוינע קעגנזייטיקע באַזוכן פון די קלאַסן איז איבעריק צו ריידן.

אויך ווערט אָפט געשיקט איין קינד פון אַן עלטערן קלאַס דערקלערן דעם ייִנגערן קלאַס אַ געוויסן געגנשטאַנד, וואָס דער עלטערער קלאַס האָט שוין דורכגעאַרבעט. דער לערער פון ייִנגערן קלאַס איז, פאַרשטייט זיך, דאָ דערביי.

חוץ די קלאַסן־עקסקורסיעס, וואָס ווערן אָפט געמאַכט אין צוזאַמענהאַנג מיט די לימודים, ווערן פון צייט צו צייט געמאַכט עקסקורסיעס־פאַרווייַלונגען מיט דער גאַנצער שול. די דאָזיקע עקסקורסיעס, וואָס קומען פאָר אויך ווינטער, זייַנען זייער באַליבט סיי ביי די קינדער, סיי ביי די עלטערן: אַ סך עלטערן

נעמען אַנטייל אין די עקסקורסיעס, און פילן זיך דאַן אַלס גלייכבאַרעכטיקטע מיטגלידער פון דעם אַלגעמיינעם שול-קאָלעקטיוו.

אין דעצעמבער 1923 איז דורכגעפירט געוואָרן אַן עקסקורסיע קיין וואַרשע פון שילער פון די עלטערע קלאַסן.

עס זיינען אויך געמאַכט געוואָרן פּרובן פון אַלגעמיינע שמועסן: פאַר די יינגערע קלאַסן ביזן 3-טן באַזונדער, און פון 4-טן און ווייטער באַזונדער. די טעמען פון די שמועסן פלעגן ווערן אָנגעמערקט פון די קינדער גופא. די פראַגן פלעגן טיילווייז באַהאַנדלט ווערן אין פאָרם פון אַ געמיינזאַמען שמועס און טיילווייז אין דער פאָרם פון פאָרטראָגן פון די לערער (אין די יינגערע קלאַסן). דאָס קליינוואַרג האָט באַהאַנדלט די פראַגן וועגן לעבן פון די ווילדע מענטשן, פון וואָגען האָבן זיך גענומען שפּראַכן; עס זיינען געלייענט געוואָרן פאַר זיי פאָרטראָגן וועגן דאַמפשיף און וועגן דער אָפּשטאַמונג פון צאָלן.

אין די עלטערע קלאַסן זיינען די שמועסן געפירט געוואָרן ביי אַן אַקטיוון אָנטייל פון די שילער. עס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן הן אַבסטראַקטע טעמעס, הן פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צום שול-לעבן: למשל, פאַרוואָס האָט אונזער שול ניט קיין אוניפאָרם, וועגן אָרגאַניזירן אַ הילפס-קאַסע, ווי גרייט צו די שול צום לעבן (2 שמועסן); דאַן—צי באַרעכטיקט דאָס ציל די מיטלען א. א. וו.

אַ גרויסע אויפלעבונג האָבן אַריינגעטראָגן אין גימנאַזיע די לעקציעס פון הערן מוזיק, וואָס זיינען געפירט געוואָרן סיסטעמאַטיש אין משך פון האַרבסט און ווינטער 1923—24. די דאָזיקע לעקציעס פלעגן ווערן באַזוכט ניט נאָר פון די שילער פון גימנאַזיע, נאָר אויך פון זייערע שוועסטער, ברידער, עלטערן און באַקאַנטע, אַזוי, אַז דער זאַל, וואו ס'פלעגן פאָרקומען די דאָזיקע לעקציעס-קאָנצערטן, פלעגט שטענדיק זיין פול. מ'קען זיי איינטיילן אין לעקציעס וועגן מוזיק-טעאָריע און געלעגנהייטס-טעמען, למשל: דער אונטערשייד צווישן סאָנאַטע און סימפאָניע, מוזיקאַלישע טעמע און איר אַנטוויקלונג אין דער מוזיק-פּיעסע, טשייקאָווסקי און זיינע ווערק, בעטכאָווען און זיינע ווערק א. א.

קינדער יום-טובים ווערן געמאַכט זייער אָפט: זיי זיינען צוגעפּאַסט אי צו די יידיש-נאַציאָנאַלע יום-טובים, אי צו די צייטן פון יאָר. אַזוי זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן פרילינגס-יום-טובים, אַ האַרבסט-יום-טוב, אַ ווינטער יום-טוב. אַלץ, סיי די פּיעסעס, סיי די דעקאָראַציעס, סיי די קליידער ווערן צוגעגרייט אין דער צייט פון די לימודים. די עלטערע קלאַסן אָרדענען אָפט איין פרייע פאַרוויילונגען אָן אַ שום צוגרייטונג. די דאָזיקע פאַרוויילונגען טראָגן אריין אַ סך פרייד מיט זייער אומגעצוואונגענער פּראָגראַם.

די תּלמידים פון דער גימנאַזיע שטאַמען דערהויפּט פון דער מיטעלער בורזשואַזיע, ס'איז דאָ אַ היפּשע צאָל תּלמידים-ות פון רייכערע שיכטן, אָבער די גימנאַזיע גייט אויך אַנטקעגן די ווייניק-פאַרמעגלעכע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. פון די 180 תּלמידים—ות באַקומען 60 הנחות, אייניקע צאָלן גאָרניט. דאָס זיינען דאָס רוב שילער, וואָס האָבן געענדיקט די ווילנער יידישע פאָלקס-שולן.

די גימנאזיע האָט שטענדיק געשטרעבט צו האַלטן די עלטערן אין קורס פון דעם שול־לעבן. צוליב דעם האָט זי דורכגעפירט אַ גאַנצע ריי עלטערן־פאַר־זאַמלונגען, אויף וועלכע ס'זיינען באַהאַנדלט געוואָרן די פּרינציפּן פון דער שול, געלייענט געוואָרן באַריכטן וועגן דער אַרבעט אין שול, ס'איז אויך געלייענט געוואָרן אַ פאַרטראַג פון לערער פאַלק האַלפּערן וועגן נאַציאָנאַלער דערציאונג אין שול. ס'איז נאָך אָנגעמערקט געוואָרן אַ גאַנצע ריי פאַרטראָגן פאַר די עלטערן—וועגן דער סעקסועלער פראַגע, די אַרבעט פון די קינדער אין דער היים א. א. וו.

אויף די פאַרזאַמלונגען האָבן די עלטערן יעדעס מאָל אויסגעדריקט זייער צופרידנהייט מיט דער שול. אין פרילינג 1923, אַז די קאַסע פון גימנאַזיע איז געווען אין א שווערן צושטאַנד, האָט אַ גרויסער טייל פון די עלטערן איינגע־צאָלט אַן אַוואַנס פאַרן קומענדיקן לערניאָר.

אין משך פונם לעצטן לערניאָר זיינען (צוזאַמען מיט די קאָמיסיעס) גע־ווען 30 זיצונגען פון פעד. ראַט. די באַזוכונג פון די זיצונגען איז אַן אויסגע־צייכנטע. עס קומען אפילו די, וואָס האָבן אין דער שול ווייניק שעהן.

באַהאַנדלט זיינען געוואָרן קודם כל די פראַגן פונם איגערלעכן לעבן פון דער שול, אָבער אַ גרויסן אָרט האָבן אויך פאַרנומען אַלגעמיינע פראַגן וועגן ווייטערדיקע פּערספּעקטיוון פון דער שול, וועגן פּלענער צו פאַרברייטערן און פאַרטיפן די שולאַרבעט, וועגן דער רעכטלעכער לאַגע פון דער גימנאַזיע, וועגן דעם אָרט פון דער שול אינם אַלגעמיינעם יידישן שולוועזן.

פון דעם אַלעם איז צו זען, אַז די גימנאַזיע איז פּאַקטיש ניט קיין רע־זולטאַט פון דער אַרבעט פון איין פּריוואַטער פּערזאָן, נאָר פון אַ גאַנצער קאָרפּאָראַציע.

אויף די מאַטעריעלע יסודות פון דער אַרבעט זיינען ניט אַזוינע, ווי אין אַ פּריוואַטער אונטערנעמונג: די לערער באַקומען נאָר אַזוי פיל, וויפל די שול קען געבן; זייערע חובות מאָנען זיי ביי דער שול ניט, הגם דער ביודזשעט ווערט שוין דעם צווייטן יאָר געשלאָסן מיט אַ גרויסן דעפיציט.

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די לערער קריגן ניט באַצאָלט פאַרן גאַנצן לערניאָר, שטעלן זיך די לערער ניט אָפּ פאַר קיינע הוצאות אויף צו הויבן די שולאַרבעט: אַזוי האָט מען אין דער שול איינגעשאַפט מיט אייגענע מיטלען אַ קליינע יידישע ביבליאָטעק, צוגעקויפט מכשירים אין פיזישן קאַבינעט א. א. וו.

דאָס באַווייזט, אַז דאָ האָבן מיר אַ קאָרפּאָראַציע פון מענטשן אידעאישע, וועמען ס'איז טייער די יידישע שול, און וועלכע זיינען גרייט צו טראָגן קרבנות פאַר דער דאָזיקער שול.

ס. מ. גורעוויטש

# ליקווידירטע אנשטאלטן.

## דינעזאָן-קינדער-גאָרטן.

דער קינדער-גאָרטן האָט זיך געגרינדעט אין 1917 יאָר אין שניפּישקער ראַיאָן. די ערשטע צייט האָט ער געטראָגן מער אַ כאַראַקטער פון אַ שפּייז-פּונקט.

אין 20—1919 ווערט ער אָפּגעטיילט פון דער שול, באַקומט אַ גוטן לאָקאַל. די קינדער האָבן געהערט צו די גאָר אָרימע שיכטן.

אין די יאָרן 1921, 1922 איז געווען ווייניק קינדער פונם פאָרשולעלטער. דעריבער האָט זיך די אַנשטאַלט ליקווידירט פרילינג 1922 יאָר.

## לוקישקער קינדער-גאָרטן.

צום סוף פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז געווען אויף לוקישקעס אַ קינדער-קיך. אין די צייטן פון דער קהילה האָט זיך בײַ דער קיך אָרגאַניזירט 1 פאָרשול-גרופּע און 1 צוגרייטונגס-קלאַס. די פאָרשול-גרופּע האָט זיך געפירט אין יידיש, דער צוגרייטונגס-קלאַס — אין העברעאיש. אָנהויב יאָר 1920 האָט זיך די פאָרשול-גרופּע אָנגעשלאָסן אָן צ. ב. ק. דער צוגרייטונגס-קלאַס האָט זיך דאַן אָפּגעטיילט אינגאַנצן פון קינדער-גאָרטן. דער קינדער-גאָרטן האָט געהאַט 2 גרופּעס מיט 2 פרעבעליסטינס.

אַזוי האָט ער עקסיסטירט ביז פרילינג 1922, ווען ער איז, צוליב דעם שווערן מאַטעריעלן מצב און צוליב דער קליינער צאָל קינדער, געשלאָסן געוואָרן דורכן צ. ב. ק.

## מענדעלע-קינדער-גאָרטן.

די דאָזיקע אַנשטאַלט איז געגרינדעט נאָך פאַר דער מלחמה, דאַן איז דאָס געווען אַ בײַטאָגיקער פּריוט, וואו די אָרימע מוטערס פון רוזעלע פלעגן איבערלאָזן זייערע קליינע קינדער ביזן אָוונט, ווייל זיי פלעגן אליין אַ גאַנצן טאָג האָרעווען.

אין די שווערע יאָרן פון דער אָקופּאַציע פלעגן קומען אַהין עסן אויך גרעסערע קינדער. אין 1919 יאָר, ווען די קהילה האָט דאָרטן אָרגאַניזירט אַ קינדער-גאָרטן, האָבן די לערערינס געפונען קינדער פון 3 ביז 13 יאָר. צום אָנהויב לערן-יאָר 20—1919 איז דאָס שוין געווען אַן אמתער קינדער-גאָרטן. נאָך היות ווי דער ראַיאָן איז ווייניק באַוואוינט, האָט די אַנשטאַלט געהאַט ווייניק קינדער. און סוף 1921 יאָר איז דער קינדער-גאָרטן געשלאָסן געוואָרן.

## פּרץ-קינדער-גאָרטן.

ביז 1919 יאָר האָט דער קינדער-גאָרטן עקסיסטירט בײַ דער פּרץ-שול. פונם לערניאָר 1920—1919 האָט זיך דער קינדער-גאָרטן אָפּגעטיילט פון שול און געבילדעט אַ באַזונדערע אַנשטאַלט.

די ערשטע צייט האָט דער קינדער־גאָרטן געהאט דריי גרופּעס, דער־נאָך — צוויי.

אין אָנהויב 1922, צוליב טעמים פון עקאָנאָמיע, האָט מען דעם קינדער־גאָרטן געשלאָסן, די קינדער פאַרטיילט צווישן די נאָענט־ליגנדיקע קינדער־גערטנער.

## קינדער־גאָרטן ביי דער אַרבעטער־קינדערהיים.

געגרינדעט זיך אין 1917 יאָר. די לעצטע יאָרן האָט דער קינדער־גאָרטן געהאט אַ גוטן לאָקאַל, איז געווען זייער גוט איינגעאָרדנט.

דער קינדער־גאָרטן האָט זיך געפונען אין אַ ראַיאָן, ניט ווייט פון באָ־ראַכאָוו־קינדער־גאָרטן און פונם קינדער־גאָרטן „גרינינקע בוימעלעך". צוליב דעם שלעכטן פינאַנציעלן מצב פון שול־וועזן האָט מען דעם קינדער־גאָרטן רעדו־צירט אין סעפּטעמבער 1923 יאָר; די קינדער זיינען אין אַ גרויסן טייל איינ־געאָרדנט געוואָרן אין די עקסיסטירנדיקע קינדער־גערטנער.

## פאָלקס־שול ב. באָראָכאָוו.

אָרגאַניזירט זיך אין יאָר 1920, דאַן ווערט זי אָפּגעטיילט פון דעם ק.־ג. האָט 2 קלאַסן, ערשטן און צווייטן לערניאָר.

אַנטוויקלט זיך זייער לאַנגזאַם, דערהויפּט צוליב דעם, ווייל אינם זעל־ביקן ראַיאָן געפינט זיך אַן אַנדער שול, וואָס עקסיסטירט שוין לאַנג און האָט אַ נאָמען ביי דער באַפעלקערונג.

די שול ווערט ליקווידירט אָנהויב יאַנואַר 1922 יאָר. די קינדער אַריבער־געפירט אין דער צווייטער שול.

## נאָכמיטאָג־שול אויפן נאָמען פון מ. ראַטנער.

די נאָכמיטאָג־שול איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1920 אויף שניפּישאָק. זי איז געווען דערהויפּט אויסגערעכנט אויף די אַנאַלפאַבעטן פון 10—13 יאָר, וועלכע זיינען ניט געווען צוגעפּאַסט פאַר אַ פּרימאַרגן־שול.

אַזעלכע האָט זיך געמאָלדן אַ קליינע צאָל; פאַרקערט, עס האָבן באַזוכט די שול קינדער אין אַזאַ עלטער, וואָס ביי געוויסע אָנשטרענגונגען פון די עלטערן וואָלטן זיי געקאָנט באַזוכן אַ פּרימאַרגן־שול.

דעריבער האָט דער צ. ב. ק. אין יאַנואַר 1922 די שול געשלאָסן. דער גרעסטער טייל קינדער איז טאַקע אַריבער אין די פּרימאַרגן־שולן.

## נאָכמיטאָג־שול אויפן נאָמען פון ה. באָצקעלס.

די געזעלשאַפט „קינדער־פאַרזאָרגונג" האָט סכּות־צייט 1916 אויפגעטאָן אַ וויכטיקן ענין: זי האָט געעפנט אַ נאָכמיטאָג־שול פאַר די קינדער, וואָס האָבן ניט געהאט קיין מיגלעכקייט אין יענער שווערער צייט צו לערנען זיך אינדער־פרי. דאָס זיינען געווען דערהויפּט 9 — 13 יאָריקע קינדער, וועלכע די מאַמעס, וואָקגייענדיק אינדערפרי פון דער היים, פלעגן איבערלאָזן אין שטוב היטן די קלענערע קינדער און פירן באַלעבאַטישקייט. אַ זייגער 2 פלעגן די מאַמעס זיך שוין אומקערן, און דאַן פלעגן די קינדער קאָנען גיין לערנען. גלייך ביי

דער אָרגאַניזירונג פון דער שול האָט מען צוגענומען איבער 100 קינדער אין דעם אָנגעוויזענעם עלטער, וואָס האָבן ניט געקאָנט ניט לייענען, ניט שרייבן. מען האָט פון זיי געשאַפן 2 ערשטע קלאַסן. אין די יאָרן 1916—1920 האָט די שול געהאַט אַ קאָלאָסאַל-וויכטיקע באַדייטונג. שפּעטער ענדערן זיך טיילוויז די באַדינגונגען: עס פאַרשווינדן די פאַרשיידענע „רייען" ביי די פּראָדוקטן, וועלכע מען פלעגט ביז דאַן באַקומען לויט קאַרטן א. א. וו. די שול האָט געהאַט שוין 4 לערניאָרן, אָבער די נויט אין אַזאַ שול האָט זיך פאַרקלענערט. דעריבער האָט דער צ. ב. ק., אין צוזאַמענהאַנג מיטן גרויסן פינאַנציעלן קריזיס, די שול געשלאָסן פרילינג 1922 יאָר. איין טייל קינדער האָט מען איינגעאָרדנט אין די פרימאָרגן-שולן, דעם צווייטן טייל אין אָוונט-שולן; אַ געוויסער טייל איז פאַרבליבן אָן אַ שול.

## אָוונט-שול ב. באַראַכאָוו.

דאָס איז געווען אין די יאָרן 1919, 1920, ווען יעדע געזעלשאַפטלעכע גרו-פּירונג האָט געשטרעבט צו האָבן אַן אייגענע אַנשטאַלט, באַזונדערס אַן אָוונט-שול. דאַן האָט אויך די באַראָכאָוו-געז. געעפנט אויף קיעווער גאַס אַן אָוונט שול. די שול האָט צוגעצויגן ניט קיין גרויסע צאָל שילער. די שילער זיינען געווען דערוואַקסענע, צווישן אַזאַ עלעמענט (פאָרמאַנעס, גאַסמענטשן), וואָס האָט זיך זייער שווער געלאָזט דיסציפּלינירן. די שול האָט געליטן שטאַרק פון דעם. קיין גרויסן חשק צו לערנען זיך איז ביי די דאָזיקע 20 — 25 יאָריקע אַנאַל-פאַבעטן ניט געווען, ווען די שול האָט אָנגעהויבן שטעלן צו זיי פאָדערונגען (אמת, מינימאַלסטע האָט זיך נאָך מער פאַרקלענערט די צאָל שילער. דער צ. ב. ק. האָט די שול געשלאָסן אין יאַנואַר 1920 יאָר. די באַראָכאָוו-געז. האָט נאָך אַ געוויסע צייט אַליין געפירט די שול, נאָר אויך געמוזט זיך אָפּזאָגן פונם געדאַנק ווייטער צו פירן די שול.

## אָוונט-שול מ. ווינטשעווסקי.

סוף 1915 יאָר, ווען ס'האָט זיך שוין אָנגעהויבן שטאַרק צו פילן די דייטשע אָקופּאַציע, ווען די אַלגעמיינע דעמאָראַליזאַציע האָט שוין אָנגעהויבן שטאַרק צו ווירקן אויף דער יוגנט, האָט די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט גע-געשאַפן אַ פאַריין פון די יוגנטלעכע אַרבעטער, אַ יוגנט-אָרגאַניזאַציע, אַ יוגנט-קלוב. אין די ערשטע 2 יאָר איז דאָס געווען בלויז אַ קלוב, וואו די יוגנט-לעכע אַרבעטער פלעגן זיך אויפקלייבן עטלעכע מאָל אין וואָך. דאָ, אין ליכ-טיקע, וואַרימע צימערן, ביי אַ גלאָז טיי מיט ברויט, פלעגט זיך די יוגנט גאַנץ געמיטלעך פאַרוויילן און פאַרגעסן וועגן די צרות אינדערהיים. אין קלוב פלעגן אויך פאָרקומען פאָרלעזונגען אויף נאַטורוויסנשאַפטלעכע און הומאַניטאַרע טעמעס. דער קלוב פלעגט אויך פירן אַן אויפקלערונגס-אַרבעט צווישן די יוגנטלעכע, זיי זאָלן באַזוכן די איינציקע אין יענער צייט אין ווילנע אָוונטשול.

די פּראַקטיק האָט באַוויזן, אַז די יוגנט וועט גערנער באַזוכן די אָוונט-שול, אויב זי וועט זיין צוזאַמען מיטן קלוב. דעריבער האָט מען אין אָנהויב 1918 געגרינדעט די אָוונטשול, וועלכע האָט שפּעטער באַקומען דעם נאָמען פון מאָריס

ווינטשעווסקי. 4 מאָל אַ וואָך פלעגן פאָרקומען לימודים, 2 מאָל אַ וואָך איז געווען טעטיק דער קלוב. די שול האָט געהאַט אַ מער־ווייניקער באַשטענדיקן עלעמענט שילער; דאָס זיינען געווען בלויז יונגע אַרבעטער און האַנדלס־אָנגע־שטעלטע.

די שול האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג. די זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די שילער איז געווען ברייט דורכגעפירט. יעדן יאָר פלעגט דער יוגנטקלוב פייערן דעם טאָג פון זיין גרינדונג. סוף 1922 יאָר איז געפייערט געוואָרן דער 7־טער יאָרטאָג.

זומער 1923, ווען קיינע פון אונזערע אַנשטאַלטן (אויסער די מיטל־שולן) איז נאָך ניט געווען קאָנצעסיאָנירט, האָט זיך באַקומען פון דער בילדונגס־מאַכט אַ פאַראָרדענונג ניט צו עפענען די אָוונטשול מ. ווינטשעווסקי, כּל־זמן זי וועט ניט האָבן קיין קאָנצעסיע. מען האָט תּיכּף אָנגעגעבן אַ בקשה ווענן אַ קאָנצעסיע. די מאַכט האָט פאַרצויגן דעם ענין. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שול־יאָר. אַלע אַנשטאַלטן האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן. ווינטשעווסקי־שול האָט געמוזט בלייבן געשלאָסן, ווייל עס איז נאָך ניט געווען קיין קאָנצעסיע. די שול־מאַכט האָט אַלץ געצויגן, און ערשט דעם 10־טן אָקטאָבער 1923 יאָר האָבן מיר באַקומען אַ שריפטלעכן ענטפער*), אַז די אָוונט שול וועט קיין קאָנצעסיע ניט האָבן. דערמיט איז די אָוונטשול געשלאָסן געוואָרן. אויף אונזער אָנפראַגע וועגן די מאָטיוון האָט מען קיין קלאָרע תּשובה ניט געגעבן; עס זיינען געווען בלויז רמזים, אַז דאָס איז געשען צוליב דעם, ווייל די אָוונטשול האָט גע־שטרעבט צו געבן די שילער אויך אַ געזעלשאַפטלעכע דערציאונג.

## די ווילנער 2־יאַריקע פּרעבל־קורסן.

די פרעבל־קורסן האָבן זיך געעפנט גראָד אין דעם מאָמענט, ווען די פאָרשול־אַרבעט האָט געהאַלטן אין אויפבליען אין פוילן בכלל און אין ווילנע בפרט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דעריבער פילן אַ שטאַרקע נויטווענדיקייט אין ספּעציעלע פּעדאַגאָגישע כּוחות, וואָס זאָלן קאָנען אָנפירן מיט אַ קינדער־גאָרטן.

לויט דער איניציאַטיוו פון אַן אייגנטימערין פון אַ פּריוואַטער גימנאַזיע, וועלכע האָט זיך צוגעפּאַסט צום מאָמענט, זיינען געעפנט געוואָרן אין 1919—20 לערניאָר 2־יאָריקע פרעבל־קורסן. צום אָנפירן מיט די דאָזיקע קורסן איז איינגעלאַדן געוואָרן דער פּעדאַגאָג ר. סימכאָוויטש. פאַר צוהערערינס פון די קורסן האָט מען צוגענומען מענטשן מיט מיטל־בילדונג. אין גרעסטן טייל זיינען זיי געווען פון בורזשואַזע קרייזן (אַ טייל צוהערערינס האָבן פריער געאַרבעט אַלס לערערינס און מיטאַרבעטערינס אין קינדער־גערטנער). אַלס פּריוואַטע האָבן די קורסן עקסיסטירט נאָר 2 חדשים. צוליב מאַנגל אין געלט־מיטלען האָבן די קורסן געהאַלטן ביים פאַרמאַכן זיך. נאָר אַ פּאָר לערער צו־זאַמען מיט אַ טייל פון די צוהערערינס נעמען אָן אַלע מיטלען, כּדי איינצו־האַלטן די קורסן. צוליב דעם צוועק ווענדן זיי זיך צו די געזעלשאַפטן „אָזע״

*) דעם טעקסט זע אין „מאַטעריאַלן און דאָקומענטן״.

און צ. ב. ק., וועלכע נעמען איבער די קורסן אין זייער רשות: „אָזע" דעם פינאַנציעלן טייל; צ. ב. ק. — די פעדאַגאָגישע אָנפירונג. שפּעטער האָט דער צ. ב. ק. אויך פינאַנסיעל געשטיצט די קורסן. עס איז אויך צוגעשטאַנען די געזעלשאַפט „יעקאָפּאָ", וואָס האָט סובסידירט די קורסן.

אין משך פון ערשטן יאָר האָט זיך אויף די קורסן ניט געפירט קיין סיסטעמאַטישע אַרבעט. דאָך האָט דאָס ערשטע יאָר זייער פיל געגעבן די צו־הערערינס; זיי האָבן זיך דערנענטערט צו דער יידישער סביבה און צו דער יידישער שפּראַך, עס האָט זיך אַנטוויקלט ביי זיי אַ גרויסע ליבע צום קינד. דאָס דערקלערט זיך מיט דער פּערזענלעכער ווירקונג פון די אָנפירער, וועלכע האָבן פּאַקטיש אויסגעטראָגן אויף זייערע פּלייצעס די גאַנצע שווערע אַרבעט פון דעם ערשטן לערניאָר.

צום אָנהויב 2־טן לערניאָר האָט זיך ווייטער געשטעלט די פראַגע וועגן גורל פון די קורסן. די פריערדיקע אָנפירער, צוליב די געשעפענע דאַמאָלסט אויסערלעכע פּאָרהעלטענישן, האָבן ניט געקאָנט קומען קיין ווילנע, און נאָר אַ דאַנק דער איבערגעגעבנקייט און ענערגיע פון די צוהערערינס זיינען די קורסן פאַרבליבן אויף ווייטער.

אויף אַ זיצונג, דעם 15־טן אַווגוסט 1920, ווערט באַשטימט איינצולאַדן אַ נייע פאַרוואַלטערין מיט די קורסן, מ. א. אָקון. עס בילדעט זיך אַ פאַר־וואַלטונג פון די פאָרשטייער פון צ. ב. ק., „אָזע", „יעקאָפּאָ", פאַרוואַלטערין און פאָרשטייער פון די צוהערערינס. די לימודים אויף די קורסן האָבן זיך באַנייט דעם 7־טן אָקטאָבער 1920 אין דער פאָלקס־שול אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ. מען דערגאַנצט די צאָל צוהערערינס מיט נייע, וועלכע האָבן פאַרמאָגט די נויטיקע און געהעריקע אַנטוויקלונג. אַזוי אַרום זיינען דעם צווייטן יאָר נעווען אינגאַנצן 46 צוהערערינס, פון זיי 9 נייע.

צוליב דעם וואָס צייט צום לערנען איז געבליבן ווייניק, איז באַשלאָסן געוואָרן צו געבן די צוהערערינס נאָר די הויפּט־ידיעות פון די אָנגעצייכנטע לימודים, דערביי האָט מען באַזונדער געשטרעבט צו וועקן ביי די קורסיסטינס דעם פעדאַגאָגישן געדאַנק און אָנווייזן די וועגן, מיט וועלכע מען קאָן באַקו־מען די נויטיקע וויסנשאַפט. די הויפּטאויפגאַבע איז באַשטאַנען באַקאַנט צו מאַכן די צוהערערינס מיט דעם קינד און מיט דער נאַטור, וועלכע רינגלט אַרום דאָס קינד. די לעקציע זיינען מערטיילס געפירט געוואָרן אין אַ פאָרם פון שמועסן און סעמינאַרן. די לימודים זיינען פאָרגעקומען אין אָוונט, ווייל אַ טייל צוהערערינס איז געווען פאַרנומען ביז מיטאָג אין שולן און קינדער־גערטנער.

אַ חוץ די טעאָרעטישע לימודים זיינען איינגעפירט געווען אָבליגאַטאָרישע באַזוכן אין די קינדערגערטנער און אינטערנאַטן; אויפן סמך פון די באַזוכונגען פלעגן צוזאַמענגעשטעלט ווערן רעפעראַטן, וועלכע מען פלעגט געמיינזאַם באַ־טראַכטן. אין די דאָזיקע פעדאַגאָגישע שמועסן פלעגן אָנטייל נעמען אויך לערער און לערערינס פון פאָלקסשולן און קינדער־גערטנער. יעדע צוהערערין האָט גע־מוזט באַזוכן אַלע קינדערגערטנער אין ווילנע און 3 אינטערנאַטן, וואו זיי פלעגן פאַרבלייבן אַ גאַנצן אַרבעטסטאָג.

די צוהערערינס האָבן געהאַט זייער אייגענע אָרגאַניזאַציע. דער ראַט פון די צוהערערינס האָט געזאָרגט פאַר דעם נאָרמאַלן גאַנג פון דער אַרבעט אויף די קורסן, פלעגט איינקויפן און צוגרייטן די נויטיקע מאַטעריאַלן און לער־מיטלען פאַר די לעקציעס. די ביבליאָטעק־קאָמיסיע האָט אָרגאַניזירט און אָנגע־פירט מיט דער פעדאַגאָגישער ביבליאָטעק פון די קורסן. די הילפס־קאַסע האָט געשטיצט די נויטבאַדערפטיקע צוהערערינס; צו דעם צוועק פלעגן געמאַכט ווערן פאַרשיידענע אונטערנעמונגען.

צולעצט האָט פונקציאָנירט אַן אַרבעט־ביוראָ, וועלכע האָט אין קאָניקול־צייט פאַנאַנדערגעשיקט צוהערערינס אין דער פּראָווינץ, אַלס מיטאַרבעטערינס אין קינדערגערטנער, קאָלאָניעס און שפּיל־פּלעצער.

ביים פאַרמאַכן די קורסן האָט די ביוראָ פאַרטיילט די פרעבע־ליסטינס, וואָס האָבן געענדיקט די קורסן, אין פאַרשיידענע אַנשטאַלטן. מען דאַרף זאָגן, אַז אויף די קורסן איז געפירט געווען אַ לעבעדיקע און אינ־טענסיווע אַרבעט.

צווישן די צוהערערינס און פעדאַגאָגישן פּערסאָנאַל זיינען איינגעשטעלט געווען זייער וואַרימע קעגנזייטיקע באַציאונגען. ס׳איז נאָך צו דערמאָנען, אַז אין לויף פון 2־טן לערניאָר האָט זיך צוריקגעקערט די פאַראַיאָריקע אָנפירערין מיט די קורסן, וועלכע האָט צוזאַמען מיט דער נייער פאַרוואַלטערין געפירט די אַרבעט.

פון 46 צוהערערינס האָבן פאַרענדיקט 40 (איינע האָט פאַרלאָזן די קורסן צוליב קראַנקהייט, 2 זיינען אַוועק אַרבעטן אין אינטערנאַטן, 3 זיינען אָפּגע־פאָרן פון ווילנע): 31 צוהערערינס האָבן געענדיקט מיט דער ערשטער מדרגה, 9 מיט דער 2־טער מדרגה, 2 האָבן קיין צייגנישן ניט באַקומען, ווייל זיי האָבן ניט באַפרידיקט די געשטעלטע פאָדערונגען.

דער פייערלעכער סיום איז פאָרגעקומען דעם 21־טן מאַי 1921 יאָר. צוליב מאַנגל אין געלטמיטלען האָט דער צ. ב. ק. ניט געקאָנט אויסהאַלטן ווייטער די קורסן, און דעריבער האָבן זיי זיך פאַרמאַכט.

פון די פאַרענדיקטע פרעבעליסטינס זיינען 31 תיכף אַוועק צו דער אַרבעט, פון זיי 15 אין קינדערהיימען, 11 אין פאָלקס־שולן און 5 אין אינטערנאַטן.

די דורכגעפירטע אַנקעטע צווישן די תלמידות האָט באַוויזן, אַז די קורסן האָבן אין אַלגעמיין באַפרידיקט די פאָדערונגען פון די צוהערערינס.

## דער אָנגעמערקטער און טיילווייז דורכגעפירטער פּלאַן פון לימודים פון 1־טן לערניאָר.

יידיש, פויליש, העברעאיש, פיזיק, כעמיע, מאַטעמאַטיק, אַנאַטאָמיע, גע־שיכטע פון פעדאַגאָגיק, פסיכאָלאָגיע, די שול אין פאַרשיידענע לענדער, צייכ־נען, מאָדעלירן, האַנטאַרבעט, גימנאַסטיק.

## דער פּלאַן פון די לימודים פון 2־טן לערניאָר אין שעה׳ן.

באָטאַניק 66 שעה, אַנאַטאָמיע אין צוזאַמענהאַנג מיט פיזיאָלאָגיע 40 ש., פסיכאָלאָגיע 35 ש., געשיכטע פון פעדאַגאָגיק 18 ש., פעדאַגאָגישע שמועסן

און סעמינאַרן 120 ש., ווי אַזוי אויסצונוצן די אַרומיקע נאַטור אין די שמועסן מיט די קינדער פון קינדערגאָרטן 21 ש., קינדער-ליטעראַטור 45 ש., יידישע ליטעראַטור 35 שעה, מעטאָדיק פון חשבון 17, מעטאָדיק פון יידיש 24, צייכענען און מאָדעלירן 49, האַנטאַרבעט 80, גימנאַסטיק און באַוועגלעכע שפּילן 60, ריטמישע גימנאַסטיק 22, געזאַנג 21 שעה.

אויסער דעם עקסקורסיעס, באַזוכונגען פון אַנשטאַלטן.

פּעדאַגאָגישער פּערסאָנאַל פון די קורסן אין פאַרלויף פון ביידע יאָר:

מ. אָקון, [illegible]אַניקשטיין, ד״ר אייזנשטאַט, בערנשטיין, בערגער, גיליגיטש, גאָלאָמב, גערשטיין י. כאַזאַן, א. צאַסטראָוו, א. צוקערמאַן, לאַזאָווסקי, לאַשקעוויטש, מ. לייבאָווסקי, ל. מירסקי, ח. מירסקאַ, ר. סימכאָוויטש, ר. סאַראַטשעק, ד״ר ק. שאַפּיראָ, י. פרידמאַן, י. פּאַט, י. רובין, מ. קריוויצקי, מ. קולבאַק.

די רשימה פון די צוהערערינס, וועלכע האָבן די קורסן געענדיקט.

בולקין א., בולקין ב., בורגין ס., בראז ל., גערמיזע ע., גינזבורג א., גירשאָוויטש צ., גראָדניצקאַ ב., דעוועלטאָוו מ., וואַראָן ב., זאנדער פּ., זיידשנור, כאַזאַן ר., יאַקובסאָן, יאָסעלסאָן ט., לעווין וו., מירסקאַ ל., מיטליאַנסקאַ פּ., מאַרגאָליס ה., מאַזעל ר., טאַפּיר ש., סאלוצקאַ ל., פּליאַם מ., פּעלער ח., פּאַט ש., פּינסקאַ ר., פּינסקאַ ג., פּינסקאַ ג., טשייקינסקאַ ג., קאַלאַבוס מ., קאַצענעלענבויגן ז., קרושאַנסקאַ ש., ראָזענבוים א., ראָזענשיין ש., רייזענבערג י., ראַפּעס מ., ריער א., שאַפּיראָ ב., שטיינגאַוער פּ., שומעלישסקאַ ד.



# נעקראלאגן.

## לייזער גורוויטש.

צווישן די קדושים, וואָס זיינען געפאַלן אין די טרויעריקע אפריל-טעג פון יאָר 1919, האָט זיך געפונען דער 26=יאָריקער לערער לייזער גורוויטש.

דער טראַגישער טויט פון ח' גורוויטש איז, לויט דער באַשרייבונג פון זיינעם אַ תלמיד, פאָרגעקומען ביי פאָלגנדיקע אומשטענדן.

...„מיר (קינדער) זיינען אַרויף אין זאַל און האָבן דאָרטן דערזען... אָ! דאָס בילד וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן; דער לערער גורוויטש איז געלעגן אויף אַ באַנק ביי דער וואַנט אין אַלע זיינע קליידער, אין מאַנטל, אפילו אין דער הוט, לעבן אים אויף אַ שטול איז געזעסן זיין שוועסטער און האָט געוויינט... איך האָב פאַרביסן די ליפּן פון ווייטאָג אין האַרצן און בין צוגעגאַנגען צום לערער ש.* איך האָב געבעטן דערציילן, ווי אַזוי דאָס אומגליק האָט פּאַסירט, און דער לערער ש. האָט דערציילט:

איך און דער לערער גורוויטש זיינען געזעסן אין לערער=צימער. לייזער איז אַראָפּ אויפן הויף. פּלוצלונג גייען אַריין עטלעכע באַוואָפנטע און הויבן מיך אָן צו שלאָגן מיט די ביקסן און צו זידלען. דערווייל איז אַריין דער לערער גורוויטש. ער האָט געפרעגט, וואָס דאָ איז. דערזעענדיק אים, האָבן די סאָלדאַטן אים אויך אָנגעהויבן צו זידלען און געהייסן אונז אַראָפּגיין אויף דער גאַס. זיי האָבן אונז באַזוכט און געפונען ביי אים אַ בינאָקל (וועלכן ער האָט געליען בשעת מיר זיינען חול=המועד פסח געגאַנגען אין טעאַטער).

ניט לאַנג וואַרטנדיק, האָבן זיי אים געשאָסן.

אַ גאַנצע נאַכט איז דער לערער אַזוי אָפּגעלעגן אויף דער גאַס, ביז מ'האָט אים אַרויפגענומען אין שול“..

---

לייזער גורוויטש איז געווען איינער פון די ערשטע לערער, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו בויען אין ווילנע די יידיש=וועלטלעכע שול. ער איז געבוירן אין יאָר 1893 אין ווילנע. צו 20 יאָר האָט ער געענדיקט ווילנער לערער=אינסטיטוט און נאָכדעם געאַרבעט 2 יאָר אין קאַזיאָנער שול אין זוועניגאָראָדקע, קיעווער גוב. נאָך דער עוואַקואַציע פון די רוסן אין יאָר 1915 פערבלייבט ער אין ווילנע און גיט זיך אָפּ מיט דער אַרבעט אין דער אויפקומענדיקער יידישער שול.

---

*) ש.—דער לערער שאַפּירא, שוין אויך אַ שוכן עפר, איז געווען אַן עדות פון דערמאָרדן לייזערן.

שוין אין א פאר וואכן ארום נאך דער עוואקואציע גרינדעט ער צוזאמען מיט נאך צוויי חברים די ערשטע נייע יידישע שול מיט יידיש אלס אונטעררריכטס־שפראך. די דאזיקע שול האט לאנג נישט עקסיסטירט, ס"ה עטלעכע חדשים; זי האט ניט געהאט קיין געזעלשאפטלעכע אונטערשטיצונג. די ארבעט אין דער דאזיקער שול גייט אבער ניט לאיבוד. די ערפארונג איז שפעטער זייער צוניץ געקומען פאר דער וויטערדיקער ארבעט. נאכן שליסן די אנגערופענע שול ווערט לייזער א לערער אין קינדער־היים אויף נייע גאס. די דאזיקע קינדער־היים איז שפעטער פארוואנדלט געווארן אין א שול, וואס טראגט איצט דעם נאמען „לייזער גורוויטש".

דער ארבעט אין קינדער־היים האט זיך לייזער איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן. דא, אין די ווענט פון קינדער־היים, האט ער געפונען זיין פריצייטיקן טויט. ס'איז געווען די צייט פון דער שווערער דייטשישער אקופאציע. ארום האט געהערשט הונגער און קעלט.

דעם צער פון די קינדער איז שווער געווען צו צוזען. אויף וויפיל די לערער (אפטמאל אויך הונגעריקע) האבן נאר געקאנט, האבן זיי געזוכט צו פאר־לייכטערן די ליידן פון די אומגליקלעכע קינדער.

לייזער איז געווען פון די געציילטע, וואס האט די קינדער דערוואַרעמט מיט זיין ליבשאפט, דערמוטיקט מיט זיין איבערגעגעבנקייט צו זיי. ער איז געווען פאר זיי ניט נאר לערער און דערציער, נאר דער נאענטסטער פריינד, וואס האט אפטמאל ביי א סך קינדער טאטע־מאמע פארביטן.

דער שרייבער פון די דאזיקע שורות וועט קיינמאל ניט פארגעסן די פרייד פון דעם געפאלענעם חבר, ווען אים פלעגט זיך איינגעבן צו פארלייכטערן די ליידן פון די קינדער, מאכן זיי פארגעסן די צרות, אויסקעמפן פאר זיי אין קיך א גרעסערע פארציע, באקומען נאך עטלעכע מארק פאר זיי אויף פראדוקטן.

לייזער איז געווען א לערער פון גאטס גענאד. ער האט געהערט צו די, וואס הערן ניט אויף זיך צו בילדן, צו ארבעטן איבער זיך. קיינמאל פלעגט ער ניט גיין אויף דער לעקציע ניט קיין צוגעגרייטער. ער האט שטענדיק געזוכט, זיך אליין ניט געטרויט.

די יידישע שול האט נאך דאן ניט געהאט קיין אויסגעטראטענע וועגן, אלץ ארום איז נאך געווען פארוואקסן און פארווארלאזט.

אויסער דעם האט מען נאך געדארפט בייקומען די שנאה פון די פארשיי־דענע קעגנער, די גלייכגילטיקייט פון דער באפעלקערונג. לייזער האט זיך פאר קיין זאך ניט אפגעשראקן. ער האט געגלויבט אין דער צוקונפט פון דער מא־דערנער יידישער שול און איז געגאנגען מוטיק און דרייסט אויף נייע וועגן.

פון 8 ביז 4 אין קינדער־היים, דאן אין פארשיידענע קאמיסיעס, צוגע־גרייט טערמינאלאגיעס, א לערנבוך*), קאנספעקטן, און אין אוונט געלאפן אין צווייטן עק שטאט אויף אלעקסאנדער בולווער, אין דער אוונט־שול.

*) לייזער איז געווען איינער פון די מחברים פון דעם לערנבוך „אריטמעטישער רעכנ־בוך"־ברוכצאלן" צונויפגעשטעלט פון ש. באסטאמסקי און ל. גורוויטש. ווילנע 1915. פארלאג „נייע יידישע פאלקס"־שול".

די יידישע שול האָט נאָך דאַן געהאַט ווייניק לערער. דעם הייפעלע יחידים איז אויסגעקומען צו אַרבעטן זייער שווער. מען האָט זיך ניט געשוינט און גע־אַרבעט איבער די כּוחות. צו דעם הייפעלע יחידים האָט אויך געהערט ל. גורוויטש.

בטבע איז ער געווען אַ באַשיידענער שטילער טוער. ער האָט ניט ליב געהאַט צו רעשן און צו פּילדערן, אַרויסצעווייזן זיך. נאָר די נאָענטע חברים האָבן געקאָנט זען זיינע גרויסע אויפטוען אין דער שול, נאָר די שילער האָבן געפילט, וואָס פאַר אַ לערער זיי פאַרמאָגן...

און אין מיטן פון דער שאַפנדיקער אַרבעט איז דאָס יונגע לעבן אַזוי אומ־ברחמנותדיק איבערגעריסן געוואָרן.

מיטן טויט פון ל. גורוויטש האָט די יידישע שול געליטן אַ גרויסע אבידה.

דער צ. ב. ק. האָט אָפּגעשאַצט די אַרבעט פון ל. גורוויטש און באַערט זיין אָנדענקען דערמיט, וואָס זי האָט אָנגערופן די שול, אין וועלכער ער האָט געאַרבעט מיטן נאָמען „לייזער גורוויטש שול".

פינף יאָר זיינען שוין אַריבער זינט יענע שרעקלעכע טעג. פאַר דער צייט איז די יידישע שול בכלל און ביי אונז, אין ווילנע, בפרט גוואַלדיק אויסגע־וואַקסן. די קינדער, וואָס זיינען דאָ געווען אין די שולן, האָבן שוין די שולן לאַנג פאַרענדיקט. די לערערשאַפט האָט זיך אויך געענדערט. צו דער אַרבעט זיינען צוגעקומען נייע פרישע כּוחות. די אַרבעט האָט זיך פאַרצווייגט און פאַרטיפט זעלטן ווער עס געדענקט שוין דעם געפאַלענעם חבר. נאָר געציילטע גע־דענקען אים און ווייסן, וואָס ער האָט אויפגעטאָן פאַר דער שול.

און זיי, די פאַרבליבענע, קומען יאָר איין יאָר אויס צו די קינדער און דערציילן זיי די הערלעכע געשיכטע וועגן דעם לערער—דעם קדוש, וואָס האָט זיין לעבן אַוועקגעגעבן, שטייענדיק אויף זיין לערער־פּאָסטן אין די שוידערלעכע אַפּריל־טעג פון יאָר 1919.

ש. באַסטאָמסקי.

---

# לייב עפּראָן.

דעם 30־טן יוני 1924 ווערט 5 יאָר, ווי ס'איז אַוועק פון דער וועלט איינער פון אונזערע יונגע לערער, איינער פון די באַשיידענע בויער פון אונזער שול־וועזן אין ווילנע — דער ח' לייב עפּראָן.

געשטאַמט האָט ער פון די ווילנער כּלי־קודש — געווען דעם מאָהילע־ווערס אַן אייניקל. געלערנט האָט ער זיך אין ווילנער לערער־אינסטיטוט, און ער האָט זיך פון ערשטן טאָג אָן אויסגעצייכנט מיט זיינע גרויסע פעאיקייטן, איבערהויפּט מוזיקאַלישע.

דעם אינסטיטוט האָט ער ניט באַוויזן צו ענדיקן, ווי ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה מיט צרות און פּלאָגן פאַרן יידישן כּלל. ווילנע ווערט פאַרפּלייצט פון אומגליקלעכע היימלאָזע. ס'איז נויטיק הילף. די ווילנער לערן־יוגנט טרעט צו צו דער אַרבעט. און דער יונגער עפּראָן איז איינער פון די ערשטע, וואָס

קומט אויפן רוף נאָך הילף. ער וואַרפט זיך אַריין מיטן גאַנצן ברען און יוגנט־לעכן ענטוזיאַזם פון זיין איידעלער נשמה אין דער הילפס־אַקציע פאַר די קינ־דער פון די היימלאָזע. שטיל, רואיק, נאָר ערנסט און געוויסנהאַפט טוט ער זיין הייליקע אַרבעט. ער ציט גיך אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט און ווערט איינגעלאַדן אַלס לערער אין דער קינדער־היים פאַר מיידלאַך (שפּעטער פאָלקס־שול א. ב. פון י. ל. פרץ), וואו ער אַרבעט אין די שווערסטע 3 יאָר פון דער דייטשער אָקופּאַציע. גלייכצייטיק אַרבעט ער אויך אין דער אָוונט־שול ביי דער געז. „הילף דורך אַרבעט", וואו ער אָרגאַניזירט אַ כאָר, וואָס האָט זיך גאָר גיך דערוואָרבן אַ נאָמען אין שטאָט. אומעטום צייכנט ער זיך אויס מיט זיין אינ־טעליגענץ און דערווערבט זיך ליבע פון די קינדער און די חברים, צווישן וועל־כע ער אַרבעט. אָבער ניט באַשערט איז אים געווען צו דערלעבן די פּרוכט פון דער אַרבעט, וועלכע ער האָט מיט אַזאַ ענטוזיאַזם אָנגעהויבן. . .

די שלעכטע מאַטעריעלע באַדינגונגען, ביי וועלכע ס'קומט אים אויס צו אַרבעטן, דער שרעקלעכער, קלאָגעדיקער מצב פון די פאַרוואָרלאָזטע און הונגעריקע קינדער, די אַרבעט אין אַנשטאַלט, וואָס האָט געפאָדערט גרויסע אָנשטרענגונגען און אַ קאָלאָסאַלע ענערגיע — דאָס אַלץ גראָבט אונטער זיין פון דער נאַטור אַזוי אויך שוואַכן אָרגאַניזם — ער ווערט קראַנק אויף שווינדזוכט... אָבער ער אַרבעט, זשאַלעוועט זיך ניט ביז... די כוחות האָבן זיך אויסגעגומען. ער וואַרפט די אַרבעט, פאָרט אַוועק אָפּריכטן גלות. אין איינעם פון די ליטווישע שטעטלעך, אין קיידאַן, וואוהין ער איז געפאָרן אויסלעבן זיינע געציילטע וואָכן, האָט ער שטיל זיין יונגע און איידעלע נשמה אויסגעהויכט אין בליענדיקן עלטער פון 25 יאָר (30 יוני 1919). דעם פאַרשטאָרבענעם גע־הערט די באַאַרבעטונג פון מוזיקאַלישן טייל פונם „זאַמלבוך פון קינדער־לידער און שפּילן מיט געזאַנג".

שלאָף רואיק, טייערער, אומפאַרגעסלעכער חבר און פריינד! די קינדער, פאַר וועלכע דו האָסט אַוועקגעלייגט דיין געזונט און יונג לעבן, און די חברים וועלן דיך קיינמאָל, קיינמאָל ניט פאַרגעסן!

א. ב.

---

## זשעניע צייטעל־ידידאָוויטש.

דעם 29־טן סעפּטעמבער 1920 יאָר איז געשטאָרבן אין עלטער פון 26 י. זשעניע צייטעל־ידידאָוויטש.

איר פּעדאַגאָגישע אַרבעט האָט זי געפירט אין משך פון 3 יאָר אין קינ־דער־גאָרטן ביי דער אַרבעטער־קינדערהיים.

ח־טע צייטעל־ידידאָוויטש האָט געענדיקט גימנאַזיע, באַזוכט אין משך פון אַ יאָר די לערער־קורסן אין ווילנע.

גלייך נאָכדעם וואַרפט זי זיך אַריין אין דער לערערשער אַרבעט. זי איז געווען זייער באַשיידן, אָבער איר אַרבעט אין קינדער־גאָרטן האָט געבראַכט

גרויסע נוצן. דעם גאַנצן טאָג פלעגט זי פאַרברענגען אין קינדער־גאָרטן. קיין אַרבעט איז פאַר איר ניט געווען צו שווער.

אַלע אירע כּוחות האָט זי אָפּגעגעבן די קליינע 4—5 יאָריקע עופעלעך, וועלכע עס פלעגט אינסטינקטיוו ציען צו איר, ווי צו אַ ליבער, טרייער מאַמען.

ביי אַלעמען, וואָס האָבן געקאָנט איר אַרבעט, וועט איר אָנדענקען בלייבן תּמיד הייליק.

*  *
*

---

## סאָפיע אבראַמאָוונע סטופּעל־כהן.

איינע פון די שווערסטע פאַרלוסטן, וואָס דער צ. ב. ק. האָט געליטן פאַר די 5 יאָר פון זיין עקסיסטענץ, איז געווען דער אומדערוואַרטעטער טויט פון ס. א. סטופּעל־כהן, זיין שטענדיקן מיטאַרבעטער און שול־פאַרוואַלטערין.

סאָפיע אַבראַמאָוונע סטופּעל־כהן איז געשטאָרבן אין בליענדיקן עלטער פון 33 יאָר און האָט שוין געהאַט הינטער זיך אַ היפּשן סטאַזש פון געזעל־שאַפטלעכער און פּעדאַגאָגישער אַרבעט. געבאָרן און אויסגעהאָדעוועט אין ווילנע — אין צענטער פון יידישן משכּיליזם און יידישער נויט — האָט זי איינגעזאַפּט אין זיך די גרויסע דורשט צום וויסן, צו בילדונג, און הייסע ליבע צו די ברייטע פאָלקס־מאַסן. נענטער פאַר אַלץ און פאַר אַלעמען איז געווען איר צאַרטער און מוטערלעכער נשמה דאָס פאָלקס־קינד, און אים האָט זי אָפּגעגעבן אַלע באַוואוסטזיניקע יאָרן פון איר לעבן און האָט זיך געקליבן נאָך לאַנג און פרוכטבאַר צו אַרבעטן אויפן געביט פון דערציען און בילדן די קינדער פון די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן.

רייך באַגאַבט פון דער נאַטור, האָט זי געענדיקט מיט אַן אויסצייכנונג דעם ווילנער פרויענאינסטיטוט, און אין שווייץ דערגאַנצט איר בילדונג. אין ציוריך שטודירט זי פילאָלאָגיע פון די ראָמאַנישע שפּראַכן, אינטערעסירט זיך בכלל שטאַרק מיט ליטעראַטור, געשיכטע און קונסט. אין 1912 יאָר מוז זי איבעררייסן דאָס שטודיום אין אוניווערסיטעט און צוטרעטן צו דער פּראַקטי־שער אַרבעט. זי הייבט אָן איר פּעדאַגאָגישע טעטיקייט אין דער יידיש־רוסי־שער גימנאַזיע פון קאַלעצקא אין וואַרשע און ווייזט זיך באַלד אַרויס פאַר אַן אויסגעצייכנטע לערערין.

נאָך דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה גיט זי זיך אָפּ דער אַרבעט צווישן די קינדער פון היימלאָזע — אין די קינדער־היימען, קלובן און שפּיל־פּלעצער, פריער אין ווילנע, נאָך דער עוואַקואַציע פון ווילנע — אין פּעטראָ־גראַד און האָמעל. אין פּעטראָגראַד קומט זי אָן אויף די העכערע בעסטוזשעווער פרויענקורסן און ענדיקט זיי אין 1918 יאָר. זי בלייבט ניט פרעמד דער ברייטערער געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער אַרבעט, זי איז אַ טעטיקער מיטגליד פון „בונד“ און אומעטום טראָגט זי אַריין דעם גייסט פון קולטור און האַרציקער ליבע צום מענטשן.

עס ציט זי אָבער צו דער אַלטער היים, און ענדע זומער 1918 יאָר קומט זי צוריק קיין ווילנע. דאָ פאַלט זי אַריין אין דער אַטמאָספער פון פיבערהאַפטער בויאונג און שאַפונג פון דער נייער יידישער שול; זי וואַרפט זיך אַריין אין דער אַרבעט מיטן גאַנצן אימפּעט און באַגייסטערונג פון אירע פרישע און יונגע כוחות. פון יענער צייט אָן ביז איר טויט — דעם 19־טן מערץ 1923 יאָר — איז איר נאָמען ענג פאַרבונדן מיט אַלעם דעם, וואָס ס'איז געשאַפן געוואָרן אין ווילנע אין און אַרום דער יידישער שול און אויך אַרום דער נייער וועלטלעכער קולטור. קיין איין אונטערנעמונג, קיין איין אינסטיטוציע גייט ניט דורך אָן אָנטייל פון סאָפיע אַבראַמאָווונע. א שטענדיקער מיטגליד פון צ. ב. ק., אַרבעט זי אין פאַרשיידענע קאָמיסיעס; פעדאַגאָגישע, געזעלשאַפטלעכע, פאַרלעגערישע. אין דער זעלבער צייט איז זי לערערין אין דער ניי־געגרינדעטער רעאַל־גימנאַזיע, און אין 1919 גייט זי אַריבער אין פאָלקסשול אויפן נאָמען פון ש. אַנסקי, וואו זי ווערט פאַרוואַלטערין.

דאָס איז געווען א שול פון די אָרימסטע און פאַרלאָזנסטע — פון די קינדער־יתומים. און דאָ איז סאָפיע אַבראַמאָווונע אויף איר ריכטיקן אָרט. איר גאַנצע מוטערלעכע ליבע גיט זי אָפּ די קינדער, זי גייט אַריין אין די אינטערעסן און נויטן פון יעדן איינציקן קינד באַזונדער. אין דער זעלבער צייט פירט זי אויסגעצייכנט אָן מיט דעם פעדאַגאָגישן ראַט און מיט דער אַדמיניסטראַטיווער זייט פון שול. זי איז א לערערין פון נייעם סטיל, וועלכע זוכט שטענדיק נייע וועגן, מאַכט עקספּערימענטן, מונטערט אויף אירע יונגע מיטאַרבעטער צום שאַפן און פאָרשן; זי אַליין באַזיצט צו דעם דעם נייטיקן מאַטעריאַל: א ברייטע הומאַניסטישע בילדונג, א שיינעם עסטעטישן געשמאַק, גרויסע אַרבעטספעאיקייט און לעבנסלוסטיקייט. זי האָט אויך אין א גרויסער מאָס די פעדאַגאָגישע אינטואיציע, וואָס אונטערשיידט אַזוי דעם גאָט־געבענטשטן לערער פון דעם אויסגעשולטן בעל־מלכה. ביי אירברייטן פעדאַגאָגישן פאַרנעם אינטערעסירט זי זיך מיט אַלע געביטן פון דערציאונג און בילדונג, אָנהויבנדיק פון פאָרשול ביז דעם לערער־סעמינאַר. זי איז א טעטיקער מיטאַרבעטער אין דער פאָרשולסעקציע און נעמט אָנטייל אין דער גרינדונג און פאַרוואַלטונג פון לערער־סעמינאַר.

זי איז אויך א מיטאַרבעטערין פון קינדער־זשורנאַל „דער חבר". זי פאַרעפנטלעכט דאָרטן איבערזעצונגען אין יידיש: ס. ראַדציג—אין א גריכישער שול א. אַ.

דער טויט פון סאָפיע אַבראַמאָווונע האָט שווער געטראָפן די ווילנער לערערשאַפט און שול־טוער. זי איז געווען איינע פון די, אויף וועלכע אונזער שול־וועזן איז געוואַקסן און שטאַרק געוואָרן, מיט איר איז פאַרשוואונדן א גרויסע קולטורעלע קראַפט, וואָס האָט נאָך געהאַט אומבאַגרענצטע מעגלעכקייטן פון אַנטוויקלונג און שאַפונג.

זאָל איר אָנדענקען בלייבן צווישן אונז און אויפמונטערן צו נייער פרוכטבאַרער אַרבעט!

א. ר אָ ז ע נ ט אַ ל.

---

## סאָניע הרכבי.

אין דער ווייטער אַמעריקע האָט געפונען איר אייביקע רו איינע פון אונזערע טועריגס אויפן פעדאַגאָגישן געביט — די לערערין-פּראָבעליסטין סאָניע הרכבי.

זי, די פריילעכע און לעבנסלוסטיקע, האָט געאַרבעט אין קינדער-גאָרטן ביי דער קינדער-היים אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ כמעט די גאַנצע צייט פון זיין עקסיסטענץ און האָט געטראָגן פרייד און ליכטיקייט אין דער אַנשטאַלט, וואו עס האָבן זיך געטוליעט די אומשולדיקע עופעלעך פון דער ווילנער יידישער באַפעלקערונג אין צייטן פון הונגער און נויט, אין די יאָרן פון אָקופּאַציע.

און האָט די יונגע, זאָרגלאָזע סאָניע זיך אַרוסגעריסן פון די ד׳ אמות פון דער ווילנער לערערשאַפט און איז אין דער ווייטער וועלט פאַרפלויגן,—האָט דער אומברחמנותדיקער טויט איר די פליגלען אונטערגעהאַקט און אין קבר אַראָפּ-געשלעפּט. זי איז געשטאָרבן אין אָנהייב 1924 אין עלטער פון 26 יאָר, אין ניו-יאָרק, וואו זי האָט געאַרבעט אין אַ באַקטעריאָלאָגישן אינסטיטוט. אָנגע-שטעקט זיך מיט אַ שווערער מחלה—און אין דריי טעג איז זי פאַרברענט געוואָרן.

זאָל איר די ערד גרינג זיין! א. ב.

---

## אידע לונסקי.

אין מערץ חדש ה. י. איז געשטאָרבן אין ווין די ווילנער לערערין אידע לונסקי. מיט איר טויט האָט די יידיש-וועלטלעכע שול פאַרלאָרן איינע פון די איבערגעבנסטע טועריגס, וועלכע האָט אין משך פון אַ ריי יאָרן געטריי און אומערמידלעך געאַרבעט פאַר דער נייער יידישער שול.

אידע לונסקי איז געבאָרן געוואָרן אין 1889 יאָר אין סלאָנים ביי זייער ניט פאַרמעגלעכע עלטערן. 7 יאָר אַלט, פאָרט זי אַריבער מיט איר פאָטער, אַן אָרימען מלמד, קיין ווילנע. דאָ לערנט זי זיך אין דער פּראָגימנאַזיע פון פ. ר. מאַרקוסאָן און באַזוכט אין דער זעלבער צייט די העברעאישע גאָכמיטאָג-שול „יהודיה״, פון וועלכער זי טראָגט אַרויס אַ טיפע ליבשאַפט צו דער העברעאישער ליטעראַטור. שפּעטער ענדיקט זי איר מיטל-בילדונג אין שאַוול און פאָרט קיין בערלין שטודירן. מען ערלויבט איר אָבער ניט צו באַזעצן זיך אין בערלין אַלס „פרעמדע״, און זי מוז זיך אומקערן קיין ווילנע, וואו זי נעמט זיך צו לערעריי. די ערשטע אַרבעט אין דער האַלב-רוסיפיצירטער אָוונטשול ביי „הילף דורך אַרבעט״ באַפרידיקט זי ניט, און זי שטרעבט צו באַקומען לעקציעס אין דער אָוונטשול פאַר דערוואַקסענע. זי איז געווען זייער צוגעפּאַסט פאַר דער אָוונטשול.

אין יענע יאָרן האָבן זיך פון אַ לערער אין אָוונטשולן, וואו ס׳פלעגן זיך לערנען דערוואַקסענע אַרבעטער, דאָר רוב אָפּגעשטאַנענע אין זייער גייסטיקער אַנטוויקלונג, אַנאַלפאַבעטן, — געפאָדערט באַזונדערע מעלות: פּינקטלעכקייט, געלאַסנקייט, געדולדיקייט אין ועל כּולם אַ באַזונדערער חברשער טאַקט בנוגע צו עלטערע מענטשן, וואָס זיינען אליין זייער פילבאַר צו זייער אָפּגעשטאַנענקייט. די אַלע אייגנשאַפטן האָט מען אין אַ גרויסער מאָס געקאָנט געפינען ביי דער באַשיידענער, שטענדיק שעמעוודיקער אידע לונסקי. איר פלעגט מען שטענדיק אָנטרעפן אָט די שווערסטע אַרבעט, און מען איז געווען זיכער, אַז זי וועט דאָס דורכפירן בשלמות: אַ דאַנק איר שטילער אַרבעט פלעגן די אָפּגעשטאַנענסטע ענדיקן די שול אַלס אַנטוויקלטע, באַוואוסטזיניקע מענשן. צום סוף פון יעדן לערן־יאָר פלעגט זי זיך כּסדר באַקלאָגן, אַז זי איז שוין מיד און פלעגט בעטן אַ לייכטערע אַרבעט אין די העכערע גרופּעס; דער פּעד. ראַט האָט געוואָלט דערפילן איר פאַרלאַנג, אָבער ס׳איז געווען אוממעגלעך צו געפינען נאָך אַזאַ צוגעפּאַסטן מענשן, ווי זי—און זי פלעגט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל נעמען זיך צו דער אַרבעט. אַזוי האָט זי געהאָרעוועט פון 1911 ביז 1918. די יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָבן געווירקט אויף איר זייער שווער און האָבן ממש אונטערגעריסן איר געזונט: אַ גאַנצן טאָג פון אינדערפרי ביז 5 אָוונט אין קינדערהיים, פון 7 אַ זייגער—אין אָוונט־שול.

די שטענדיק פּינקטלעכע אידע לונסקי איז נעצוואונגען געווען אויף גאַנצע וואָכן צו איבעררייסן די לימודים. כּדי צו פאַרלייכטערן איר מאַטעריעלע לאַגע, באַמיען זיך אירע חברים איינצואָרדענען זי אין דער רעאַל־גימנאַזיע, וועלכע די חברה „מפיצי־השכלה” האָט געעפנט אין 1918 יאָר. איר געזונט־צושטאַנד ווערט אָבער אַלץ ערגער און ערגער. די דאָקטוירים הייסן איר פאָרן קורירן זיך אין אָטוואָצק. צוליב דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע פון 1920 ווערט זי אָפּגעריסן פון ווילנע, פאַרבלייבט אין וואַרשע, וואו זי נעמט אָן זייער אַ שווערע אַרבעט אין אינטערנאַט פאַר די ווילנער קינדער. ווען זי קערט זיך אום קיין ווילנע, הויבט זי ווידער אָן צו אַרבעטן אין גימנאַזיע. אָבער מוז אָפּט דורכלאָזן לעקציעס. זיצנדיק קראַנקערהייט אין שטוב, הויבט זי אָן צו שרייבן פאַר די „גרינינקע בוימעלעך” דערציילונגען וועגן ווילדע מענשן, וועלכע גייען שפּעטער אַרויס אין אַ באַזונדערן ביכל און ווערן טיילווייז איבערגעדרוקט אין העברעאישן קינדער זשורנאַל „שבלים”. נאָך אַ ביכל פון געזאַלגישן אינהאַלט איז געבליבן אין כּתב־יד...

סוף 1923 האָט זי זיך דערשפּירט זייער שלעכט און איז געפאָרן קיין ווין זיך קורירן, אָבער איר האַרץ האָט שוין מער ניט אויסגעהאַלטן די שרעקלעכע יסורים, און דאָ איז זי נפטר געוואָרן, אַן עלענטע און איינזאַמע, ווייט פון אירע קרובים און חברים.

ערע איר אָנדענקען!

ג. פּ.



# מאַטעריאַלן און דאָקומענטן.

צו דער זייט 66.

## א) פּראָגראַם פון העברעאיש.

א) די שול דאַרף שטרעבן צו געבן אירע תּלמידים די מעגלעכקייט אַריינצודרינגען אין דער אָריגינעלער העבּרעאישער ליטעראַטור, ווי אויך צו באַגרייפן די העברעאישע עלעמענטן, וואָס זיינען עד־היום גאַנגבאַר אין מונדלעכער יידישער שפּראַך. ביי אונז אין שול דאַרף ניט קולטיווירט ווערן דאָס ריידן העברעאיש, מען דאַרף בעסער פאַרנוצן די געגעבענע צייט אויף צו דערפירן וואָס גיכער די תּלמידים צו ווערטפולע טעקסטן, דהיינו, וואָס גיכער אַריבערגיין פון כ״עסטאָמאַטיע צום תּנך א. א. וו.

ב) ווי אַלע אַנדערע לימודים, דאַרף דער העבּרעאיש־לימוד געפירט ווערן אַזוי, אַז די קינדער זאָלן קאָנען אַרויסווייזן מער זעלבסטשטענדיקייט: שריפטלעכע אַרבעט, אָפּהאַנדלונגען, קאָלעקטיווע לעזונגען א. א. וו.

ג) **סכעמע פון פּראָגראַם:** ס׳איז נויטיק צו דערגרייכן אין

1־טן **יאָר פון לערנען העבּרעאיש:** קאָנען פאַרשטיין לייכטע דערציילונגען פון א כרעסטאָמאַטיע פון טיפּ טל־ילדות, פאַרנאַנדערקלייבן אַ פּועל—הוה, שמות—לייכטע נטיות, ווי אויך אויסצופירן עלעמענטאַרע סטיליסטישע אויפגאַבן.

2־טן **יאָר פון לערנען העבּרעאיש:** דורכמאַכן לייכטערע פראַגמענטן פון תנ״ך (א בהדרגהקער איבערגאַנג פון כרעסטאָמאַטיע־מאַטעריאַל). פון דקדוק: קל, נפעל, שמות—יחיד, רבים און שריפטלעכע אַרבעט—לויט עבודה עצמית פון פ. האַלפּערן.

3־טן **יאָר פון לערנען העבּרעאיש:** פראַגמענטן פון תנ״ך, אגדות; דקדוק—קל, נפעל, פעל, התפעל. שריפטלעכע אַרבעט—לייכטע איבערדערציילונגען.

4־טן **יאָר פון לערנען העבּרעאיש:** פראַגמענטן פון תנ״ך, תהילים, אגדות; פון דער נייער ליטעראַטור (פון עברית חלק שלישי בערך). דקדוק—הפעיל, הפעל, כנורי הפועל והשמות.

5־טן **יאָר פון לערנען העבּרעאיש:** תנ״ך, אגדות. גאַנצע גרינגערע ווערק בכלל און בפרט ביאַליק און י. ל. גאָרדאָן. כרעסטאָמאַטיע—פּרקים ראשונים, פּרוזדור לספרות, בכורים וכדומה.

6־טן **יאָר לערנען העבּרעאיש:** תנ״ך (נביאים). **ליטעראַטור: ביאַליק, פייערבערג,** יהודה שטיינבערג, מיכה־יוסף לעבנזאָן, יהודה הלוי.

## ב) פּראָגראַם פון פּויליש.

ODDZIAŁ III (4 godziny tygodn.)

a) Po pierwszym roku nauki dzieci powinny czytać wolno lecz wyraźnie i poprawnie, układać krótkie i proste zdania w formie odpowiedzi, wiązanie z nich króciutkich powiastek.

b) Pisać wolno i wyraźnie, uwzględniać: ó, zmiększenie spółgłosek zapomocą i, jak: bie, się, nie.

c) W związku z nauką czytania i pisania, dzieci powinny przyswajać sobie praktycznie następujące prawidła gram.—li—ły, rodzaje.

ODDZIAŁ IV (4 godziny tygodn.).

Po drugim roku nauki dzieci powinny: a) poprawnie i płynnie czytać, umieć powtórzyć treść przeczytanych urywków, układać piśmiennie proste urywki i krótkie zdania i łączyć je w całości pod kierunkiem nauczyciela; b) dalsza wprawa w zmiękczeniu spółgłosek zapomocą *i*, poprawne pisanie: sz, cz, dz, szcz, ó, ów, ówka, r—rz, ż—rz, rz po spółgłoskach: b, p, g, d, t i t. d. Przyrostek sz w przymiotniku.

W związku z nauką czytania i pisania dzieci powinny przyswajać sobie *praktycznie* następujące wiadomości gram.—podmiot, orzeczenie i dopełnienie, biernik, liczba mnoga najbardziej im znanych rzeczowników, wszystkie 3 czasy i tryb rozkazujący.

UWAGA. Terminy w tym roku: podmiot, orzeczenie.

ODDZIAŁ V (4 godziny tygodn.).

Czytanie płynne krótszych i dłuższych powiastek, odpowiednich utworów poetyckich (bajki, powiastki, wiersz. i. t. d.); opowiadania i opisy bez stałej pomocy nauczyciela, piśmienne opowiadanie przeczytanych utworów. Praktyczne przyswajanie sobie nast. wiadomości gram.: 1) zdanie ściągniete, dopełnie, określenie; 2) czasowniki, formy dokonane i niedokonane; 3) rzeczownik, przymiotnik, liczebnik, wszystkie przypadki. Dalsza wprawa w poprawne pisanie.

UWAGA: Terminy gram. w tym roku: 1) czasownik, czasy, tryb rozkaz. formy dok. i niedok.; 2) dopełnie, określenie, rzeczowniki, przymiotniki, stopnie równania.

ODDZIAŁ VI (4 godziny tygodn.).

Czytanie i opowiadanie dłuższych urywków oraz nowelek. Stopniowe zapoznawanie dzieci z łatwiejszemi utworami literackiemi. Wypracowania stylistyczne.

Systematyzowanie wiadomości gramatycznych ze szczególnem uwzględnieniem rzeczownika i czasownika. Pojęcie o zaimku, oraz poglębienie pojęcia o zdaniu. Wprawa w pisaniu przedrostków i przyrostków.

ODDZIAŁ VII (4 godziny tygodn.).

Czytanie (w szkole i w domu) utworów wybitnych pisarzy polskich oraz zapoznanie z ich krótką biografją. Wypracowania na tle przeczytanych utrworów oraz na tematy oderwane.

Gramatyka: systematyczny kurs etymologji.

ODDZIAŁ VIII (4 godziny tygodn.).

Czytanie (w szkole i w domu) odpowiednio dobranych wyjątków i całych utworów literackich. Samodzielne wypracowania. W związku z lekturą, krótkie zapoznanie dzieci z najważniejszemi okresami literatury polskiej, rozpoczynając od w. XVI, ze szczególnem uwzględnieniem okresów porozbiorowych.

Dokończenie i uzupełnienie wiadomości z gramatyki i składni.

## LEKTURA.

Rej: Wyjątki z żywota. Kochanowski J.: Treny. Krasicki: Satyry, niektóre bajki. Bredziński: Wiesław. Mickiewicz: Grażyna, Konrad Wallenrod, ballady (niektóre), wyjątki z Pana Tadeusza, Oda do młodości, wyjątki z II cz. „Dziadów". Słowacki: Ojciec zadżumionych, Lila Weneda, Szwajcarja. Fredry: Pan Geldleb, Zemsta. Konopnicka: niektóre wiersze (W piwnicznej izbie, A jak poszedł, Wolny najmita i t. d.) i nowele (Dym, Nasza szkapa, Mendel Gdański i t. d.). Orzeszkowa: Meir Ezofowicz, Eli Makower, nowele. Sienkiewicz: Szkicy węglem, Za chlebem, Janko muzykant, Latarnia, Listy z podróży. Prus: Placówka, nowele. Gomulicki: Chałat. Korzeniowski: Karpaccy Górale. Żeromski: nowele.

---

צו דער זייט 75

## פראָיעקט פון די צענטראַלע שול-וואַרשטאַטן.

1. די שול-וואַרשטאַטן האָבן דאָס ציל—אַנטוויקלען ביי די שול-תּלמידים פון די עלטערע קלאַסן זייער גאַטירלעכע שטרעבונג צו טעטיקייט, אויפוועקן ביי זיי ליבע און נייגונ-

גען צו פיזישער ארבעט, אויך געבן זיי א ריי רגילות און ידיעות, וועלכע זאָלן צוגרייטן די תּלמידים צו דער אָדער יענער מלאכה, יעדן לויט זיינע פייאיקייטן.

2. די שול־וואַרשטאַטן דאַרפן באַקאַנען די תּלמידים מיט די פּראָצעסן און אַקטן, וועלכע פאָדערן די באַנוצונג פון אינסטרומענט און געשטעל, דאַרפן אַריינפירן די קינדער אין אַן ארבעטס־סביבה, געבן זיי די מעגלעכקייט, אויפן סמך פון אייגענער דערפאַרונג, איבער־צייגן זיך אין דער באַדייטונג פון קוואַליפיצירטער פיזישער ארבעט און באַקאַנען זיך מיט די תּנאים פון פּראָדוצירן מאַטעריעלע ווערטן.

3. כּדי צו דערגרייכן די אויבנדערמאָנטע צילן דאַרפן די שול־וואַרשטאַטן באַפרידיקן פאָלג־דיקע תּנאים: א) זיי דאַרפן זיין איינגעאָרדנט ווי מעגלעך בעסער; ב) זיי דאַרפן זיך גע־פינען אונטער דער אָנפירונג פון א ספּעציעלן אינסטרוקטאָר (מייסטער); ג) אין די וואַרשטאַטן דאַרפן צוגלייך מיט די שילער ארבעטן דערפאַרענע מייסטער־געהילפן; ד) דאָרטן דאַרפן פּראָ־דוצירט ווערן בלויז נויטיקע און נוציקע זאַכן און געגנשטאַנדן פון די מאַטעריאַלן, מיט וועלכע די שילער באַגעגענען זיך אָפּט אין אַלטעגלעכן לעבן: פּאַפּיר, קאַרטאָן, האָלץ, בלעך, אייזן, לעדער און פאַרשיידענע געוועב־שטאָפן.

4. אַזוי ווי ס׳איז זעער וויכטיק, אַז די ארבעט אין די וואַרשטאַטן זאָל זיין ענג פאַרבונדן מיט די אינטערעסן, וועלכע ס׳דערוועקן זיך ביי די תּלמידים אין שול, דאַרפן צווישן אַנדערע פּראָדוצירט ווערן אין די וואַרשטאַטן אָנשוילעכע שול־מכשירים, זאַכן פון שול־איינ־ריכטונג א. א. וו.

דאָס ווערט באַרעכטיקט נאָכמער דורך דעם, וואָס אין די אָנגעוויזענע מכשירים נויטיקט זיך שטאַרק אונזער שול, און וואָס דורך זייער אויסאַרבעטונג וועלן, אין א געהעריקער מאָס, געדעקט ווערן די הוצאות פון די וואַר׳שטאַטן.

5. די ארבעטן, וועלכע ווערן אויסגעפירט אין די וואַרשטאַטן, טאָרן ניט טראָגן קיין צופעליקן כאַראַקטער. די זאַכן דאַרפן פּראָדוצירט ווערן ניט אַלס מוסטערן און ניט פאַר קיין אויסשטעלונג, נאָר: א) לויט דער באַשטעלונג פון די שולן; ב) לויט דער איניציאַטיוו פון די תּלמידים—פאַר זייערע נוצן.

6. די וואַרשטאַטן קאָנען ניט און דאַרפן זיך ניט שטעלן פאַר א ציל—מאַכן פון די תּלמידים קוואַליפיצירטע ארבעטער. נאָר די איבונגען אין יעדער מלאכה דאַרפן דורכגעפירט ווערט אין אַזאַ מאָס, אַז די תּלמידים זאָלן קאָנען אויסנוצן די באַקומענע ידיעות אין זייער צוקינפטיקן לעבן און זאָלן אויך קאָנען, ענדיקנדיק די שול, אָנקומען אין א וואַרשטאַט אַלס נוציקער ארבעטער.

7. דאָס לערנען אין וואַרשטאַט ווערט דורכגעפירט אונטער דער אָנפירונג פון א ספּע־ציעלן מייסטער. אויסערן מייסטער, דאַרף אויף יעדע 25—20 תּלמידים זיין א געהילף. יעדע גרופּע ארבעט אין וואַרשטאַט 3 מאָל אין וואָך צו $2^1/_2$ שעה.

אויף אַזאַ אופן, קאָנען זיך אין יעדן וואַרשטאַט ביי איין מייסטער און איין געהילף לערנען 100 שילער (יעדן טאָג 2 גרופּעס).

די וואַרשטאַטן דאַרפן זיין טעטיק אין פאַרלויף פון א נאָרמאַלן ארבעטס־טאָג (8 שעה).

8. ביים לערנען דעם פאַך דאַרף געלייגט ווערן די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט אויף צו באַקאָנען די קינדער מיטן געבוי פון אינסטרומענט און געשטעל אין צוזאַמענהאַנג מיט זייער באַשטימונג; ס׳דאַרפן דורכגעפירט ווערן שמועסן איבער טעכנאָלאָגיע פון די מאַטעריאַלן. אויסער דעם, דאַרף יעדער שילער, איידער ער טרעט צו אויסצואַרבעטן א געגנשטאַנד, פריער צוגרייטן אַן עסקיז און, אויב מעגלעך, אויך א צייכנונג, צונויפשטעלן א סמעטע, נאָכן פאַר־טיקמאַכן דעם געגנשטאַנד צונויפשטעלן א קאַלקולאַציע, פאַרגלייכנדיק מיטן פּרייז פון געגנשטאַנד אויפן מאַרק.

די דאָזיקע איבונגען וועלן געבן א רייכן מאַטעריאַל צו באַנעמען די געזעצן פון מע־כאַניק, פיזיק און נאַטורוויסנשאַפט, אַריפמעטישע און געאָמעטרישע אויסרעכנונגען, און אויך די תּנאים פון עקאָנאָמישן לעבן.

9. פון באַזונדערע וואַרשטאַטן איז נויטיק צו עפענען אין דער ערשטער ריי קאַרטאָ־נאַזש־איינבינדעריי, סטאָלערײ־טאָקערײ און שלאָסערײ וואַרשטאַטן.

### די נויטיקע מכשירים פאַר די וואַרשטאַטן:

**א) א י י נ ב י נ ד ע ר י י**

1 שנייד־פּרעס, 1 פּאַפּ־שער, 1 מאַשין אויף נייען העפטן, 1 פּרעס פאַר גאָלדערנע בוכ־שטאַבן מיט אַ קאַסע, 1 אייזערנער פּרעס, 3 הילצערנע פּרעסן, 1 טיש.

**ב) ס ט אָ ל ע ר י י ־ ט אָ ק ע ר י י :**

פאַר יעדן תּלמיד:

1 ווערסטאַק, 1 האַנטזעג, 1 רייס־הובל, 1 שליכט־הובל, 1 צוק־הובל, 2 ווינקלען, 1 האַמער, 1 ווובאַנאַק, 1 שרויב־צוואַנג.

אויסער דעם פאַרן גאַנצן וואַרשטאַט: 4 קאַרבעס, 4 אָפּצוואַנגען, 1 קוואַר־זעג, 10 פאַרשיידענע זעגן, 24 פאַרשיידענע דלאַטן, 16 בייטלען, 1 טאָקאַר־געשטעל.

**ג) ש ל אָ ס ע ר י י ־ וו אַ ר ש ט אַ ט :**

פאַר יעדן שילער:

1 שרויפשטאָק, 1 פלאַכער פייל, 1 האַמער, 1 דלאָט, 1 פליטקע.

אויסערדעם פאַרן גאַנצן וואַרשטאַט: 10 פאַרשיידענע פיילן, 12 קרינצירקלען, 6 מעטער, שפּיץ־צירקלען, 3 פלאַכע צוואַנגען, 3 בייס־צוואַגגען, 2 שנייד־זעגלעך, 2 קלובן, 4 פייל־קלובן, 6 שרויפנציער, 3 טיש, 1 טאָקאַר־געשטעל, 1 באָר־געשטעל, 1 פייערשמיד, 1 פּרעס.

---

צו דער זייט 89.

# ס ט אַ ט ו ט

## פון דער ווילנער יידישער בילדונגס־געזעלשאַפט.

## I. קאַפּיטל.

### טעריטאָריע, ציל, רעכט און אופן פון דער טעטיקייט פון דער געזעלשאַפט.

**אַ ר ט י ק ל 1.** די ווילנער יידישע בילדונגס־געזעלשאַפט איז טעטיק אויף דער טעריטאָריע פון ווילנער קאַנט, דהיינו אויף דעם שטח, וואָס איז אונטערגעפאָרפן דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט פון דער 2־טער אינסטאַנץ אין ווילנע.

**אַ ר ט י ק ל 2.** די ווילנער יידישע בילדונגס־געזעלשאַפט האָט די אויפגאַבע מיטצווירקן אין דער אַנטוויקלונג פון אַלגעמיינער און פּראָפעסיאָנעלער אויסבילדונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין ווילנע און אין ווילנער קאַנט, ווי אויך אין דער אויפהויבונג פון דער קולטורעלער מדריגה פון יידישן פאָלק.

**אַ ר ט י ק ל 3.** כּדי צו דערגרייכן די אויבנדערמאָנטע צילן האָט די געזעלשאַפט דאָס רעכט אין הסכּם מיט די פּאַרפליכטנדיקע פאַרשריפטן: א) צו גרינדן קינדער־גערטנער ווי אויך אַנדערע פרעבל־אַנשטאַלטן, פאָלקס־ און מיטל־שולן, אָוונטשולן, סעמינאַרן און קורסן פאַר לערער, מוסטער־שולן, פאַך־שולן און וואַרשטאַטן, זומער־קאָלעניעס פאַר די תּלמידים און דעם לערער־פּערסאָנאַל, קינדער־היימען, אינטערנאַטן, שפּיל־פּלעצער, ביבליאָטעקן און לייענזאַלן, ווי אויך פּעדאַגאָגישע אויסשטעלונגען און מוזעאומס; ב) צו גרינדן פאַרלאַגן אויף אַרויסצוגעבן שול־האַנטביכער און שול־ליטעראַטור, ווי אויך ספּעציעלע פּעדאַגאָגישע זשורנאַלן; ג) איינצואָרדנען לעקציעס, פאָרטראָגן און שמועסן פון געביט פון דער פּעדאַגאָגיק און ליטעראַטור פאַר דערוואַקסענע, ווי אויך שמועסן פון פאַרשיידענע געביטן פון וויסן פאַר קינדער; ד) צונויפצורופן צוזאַמענפאָרן און פּעריאָדישע קאָנפערענצן, כּדי צו פאַרענטפערן אַלגעמיינע און ספּעציעלע בילדונגס־פראַגן ביי יידן.

**אַרטיקל 4.** די ווילנער יידישע בילדונגס־געזעלשאַפט איז אַ יורידישע פּערזאָן אין דעם גבול, וואָס איז פאָראויסגעזען דורכן ציווילן רעכט, בפרט האָט זי דאָס רעכט אויפן סמך פון אַלע מינים רעכטלעכע יסודות צו דערווערבן, צו פאַרקויפן און צו באַזיצן אומבאַוועגלעכע גיטער, דורכצופירן כלערליי ציוויל־רעכטלעכע טראַנזאַקציעס אין דעם גבול פון די רעכט, וואָס דרינגען אַרויס פון אַרטיקל 2 און 3.

**אַרטיקל 5.** איר טעטיקייט פירט די געזעלשאַפט אין דער יידישער שפּראַך. דאָס זעלבע איז די אונטערריכטס־שפּראַך אין אַלע אַנשטאַלטן פון דער געזעלשאַפט אויך די יידישע (יידיש).

**אַרטיקל 6.** דער רעכטלעכער זיצאָרט פון דער געזעלשאַפט איז די שטאָט ווילנע.

## II-טער קאַפּיטל.

## די אָרגאַניזאַציע פון דער געזעלשאַפט.

**אַרטיקל 7.** די געזעלשעפט האָט דאָס רעכט, אָפּהיטנדיק די פאָרמאַליטעטן, וואָס זיינען פאָראויסגעזען דורך די פאַרפליכטנדיקע רעכטלעכע פאָרשריפטן, צו גרינדן אירע אָפּטיילונגען אין די איינצלנע שטעט און שטעטלעך פון ווילנער קאַנט, וואו די פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט וועט דאָס האַלטן פאַר צוועקמעסיק, און וואו ס'וועלן זיך געפינען נישט ווייניקער פון 20 מיטגלידער. אין ווילנע האָט די געזעלשאַפט דאָס רעכט אויף די זעלבע יסודות צו שאַפן זעלבסטשטענדיקע אָפּטיילונגען אין די פאָרשטעט.

**אַרטיקל 8.** אין איר טעטיקייט אויפן שטח פון דער איר רעפּרעזענטירטער טעריטאָריאַלער איינהייט ערליידיקט יעדע אָפּטיילונג פון דער געזעלשאַפט די שייכותדיקע ענינים אויפן סמך פון די אַלגעמיינע אינסטרוקציעס אָדער ספּעציעלע אָנווייזונגען, וואָס זי באַקומט פון דער פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט. די אָפּטיילונג האָט דאָס רעכט צו אָרגאַניזירן איינצלנע סעקציעס און אויך צו באַשטימען ספּעציעלע קאָמיסיעס, דערביי ווערט דער באַשטאַנד און דער גבול פון דער טעטיקייט פון דער דאָזיקער סעקציע אָדער קאָמיסיע יעדעס מאָל פעסטגעשטעלט אויפן סמך פון אַ באַשלוס פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער פון דער אָפּטיילונג.

## III-טער קאַפּיטל.

## די מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט.

**אַרטיקל 9.** מיטגלידער פון דער ווילנער יידישער בילדונגס־געזעלשאַפט קענען זיין פוליאָריקע פּערזאָנען פון ביידע געשלעכטער, ווי אויך כלערליי יורידישע פּערזאָנען, וואָס וועלן אָנגעבן אַ שריפטלעכע דעקלאַראַציע, אַז זיי פילן מיט די צילן פון דער געזעלשאַפט און דריקן אויס דעם ווילן איר צו העלפן זיי צו דערגרייכן אין די גרעניצן פון דעם דאָזיקן סטאַטוט.

**אַרטיקל 10.** מיטגלידער ווערן צוגענומען לויט אַ באַשלוס פון דער פאַרוואַלטונג פון דער שייכותדיקער אָפּטיילונג, וועלכער ווערט אָנגענומען מיט אַ געוויינלעכער מערהייט שטימען פון די ביייזייענדיקע.

**אַרטיקל 11.** יעדער מיטגליד פון דער געזעלשאַפט איז מחויב אריינצוטראָגן נישט ווייניקער פון $1/2$ גילדן איינשרייב־געלט, ווי אויך נישט ווייניקער פון 10 גראָשן חודש־אָפּצאָל. אַ מיטגליד, וואָס וועט אין משך פון 3 חדשים נישט אריינטראָגן די אָפּצאָלונגען, וואָס קומען פון אים, וועט ווערן אויסגעמעקט פון דער מיטגלידער־רשימה לויט אַ באַשלוס פון דער פאַרוואַלטונג פון דער שייכותדיקער אָפּטיילונג.

## IV-טער קאַפּיטל.

## די פאָנדן פון דער געזעלשאַפט.

**אַרטיקל 12.** די מיטלען פון דער געזעלשאַפט שטעלן זיך צונויף: אַ) פון אָפּצאָלונגען פון די מיטגלידער: איינשרייב־געלט און חודש־אָפּצאָל; ב) פון איינמאָליקע צושטייער

אין פּאַריאָדישע סומען, וואָס ווערן אַריינגעטראָגן דורך פּיזישע אָדער יורידישע פּערזאָנען; ג) פון סובסידיעס און אַנדערע שטיצעס און אַסיגנירונגען מצד דער מלוכה, מאַגיסטראַט, סיימיקעס און אַנדערע אָרגאַנען פון דער זעלבסטפאַרוואַלטונג, פון די יידישע קהילות און אַנדערע געזעלשאַפט־לעכע אינסטיטוציעס אין ווילנע און אין ווילנער קאַנט; ד) פון די הכנסות פון די קאַפּיטאַלן, איינריכטונגען און אַנדער אייגנטום פון דער געזעלשאַפט; ה) פון זאַמלונגען, קאָנצערטן, ספּעק־טאַקלען און אַנדערע אונטערנעמונגען, איינגעאָרדנט, אָפּהיטנדיק די פאַרפּליכטנדיקע פאַרשריפטן, ווי אויך פון אַנדערע הכנסה־קוואַלן.

**ארטיקל 13.** פון דעם איינשרייב־געלט און מיטגליד־אָפּצאָל, וואָס קומט אריין אין דער קאַסע פון די אָפּטיילונגען פון דער „געזעלשאַפט, גיט אַוועק די אָפּטיילונג אין דער הויפּטקאַסע פון דער געזעלשאַפט 20%. דער רעשט פון דעם איינשרייב־געלט און מיטגליד־אָפּצאָל און אַלע הכנסות אַ חוץ דעם בלייבן אין רשות פון דער פאַרוואַלטונג פון דער אָפּטיילונג, און ווערן אויסגעניצט אויסשליסלעך אויף אָרטיקע צוועקן.

## V-טן קאַפּיטל.

## די אָרגאַניזאַציע פון דער אָפּטיילונג.

**ארטיקל 14.** די אָרגאַנען פון דער אָפּטיילונג זיינען:

א) די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער פון דער אָפּטיילונג,

ב) די פאַרוואַלטונג פון דער אָפּטיילונג,

ג) די רעווידיר־קאָמיסיע פון דער אָפּטיילונג.

**ארטיקל 15.** אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון די אָפּטיילונגען וועלן זיין אָרדענטלעכע און אויסעראָרדענטלעכע. אָרדענטלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען קומען פאָר נישט זעלטענער ווי איין מאָל אַ יאָר. אויסעראָרדענטלעכע פאַרזאַמלונגען וועלן צונויפגערופן ווערן אין נייטיקע פאַלן לויט אַ באַשלוס פון דער פאַרוואַלטונג אָדער לויט דער פאָדערונג פון דער רעווידיר־קאָמיסיע אָדער אויך לויט דער פאָדערונג פון מינדעסטנס 1/5 טייל פון די מיטגלידער פון דער געגעבענער אָפּטיילונג. אין די לעצטע צוויי פאַלן איז די פאַרוואַלטונג מחויב אויפצורופן אַן אויסעראָרדנטלעכע פאַרזאַמלונג נישט שפּעטער ווי אין פאַרלויף פון צוויי וואָכן פון דעם טאָג, ווען ס'איז אַריינגעטראָגן געוואָרן דער שייכותדיקער פאָרשלאָג.

**ארטיקל 16.** די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער אָפּטיילונג איז גילטיק, אויב עס נעמען אָנטייל אין איר נישט ווייניקער פון 1/5 טייל פון דער צאָל מיטגלידער, וואָס וואוינען אין דעם געגעבענעם אָרט. אין פאַל ווען די פאַרזאַמלונג זאָל נישט קענען פאָרקומען צוליבן פעלן פון אַ קוואָרום, ווערט צונויפגערופן מיטן זעלבן סדר־היום אין אַ טערמין, וואָס איז נישט שפּעטער פאַר 5 טעג פון דער דאַטע פון דער פאַרזאַמלונג, וועלכע איז נישט צו שטאַנד געקומען, אַ צווייטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, וואָס איז גילטיק ביי יעדער צאָל ביי־זייענדיקע.

**ארטיקל 17.** אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג ווערן אַלע באַשלוסן אָנגענומען מיט אַ מערהייט שטימען פון די ביי־זייענדיקע. אויך די וואַלן ווערן דורכגעפירט מיט אַ געוויינ־לעכער מערהייט שטימען פון די בייזייענדיקע, בתנאי, אַז אויף דער פאָדערונג כאָטש פון איין מיטגליד דאַרפן די וואַלן זיין געהיימע.

**ארטיקל 18.** די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער אָפּטיילונג קלייבט אויס אויפן משך פון איין יאָר צייט אָדער פון 6 חדשים אַ פאַרוואַלטונג פון דער אָפּטיילונג, וואָס באַשטייט פון אַן אומגראָדער צאָל מיטגלידער אין אַ צאָל פון נישט ווייניקער ווי 3 און נישט מער ווי 9, וועלכע פירט אָן די לויפנדיקע ענינים פון דער אָפּטיילונג אין די גרעניצן פון דעם דאָזיקן סטאַטוט. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג קלייבט אויס אַ רעווידיר־קאָמיסיע אין צוזאַמענשטעל פון 3 פּערזאָן ווי אויך 2 קאַנדידאַטן.

**ארטיקל 19.** יעדע סעקציע אָדער קאָמיסיע, וואָס ווערט אויסגעקליבן דורך דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, פירט איר אַרבעט אין די גרעניצן, וואָס זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך אַ שייכותדיקן באַשלוס פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג. די צאָל מיטגלידער פון די

איינצלנע סעקציעס אָדער קאָמיסיעס ווערט פון פאַרויס פעסטגעשטעלט אַ גראָדע אין אַ צאָל פון נישט ווייניקער ווי 4 פּערזאָן, נאָר די פאַרוואַלטונג פון דער אָפּטיילונג דעלעגירט אין צוזאַמענשטעל פון דער סעקציע אָדער קאָמיסיע איין מיטגליד אירן. די באַשלוסן פון דער סעקציע אָדער קאָמיסיע נויטיקן זיך אין אַ באַשטעטיקונג מצד דער פאַרוואַלטונג.

**אַרטיקל 20.** די פאַרוואַלטונג פון יעדער אָפּטיילונג קלייבט אויס פון צווישן זיך אַ פאָרזיצער, אַ נאָמן און אַ סעקרעטאַר. אויב אין צוזאַמענשטעל פון דער פאַרוואַלטונג גייען אריין 5 אָדער 7 פּערזאָן, קען די פאַרוואַלטונג באַשטימען פון צווישן זיך איינעם אָדער צוויי וויצע-פאָרזיצער. די באַשלוסן פון דער פאַרוואַלטונג זיינען גילטיק אין פאַל פון בייזיין פון פאָרזיצער אָדער וויצע-פאָרזיצער און צוזאַמען מיט אים פון מינדעסטנס אַ העלפט מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג; די באַשלוסן פון דער פאַרוואַלטונג ווערן אָנגענומען מיט אַ געוויינלעכער מערהייט פון שטימען. מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג, וואָס נעמען ניט קיין אָנטייל אין משך פון צוויי חדשים אין די זיצונגען אָן אַ גענוגער סיבה, פאַרלירן זייער אַמט לויט אַ פאָרשלאָג פון דער פאַרוואַלטונג אָדער פון $1/5$ טייל פון די מיטגלידער פון דער אָפּטיילונג.

**אַרטיקל 21.** די פונאַנדערלאָזונג און ליקווידירונג פון דער אָפּטיילונג קען באַשלאָסן ווערן בלויז דורך אַן אויסעראָרדענטלעכער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער פון דער שייכותדיקער אָפּטיילונג, וואָס ווערט צו דעם צוועק ספּעציעל צונויפגערופן, מיט אַ מערהייט פון די אָפּגעגעבענע שטימען.

**באַמערקונג.** דעם באַשלוס וועגן פונאַנדערלאָזן די אָפּטיילונג שטעלט צו די פאַרוואַלטונג פון דער אָפּטיילונג דער הויפּטפאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט צום באַשטעטיקן.

**אַרטיקל 22.** אין פאַל ווען אַן אָפּטיילונג פון דער געזעלשאַפט זאָל צוליב וועלכע נישט איז טעמים פאַרמאַכט ווערן, גייט איבער דאָס אייגנטום פון דער אָפּטיילונג צו דער הויפּפאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט, אָדער צו אַן אַנדער אינסטיטוציע לויט אַ שייכותדיקן באַשלוס פון דער דאָזיקער הויפּטפאַרוואַלטונג.

## VI קאַפּיטל.

## די צענטראַלע אָרגאַנען פון דער געזעלשאַפט.

**אַרטיקל 23.** די אָרגאַניזאַציע פון דער ווילנער יידישער בילדונגס-געזעלשאַפט בילדן אַלע אָפּטיילונגען, וואָס גייען אריין אין צוזאַמענשטעל פון דער געזעלשאַפט.

**אַרטיקל 24.** די צענטראַלע אָרגאַנען פון דער געזעלשאַפט זיינען:

א) די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט,

ב) די הויפּט-פאַרוואַלטונג,

ג) די הויפּטרעווידיר-קאָמיסיע.

**אַרטיקל 25.** פאַר דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט ווערט באַטראַכט די פאַרזאַמלונג פון די דעלעגאַטן פון אַלע אָפּטיילונגען. צו דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג שיקט יעדע אָפּטיילונג, וואָס ציילט פון 20 ביז 30 מיטגלידער צו איין פאָרשטייער, אָפּטיילונגען, וואָס ציילן ביז 40 מיטגלידער—צוויי פאָרשטייער, אָפּטיילונגען אָבער וואָס ציילן מער ווי 40 מיטגלידער שיקן 2 פאָרשטייער און אחוץ דעם צו איין פאָרשטייער פון יעדע ווייטערדיקע 40 מיטגלידער. די שטאָט ווילנע, ווי אַן אָפּגעזונדערטע טעריטאָריאַלע איינהייט אַלס אַן אָפּטיילונג פון דער געזעלשאַפט, שיקט 25 פאָרשטייער, אויב די פאָרשטעט פון ווילנע וועלן זיין באַזונדערע אָפּטיילונגען, דעמאָלט וועט די אַלגעמיינע צאָל פאָרשטייער פון ווילנע און אירע פאָרשטעט אויך זיין 25 בתנאי, אַז די פאַרוואַלטונג פון דער שטאָט ווילנע דאַרף זיך פאַרשטענדיקן מיט די פאַרוואַלטונגען פון די אָפּטיילונגען פון די פאָרשטעט מכח דער פאַרטיילונג פון די דאָזיקע 25 מאַנדאַטן.

**אַרטיקל 26.** די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט (די פאַרזאַמלונג פון די דעלעגאַטן פון די אָפּטיילונגען) קומט פאָר מינדעסטנס איין מאָל אַ יאָר. דעם סדר-היום פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג איז די הויפּט-פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט מודיע די איינצלנע אָפּטיילונגען נישט שפּעטער ווי אַ חודש פאַר דעם טערמין פון דער פאַרזאַמלונג.

**אַרטיקל 27.** אַן אויסעראָרדענטלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט קען צונויפגערופן ווערן לויט אַ געהעריקן באַשלוס פון דער הויפּטפאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט אָדער פון דער הויפּטרעווידיר־קאָמיסיע אָדער אויף דער פאָדערונג פון מינדעסטנס 1/4 טייל פון אַלע אָפּטיילונגען.

**אַרטיקל 28.** די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט איז גילטיק ביי דעם בייזיין פון פאָרשטייער פון מינדעסטנס 1/4 טייל פון אַלע אָפּטיילונגען, אומאָפּהענגיק פון דעם, וויפיל פאָרשטייער פון יעדער אָפּטיילונג עס זיינען געקומען.

**אַרטיקל 29.** אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט ווערן אַלע באַשלוסן אָנגענומען מיט אַ געוויינלעכער מערהייט פון שטימען. אַ פראַגע, וואָס איז נוגע אַ פּראָיעקט וועגן ענדערן דעם סטאַטוט אָדער וועגן איינשאַפן זיך אָדער פאַרקויפן אומבאַוועגלעכע גיטער, ווי אויך פראַגן, וואָס זיינען נוגע די ליקווידאַציע פון דער געזעלשאַפט אָדער דאָס פאַנאַנדערלאָזן די אָדער יענע אָפּטיילונג, דאַרפן באַשלאָסן ווערן מיט אַ מערהייט שטימען פון 2/3 פון אַלע בייזייענדיקע אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג מיטגלידער.

**אַרטיקל 30.** די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט איז דער העכסטער אָרגאַן פון דערזעלבער. זי קלייבט אויס די הויפּטפאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט, די הויפּטרעווידיר־קאָמיסיע, ווי אויך אַנדערע קאָמיסיעס, שטענדיקע אָדער צייטווייליקע, כּדי צו ערליידיקן איינצלנע ענינים און צו רעאַליזירן די רעכט, וואָס דרינגען אַרויס פון אַרטיקל 2 און 3 פון דעם דאָזיקן סטאַטוט.

**אַרטיקל 31.** די הויפּטפאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט איז דער אויספירארגאַן פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג און רעפּרעזענטירט די געזעלשאַפט כּלפּי־חוץ ווי אַ רעכטלעכן און געזעלשאַפטלעכן איינס. די הויפּטפאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט באַשטייט פון אַן אומגראָדער צאָל מיטגלידער אין אַ צאָל פון ניין ביז פופצן פּערזאָן, וואָס ווערן אויסגעקליבן אויפן משך פון איין יאָר צייט.

**אַרטיקל 32.** די הויפּטפאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט קומט זיך צונויף נישט זעלטענער ווי איין מאָל אַ חודש. אירע באַשלוסן ווערן אָנגענומען מיט אַ געוויינלעכער מערהייט פון די בייזייענדיקע. די דאָזיקע באַשלוסן זיינען גילטיק אין פאַל פון בייזיין אויף דער זיצונג פון מינדעסטנס אַ העלפט מיטגלידער פון דער הויפּטפאַרוואַלטונג, דערונטער פון פאָרזיצער אָדער וויצע־פאָרזיצער. די הויפּטפאַרוואַלטונג באַשטימט פון צווישן זיך אַ פאָרזיצער, צוויי אָדער דריי וויצע־פאָרזיצערס, אַ גאַמן און איינעם אָדער צוויי סעקרעטאַרן.

**אַרטיקל 33.** די הויפּטפאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט פירט אָן די גאַנצע לויפנדיקע אַרבעט פון אַלע אָפּטיילונגען, גיט אַרויס אינסטרוקציעס, וואָס זיינען נוגע אַלע אָדער באַזונדערע אָפּטיילונגען, זי גיט אויך צו אַן איינהייטלעכן כאַראַקטער דער קולטור־און בילדונגס־אַרבעט פון די באַזונדערע אָפּטיילונגען. די הויפּטפאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט האָט דאָס רעכט מבטל צו זיין אַ באַשלוס פון אַן אָפּטיילונג אָדער אָפּצוהאַלטן זיין אויספירונג, אויף וויפיל זי וועט איינגעפינען, אַז ער איז נישט צוועקמעסיק אָדער נישט אין הסכּם מיט די פאָרשריפטן פון דעם דאָזיקן סטאַטוט.

**אַרטיקל 34.** די הויפּטפאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט האָט דאָס רעכט צו באַשטימען קאָמיסיעס אויף אויסצופאָרשן ספּעציעלע פראַגן אויפן געביט פון יידישן שולוועזן און פון דער פּעדאַגאָגישער טעכניק מיט דעם תּנאי, אַז די דאָזיקע קאָמיסיעס האָבן אַ באַדייטונג בלויז פון באַראַטונגס־אָרגאַנען. פאַר מיטגלידער פון די קאָמיסיעס קען די הויפּטפאַרוואַלטונג באַשטימען מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט, וואָס זיינען נישט קיין מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג, און אַפילו אויך פרעמדע פּערזאָנען אַלס זאַכקענער.

**אַרטיקל 35.** די הויפּטרעווידיר־קאָמיסיע ווערט אויסגעקליבן אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט אין אַ צאָל פון 5 פּערזאָן, ווי אויך צוויי קאַנדידאַטן, וואָס זיינען גלייכצייטיק נישט קיין מיטגלידער פון דער הויפּטפאַרוואַלטונג, אויפן משך פון איין יאָר צייט. די הויפּטרעווידיר־קאָמיסיע גיט אָפּ איר באַריכט דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, באַקענענדיק די הויפּטפאַרוואַלטונג מיט זיין אינהאַלט אַ וואָך פאַר דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג. די רעווידיר־קאָמיסיע האָט דאָס רעכט צו קאָנטראָלירן בפּרטיות אַלע חשבונות פון דער געזעל־

שאפט און פון אלע אירע אפטיילונגען. די הויפטפארוואלטונג פון דער געזעלשאפט און די פארוואלטונגען פון אלע אפטיילונגען זיינען מחויב צוצושטעלן דער הויפטרעווידיר-קאמיסיע אלע דאקומענטן, וואס וועלן דורך איר געפאדערט ווערן, כדי צו קאנטראלירן די חשבונות. אין פאל פון א סתירה צווישן באשלוס פון דער הויפט-רעווידיר-קאמיסיע און דער רעווידיר-קאמיסיע פון דער געגעבענער אפטיילונג וועגן דעם מצב פון די חשבונות, איז אין געגעבענעם פאל מאסגיביק דער באשלוס פון דער הויפט-רעווידיר-קאמיסיע פון דער געזעלשאפט. די באשלוסן פון דער הויפט-רעווידיר-קאמיסיע זיינען גילטיק ביי דעם בייזיין פון מינדעסטנס 3 מיטגלידער און ווערן אנגענומען מיט א געוויינלעכער מערהייט פון שטימען.

**ארטיקל 36.** אין פאל ווען צוליב די אדער יענע טעמים זאל זיך ארויסווייזן פאר נייטיק צו ליקווידירן די געזעלשאפט, ווערט צונויפגערופן, לויט א באשלוס פון דער אל-געמיינער פארזאמלונג אן אויסערארדענטלעכע אלגעמיינע ליקווידיר-פארזאמלונג, וואס שטעלט זיך צוזאמען אויפן זעלבן אופן ווי א געוויינלעכע אלגעמיינע פארזאמלונג. די ליקווידיר-פארזאמלונג באשטימט א ליקווידיר-קאמיסיע, ווי דעם ארגאן, וואס דארף אויספירן די פרטים פון דער ליקווידאציע לויט די שייכותדיקע אנווייזונגען פון דער ליקווידיר-פארזאמלונג. די ליקווידיר-קאמיסיע באשטייט פון 9 פערזאן, אירע באשלוסן זיינען גילטיק ביי דעם בייזיין פון דעם פארזיצער פון דער קאמיסיע אדער פון זיין פארטרעטער און צוזאמען מיט אים פון מינדעסטנס א העלפט מיטגלידער און ווערן אנגענומען מיט א געוויינלעכער מערהייט שטימען פון די בייזייענדיקע.

**ארטיקל 37.** אין פאל פון דער ליקווידאציע פון דער געזעלשאפט גייט איבער איר גאנץ אייגנטום צו אן אנדער יידישער געזעלשאפטלעכער אינסטיטוציע, וואס האט די אויפ-גאבע פון קולטור-און בילדונגס-ארבעט, לויט א שייכותדיקן באשלוס פון דער אלגעמיינער ליקווידיר-פארזאמלונג.

## VII קאפיטל.

## דער שטעמפל פון דער געזעלשאפט.

**ארטיקל 38.** די געזעלשאפט האט א שטעמפל אין דער פוילישער און יידישער שפראך מיט דער אויפשריפט: „ווילנער יידישע בילדונגס-געזעלשאפט״.

די גרינדער: (—) ד״ר צ. שאבאד, (—) ד״ר ה. קאווארסקי, (—) ע. סמילג, אדוואקאט, (—) ד״ר ע גלאבוס, (—) י. שאפירא, (—) י. גורעוויטש, (—) ב. האלפערן.

דעם דאזיקן סטאטוט פון דער געזעלשאפט „ווילנער יידישע בילדונגס-געזעלשאפט״, וואס איז כולל 38 §§, באשטעטיק איך. די דערמאנטע געזעלשאפט איז ארייגעטראגן געווארן אין רייסטער I, אונטערן № 137, דעם 14-טן אפריל 1924 י. רעגירונגס-דעלעגאט אין ווילנע (—) א״פ מאלינאווסקי.

---

צו דער זייט 99

הויפט-אנפירונג
**פון די פוילישע חילות.**
ציוויל-פארוואלטונג
**פון די מזרח-קרעסן.**
שול-אפטיילונג פון ווילנער קרייז
אין ווילנע.
דעם 10/X 1919
№ 203/3171

צו דער יידישער קהילה פון שטאט ווילנע.

אויפן סמך פון דער בקשה און פון די געגעבענע אין דער קאנצעליאריע פון בילדונגס-קרייז אויפקלערונגען, גיב איך ארויס דער יידישער קהילה פון שטאט ווילנע ביזן אפרופן אן ערלויבעניש צו עפענען אין שטאט ווילנע פאלגנדיקע לערנדערציערישע אנשטאלטן:

I. מיט דער אונטערריכטס־שפּראַך העבּרעאיש:

1) קינדער־גאָרטן „גן־ילדים“, לודוויסאַרסקע 8, אונטער דער לייטונג פון ב. כּץ.

2) 6־קלאַסיקע פאָלקסשול פאַר מיידלעך, געאָרגיעווער פּראָספּ. 22 № אונטער דער לייטונג פון א. כּץ.

3) 4־קלאַסיקע פאָלקשול אויפן נאָמען פון ד״ר עפּשטיין זאוואַלנע 4. אונטער דער לייטונג פון א. לעווין.

4) העבּרעאישע גימנאַזיע, זאוואַלנע 4, אונטער דער לייטונג פון מ. אָליצקי.

5) שול פאַר העבּרעאישער שפּראַך „יהודיה“, זאוואַלנע 4, אונטער דער לייטונג פון ד. נאָטיק.

6) אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע, געאָרגיעווער פּראָספּעקט 22 № אונטער דער לייטונג פון מ. נאַדעל.

II. מיט דער אונטערריכטס־שפּראַך יידיש:

1) קינדער־גאָרטן [1] ראַדונער 13, אונטער דער לייטונג פון ה. בלאָך־סעניצקאַ.

2) „ „ ביי דער אַרבעטער־קינדערהיים, וואָקזאַל־גאַס 15, אונטער דער לייטונג פון ב. זאַקהיים.

3) קינדער־גאָרטן [2] כּיווינער 7.

4) „ „ [3] זאוואַלנע 28/30 אונטער דער לייטונג פון ב. קליאַטשקאַ־האַמבורג.

5) „ „ [4] סובאַטש 29 אונטער דער לייטונג פון יודעלאָוויטש.

6) „ „ קאָנאַרסקי־גאַס אונטער דער לייטונג פון ריינעס.

4־קל. פאָלקס־שולן:

7) אַנטאָקאָלער 65, אונטער דער לייטונג פון נאָוואָפּליאַנט.

8) פאַר ייִנגלעך אויפן נאָמען פון ל. גורוויטש, מאָסטאָווע 14, אונטער דער לייטונג פון ב. פעלער.

9) פאַר מיידלעך, [5] ראַדונער 13, אונטער דער לייטונג פון מ. שור.

10) ביי דער אַרבעטער־קינדערהיים, וואָקזאַל גאַס 15, אונטער דער לייטונג פון ידידאָוויטש.

11) ביים יתומים־הויז, אָסטראָבּראַם־גאַס 43, אונטער דער לייטונג פון ש. סטופּעל־כּהן.

12) ביים אינטערנאַט „אחיעזר“, גאַס הייליקע אַנע 9, אונטער דער לייטונג פון י. צירקעל.

13) אויף כּיווינער גאַס 7 [6]), אונטער דער לייטונג פון ר. גערשטיין.

14) וואָקזאַל־גאַס 3, „ת״ת המאוחד“, אונטער דער לייטונג פון י. פּאָמאַצניק.

15) נאָוואָגראָדער 34 „תורה תמימה“, אונטער דער לייטונג פון א. ראַבּינאָוויטש.

16) ווילקאָמירער 20 „בית יהודה“, אונטער דער לייטונג פון ס. מעלאַמעדאָוו.

17) געאָרג. פּראָספּעקט 45, לוקישקער ת״ת, אונטער דער לייטונג י. אוליאַן.

18) קאַזימיר־געסל, „תפארת־בחורים, אונטער דער לייטונג פון מ. וואָסעיאָוויטש.

19) באַזיליאַנער 2, נאָכמיטאָג שול [7]), אונטער דער לייטונג פון מ. פּאָדאָלסקאַ־אָליצקאַ.

6־קלאַסיקע פאָלקס־שולן:

20) באַזיליאַנער 4, פאַר מיידלעך [8]), אונטער דער לייטונג פון ג. פלודערמאַכער.

21) באַקשט 4, פאַר מיידלעך [9]), אונטער דער לייטונג פון א. אַבּראַמאָוויטש.

22) נייע 5, שטאָטישע ת״ת, אונטער דער לייטונג פון מ. סעניצקי.

23) מאַקאָווער געסל 9, „תורת־אמת“ אונטער דער לייטונג פון ש. אייזיקאָוו.

24) זאַמקאָווע 12, „עזרא“, אונטער דער לייטונג פון סווירסקי.

---

**אָנמערקונגען פון רעדאַקציע:** 1) אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ, 2) אויפן נאָמען פון י. דינעזאָן, 3) „גריגינקע בוימעלעך“, 4) „מענדעלע“, 5) אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ, 6) אויפן נאָמען פון י. דינעזאָן, 7) אויפן נאָמען פון ה. כּאַצקעלס, 8) אויפן נאָמען פון ד. קופּערשטיין, 9) אויפן נאָמען פון ש. פּרוג.

25) 8־קלאַסיקע פאָלקס־שול פאַר ייִנגלעך [1]) אָסטראָבראָם 26, אונטער דער לייטונג פון י. גורעוויטש.

## אָוונט־שולן.

26) באַזיליאַנער 4 [2]), אונטער דער לייטונג פון ג. פלודערמאַכער.
27) זאַוואַלנע 30 [3]) „ „ „ „ י. דובאָווסקי.
28) סובאָטש 19 [4]) „ „ „ „ ה. אַבראַמאָוויטש.
29) רעאַל־גימנאַזיע, לודוויסאַרסקע 4, אונטער דער לייטונג פון ס. מ. גורעוויטש.

אין די אַלע אויסגערעכנטע שולן מוז ווערן איינגעפירט (ניט ווייניקער ווי 3 שעה אין וואָך אין יעדן קלאַס און אָפּטיילונג) דער אונטעררירכט פון פוילישער שפּראַך, ווי אַן אָבליגאַטאָרישער למוד, דהיינו: אין די פ״ש פון פערטן לערניאָר, אין רעאַל־גימנאַזיע פון ערשטן קלאַס [5]), אין אָוונט־שולן—אין אַלע אָפּטיילונגען.

שטעמפּל

**שול-אינספּעקטאָר פון ווילנער קרייז**
(אונטערשריפט ניט איבערצולייענען).

---

צו דער זייט 101

Tymczasowa Komisja Rządząca
Środkowej Litwy
DEPARTAMENT OŚWIATY
Wydział Ogólny
—
Wilno, dn. 11/III. 1922 roku
L. 5597/2131.
Ostrobramska Nr. 6.

Do Żydowskiego Centralnego Komitetu
Oświaty w Wilnie, Końska 3.

Na pismo z dn. 20/II r. b. Nr. 1779 Departament Oświaty powiadamia, że udziela tymczasowego pozwolenia na prowadzenie do 30 go czerwca r. b. wymienionych w piśmie szkół:
1) Gimnazjum realnego przy ul. Końskiej 1.
2) 2 go Gimnazjum „ „ Bazyljańskiej 2.
3) Seminarjum Nauczyc. „ „ Orzeszkowej 7.

(—) W. LICHTAROWICZ
Dyrektor Departamentu.

(איבערזעצונג).

צייטווייליקע רעגירונגס־קאָמיסיע
פון מיטל־ליטע.
בילדונגס דעפּאַרטאַמענט
אַלגעמיינע אָפּטיילונג
ווילנע 11/III 1922
L 5597/2131
אָסטראָבראָם־גאַס 6.

צום ייִדישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע,
קאָנסקע 3.

אויף אייער שרייבן פון 20/II ה. י. № 1779 איז דער בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט מודיע, אַז ער גיט אַ צייטווייליקע ערלויבניש אויף צו פירן ביזן 30 יוני ה. י. די אויסגערעכנטע אין בריוו שולן:

---

**אָנמערקונגען פון רעדאַקציע:** 1) „מפיצי־השכלה״, 2) אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ, 3) אויפן נאָמען פון ווינטשעווסקי, 4) ביי „הילף דורך אַרבעט״, 5) ד. ה. פון 3־טן לערניאָר.

1) רעאַל־גימנאַזיע—קאָנסקע 1.

2) 2־טע גימנאַזיע— באַזיליאַנער 2.

3) לערער־סעמינאַר—אָרזשעשקאָווא 7.

(—) וו. ליכטאַראָוויטש
דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט

---

מיר גיבן דאָ אַ רעגיסטראַציע פון איין פאָלקס־שול; ענלעכע האָבן באַקומען אַלע איבעריקע שולן.

DEPARTAMENT OŚWIATY
Inspektorat szkolny szkół powszechnych m. Wilna.
Dn. 10/IV. 1922.
Nr 844.

ZAŚWIADCZENIE.

Niniejszym zaświadczam, iż szkoła żydowska im. S. An—skiego przy ul. Subocz 29 utrzymywana przez Żydowski Centralny Komitet Oświaty została zarejestrowana w Inspektoracie Szkolnym m. Wilna dn. 10 marca 1922 roku.

(—) K. MONKIEWICZ
Inspektor szkolny m. Wilna.

(איבערזעצונג)

בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט
שול־אינספּעקטאָריאַט
פאַר די פאָלקסשולן
פון שטאָט ווילנע
10/IV 1922, № 844

באַשטעטיקונג

דערמיט באַשטעטיק איך, אַז די יידישע שול אויפן נאָמען פון ש. אַנ—סקי, סובאָטש 29, וועלכע ווערט אויסגעהאַלטן דורכן יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט, איז פאַררעגיסטרירט געוואָרן אין שול־אינספּעקטאָריאַט פון שטאָט ווילנע דעם 10 מערץ 1922.

(—) מאָנקעוויטש
שול־אינספּעקטאָר פון שטאָט ווילנע

שטעמפּל

---

KURATORJUM
OKRĘGU SZKOLNEGO
WILEŃSKIEGO

Wilno, dnia 19/VIII 1922 roku
Nr. 7312.
W sprawie wznowienia koncesji—
Na Nr. 2246 z dn. 7 VIII b.r.

Do Żydowskiego Centralnego Komitetu Oświaty w Wilnie, ul. Końska 1.3.

Kuratorjum Okręgu Szkolnego Wileńskiego udziela niniejszem Żydowskiemu Centralnemu Komitetowi Oświaty koncesji na prowadzenie w ciągu roku szkolnego 1922/23, 8 klasowego koedukacyjnego gimnazjum realnego (ul. Końska 1, 1), pod warunkiem przyjęcia następujących zmian w programie nauczania:

1) Język polski w klasach 4, 5 i 6 będzie wykładany w rozmiarze 4-ch godzin tygodniowo.

2) Historja polska w klasach 5, 6 i 7 będzie wykładana (w języku polskim) w rozmiarze dwóch godzin tygodniowo.

W sprawie mianowania kierownika i zatwierdzenia grona nauczycielskiego będzie wydane osobne zarządzenie, po przedstawieniu do Kuratorjum wszystkich danych, zgodnie z przepisami obowiązującemi starających się o koncesję.

(—) ST. ŚWIDERSKI
w. z. Kuratora.

(איבער־זעצונג)

קוראַטאָריום
פון ווילנער שול־קרייז
ווילנע, 19/VIII 1922
L 7312
וועגן באַנייען די קאָנצעסיע —
אויפן № 2246 פון 7/VIII ה. י.

צום יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט
אין ווילנע (קאָנסקע 3).

דאָס קוראַטאָריום פון ווילנער שול־קרייז גיט דערמיט דעם יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט אַ קאָנצעסיע אויף צו פירן אין משך פון שול־יאָר 1922/23 די 8־קלאַסיקע קאָעדוקאַציע רעאַל־גימנאַזיע (קאָנסקע 1) מיטן תנאי אָנצונעמען פאָלגנדיקע שנויים אין פּראָגראַם פון לערנען:

1) פּויליש זאָל אין די קלאַסן 4, 5 און 6 געלערנט ווערן 4 שעה אַ וואָך.

2) פּוילישע געשיכטע זאָל אין די קלאַסן 5, 6, און 7 געלערנט ווערן (אין פּויליש) 2 שעה אַ וואָך.

בנוגע דעם נאָמינירן אַ פאַרוואַלטער און באַשטעטיקן דעם לערער־פּערסאָנאַל וועט אַרויסגעגעבן ווערן אַ באַזונדערע פאַראָרדנונג, נאָכן צושטעלן אין קוראַטאָריום אַלע ידיעות אין הסכם מיט די פאַרפליכטנדיקע תקנות פאַר די, וואָס זיינען זיך משתדל וועגן אַ קאָנצעסיע.

פאַרן קוראַטאָר
(—) סט. סווידערסקי.

---

צו דער זייט 102

KURATORJUM
OKRĘGU SZKOLNEGO
WILEŃSKIEGO
Wilno, dnia 25/XI 1922 r.
L. 4296/22—III
W sprawie wykładania historji polskiej w języku żydowskim
Na Nr. 2759/z dn. 20 b. m.

Do Żydowskiego Centralnego Komitetu
Oświaty w Wilnie.

W odpowiedzi na pismo tamtejsze Nr. 2759 z dnia 20 b. m., Kuratorjum komunikuje, iż do prośby Komitetu żadną miarą przychylić się nie może, pod rygorem cofnięcia koncesji domaga się ścisłego przestrzegania warunków tejże.

Nadmienia się, iż argumenty wymienione przez Komitet na poparcie swych żądań są zbyt jednostronne, aby mogły być podstawą do dyskusji nad zmianą ustalonego programu nauczania w szkołach o obcym języzu wykładowym.

Kurator
Gąsiorowski.

(איבערזעצונג)

קוראַטאָריום
פון ווילנער שול־קרייז
ווילנע, 25/XI 1922
L 4296/22—III
וועגן לערנען די געשיכטע פון פּוילן אין יידיש.
אויפן № 2759 פון 20 ד. ח.

צום יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט
אין ווילנע.

אַלס ענטפער אויף אייער בריוו № 2759 פון 20 ד. ח., איז דאָס קוראַטאָריום מודיע, אַז עס קאָן בשום אופן ניט באַפרידיקן די בקשה פון קאָמיטעט; אונטער דער דראָאונג צוריקצוציען די קאָנצעסיע באַשטייט דאָס קוראַטאָריום אויף דער גענויער אויספירונג פון די תנאים פון דער קאָנצעסיע.

דאָס קוראַטאָריום ווייזט אויף, אַז די אַרגומענטן, וועלכע זיינען געבראַכט געוואָרן דורכן קאָמיטעט צו שטיצן זיינע פאָדערונגען, זיינען צו איינזייטיק, כדי זיי זאָלן קאָנען בילדן

א יסוד פאר א דיסקוסיע אויף אומצובייטן די פעסטגעשטעלטע לערנפראגראם פאר שולן מיט א פרעמדער אונטעררריכטס־שפראך.

קוראטאר

(—) גאנסיאראווסקי

---

KURATORJUM
OKRĘGU SZKOLNEGO
WILEŃSKIEGO
Wilno, dnia 3/VIII 1923 r.
L. 12611/23—III.
W sprawie koncesji na gimn hum. Na Nr. 453/23 z dn. 29. VII. 23 r.

Do Żydowskiego Centralnego Komitetu Oświaty w Wilnie ul. Końska 3.

Uwzględniając podanie z dn. 29. VII r. b. Nr. 453/23 Kuratorjum udziela Komitetowi koncesji na prowadzenie w Wilnie w ciągu roku szkolnego 1923/24 8-mio klasowego Humanistycznego Gimnazjum Koedukacyjnego z językiem wykładowym żydowskim w zakresie 4 klas zasadniczych oraz klasy wstępnej, z urzędową nazwą „Gimnazjum Humanistyczne Żydowskiego Centralnego Komitetu Oświaty w Wilnie", uzależniając prawo realizacji tej koncesji od uprzedniego wykonania następujących warunków:

1. Kierownik i personel nauczycielski uzyska zatwierdzenia Kuratorjum.
2. Przydatność lokalu na szkołę zostanie zatwierdzona przez urzędową opinję organów państwowego nadzoru sanitarnego.

Zamieszczony w planie lekcyj „Język obcy" nie może być rozumiany, jako język rosyjski.

Kurator
w. z. St. Świderski.

איבערזעצונג

קוראטאריום
פון ווילנער שול־קרייז
ווילנע, 3/VIII 1923
№ 12611/23—III

צום יידישן צענטראלן בילדונגס־קאמיטעט
אין ווילנע, קאנסקע 3.

וועגן דער קאנצעסיע פאר דער
הומאניסטישער גימנאזיע.
אויפן 453/23 № פונם 29/VII 1923

נעמענדיק אין אכט די בקשה פון 29/VII ה. י. 453/23 №, גיט דאס קוראטאריום דעם קאמיטעט א קאנצעסיע צו פירן אין ווילנע אין משך פונם לערניאר 1923/24 די 8־קלאסיקע הומאניסטישע קאעדוקאציע־גימנאזיע מיט יידיש אלס אונטעררריכטס־שפראך אין גרויס פון 4 גרונד־קלאסן מיט א פארבארייטערונגס־קלאס אונטער דעם אמטלעכן נאמען: „הומאניסטישע גימנאזיע פון יידישן צענטראלן בילדונגס־קאמיטעט אין ווילנע", מאכנדיק אפהענגיק דאס רעכט צו רעאליזירן די קאנצעסיע פון לכתחילהדיקן אויספירן פאלגנדיקע תנאים:

1) דער פארוואלטער און לערער־פערסאנאל באקומען א באשטעטיקונג פון קוראטאריום
2) די צוגעפאסטקייט פון שול־לאקאל וועט באשטעטיקט ווערן דורך דעם אמטלעכן באשלוס פון די ארגאנען פון מלוכהשער סאניטארער אויפזיכט.

די איינגעשטעלטע אין לערנפלאן „פרעמדע שפראך" קאן ניט אויסגעטייטשט ווערן אלס די רוסישע שפראך.

פארן קוראטאר

(—) סט. סווידערסקי

שטעמפל

---

קוראַטאָריום
פון ווילנער שול־קרייז
3/VIII 1923
№ 12612/23—III

צום יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט
אין ווילנע, קאַנסקע 3.

וועגן דער קאָנצעסיע פאַר דער מאַ־
טעמאַטיש־נאַטורוויסנשאַפטלעכער
גימנאַזיע
אויפן № 450/23 פון 29/VII 1923

נעמענדיק אין אכט די בקשה פונ׳ם 29/VII ה. י. № 450, גיט דאָס קוראַטאָריום אַרויס דעם קאָמיטעט אַ קאָנצעסיע אויף צו פירן אין ווילנע אין משך פונם לערניאָר 1923—24 די 8־קלאַסיקע מאַטעמאַטיש־נאַטורוויסנשאַפטלעכע קאָעדוקאַציע־גימנאַזיע מיט יידיש אַלס אונטערריכטס־שפּראַך אין גרויס פון 8 גרונט־קלאַסן מיט אַ פּאַרבאַרייטונגס־קלאַס אונטערן אַמטלעכן נאָמען: „מאַטעמאַטיש־נאַטורוויסנשאַפטלעכע גימנאַזיע פון יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע", מאַכנדיק אָפּהענגיק דאָס רעכט פון רעאַליזירן די קאָנצעסיע פון דעם לכתחילהדיקן באַשטעטיקן דורכן קוראַטאָריום דעם פאַרוואַלטער און לערער־פּערסאָנאַל.

די אַריינגעשטעלטע אין לערנפּלאַן „פרעמדע שפּראַך" קאָן ניט אויסגעטייטשט ווערן אַלס די רוסישע שפּראַך.

פאַרן קוראַטאָר
(—) סט. סווידערסקי.

---

INSPEKTORAT SZKOLNY
SZKÓŁ POWSZECHNYCH
m. Wilna
Dnia 26. X. 1923 r.
Nr. 2897.
W sprawie otrzymania koncesji na szk. pryw.

Do Żydowsk. Centr. Kom. Oświaty
w/m.

Wobec złożonego podania o koncesję na prowadzenie szkół prywatnych, niezawierającego w załączeniu wymaganych danych, Inspektorat Szkolny podaje do wiadomości, że wymagane są następujące dane, bez których zasadniczo Władze Szkolne nie będą udzielały koncesji:

1. Miejsce i dokładny adres szkoły.
2. Imię, nazwisko i dokładny adres kierownika szkoły, jego kwalifikacje, życiorys i świadectwo obywatelstwa polskiego.
3. Dowody kwalifikacyj zawod. i naukowych proponowanego personelu nauczycielskiego i świad. obyw. polskiego.
4. Projekt programu, plan nauki i język nauczania szkoły.
5. Budżet.
6. Stopień organizacyjny szkoły.

Oprócz tego podaje się do wiadomości:

a) w prywatnych szkołach powszechnych z językiem nauczania niepolskim, udzielany być musi język państwowy jako obowiązkowy przedmiot nauczania od kl. II włącznie w tygodniowej ilości godzin tej samej, co i język nauczania, przyczem w klasie II może być stosowany w szkole, w której dzieci nie znają języka polskiego, system pogadanek. Przedmioty dotyczące wiedzy o Państwie (jak historja i geografja) winny być udzielane w języku państwowym.

b) Program, plan nauki i podręczniki szkolne w prywatnych szkołach powsz. winny być zatwierdzone przez Władze Szkolne.

c) Właściciel szkoły wobec Władz Szkolnych odpowiedzialnym jest za stan szkół pod względem rzeczowym, a kierownik szkoły za program naukowy, jego wykonanie i prowadzenie akt szkolnych i kancelarji w języku państwowym.

Zechce Pan powyższe wziąć pod uwagę i ponownie wystąpić o koncesję, przyczem podanie o koncesję winno być należycie ostemplowane.

Podanie z dnia 24/IX L. 2897, jako nieodpowiadające powyższym warunkom, nie mogło być załatwione pomyślnie.

Za Inspektora Szkolnego
(—) Eug. Woynowski.

(איבערזעצונג)

שול=אינספעקטאָריאַט
פון די אלגעמיינע שולן
אין שטאָט ווילנע
26/X 1923
№ 2897

צום יידישן צענטראלן בילדונגס=קאָמיטעט,
דאָ=הי.

וועגן באַקומען קאָנצעסיעס
אויף פריוואַטע שולן.

היות ווי צו דער אנגעגעבענער בקשה וועגן אַ קאָנצעסיע צו פירן די פריוואַטע שולן זיינען ניט בייגעלייגט געוועזן די נויטיקע דאַטן, איז דער שול=אינספעקטאָריאַט מודיע, אַז עס פאָדערן זיך פאָלגנדיקע ידיעות, אָן וועלכע די שול=מאַכט וועט פרינציפיעל ניט ארויסגעבן קיין קאָנצעסיעס:

1) אָרט און גענויער אדרעס פון שול.

2) נאָמען, פאַמיליע און גענויער אדרעס פון פאַרוואַלטער פון שול, זיינע קוואַליפיקאַציעס, לעבנסלויף און צייגניש פון פוילישער בירגערשאַפט.

3) צייגנישן פון דער פראָפעסיאָנעלער און בילדונגס=קוואַליפיקאַציע פון דעם פאָרגעלייגטן לערער=פערסאָנאַל און אויך צייגנישן פון פוילישער בירגערשאַפט.

4) פראָיעקט פון פראָגראַם, לערנפּלאַן און אונטערריכטס=שפּראַך פון שול.

5) ביודזשעט.

6) די אָרגאַניזאַציע=מדרגה.

אויסער דעם איז מען מודיע:

א) אין די פריוואַטע אלגעמיינע 1) שולן מיט דער ניט=פוילישער אונטערריכטס=שפּראַך, דאַרף געלערנט ווערן די מלוכה=שפּראַך, ווי אַן אָבליגאַטאָרישער לימוד פון צווייטן קלאַס איינשליסלעך אין דער זעלבער צאָל וואָכנטלעכע שעהן, ווי די אונטערריכטס=שפּראַך, דערביי קאָן אין צווייטן קלאַס פון אַ שול, וואו די קינדער קאָנען ניט קיין פויליש, באַנוצט ווערן די סיסטעם פון שמועסן. די למודים, וואָס האָבן אַ שיכות צו מלוכה=קענטעניש (ווי געשיכטע און געאָגראַפיע), דאַרפן געלערנט ווערן אין דער מלוכה=שפּראַך.

ב) די פראָגראַם, דער לערנפּלאַן און די לערנביכער אין די פריוואַטע שולן מוזן באַשטעטיקט ווערן דורך דער שול=מאַכט.

ג) דער אייגנטימער פון שול איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער שול=מאַכט בנוגע דעם צושטאַנד פון שול אין ווירטשאַפטלעכן זין, און דער פאַרוואַלטער פון שול פאַר דער פראָגראַם, פאַר פאַרווירקלעכן זי און פאַרן פירן די שול=אַקטן און די קאַנצעליאַריע אין דער מלוכה=שפּראַך.

איר וועט נעמען אין אַכט דאָס אָנגעוויזענע און וועט זיך ווענדן נאָכאַמאָל וועגן אַ קאָנצעסיע, דערביי דאַרף די בקשה אין דער נויטיקער מאָס אָפּגעצאָלט ווערן.

אייער ביטע פון 24/IX, וועלכע אַנטשפּרעכט ניט די אויבנדערמאָנטע באַדינגונגען, האָט ניט געקאָנט פּאָזיטיוו ערליידיקט ווערן.

פאַרן אינספעקטאָר,
(—) ע. וואָינאָווסקי.

---

1) באַמערקונג פון רעד. דער טערמין „אַלגעמיינע שולן“ אין דער פוילישער באַצייכנונג באַטייט „פאָלקס=שולן“.

ווילנע, דעם 13 דעצעמבער 1923.

צום

הער קוראַטאָר פון ווילנער שול־קרייז

פון דעם צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע,

גר. פּאָהולאַנקע 18 №

# מעמאָראַנדום.

דעם 10 דעצעמבער ל. י. ביים אַרומריידן מיט דער דעלעגאַציע פון די יידישע בילדונגס־צענטראַלעס די פראַגן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער קאָנצעסיע פאַר די יידישע שולן, האָט דער ה׳ קוראַטאָר פאָרגעלייגט צושטעלן אַ געהעריק מאָטיווירטן מעמאָראַנדום מיט דער אַנווייזונג פון די סיבות, צוליב וועלכע ס׳איז אוממעגלעך די דורכפירונג פון אייניקע פאָדערונגען, וואָס עס שטעלט אַרויס די שול־מאַכט ביים אַרויסגעבן די קאָנצעסיע.

אַרויסגייענדיק פונם שטאַנדפּונקט, אַז די לערן־פּראָגראַם פון די יידישע שולן דאַרף אַנטשפּרעכן דער פּראָגראַם פאַר פאָלקס שולן, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורכן מיניסטעריום פאַר אמונות און בילדונג, דערלויבן מיר זיך דערמיט אויפמערקזאַם צו מאַכן דעם ה׳ קוראַטאָר אויף פאָלגנדיקע אומשטענדן:

1) וועגן דער פראַגע פון איינפירן דעם לימוד פון דער פּוילישער שפּראַך אין דעם צווייטן לערן־יאָר.

אין אונזערע שולן ווערן אָנגענומען זיבניאָריקע קינדער, וואָס קענען ניט לייענען און ניט שרייבן. אין די ערשטע צוויי לערן־יאָרן ביים לערנען די שפּראַך שטרעבט מען צו באַקאַנען דאָס קינד מיט דער טעכניק פון לייענען און שרייבן, ווי אויך צו אַ ריכטיקן ריידן אין דער מוטער־שפּראַך ד. ה. אין יידיש, און צו אַ טיילווייזער באַהערשונג פון דער דאָזיקער שפּראַך. אין דעם פּעריאָד לערנען מיר דאָס קינד אויסצודריקן די סאַמע עלעמענטאַרסטע געדאַנקען אין דער מוטער־שפּראַך.

אין די פּוילישע פאָלקס־שולן ווערט דער לימוד פון דער צווייטער שפּראַך איינגעפירט נאָר אין די לעצטע לערן־יאָרן, וואָס איז אין פולן הסכם מיט די פּרינציפּן פון דער פּעדאַגאָגיק. מיר רעכענען זיך דערמיט, אַז אונזערע שולן מוזן ליידן פון דער פיל־שפּראַכיקייט; מיר האַלטן אָבער, אַז דער פּעדאַגאָגישער פּרינציפּ, לויט וועלכן די איינפירונג פונם לימוד פון אַ נייער שפּראַך איז דערלאָזבאַר נאָר דאַן, ווען דער שילער האָט כאָטש טיילווייז באַהערשט די מוטער־שפּראַך, דאַרף באַציען זיך אויך צו אונזערע שולן. דער ערפאָלג אין לימוד פון דער פּוילישער שפּראַך, וועלכער מיר גיבן צו אַ גרויסע באַדייטונג אַלס אַ מלוכה־שפּראַך און אַ לאַנד־שפּראַך, הייסט אונז אויך אָנצוהויבן דעם לימוד פון דעם געגנשטאַנד ערשט דאַן, ווען דאָס קינד באַהערשט שוין בעסער זיין מוטער־שפּראַך.

אין יאָר 1919, אין דער צייט פון דער פאַרוואַלטונג פון די מזרח־געביטן, האָבן מיר באַקומען אַ קאָנצעסיע פאַר אונזערע שולן, וואו עס איז געווען אָנגעוויזן, אַז דער לימוד פון דער פּוילישער שפּראַך דאַרף איינגעפירט ווערן פון פערטן לערן־יאָר אָן. אין יאָר 1922 האָבן מיר, לויט אונזער אייגענער איניציאַטיוו, איינגעפירט דעם לימוד פון דער פּוילישער שפּראַך אין דעם דריטן לערן־יאָר, וואָס באַווייזט דייטלעך אונזער שטרעבונג צו מאַכן מעגלעך פאַר אונזערע שילער די באַהערשונג פון דער מלוכה־שפּראַך אין וואָרט און שריפט. דאָס איינפירן אַ נייע שפּראַך, אפילו אַלס אַ סיסטעם פון שמועסן, דאַן, ווען דאָס קינד האָט נאָך ניט באַוויזן צו באַהערשן זיין אייגענע שפּראַך, האַלטן מיר צוליב ריין־פּעדאַגאָגישע טעמים פאַר אוממעגלעך. מיר מוזן צוגעבן, אַז די סיסטעם פון שמועסן, וועלכע זיינען ניט פאַרבונדן מיט פּראַקטישער אַרבעט, רופט ניט אַרויס מצד די קינדער די געהעריקע פאַראינטערעסירונג מיט דעם געגנשטאַנד און ברענגט אינגאַנצן ניט קיין געוואונשענע רעזולטאַטן.

**וועגן דער פראגע פון פירן די לימודים פון געאָגראַפיע און געשיכטע פון פוילן אין דער פוילישער שפּראַך.**

שטרעבנדיק דערצו, אַז די תּלמידים פון אונזערע שולן זאָלן זיין גוט באַקאַנט מיט דער געשיכטע און געאָגראַפיע פון זייער מלוכה, מוזן מיר דערביי אונטערשטרייכן מיט דער גאַנצער פעסטקייט, אַז די געוואונשענע רעזולטאַטן קענען דערגרייכט ווערן נאָר דאַן, ווען די דאָזיקע געגנשטאַנדן וועלן געלערנט ווערן אין דער מוטער־שפּראַך.

די פּאָלאָניסטישע אָפּטיילונג אויף דער אויסשטעלונג פון די יידישע שולן פונם צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט (פאָרגעקומען אין יוני פ. י.) האָט באַשיינפּערלעך באַוויזן, אַז ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די פּאָלאָניסטישע געגנשטאַנדן ווערן אין אונזערע שולן געלערנט בלויז אייניקע יאָר, האָבן די תּלמידים דערגרייכט באַפרידיקנדיקע רעזולטאַטן. די טאַבעלן, דיאַגראַמעס און קאַרטעס פון דער געשיכטע און געאָגראַפיע פון פוילן זיינען געווען איבערצייגנדיקע באַווייזן, אַז די דאָזיקע לימודים זיינען צוועקגעשטעלט אין אונזערע שולן אויף דער געהעריקער הויך, און דאָס איז מעגלעך געווען, לויט אונזער טיפסטער איבערצייגונג, אויסשליסלעך צוליב דעם, וואָס די געגנשטאַנדן זיינען געלערנט געוואָרן אין דער מוטער־שפּראַך.

**3. וועגן איינשטעלן פאַר דער פוילישער שפּראַך דיזעלבע צאָל שעהן, ווי פאַר דער אונטערריכט־שפּראַך.**

די אויבנאָנגעוויזענע פאָדערונג פון דער שול־מאַכט איז מעגלעך דורכצופירן נאָר אין די העכערע קלאַסן. אין דעם לויפנדיקן שול־יאָר האָבן מיר אַליין באַשטימט פאַרן לימוד פון דער פוילישער שפּראַך אין די העכערע קלאַסן פון אונזערע שולן אַ גרעסערע צאָל שעהן, ווי פאַר דער אונטערריכט־שפּראַך (פּוילישע שפּראַך—4 שעה וועכנטלעך, אונטערריכט־שפּראַך—3 שעה). וואָס איז שייך די נידעריקערע אָפּטיילונגען, וועט זיך דאָס ניט לאָזן דורכפירן צוליב פאָלגנדיקע טעמים: די מוטער־שפּראַך אין די דאָזיקע קלאַסן איז ניט נאָר אַ לערן־געגנשטאַנד, נאָר אויך די שפּראַך, אויף וועלכער דאָס קינד אַנטוויקלט זיך, און צוליב דעם דאַרף פאַר דער מוטער־שפּראַך אָפּגעגעבן ווערן אַ גרעסערע צאָל שעהן. אחוץ דעם דאַרף גענומען ווערן אין אַכט אויך דאָס, אַז צוליב דער פיל־שפּראַכיקייט (אחוץ פּויליש און יידיש קומט נאָך צו העבּרעאיש) איז דער שעהן־פּלאַן פון אונזערע שולן זייער איבערלאָדן.

מיר בעטן דעריבער דעם ה׳ קוראַטאָר ניט צו פאַרגרעסערן אין די אַלע קלאַסן, וואו ס׳ווערט געלערנט די פּוילישע שפּראַך, די צאָל פון די פאַרן דאָזיקן לימוד באַשטימטע שעהן איבער פיר. ביי אַ גענייטער אָנפירונג מיטן לימוד פון דער פוילישער שפּראַך דורך אַ דערפאַרענעם לערער איז מעגלעך צו דערגרייכן אויך ביי פיר שעהן זייער גוטע רעזולטאַטן, וואָס באַווייזט די פּראַקטיק פון אונזערע שולן.

**4. וועגן דער פראַגע פון פירן די קאַנצעלאַריע און די שול־אַקטן אין דער פוילישער שפּראַך.**

די דאָזיקע פאָדערונג שטעלט אונזערע שולן אין אַ זייער שווערער לאַגע. די קאַנצעלאַריע און די שול־אַקטן מוזן געפירט ווערן אין דער יידישער שפּראַך. גלייכצייטיק פירן זיי אין דער פוילישער שפּראַך וואָלט זייער פאַרשווערט די אַרבעט און ס׳וואָלט גורם געווען אַ באַדייטנדיקע פאַרגרעסערונג פון די הוצאות. דער וויזיטאַטאָר מצד דעם קוראַטאָריום פון ווילנער שול־קרייז האָט, באַזוכנדיק אין פאָריקן שול־יאָר אונזערע שולן, זיך פריי אָריענטירט אינם לעבן פון אונזערע שולן, כאָטש די שול־אַקטן און די קאַנצעלאַריע זיינען געווען געפירט אין דער יידישער שפּראַך. דער דאָזיקער ענין וואָלט געקאָנט דערליידיקט ווערן אויך אַזאַ אופן (און מיט דעם האָט אויך מסכּים געווען דער שול־אינספּעקטאָר פון שטאָט ווילנע), אַז אונזערע שולן זאָלן צושטעלן אין אינספּעקטאָראַט דעם פּלאַן פון די שול־אַרבעטן ווי אויך דעם שעהן־פּלאַן, און יעדן מאָנאַט די אויסצוגן פון די פּראָטאָקאָלן פון די פּעדאַגאָגישע ראַטן און אויך מודיע זיין וועגן די וויכטיקע געשעענישן פונ׳ם שול־לעבן.

מיר האָפן, אַז דער ה׳ קוראַטאָר וועט נעמען אין אַכט די זאַכלעכקייט פון די אויבנאויסגערעכנטע מאָטיוון און וועט באַוויליקן צוצושטימען צו אונזער בקשה.

---

INSPEKTORAT SZKOLNY
SZKÓŁ POWSZECHNYCH
m. Wilna
Dnia 25—I 1924 r.
Nr. 90

Do Żydowskiego T wa Centr. Kom. Oświaty
w Wilnie

drugostronne do wiadomości.

(—) Eug. Woynowski
Za Inspektora Szkolnego

O d p i s.

Kuratorjum Okręgu Szkolnego Wileńskiego, Wilno, dn. 3. I. 24 r.
L. 21950/23 II
W sprawie szkół żydowskich.

Do Inspektora Szkolnego m. Wilna
w miejscu.

Na skutek wniesionych jednobrzmiących memorjałów przez towarzystwa: Towarzystwo Edukacji i Kultury Żydowskiej „Tarbuth" w Wilnie, Żydowski Centralny Komitet Oświaty w Wilnie i Zjednoczony Komitet Tałmud—Tor Społecznych Waad—Hameuchod w Wilnie w sprawie szkół żydowskich, Kuratorjum O. S. W. oznajmia, co następuje:

Kuratorjum O. S. W. nie może zgodzić się na to, by nauka języka polskiego rozpoczynała się w żydowskich szkołach powszechnych dopiero na trzecim roku nauczania, a to dlatego, że nauka języka polskiego w pierwszym roku prowadzona jest systemem pogadanek, co nie nastręcza żadnych trudności na drugim roku nauczania szkoły. Również Kuratorjum utrzymuje w mocy rozporządzenia w sprawie nauczania historji Polski i geografji Polski oraz prowadzenia kancelarji i aktów szkolnych w języku polskim.

Natomiast Kuratorjum przychyla się do prośby wyrażonej w memorjałach w sprawie tygodniowej ilości godzin języka polskiego i postanawia, że w żydowskich szkołach powszechnych w m. Wilnie język polski ma być nauczany, poczynając od drugiego roku nauczania tych szkół w wymiarze czterech godzin tygodniowo. O decyzji powyższej zechce Pan powiadomić zainteresowane towarzystwa i zażądać dostosowania programu poszczególnych szkół do stawianych wymagań.

(—) A. Rachalski
w/z Kuratora.

(איבערזעצונג)

שול־אינספעקטאָריאַט
פון די אַלגעמיינע שולן
אין ווילנע
25. I. 1924
№ 90.

דעם יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע

דער אינהאַלט אויף דער צווייטער זייט צו קענטעניש.

(—) ע. וואָינאָווסקי
פאַרן שול־אינספעקטאָר.

קאָפּיע.

קוראַטאָריום פון ווילנער שול־קרייז, ווילנע, 1924 I/3, II—21950/23 №. וועגן די יידישע שולן.

צום שול־אינספעקטאָר פון שטאָט ווילנע.

אויפן סמך פון די אָנגעגעבענע דורך די געזעלשאַפטן: געז. פון בילדונג און קולטור „תרבות”, יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט און פאַראייניקטן קאָמיטעט פון די געזעלשאַפט־

לעכע ת״ת ועד־המאוחד אין ווילנע — איינשטימיקע מעמאָראַנדומס וועגן די יידישע שולן, מאַכט באַקאַנט דאָס קוראַטאָריום: דאָס קוראַטאָריום פון ווילנער שול־קרייז קאָן ניט מסכים זיין מיט דעם, אַז דער לימוד פון דער פוילישער שפּראַך זאָל זיך אָנהייבן אין די יידישע אַלגעמיינע שולן ערשט אינם דריטן לערניאָר, ווייל דער לימוד פון דער פוילישער שפּראַך ווערט געפירט דאָס ערשטע יאָר לויט דער סיסטעם פון שמועסן, וואָס פאַרשאַפט ניט קיינע שוועריקייטן אינם צווייטן לערניאָר. דאָס קוראַטאָריום האַלט אויך אין קראַפט די פאַראָרדענונג בנוגע לערנען געשיכטע פון פוילן און געאָגראַפיע פון פוילן און אויך בנוגע דעם פירן די קאַנצעליאַריע און שול־אַקטן אין פויליש.

גלייכצייטיק איז אָבער דאָס קוראַטאָריום געניגט צו דער בקשה, וואָס איז אויסגעדריקט אין מעמאָראַנדום, בנוגע דער וועכנטלעכער צאָל שעהן פון פויליש, און האָט באַשלאָסן, אַז אין די יידישע אַלגעמיינע שולן אין ווילנע זאָל פויליש געלערנט ווערן פונם 2־טן לערניאָר צו 4 שעה א וואָך.

וועגן דעם דאָזיקן באַשלוס דאַרף דער ה׳ אינספּעקטאָר מודיע זיין די פאַראינטערעסירטע געזעלשאַפטן און אויפפאָדערן זיי צופּאַסן די פּראָגראַמס פון די באַזונדערע שולן צו די אַרויסגע־שטעלטע פאָדערונגען.

(—) א. ראַכאַלסקי
פאַרן קוראַטאָר.

---

KURATORJUM
Okręgu Szkolnego Wileńskiego
Wilno, dnia 8—V 1924 r.
L. 6541 24—II
W sprawie nauki w szkołach żydowskich.

Do Żydowskiego Centralnego Komitetu Oświaty w Wilnie.

Odpowiadając na pismo z dn. 13 lutego 1924 r. Nr. 1924, Kuratorjum O. S. Wileńskiego powiadamia, iż Ministerstwo W. R. i O. P. pismem z dn. 23 kwietnia r. b. Nr. 3608/I nie uwzględniło prośby Żydowskiego Centralnego Komitetu Oświaty w Wilnie w sprawie rozpoczynania nauki języka polskiego w szkołach powszechnych z żydowskim językiem nauczania dopiero od 3 roku nauczania oraz w sprawie prowadzenia kancelarji i akt szkolnych w języku wykładowym szkoły. Jednocześnie powiadamia się, iż niema przeszkód zasadniczych przeciw udzielaniu nauki historji i geografji Polski w języku nauczania szkoły.

(—) Gąsiorowski
Kurator.

(איבערזעצונג)

קוראַטאָריום
פון ווילנער שול־קרייז
8.V.1924
№ 6541/24—II.
וועגן די לימודים אין די יידישע שולן.

צום יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע.

ענטפערנדיק אויפן בריוו פון 13 פעברואַר 1924 № 1924, איז דאָס קוראַטאָריום פון ווילנער שול־קרייז מודיע, אַז דאָס מיניסטעריום פאַר אמונות און עפנטלעכער בילדונג האָט דורך זיין תשובה פון 23 אַפּריל ה. י. № 3608/1 ניט גענומען אין אַכט די בקשה פון יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע וועגן אָנהייבן דעם לימוד פון דער פוילישער שפּראַך אין די אַלגעמיינע שולן מיט דער יידישער אונטערריכט־שפּראַך ערשט פונם 3־טן לערניאָר און אויך וועגן פירן די קאַנצעליאַריע און די שול־אַקטן אין דער אונטערריכטס־שפּראַך פון שול.

גלייכצייטיק ווערט געמאָלדן, אַז עס זיינען ניטאָ קיינע פּרינציפּיעלע מניעות קעגן לער־נען געשיכטע און געאָגראַפיע פון פוילן אין דער אונטערריכטס־שפּראַך פון שול.

(—) גאָנסיאָראָווסקי
קוראַטאָר

INSPEKTORAT SZKOLNY
SZKÓŁ POWSZECHNYCH
m. Wilna
dnia 8—I 1924 r.
Nr. 3861.

Do Żydowskiego Centralnego Komitetu
Oświatowego w miejscu
W. Pohulanka 18.

W załatwieniu podania z dn. 12.XII.23 r. L. 753/23 Inspektorat Szkolny udziela zasadniczo koncesji na prowadzenie szkół wymienionych w podaniu na rok 1923/24 z wyłączeniem szkoły Nr. 7 (Antokolska 47), której kierownik nie posiada odpowiednich kwalifikacyj a mianowicie:

Nr. 1 szkoła powsz. im. S. Fruga—ul. Bakszta 4
„ 2 „ „ im. D. Kupersztejn—Bazyljańska 4
„ 3 „ „ im. S. An—skiego—Subocz 29
„ 4 „ „ im. J. Dynesona—Chiwińska 7
„ 5 „ „ im. Szołem Ałejchem—Szeptyckiego 10
„ 6 „ „ im. L. Gurwicza—Orzeszkowej 7
„ 8 „ „ im. Mefice Haskola—Beliny 4
„ 9 ogródek dziec. im. Borochowa—Nowgorodzka 64
„ 10 „ „ im. Gryninke Bojmelech—Zawalna 28
„ 12 szkoła wiecz. im. M. Ratnera—Orzeszkowej 7

Zarządy szkół winne do dnia 20 go stycznia 1924 r. nadesłać podziały godzin i zajęć grona nauczycielskiego z wyszczególnieniem wykładanych przedmiotów łącznie ze statystyką dzieci uczęszczających do szkoły według wzoru dla szkół powszechnych państwowych.

Za Inspektora Szkolnego
(—) Eug. Woynowski.

(א־בערזעצונג).

שול־אינספעקטאָראַט
פון די אַלגעמײנע שולן
אין ווילנע.
8. I. 1924. № 3861.

צום יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט, גר. פּאָהוליאַנקע 18.

ערלײדיקנדיק די בקשה פון 12/XII 1923 י. № 753/23, גיט דער שול־אינספעקטאָר פּרינציפּיעל די קאָנצעסיע צו פירן די אויסגערעכנטע אין דער ביטע שולן אויפן יאָר 1923—24, מיטן אויסנאַם פון דער שול № 7 (אַנטאָקאָליער 47), דער פאַרוואַלטער פון וועלכער באַזיצט ניט די געהעריקע קוואַליפיקאַציעס, דהיינו:

נומ. 1 פאָלקס־שול אויפן נאָמען פון ש. פרוג, באַקשט 4
„ 2 „ „ „ „ ד. קופּערשטײן, באַזיליאַנער 4
„ 3 „ „ „ „ ש. אַנ־סקי, סובאַטש 29
„ 4 „ „ „ „ י. דינעזאָן, כיווינער 7
„ 5 „ „ „ „ שלום־עליכם, שעפּטיצקי 10
„ 6 „ „ „ „ ל. גורוויטש, אָרזשעשקאָ 7
„ 8 „ „ „ „ מפיצי־השכּלה, בעליני 4
„ 9 קינדער־גאָרטן „ „ „ ב. באָראָכאָוו, נאָווגאָראָדער 64
„ 10 „ „ „ „ „גרינינקע בוימעלעך״, זאַוואַלנע 28
„ 12 אָוונט־שול אויפן נאָמען פון מ. ראַטנער, אָרזשעשקאָ־גאַס 7.

די פאַרוואַלטונגען פון די שולן זײנען מחויב ביזן 20־טן יאַנואַר 1924 צו שיקן די פאַרטײלונג פון די שעהן און דער אַרבעט פונם לערער־פּערסאָנאַל און אָנווײזן די לימודים, וואָס יעדער אונטעררייכטעט, צוזאַמען מיט דער סטאַטיסטיק פון די קינדער, וואָס לערנען זיך אין שול לויטן מוסטער פאַר די מלוכהשע אַלגעמײנע שולן.

פאַרן שול־אינספעקטאָר
(—) ע. וואָינאָווסקי.

INSPEKTORAT SZKOLNY
SZKÓŁ POWSZECHYCH
m. Wilna
dnia 3—III 1924.
Nr. 594.

Do Żydowskiego Centralnego Komitetu
Oświatowego w Wilnie.

Inspektorat Szkolny udziela koncesji na prowadzenie szkoły powszechnej 7 klasowej Nr. 7 przy ul. Antokolskiej 47 i szkoły wieczorowej im. L. Pereca Nr. 11 przy ul. Bazyljańskiej 4, z wykładowym jęz. żydowskim z warunkiem wypełnienia i ścisłego przestrzegania wymagań, podyktowanych okólnikiem z dnia 26.X.1923 r.

(—) Eug. Woynowski
za Inspektora.

(איבערזעצונג)

שול=אינספּעקטאָריאַט
פון די אלגעמיינע שולן
אין שטאָט ווילנע
3/III 1923
№ 594

צום יידישן צענטראַלן בילדונגס=קאָמיטעט,
אין ווילנע.

דער שול=אינספּעקטאָראַט גיט אַ קאָנצעסיע צו פירן די 7=קלאַסיקע 1) פאָלקס=שול № 7, אַנטאָקאָליער 47, און די אָוונט=שול אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ № 11, באַזיליאַנער 4, מיט דער יידישער אונטעררייכטס=שפּראַך אונטערן באַדינג פון אויספירן און גענויעם אָפּהיטן די פאָדערונגען, וועלכע זיינען פאַרגעשריבן אינם צירקוליאַר פון 26/X 1923.

צו דער זייט 105

KURATORJUM
OKRĘGU SZKOLNEGO
WILEŃSKIEGO
Wilno, dn. 16.IV. 1924 r.
L. 3677/24—II.

Do Żydowskiego Centralnego Komitetu
Oświaty w Wilnie
w miejscu
ul. Końska 3.

W sprawie kursów dla nauczycieli żydowskich prywatnych szkół powszechnych.

W odpowiedzi na podanie z dnia 7.XI. 1923 Nr. 690/23 powiadamia się, że Ministerstwo W. R. i O. P., wobec ograniczenia w roku bieżącym kredytów na kursy uzupełniające, nie uważa za możliwe urządzenia osobnych kursów specjalnie dla nauczycieli wyznania mojżeszowego.

W razie, gdyby wymienieni nauczyciele zamierzali zorganizować prywatne kursy humanistyczne z własnych funduszów, Ministerstwo upoważnia Kuratorjum do udzielenia odpowiedniego zezwolenia. W miarę zaś wolnego miejsca mogliby nauczyciele wyznania mojżeszowego być przyjmowani na kursy wakacyjne, organizowane z funduszów państwowych dla ogółu nauczycielstwa szkół powszechnych.

Zaznacza się również, iż Ministerstwo nie widzi przeszkód w dopuszczaniu nauczycieli wyznania mojżeszowego, czynnych obecnie w publicznych lub nawet prywatnych szkołach *powszechnych*, do egzaminów dla czynnych a niewykwalifikowanych nauczycieli szkół powszechnych, z grupy humanistycznej, przed stałemi komisjami w myśl odnośnego regulaminu (Dz. Urz. Min. W. R. i O. P. z 1920 Nr. 16, poz. 106).

w/z Kurator
Rachalski.

1) **באַמערקונג פון רעד.** 7=קלאַסיקע דאָס איז דער טיפּ פון שול; אינם לערניאָר 1923/24 זיינען אין דער שול געווען שילער בלויז פון די ערשטע 5 לערניאָרן.

(איבערזעצונג)

קוראַטאָריום
פון ווילנער שול־קרייז
ווילנע 16. IV. 1924
№ $3677/_{24}$—II.
וועגן קורסן פאַר לערער פון
די יידישע פּריוואַטע אַלגעמיינע
שולן.

צום יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע,
קאַנסקע 3.

אַלס ענטפער אויף דער בקשה פון 1923 7/XI № $690/_{23}$ ווערט געמאַלדן, אַז דאָס מיניסטעריום פאַר אמונות און עפנטלעכער בילדונג געפינט ניט פאַר מעגלעך, צוליב דער פאַרקירצונג פון די קרעדיטן אויף דערגאַנצונגס־קורסן אינעם לויפנדיקן יאָר, איינצואָרדנען באַזונדערע קורסן ספּעציעל פאַר לערער פון משהס גלויבן.

אין פאַל ווען די דערמאָנטע לערער וואָלטן געהאַט בדעה צו אָרגאַניזירן פּריוואַטע קורסן אויף אייגענע מיטלען, באַפולמעכטיקט דאָס מיניסטעריום דאָס שול־קוראַטאָריום אַרויסצוגעבן אַן אַנטשפּרעכנדיקע דערלויבניש. אין פאַל פון פרייע ערטער וואָלטן די לערער פון משהס גלויבן געקאָנט אָנגענומען ווערן אויף די וואַקאַציע־קורסן, אָרגאַניזירטע אויף די מלוכהשע מיטלען פאַרן כּלל לערערשאַפט פון די אַלגעמיינע שולן.

ער ווערט אויך אָנגעמערקט, אַז דאָס מיניסטעריום זעט ניט קיין מניעות אינם צולאָזן לערער פון משהס גלויבן, וועלכע אַרבעטן אַצינד אין די עפנטלעך־רעכטלעכע אָדער אפילו אין די פּריוואַטע אַלגעמיינע שולן, צו די עקזאַמענס פאַר טעטיקע אָבער ניט קיין קוואַליפיצירטע לערער פון די אַלגעמייגע שולן פון דער הומאַניסטישער גרופּע, פאַר די שטענדיקע קאָמיסיעס לויטן געהעריקן רעגולאַמין (אַמטלעכער זשורנאַל פון מיניסטעריום פון אמונות און עפנטלעכער בילדונג פון 1920 № 16 פּאָזיציע 106),

פאַרן קוראַטאָר
(—) א. ראַכאַלסקי

---

KURATORJUM
OKRĘGU SZKOLNEGO
WILEŃSKIEGO
Wilno, dn. 23.IV. 1924 r.
L. 5954/24—II.

Do Żydowskiego Centralnego Komitetu
Oświaty w Wilnie
ul. W. Pohulanka 18.

W sprawie kursów dla nauczycieli
prywatnych szkół żydowskich.

Uzupełniając pismo Kuratorjum z dnia 16.IV. b. r. Nr. 3677/II—24 i w odpowiedzi na podanie 16.IV. b. r. Nr. 297/24, powiadamia się, że Kuratorjum O. S. W. skłonne jest pomóc w wyszukaniu prelegentów na ewentualnie zorganizowanym przez Żyd. C. K. O. kursie humanistycznym i że uczęszczający na te kursy nauczyciele mogą składać egzaminy w październiku roku bieżącego przed komisją egzaminacyjną, do której mogą wchodzić prelegenci wykładający na kursie.

Kurator
(—) Gąsiorowski.

(איבערזעצונג)

קוראַטאָריום
פון ווילנער שול־קרייז
23. IV. 1924
№ $5954/_{24}$—II
וועגן קורסן פאַר לערער פון
פּריוואַטע יידישע שולן.

צום יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע
גר. פּאָהולאַנקע 18

דערגאַנצנדיק דעם בריוו פון קוראַטאָריום פון 16/IV ה. י. 3677/II—24 № און אַלס ענטפער אויף דער בקשה פון 16/IV ה. י. $297/_{24}$ №, ווערט געמאַלדן, אַז דאָס קוראַטאָריום

פון ווילנער שול=קרייז איז געגייגט צו העלפן אויפצווזוכן פרעלעגענטן פארן הומאַניסטישן קורס, וואָס דער ייד. צענטר. בילד=קאָמ. האָט בדעה צו אָרגאַניזירן, און אַז די לערער, וואָס ווילן באַזוכן די קורסן, וועלן קענען האַלטן עקזאַמען אין אָקטאָבער ה, י. פאַר דער עקזאַמענאַציאָנס=קאָמיסיע, אין וועלכער עס קענען אַריינגיין די פרעלעגענטן, וואָס אונטעררריכטן אויף די קורסן.

קוראַטאָר

(—) גאָנסיאָראָווסקי

---

צו דער זייט 106

---

KURATORJUM
OKRĘGU SZKOLNEGO
WILEŃSKIEGO
Wilno, dnia 20.VIII. 1923 r.
L. 13742/23—II.

Do Żydowskiego Centralnego Komitetu
Oświaty w Wilnie
ul. Końska Nr. 3.

W sprawie stosunku nauczycieli szkół powszechnych do służby wojsk.

Na skutek interwencji p. Dr. J. Wygodzkiego, posła na sejm, w sprawie stosunku nauczycieli szkół powszechnych do służby wojskowej Kuratorjnm O. S. W. wyjaśnia, że art. 70 tymcz. Ustawy o powszechnym obowiązku służby wojskowej z dnia 27/X 1918 r. (Dz. P. P. Nr. 13 poz. 28 ex 1918) określony pismem Ministerstwa Spraw Wojskowych z dnia 3/IX 1921 roku Nr. 25548/III Okólnik Ministerstwa W. R. i O. P. z dnia 19/IX 1921 r. L. 25941/I (Dz. Urz. M. W. R. i O. P. z dnia 21.XI. 1921 roku Nr. 22/65 poz. 229 ex 1921) dotyczy wyłącznie nauczycieli publicznych szkół powszechnych. Ponieważ szkoły utrzymywane przez Ż. C. K. O. nie są uznane za równorzędne ze szkołami publicznemi, tem samem nauczyciele tych szkół nie mogą korzystać z ulg w stosunku do służby wojskowej przewidzianych w art. 70 przytoczonej ustawy

Wobec obaw jednak, wyrażonych przez p. Dr. J. Wygodzkiego, że masowy pobór sił nauczycielskich do służby wojskowej wywoła w szkołach, utrzymywanych przez Ż. C. K. O., deorganizację, Kuratorjum O. S. W. oczekuje w tej sprawie od Żydowsk. Centraln. Komitetu Oświaty ewentualnych wniosków celem ich rozważenia i przedstawienia Ministerstwu W. R. i O. P. do dalszych zarządzeń.

Kurator
w/z St. Świderski.

(איבערזעצונג)

קוראַטאָריום
פון ווילנער שול=קרייז
20.VIII 1923
№ 13742/23—II

צום יידישן צענטראַלן בילדונגס=קאָמיטעט אין ווילנע קאָנסקע 3,

וועגן דער מיליטער=פליכט פון די לערער אין די אַלגעמיינע שולן.

אויפן סמך פון דער אינטערווענץ פון סיים=דעפּוטאַט ד״ר י. וויגאָדסקי וועגן דער מיליטער=פליכט פון די לערער אין די אַלגעמיינע שולן, דערקלערט דאָס קוראַטאָריום פון ווילנער שול=קרייז, אַז דער אַרטיקל 70 פון די צייטווייליקע תקנות וועגן אַלגעמיינער מיליטער פליכט פון 27/X 1918 (דער זשורנאַל פון דער פוילישער מלוכה № 13, פּאָזיציע 28 פון 1918) אויסגעטייטשט אינעם בריוו פון מיניסטעריום פאַר מיליטער=ענינים פון 3/IX 1921 יאָר № 25548/III צירקוליאַר פון מיניסטעריום פאַר אומנות און עפנטלעכער בילדונג פון 19/IX 1921 יאָר № 25941/I (אַמטלעכער זשורנאַל פון מיניסטעריום פאַר אמונות און עפנטלעכער בילדונג 21/XI 1921 (65) № 22, פּאָז. 229 פון 1921) האָט אַ שייכות בלויז צו לערער פון די עפנטלעכע אַלגעמיינע שולן. היות ווי די שולן, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן דורכן ייד. צענטר. בילד=

קאָמ. זיינען ניט אָנערקענט פאַר גלייכבאַרעכטיקע מיט די עפנטלעכע שולן, קאָנען דורך דעם אַליין די לערער פון די דאָזיקע שולן ניט געניסן פון די הנחות בנוגע מיליטער־דינסט, וואָס זיינען פאָראויסגעזען אינעם אַרט. 70 פון די געבראַכטע געזעץ־תקנות.

צוליב דער מורא, וואָס האָט אויסגעדריקט ד״ר י. וויגאָדסקי, אַז אַ מאַסן־איינציען פון לערער־כוחות אין מיליטער־דינסט וועט אַרויסרופן אין די שולן, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן דורך דעם ייד. צענטר. בילד.־קאָמ., אַ דעזאָרגאַניזאַציע, — דערוואַרט דאָס קוראַטאָריום עווענטועלע פאָרשלאָגן פון ייד. צענטר. בילד.־קאָמ., כדי צו באַהאַנדלען און צושטעלן דעם ענין אין מיניסטעריום פאַר אמונות און עפנטלעכער בילדונג צו ווייטערדיקע פאַראָרדנונגען.

פאַרן קוראַטאָר

(—) סט. סוויד ערסקי

---

צו דער זייט 107

KURATORJUM
OKRĘGU SZKOLNEGO
WILEŃSKIEGO
Wilno, dnia 20.XI. 1922 r.
L. 3167/22—I.

Do Żydowskiego Centralnego Komitetu
Oświaty w Wilnie
ul. Końska 3.

W sprawie deputatu opałowego.

Odpowiadając na pismo z dnia 25.X. 1922 r. L. 2666, Kuratorjum zawiadamia, że Zarząd Okręgowy Lasów Państwowych w Wilnie zażądał zarejestrowania w Referacie Opałowym wyłącznie nauczycieli szkół państwowych. O wyrażeniu przez Z. O. L. P. zgody na wydawanie opału również nauczycielom szkół prywatnych Kuratorjum nie jest oficjalnie powiadomione.

Za Kuratora
(—) A. Rachalski.

(איבערזעצונג)

**קוראַטאָריום**
פון ווילנער שול־קרייז
ווילנע, 20.XI.1922
№ 3167/22—I

צום יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע.

ענטפערנדיק אויפן בריוו פון № 2666—25.X.1922 איז דאָס קוראַטאָריום מודיע, אַז די קרייז־פאַרוואַלטונג פון די מלוכהשע וועלדער אין ווילנע האָט געפאָדערט פאַררעגעסטרירן אין באַהייצונג־אָפּטיילונג אויסשליסלעך לערער פון די מלוכה־שולן.

וועגן דעם, אַז די קרייז־פאַרוואַלטונג פון די מלוכהשע וועלדער איז אויך מסכים אַרויסצוגעבן באַהייצונג די לערער פון די פריוואַטע שולן, איז דאָס קוראַטאָריום אָפיציעל ניט אינפאָרמירט.

פאַרן קוראַטאָר

(—) א. ראַכאַלסקי

---

## פראָטעסט־רעזאָלוציע.

טיף איבערצייגט,

אַז די איינציקע שול, וואָס איז צוגעפּאַסט צו די באַדערפענישן פון די יידישע קינדער, איז אַ וועלטלעכע שול מיט יידיש אַלס אונטעררריכטס־שפּראַך;

אַז די יידיש־וועלטלעכע שול מוז אָנערקענט ווערן אַלס גלייכבארעכטיקטע מיט דער פוילישער שול און אויסגעהאַלטן ווערן אויפן חשבון פון דער מלוכה,—

פּראָטעסטירן מיר די אונטערגעחתמעטע

מ׳ט אונזער גאַנצער ענערגיע קעגן דער בילדונגס־מאַכט פון ווילנער געגנט, וואָס האָט ביז אַהער ניט געוואָלט אַנערקענען און אויסהאַלטן די יידישע שול.

מיר פּראָטעסטירן באַזונדערס קעגן דער לעצטער מעלדונג פון ווילנער קוראַטאָר, וואָס איז געמאַכט געוואָרן די פּאַרשטייער פון צענטראַלן־בילדונגס־קאָמיטעט און לויט וועלכער די יידישע שולן וועלן אויך אויף להבא קיין געלט ניט באַקומען, און ס׳וועלן געעפנט ווערן פאַר די יידישע קינדער פּוילישע שולן מיט יידישע רעליגיעזע לימודים.

די דערמאָנטע מעלדונג שטעלט אין סכּנה אונזער גאַנצן שול־וועזן. דאָס איז אַן אַטענטאַט אויף די צוויי הויפּט־יסודות פון אונזער שול:

אונטעררריכט אין דער מוטערשפּראַך און וועלטלעכקייט.

דער דאָזיקער אַטענטאַט איז אַ פּועל־יוצא פון דער אַלגעמיינער רעאַקציאָנערער און שאָוויניסטישער פּאָליטיק פון דער איצטיקער מאַכט, וועלכע באַציט זיך פיינדלעך צו דער קולטור פון די ברייטע מאַסן בכלל און פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן בפרט.

מיר דערקלערן:

די נייע יידישע שול איז געשאַפן פון די האָרעפּאַשנע יידישע מאַסן דורך לאַנגע יאָרן פון קאַמף און קרבנות אַן אַ צאָל און פאַר דער אַנערקענונג און אויסהאַלטונג פון אונזער שול זיינען מיר גרייט אויף די גרעסטע אָנשטרענגונגען. מיט קיינע דעקרעטן וועט מען אונזער שול ניט פאַרניכטן, מיט קיינע מעכאַנישע מיטלען וועט מען אונז קיין פרעמדע שול ניט אָנבינדן!

מיר פאָדערן:

1) עס זאָלן תיכּף אָפּגעשטעלט ווערן אַלע רעפּרעסיעס קעגן די יידישע שולן.

2) די יידישע שול זאָל אָנערקענט און גלייכבארעכטיקט ווערן מיט די איבעריקע מלוכהשע שולן, זאָל אַריינגענומען ווערן אין דער אַלגעמיינער שול־נעץ און פולשטענדיק אויסגעהאַלטן ווערן אויפן חשבון פון דער מלוכה.

3) אונזער שול־וועזן איז אַ גאַנצע איינהייט, וואָס טאָר ניט צוברעקלט ווערן. די מאַכט דאַרף האָבן צו טאָן ניט מיט יעדער איינציקער שול, נאָר מיט דעם צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט, וועלכער רעפּרעזענטירט דעם גאַנצן יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן.

---

צו דער זייט 109

## געזעץ־פּראָיעקט וועגן דעם יידישן שול־וועזן.

**אַרטיקל 1.** די פּוילישע רעפּובליק גאַראַנטירט פאַר אַלע אירע בירגער פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט די יורידישע און פּאַקטישע מעגלעכקייט פון דורך דער מלוכה אַנערקענטער בילדונג פון די קינדער אין זייער מוטער־שפּראַך לויט די אין דעם דאָזיקן געזעץ אויסגערעכנטע יסודות.

**אַרטיקל 2.** די פּוילישע רעפּובליק אַנערקענט אַלס די מוטער־שפּראַך פון די פּוילישע בירגער פון יידישער נאַציאָנאַליטעט—די שפּראַך, וואָס באַנוצן די יידישע פאָלקס־מאַסן אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן, ד. ה. יידיש. די יידישע שפּראַך איז די אונטעררריכט־שפּראַך פון דעם יידישן שול־וועזן.

**אַרטיקל 3.** די פּוילישע רעפּובליק שטעלט פעסט דעם יסוד, אַז אויפן חשבון פון דער מלוכה־קאַסע וועלן ווערן געגרינדעט און פולשטענדיק אויסגעהאַלטן מלוכה־שולן מיט דער יידישער אונטעררריכט־שפּראַך לויט די תּקנות פון דעם דאָזיקן געזעץ. אומאָפּהענגיק דערפון ווערט איינגעשטעלט דער יסוד, אַז פון אַלע אַלגעמיינע סומען, ווי אויך פון ספּעציעלע פאָנדן, וואָס ווערן אין וועלכער ס׳איז פאָרם אַסיגנירט דורך דער מלוכה, באַזונדערע מלוכהשע אָדער זעלבסט־פאַרוואַלטונגס־אָרגאַנען אויף אַלגעמיינע אָדער ספּעציעלע בילדונגס־צוועקן — וועלן אָפּגעגעבן ווערן פאַר דער יידישער בילדונג סומען, וואָס אַנטשפּרעכן דער פּראָצענט־פאַרהעלטעניש פון דער צאָל קינדער אין שול־עלטער פון דער יידישער באַפעלקערונג צו דער צאָל קינדער אין שול־עלטער פון דער ניט יידישער באַפעלקערונג אויפן שטח פון דעם געגעבענעם אָרט, עווענטועל פון דער געגעבענער שטאָט, שטעטל אָדער ישוב.

**אַרטיקל 4.** די פּוילישע רעפּובליק שטעלט איין דעם יסוד, אַז אין יעדער שטאָט, שטעטל אָדער ישוב, וואו ס'וואוינען מינדעסטנס פופציק קינדער אין שול-עלטער פון פּוילישע בירגער פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט, דאַרפן איינגעאָרדנט ווערן מלוכהשע פאָלקס-שולן, רעכענענדיק צו איין שול אויף יעדע הונדערט פופציק קינדער און מינדעסטנס צו איין שול אין שטעטלעך אָדער ישובים, וואו די צאָל פון די יידישע קינדער אין שול-עלטער וועט זיין ווייניקער פון הונדערט פופציק.

**אַרטיקל 5.** די ענינים פין יידישן שול-וועזן און די אַלגעמיינע השגחה איבער אַלע יידישע שולן, ווי אויך בכלל די לייטונג מיט דער גאַנצער בילדונגס-אַרבעט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג זיינען אונטערגעוואָרפן דעם בילדונגס-מיניסטער. די דאָזיקע ענינים געהערן צום ספּעציעלן דעפּאַרטאַמענט פאַר יידישע בילדונגס-ענינים, וועלכער ווערט געשאַפן גלייכצייטיק מיטן איינפירן אין לעבן דעם דאָזיקן געזעץ.

**אַרטיקל 6.** דער דעפּאַרטאַמענט פאַר יידישע בילדונגס-ענינים גייט אַריין אינם מיניסטעריום פאַר רעליגיע און בילדונג אַלס אַ גלייכבאַרעקטיקטער מיט אַלע אַנדערע דעפּאַרטאַמענטן צענטראַלער אַמט, וועמענס מאַכט, אומאָפּהענגיק פון די ספּעציעלע פאַרשריפטן בנוגע באַזונדערע מלוכה-טיילן, נעמט אַרום דעם גאַנצן שטח פון דער פּוילישער רעפּובליק. די אַדמיניסטראַטיווע סטרוקטור פון דעם דאָזיקן דעפּאַרטאַמענט איז אידענטיש מיט דער ביזאיצטיקער סטרוקטור פון די אַנדערע דעפּאַרטאַמענטן פון דעמזעלבן מיניסטעריום. די געהעריקע עטאַטן און די שייכותדיקע פאָנדן וועלן פעסטגעשטעלט און אַסיגנירט ווערן אויפן סכך פון דעם דאָזיקן געזעץ לויט אַ פאַרשטענדיקונג פון בילדונגס-מיניסטער מיט דעם פינאַנץ-מיניסטעריום אין דער זעלבער גרויס, ווי די, וואָס זיינען איצט פאַר אַנדערע דעפּאַרטאַמענטן.

**אַרטיקל 7.** אויפן אַמט פון אַ דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פאַר יידישע בילדונגס-ענינים ווערט דורכן מיניסטאָרן-ראַט גערופן אַ פּוילישער בירגער פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט פון צווישן די געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס שטייען אויפן שטאַנדפּונקט פון דעם וועלטלעכן יידישן שול-וועזן און ווערן אַרויסגעשטעלט אויף דעם דאָזיקן אַמט דורך די מאַסגיביקע יידישע געזעלשאַפטלעכע און פּעדאַגאָגישע קרייזן לויט דעם ווייטער באַשטימטן אופן.

**אַרטיקל 8.** אין משך פון אַ חודש פון דעם טאָג, ווען מען פירט איין אין לעבן דעם דאָזיקן געזעץ, רופט צונויף דער בילדונגס-מיניסטער אין דער הויפּטשטאָט וואַרשע אַן אויסעראָרדנטלעכן צוזאַמענפאָר פון די דעלעגאַטן פון אַלע געזעלשאַפטלעכע און קולטור-אָרגאַניזאַציעס, וועלכע, שטייענדיק אויפן שטאַנדפּונקט פון דעם יידישן וועלטלעכן שול-וועזן, האַלטן פאַקטיש אויס אין דער פּוילישער רעפּובליק פּריוואַטע פאָלקס-שולן, מיטל-שולן, און הויך-שולן מיט דער יידישער אונטעררי‌כט-שפּראַך, צו איין דעלעגאַט פון יעדער שול און צו דריי דעלעגאַטן פון יעדער אָרגאַניזאַציע. וועגן דעם, וועלכע אָרגאַניזאַציעס און שולן האָבן רעכט אָנטיילצונעמען אין דעם צוזאַמענפאָר, ווי אויך וועגן אַלע טעכנישע פּרטים פון דאָזיקן צוזאַמענפאָר באַשליסט אַ אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון איינעם פון די העכערע באַאַמטע פון בילדונגס-מיניסטעריום, וואָס ווערט צו דעם צוועק באַשטימט דורכן מיניסטאָרן-ראַט לויט אַ פאָרשלאָג פונם מיניסטער, פון איין פאָרשטייער פון דער צענטראַלער יידישער שול-אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע און פון איין פאָרשטייער פונם יידישן צענטראַלן בילדונגס-קאָמיטעט אין ווילנע, אַלס באַדייטנדסטע יידישע בילדונגס-אָרגאַניזאַציעס אין צענטער און אויף די קרעסן, וועלכע ווערן נאָמינירט דורך די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס. די אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיסיע אַמטירט ביים בילדונגס-מיניסטעריום.

**אַרטיקל 9.** דער אויסעראָרדנטלעכער צוזאַמענפאָר האָט פאָלגנדיקע אויפגאַבן: א) דער צוזאַמענפאָר שטעלט אַרויס דריי קאַנדידאַטן אויפן אַמט פונם דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פאַר יידישע בילדונגס-ענינים און שטעלט פעסט, אויף וועלכן אופן דאַרף דאָס אַרויסשטעלן די קאַנדידאַטן פאָרקומען אין דער צוקונפט. ב) דער צוזאַמענפאָר פאָרמולירט גענויער זיינע וואונטשן בנוגע די פּרטים פון דעם יידישן שול-וועזן. די דאָזיקע וואונטשן, אויב זיי זיינען ניט אין סתירה צו די יסודות פון דעם דאָזיקן געזעץ און אויב דאָס פאַרווירקלעכן זיי איז מעגלעך אויפן אַדמיניסטראַטיוון וועג, וועלן זיין מאָסגיביק פאַר דער טעכנישער אַרבעט פונם דעפּאַרטאַמענט פאַר יידישע בילדונגס-ענינים; אויב אָבער, זיי וועלן קאָנען באַפרידיקט ווערן בלויז

דורך א צוגאב-געזעצגעבונג, וועלן זיי דינען אלס א גרונט-מאטעריאל ביים אויסארבעטן די שייכותדיקע רעגירונגס-פראיעקטן. ג) דער צוזאמענפאר וויילט אויס אן אויספיר-קאמיטעט אין באשטאנד פון צוועלף פערזאן מיטן זיץ-ארט אין ווארשע, אלס א שטענדיקן פארשטייער-שאפטס-ארגאן פון די מאסגיביקע געזעלשאפטלעכע קרייזן לגבי דעם דעפארטאמענט פאר יידישע בילדונגס-ענינים אויף דער צייט פון דער פאקטישער רעאליזירונג פון דעם דאזיקן געזעץ.

**ארטיקל 10.** לויטן פארשלאג פונם דירעקטאר פון דעפארטאמענט פאר יידישע בילדוגס-ענינים נאמינירט דער בילדונגס-מיניסטער צוויי, עווענטועל 3 וויצע-דירעקטארן פון דעם דאזיקן דעפארטאמענט, נעמענדיק דערביי אין אכט די געהעריקע וואונטשן פון דעם אויסער-ארדנטלעכן צוזאמענפאר. די באזונדערע רעפערענטן אינם דעפארטאמענט פאר יידישע בילדונגס-ענינים וועלן באשטימט ווערן דורך דעם בילדונגס-מיניסטער לויטן פארשלאג פונם דירעקטאר פון דעם דאזיקן דעפארטאמענט פון צווישן די פוילישע בירגער פון יידישער נאציאנאליטעט. די נידעריקערע באאמטע וועלן באשטימט ווערן דורכן מיניסטער דירעקט.

**ארטיקל 11.** אין קוראטאריום פון יעדן שול-קרייז וועט, גלייכצייטיק מיטן ארייגגיין אין קראפט פון דעם דאזיקן געזעץ, געשאפן ווערן אן אפטיילונג פאר יידישע בילדונגס-ענינים. די דאזיקע אפטיילונג וועט ארייגגיין אין ארגאניזאציאנס-סיסטעם פון קוראטאריום אלס א גלייכ-בארעכטיקטע מיט אנדערע אפטיילונגען און איר סטרוקטור וועט זיין אידענטיש מיט דער ביז-אהעריקער סטרוקטור פון די אנדערע אפטיילונגען פון קוראטאריום. די געהעריקע עטאטן און קרעדיטן וועלן פעסטגעשטעלט און אסיגנירט ווערן אויפן סמך פון דעם דאזיקן געזעץ, לויט א פארשטענדיקונג פון דעם בילדונגס-מיניסטער מיט דעם פינאנץ-מיניסטעריום — די זעלבע, וואס זיינען ביי היינטיקן טאג פאראן פאר אנדערע אפטיילונגען פון די באזונדערע קוראטאריומס.

**ארטיקל 12.** דעם שעף פון דער אפטיילונג פאר די יידישע בילדונגס-ענינים ביים שול-קרייז-קוראטאריום נאמינירט דער בילדונגס-מיניסטער פון צווישן די ארטיקע טוער, וואס שטייען אויפן באדן פון וועלטלעכן יידישן שול-וועזן, לויטן פארשלאג פונם דירעקטאר פון דעפארטאמענט פאר יידישע בילדונגס-ענינים, וועלכער טראגט ארייַן דעם פארשלאג נאכן אנפרעגן די מיינונג פון די מאסגיביקע ארטיקע געזעלשאפטלעכע און פעדאגאגישע יידישע קרייזן, עווענטועל פון דעם אויסערארדנטלעכן צוזאמענפאר, ווי אויך די מיינונג פונם קוראטאר פון דעם געהעריקן שול-קרייז.

**ארטיקל 13.** די באזונדערע רעפערענטן פון דער אפטיילונג פאר יידישע בילדונגס-ענינים אין יעדן שול-קרייז-קוראטאריום נאמינירט אין מיניסטערס נאמען דער דירעקטאר פונם דעפארטאמענט פאר יידישע בילדונגס-ענינים פון צווישן די פוילישע בירגער פון דער יידישער נאציאנאליטעט לויטן פארשלאג פון קוראטאר פון געגעבענעם שול-קרייז, וועלכער וועט וועגן דער פראגע אנפרעגן די מיינונג פונם שעף פון דער אפטיילונג פאר יידישע בילדונגס-ענינים. די נידעריקערע באאמטע פון דער אפטיילונג וועלן נאמינירט ווערן אויף דעם געוויינלעכן אופן. די ביורא-ארבעט און די קארעספאנדענץ וועט געפירט ווערן אין דער פוילישער שפראך מיטן מיניסטעריום און אנדערע אמטן און אין דער יידישער שפראך מיט די באזונדערע יידישע שולן.

**ארטיקל 14.** די אפטיילונג פאר יידישע בילדונגס-ענינים איז אין יעדן קוראטאריום אן אויספיר-ארגאן פונם דעפארטאמענט פאר יידישע בילדונגס-ענינים פאר דעם געהעריקן שול-קרייז. דעם טעטיקייטס-קרייז פון דער אפטיילונג און די נאענטערע ספערע פון איר קאמפעטענץ וועט באשטימען א צירקוליאר, וואס וועט ארויסגעגעבן ווערן דורכן בילדונגס-מיניסטער לויטן פארשלאג פונם דירעקטאר פון דעפארטאמענט פאר יידישע בילדונגס-ענינים אויפן סמך פון דעם דאזיקן געזעץ. אלע יידישע שולן, מלוכהשע און פריוואטע, אויפן שטח פון געהעריקן שול-קרייז פאלן ארונטער דער השגחה פון קוראטאריום; די דאזיקע השגחה, אונטער דער אנפירונג פון קוראטאר, וועט דורכגעפירט ווערן דורך דער אפטיילונג פאר יידישע בילדונגס-ענינים.

**ארטיקל 15.** אלע פאלקס-שולן מיט דער יידישער אונטעררייכט-שפראך, הן די מלוכהשע, הן די פריוואטע, וועלכע זיינען פאראן ביז איצט אדער דארפן געגרינדעט ווערן אויפן סמך פון דעם דאזיקן געזעץ, וועלן אריינגעצויגן ווערן אין דער נעץ פון די מלוכה-שולן און געניסן פרינציפיעל פון די זעלביקע רעכט, פון וועלכע עס געניסן ביז אהער און וועלן געניסן די מלוכהשה און פריוואטע שולן מיט דער פוילישער אונטעררייכט-שפראך. די

לאָקאַלן פאַר די יידישע פאָלקס־ש־לן דאַרפן צושטעלן אומזיסט די אָרטיקע זעלבסטפאַרוואַלטונגס־אָרגאַנען, וועלכע זיינען אויך מחויב אויפן סמך פון דעם דאָזיקן געזעץ אויסהאַלטן אויף זייער חשבון דעם אויסערלעכן מצב פון די לאָקאַלן, צושטעלן באַהייצונגס־מיטלען, ליכט און באַדינונג, ווי אויךווירטשאַפטלעכע הוצאות.

**אַרטיקל 16.** אין די יידישע פאָלקס־שולן, הן די מלוכהשע, הן די פּריוואַטע, דאַרפן אַלע לימודים זיין צוגעפּאַסט צו דער פּראָגראַם, וואָס איז פעסטגעשטעלט פאַר די פאָלקס־ש.לן מיט דער פּוילישער אונטעררריכט־שפּראַך, מיט די שנויים, וועלכע דער דעפּאַרטאַמענט פאַר יידישע בילדונגס־ענינים וועט אָנערקענען פאַר צוועקמעסיק איינצופירן; דערביי דאַרף פון צווייטן אָדער דריטן לערן־יאָר אָן דער לימוד פון דער פּוילישער שפּראַך זיין אָבליגאַטאָריש, און פאַר אים דאַרפן אָפּגעגעבן ווערן פיר שעה וועכנטלעך.

**אַרטיקל 17.** די אָרטיקע אַמטן, וואָס זיינען אונטערגעוואָרפן דעם בילדונגס־מיניסטעריום, וועלן, לויט אַ פאַרשטענדיקונג מיט דעם דעפּאַרטאַמענט פאַר יידישע בילדונגס־ענינים, אויפן סמך פון דעם דאָזיקן געזעץ, גרינדן גלייך און אויסהאַלטן אויף די זעלבע יסודות און מיט די זעלבע רעכט, וואָס זיינען פאַראַן איצט בנוגע די אַנאַלאָגישע אַנשטאַלטן מיט דער פּוילישער אונטעררריכט־שפּראַך — מלוכהשע מיטל־שולן מיט דער יידישער אונטעררריכט־שפּראַך אין אַלע גרעסערע שטעט פון דער רעפּובליק, ווי אויך אין די וואָיעוואָדישע און קרייז־שטעט (powiatowe), אין וועלכע עס זיינען מינדעסטנס פאַראַן זעקס הונדערט יידישע קינדער אין עלטער פון צען ביז זעכצן יאָר. די געהעריקע עטאַטן און קרעדיטן וועלן אויפן סמך פון דעם דאָזיקן געזעץ פעסטגעשטעלט און אַסיגנירט ווערן לויט אַ פאַרשטענדיקונג פונם בילדונגס־מיניסטער מיט דעם פינאַנץ־מיניסטעריום און אַזעלכע, ווי זיי זיינען איצט פאַראַן פאַר די מלוכהשע מיטל־שולן מיט דער פּוילישער אונטעררריכט־שפּראַך. די פּרטים פון דער פּראָגראַם פון די מלוכהשע יידישע שולן וועט אויפן סמך פון דעם דאָזיקן געזעץ פעסטשטעלן אַ צירקוליאַר פון בילדונגס־מיניסטער, וועלכער וועט אַרויסגעגעבן ווערן לויטן פאַרשלאַג פונם דעפּאַרטאַמענט פאַר יידישע בילדונגס־ענינים.

**אַרטיקל 18.** יידישע קולטור־ און בילדונגס־געזעלשאַפטן, ווי אויך פּריוואַטע פּערזאָנען, פיזישע און יורידישע, האָבן רעכט צו גרינדן און אויסהאַלטן אויף דעם אייגענעם חשבון אַלערליי בילדונגס־אינסטיטוציעס און פּריוואַטע שולן, בתוכם אויך מיטעלע און העכערע שולן מיט דער יידישער אונטעררריכט־שפּראַך. דאָס רעכט צו גרינדן די דאָזיקע אינסטיטוציעס און שולן קען ניט זיין אָפּהענגיק פון אַ באַליביקן אַרויסגעבן אַ דערלויבניש אָדער קאָנצעסיע. אין די פאַרשריפטן פון מיניסטעריום קענען זיך נאָר געפינען אַלגעמיינע באַדינגונגען, וואָס פאַרפליכטן לגבי אַלע שולן, אַריינרעכנענדיק דאָ אויך די שולן מיט דער פּוילישער אונטעררריכט־שפּראַך. פּריוואַטע יידישע מיטעלע און העכערע שולן געניסן פון די זעלביקע רעכט, פון וועלכע ס'וועלן געניסן אַנאַלאָגישע שולן מיט דער פּוילישער אונטעררריכט־שפּראַך. די בילדונגס־אינסטיטוציעס און די שולן פון די קולטור־ און בילדונגס־אָרגאַניזאַציעס האָבן רעכט אויף אַ מלוכה־סובסידיע, וועלכע וועט אַסיגנירט ווערן פון די פאָנדן, וואָס זיינען אָנגעוויזן אין דעם צווייטן אָפּזאַץ פונם אַרט. 3 פון דעם דאָזיקן געזעץ.

**אַרטיקל 19.** פּריוואַטע יידישע מיטל־שולן, די פּראָגראַם פון וועלכע איז צוגעפּאַסט צו דער פּראָגראַם פון די מלוכהשע מיטל־שולן, און וועלכע וועלן דורך דעם דעפּאַרטאַמענט פאַר יידישע בילדונגס־ענינים, לויטן פאַרשלאַג פון קוראַטאָר פון געהעריקן שול־קרייז, אָנערקענט ווערן פאַר גלייכבאַרעכטיקטע מיט די מלוכהשע, וועלן געניסן פון די זעלבע רעכט, פון וועלכע ס'וועלן געניסן די מלוכהשע מיטל־שולן מיט דער פּוילישער אונטעררריכט־שפּראַך. נאָך דעם פאַרענדיקן אַזעלכע אַנשטאַלטן דאַרפן די מאַטורע־עקזאַמענס אָפּגעגעבן ווערן אינם בנין פון דער שול פאַר אַ ספּעציעלער קאָמיסיע, וואָס איז צונויפגעשטעלט פון די פאָרשטייער פון דער לערערשאַפט פון דער געגעבענער מיטל־שול און די פאָרשטייער פון דעם געגעבענעם שול־קרייז־קוראַטאָריום, אַריינרעכנענדיק אין דעם איין פאָרשטייער פון דער געגעבענער אָפּטיילונג פאַר יידישע בילדונגס־ענינים. די מאַטורע־צייגנישן פון אַזעלכע מיטל־שולן וועלן זיין גלייכבאַרעכטיקט מיט די מאַטורע־צייגנישן פון די מלוכהשע מיטל־שולן.

**אַרטיקל 20.** די יידישע קולטור- און בילדונגס-געזעלשאַפטן, ווי אויך פּריוואַטע פּערזאָנען, פיזישע און יורידישע, האָבן רעכט צו גרינדן און אויסהאַלטן אויפן אייגענעם חשבון אַלערליי פּראָפעסיאָנעלע און טעכנישע שולן נידעריקערע, מיטעלע און העכערע, מיט דער יידישער אונטעררריכט-שפּראַך מיט די זעלבע רעכט און אויף די זעלבע יסודות, וועלכע ווערן איצט אָנגעווענדעט לגבי די שייכותדיקע אַנשטאַלטן מיט דער פּוילישער אונטעררריכט-שפּראַך, און מיט די שנויים, וועלכע ס'וועט אויפן סמך פון דעם דאָזיקן געזעץ פעסטשטעלן אַ צירקוליאַר פון בילדונגס-מיניסטער לויטן פּאָרשלאָג פונם דעפּאַרטאַמענט פאַר יידישע בילדונגס-ענינים. דאָס רעכט צו גרינדן אַזעלכע שולן קען ניט זיין אָפּהענגיק פון אַ באַליביקן ארויסגעבן פון אַ דערלויבעניש אָדער אַ קאָנצעסיע און אין דעם ענין זיינען פאַרפליכטנדיק די תקנות פונם אַרטיקל 18 פון דעם דאָזיקן געזעץ. די פּראָפעסיאָנעלע און טעכנישע שולן פון די קולטור- און בילדונגס-אָרגאַניזאַציעס האָבן רעכט אויף אַ מלוכה-סובסידיע, וועלכע וועט אַסיגנירט ווערן פון די פאָנדן, וואָס זיינען אָנגעוויזן אין דעם צווייטן אָפּזאַץ פונם אַרטיקל 3 פונם דאָזיקן געזעץ.

**אַרטיקל 21.** אין די גרעסערע שטעט פון דער רעפּובליק, אין וועלכע די צאָל פון די יידישע קינדער אין עלטער פון צען ביז זעכצן יאָר וועט באַטרעפן מער ווי דריי טויזנט, ווי אויך אין די וואָיעוואָדישע און קרייז-שטעט לויט דער באַדערפניש נאָך וועלן געגרינדעט ווערן אויפן סמך פון דעם דאָזיקן געזעץ מלוכהשע טעכנישע און פּראָפעסיאָנעלע שולן מיט דער יידישער אונטעררריכט-שפּראַך אויף די זעלבע יסודות, וועלכע ווערן איצט אָנגעווענדעט און וועלן אָנגעווענדעט ווערן לגבי די מלוכהשע טעכנישע און פּראָפעסיאָנעלע שולן מיט דער פּוילישער אונטעררריכט-שפּראַך. ביי דער רעאַליזירונג פון דעם דאָזיקן געזעץ קען דער בילדונגס-מיניסטער לויטן פּאָרשלאָג פונם קוראַטאָר פון דעם געגעבענעם שול-קרייז, און נאָך אַ פאַרשטענדיקונג מיטן דירעקטאָר פונם דעפּאַרטאַמענט פאַר יידישע בילדונגס-ענינים געבן מלוכה-רעכט די יעניקע יידישע טעכנישע און פּראָפעסיאָנעלע שולן, וועלכע זיינען איצט פאַראַן, און וועלכע וועלן אָנערקענט ווערן פאַר פּאַסיקע. די געהעריקע עטאַטן און קרעדיטן וועלן אויפן סמך פון דעם דאָזיקן געזעץ פעסטגעשטעלט און אַסיגנירט ווערן לויט אַ פאַרשטענדיקונג פון בילדונגס-מיניסטער מיט דעם פינאַנץ-מיניסטעריום אין דער זעלבער גרויס, ווי עס איז איצט פאַר די שייכותדיקע שולן מיט דער פּוילישער אונטעררריכט-שפּראַך. די שנויים פון פּראָגראַם וועט באַשטימען אַ צירקוליאַר פונם מיניסטער, לויטן פּאָרשלאָג פונם דעפּאַרטאַמענט פאַר יידישע בילדונגס-ענינים.

**אַרטיקל 22.** העכערע שולן מיט דער יידישער אונטעררריכט-שפּראַך דאַרפן געגרינדעט און אויסגעהאַלטן ווערן אויף באַדינגונגען, וואָס זיינען אידענטיש מיט די באַדינגונגען פון גרינדן און אויסהאַלטן פּריוואַטע מיטל-שולן מיט דער יידישער אונטעררריכט-שפּראַך. די דאָזיקע שולן דאַרפן געפירט ווערן אויף אַ אידענטישן אופן מיט די אַנאַלאָגישע העכערע פּריוואַטע שולן מיט דער פּוילישער אונטעררריכט-שפּראַך און מיט די שנויים, וועלכע דער בילדונגס-מיניסטער וועט אויפן סמך פון דעם דאָזיקן געזעץ דורך אַ צירקוליאַר אָנערקענען פאַר פּאַסיק פעסטצושטעלן, לויטן פּאָרשלאָג פונם דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פאַר יידישע בילדונגס-ענינים.

**אַרטיקל 23.** קיין שום פאַראָרדנונג פון דער געהעריקער מאַכט און די אָרטיקע אַמטן, ווי אויך קיין שום החלטות און קיין שום צירקוליאַר פון וועלכן ניט איז דעפּאַרטאַמענט פון בילדונגס-מיניסטעריום קענען ניט זיין אין סתירה צו די פּרינציפּן פון דעם דאָזיקן געזעץ, און אויב ס'וואָלט אין קאָנקרעטע פאַלן אַזאַ סתירה פעסטגעשטעלט געוואָרן דורכן דעפּאַרטאַמענט פאַר יידישע בילדונגס-ענינים — וועלן אַזעלכע אַקטן אויפן סמך פון דעם דאָזיקן געזעץ ניט ניט זיין מאַסגיביק פאַרן יידישן שול-וועזן.

**אַרטיקל 24.** דער דאָזיקער געזעץ טרעט אריין אין קראַפט אין מאָמענט פון זיין פאַרעפנטלעכונג.

---

צו דער זייט 110

# פ א ר ש ל א ג

## פון דעפּוטאַט נח פּרילוצקי (יידישע פאָלקס־פּאַרטיי) און אַנדערע וועגן געבן מלוכה־רעכט (upaństwowienie) דער יידישער מאַטעמאַטיש־נאַטורוויסנ־שאַפטלעכער גימנאַזיע אין ווילנע און וועגן באַשטימען אַן עקזאַמענאַציאָנס־קאָמיסיע פאַר די אַביטוריענטן פון דער דאָזיקער לערנאַנשטאַלט נאָך אינם לויפנדיקן שול־יאָר.

אין 1918 יאַר איז געגרינדעט געוואָרן אין ווילנע די ערשטע מאַטעמאַטיש־נאַטורוויסנ־שאַפטלעכע גימנאַזיע מיט יידיש אַלס אונטעררייכט־שפּראַך. די לערנאַנשטאַלט איז געווען די נאַטירלעכע שטופע אין דער גלענצנדער אַנטוויקלונג פון דעם מאָדערנעם יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן, וואָס האָט אָנגעהייבן ספּאָנטאַניש צו וואַקסן פון דעם מאָמענט, ווען עס איז געפאַלן די רוסיפיקאַטאָרישע אונטערדריקונג, און ווען עס האָט זיך געשאַפן פאַר די פאַרפאָלגטע נאַציאָנאַ־ליטעטן אַ מיגלעכקייט פון קולטור־ און בילדונגס־טעטיקייט. ניט געקוקט אויף דער שווערער מאַטעריעלער נויט אין די יאָרן פון דער וועלט־מלחמה, וועלכע האָט חרוב געמאַכט די יידישע אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג און איר אינטעליגענץ, האָט די יידישע דעמאָקראַטיע אין ווילנע, מיטן פּרייז פון אויסערגעוויינלעכע קרבנות, באַוויזן אויפצושטעלן די ערשטע יידישע גימנאַזיע אויף זעער אַ הויכער מדרגה און דערפירן ביז איצטיקן בליענדיקן מצב, ווען אין 18 קלאַסן לערנען זיך איבער 700 קינדער פון ביידע געשלעכטער ביי 34 לערער (ניט רעכענענדיק די שול־דערציער).

די דאָזיקע גימנאַזיע געפינט זיך אונטער דער אָנפירונג פון יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע און ווערט אויסגעהאַלטן דורך דער יידישער געזעלשאַפט. די פרייוויליקע פּריוואַטע ביישטייערן זיינען ניט קיין זיכערער קוואַל פון הכנסה פאַר אַן אינסטיטוציע, וועלכע האָט הוצאות, וואָס וואַקסן כּסדר. דעריבער ליידט די יידישע מאַטעמאַטיש־נאַטורוויסנשאַפטלעכע גימנאַזיע פון אַ כראָנישן מאַנגל אין געלטער וועלכע זיינען נויטיק צו דעקן די וויכטיקסטע אויסגאַבן, און פאַרשאַפט דעם צענטר. בילד. קאָמיטעט שטענדיקע פינאַנציעלע זאָרגן. אין די ערשטע 4 חדשים פון 1922 יאָר האָט די גימנאַזיע באַקומען אַ קליינע סובסידיע פון דער פּוילישער רעגירונג, אָבער פון מאַי דעם זעלבן יאָר האָט זיך אָפּגעשטעלט די סובסידירונג אָן וועלכע ניט איז בולטע סיבות פאַרן פאַרנאַכלעסיקן דורך דער מלוכה איר הייליקן חוב צו שטיצן די אויסבילדונג פונם יונגן דור אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט.

מען מוז באַמערקן, אַז אין שול ווערט געלערנט די פּוילישע שפּראַך, אויך געשיכטע און געאָגראַפיע פון פּוילן (אין „פּויליש") אין גבול פון פּראָגראַם פון דער פּוילישער מלוכה־גימנאַזיע.

אינם לויפיקן יאָר פאַרענדיקט די גימנאַזיע די ערשטע גרופּע אַביטוריענטן. זאָרגנדיק וועגן וויטערדיקן גורל פון אירע תּלמידים, האָט די גימנאַזיע דעם 7 יאַנואַר 1921 יאָר דער־לאַנגט אַ בקשה צום בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט ביי דער געוו. צייטווייליקער קאָמיסיע פון מיטל־ליטע וועגן געבן איר די נויטיקע רעכט. די באַמיאונגען זיינען פאַרבליבן אָן אַ רעזולטאַט. דעם 19 יאַנואַר ה. י. האָט די דעלעגאַציע פון ייד. צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט דערלאַנגט אַ מעמאָ־ראַנדום דעם מיניסטער פון אמונות און עפנטלעכער בילדונג, בעטנדיק באַשטימען אַן עקזאַמע־נאַציאָנס־קאָמיסיע דורכצופירן עקזאַמענס אין דער דערמאָנטער גימנאַזיע, פאַרשטענדלעך אין דער יידישער שפּראַך, בהסכם מיטן אַרט. 109 און 110 פון דער קאָנסטיטוציע פון 17 מערץ 1921, אויך בהסכם מיט די אַרט. 8 און 9 פון ווערסאַלער טראַקטאַט פון 28 יוני 1919 („טאָג־בלאַט פאַר געזעצן" פון 6/XII 1920 №110). די ביטע איז ניט באַפרידיקט געוואָרן.

צוליב דעם אויבנדערמאָנטן

זאָל דער הויכער סיים באַשליסן:

די רעגירונג ווערט אויפגעפאָדערט:

1) תּיכּף געבן מלוכה־רעכט (upaństwowić) דער יידישער מאַטעמאַטיש־נאַטורוויסנשאַפט־לעכער גימנאַזיע אין ווילנע.

2) נאך אינם לויפיקן שול־יאר באשטימען א קאמיסיע אויף דורכצופירן אין דער גימנאזיע מאטורע־עקזאמענס אין דער יידישער שפראך.

ווארשע, 8 מערץ 1923.

די פארשלאג־געבער:

נ. פרילוצקי,

קראניג, צערבע, סאמשער, קאראו, לוצקעוויטש, נוימאן, סערעברעניקאוו, אווסיאניק, קאלינאווסקי, ראגולא, יערעמיטש, בארגנאוו, אנטאני וואסינטשוק, מיאטלא.

---

צו דער זייט 111

KURATORJUM
OKRĘGU SZKOLNEGO
WILEŃSKIEGO
Wilno, dnia 7.III. 1923 r.
L. 3281/23—III

Do Żydowskiego Centralnego Komitetu
Oświaty w Wilnie.

W załatwieniu zgłoszonego w dniu 27.II. b. r. podania o zorganizowaniu Komisji Maturalnej dla uczniów VIII kl. Gimnazjum Żydowskiego Centralnego Komitetu Oświaty w Wilnie Kuratorjum komunikuje, że, dopóki sprawa tworzenia komisyj egzaminacyjnych w innych niż polski językach nie zostanie zadecydowana przez czynniki ustawodawcze, uważa tworzenie takich komisyj za niemożliwe·

Kurator
(–) Gąsiorowski.

(איבערזעצונג)

קוראטאריום
פון ווילנער שול־קרייז
7/III 1923
№ 3281/23 — III

צום יידישן צענטראלן בילדונגס־קאמיטעט אין ווילנע.

כדי צו ערליידיקן די אנגעקומענע דעם 27/II ה. י. בקשה וועגן ארגאניזירן א מאטוראלע קאמיסיע פאר די שילער פון VIII קל. פון דער גימנאזיע ביים ייד. צענטר. בילד. קאמ. אין ווילנע, איז דאס קוראטאריום מודיע, אז כל־זמן די פראגע וועגן בילדן עקזאמענאציאנס־קאמיסיעס אין אנדערע שפראכן אויסער פויליש, וועט ניט באשלאסן ווערן דורך די געזעצגעבערישע ארגאנען, געפינט דאס קוראטאריום דאס בילדן אזעלכע קאמיסיעס פאר אוממיגלעך.

קוראטאר
(—) גאנסיאראווסקי

---

צו דער זייט 112

INSPEKTOR SZKOLNY
SZKÓŁ POWSZECHNYCH
m. Wilna
dnia 19.XII. 1922 r.
Nr. 4172

Do T wa Żydowskiego Centralnego Komitetu
Oświaty w Wilnie.

Niniejszym powiadamia się, iż wypłata zapomogi, przysługującej szkołom żydowskim, będzie się odbywała we środę 21 go grudnia b. r. o godzinie 12 ej. Uprasza się powiadomić o powyższem kierowników szkół.

**Za Inspektora Szkolnego m. Wilna.**

שול־אינספעקטאָריאַט
פון די אלגעמיינע שולן
אין שטאָט ווילנע
19.XII 1922
№ 4172

(איבערזעצונג)

צום יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט
אין ווילנע.

דערמיט ווערט געמאָלדן, אַז דאָס אויסצאָלן די סובסידיע, וואָס עס קומט די יידישע שולן, וועט פאָרקומען מיטוואָך דעם 21 דעצעמבער ה. י. 12 בייטאָג.

עס ווערט געבעטן מודיע צו זיין וועגן דעם די פאַרוואַלטערס פון די שולן.

פאַרן שול־אינספעקטאָר פון שטאָט ווילנע (אינטערשריפט)

---

KURATORJUM
OKRĘGU SZKOLNEGO
WILEŃSKIEGO
Wilno, dnia 3.X. 1922 r.
L. 1685/22—III.

Do Żydowskiego Centralnego Komitetu
Oświaty
w Wilnie
ul. Końska Nr. 3.

W sprawie udzielenia subsydjum dla gimnazjum Żyd. Centr. Kom. Ośw. Na Nr. 2364 z dn. 21/IX 22 r.

W załatwieniu pisma tamtejszego Nr. 2364 z dn. 21.IX. r. b., Kuratorjum komunikuje, iż wobec zupełnego wyczerpania się funduszów zasiłkowych, będących w rozporządzeniu Kuratorjum, nie może narazie udzielić Komitetowi żądanego subsydjum.

Przesłane akta zwraca się w załączeniu.

Za Kuratora
St. Świderski.

קוראַטאָריום
פון ווילנער שול־קרייז
3/X. 1922
№ 1685/22 — III
וועגן ארויסגעבן אַ סובסידיע
פאַר דער גימנאַזיע פון ייד.
צענטר. בילד. קאָמ.
אויפן 2364 № 22 21/IX

(איבערזעצונג)

צום יידישן צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע
קאָנסקע 3

כדי צו ערליידיקן אייער בריוו 2364 № פון 21/IX ה. י. איז דאָס קוראַטאָריום מודיע, אַז צוליב דעם פולשטענדיקן אויסשעפּן זיך פון די סובסידיע־מיטלען, וואָס געפינען זיך אין רשות פון קוראַטאָריום, קאָן עס אַצינד ניט געבן דעם קאָמיטעט די געוואונשענע סובסידיע.

פאַרן קוראַטאָר
(—) סט. סווידערסקי.

---

KURATORJUM
OKRĘGU SZKOLNEGO
WILEŃSKIEGO
Wilno, dnia 16.II. 1923 r.
L. 1806/23—II

Do Żydowskiego Centralnego Komitetu
Oświaty w Wilnie
Końska Nr. 3.

W sprawie kredytów na semin. żydowskie.

W odpowiedzi na pismo tamtejsze z dnia 1.II. 1923 r. Nr. 85 25 Kuratorjum powiadamia, iż nie jest w stanie wypłacić subsydjum jednorazowego

dla Seminarjum Żydowskiego za rok 1922 i nie może wypłacić zapomóg za rok 1923, gdyż M. W. R. i O. P. żadnych kredytów dla Seminarjum Żydowskiego w budżecie 1923 r. nie przekazało tutejszemu Kuratorjum.

Kurator
(—) Gąsiorowski.

(איבערזעצונג)

קוראטאריום
פון ווילנער שול-קרייז
16. II. 1923
№ 1806/23—II
וועגן קרעדיטן פארן יידישן סעמינאר

צום יידישן צענטראלן בילדונגס-קאמיטעט אין ווילנע
קאנסקע 3.

אלס ענטפער אויף אייער בריוו פון 1923 1/II № 85/23 איז דאס קוראטאריום מודיע, אז עס איז ניט אימשטאנד אויסצוצאלן אן איינמאליקע סובסידיע פארן יידישן סעמינאר פארן 1922 י. און קאן ניט אויסצאלן די שטיצע פארן יאר 1923, ווייל דאס מיניסטעריום פאר אמונות און עפנטלעכער בילדונג האט ניט איבערוויזן קיינע קרעדיטן צום היגן קוראטאריום פארן יידישן סעמינאר אין בודזשעט פון 1923 יאר.

קוראטאר
(—) גאנסיאראווסקי

---

KURATORJUM
OKRĘGU SZKOLNEGO
WILEŃSKIEGO
Wilno, dnia 10.III. 1923 r.
L. 3404/23—II.

Do Żydowskiego Centralnego Komitetu
Oświaty w Wilnie
ul. Końska 3.

W sprawie subsydjów dla szkół żydowskich w Wilnie.

W odpowiedzi na pismo L. 173/23 z dnia 1.III.23 r., Kuratorjum zawiadamia, iż kredytów na subsydjowanie szkół prywatnych powszechnych obecnie nie posiada i dlatego nie może zadośćuczynić prośbie udzielania subsydjów dla szkół powszechnych z językiem nauczania żydowskim w m. Wilnie.

Za Kuratora

(איבערזעצונג)

קוראטאריום
פון ווילנער שול-קרייז
10. III. 1923
№ 3404/23—II
וועגן סובסידיעס פאר די יידישע שולן אין ווילנע.

צום יידישן צענטראלן בילדונגס-קאמיטעט אין ווילנע,
קאנסקע 3.

אלס ענטפער אויפן בריוו 173/23 פון 1/III 1923, איז דאס קוראטאריום מודיע, אז עס באזיצט ניט אצינד קיין קרעדיטן אויף צו סובסידירן פריוואטע אלגעמיינע שולן, און דעריבער קאן זי ניט דערפילן די בקשה ארויסצוגעבן סובסידיעס פאר די אלגעמיינע שולן מיט דער יידישער אונטעררִיכט-שפראך אין ווילנע.

פארן קוראטאר
(אונטערשריפט).

---

צו דער זייט 118

Odpis.

Wyciąg z protokółu posiedzenia Rady Miejskiej z dnia 13 lipca 1922 r.

Odczytany został referat w sprawie mającego nastąpić włożenia na samorząd miejski miasta Wilna obowiązku świadczeń rzeczowych na publiczne

szkolnictwo powszechne, oraz potrzebnych na to kredytów (Załącznik Nr 7).

Po długich debatach Rada Miejska uchwaliła: zgodzić się z referatem Magistratu i wnieść do preliminarza drugiego półrocza r. b. przypadające na gminę miejską świadczenia rzeczowe na rzecz szkół publicznych polskich i białoruskich na czas od 1 września do 31 grudnia r. b. w sumie 23,797,200 mk. oraz 56% od tej sumy preliminować na ten że okres na swiadczenia rzeczowe dla publicznych powszechnych szkół dla ludności żydowskieł miasta Wilna.

Uchwała niniejsza zatwierdzona przez Delegata Rządu dla Ziemi Wileńskiej dnia 2 sierpnia 1922 r. za Nr. 1025.

Za zgodność: A. Dronicz
Referent

(איבערזעצונג)

# אויסצוג פון פראטאקאל

## פון דער זיצונג פון שטאָטראַט דעם 13 יולי 1922 י.

עס איז איבערגעלייענט געוואָרן אַ רעפעראַט וועגן דעם פּראָיעקטירטן אַרויפלייגן אויף דער אָרטיקער זעלבסטפֿאַרוואַלטונג פון - שטאָט ווילנע די פליכט צו דעקן די ווירטשאַפטלעכע הוצאות פאַר דעם עפנטלעכן אַלגעמיינעם שול-וועזן און וועגן די נויטיקע אויף דעם קרעדיטן.

נאָך לאַנגע דעבאַטן האָט דער שטאָטראַט באַשלאָסן: מסכים צו זיין מיטן רעפעראַט פון מאַגיסטראַט און אַריינטראָגן אין פּרעלימינאַר פאַרן צווייטן האַלביאָר פונם לויפנדיקן יאָר די ווירטשאַפטלעכע הוצאות, וואָס פאַלן אויף דער שטאָט-גמינע, פאַר די עפנטלעך-רעכטלעכע שולן, פּוילישע און ווייסרוסישע, אויף דער צייט פון 1-טן סעפּטעמבער ביזן 31 דעצעמבער ה. י. אין גרויס פון דער סומע 23.797.200 מ״ק, אויך 56% פון דער סומע אַריינטראָגן אין פּרעלימינאַר פאַר דער זעלבער צייט אויף ווירטשאַפטלעכע הוצאות פאַר די עפנטלעך-רעכטלעכע אַלגעמיינע שולן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג פון שטאָט ווילנע.

דער דאָזיקער באַשלוס איז באַשטעטיקט דורך דעם רעגירונגס-דעלעגאַט פאַר ווילנער געביט דעם 2-טן אווגוסט 1922 №. 1025.

פאַר דער ריכטיקייט
**א. דראָניטש**
רעפערענט

צו דער זייט 120

INSPEKTORAT SZKOLNY
SZKÓŁ POWSZECHNYCH
m. Wilna
10.XI. 1923 r.
Nr. 3412.

Do Magistratu
m. Wilna.

W sprawie koncesji dla szkół żydowskich.

Wobec tego, że żadna dotąd ze szkół prywatnych nie otrzymała formalnie koncesji, Inspektorat Szkolny uważa, że wskazanym by było, aby Magistrat wstrzymał subwencje dla szkół prywatnych, które nie wykażą się koncesją na rok bieżący.

Za Inspektora

UCHWAŁA MAGISTRATU.

Wypłacić szkołom żydowskim subsydje na mocy uchwały Rady Miejskiej od 21.IX. 1922 r. aż do zmiany tej decyzji.

(איבערזעצונג)

שול־אינספעקטאריאט
פאר די אלגעמיינע שולן
אין ווילנע
10. XI. 1923
№ 3412
וועגן קאנצעסיעס פאר די
יידישע שולן.

צום מאגיסטראט פון שטאט ווילנע.

היות ווי ביז איצט האט קיינע פון די פריוואטע שולן ניט באקומען פארמעל קיין קאנצעסיע, געפינט דער שול־אינספעקטאריאט, אז עס וואלט געווען געוואונשן, אז דער מאגיסטראט זאל אפשטעלן די סובסידיעס פאר די פריוואטע שולן, וואס וועלן ניט באזיצן קיין קאנצעסיע אויפן לויפנדיקן יאר.

פארן אינספעקטאר.

## באשלוס פון מאגיסטראט.

ארויסצאלן די יידישע שולן די סובסידיע אויפן סמך פון באשלוס פון שטאט־ראט פון IX 21 1922 ביז דעם ענדערן פון דעם באשלוס.

---

צו דער זייט 139

# סטאטוט פון צ.ב.ק.

## אנגענומען אויפן פלענום דעם 17 יולי 1919 י.

### I. צילן און אויפגאבן.

דער צענטראלער יידישער בילדונגס־קאמיטעט שטעלט זיך דאס ציל פארפעסטיקן די וועלטלעכע יידישע שול און אויפהויבן זי אויף דער געהעריקער הויך.

כדי צו דערגרייכן דעם דאזיקן ציל שטעלט זיך דער צ. ב. ק. פאלגנדיקע אויפגאבן:

א) ארייננטראגן אן איינהייטלעכקייט אין דער פעדאגאגישער טעטיקייט פון דער יידישער שול.

ב) אויסארבעטן פראגראמען פאר איר.

ג) שאפן די נויטיקע לערן־ביכער און לערן־מכשירים, ווי אויך קינדער־ליטעראטור.

ד) צוגרייטן א לערער־פערסאנאל און זארגן פאר דעם, אז די פעדאגאגישע און אלגעמיינע אויסבילדונג פון דעם שול־לערער זאל שטיין אויף דער נויטיקער הויך דורך גרינדן פעדאגאגישע קורסן, ארגאניזירן אויסשטעלונגען, עקסקורסיעס, ביבליאטעקן, רעפעראטן און ארויסגעבן פעדאגאגישע זשורנאלן און ליטעראטור.

ה) האבן השגחה איבער דער פעדאגאגישער טעטיקייט פון אלע יידישע וועלטלעכע שולן און אנפירן מיט די שולן, וואס געהערן צום קאמיטעט.

ו) עפענען נייע שולן, ביבליאטעקן און מוסטער־שולן.

### II. ארגאניזאציע.

#### 1. מיטגלידערשאפט.

א) אלס מיטגלידער פון צענטראלן יידישן בילדונגס־קאמיטעט קענען זיין פעדאגאגישע ראטן פון די יידישע וועלטלעכע שולן, און די אלע קולטור און בילדונגס חברות, וועלכע שטייען אויף דער פלאטפארם פון דער וועלטלעכער יידישער שול.

ב) יעדער מיטגליד טראגט אריין א באשטימטן חודשדיקן אפצאל פון 25 רובל.

## 2. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג.

א) די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג באַשטייט פון פאָרשטייער פון פעדאַגאָגישע ראַטן צו 2 אויף אַ צאָל מיטגלידער ביז 10 און צו דריי אויף אַ צאָל מיטגלידער איבער 10, און פאָרשטייער פון קולטור- און בילדונגס-חברות, צו 3 פאָרשטייער פון יעדער חברה.

ב) די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג קלייבט אויס אַן אויספיר-קאָמיטעט פון 11 פּערזאָן און אַ רעוויזיאָנס-קאָמיסיע פון 3 פּערזאָן אויף 6 חדשים צייט, באַטראַכט און באַשטעטיקט דעם ביוראָשעט פון ייד. צ. ב. ק., הערט אויס און באַשטעטיקט דעם דין וחשבון פון אויספיר-קאָמיטעט און גיט אים דירעקטיוון פאַר זיין ווייטערדיקער אַרבעט. אַלע פראַגן ווערן אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אָפּגעשטימט מיט אַן איינפאַכער מערהייט. פאַר אַ געזעצלעכן קוואָרום רעכנט זיך דאָן, ווען עס נעמען אָנטייל $2/3$ פון אַלע מיטגלידער.

ג) די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג קומט פאָר ניט זעלטענער, ווי איין מאָל אין 2 חדשים; לויט דער פאָדערונג פון אַ וואָסער ניט איז פּעדאַגאָגישן ראַט אָדער בילדונגס-חברה, וועלכע זיינען מיטגלידער פון ייד. צענטר. בילד. קאָמ., איז דער אויספיר-קאָמיטעט מחויב צונויפרופן די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג ניט שפּעטער, ווי אין 10 טעג אַרום נאָך אַזאַ פאָדערונג.

## 3. אויספיר-קאָמיטעט.

א) דער אויספיר-קאָמיטעט פירט אָן מיט דער טעטיקייט פון ייד. צ. ב. ק., פירט דורך די באַשלוסן פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, פאַרוואַלטעט מיט די אינסטיטוציעס, קאַפּיטאַלן און גיטער פון ייד. צ. ב. ק., רופט צונויף די רעגולערע און אויסעראָרדנטלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען און גיט אָפּ אַ דין-וחשבון פון זיין אַרבעט.

ב) דער אויספיר-קאָמיטעט רעפּרעזענטירט דעם ייד. צ. ב. ק. פאַר דער אויסערער וועלט.

ג) דער אויספיר-קאָמיטעט טיילט אויס פון זיך אַ פּרעזידיום (פאָרזיצער, געהילף-פאָרזיצער, נאַמן, 2 סעקרעטאַרן).

ד) דער אויספיר-קאָמיטעט טיילט אויס פון זיך פאַרשיידענע קאָמיסיעס.

ה) דער אויספיר-קאָמיטעט האָט רעכט פון קאָאָפּטאַציע.

## 4. די רעוויזיאָנס-קאָמיסיע.

די רעוויזיאָנס-קאָמיסיע קאָנטראָלירט די פינאַנסן און געשעפטס-פירונג פון אויספיר-קאָמיטעט און גיט אָפּ אַ באַריכט דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג.

## 5. דאָס אָננעמען און אויסשליסן מיטגלידער.

א) נייע מיטגלידער אין ייד. צ. ב. ק. ווערן אָנגענומען דורך דעם אויספיר-קאָמיטעט.

ב) אויסשליסן אַ מיטגליד פון יידישן צ. ב. ק. קאָן נאָר די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג מיט אַ מערהייט פון $2/3$ שטימען.

## III. דער ראַיאָן פון דער טעטיקייט.

דער ראַיאָן פון דער טעטיקייט פון ייד. צ. ב. ק. איז ווילנע און די אומגעגנט.

## IV. די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן דעם אויספיר-קאָמיטעט און די שולן.

1. די שולן ווענדן זיך אין אַ וועלכער ניט איז געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע נאָר דורך דעם אויספיר-קאָמיטעט.

2. די לערער און פאַרוואַלטער פון די שולן ווערן אויסגעקליבן פון די פּעד. ראַטן און ווערן באַשטעטיקט פון אויספיר-קאָמיטעט.

3. דער אויספיר-קאָמיטעט האָט דאָס רעכט פאַנאַנדערצוטיילן די לערער-קרעפטן אויפן צוועקמעסיקסטן אופן בהסכם מיט די פּ. ר.

4. דער אויספיר-קאָמיטעט קאָן פאָרלייגן אַ באַטרעפנדן פּ. ר. צו באַזייטיקן אַ לערער אָדער אַ פאַרוואַלטער אָדער ענדערן די צאָל פון זיינע שעהן.

5. אין פאַל ווען אַ פּ. ר. איז ניט מסכים מיט דעם אָדער יענעם פאָרשלאָג פון אויספיר-קאָמיטעט ווערט די פראַגע איבערגעטראָגן אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג.

6. דער אויספיר־קאָמיטעט באַשטעטיקט די שטאַטן און די ביוזשעטן פון די שולן.

7. דער אויספיר־קאָמיטעט פירט דורך אַ פולשטענדיקן קאָנטראָל איבער די שולן, וועלכע געפינען זיך אונטער זיין רשות, און נאָר אַ פּעדאַגאָגישן קאָנטראָל איבער די שולן, וועלכע רעכענען זיך פאַר מיטגלידער פון ייד. צ. ב. ק.

## V. פינאַנסן.

### הכנסות.

א) אָפּצאָל פון מיטגלידער.

ב) אונטערנעמונגען.

ג) פאַרשיידענע סובסידיעס פון דער קהלה, שטאַט־פאַרוואַלטונגען און דער מלוכה.

## VI. שטעמפּל.

די געזעלשאַפט האָט אַן אייגענעם שטעמפּל.

## VII. ליקווידאַציע.

די פראַגע וועגן ליקווידירן די טעטיקייט פון דער געזעלשאַפט קען באַשלאָסן ווערן אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג מיט אַ מערהייט פון 2/3 שטימען. דער פאַרמעגן פון ייד. צ. ב. ק. אין פאַל פון זיין ליקווידאַציע גייט אַריבער צו געזעלשאַפטן מיט ענלעכע צילן.

---

צו דער זייט 253

# פּראָיעקט פון לערנפּלאַן

## פאַר דער 8־קלאַסיקער הומאַניסטישער גימנאַזיע פון צ. ב. ק.

| געגנשטאַנד | I | II | III | IV | V | VI | VII | VIII |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | קלאַסן: | | | | | | | |
| יידיש | 6 | 6 | 5 | 4 | 4 | מיט 4 | עלעמ. פון 4 | יודאַאיק 4 |
| העבּרעאיש | — | — | 6 | 5 | 5 | מיט 4 | עלעמ. פון 4 | ייד. 4 |
| פּויליש | 6 | 6 | 4 | 4 | 4 | 4 | 4 | 4 |
| נייע שפּראַך | — | — | — | — | 3 | 3 | 3 | 3 |
| לאַטיין | — | — | — | 6 | 5 | 4 | 4 | 4 |
| מאַטעמאַטיק | 6 | 6 | 5 | 4 | 4 | 4 | 4 | 3 |
| נאַטור | 4 | 4 | 3 | 3 | 2 | — | — | — |
| געאָגראַפיע | 3 | 3 | 2 | 2 | — | — | — | — |
| געאָגראַפיע פון פּוילן | — | — | — | — | — | 2 | — | — |
| אַלגעמ. און ייד. געשיכטע | 2 | 2 | 4 | 4 | 4 | 4 | 5 | יוד. 2 |
| פּוילישע געשיכטע | — | — | — | — | 2 | 2 | 2 | — |
| פיזיק | — | — | — | — | — | 4 | 4 | 4 |
| כעמי | — | — | — | — | — | | | |
| לאָגיק, פּסיכאָלאָגיע | — | — | — | — | — | — | — | 2 |
| גימנאַסטיק | 2 | 2 | 2 | 2 | 2 | 1 | 1 | 1 |
| מאָלן | 2 | 2 | 2 | 2 | 1 | — | 1 | 1 |
| געזאַנג | 2 | 2 | 1 | — | — | — | | |
| וועגן היינטיקן פּוילן | — | — | — | — | — | — | — | 4 |
| האַנט־אַרבעט | 2 | 2 | 2 | — | — | — | — | — |
| ס"ה | 35 | 35 | 36 | 36 | 36 | 36 | 36 | 36 |

צו דער זייט 295

שול-אינספעקטאריאט
פון די אלגעמיינע שולן
אין שטאט ווילנע
10. X. 1923
№ 2473

צום ייִדישן צענטראלן בילדונגס-קאמיטעט אין ווילנע,
קאנסקע 3.

דערמיט בין איך מודיע, אז דורכן באשלוס פון קוראטאריום פון ווילנער שול-קרייז פון 7/IX ה. י. איז די בקשה פון קאמיטעט וועגן ארויסגעבן א קאנצעסיע אויף צו פירן אינם לויפנדיקן שול-יאר די אוונט-שול אויפן נאמען פון מ. ווינטשעווסקי ערליידיקט געווארן אין נעגאטיוון זין.

(—) הירש
שול-אינספעקטאר אין שטאט ווילנע

---

# רשימה

## פון די גרעסערע ארטיקלען וועגן דער ייִדישער שול, וואס זיינען געווען געדרוקט אין „טאג".

## 1919

| | | № | דאטע |
|---|---|---|---|
| צום ברויט (4 ארטיקלען) | ש. ניגער | 8,10,11,13 | 18, 20, 21, 23 מאי |
| א צענטראלער ייִדישער בילדונגס-קאמיטעט | —ן. | 9 | 19 „ |
| א בריוו צו די פוילישע לערער | א לערערין | 10 | 20 „ |
| צום מצב פון אונזערע שולן | א. י. גאלדשמידט | 14 | 25 „ |
| דעמאגאגיע | א ווילנער | 18 | 29 „ |
| די ייִדישע שול און די קהילה (2 ארטיקלען) | ז. רייזען | 21,36 | 22, 2 יוני |
| טעכנישע בילדונג | אינזש. י. אקון | 36 | 22 „ |
| די ווילנער ייִדישע פאלקס-שולן | ג. פלודערמאכער | 37 | 23 יוני |
| א געפערלעכער וועג | ש. ניגער | 39 | 25 „ |
| צו דער שול-פאליטיק פון דער ווילנער קהילה (2 ארטיקלען) | ג. פלודערמאכער | 46,58 | 3, 17 יולי |
| קהילה-„פרינציפן" צי קהילה-ארבעט | ש. ניגער | 49 | 7 „ |
| די ייִדישע שול און די עלטערן (2 ארט.) | ז. רייזען | 71,77 | 1, 8 אווגוסט |
| צו דער שול-פאליטיק פון דער ווילנער קהילה | ג. פלודערמאכער | 76 | 7 „ |
| די נייע ייִדישע שול | ש. באסטאמסקי | 80 | 12 „ |
| די ווילנער ייִדישע פאלקס-שולן אין לערן-יאר 1918—1919 (2 ארט.) | ג. פלודערמאכער | 86,87 | 19, 20 „ |
| די ווילנער קינדער אין ווארשע | S. | 88 | 21 „ |
| דער ייִדישער שילער און די ייִדישע שול | ל. פרענקעל | 89 | 22 „ |
| די ארגאניזאציע פון אונזער קולטור-ארבעט | ז. רייזען | 107 | 12 סעפטעמבער |
| די ייִדישע שול אויף דער פראווינץ | — | 109 | 15 „ |
| דער מדרגה-ווייזער | מ. וויינרייך | 110 | 16 „ |
| גראפישע און פלאסטישע קונסט פאר אונזערע קינדער | מ. לייבאווסקי | 122 | 2 אקטאבער |
| די אפענסיווע אויף אונזער נייער שול | ז. | 139 | 27 „ |

| | | № | דאטע |
|---|---|---|---|
| | | 143,144,145 | 31 אקטאבער |
| די קולטור־באראטונג אין ווארשע (5 ארט.) | — | 151,152 | 2,3,10,11 נאוועמב. |
| די צעשטערער פון דער יידישער שול | ז. ר. | 149 | 7 „ |
| די רעוואלוציע אין דער שפראך (2 ארט.) | ז. רייזען | 155,161 | 14, 21 „ |
| אין א ווילנער פאלקס־שול | יעקב פאט | 157 | 17 נאוועמבער |
| די ווילנער קינדער אין ווארשע | ש. סאלאמאן | 167 | 28 „ |
| צום דינסטאגדיקן זאמלטאג | ז. | 168 | 30 „ |
| פאר אונזערע קולטורעלע באדערפענישן | K. | 170 | 2 דעצעמבער |
| די שול־וואך | S. | 179 | 12 „ |
| דער יום־טוב פון אונזער נייער קולטור | ז. | 185 | 19 „ |
| די נייע יידישע שול (איינדרוקן פון דער שול־אויסשטעלונג) | ד״ר צ. שאבאד | 188 | 23 „ |
| די אויסשטעלונג פון די יידישע שולן | ס. | „ | „ „ |
| די שול און דער דאקטאר (פארטראג פון ד״ר מאקאווער) | מ. ב. | 190 | 25 „ |
| א שטיקל סך־הכל (נאכן יום־טוב פון דער נייער יידישער שול) | ז. רייזען | 191 | 26 „ |
| מיר מוזן זיך דערקענען (א שטים פון א ליט־ווישן לערער וועגן דער שול־וואך) | א. וואלייטוס | 192 | 28 „ |
| די קינדער־פארשטעלונג אין „פילהארמאניע" | —ד— | „ | 28 „ |
| א צירקוליאר — אן אטעסטאט | פ. | 193 | 29 „ |

## 1920

| | | | |
|---|---|---|---|
| די נייע פלענער פון דעם בילדונגס־פארוואלטער פון דער ווילנער קהילה | ג. פלודערמאכער | 8 | 9 יאנואר |
| ערב א שטרייק אין אלע ווילנער שולן | — | 14 | 16 „ |
| „יידישע" שולן | —ל.— | 16 | 19 „ |
| נארמאלע ערשיינונג... | אן. | 17 | 20 „ |
| ווי אזוי האט די פארוואלטונג פון דער ווילנער קהילה „באזארגט" די לערער פון די שולן? | ג. פלודערמאכער | 19 | 22 „ |
| די פלענארע זיצונג פון דער קהילה | — | 21 | 25 „ |
| דער שפיל האט זיך גיט איינגעגעבן | ג. פלודערמאכער | 44 | 20 פעברואר |
| אן אפענער בריוו צום פלענום פון דער ווילנער קהילה | מ. שור | 49 | 26 „ |
| א יידישע אוניווערסיטעט אין ווילנע | ז. ר. | 75 | 5 אפריל |
| קולטורלאזיקייט און הפקרות | ג. פלודערמאכער | 84 | 18 „ |
| די שול־באראטונג אין ווארשע | — | 87 | 21 „ |
| אונזערע קינדער | ד״ר צ. שאבאד | 102 | 10 מאי |
| די שפראך פון ציפער | ד״ר ל. חייט | 128 | 11 יוני |
| די גורל־שעה פון די יידישע קינדער אין די רוסישע גימנאזיעס אין ווילנע | ד״ר י. וויגאדסקי | 141 | 27 יוני |
| די זאמל־טעג | ד״ר צ. שאבאד | 180 | 15 סעפטעמבער |
| די שול און די געזעלשאפט | י. רובין | 181 | 16 „ |
| דער נאציאנאל־ראט און זיין בילדונגס־פאליטיק | מ. ש. | 193 | 6 אקטאבער |
| צו דער לאגע פון די שולן | י. רובין | 4 | 19 „ |
| זעלבסט־הילף | „ | 15 | 1 נאוועמבער |
| אין קאמף קעגן דער עם־הארצות (2 ארט.) | ה. אבראמאוויטש | 20,32 | 7, 21 „ |

| | | № | דאַטע |
|---|---|---|---|
| די עקסיסטענץ פון די שולן מוז געזיכערט ווערן | ה. אבראמאָוויטש | 25 | 12 נאָוועמבער |
| אָוונט-שולן . . . . . . . | 〃 | 38 | 27 〃 |
| צו דער איצטיקער לאַגע אין די שולן . . | ד"ר מאַקאָווער | 42 | 2 דעצעמבער |
| פאַר אונזער גייסטיקן פאַרמעגן . . . | ש. ניגער | 48 | 9 〃 |
| וועגן יושר . . . . . . . | ד"ר קאָווארסקי | 50 | 12 〃 |
| וועגן די שול-קינדערקיכן . . . . . | ד"ר צ. שאַבאַד | 53 | 15 〃 |

## 1 9 2 1

| | | № | דאַטע |
|---|---|---|---|
| ווער איז שולדיק? . . . . . . . | י. רובין | 6 | 7 יאַנואַר |
| די ייִנגל-שול „מפיצי-השכלה" . . . . | ד"ר צ. שאַבאַד | 〃 | 〃 |
| אין טעמפּל ווינקל . . . . . . | ה. אבראמאָוויטש | 9 | 11 〃 |
| לאָמיר זיך פאַרשטיין (צו דער אינטערנאַציאָנאַלער לערער-קאָנפערענץ אין ווילנע) . . | ה. אבראמאָוויטש | 11 | 13 〃 |
| די שולן ביי לייטן און ביי אונז . . . | ד"ר צ. שאַבאַד | 12 | 14 〃 |
| „עס איז ניט פּאַסנד"... . . . . . | יעקב פּאַט | 14 | 16 〃 |
| שטרייק אָדער לאָקאַאוט? . . . . . | ג. פלודערמאַכער | 〃 | 〃 〃 |
| ווער און ווי אַזוי וועט אונזער שול-בודזשעט אויפבויען? (4 אַרט.) . . . . . | 〃 | 20,21,23,27 | 24,25,27 יאַנ. 1 פעבר. |
| אַ חרפּה . . . . . . . . | מ. גערשענאָוויטש | 26 | 31 〃 |
| פאָלקס-אוניווערסיטעט . . . . . | ד"ר צ. שאַבאַד | 31 | 6 פעברואַר |
| דער פאָלקס-אוניווערסיטעט . . . . | י. קראָנענבערג | 40 | 16 〃 |
| אַרום פאָלקס-אוניווערסיטעט . . . . | ב. טעפּער | 45 | 22 〃 |
| אָדער גאָר אָדער גאָרניט . . . . . | י. רובין | 46 | 23 〃 |
| אונזערע קלעריקאַלן און זייער קולטור-טעטיקייט | ג. פלודערמאַכער | 51 | 1 מערץ |
| אַ וויכטיקע אויפגאַבע (צו דער גרינדונג פון אָן עלטערן-אוידיטאָריע ביים צ. ב. ק.) . . . | י. רובין | 52 | 2 〃 |
| צענטראַליזירט די קולטור-אַרבעט . . . | מ. בערלין | 57 | 8 〃 |
| דער איינציקער וועג . . . . . . | Z. | 58 | 9 〃 |
| פאַר די קליינע לעזערס וועגן (די ייִדישע קינדער-ביבליאָטעק) . . . . . | י. ר. | 68 | 21 〃 |
| ווידער רופט דער צענטראַלער בילדונגס-קאָמיטעט. | ג. פלודערמאַכער | 69 | 22 〃 |
| צום מאָרגעדיקן קולטור-זאַמל-טאָג . . . | ד"ר צ. שאַבאַד | 70 | 23 〃 |
| „די נייע שול". . . . . . . | ה. אַ—טש | 77 | 31 〃 |
| דער לערער-צוזאַמענפאָר (2 אַרט.) . . . | — | 79,80 | 3, 4 אַפּריל |
| „די שטים פון נייעם לעבן" . . . . | —אַ— | 82 | 6 〃 |
| נאָך דער לערער-קאָנפערענץ . . . . | ה. אבראַמאָוויטש | 85 | 10 〃 |
| וועגן אַ פּעדאַגאָגישער אַקאַדעמיע . . . | 〃 | 88 | 13 〃 |
| צו אַלע ייִדישע דעמאָקראַטן . . . | ד"ר צ. שאַבאַד | 90 | 15 〃 |
| דער פאָלקס-אוניווערסיטעט ביי דער קולטור-ליגע | ה. אבראַמאָוויטש | 〃 | 〃 〃 |
| אַ ביסל וועגן „אָביעקטיוויטעט" . . . | ש. קאַלמאַנאָוויטש | 107 | 9 מאַי |
| ווען וועלן די עלטערן פאַרשטיין? . . . | ר. סימכאָוויטש | 109 | 12 〃 |
| צום צוואַנציק-יאָריקן יובילײ פון דער אָוונט-שול | ד"ר צ. שאַבאַד | 110 | 13 〃 |
| נאָך אַזוי ווייט . . . . . . . | ב. שיינער | 115 | 19 〃 |
| שול-צוזאַמענפאָר אָדער קולטור-צוזאַמענפאָר . . | א. גאָלאָמב | 117 | 22 〃 |
| דער ערשטער סך-הכל (צום ייִדישן בילדונגס-צוזאַמענפאָר אין וואַרשע ד. 15-טן יוני) | י. רובין | 124 | 30 〃 |
| וועגן די פאָלקס-אוניווערסיטעטן . . . | ד"ר א. ווירשובסקי | 129 | 5 יוני |

| | | № | דאטע | |
|---|---|---|---|---|
| א פראטעסט און א פאדערונג . . . . . | י. רובין | 130 | 6 | יוני |
| אן עקזאמען . . . . . . . | ד״ר צ. שאבאד | 135 | 11 | „ |
| פאר דער נייער סכּנה . . . . . . | ז. | 136 | 14 | „ |
| יום־טוב פון דער יידישער שול . . . . | K. | „ | „ | „ |
| צום ערשטן יידישן שול־צוזאמענפאר . . . | „ | 137 | 15 | „ |
| אונזער יום־טוב (צום סיום פון דער פ־שול „מפיצי השכּלה״) . . . . . | מ. חפץ | „ | „ | „ |
| נעמט אראפ אייערע הענט פון אונזערע אָרעמע קינדער! . . . . . . . | מ. פרידמאן | 149 | 29 | „ |
| ווילנע מוז איר כּבוד באשטיין! . . . . | ג. פלודערמאכער | 153 | 4 | יולי |
| די קאנקורענץ ארום דעם יידישן קינד , , | — מ — | 156 | 7 | „ |
| א ניט געבעטענער פארטיידיקער פון אונזער שול | א. גאלאמב | 157 | 8 | „ |
| מיר מוזן זיך דאך שטעלן אויף די אייגענע פיס | ג. פלודערמאכער | 158 | 10 | „ |
| די אמעריקאנער שטיצע . . . . . . . | „ | 160 | 12 | „ |
| די אפענסיווע אויף די ווילנער יידישע קינדער | „ | 169 | 22 | „ |
| ניט רוסיש, ניט פויליש . . . . . . | — | 179 | 3 | אווגוסט |
| די לאגע פון די יידישע שולן אין דער מיטל־ליטווישער מלוכה . . . . . . | ג. פלודערמאכער | 181 | 5 | „ |
| א אקטועלע פראגע . . . . . . . . | — | 184 | 9 | „ |
| דער ווילנער מאגיסטראט און די נויטן פון דער ארטיקער פאלקס־בילדונג (2 ארט.) . | ג. פלודערמאכער | 186,188 | 11, 14 | אויגוסט |
| וואוהין? (צום אנהויב פונם לערן־יאר) . . | מ. | 187 | 12 | „ |
| גענוג ווערטער . . . . . . . . | — | 194 | 23 | „ |
| מעמאראנדום פון דעם צ. ב. ק. צום בילדונגס־דעפארטאמענט . . . . . . | — | „ | „ | „ |
| וואס טוט די איצטיקע קהלה פאר אונזערע שולן? | ג. פלודערמאכער | 199 | 26 | „ |
| די פארמאכטע קולטור־אנשטאלטן . . . . | — | 202 | 30 | „ |
| היינט איז דער טאג פון דער יידישער שול! | י. רובין | 214 | 13 | סעפטעמבער |
| היינט איז דער יום־הדין . . . . . | — | „ | „ | „ |
| אין קאמף פאר אונזער רעכט . . . . | — | 219 | 19 | „ |
| „יאשקע מעג און מאשקע טאר ניט״ . . . | י. רובין | 222 | 22 | „ |
| א יידישער לערער־סעמינאר אין ווילנע . . | ד״ר צ. שאבאד | 224 | 24 | „ |
| די רעאקציאנערע קהילה און דער לערער־סעמינאר | מ. שור | 233 | 7 | אקטאבער |
| זיי האבן חרטה! . . . . . . . . | איך | 239 | 16 | „ |
| דער קולטורעלער אאזיס אין דעם געזעלשאפטלעכן מדבר . . . . . . . . | ג. פלודערמאכער | 246 | 28 | „ |
| די עלטערן ערפילן זייער חוב . . . . . | „ | 252 | 4 | נאמעמבער |
| אונזער יוגנט . . . . . . . . | — | 256 | 9 | „ |
| זיי בלייבן זיך טריי . . . . . . | י. רובין | 258 | 11 | „ |
| דער קאטאסטראפאלער מצב פון די יידישע שולן און די יידיש־פוילישע באציאונגען (2 ארט.) | ג. פלודערמאכער | 258,272 | 11,18 | נאוועמבער |
| נאך א מאל די יאגעלא־גימנאזיע . . . . | ר. | 260 | 14 | „ |
| די נגישות פון ק. פ. ד. קעגן די יידישע אנשטאלטן | מ. | 262 | 16 | „ |
| מעשה לידע . . . . . . . . | בין | 270 | 25 | „ |
| דער אטענטאט איז שוין צוגעגרייט! . . . | ג. פלודערמאכער | 282 | 9 | דעצעמבער |
| און וואס זאל זיין ווייטער? . . . . . | מ. ש. | 288 | 16 | „ |
| די צייטווארט ניט! . . . . . . . | „ | 294 | 23 | „ |

| | | № | דאטע |
|---|---|---|---|
| דאס שילדל . . . . . . . . . | — | 295 | 25 דעצעמבער |
| דער ציוניסטיש-ארטאדאקסישער קאמפלאט אין פוילן | — | 297 | 27 ״ |
| אפוטרופסים פון דער מאסע . . . . . . | א. גאלאמב | 300 | 30 ״ |

1 9 2 2

| | | № | דאטע |
|---|---|---|---|
| די שול-פראגע אין ווילנער שטאט-ראט . . . | ג. פלודערמאכער | 304 | 4 יאנואר |
| די יידישע שול אויף דער פראווינץ . . . | א. גאלדמאן | 360 | 6 ״ |
| די העצע קעגן די שולן פון צ. ב. ק. . . . | ג. פלודערמאכער | 318 | 20 ״ |
| די רדיפות אויף דער יידישער שול . . . | א. ג—ן | 325 | 29 ״ |
| אין קאמף פאר דער יידישער שול . . . | — | 327 | 1 פעברואר |
| רום און חרפה . . . . . . . . | פ. ה. | 360 | 10 ״ |
| ערב דעם גרויסן חורבן . . . . . . | ג. פלודערמאכער | 366 | 17 מערץ |
| נאך די אפענע דיבורים . . . . . . . | — | 369 | 21 ״ |
| ווילנע—די שטאט פון דעם יידישן קינד . . | ב. צוקערמאן | 371 | 23 ״ |
| אויב אייך איז טייער אייער קינדס-צוקונפט | — | 390 | 17 אפריל |
| דער דירעקטאר פון בילדונגס-דעפארטאמענט און דער יידישער לערער-סימינאר . . . | מ. | 395 | 25 ״ |
| נגישות אויף די יידישע וועלטלעכע אנשטאלטן | — | 396 | 26 ״ |
| וואס איז אזוינס דאס יידיש-וועלטלעכע שול-וועזן אין ווילנע? . . . . . . . . | ג. פלודערמאכער | 398 | 28 ״ |
| דאס יידישע שול-וועזן אין ווילנע . . . . | ״ | 405 | 8 מאי |
| די יידישע שול אויף דער פראווינץ . . . | — | 406 | 9 ״ |
| וואס טוען מיר? . . . . . . . . | ג. פלודערמאכער | 409 | 12 ״ |
| דער קאמף מוז זיך אנהייבן . . . . . . | ד״ר צ. שאבאד | 412 | 16 ״ |
| דער קאמף פאר דער יידישער שול אין שטאט-ראט | — | 417 | 22 ״ |
| ענטפערט אויפן רוף! . . . . . . . . | י. כעזין | 418 | 23 ״ |
| אין וועמעס זכות . . . . . . . . | ז. רייזען | 419 | 24 ״ |
| דער מאגיסטראט און די יידישע שולן . . . | ג. פלודערמאכער | 421 | 26 ״ |
| זייער צייט . . . . . . . . . . | — | 423 | 29 ״ |
| זיי רודערן . . . . . . . . . . | א. גאלאמב | 885 | 5 יוני |
| פאלשקייט בכוונה . . . . . . . . | איד. | 888 | 8 ״ |
| א יום-טוב פון דער יידישער שול . . . . | א. איוועניצקי | 897 | 19 ״ |
| | | | ״ |
| נאציאנאלע אווטאנאמיע אין קאמף קעגן דער יידישער קולטור . . . . . . . . | — | 899 | 21 ״ |
| א וויכטיקער אויפטו! . . . . . . . . | א. | 900 | 22 ״ |
| פאר אונזערע מיידלעך . . . . . . . | ה. | 902 | 25 ״ |
| די נשמה פון פושקארניע . . . . . . | —ן | 903 | 26 ״ |
| מען מוז שטיין אויף דער וואך! . . . . | — | 905 | 28 ״ |
| די יידישע שול אין סכנה . . . . . . | ד״ר צ. שאבאד | 907 | 30 ״ |
| אנדערש קען דאס ניט זיין און עס וועט ניט זיין! | ה.—ש. | ״ | ״ ״ |
| דער אוואנפאסט איז אין סכנה . . . . | ג. פלודערמאכער | 908 | 1 יולי |
| וועמעס יום-טוב . . . . . . . . | י. רובין | 913 | 7 ״ |
| וואס וועט די פוילישע געזעלשאפט איצטער זאגן? (2 ארט.) . . . . . | ג. פלודערמאכער | 914,919 | 9, 14 יולי |
| מיר האבן זיך פון וועמען צו לערנען . . | י. ש. | 914 | 9 ״ |
| צו דער יידישער עפנטלעכקייט . . . . | י. ר—ן | 921 | 17 ״ |
| אויפגעצוואונגענע פריווילעגיעס . . . . | י. רובין | 924 | 20 ״ |

| | | № | דאַטע | |
|---|---|---|---|---|
| אָשינסקי און די יידישע שול | — | 925 | 21 | יולי |
| וואו איז די אמתע אָריענטאַציע? (3 ארט) | ג. פלודערמאַכער | 926,931,934 | 23,28 | יולי, 1 אויג. |
| משרתים פון דער אָרגאַניזאַטאָרישער פּאָליטיק | — | 927 | 24 | יולי |
| רעשט פון א דרייער | י. כעזין | 929 | 26 | „ |
| אין קאַמף פאַר אונזער שול | ג. פלודערמאַכער | 930 | 27 | „ |
| די שול־קאָמיסיע דרייט זיך אַרויס פון אָנערקענען די יידישע שול | — | 933 | 31 | „ |
| וואָס איז באמת פאָרגעקומען אין דער שול־קאָמיסיע | ד״ר צ. שאַבאַד | 936 | 3 | אויגוסט |
| קינדער געהאָדעוועט און ניט פאַר זיך | א. גאָלאָמב | „ | „ | „ |
| א שטים פון דער יוגנט | א׳ —צקי | 938 | 6 | „ |
| א באַשיידענער יום־טוב | — | 941 | 9 | „ |
| א גוטע התחלה | ג. פלודערמאַכער | 944 | 13 | „ |
| ווילנע און וואַרשע! | „ | 950 | 20 | „ |
| קרעמלעך | א. גאָלאָמב | 954 | 24 | „ |
| אין א גוטער שעה! | „ | 957 | 28 | „ |
| פאַרטייען און קולטור־אַרבעט | — | 969 | 11 | סעפּטעמבער |
| די צרות פון דער יידישער שול | מ. ש. | 973 | 15 | „ |
| עס כאַפּט א גרויל! | — | 974 | 17 | „ |
| צו דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג | — | „ | „ | „ |
| וועגן אַן אַלט־נייער פּראַגע | א. גאָלאָמב | 975 | 18 | „ |
| דער קאַמף פאַר די יידישע שולן אין שטאָט־ראַט | — | 980 | 25 | „ |
| דער חודש פאַרן יידישן לערער־סעמינאַר | — | 995 | 13 | אָקטאָבער |
| די קאַטאַסטראָפע האָט שוין אויסגעבראָכן | ג. פלודערמאַכער | 997 | 17 | „ |
| באַראַטונג פון די יידיש־וועלטלעכע שולן | — | 1000 | 20 | „ |
| די פאַקטן וועלן עפענען די אויגן | ג. פלודערמאַכער | „ | „ | „ |
| צו מאָרגנדיקן פּלענום פון צ. ב. ק. | מ. ש. | „ | „ | „ |
| פּראָוואָצירט ניט | — | 1007 | 29 | „ |
| דער ציוניזם פון פּאַרפירער (צו די רדיפות אויפן יידישן שול־וועזן) | י. כעזין | 1009 | 31 | „ |
| צו דעם באַזוך פון די מיניסטאָרן אין ווילנע | — | 1023 | 16 | נאָוועמבער |
| דער קאַמף מוז זיך אָנהייבן איבעראַנייס | מ. ש. | 1027 | 21 | „ |
| דער ענדעקישער אמת | מיכאל | 1028 | 22 | „ |
| צו די בויער פון דער יידישער שול | מ. | 1030 | 24 | „ |
| אינטערנאַט פון יידישן לערער־סעמינאַר | — | 1032 | 27 | „ |

## 1923

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ווער האָט דעם נס געשאַפן? | ג. פלודערמאַכער | 1082 | 24 | יאַנואַר |
| די יידישע שול אין דעם קליינשטעטל (2 ארט.) | ה. אַבראַמאָוויטש | 1087,1093 | 30 | יאַנ. 6 פעבר. |
| דערצו רופט אייך די לעצטע אָפּשטימונג אין סיים! | ז. רייזען | 1097 | 11 | פעברואַר |
| די אייביקע שאַנד | א. גאָלאָמב | „ | „ | „ |
| זייערע „ערקלערונגען" | — | 1098 | 12 | „ |
| צו שאַנד און צו שפּאָט | ה. א. | 1099 | 13 | „ |
| געפעלשט די שליחות | א. גאָלאָמב | 1100 | 14 | „ |
| אַלץ הייסט פּראָוואָקאַציע! | ד. | 1102 | 16 | „ |
| קעגן דער האַנדלונג פון דער יידישער „קאָלאָ" | — | 1105 | 20 | „ |
| א יידישע טעכנישע הויכשול אין ווילנע | — | 1110 | 26 | „ |
| „אַלץ הייסט פּראָוואָקאַציע" | דעפּ. פּרילוצקי | 1111 | 27 | „ |

| | | № | דאטע |
|---|---|---|---|
| פון אונזערע קולטור־פאזיציעס (די פרוג־שול אויף באקשט־גאס) | ז. רייזען | 1126 | 16 מערץ |
| נומערוס־קלאוזוס און פאלקס־שולן | א. גאלאמב | 1134 | „ 26 |
| א יום־טוב פון דער יידישער שול | — | 1151 | 18 אפריל |
| דער אמת וועגן דער תרבות־שול | מ. ש. | 1157 | „ 25 |
| צו דער פראגע וועגן א יידישער הויכשול | ה. אבראמאוויטש | 1158 | „ 26 |
| פארדעטער אין אונזער בלוטיק־שווערער מלחמה | — | 8 | 9 מאי |
| אין קאמף פאר אונזער יידישער שול | — | 12 | „ 14 |
| די אויסשטעלונג פון דער יידיש־וועלטלעכער שול | מ. | 19 | „ 25 |
| צו דער אויסשטעלונג פון די שולן ביים צ. ב. ק. | ג. פלודערמאכער | 27 | 4 יוני |
| די אויסשטעלונג פון דער יידיש־וועלטלעכער שול | — | 31 | „ 8 |
| די אויסשטעלונג פון צ. ב. ק.־שולן | — | 32 | „ 10 |
| אונטערן צייכן פון דער שול־אויסשטעלונג | ז. ר. | 33 | „ 11 |
| באזוכט די אויסשטעלונג! | ה. א. | 35 | „ 13 |
| פון דער שול־אויסשטעלונג (נאטיצן) | ה. אבראמאוויטש | 36 | „ 14 |
| אויסשטעלונג פון דער יידיש־וועלטלעכער שול | — | 37 | „ 15 |
| ווילנע—דער וועגווייזער | — | 38 | „ 17 |
| די יידישע ווילנע וועט דערפילן איר חוב! | ג. פלודערמאכער | 39 | „ 18 |
| וואס דארפן ווילנער יידן זיך אפלערנען פון דער אויסשטעלונג? | א. גאלאמב. | 40 | „ „ |
| הדרן... (צו דעם ערשטן סיום פון דער ערשטער יידישער רעאל־גימנאזיע אין ווילנע) | י. רובין | 43 | „ 22 |
| שהחינו! (צום סיום אין דער יידישער רעאל־גימנאזיע) | ה. אבראמאוויטש | 44 | „ 24 |
| אויף א יום־טוב פון דער יידישער שול (דער סיום פון דער פרוג־שול) | מ. ג—ן | 47 | „ 27 |
| א היסטארישע דאטע | ז. רייזען | 48 | „ 28 |
| דער סיום אין „מפיצי־השכלה" | — | 49 | „ 29 |
| אויף א היסטארישן קולטור־יום־טוב (ז'ער פייערלעכער סיום פון דער ערשטער יידישער רעאל־גימנאזיע) | מ. גאלדשטיין | 51 | 2 יולי |
| פאר דער יידישער שול | — | 64 | „ 17 |
| עלטערן, זייט פארזיכטיק מיט אייערע קינדער! (צום נייעם שול־יאר) | א פעדאגאג | 91 | 17 אויגוסט |
| די ערשטע יידישע רעאל־גימנאזיע אין ווילנע (2 ארט.) | ג. פלודערמאכער | 91, 103 | „ 17,31 |
| א שמועס מיטן פארוואלטער פון רעאל־גימנאזיע | — | 103 | 31 |
| אונזער קולטור־ארבעט טאר ניט אונטערגיין! | ג. פלודערמאכער | 105 | 3 סעפטעמבער |
| די נייע הומאניסטישע גימנאזיע פון צ.ב.ק. (2 ארט.) | ל. לאזאווסקי | 106,111 | „ 4,10 |
| פוסטע מליצה | ג. פלודערמאכער | 113 | „ 14 |
| די פוילישע געזעלשאפט מוז עס וויסן! | „ | 118 | „ 21 |
| אונזער הייליקסטער חוב | מ. | 120 | „ 24 |
| זאל דאס אונז אויפמונטערן צום ווייטערדיקן קאמף! | ג. פלודערמאכער | 124 | 1 אקטאבער |
| א אקטועלע פראגע | — | 135 | „ 16 |
| אויפגאבן פאר אונזער געזעלשאפטלעכקייט | ז. | 138 | „ 19 |
| דער נייער דורכפאל | ז. | 144 | „ 26 |

| | | № | דאטע | |
|---|---|---|---|---|
| די נייע סכנה פאר דער יידישער שול? (דער שול-פראיעקט פון יידישן „קאלא") | ה. מלמד | 151 | 4 | נאוועמבער |
| אונזער פראווינץ | ז. ר. | 152 | 5 | " |
| צום מארגעדיקן פלענום פון צענט. בילדונגס-קאמ. | מ. ש. | 155 | 9 | " |
| א בלאסער ליכט-שטראל | ז. | 156 | 11 | " |
| דאס יידישע קינד אין סכנה | ד | 173 | 30 | " |
| א געראטענער פעדאגאגישער פרוב | — | " | " | " |
| די יידישע שול לעבט דאך! | ד | 185 | 14 | דעצעמבער |
| פון רעאליזם צום הומאניזם | ג. פלודערמאכער | " | " | " |
| העברעאיש און חכמת-ישראל (אין דער יידישער הומאניסטישער גימנאזיע) | " | 191 | 21 | " |
| פעסט אויף די פאזיציעס | — | " | " | " |
| צו דער לערער-קאנפערענץ | מ. ש. | " | " | " |
| צו דער יידישער שול-קאנפערענץ אין ווארשע | — | 195 | 26 | " |

## 1924

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ווארשע אדער ווילנע (וועגן קינפטיקן שול-צוזאמענפאר) | א. גאלאמב | 1 | 1 | יאנואר |
| אלע ווי איינער! | ז. ר. | " | " | " |
| די לערער-קאנפערענץ (אייניקע אויספירן) | מ. ש. | 2 | 4 | " |
| די יידישע שול פאר דער גאנצער נאציע (אייניקע אויספירן פון דער לערער-קאנפערענץ) | " | 5 | 6 | " |
| דער אוונט פון דער פרוג שול | ק—ס | 14 | 16 | " |
| אונזער קולטור-יום-טוב | ג. פלודערמאכער | 16 | 18 | " |
| א וויכטיקער פרוב | י.—ג. | 19 | 22 | " |
| די ערשטע יידישע לערער-קאנפערענץ א ביסל זכרונות) (2 ארט.) | מאיר שפארבער | 22, 27 | 25 | " |
| ווען די יידישע לערערשאפט איז צום ווארט געקומען... (צום סך-הכל פון דער קאנפערענץ פון די יידיש-וועלטלעכע שולן) | ג. פלודערמאכער | 34 | 8 | פעברואר |
| שול און קהלה | — | 36 | 11 | " |
| די גלענצנדיקע התחלה | ג. פלודערמאכער | 40 | 15 | " |
| די יידישע שול איז אין געפאר! | מ. ש. | 46 | 22 | " |
| פארטאפלט מוז ווערן דער קאמף! | — | 50 | 27 | " |
| קיינער, קיינער, קיינער איז ניט פטור! | — | 52 | 29 | " |
| אן אפענער בריוו צום סיים-דעפוטאט און מיטגליד פון בילדונגס-קאמיסיע ביים סיים ה' סמוליקאווסקי | ג. פלודערמאכער | 60 | 10 | מערץ |
| נאך דער ליקווידאציע פון „פיפלס רעליף" | ז. ר. | 76 | 28 | " |
| שול-טעאטער | מ. וויינרייך | 81 | 3 | אפריל |
| „לייכטזיניקייט און צביעות" (אויפגעפירט דורך די תלמידים פון יידישן לערער-סעמינאר אין פילהארמאניע) | ז. רייזען | 85 | 8 | " |
| פון קליינע געווינסן צום גרויסן נצחון | ז. ר. | 89 | 13 | " |
| ניט צ. ב. ק., נאר אלע ווילנער יידן | ג. פלודערמאכער | 95 | 21 | " |
| די יידישע שול און די יידישע קהילה (צום סך-הכל פון דער שול-אקציע אין ווילנע) | " | 98 | 24 | " |

| | | № | דאטע |
|---|---|---|---|
| דער צוזאמענפאר פון די פוילישע לערער | — | 112 | 12 מאי |
| די דערציער פון פאלק . . . . | ש. מענדעלסאן | ״ | ״ |
| פאראלעלן (נאך דעם צוזאמענפאר פון די פוילישע לערער) . . . . . | ה. א. | 115 | 15 ״ |
| אונזער יום־טוב (צום 5־יאריקן יובילײ פון צ. ב. ק.) | ש. מענדעלסאן | 116 | 16 ״ |
| דער גראנדיעזער ל״ג בעומר יום־טוב פון די יידישע שולן פון צ. ב. ק. . . . | — | 122 | 23 ״ |
| דער ל״ג־בעומר צוג פון די יידישע שולן . . | — | 123 | 25 ״ |
| די יידישע עלטערן פאר א יידישער שול . . | — | 129 | 1 יוני |
| זוכט ניט קיין לאגיק . . . . . | ש. מ. | 132 | 4 ״ |
| דער גימנאסטישער יום־טוב פון די יידישע שולן | — | 135 | 10 ״ |
| די לעצטע פייערונג פון צ. ב. ק. (צו דער אויפפירונג פון „בום און דריידל") | ג. פלודערמאכער | 144 | 20 ״ |
| די זאמלונג פאר די יידישע שולן . . . | ז. רייזען | 146 | 23 ״ |
| קעלנערישע פעדאגאגיק . . . . . | ד. טייטלבוים | 150 | 27 ״ |



# רשימה

## פון די וויכטיקערע ארטיקלען וועגן דער יידישער שול אין די ווילנער ארגאנען פון דער גרופע „אונזער געדאנק".

## דאס פרייע ווארט.

### 1920

| | | № | דאטע |
|---|---|---|---|
| וועגן אונזערע געזעלשאפטן! — באציאונג צו די שולן . . . . . | י. גיפטונגאל | 5 | 11 דעצעמבער |
| דער ווילנער צענטראלער־בילדונגס־קאמיטעט און זיין ארבעט . . . . . | ג. פלודערמאכער | 6 | 18 ״ |
| אונזער יום־טוב (צו דער „חנוכת־הבית" אין „ארבעטער־קינדער־היים") . . . | י. רובין | ״ | ״ |

### 1921

| | | № | דאטע |
|---|---|---|---|
| באנקראט . . . . . . . | ג. פלודערמאכער | 8 | 1 יאנואר |
| וואס זאגט אונז דער לערער־שטרייק? . . | א. דאגינסקי | 1 | 22 ״ |
| דער שול־וועזן אויף דער פראוויץ (בריוו פון וועג) . . . . . . . . | י. ח—ש | 7 | 5 מערץ |
| שטיצט די שול, דעם יסוד פון קולטור . . | — | 9 | 19 ״ |
| ניט צוריק, נאר פאראויס!.. . . . . . | א. דאגינסקי | 12 | 9 אפריל |
| די ארבעטער און די שול. . . . . . | ״ | 19 | 28 מאי |
| דער סך הכל פון שול־צוזאמענפאר . . . | ״ | 23 | 2 יוני |
| צו דער אויסגעהאלטנקייט פון אונזערע אויסגעהאלטענע . . . . . . . . | א דעלעגאט פון שול צוזאמ. | ״ | ״ ״ |
| א טייערע מתנה . . . . . . . . | — | ״ | ״ ״ |
| צו דער שול־פראגע . . . . . . . . | ש. הורוויץ | 28 | 27 אויגוסט |

# אונזער צייט.

## 1922

| | | № | דאַטע |
|---|---|---|---|
| ווייניקער ווערטער און מער מעשים! | א. דאַגינסקי | 2 | 21 יאַנואַר |
| אַ מין קאָנפערענץ | ר. סימ. | 4 | 4 פעברואַר |
| זעלבסט־באַשטייערונג און באַשטייערונג. | — | 5 | 11 〃 |
| אונזער שול־אַקציע | — | 10 | 18 מערץ |
| שוואַרצע טריט | — | 〃 | 〃 〃 |
| צום עלטערן־צוזאַמענפאַר | א. דאַגינסקי | 13 | 8 אַפּריל |
| אויסער־שול־בילדונג פאַר דערוואַקסענע | א. ל. | 〃 | 〃 〃 |
| פאַר אונזער שול | — | 20 | 3 יוני |
| פאַר אונזער שול („צייט־פראַגן) | — | אײנטאָג. אויסג. | 15 יולי |
| אַ נייער רעצעפּט („צייט־פראַגן") | א. מוק | 〃 | 〃 〃 |

# אונזער געדאַנק

| | | № | דאַטע |
|---|---|---|---|
| פּאַרוואָס באַזונדער | — | 1 | 22 יולי |
| אַלץ פאַר דער שול | — | 2 | 29 〃 |
| אויף אַ „איינהייטלעכער פראָנט" | — | 4 | 12 אויגוסט |
| אַרום דער פּראָטעסט־אַקציע | — | 〃 | 〃 〃 |
| שונאים פון דער יידיש־וועלטלעכער שול | אַן אייגענער | 5 | 19 〃 |
| צו דער שול־פראַגע | א. ר. | 7 | 2 סעפּטעמבער |

## 1923

| | | № | דאַטע |
|---|---|---|---|
| אונזער קולטור־יום־טוב | — | 18 | 9 יוני |
| דער ערשטער סיום פון דער ייד. רעאַל־גימנאַזיע | — | 19 | 23 〃 |
| די שול־אויסשטעלונג אין ווילנע | ג. פלודערמאַכער | 〃 | 〃 〃 |
| נאָך וועגן „קולטור־ליגע" (2 אַרט.) | ש. מענדעלסאָן | 20 ,21 | 14,21 יולי |
| אַנפראַגעס (2 אַרט.) | א. מוק | 30 ,33 | 6,27 אָקטאָבער |
| זעלבסטצופרידנקייט און ביי־זווילִיקייט | ש. מענדעלסאָן | 36 | 24 נאָוועמבער |
| רעכט אויף בילדונג | — | 38 | 8 דעצעמבער |
| דער רעכטער מענטש אויפן רעכטן אָרט | — | 〃 | 〃 〃 |
| אַכטונג — אַ געפאַר | — | 39 | 15 〃 |

## 1924

| | | № | דאַטע |
|---|---|---|---|
| די יידישע לערער־קאָנפערענץ | אַ דעלעגאַט | 1 | 5 יאַנואַר |
| די געזעלשאַפטלעכע באַזע | 〃 | 3 | 19 〃 |
| צוויי שול־נעצן | א. דאַגינסקי | 〃 | 〃 〃 |
| אַ יום־טוב פון דער נייער יידישער שול | 〃 | 4 | 26 〃 |
| דורכגעבראָכן די וואַנט | ש. מענדעלסאָן | 6 | 23 פעברואַר |
| די שול־אַקציע אין ווילנע | — | 〃 | 〃 〃 |
| אַ טריט פאָראויס | — | 9 | 21 מערץ |
| חושך | — | 〃 | 〃 〃 |
| אין געפאַר | א. ליטוואַק | 10 | 29 〃 |
| דער סך־הכל (פון דער שול־אַקציע אין ווילנע) | — | 11 | 5 אַפּריל |



# איניקע דערקלערונגען צו די פינאַנץ־באַריכטן:

1) מיר גיבן די פינאַנץ־באַריכטן פון 15־טן יאַנואַר 1921 יאָר (ניט פון מאַי 1919), ווייל ביזן 1921 יאָר האָט דער צ. ב. ק. די שולן ניט אויסגעהאַלטן, און די פינאַנץ־אָפּעראַציעס זיינען געווען ביז יענער צייט גאַנץ קליינע.

2) די ערשטע 2 באַריכטן זיינען געמאַכט פאַר דעם בירגערלעכן יאָר (ביזן 1־טן יאַנואַר). דער דריטער איז שוין צונויפגעשטעלט צום 1־טן סעפטעמבער, ד. ה. צום אָנהויב לערניאָר. דאָס איז צוליב דעם, ווייל פאַרן צ. ב. ק. (ווי אַ שול־צענטער) זיינען מער כאַראַקטעריסטיש די אָפּעראַציעס, וואָס ווערן געפירט אין משך פון אַ לערניאָר. דער לעצטער באַריכט איז געמאַכט צום 1־טן מאַי 1924 יאָר, ווייל מיר האָבן געוואָלט געבן אַ פינאַנץ־באַריכט אויך פאַר דער צייט ביזן יובילײ פון צ. ב. ק.

3) יעדער פינאַנץ־באַריכט באַשטייט פון 3 טיילן: באַלאַנס, אַלגעמיינער חשבון פון הכנסה און הוצאה, הוצאה און הכנסה פון די באַזונדערע אַנשטאַלטן.

4) די ערשטע 2 פינאַנץ־באַריכטן זיינען צונויפגעשטעלט אַזוי, אַז דער דעפיציט ווערט באַזונדערס ניט אויסגעטיילט, הנם מיט דעפיציטן פלעגן מיר פאַרענדיקן יעדן באַריכט־פעריאָד: אַזוי איז צום ערשטן יאַנואַר 1922 געווען אַ דעפיציט פון שכירות לערער און אַדמיניסטראַציע פאַר 4 חדשים, צום 1־טן יאַנואַר 1923—פאַר 1 חדש; צום 1־טן סעפטעמבער 1923 פאַר 2½ חדשים; צום 1־טן מאַי 1924—אויך פאַר 2½ חדשים.

5) מיר גיבן די באַריכטן אין פוילישע מאַרקן (פאַרשטענדלעך, אַז די מאַרקן זיינען אָנגעוויזן אין ווערט פון יעדן געגעבענעם באַריכטס־פעריאָד). פון דעם פאַרלירן זיי אין קלאָרקייט. נאָר אַנדערש איז געווען שווער צו געבן.

6) אין באַלאַנס צום 31 דעצעמבער 1921 יאָר איז דאָ אַ חשבון „אַמעריקאַנער זאַכן“. אין האַרבסט 1921 י. איז אָנגעקומען פון אַמעריקאַנער פּיפּל־רעליף אַ גרעסערער סכום בגדים, וועש פאַר גאַנץ פוילן. ווילנע האָט אויך באַקומען אַ געוויסן סכום. דעם פאַרקויף האָט דער צ. ב. ק. איבערגעגעבן דעם קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער“. דאָס רעאַליזירטע געלט איז געגאַנגען פאַר די שולן.

7) אינם אַלג. חשבון הוצאה און הכנסה פון די אַנשטאַלטן צום 31־טן דעצעמבער 1921 יאָר איז אָנגעוויזן פאַרן אַרבעטער־אינטערנאַט בלויז די הוצאה שכירות לערער. ביזן 15־טן אַווגוסט 1923 האָט דער צ.ב.ק. געדעקט נאָר די הוצאות פאַר די לערער; פון 15־טן אַווגוסט 1923 האָט דער צ.ב.ק. געגעבן אויך אויף דערנערונג. די הוצאות אויפן לערער־סעמינאַר זייגן אַריינגערעכנט אין דער רובריק ווירטש. הוצאות; דאָס זיינען די געלטער, וועלכע זיינען אַוועק אויף צו אָרגאַניזירן דעם סעמינאַר.

8) אינם אַלגעמיינעם חשבון הכנסה און הוצאה ביזן 31־טן דעצ. 1922 י. ווערט אָנגעוויזן, אַז דער סעמינאַר האָט באַקומען סובסידיע פון פיפלס און פון צ. ב. ק. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס פאַרן סעמינאַר האָט זיך דאַן באַקומען אַ ספּעציעלע סומע דירעקט פון פּיפּלס.

9) אינם זעלבן חשבון איז פאַראַן „סובסידיע לערער וואַרשעווער אינטערנאַט". אין 1919 יאָר האָט די קהילה אָוועקגעשיקט אַ טייל ווילנער יתומים אין וואַרשע, וואו פאַר זיי איז געווען איינגעאָרדנט אַ אינטערנאַט. אין אַ יאָר אַנדערטהאַלבן אַרום האָט זיך דער אינטערנאַט געשלאָסן. היות ווי די קהילה האָט ניט געוואָלט רעגולירן די חשבונות מיט די לערער, האָבן דאָס געמוזט טאָן די צענטראַלעס, און בתוכם אויך דער צ. ב. ק.

10) אינם זעלבן אַלגעמיינעם חשבון איז פאַראַן חשבון רעכטלעכע קאָמיסיע. די רעכטלעכע קאָם. ביים צ. ב. ק. האָט דאַן אַרויסגעלאָזן 2 איינטאָגיקע אויסגאַבן, געזאַמלט מאַטעריאַלן א. אַ. וו.

11) אין די לעצטע 2 באַריכטן זיינען אין דעם חשבון הוצאה און הכנסה פון די באַזונדערע אַנשטאַלטן אָנגעוויזן פאַר דער גימנאַזיע קליינע (פאַרהעלטנישמעסיק) סומען הן אין די הוצאות הן בנוגע דעם שכר־לימוד. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די גימנאַזיע ווערט אויסגעהאַלטן אין ווייט גרעסטן טייל דורכן שכר־לימוד. דעריבער באַקומט די גימנאַזיע פון צ. ב. ק. ווייניק. דער שכר־לימוד איז אויך אָנגעוויזן נאָר אַ טייל, בלויז דער, וועלכן דער צ. ב. ק. האָט אָפּגערעכנט ביים אויסצאָלן. לעצטנס ווערן אָבער געגעבן גרעסערע סומען אויפן אינווענטאַר פון די גימנאַזיעס (וועלכע מוזן זיך איינשאַפן אַ פיזישן און כעמישן קאַבינעטן א. אַ. וו.)

12) אין לעצטן באַלאַנס איז דאָ אַ חשבון שול־אַקציע. דאָס איז די זאַמלונג (לויט ליסטעס), וואָס דער צ. ב. ק. האָט דורכגעפירט (צוזאַמען מיט דער פראָווינץ־אָרגאַניזאַציע) אין מערץ 1924 י.

13) אין אַלגעמיינעם חשבון פון הכנסה־הוצאה צום 1 מאַי 1924 יאָר איז אָנגעוויזן אַ חשבון וואַלאָריזירטער שכר־למוד. היות ווי די לערער באַקומען געהאַלט לויטן טאַריף פונם חדש, אין וועלכן מען צאָלט, פלעגט דער צ. ב. ק. אויך די אַוואַנסן שכר־לימוד, וואָס די לערער פלעגן באַקומען אין די שולן, ביים אָראָפּרעכענען וואַלאָריזירן.

---

# אלגעמיינער חשבון פון הכנסה און הוצאה

| | | | |
|---|---|---|---|
| **חשבון שכר-לימוד** | | | |
| פון די אנשטאלטן . . . . . | — | 4,314,985 | |
| **חשבון מלוכה-געלטער** | | | |
| סובסידיע פון בילדונגס-דעפארטאמענט . . | — | 7,427,455 | |
| **חשבון זאמל-טאג** | | | |
| דעם 28-טן מערץ . . . . . . | 128,085 | | |
| „ 13-טן סעפטעמבער . . . . . | 501,750 | 629,835 | |
| **חשבון פיפלס-רעליף, אמעריקע** | | | |
| סובסידיע: מזומן און אמעריקאנער זאכן . | 26,793,307 | | |
| „ פארן לערער-סעמינאר . . . . | 500,000 | 27,293,307 | |
| **חשבון פארשיידענע-הכנסות** | | | |
| פון ווילנער רעליף, ניו-יארק . . . . . | 2,600,000 | | |
| „ „ „ „ פארן לערער-סעמינאר | 400,000 | | |
| „ „ארבעטער-רינג" אמעריקע . . . . . | 2,032,665 | | |
| „ הילף-קאמיטעט, לאנדאן . . . . . . | 1,900,000 | | |
| „ ווילנער רעליף, טשיקאגא . . . . . | 163,180 | | |
| „ רווח פון לערן-מכשירים . . . . . | 102,969 | | |
| „ אודיטאריעס . . . . . . . . | 8,632 | | |
| „ „יעקאפא" סובסידיע אנטאקאלער פאלקס-שול | 473,272 | | |
| „ „ „ לערער-סעמינאר . | 50,000 | | |
| דורך קאוונער „קולטור-ליגע" . . . . | 437,263 | 8,167,981 | 47,833,563 |
| | | | 47,833,563 |

